יאָזעף לענץ

# די געשיכטע פונעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל

מיט א פּאָרוואָרט

פון קארל ראדעק

פון דייטש — ש. קאָשעווניק.

פאַרלאַג „עמעס" מאָסקווע 1932

פאָרוואָרט

# דער צווייטער אינטערנאַציאָנאַל און זיין היסטאָרישע ראָליע.

## 1. ווי איז דער צווייטער אינטערנאַציאָנאַל אַנטשטאַנען ווי אַ רעפאָרמיסטישע אָרגאַניזאַציע?

ווען אין 1889 יאָר איז אפן פּאַריזשער קאָנגרעס באַשלאָסן געוואָרן צו שאַפן דעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל, האָט זיך אין דער געשיכטע פון דער מיירעוו-אייראָפּעישער אַרבעטער-באַוועגונג אָנגעמערקט אַ באַשטימטער איבערבראָך. 1871 יאָר — דאָס יאָר פון דייטשלאַנדס זיג איבער פראַנקרייך, דאָס יאָר פונעם זיג פון דער פראַנצויזישער בורזשואַזיע איבערן פראַנצויזישן פּראָלעטאַריאַט, האָט איבערגעלאָזן אַ טיפן שניט אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט. פאַר מיירעוו-אייראָפּע האָט זיך געענדיקט דער פעריאָד פון דעמאָקראַטישע רעוואָלוציעס און פון נאַציאָנאַלע פאַרייניקונג-באַוועגונגען. ניט פון אונטן, ניט אין קאַמף מיטן פעאָדאַליזם האָט זיך פאַרייניקט דייטשלאַנד. ניין, דאָס פּרייסישע יונקערטום אין אַ בונד מיט דער גרויס-בורזשואַזיע האָט זי פאַרייניקט, מיט דער הילף פון אַ מילכאָמע איז זי פאַרייניקט געוואָרן, מיט באַגנעטן איז זי פאַרייניקט געוואָרן, מיט דער הילף פון באַגנעטן, מיט וועלכע עס האָט אָנגעפירט דער פּרייסישער פּאָרעץ. אין איטאַליע האָט זיך די נאַציאָנאַלע באַוועגונג, וואָס האָט אָנגעהויבן איר פּאָן ווי אַ רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג, פאַרענדיקט מיטן זיג פון דער סאַוואָיִשער דינאַסטיע. דאָס אָרט פון די קליינבירגערלעכע רעוואָלוציאָנערן, מאַציני און גאַריבאַלדי, האָט פאַרנומען קריספּי, וועלכער איז ניט ווייניקער ווי ביסמאַרק כאַראַקטעריסטיש פאַר דער רעאַקציאָנערער עפּאָכע, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אין אייראָפּע. אין פראַנקרייך האָט זיך באַוויזן די קאָמונע ווי אַן אָנהייב, אָדער ריכטיקער, ווי אַ פאָרויסזאָגונג פון דער קומענדיקער עפּאָכע פון נייע פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציעס. די קאָמונע האָט אַרויסגערופן דעם טיפסטן שרעק אין די רייען פון דער אינטערנאַציאָנאַלער בורזשואַזיע. זי האָט אַנטבלויזט פאַר איר די געפאַר, וואָס איר דראָט, אויב זי וועט לאָזן דעם פּראָלעטאַריאַט פאַנאַנדערוויקלען זיינע קויכעס. דעריבער האָט די פּאַריזשער קאָמונע געגעבן אַ סיגנאַל צו פאַרפאָלגן דעם אַרבעטער-קלאַס ניט נאָר אין פראַנקרייך, ווו צו די טויזנטער פאַרבאַנעט, פאַרבליבענע, צעוואָרפענע אַף די פּאַריזשער גאַסן, זיינען צוגעטור-

מען טויזנטער פֿאַרשיקטע אַף אַ לאַנגזאַמען טויט אין די סאַמע כווישנדיקע פראַנצויזישע קאָלאָניעס.

אין די לענדער, וווּ דער אַרבעטער-קלאַס האָט ניט געהאַט קיין שום פּאָליטישע רעכט, ווי אין עסטרייך אָדער אין איטאַליע, הויבט זיך אָן אַ פּעריאָד פֿון פֿאַרפֿאָלגונגען קעגן די אַרבעטער-פֿאַריינען, קעגן דער נאָר וואָס אַנטשטאַנענער אַרבעטער-פּרעסע. אין דייטשלאַנד, וווּ צוליב דעם קליינבירגערלעכן סעפּאַראַטיזם האָט מען געמוזט געבן די פֿאָלק-מאַסן וואַל-רעכט, כּדי צו פֿאַרדעקן די הערשאַפֿט פֿונעם פּרייסישן באַגנעט, פֿאַרשטאַרקט ביסמאַרק טראַט נאָך טראַט די פֿאַרפֿאָלגונגען קעגן דער אַרבעטער-באַוועגונג, און אין יאָר 1878 נוצט ער אויס דעם אַטענטאַט אַפֿן קייסער און דערקלערט די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע אויסערן געזעץ. אַזוי אַרום, הויבט זיך אָן דער סאָף פֿון דער בורזשואַז-רעוואָלוציאָנערער עפּאָכע אין מיירעוו-אייראָפּע מיט אַ טיפֿער רעאַקציע קעגן יענעם קלאַס, וועמעס היסטאָרישע ראָליע איז באַשטאַנען אין דערנענטערן די עפּאָכע פֿון נייע רעוואָלוציאָנערע אומרייסלונגען, די עפּאָכע פֿון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע.

אָבער די אַנדערהאַלבן צענדליק יאָר, וואָס זיינען געקומען נאָכן 1871 יאָר, האָבן געוויזן, אַז די קאַפּיטאַליסטישע געזעלשאַפֿט קאָן זיך ניט אַנטוויקלען, ניט געבנדיק געוויסע רעכט די פּראָלעטאַרישע מאַסן. ניט געקוקט אַף דער קריגערישער דעפּרעסיע, וואָס די קאַפּיטאַליסטישע אייראָפּע לעבט איבער נאָכן קראַך פֿונעם 1873 יאָר, אַנטוויקלט זיך דער קאַפּיטאַליזם, עס וואַקסט די צאָל פֿאַבריקן, עס וואַקסט די צאָל אַרבעטער, וואָס איז באַשעפֿטיקט אַף די דאָזיקע פֿאַבריקן. דער דייטשישער פּראָלעטאַריאַט נוצט אויס דאָס וואַל-רעכט און רייסט זיך קעסיידער אַרויס פֿונעם אונטערדריק, אין וועלכן עס פּרוּוון אים פֿאַרטרייבן די הערשנדיקע קלאַסן. די פֿאַרגעשריטענע טייל זיינע, ניט געקוקט אַף אַלע אויסנאַמס-געזעצן, פֿאַראייניקט זיך אַרום דער פֿאָן פֿון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, שאַפֿט אַ נעץ האַלב-לעגאַלע אָרגאַניזאַציעס, וואָס מאַכן מעגלעך פֿאַר די אונטערערדישע קרייזלעך אַרומצונעמען באַדייטנדיקע מאַסן און אַרונטערוואַרפֿן זיי אונטער דער ווירקונג פֿונעם סאָציאַליסטישן געדאַנק. אין עסטרייך, וווּ די אַרבעטער האָבן ניט קיין שום פּאָליטישע רעכט און קענען ניט ווייזן די הערשנדיקע קלאַסן מיט דער וואַקסנדיקער צאָל שטימען בעיים די וואַלן, אַז זיי קאָן מען ניט בייקומען מיט דער הילף פֿון טעראָר, דעמאָנסטרירן דאָך די אַרבעטער מיטן פֿאַרברייטערן די נעץ פֿון די סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציעס יענעם פּשוטן עמעס, אַז אומעטום וווּ עס אַנטשטייט און אַנטוויקלט זיך דער קאַפּיטאַליזם, דאָרטן מוז וואַקסן און אַנטוויקלען זיך אויך זיין באַגלייטער — דער פּראָלעטאַריאַט, וואָס אַרבעט אויס זיין קלאַסן-באַוווּסטזיין. אין פֿראַנקרייך אַנטשטייען, ניט געקוקט אַף קיין שום פֿאַרבאָטן, פּראָפֿעסיאָנעלע פֿאַריינען, עס הויבט אָן דעם קאַמף די סאָציאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדע, און, אויסנוצנדיק דאָס, וואָס ביים די בורזשואַזיע האָט דערטערונקען דעם פּראָלעטאַריאַט אין בלוט האָט זי ניט געהאַלטן פֿאַר נייטיק אָפּנעמען בא אים דאָס וואַל-רעכט, אַנטוויקלען די פֿראַנצויזישע פּראָלעטאַריער אַ סאָציאַליסטישע באַוועגונג, וועלכע טראָגט

אַרױס אָפן און פאַרערט אומטערן די געפאַנגענע פון דער װערסאַלער בורזשואַזיע, פאַרערט אָרגאַניזאַציע־רעכט פאַרן פּראָלעטאַריאַט. אַפילע אין ענגלאַנד, וו ס'האָבן נים עקזיסטירט קיין אָפענע סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציעס זינט עס איז אומגעקומען די טשאַרטיסטישע באַוועגונג, אַנטשטייען זיי אין דער צאַרם פון דער האַלב־אינטעליגענטישער, האַלב־אַרבעטערישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פעדעראַציע, וואָס איז נאָך געווען אָפגעריסן פון די מאַסן, נאָר וואָס סיגנאַליזירט שוין מיט איר אַנטשטיין יענעם היסטאָרישן פאַקט, אַז דער ליבעראַליזם הערט אויף צו באַפרידיקן די אידייִשע באַדערפענישן פון די מיטוואַכזאַמע פאַרשטייער פונעם פּראָלעטאַריאַט.

דער האַזיקער אַנהויב פון דעם פּראָלעטאַרישן אויפוואַכן, דער אַנהויב פון זיין אָרגאַניזירן זיך, שטעלט גלייך אָפן טאָג־סדער די פראַגע וועגן זיין אינטערנאַציאָנאַלער פאַרבינדונג, וועגן זיין אינטערנאַציאָנאַלער אָרגאַניזאַציע. דער ערשטער אינטערנאַציאָנאַל האָט געוואָרפן אין די מאַסן פון אַלע לענדער די אידייע פון אַ אינטערנאַציאָנאַלער פּראָלעטאַרישער אָרגאַניזאַציע, האָט געשאַפן קאַדרען אַרבעטער, וואָס שטרעבן צו אַ אינטערנאַציאָנאַלער אָרגאַניזאַציע. דער 1־טער אינטערנאַציאָנאַל איז אומגעקומען צוליב דעם, ווייל מיטן פאַרענדיקן דעם פעריאָד פון בורזשואַזע רעוואָלוציעס, מיטן אַנטשטיין פון נאַציאָנאַלע מעלוכעס אין גאַנץ מיירעוו־אייראָפּע איז פאַר די אַרבעטער־פּאַרטייען אויפגעקומען די אויפגאַבע צוצופּאַסן די מאַסן צו דער נאַציאָנאַלער באַזע, די נויטיקייט אויסצונוצן אַלע רעכט, וואָס דער פּראָלעטאַריאַט האָט באַקומען פון זיין בורזשואַזיע, די נויטיקייט צו קעמפן פאַר נייע רעכט, און דאָס אַלץ צוזאַמענגענומען האָט אָפגערוקט אָפן הינטערשטן פּלאַן יענע אַלגעמיינע פּראָפּאַגאַנדיסטישע צילן, פאַר וועלכע ס'האָט געדינט דער 1־טער אינטערנאַציאָנאַל. נאָר פון דעם מאָמענט אָן, ווען דער צופּאַסונג־פּראָצעס בײַ די סאָציאַליסטישע אַרבעטער האָט געגעבן באַשטימטע רעזולטאַטן, פון דעם מאָמענט, ווען די אַרבעטער האָבן אין זייער שטרעבונג אויסצוקעמפן בעסערע לעבן־באַדינגונגען זיך אָנגעשטויסן אָף די אָנווייזונגען פון זייער בורזשואַזיע, אַז די אַרבעט־באַדינגונגען בײַ די שכיינים און קאָנקורענטן זיינען נאָך ערגער, אַז דעריבער קאָן מען נים גיין אָף קיין ווייטערדיקע הנחות, ביז וואַנען אַנדערע לענדער וועלן נים אוועקגיין ווייטער אָפן וועג פון סאָציאַלער רעפאָרמע, — שטעלט זיך פאַר די סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציעס די פראַגע וועגן אַ אינטערנאַציאָנאַלער פאַרבינדונג.

אַזוי ווערט געבאָרן דער 2־טער אינטערנאַציאָנאַל. דער פּראָלעטאַריאַט, וואָס פאַרשטאַרקט זיך אַחוץ דער אַנטוויקלונג פונעם קאַפּיטאַליזם, זאַמלט אַלע זיינע ריִען, נוצט אויס די נעבעכדיקע רעכט, וואָס די בורזשואַזיע לאָזט איבער אין זיין רעשוס און שטעלט די פראַגע — וואָס ווייטער? און קומט צו דער איבערציינגונג וועגן דער נויטיקייט פון אַן אָרגאַניזאַציע נים נאָר אין די ראַמען פון די בורזשואַזע מעלוכעס, נאָר אויך אין אינטערנאַציאָנאַלע מאַסשטאַבן.

מיט וואָס פאַר אַ אידייען זיינען באַגייסטערט די געשאַפענע אין די־דאָזיקע יאָרן סאָציאַליסטישע פּאַרטייען? מיט וואָס אָטעמען זיי? מיט

וואס פאר א אידיישן באגאזש באשאפן זיי דעם 2־טן אינטערנאציאנאל? עס וואלט געווען א גרויסער טעות צו מיינען, אז די דאזיקע ארגאניזאציעס זיינען געווען דורכגעדרונגען מיט דעם גייסט, וואס מיר געפינען אין די ווערק פון מארקסן, אז די דאזיקע ארגאניזאציעס האבן א בוילעטע פערספעקטיוו פון א פראלעטארישער רעוואלוציע. מיט מארקס־ענגעלסעס אידייען זיינען אפילע ניט געווען באגייסטערט אלע ארגאניזאציעס פונעם 1־טן אינטערנאציאנאל, וואס מארקס און ענגעלס האבן באשאפן. שאפנדיק דעם 1־טן אינטערנאציאנאל, האבן מארקס און ענגעלס צוגעצויגן צו אים ארבעטער־ארגאניזאציעס פון פארשיידענע ריכטונגען, אפילע די, וואס זיינען געשטאנען נאך די קלייןבירגערלעכע פאליטיקער, קעדיי אין קאמף פאר די אחדנטלעכע אינטערעסן פונעם ארבעטער־קלאס ארגאניזירן די דאזיקע אלע ארבעטער־ארגאניזאציעס אין איין פאליטיש קויעך, וואס שטעלט זיך אנטקעגן דער בורזשואזיע און וואס דריקט אויס אינעם פראצעס פון קלאסן־קאמף זייערע באזונדערע אינטערעסן. דער 1־טער אינטערנאציאנאל האט דעריבער ניט געקענט זיין קיין ארגאניזאציע, וואס איז געשאפן אפן יעסאד פון א קלארער מארקסיסטישער אידעאלאגיע, הגם בעראש פון אים זיינען געשטאנען מארקס און ענגעלס. אין זיינע רייען זיינען געווען אויך אפארטוניסטישע ארבעטער־ארגאניזאציעס, ענגלישע טרעד־יוניאנען און אנארכיסטישע. אפילע די דייטשישע סאציאליסטישע פארטייען, וואס האבן זיך גערעכנט פאר די מער מארקסיסטישע, זיינען זייער ווייט געווען פון וויסן און פארשטיין דעם מארקסיזם. פון דעם מאמענט, ווען פון דער היסטארישער סצענע איז אראפ דער ערשטער אינטערנאציאנאל, איז די ארבעטער־באוועגונג באדייטנדיק אויסגעוואקסן, זיך פארברייטערט. עס איז אנטשטאנען א לעגאלע און אומלעגאלע סאציאליסטישע ליטעראטור, און וועלכער דער מארקסיזם האט אנגעהויבן דורכצושלאגן זיך א וועג צו די ברייטע פראלעטארישע מאסן, נאר דערווייל וואס ווען פלעגן צו די דאזיקע מאסן די מארקסיסטישע אידייען דערגיין ניט גאנצערהייט. אויב מיר וועלן דורכקוקן די סאציאליסטישע ליטעראטור פון יענע טעג, וועלן מיר זען, אז שוין דעמאלט איז אין איר ניטא קיין קלארער געדאנק וועגן דעם רעוואלוציאנערן וועג פונעם פראלעטאריאט, עס באגייסטערן איר ניט קיין אידייען וועגן אופשטאנד און פראלעטארישער דיקטאטור, אפן פארערשטן פלאן שפארן ארויס גאנץ פרימיטיווע געדאנקען וועגן דער נויטיקייט צו ארגאניזירן דעם ארבעטער־קלאס, וועגן דער נויטיקייט פון קאמף מיטן קאפיטאליזם פאר אן אכטשעהיקן ארבעט־טאג, פאר קאאליציע־פרייהייט. שוין דאן באקלאגט זיך ענגעלס אפן צופלוס פון בורזשואזער אינטעליגענץ אין דער סאציאליסטישער באוועגונג. דער דאזיקער שיכט אינטעליגענץ קומט אין ארבעטער־לאגער פון די סאמע פארשיידנארטיקע קלייןבירגערלעכע קרייזן, קומט אפטמאל דערפאר, ווייל ער ווערט צוגעצויגן מיט דער פערספעקטיוו, אז עס אנטשטייען גרויסע ארבעטער־פארטייען, ס'וואקסט זייער פארלאמענטארישע פארשטייערשאפט. דער דאזיקער אינטעליגענטישער שיכט לייגט ארויף א געוויסן שטעמפל אף דער אידעאלאגיע פון דעם אנטשטייענדיקן צווייטן אינטערנאציאנאל, און עס איז דעריבער קיין וואונדער ניט, וואס דער גאנצער ערשטער

קאָנגרעס פונעם 2־טן אינטערנאַציאָנאַל איז געשטאַנען אונטערן פאָן פון קאַמף פאַר רעפאָרמעס, וואָס לייענענדיק די פּראָטאָקאָלן פון פּאַריזשער קאָנגרעס, באַגעגנסטו ניט קיין איין רעדע, אין וועלכער דער פּראָלעטאַריאַט, וואָס גייט אריין אין אַ נייעם פּעריאָד פון זיין געשיכטע, זאָל זיך אָפּגעבן אַ דין־חשבון וועגן דורכגעגאַנגענעם וועג און זאָל מאַרקסיסטיש אָנמערקן דעם וועג, וואָס ליגט פאַר אים. מעגלעך, אַז די פירער פונעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל, ווי בעבעל, וויאַן, האָבן אין זייערע אַרויסטרעטונגען זיך גערעכנט מיט דער האַלב־לעגאַלער לאַגע פון זייערע פּאַרטייען און דאָס האָט אַרויפגעלייגט אַ שטעמפּל אויף זייערע אַרויסטרעטונגען, נאָר עס איז ניטאָ קיין שום ספק, אַז די מערהייט פאָרשטייער פון די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, אַרויסטרעטנדיק כמעט רעפאָרמיסטיש, — און דער קאַמף פאַר רעפאָרמען, וואָס איז ניט פאַרבונדן מיט דער שטרעבונג צו אַ סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע, איז רעפאָרמיזם, — זיינען ניט צופעליק אַזוי אַרויסגעטראָטן.

עס וואָלט געווען אַ טעות צו מיינען, אַז די פאָרשטייער פון דער אָפּאָרטוניסטישער ריכטונג האָבן שוין באַם גרינדן דעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל געהאַט אַ קלאָרע פּערספּעקטיוו פון מיטאַרבעטערשאַפט מיט דער בורזשואַזיע, פון באַגרענעצן דעם קאַמף פונעם פּראָלעטאַריאַט מיטן קאַמף פאַר רעפאָרמעס. דאָס איז, מיטן אויסנאַם פון איינצלנע פאַלן, אַזוי ניט געווען, אָבער די קלאָרע רעוואָלוציאָנערע פּערספּעקטיוו פונעם קאַמף פון פּראָלעטאַריאַט פאַר זיין דיקטאַטור איז פאַר זיי געווען כמעט דורכויס פרעמד. דעריבער איז ניט ריכטיק די האַנאַכע, אַז „די אַלגעמיינע ליניע פונעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל איז אין דעם פּעריאָד געווען אַ ריכטיקע, נישט געקוקט אויף איינצלנע דריבנע פעלערן און אויף עמבריאָנען פון גרויסע פעלערן".

דער מחבר ג. זיידעל, וואָס ענטפערט אַזוי אויף דער פראַגע וועגן דער כאַראַקטעריסטיק פונעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל באַם זיין אַנטשטיין, מוז מיט אַ זייטל ווייטער אָנערקענען, אַז „אין דער פראַגע וועגן דעראָבערן די מאַכט האָט דער צווייטער אינטערנאַציאָנאַל אין דעמאָזיקן פּעריאָד זיך אַרויסגעזאָגט גאַנץ צווייזיניק: מיר גלייבן ניט אין ערגעץ ניט עס זאָל זיין אונטערגעשטראָכן די נויטיקייט אַראָפּצוואַרפן מיט געוואַלט דעם קאַפּיטאַליזם" (ג. זיידעל. „סקיצן פון דער געשיכטע פונעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל" (רוסיש) .(1930

אַ אינטערנאַציאָנאַל, וואָס לערנט ניט די אַרבעטער־מאַסן, אַז דעם קאַפּיטאַליזם מוז מען אַראָפּוואַרפן מיט געוואַלט, קאָן ניט האָבן קיין ריכטיקע איינשטעלונג, ווייל אַ ריכטיקע איינשטעלונג פון אַ רעוואָלוציאָנערער פּראָלעטאַרישער אָרגאַניזאַציע באַשטייט האַפּקע דערין, וואָס זי לערנט די אַרבעטער־מאַסן מיט געוואַלט אַראָפּוואַרפן די קאַפּיטאַליסטישע אָרדענונג.

נאָר אויב שטעלן די פראַגע, צי איז אַנטשטאַנען דער צווייטער אינטערנאַציאָנאַל ווי אַ באַשטימטע רעפאָרמיסטישע אָרגאַניזאַציע, דאַרף מען דיסקוטירן דעם פאַקט, אַז די אַרבעטער־מאַסן, וואָס האָבן זיך געשטעלט אונטער די פאָנען פונעם יונגן צווייטן אינטערנאַציאָנאַל, זיינען געווען

געשטימטע רעוואָלוציאָנער, אַז די ראַדיקאַלע אַרבעטער האָבן מיט זייערע מיטלען געמאַכט פונעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל אַ געצייג פון רעוואָלוציאָנערן קאַמף. דעם העלסטן אויסדרוק האָט דאָס געפונען אינעם גורל פונעם באַשלוס פונעם פּאַריזער קאָנגרעס וועגן דער ערשטער מײַ דעמאָנסטראַציע. דער ראַדיקאַלער באַשלוס האָט ניט פאַרנומען דעם צענטראַלן פּונקט פונעם קאָנגרעס. די ערשטמײַיקע דעמאָנסטראַציע איז אָנגענומען געוואָרן זייער ניט אַנטשיידן, זי האָט ניט פאַרויסגעזען פאַר די פּאַרטייען קיין אָבליגאַטאָרישע פאָרמען פונעם באַטייליקן זיך אין איר אָבער דער 1-טער מײַ פונעם 1890 יאָר האָט גלייך געוויזן, אַז אויב די מערהייט פירער פונעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל האָט געטראַכט נאָר וועגן אַ דעמאָנסטראַציע פאַר רעפאָרמען, האָבן די אַרבעטער־מאַסן אויסגענוצט אין ראַדיקאַלע דעמאָנסטראַציעס אַ לײַדנשאַפטלעכע שטרעבונג צו אינטערנאַציאָנאַלער פאַרייניקונג, צום קאַמף קעגן קאַפּיטאַליזם. זיי האָבן געמאַכט פון אַ באַשיידענער דעמאָנסטראַציע פאַר אַן אַכטשעהיקן אַרבעטס־טאָג די ערשטע קאָלאָסאַלע אַרויסטרעטונג פונעם פּראָלעטאַריאַט אויף די גאַסן פון אַלע אייראָפּעישע הויפּט־שטעט, אויף וועלכע דער פּראָלעטאַריאַט האָט זיך אין מעשעך פון יאָרצענדליקער ווי אַ קלאַס ניט געוויזן. און די ראַדיקאַלע לײַדנשאַפטלעכע שטרעבונג פון די אַרבעטער־מאַסן צו אינטערנאַציאָנאַלער אָרגאַניזאַציע, צו אַרויסווייזן זייער קלאַסן־פּאָנעם, צו מאַסאָוון און ניט נאָר צו פּאַרלאַמענטאַרישן קאַמף — אָט דאָס איז דער באַווייז, אַז דער צווייטער אינטערנאַציאָנאַל איז אויפגעקומען ניט ווי אַ רעפאָרמיסטישע אָרגאַניזאַציע, הגם אין זיין אָנפירונג זיינען פון ערשטן מאָמענט פון זיין אַנטשטיין זייער שטאַרק געווען פאַרטראָטן רעפאָרמיסטישע טענדענצן, הגם אין זיין אָנפירונג האָט געפעלט אַ פינקטלעכע מאַרקסיסטישע פּערספּעקטיוו פון דער אַנטוויקלונג פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע, עס האָט געפעלט אַ פאַרשטענדעניש פאַר דער נויטיקייט פון אַ אומלעגאַלער אָרגאַניזאַציע אויך דאָרטן, וווּ דעם פּראָלעטאַריאַט האָט זיך איינגעגעבן אַרויסצוגיין פון אונטערערד און אויסצוקעמפן וועלכע ניט איז רעכט אויף לעגאַלע עקזיסטענץ. די אָפּאָרטוניסטישע טענדענצן, וואָס האָבן זיך אַרויסגעוויזן אין דער אָנפירונג פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל אין מאָמענט פון זיין אויפקומען, האָבן מיט זיך ניט פאָרגעשטעלט קיין פאַרענדיקטע סיסטעם פון געדאַנק, קיין פאַרענדיקטע סיסטעם פון מיטלען. די מאַסע מיטגלידער פון די פּאַרטייען, וואָס זיינען אַריין אין צווייטן אינטערנאַציאָנאַל, האָט אין דערדאָזיקער צייט אַרויסגעוויזן לעבעדיקע רעוואָלוציאָנערע שטרעבונגען און מיט זייערע טאַטן האָבן זיי ניט איינמאָל אויסגעבעסערט די פעלערן פון זייערע פירער. נאָך דער פּאַשעטער פאַקט, וואָס אין דריי יאָר אַרום נאָכן גרינדן דעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל טרעט אַרויס פאָלמאַר מיט זיין פּראָפּאַגאַנדע פון „מעלוכע־סאָציאַליזם", וואָס אין פראַנקרייך פירט אַ קאַמף די רעכטע רעוואָלוציאָנערע ריכטונג פון געדן און לאַפאַרגן קעגן אָפּאָרטוניזם, וואָס אין ענגלאַנד קומט אויס ענגעלסן צו קעמפן מיט הײַנדמאַנען, מיט די פאַביאַנער, — דאָס אַלץ דערווייזט, אַז מע קאָן ניט מיינען, אַז קלוימערשט נאָך צום סוף פון זיין טעטיקייט זיינען אין צווייטן אינטערנאַציאָנאַל אַנטשטאַנען אָפּאָרטוניסטישע

טענדענצן. אפארטוניסטישע טענדענצן זיינען אין אים געווען פון סאמע אנהויב, נאר ערשט אין צווייטן פעריאד פון זיין אנטוויקלונג זיינען זיי זיך פאנאנדערגעוואקסן אין א הארמאנישע סיסטעם און האבן דערשטיקט די פראלעטארישע טענדענצן.

## 2. פון רעפארמיזם צו סאציאל־אימפעריאליזם

די אנטשטייונג פונעם צווייטן אינטערנאציאנאל פירט אונטער א סאכאקל פון די איבערוסן, וואס האבן זיך אנגעקליבן אין דער ארבעטער־באוועגונג פאר די פארגאנגענע פופצן יאר, און פאלט צונויף מיטן איבערבראך אין דער עקאנאמישער אנטוויקלונג פון דער קאפיטאליסטישער וועלט. נאכן פעריאד פון עקאנאמישער דעפרעסיע קומען אן יארצענדליקער פון עקאנאמישן אופשטייג, ס'הויבט זיך אן דער פעריאד פון מאנאפאליסטישן קאפיטאליזם. עס הויבט זיך אן אנטוויקלען דער מאדערנער אימפעריאליזם. דאס באטייט, אז דער קאפיטאליזם גייט ארויס פון דעם פעריאד, ווען עס האבן עקזיסטירט פאנאנדערגעווארפענע פריוואטע אונטערנעמונגען, און די אנטוויקלונג פון די פראדוציר־קרעפטן שטעלט פאר די קאפיטאליסטן אזעלכע אויפגאבן, וועלכע זיי זיינען ניט בעקויעך צו לייזן מיט די מיטלען פון פריוואטע אונטערנעמערס: עס אנטשטייען טרעסטן, קארטעלן, און זיי לייגן ארויף זייער שטעמפל אויף דער גאנצער אנטוויקלונג פון דער קאפיטאליסטישער וועלט.

פאר די ארבעטער באטייט דאס, אז עס ווערט פארשוואונדן די אלטע ראליע פון האנטווערקשאפט, אז עס זאמלען זיך צונויף קאלאסאלע מאסן אויף גרויסע זאוואדן, אז ס'ווערט אוממעגלעך צו קעמפן מיט דער הילף פון ארטיקע פאנאנדערגעווארפענע פראפעסיאנעלע פאריינען, דאס באטייט די נויטיקייט צו קאנצענטרירן די קויכעס פון די באוווסטזיניקע ארבעטער. אין דער גאנצער קאפיטאליסטישער וועלט וואקסט דער ספעציפישער געוויכט פונעם ארבעטער־קלאס. דאס געפינט אן אויסדרוק אינעם קאלאסאלן וווקס פון דער צאל שטימען, וואס ווערט אפגעגעבן פאר די סאציאליסטישע פארטייען אין די לענדער, ווו דער פראלעטאריאט האט וואל־רעכט, און דארטן, ווו ער האט קיין וואל־רעכט ניט, אינעם פארברייטערן דעם קאמף פון די ארבעטער פאר וואל־רעכט.

אין בעלגיע און אין עסטרייך אינעם קאמף פאר אלגעמיינע וואל־רעכט אנטשטייט די אידייע פון אן אלגעמיינעם שטרייק. דער קאמף פון די בעלגישע און עסטרייכישע ארבעטער געפינט א ווידערקאל אין די ארבעטער־מאסן פון אנדערע לענדער, אינעם וווקס פון דער ווירקונג פון די רעוואלוציאנערע מארקסיסטישע אידייען אין די ברייטע פראלעטארישע קרייזן. דאס איז א פעריאד, ווען מארקס פונדאמענטאלע ווערק ווערן ברייט פארשפרייט, ווערן איבערגעזעצט אויף אלע שפראכן, צום ערשטן מאל ווערט ארויסגעגעבן פאר די ברייטע מאסן א גאנצע ריי ווערק מארקס און ענגעלסעס, וואס זיינען ביז איצט געווען פארגראבן אויף די זייטן פון זעלטענע צייטונגען און זשורנאלן. דער ארבעטער־קלאס, וואס איז פארשטארקט געווארן מיט דער אנטוויקלונג פונעם קאפיטאליזם און וואס האט זיך ארויסגעריסן פון אונטערערד, פרווט פארמירן אפטיי־

לונגען פאר זיין רעוואָלוציאָנערן קאמף. זאַפּט אין זיך אַריין די רעוואָלוציאָנערע אידעאָלאָגיע.

נאָך פּאַראַלעל מיט דעמדאָזיקן פּראָצעס זעען מיר, ווי דער נייער היסטאָרישער פעריאָד האָדעוועט אויס אין די פּראָלעטאַרישע רייען אָפּאָרטוניסטישע טענדענצן און שטויסט זיי צום קאמף פאר דער אָנפירונג מיט דער אַרבעטער-באַוועגונג. די וואַל-ניצחונעס פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, די אַנטשטייונג פון גרויסע פּאַרלאַמענטאַרישע פראַקציעס און די פאַרשפּרייטונג פון דער מאַסאָווער אַרבעטער-פּרעסע, די אַנטשטייונג פון פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען—דאָס אַלץ שאַפט אַ ברייטן שיכט פון אַרבעטער-ביוראָקראַטיע, וועלכע האָרעוועט פאַר טיידיקן די אינטערעסן פונעם אַרבעטער-קלאַס פון דער פּאַרלאַמענטאַרישער טריבונע און אונטערהאַנדלונגען מיט קאַפּיטאַליסטישע אָרגאַניזאַציעס אָפן פאַר דער גאַנצער קאַפּיטאַליסטישער וועלט. די דאָזיקע אַרבעטער-ביוראָקראַטיע רעקרוטירט זיך טיילווייז פון געוועזענע אַרבעטער, איבערהויפּט פון האַנטווערקער (בעבעל איז געווען אַ האַנטווערקער, אַ טאָקער; אויער איז געווען אַ האַנטווערקער; אַנזעלע איז געווען אַ האַנטווערקער; גרייליך, דער פירער פון די שווייצאַרישע סאָציאַליסטן, איז געווען אַן איינבינדער), אַ טייל פון דער בורזשואַזער אינטעליגענץ, וואָס איז ניט דורכגעגאַנגען קיין שום שול פון אומלעגאַלער רעוואָלוציאָנערער אַרבעט. אין פראַנקרייך זשאָרעס—אַ פּראָפעסער פון אוניווערסיטעט, מיליעראַן און בריאַן—אַדוואָקאַטן, אין עסטרייך וויקטאָר אַדלער—אַ דאָקטער; די נייע אָנפירער אין דייטשלאַנד, ווי: עדוואַרד דאַוויד — אַ לערער פון גימנאַזיע, הייגע—אַן אַדוואָקאַט; אין ענגלאַנד היידמאַן—אַ רייכער ראַנטיע; אין בעלגיע וואַנדערוועלדע — אַן אַדוואָקאַט, פון זייער אַ פאַרמעגלעכער פאַמיליע. די מערהייט פון די דאָזיקע פאַרשטייער פונעם אַרבעטער-קלאַס, זעענדיק דעם מעכטיקן וווּקס פונעם קאַפּיטאַליזם, קומען צו דער איבערצייגונג, אַז די מאַרקסיסטישע פּראָגנאָזע וועגן דער אַנקומענדיקער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר אומבאַגרינדעט, אַז עס שטייט פאַר זייער אַ לאַנגדויערנדיקער פּעריאָד פון פרידלעכער אַנטוויקלונג, אויף באָדן פון וועלכן דער פּראָלעטאַריאַט קאָן קעמפן פאַר רעפאָרמעס, פאַר פאַרברייטערן די דעמאָקראַטיע, און עס וואָלט געווען אַ פולשטענדיקער אַוואַנטיוריזם שטעלן פאַר זיך אַן אויפגאַבע צו באַהערשן די מאַכט מיט רעוואָלוציאָנערע וועגן. זיי פרעגן בא זיך, צי איז בכלל נייטיק די דאָזיקע „ריזיקע". ווי-באַלד דער קאַפּיטאַליזם וועט זיך אַנטוויקלען, וועט דאָך וואַקסן אויך די צאָל אַרבעטער, וועלכע וועלן מיט דער צייט ווערן די מערהייט פון דער באַפעלקערונג, און דאַן האַנדלט זיך נאָר וועגן דעם, אַז נאָך די סאָציאַל-דעמאָקראַטן זאָל אויך גיין די מערהייט פון דער באַפעלקערונג. דעריבער באַשטייט דער זין פונעם פּראָלעטאַריאַט אינעם באַהערשן די דעמאָקראַטיע און אינעם געווינען אויפן באָדן פון דער דעמאָקראַטיע די מערהייט פון דער באַפעלקערונג. דער פּראָלעטאַריאַט קאָן זיך ווענדן צו רעוואָלוציאָנערע קאמף-מעטאָדן, צו אַן אַלגעמיינעם שטרייק נאָר דאָרטן, וווּ מע גיט אים ניט קיין דעמאָקראַטישע רעכט אָדער וווּ די בורזשואַזיע, אַ דערשראָקענע פאַר זיין וווּקס, מאַכט אַן אַטענטאַט אויף די-

דאזיקע דעמאקראטישע רעכט. נאר אפילו דאן דארף ער האנדלען מיט דער גרעסטער פארזיכטיקייט, אויסמיידנדיק, אף וויפל דאס איז מעגלעך, יעדער מין געוואלט, ווייל די אנטוויקלונג פון דער מאדערנער מיליטערישער טעכניק מאכט אן אופשטאנד פאר האפענונגסלאז. עס איז ניט נויטיק ווענדן זיך צו אן אופשטאנד, אויב דו ביסט איבערצייגט, אז די וואקסנדיקע ספעציפישע וואג פונעם פראלעטאריאט וועט פריער אדער שפעטער געפינען איר אויסדרוק אפן געביט פון דער פאליטיק און וועט צווינגען די בורזשואזיע גיין אף האנאכעס. איידער צו שטעלן די פראגע וועגן אן אופשטאנד, וועגן רעוואליוציאנערן קאמף, איז בעסער צו זוכן פארבינדעטע אין די רייען פון דער בורזשואזיע גופע, אין וועלכער עס פלעכטן זיך איבער דעמאקראטישע און אנטידעמאקראטישע טענדענצן. א בלאק מיט דער דעמאקראטישער בורזשואזיע קעגן דער רעאקציאנערער — אט דאס איז דער ריכטיקער וועג צו ניצאכן. ער וועט ניט דערגרייכט ווערן מיטאמאל, נאר דורך א ריי עטאפן: דערווייל וואס ווען דארף דער פראלעטאריאט זיך באטייליקן אין דער בורזשואזער רעגירונג.

די דאזיקע רעפארמיסטישע אידעאלאגיע האט זיך, פארשטייט זיך, ניט אנטוויקלט אומעטום מיטאמאל, נאר עס איז גענוג איבערצוקוקן די סאציאליסטישע ליטעראטור פון דערדאזיקער צייט, אפילו די ווערק פון די פירער פון דעם אזוי גערופענעם ראדיקאלן פליגל, קעדיי צו דערזעען, אז עדוארד בערנשטיין און מיליעראן האבן נאר דערטראכט ביזן סאף אסאך אידייען, וואס האבן עקזיסטירט אין די רייען, וועלכע רעכענען זיך פאר ראדיקאלע. עס איז פארשטענדלעך, אז די דאזיקע אלע אידייען פלעגן ניט דורכגעטראכט ווערן ביזן סאף, פלעגן ניט ארויסגעזאגט ווערן אפן, נאר זיי האבן געלעבט אויך אינעם „לינקן" פליגל פון דער סאציאל-דעמאקראטיע און זיי דערקלערן, פארוואס דער איבערגאנג פונעם ספיציעלן „מארקסיזם" אין לאגער פון סאציאל-אימפעריאליזם איז פארגעקומען בעיים דער מילכאמע אן אן ערנסטן ווידערשטאנד מיצאד דער מערהייט פאליטישע און טעארעטישע פירער פון די סאציאל-דעמאקראטישע פארטייען. עס איז גענוג אנצווייזן אף דעם פאקט, אז קארל קאוטסקי, וועלכן מע האלט פארן טעארעטישן פירער פונעם לינקן פליגל פון דער אינטערנאציאנאלער סאציאל-דעמאקראטיע, פארן פארזעצער פון מארקס און ענגעלסעס ווערק, האט שוין אין 1893 י. זיך ארויסגעזאגט אין דעם גייסט, אז קיין שום דיקטאטור פון פראלעטאריאט איז ניט נויטיק. ווען מערינג, וועלכער איז ערשט ניט לאנג אריינגעטראטן אין דער דייטשישער סאציאל-דעמאקראטיע, האט אין 1893 יאר געשריבן, אז „די קלוימערשטע פערספעקטיוו פון א מערהייט אין בורזשואזן פארלאמענט, אויב זי וואלט אפילו באשטאנען פון באוווסטזיניקע ארבעטער, וואלט געקאנט עפענען א וועג צו דער סאציאליסטישער געזעלשאפט, איז א מעסער, וואס האט ניט קיין שארף און ניט קיין הענטל, אז נאר דאן, ווען די מאסע וועט פארלירן דעם גלויבן אין בורזשואזן פארלאמענטאריזם, וועט געעפנט ווערן א וועג אין דער צוקונפט", האט אף דעם קאוטסקי געענטפערט אים מיט א בריוו פון 8 יולי 1892 יאר, אין וועלכן ער זאגט: „נאך מיין מיינונג, לײדן מיר אין דייטשלאנד ניט פון קיין איבערפלוס, נאר פון א

מאנגל אין פארלאמענטאריזם, און די אויפגאבע פונעם פראלעטאריאט באשטייט אין אויסנוצן דאס, וואס די בורזשואזיע האט אין איר פארטראגעם ארויסגעלאזן, שאפן א ווירקלעכן פארלאמענטארישן רעזשים. פאר דער דיקטאטור פונעם פראלעטאריאט קען איך זיך ניט פארשטעלן קיין אנדער פארמע, ווי די פארמע פונעם אנטוויקלטן פארלאמענטאריזם לויטן ענגלישן מוסטער, מיט א סאציאל־דעמאקראטישער מערהייט און מיט א שטארקן און באוווסטזיניקן פראלעטאריאט, וואס שטייט הינטער איר. דער קאמף פאר א ווירקלעכן פארלאמענטאריזם וועט ווערן, נאך מיין איבערצייגונג, דער אנטשיידנדיקער קאמף פון דער סאציאליסטישער רעוואליוציע, ווארעם א פארלאמענטארישער רעזשים באטייט אין דייטשלאנד א פאליטישער ניצחון פונעם פראלעטאריאט און פארקערט".

ווען מערינג האט קאוטסקין געענטפערט געגאנטיוו אויף אזא שטעלונג פון דער פראגע, האט קאוטסקי דעם 15 יולי 1893 יאר צוגעגעבן: „וואס אנבאלאנגט דייטשלאנד, בין איך גרייט מסכים צו זיין, אז אונדזער בורזשואזיע קען ניט באקומען דעם מיליטאריזם, וועלכער וועט זיך ניט צוקוקן רויק ווי מיר וועלן געווינען די מערהייט, וועלן איינפירן א דעמאקראטישע רעפובליק און נאכדעם וועט ער זיך דארפן אונטערוואַרפן און פארשווונדן ווערן. מיר וועלן האבן א שארפן קאמף מיטן מיליטאריזם, מעגלעך, פריער ווי מיר מיינען, א קאמף, אין וועלכן פארלאמענטארישע מיטלען וועלן קוים קלעקן. נאר ווארום וועט וועט גיין דער קאמף? אין לעצטן סאכאקל — א פארלאמענט. נאר א פארלאמענטארישע ארדענונג אין א רעפובליקאנישער פארמע אדער אין דער פארמע פון א מאנארכיע לויטן ענגלישן מוסטער (!! ש. ר.) איז לויט מיין איבערצייגונג דער איינציקער באדן, אויף וועלכן עס קען אנטשטיין די דיקטאטור פונעם פראלעטאריאט און די סאציאליסטישע געזעלשאפט. די דאזיקע רעפובליק — דאס איז יענע צוקונפט־מעלוכע, צו וועלכער מיר דארפן שטרעבן".

אונטער מערינגס קלעפ שוואכט קאוטסקי אפ זיין האנאכע, אז א פארלאמענטארישע מערהייט פון דער סאציאל־דעמאקראטיע איז די איינציקע מעגלעכע דיקטאטור פונעם פראלעטאריאט. ער זאגט שוין, אז די הערשאפט פון דער סאציאל־דעמאקראטיע אין פארלאמענט איז דער באדן, אויף וועלכן עס קען אנטשטיין די דיקטאטור פונעם פראלעטאריאט. נאר דאס איז נאכגעגעבן געווארן נאר מיטן מויל, ווארעם איבעם טאמע ברען פונעם קאמף קעגן די רעוויזיאניסטן, ווען בערנשטיין און עדוארד דאווויד האבן אפן אפגעווארפן די אידייע פון דער דיקטאטור פונעם פראלעטאריאט, האט קאוטסקי געפלאפלט אומבארישטענדליכע ווערטער, וועלכע האבן געוויזן, אז אין טאך איז ער מיט זיי מסכים.

נאר אויב מיר זאלן פון קאוטסקין איבערגיין צו פארוווסן, וועלכער איז דאן געשטאנען אויף דעם עקסטרעם לינקן פליגל פון דער דייטשישער סאציאל־דעמאקראטיע און איז אין 1896 י., אין פארבינדונג מיט דער דראונג פון דער זאקסישער רעאקציע אפצונעמען בא די ארבעטער זייער געבעדיקע וואל־רעכט, ארויסגעטראטן מיט ארטיקלען „מעלוכע-איבערקערעניש און פאליטישער מאסן-שטרייק", אין וועלכע ער האט צום ערשטן מאל אין דער געשיכטע פון

דער דײַטשישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע געשטעלט די פראַגע וועגן אַלגעמיינעם שטרייק, געפינען מיר אין דיזאַזיקע אַרטיקלען אַזאַ אָרט: „אין אַ דעמאָקראַטישער מעלוכע זײַנען סײַ אַ מעלוכע־איבערקערעניש, סײַ אַ געוואַלטזאַמע פּאָליטישע רעוואָלוציע איין מאָל פאַר אַלע מאָל אוממעגלעך, וואָרעם אַ מעלוכע־איבערקערעניש באַטײַט, אַז די רעגירונג קאָן אַרויסטרעטן ווי אַן אומאָפּהענגיקע קראַפט קעגן דער פאָלק־פאָרשטייערשאַפט, אַז זי האָט גענוג ברייטע רעכט צו באַלעבאַטעווען מיט די באַוואָפנטע קרעפטן; אַ געוואַלטזאַמע רעוואָלוציע ווידער באַטײַט, אַז בײַ אַ געוויסן געזעלשאַפטלעכן קלאַס זײַנען צוגענומען די קאָנסטיטוציאָנעלע מיטלען, וואָס זאָלן זײַן גענוג אויף צו באַוואָרענען זײַנע אינטערעסן אין דער פּאָליטיק".

און אָט וואָס האָט געזאָגט רויזע ליוקסעמבורג, אַ צווייטער פאָרשטייער פונעם לינקן פליגל פון דער דײַטשישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, אויפן שטוטגאַרטער סאָציאַל־דעמאָקראַטישן צוזאַמענפאָר אין 1898 יאָר: „פאָלמאַר האָט מיר פאָרגעוואָרפן, אַז איך בין אַנטציקט פון געוואַלט־טאַטן. צו דעם פאָרוואָרף האָבן ניט געגעבן קיין סיבע ניט מײַן אַרטיקל קעגן בערנשטײַנען אין „לײַפּציגער פאָלקס־צײַטונג", ניט מײַנע אַרויסטרעטונגען אויפן צוזאַמענפאָר. איך שטיי אויף אַ פאַרקערטן שטאַנדפּונקט און זאָג, אַז דער איינציקער געוואַלט־מיטל, וואָס וועט אונדז ברענגען צום זיג, דאָס איז די סאָציאַליסטישע אויפקלערונג פונעם אַרבעטער־קלאַס אין טעגלעכן קאַמף".

אויב מיר זאָלן אפילו אָננעמען, אַז רויזע ליוקסעמבורג האָט געמאַכט אַזאַ מין רעפאָרמיסטישע דערקלערונג צוליב טאַקטישע טעמים, רעכנענדיק זיך מיט די שטימונגען פונעם צוזאַמענפאָר, קאָן מען אָפּשאַצן די מעגלעכקייט פון אַזאַ נאָכגעביקייט בײַ רויזע ליוקסעמבורג און די פולקום רעפאָרמיסטישע שטעלונג בײַ פאַרווסן נאָר ווי אַ באַווײַז, ווי שטאַרק עס האָט זיך דעם רעפאָרמיזם אײַנגעגעבן אַרונטערצורײַסן די פּראָלעטאַרישע אידעאָלאָגיע אין דער דײַטשישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. רעפאָרמיסטישע און האַלב־רעפאָרמיסטישע זאַצן בײַ בעבעלן און ליבקנעכטן קאָן מען ברענגען בוכשטעבלעך טוצנווײַז. אַזוי האָט אויסגעזען די דײַטשישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, וואָס איז געווען די מער שטאַרקערע אין זין פון מאַרקסיסטישער אידעאָלאָגיע אינעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל. אין אַנדערע פּאַרטייען איז געווען נאָך ערגער.

דערהאַזיקער פּראָצעס פון פאַרשטאַרקן די רעפאָרמיסטישע אידעאָלאָגיע געפינט אַ באָדן בײַ דעם סאַמע אָרגאַניזירטן, סאַמע איינפלוסרייכסטן טייל פונעם פּראָלעטאַריאַט, בײַ די מער קוואַליפיצירטע אַרבעטער, וועלכע דער מאָנאָפּאָליסטישער קאַפּיטאַל האָט דערלויבט פאַרבעסערן זייער לאַגע.

די פאַבריק שטויסט אַרויס די האַנטווערקעריי, די אינדוסטריע קאָנצענטרירט זיך, עס אָרגאַניזירן זיך טרעסטן, קאַרטעלן, אונטער דער ווירקונג פונעם קאַפּיטאַליזם פאַלן אַרונטער אַ ריי נײַע געביטן אין אַזיע און אַפריקע—אָט דאָס אַלץ פאַרגרעסערט די רעוואָכים פון דער בורזשואַזיע. זעענדיק דעם וווּקס פונעם ספּעציפישן וואָג פונעם פּראָלעטאַריאַט, דעם וווּקס פון זײַן מאַסן־באַוועגונג, איז זי געצווונגען צו גיין אויף האַנאָכעס בעגעגעניע דעם אויבנאָן פונעם אַרבעטער־קלאַס,

מאַסקים זיין אױף פּאַרבעסערן זײַן לאַגע, קעדײַ אָפּצורייסן איִם פון די אַרבעטער־מאַסן, קעדײַ מיט זייַן הילף צעברעכן די רעוואָלוציאָנערע קוואַליע פון דער פּראָלעטאַרישער מאַסע, די קוואַליע, וואָס איז אומבאַרמײדלעך צוליב דער וואַקסנדיקער פאַרשאַרפונג פון די קלאַסן־קעגנזאַצן. דער שיכט קוואַליפיצירטע אַרבעטער, וועלכן די בורזשואַזיע האָט געמאַכט האַנאַבעס און וואָס האָט מיט יאָרן יאָר פאַרבעסערט זיין לאַגע, איז געווען לויט זיין פאַרנעם ניט גרויס. דער שטאַרקסטער איז ער געווען פאַרשטייט זיך אין ענגלאַנד, וועלכע האָט קאָלאָסאַל־גרויסע קאָלאָניעס, אין אַמעריקע, מיט איר קאָלאָסאַלן אינערלעכן מאַרק. נאָר דער דאָזיקער שיכט איז געווען דער סאַמע באַוועגלעכסטער, דער סאַמע געבילדעטער און גענוג איינפלוסרייך, ער זאָל באַווייזן באַוואָרענען די ווירקונג פונעם רעפאָרמיזם אינעם אַרבעטער־קלאַס. דער איבערוואָג פון רעוואָלוציאָנערע טענדענצן אין דער גרונט־מאַסע פונעם פּראָלעטאַריאַט פלעגט ברענגען דערצו, אַז אויף די צוזאַמענפאָרן פון אַ סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטײַ פונעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל פלעגט מען אָננעמען רעוואָלוציאָנערע רעזאָלוציעס און אָפּוואַרפן דעם שטאַנדפּונקט פון רעפאָרמיזם, נאָר די דאָזיקע זיגן איבערן רעפאָרמיזם זײַנען געווען אויסערלעכע. די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען פלעגן בלײַבן אין די הענט פון די רעפאָרמיסטן, אין די פּאַרלאַמענטאַרישע פראַקציעס האָבן די רעפאָרמיסטן געהאַט אַ מערהייט, און כוץ דעם איז דער ראַדיקאַליזם פון די אָפיציעלע פירער פון דער פּאַרטײַ באַשטאַנען מער אין צוגעבונדנקייט צו געוויסע פאָרמעלע צערעמאָניעס, אין אָנערקענען מיטן מויל געוויסע אידייען, ווי די אינטערנאַציאָנאַלע סאָלידאַריטעט פונעם פּראָלעטאַריאַט. דער צווייטער אינטערנאַציאָנאַל איז ניט נאָר קיינמאָל ניט געוואָרן קיין צענטראַליזירטע אינטערנאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציע, נאָר ער זאָגט זיך אָפּילע אָפּ אָנצונעמען פאַרפליכטנדיקע באַשטימונגען וועגן אַזעלכע פּאָשעטע אַקציעס, ווי וועגן פייערן דעם ערשטן מיי אין אַלע לענדער אויף איין און דעמזעלבן אויפן: וואַרפן די אַרבעט. פּראָקלאַמירנדיק אַ קאַמף קעגן מיליטאַריזם, האָט דער צווייטער אינטערנאַציאָנאַל קיינמאָל ניט געפאָדערט פון די פּאַרטייען, וואָס גייען אַרײַן אין זײַן באַשטאַנד, זיי זאָלן פירן אַ רעוואָלוציאָנערע אַגיטאַציע אין דער אַרמיי.

דער רעפאָרמיסטישער איבערגעבורט פונעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל, וואָס געפינט זײַן אויסדרוק דערין, וואָס פון זײַן פּראָפּאַגאַנדע ווערן פאַרשוווּנדן די אידייען פון רעוואָלוציע, דערין, וואָס דער קאַמף פאַר רעפאָרמעס ווערט ניט צונויפגעבונדן מיט דער פּראָפּאַגאַנדע פונעם רעוואָלוציאָנערן קאַמף פאַרן סאָציאַליזם, דערין, וואָס דער פּראָלעטאַרישער אינטערנאַציאָנאַליזם ווערט פאַרביטן מיט פרוכטלאָזע פּאַציפיסטישע זיפצן וועגן שלום, אין פולשטענדיקן אונטערוואַרפן זיך דער בורזשואַזער לעגאַליטעט, אין דער וואַקסנדיקער ווירקונג פון די אידייען וועגן מיטאַרבעטן מיט דער ליבעראַל־דעמאָקראַטישער בורזשואַזיע,— אָט דער דאָזיקער רעפאָרמיסטישער איבערגעבורט האָט געפונען זײַן אידייִשע פאַרפולקומונג אין דעם, וואָס אין די רייען פון די פּאַרטייען פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל דרינגען אַרײַן אימפּעריאַליסטישע אידייען.

און די דאָזיקע פֿאַרפֿולקומונג פֿון דער אידייִשער אַנטוויקלונג פֿונעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל איז געווען ניט נאָר לאָגיש אומפֿאַרמײַדלעך, נאָר אויך סאָציאַל אויסגעהאַלטן. אויב עס שטייט פֿאַר א לאַנגדויערנדיקע אַנטוויקלונג פֿונעם קאַפּיטאַליזם, אויב דער ניצחון פֿונעם פּראָלעטאַריאַט באַשטייט ניט אין קיין אַנדער זאַך, ווי אין געווינען די דעמאָקראַטיע און סאָציאַלע רעפֿאָרמעס, אויב דער וועג צום ניצחון פֿונעם פּראָלעטאַריאַט גייט דורך דער מיטאַרבעטערשאַפֿט מיט די דעמאָקראַטישע שיכטן פֿון דער בורזשואַזיע, איז פֿאַרשטענדלעך, אַז דער פּראָלעטאַריאַט איז פֿאַראינטערעסירט אין פֿאַרפֿעסטיקן דעם קאַפּיטאַליזם, וואָרעם זײַן ניצחון באַשטייט, לויט דער מיינונג פֿון די רעפֿאָרמיסטן, אין דעם, וואָס די קאַפּיטאַליסטישע ירושה וועט ביסלעכווייז אַריבערגיין אין די הענט פֿונעם פּראָלעטאַריאַט. דער קאַפּיטאַליזם, וואָס וואַקסט אַריבער די רעמלעך פֿון דער נאַציאָנאַלער מעלוכע, וואָס פּרוּווט באַהערשן אויסלענדישע מערק, איז גענייט צו שטרעבן צו באַהערשן די נאָך ניט אַנטוויקלטע קאַפּיטאַליסטישע לענדער, און הגם ווי עס איז ניטאָ קיין קאַפּיטאַליזם בכלל, נאָר עס זײַנען פֿאַראַן נאַציאָנאַלע קאַפּיטאַליסטישע מעלוכעס, קומט אויס דעם פּראָלעטאַריאַט, לויטן רעצעפּט פֿון די רעפֿאָרמיסטן, אונטערצוהאַלטן די שטרעבונג פֿון זײַן בורזשואַזיע צו פֿאַרכאַפּן קאָלאָניעס.

די מער אָפֿנהאַרציקע רעפֿאָרמיסטן האָבן גאַנץ אָפֿן אונטערגעהאַלטן די אימפּעריאַליסטישע פּאָליטיק פֿון זייער בורזשואַזיע, קאָנסעקווענט ביזן סוף. אַנדערע האָבן געפּרוּווט פֿאַרדעקן זייער אימפּעריאַליזם, אַריבערטראָגנדיק די אידייע פֿון קלאַסן־מיטאַרבעטערשאַפֿט אין דער אייגענער מעלוכע אַף דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרענע. זיי האָבן שוין פֿאַר דער מלחמה געטייַנעט, אַז די בורזשואַזע מעלוכעס דאַרפֿן שטרעבן צוזאַמען אויספֿילן זייערע ציוויליזאַטאָרישע צילן בענעגייע די ניט אַנטוויקלטע נאַציעס, בענעגייע די קאָלאָניעס; זיי פֿלעגן אַרויסרוקן אידייען פֿון א רעפֿאָרמירטער הערשאַפֿט פֿונעם אימפּעריאַליזם אין די קאָלאָניעס. עס איז גענוג אָנצווייזן אַף אַזאַ פֿאַקט, אַז ווען עמיל וואַנדערוועלדע האָט געענטפֿערט אַף די דעמאַסקירונגען פֿון דער ווילדער בעסטיאַלישקייט פֿון די בעלגישע קאָלאָניזאַטאָרן אין קאָנגאָ, איז עס געווען אַן אַרויסטרעטונג ניט קעגן דער אידייע צו באַפֿרייען די דאָזיקע קאָלאָניעס, נאָר פֿאַר רעפֿאָרמירן די בעלגישע פֿאַרוואַלטונג אין קאָנגאָ. אייניקע פֿירער פֿון די ראַדיקאַלן, קעמפֿנדיק מיטן מויל קעגן קאָלאָניאַלער פּאָליטיק און אימפּעריאַליזם, האָבן זיך אַרויסגעזאָגט פֿאַר פֿרידלעכער אַריינדרינגונג פֿונעם קאַפּיטאַליזם אין די ניט אַנטוויקלטע קאַפּיטאַליסטישע לענדער. אַזוי צ. ב. פֿלעגט בעבעל אין איין און דערבער צייט אָפּוואַרפֿן די קאָלאָניאַלע דעראָבערונגען און דאָך ריידן וועגן דער ציוויליזאַטאָרישער ראָליע דייטשלאַנדס, וועלכע בויט אין די טערקישע מידבאַריעס די באַגדאַדישע אייזנבאַן. אַז די דאָזיקע אייזנבאַן וועט אויסקומען שפּעטער פֿאַרטיידיקן מיט דער הילף פֿון דיזעלביקע דרעדנאָוטן, וואָס אַף זיי צו בויען האָט ער זיך אָפּגעזאָגט געבן געלט, וועגן דעם האָט ער ניט געפּרוּווט טראַכטן.

דאָס אַריינדרינגען פֿונעם אימפּעריאַליזם אין צווייטן אינטערנאַציאָנאַל האָט אַנטשפּראָכן ניט נאָר דער אידעאָלאָגיע פֿון די רעפֿאָרמיסטן, נאָר אויך די אינ־

מערעסן פון יענע שיכטן, אַף וועלכע דער רעפאָרמיזם האָט זיך אָנגעשפּאַרט. די אַרבעטער־אַריסטאָקראַטיע, וועלכע האָט מיט יעדן טאָג אַלץ מער צוגעפּגעבונדן אירע אינטערעסן מיט דער אַנטוויקלונג פונעם קאַפּיטאַליזם, האָט ניט געקענט ניט פאַרשטיין, אַז די אַנטוויקלונג פונעם מאָנאָפּאָליסטישן קאַפּיטאַליזם פאַרערט באַהערשן די לענדער, וועלכע זיינען די קוואַלן פאַר רויוואַרג, די קוואַלן צו באַהערשן מאָנאָפּאָלע מערק פאַרן אָפּזאַץ און אַף אינוועסטירן קאַפּיטאַלן. עס איז קיין וונדער ניט, אַז די אימפּעריאַליסטישע טענדענץ האָט די גרעסטע פאַרשפּרייטונג צווישן דער פּראָפאַריינישער ביוראָקראַטיע.

דער צווייטער אינטערנאַציאָנאַל, אויסהאָדעווענדיק אין זיין שויס דעם רע-פאָרמיזם, האָט אין דערזעלבער צייט געטאָן אַלץ קעדיי ניט צו דערלאָזן אין זיינע רייען די אַנטוויקלונג פון רעוואָלוציאָנערע אידייען. אין דעם זין איז ניטאָ קיין מער כאַראַקטעריסטישעס, ווי די באַציונג פון די פירער פונעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל צו דער רוסישער רעוואָלוציע פון 1905 יאָר. דאַן, ווען די רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער פון דער גאַנצער וועלט אונטער דער ווירקונג פון דער רוסישער רעוואָלוציע ווענדן זייערע בליקן צו דער אידייע פון אַ מאַסן־שטרייק, שטעלנדיק אַף דער טאָג־אָרדענונג דעם רעוואָלוציאָנערן קאַמף נאָר אַן אַכט־שעהיקן אַרבעטס־טאָג (אין פראַנקרייך), דעם רעוואָלוציאָנערן קאַמף פאַר דעמאָקראַטישע רעפאָרמעס (אין פּרייסן און עסטרייך), דאַן, ווען די אַרבעטער־מאַסן פון דער גאַנצער קאַפּיטאַליסטישער וועלט קוקן מיט אַנטציקונג אַפן רעוואָ־לוציאָנערן קאַמף פון די רוסישע אַרבעטער, שטייען די אָפיציעלע פירער פו־נעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל קימאַט אַלע אַף דער זייט פונעם מענשע־וויזם. באַגריסנדיק די רוסישע רעוואָלוציע, סאָליִדאַריזירן זיי זיך דורכויס מיט די מענשעוויקעס און טרעטן אַרויס קעגן יעדן פּרווו אָנצווענדן די דערפאַרונג פון דער רוסישער רעוואָלוציע אין זייערע לענדער. ווען אונטערן איינפלוס פון דער רעוואָלוציע פון 1905 י. קייקלט זיך דורך בריים איבער דייטשלאַנד אַ כוואַליע פון רעוואָלוציאָנערער אַגיטאַציע, ווען די אַרבעטער האָבן אַוועק־געשטעלט די פראַגע וועגן אָנווענדן אַן אַלגעמיינעם שטרייק אין קאַמף פאַר דעמאָקראַטיע אין פּרייסן, האָט מילער, דער פאָרזיצער פונעם מאַטראָסן־פאַריין, אַף אַ געהיימער קאָנפערענץ פון די דייטשישע פּראָפאַריינען ציניש אָנגעוויזן אַף דער מאָפּאָלע פונעם דעקאַבער־אויפשטאַנד אין מאָסקווע און זאָגט אַרויס אַ האָפענונג, אַז נאָך דעם וועט די כוואַליע פון דער געפערלעכער אַגיטאַציע אין דייטשלאַנד אַראָפּפאַלן. און ווען אונטערן איינפלוס פון דער דערפאַרונג פון דער רוסישער רעוואָלוציע, אונטערן איינפלוס פון דער פאַרשאַרפונג פון די אינערלעכע קלאַסן־ווידערשפּרוכן און אינטערנאַציאָנאַלע אימפּעריאַליסטישע ווידערשפּרוכן כאַפּט אַרום דעם פּראָלעטאַריאַט אַ וואַקסנדיקער אומרו, הויבט ער האָן אָן צו זוכן נייע קאַמף־וועגן, ער פּרווט אַרויסגיין אַף דער גאַס, און אַף דעם באָדן אַנטשטייט דאָן אין דייטשלאַנד די לינק־ראַדיקאַלע באַוועגונג, וועלכע שטעלט אַף דער טאָג־אָרדענונג די פראַגן פונעם רעוואָלוציאָנערן קאַמף פאַר סאָציאַליזם. דער אָפיציעלער מאַרקסיזם שפּאַלט זיך, דערביי קומט טייקעף פאַר אַ צוזאַמענשלוס פונעם אַלטן רעוויזיאָניזם מיט דער איבערוועגנדיקער

מערהייט פון דער פארמיווישער אנפירונג און מיט די אפיציעלע מארקסיסטישע טעארעטיקער. די לינקע ראדיקאלן, פולקום איזאלירטע אינעם אויבנאן פון דער פארטיי און פראפאריינען, האבן אבער א באדייטנדיקע אונטערשטיצונג אין די ארבעטער־מאסן פון בערלין, האמבורג, ליפציג און אנדערע פראלעטארישע צענטערן.

אבער די לינקע ראדיקאלן פארשטייען ניט, אז דער רעפארמיזם האט א גאנץ ברייטע באזע אין דער פארטיי און ניט נאר וואס זיי דערטראכטן ניט ביזן סאף זייער שטאנדפונקט, נאר זיי האבן אפילע ניט די האזע אויספורעמען זיך ווי א פראקציע, קעדיי צו אפשפאלטן זיך פון דער אפיציעלער סאציאל־דעמאקראטיע אינעם מאמענט, ווען דער פארשארפטער קאמף וועט מאכן די דאזיקע שפאלטונג פאר אומפארמיידלעך. ניט האבנדיק געשאפן קיין פעסטע אונטערשטע ארגאניזאציע פון ארבעטער־רעוואליוציאנערן, ווייזן זיי זיך ארויס פאר אנמעכטיק צו געבן א ווידערשטאנד דער סאציאל־דעמאקראטיע, ווען זי מאכט אין מאמענט פון מילכאמע־אויסברוך דעם אויספיר פון איר 25־יאריקער אנטוויקלונג און גייט אריבער מיט פאנאנדערגעוויקלטע פאנען צום סויניע.

אף וויפל עס איז געווען דורכגעפוילט די דייטשישע סאציאל־דעמאקראטיע אינעם מאמענט פון מילכאמע-אויסברוך ווייזט דער פאקט, אז נאך יארן פון אפארטוניסטישן איבערגעבורט, איז איר פארוואנדלונג פון א פארטיי פון קלאסן־אפאזיציע צו דער אימפעריאליסטישער מעלוכע אין איינעם פון די וויכטיקסטע אנשפארן פון דייטשישן אימפעריאליזם פארגעקומען מיט־אמאל, אן קיין שום איבערגאנגען. זי האט אפילע ניט נויטיק געהאט קיין הארמאטן־דונער, קעדיי ארויסצווייזן איר טאך. דעם 31 יולי 1914 יאר האט דאס דייטשישע קריג־מיניסטעריום פאנאנדערגעשיקט צו די קאמאנדירן פון די קרייזן א געהיימע טעלעגראמע, וועלכע איז פארעפנטלעכט געווארן ערשט נאך דער מילכאמע אין די דאקומענטן פון דער פארלאמענטארישער אויספארשונג־קאמיסיע, און וועלכע זאגט. „לויט זיכערע יעדיעס, האט די סאציאל־דעמאקראטיע בעדייע צו פארנעמען אזא פאזיציע, ווי עס פאסט פאר יעדן דייטש בא די געגעבענע אומשטענדן. איך האלט פאר מיין כוייוו אייך צו וויסן געבן וועגן דעם, קעדיי די מיליטערישע קאמאנדירונג זאל דאס האבן אין זינען באם אנעמען מאסמיטלען".

עס איז קלאר, אז אזא מין טעלעגראמע איז געווען מעגלעך נאר ווי א רעזולטאט פון אונטערהאנדלונגען צווישן די פירער פונעם דייטשישן אימפעריאליזם מיט די פירער פון דער דייטשישער סאציאל־דעמאקראטיע, וואס האבן געגעבן דער דייטשישער קאמאנדירונג א פולשטענדיקע זיכערקייט אין דעם, אז זי האט ניט פאר וואס מוירע צו האבן מיצאד דער סאציאל־דעמאקראטיע אין פאל פון א מילכאמע. די פירער פון די פראפאריינען האבן פון זייער זייט שוין דעם צווייטן אווגוסט געקאנט מעלדן אף א קאנפערענץ פון די פארוואלטונגען פון די פראפאריינען וועגן אונטערהאנדלונגען מיטן אינערן־מיניסטעריום, וואס האט אף דער פראגע ווי וועט זיין די לאגע פון די פראפאריינען אין פאל פון א מילכאמע, געענטפערט: „מיר רעכענען ניט טאן קיין שלעכטס די פראפאריינען,

אויב זיי וועלן אונדז ניט פארשאפן קיין שוועריקייטן. מיר זיינען צופרידן, וואס מיר האבן גרויסע ארגאניזאציעס פונעם ארבעטער-קלאס, אויף וועלכע די רעגירונג קען זיך שטיצן אין אירע מאסמיטלען".

דאס דראזיקע געשעפטל פון די סאציאל-דעמאקראטישע און פראפאריינישע פירער איז געווען געשלאסן הינטער דער פלייצע פונעם ארבעטער-קלאס אין דער צייט, ווען די סאציאל-דעמאקראטישע פרעסע האט געפירט די סאמע ליידנשאפטלעכע אגיטאציע קעגן דער געפאר פון א מילכאמע, ארויסרופנדיק אזוי ארום אן איבערצייגונג בא די ארבעטער-מאסן, אז זייער פארטיי שטייט אויף דער וואך פון שאלעם און אז אין פאל פון א ווירקלעכער געפאר וועט זי זיי רופן צו מייסים. די ארבעטער—סאציאל-דעמאקראטן—האבן אויף טויזנטער פארזאמלונגען דעמאנסטרירט קעגן דער מילכאמע-געפאר, דונערנדיק קעגן דייטשישן אימפעריאליזם. די סאציאל-דעמאקראטישע פירער האבן הינטער די קוליסן געפירט אונטערהאנדלונגען מיט די פירער פונעם דייטשישן אימפעריאליזם, אונטערהאנדלונגען, וועלכע האבן געגעבן דער דייטשישער מיליטערישער קליקע א פולע זיכערקייט דערין, אז זי האט גיט וואס מוירע צו האבן פאר דער דייטשישער-סאציאל-דעמאקראטישער פארטיי. יעדע פארופן זיך פון די סאציאל-דעמאקראטישע פירער און טעארעטיקער אויף די שטימונגען פון די מאסן, וואס זיינען קלוימערשט געווען ארומגעכאפט מיט א מוירע פארן ניצאכן פון צאריזם, איז פראסט-פאשעט א ליגן. די סאציאל-דעמאקראטיע האט קאפיטולירט פארן סוינע, פאר דער מילכאמע, און וויסן פונעם ארבעטער-קלאס, דעזארגאניזירנדיק באצייטנס די ארבעטער מיט אן אנשטעל פון אפאזיציע. ווען דעם 4-טן אויגוסט איז דאס באקאנט געווארן די ארבעטער-מאסן, זיינען שוין בא זיי געווען געבונדן די הענט און פיס מיט דער מאביליזאציע און קריגס-צושטאנד און זיי האבן שוין ניט געקאנט געבן קיין ווידערשטאנד דעם גרויסן היסטארישן פאראט. אלע פרוון פון דער סאציאל-דעמאקראטיע צו פארופן זיך אויף די שטימונגען פון די ארבעטער נאכן דערקלערן מילכאמע קאנען ניט פארשמירן דעם דראזיקן פאקט. עס איז פארשטענדלעך, אז ווען מיליאנען ארבעטער זיינען אוועקגעטריבן געווארן אפן אינטערנאציאנאלן בלוט-באד, ווען דאס מויל פון די רעוואליוציאנערע ארבעטער איז געווען פארמאכט, ווען די רעגירונג, די גאנצע בורזשואזע און דער גרעסטער טייל פון דער סאציאל-דעמאקראטישער פרעסע איז ארופגעפאלן אויף די ארבעטער-מאסן מיטן גאנצן קויעך פון אימפעריאליסטישער פראפאגאנדע, וואס האט זיך ניט אפגעשטעלט פאר קיין שום ליגן, איז פארשטענדלעך, אז זיי האט זיך איינגעגעבן מיטצושלעפן א טייל פונעם ארבעטער-קלאס. נאר דער פאשעטער פאקט, אז אין משך פון א באדייטנדיקן צייט-אפשניט האט דער צענטראלער ארגאן פון דער סאציאל-דעמאקראטיע („פארווערטס") און א ריי פראווינציעלע ארגאנען, וואס האבן זיך געפונען אין די הענט פון די סאציאל-דעמאקראטן, וועלכע זיינען געבליבן קעגנער פון דער מילכאמע, געפירט, הגאם אונטער דער צענזור, אן אנטי-מילכאמע-פראפאגאנדע, נאר ניט באגעגענענדיק קיין שטערענישן מיצאד די ארבעטער סאציאל-דעמאקראטן, נאר פארקערט, ארויסרופנדיק מיט זייער שטאנדפונקט דעם טיפסטן

מיטגעשפּיל, — באַוויזט, אַז דער קערן פונעם אַרבעטער־קלאַס איז ניט געווען פאַרכאַפּט מיטן נאַציאָנאַליסטישן משאַד. דער אַרבעטער־קלאַס איז נאָך געווען דעזאָרגאַניזירט דורכן פּאַראַט פון די פּאַרטיי־פירער און דורך דעם, וואָס עס איז ניט געווען קיין געשלאָסענע רעוואָלוציאָנערע אינטערנאַציאָנאַליסטישע פראַקציע, וואָס זאָל זיך קאָנען שטעלן בעראָש פון אים.

דער קראַך פונעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל, ווי ס׳האָט ריכטיק באַמערקט לענין שוין אין זײַנע ערשטע סענטיאַבער־טעזיסן, איז געווען אַ רעזולטאַט פון נעם זיג פון אָפּאָרטוניזם אין צווייטן אינטערנאַציאָנאַל. ער איז געווען צוגעגרייט מינדעסטן אין משך פון צוויי יאָרצענדליקער מיט דער שטעלונג פון דער ביוראָקראַטיע פון אַלע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטייען מיט דער דייטשישער בעראָש. די סאַמע באַשליסנדיקע ראָליע האָט אין דעמאָזיקן קראַך אָפּגעשפּילט דער אַזוי גערופענער צענטער, דאָס הייסט יענער טייל פונעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל, וועלכער האָט, אײַנהיטנדיק די אַלטע רעוואָלוציאָנערע פראַזעס, זיך ניט אַנטקעגנגעשטעלט אין דער ווירקלעכקייט דער אָפּאָרטוניסטישער פּראַקטיק פון דער פּאַרטיי און האָט זי צוגעדעקט. דער צענטער, מיט קאַוטסקין בעראָש, האָט אָפּגעשפּילט די ראָליע פון אַ רויך־פאָרהאַנג, הינטער וועלכן עס איז פאָרגעקומען דער אָפּאָרטוניסטישער איבערגעבורט פונעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל.

בעת די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע פון אַלע לענדער האָט געמאַכט דעם אַנטשיידענעם קער, האָט זי געפּרוּווט פאַרמאַסקירן דאָס מיט דער באַהויפּטונג, אַז עס האַנדלט זיך נאָר וועגן אַ צײַטווײַליקן צופּאַסן זיך צו אַן איבערגייענדיקער סיטואַציע, אַז די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע בלײַבט די קלאַסן־פּאַרטיי פונעם פּראָלעטאַריאַט, די פּאַרטיידיקערן פון זײַנע אינטערעסן און אַז דאַפקע צוליב די דאָזיקע אינטערעסן איז זי געווען גענייט אין דער צייט פון „אַ פאָלק־אומגליק”, אין מאָמענט פון געפאַר פון אַ פײַנטלעכן אָנפאַל, וועלכער וואָלט פאַרניכטעט אַלע דעראָבערונגען פונעם פּראָלעטאַריאַט, אונטערצוהאַלטן די רעגירונג באַם פאַרטיידיקן דאָס לאַנד. ווען די מילכאָמע וועט זיך ענדיקן, וועט די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, זעלבסטפאַרשטענדלעך, פאַרנעמען אירע אַלטע קלאַסן־פּאָזיציעס און וועט זיך אָפּרעכענען מיטן אינערלעכן סוינע. אָבער דאָס זײַנען אַלץ געווען שמאַרשטיק, וועלכע ווײַזן, ווי די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פירער האָבן מוירע, ניט געקוקט אַף דער מילכאָמע און אַפן קריג־צושטאַנד, פאַר דער אָפּאָזיציע פון די רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער. אין דער ווירקלעכקייט איז די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע אין אַלע לענדער מיט יעדן טאָג אָפנהאַרציקער אַרײַנגעגאַנגען אַף די קלאַסן־פּאָזיציעס פון דער בורזשואַזיע, אונטערהאַלטנדיק זי סײַ אין דער אינערלעכער סײַ אין דער אויסערלעכער פּאָליטיק. אינערלעך האָט זי זיך אין נאָמען פונעם ניצאָכן אָפּגעזאָגט פון אַלע דערגרייכונגען פונעם אַרבעטער־קלאַס, זי האָט זיך אָפּגעזאָגט פון שטרייקן, זי האָט פאַרוואַנדלט די פּראָפאַריינען אין אָרגאַנען, מיט וועמעס הילף דער אימפּעריאַליזם האָט געצוווּנגען דעם אַרבעטער־קלאַס צו אַרבעטן מיט דער גרעסטער אָנשטרענגונג פאַר די באַדערפענישן פונעם אימפּעריאַליזם, די פרעסע פון דער סאָציאַל־דע־

מאָקראַטיע איז געווען דאָס הויפּט־געצייג, מיט דער הילף פון וועלכן דער אימ־פּעריאַליזם האָט דעזאָריענטירט דעם אַרבעטער־קלאַס, האָט אים אָנגעשטאָפּט מיט אימפּעריאַליסטישע אידייען. אונטער א מאַסקע פון פּראָפּאַגאַנדע פאַר פאַרטיידיקן דאָס פאָטערלאַנד האָט די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע געלערנט דעם פּראָלעטאַריאַט, אַז ער איז פאַרבונדן מיט מער נעענטערע פעדעם מיט דער בורזשואַזיע פון אייגענעם לאַנד, איידער מיטן פּראָלעטאַריאַט פון אַנדערע לענדער, זי האָט אים פאַרגעשטעלט די אימפּעריאַליסטישע פּאָליטיק פון איר רעגירונג ווי פאָטערלאַנד־פאַרטיידיקונג, האָגאָב זי האָט זייער גוט פאַרשטאַנען, אַז באַזיגנדיק דעם סוינע, וועט איר בורזשואַזיע רעאַליזירן די פּראָגראַם פון דעראָבערונגען, האָגאָב זי האָט זייער גוט פאַרשטאַנען, אַז די אַזוי גערופענע פאָטערלאַנד־פאַרטיידיקונג איז אין דער אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע ענג פאַרבונדן מיטן פאַרניכטן „דאָס פאָטערלאַנד" פון די באַזיגטע לענ־דער. צווישן דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע פון די אַנטאַנטע־לענדער און דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע פון די לענדער, וואָס זיינען געווען פאַרבונדן מיט דייטש־לאַנד, איז אין דעם זין נים געווען קיין שום אונטערשייד. דער צענטער פונעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל איז אויך ווייטער געווען די פיינטבלאַט פונעם אָפענעם סאָציאַל־אימפּעריאַליזם. פּראָקלאַמירנדיק אין אָנהייב מילכאָמע, אַז דער אינטערנאַציאָנאַל איז א געצייג פון שאָלעם און אַז ער קאָן נים ווירקן בעיס מילכאָמע, פלעגט קאַוטסקי דערהווייזן, אַז אין טאָג ניין זיך צונויף אַלע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פאַרטייען אויף דעם, אַז מע דאַרף פאַרטיידיקן דאָס פאָטערלאַנד און אַז דעריבער איז ביכלאַל קיין שום קראַך פונעם אינטערנאַ־ציאָנאַל נים פאַרגעקומען. וואָרעם דער קריטעריי פון אורטיילן איז אינעם גאַנצן אינטערנאַציאָנאַל איין און דערזעלבער: עס וועט קומען א מאָמענט, ווען די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פאַרטייען וועלן זיך צונויפקריגן ווען די שאָלעם־באַדינגונגען, און די איינהייט פונעם אינטערנאַציאָנאַל, וואָס איז צייטווייליק צעשטערט געוואָרן צוליב די קריג־אָפּעראַציעס, וועט אופגעשטעלט ווערן.

דער צווייטער אינטערנאַציאָנאַל האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר א פולשטענ־דיקן באַנקראָט, און די רעוואָלוציאָנערע עלעמענטן, וואָס זיינען אַנטשטאַנען אין זיין שויס, זיינען געשטאַנען פאַר דער אויפגאַבע, וואָס איז פּראָקלאַמירט געוואָרן אינעם מאַניפעסט פונעם צ"ק פון די באָלשעוויקעס אין סעפּטעמבער 1914 יאָר, פאַר דער אויפגאַבע צו צערייסן מיטן אינטערנאַציאָנאַל פון אָפּאָרטוניזם און שאַפן א נייעם אַרבעטער־אינטערנאַציאָנאַל. פאַר דער אויפגאַבע האָט לענין אָנגעהויבן צונויפזאַמלען אַלע רעוואָלוציאָנערע עלעמענטן אינעם אַלטן אינטערנאַציאָנאַל, שליסנדיק צוליב דעם ציל א צייטווייליקע פאַר־שטענדיקונג מיט די וואַקלדיקע אינטערנאַציאָנאַליסטישע גרופּן פונעם לינקן צענטער, וואָס זיינען אַרייַנגעגאַנגען אין דער צימערוואַלדער פאַראייניקונג. ער האָט אָנגענומען דידאַזיקע צייטווייליקע מיטאַרבעטערשאַפט, אייַנהיטנדיק פול־קום די קלאָר אָנגעצייכנטע פּראָגראַם פון פאַרוואַנדלען די אימפּעריאַליסטישע מילכאָמע אין א בירגערקריג, די פּראָגראַם פון אייַנרייסן מיטן צווייטן אינ־טערנאַציאָנאַל, ווייל לענין האָט זיך [illegible] א [illegible], אַז נאָך דער

קאַטאַסטראָפֿע אין צווייטן אינטערנאַציאָנאַל וואַקלען זיך נאָך אַסאַך אַרבעטער, וואָס זייַנען באַרופֿן אין דער צוקונפֿט צו שטעלן זיך אַף דער פּאָזיציע פֿון אָנמשייִרנדיקן פּראָלעטאַרישן אינטערנאַציאָנאַל, וואַקלען זיך און געפֿינען ניט קיין ריכטיקן שטאַנדפּונקט. אָבער אַריינגייענדיק אין ציממערוואַלד, האָט לענין האָט געמאַן קעדיי צו קריגן א פֿאַרבינדונג מיט דידאָזיקע אַרבעטער־מאַסן. פֿורנעם מאָמענט פֿון דער פֿעווראַל־רעוואָלוציע, וועלכע האָט אינגאַנצן באַשטעטיקט די פּערספּעקטיוון פֿון די באָלשעוויקעס, באַשטייט לענין אַף איינרייסן מיט ציממערוואַלד, שאַפֿן א קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל, ענדגילטיק איינרייסן אידייִש און אָרגאַניזאַציאָנעל מיטן צווייטן אינטערנאַציאָנאַל, וואָרעם ער איז געווען איבערצייגט, אַז דער אָנהייב פֿון רעוואָלוציאָנערע אויפֿטרייסלונגען וועט ניט נאָר ניט ברענגען קיין קער אין דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע אַף לינקס צו די אַלטע קלאַסן־פּאָזיציעס, נאָר, פֿאַרקערט, וועט פֿאַרגיכערן די אַנטוויקלונג פֿון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע אַף רעכטס. דידאָזיקע לענינס פֿאָרויסזאָגונג האָט זיך פֿולקום באַשטעטיקט. די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, וואָס איז געוואָרן א געצייג פֿון דער אייגענער בורזשואַזיע אין קאַמף פֿאַר זיג איבער דער בורזשואַזיע פֿון אַנדערע לענדער און האָט פֿאַר דעם ציל מאָקריוו געווען די בלוט פֿון מיליאָנען, האָט ניט געקענט ניט ווערן א געצייג פֿון איר זיג איבערווייניק, א געצייג פֿון זיג איבערן אַרבעטער־קלאַס, איבער די פֿעלקער, וואָס דער אימפּעריאַליזם האָט פֿאַרקנעכט. ווייל אָן דעם פֿולשטענדיקן אונטערטעניק מאַכן דעם אַרבעטער־קלאַס האָט דער אימפּעריאַליזם ניט געקענט פֿירן זייַנע ניצכווינגען איבער אַנדערע לענדער. מיר זעען, ווי דער פֿירער פֿון דער ענגלישער פּאַרטיי הענדערסאָן באַטייליקט זיך אין דעם ענגלישן קריגס־מיניסטעריום, וואָס האָט אַזוי אַכזריותדיק אונטערדריקט דעם אויפֿשטאַנד פֿון די אירלענדישע אַרבעטער און קליינבורזשואַזיע. מיר זעען, ווי די רוסישע מענשעוויקעס, וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין ציממערוואַלד, האַלטן אונטער קערענסקיס רעגירונג אין זייַן מאַרש קעגן די רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער און פּויערים, וואָס פֿירן זיך אַרום די באָלשעוויקעס און וואָס קעמפֿן פֿאַר שאָלעם, ערד און פֿאַר די אינטערעסן פֿונעם אַרבעטער־קלאַס; מיר זעען, ענדלעך, ווי די דייטשישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע באַטייליקט זיך אינעם ערשטן שטרייק פֿון די אַמוניציע־אַרבעטער אין בערלין מיט דעם איינציקן ציל, ווי עס האָט שײַדעמאַן מודיע געווען אויפֿן געריכט עבערט, וואָס איז געשטאַנען בעראָש פֿון דעמדאָזיקן שטרייק, אַרונטערצורייסן אים און צווינגען די אַרבעטער אויך ווייטער דינען דעם אימפּעריאַליזם. מיר זעען, אַז אין דער מאָס, ווי עס וואַקסט די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג פֿון די דייטשישע אַרבעטער פֿאַרשטאַרקט די דייטשישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע דעם קאַמף קעגן די רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער, יאָגט זיי אַרויס פֿון דער פּאַרטיי, נעמט צו בײַ זיי די צייטונגען, וואָס זייַנען געשאַפֿן געוואָרן פֿאַר אַרבעטער־גראָשנס און וואָס פּרוּוון אויך ווייטער דינען די אינטערעסן פֿונעם פּראָלעטאַריאַט, גיט אַרויס מיט אירע מסירעם די רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער אין די הענט פֿון דער מיליטער־מאַכט, וואָס רעכנט זיך מיט זיי אָפּ. ווען אונטער די קלעפּ פֿון די מיליטערישע מאַפּאַלעס און פֿון דער רעוואָלוציאָנערער

פּראָפּאַגאַנדע אינעם מיליטער הויבט אָן צו וואַקלען זיך דער טראָן פון דייטשישן קייסער, הויבט אָן צו וואַקלען זיך דער ביניען פון דייטשישן אימפּעריאַליזם, טוט די דייטשישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע אַלץ, קעדיי איינצוהאַלטן די מאַסן פון אַן אַרויסטרעטונג, טוט אַלץ, קעדיי צו ראַטעווען די דייטשישע מאָנאַרכיע, וואָס איז נאָכן פאַלן פונעם רוסישן צאַריזם געבליבן די סאַמע רעאַקציאָנערע אין אייראָפּע.

„איך פאַרהאַס די רעוואָליוציע, ווי פּעסט", האָט געזאָגט דער דייטשישער סאָציאַל־דעמאָקראַט עבערט דעם לעצטן דייטשישן רייכסקאַנצלער, דעם פּרינץ פון באַדען, און אין די ווערטער האָט זיך פולקום אויסגעדריקט די גאַנצע עוואָליוציע פונעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל.

### 3. פון סאָציאַל־אימפּעריאַליזם צו סאָציאַל־פאַשיזם

דער צווייטער אינטערנאַציאָנאַל, וואָס איז געווען בעיס דער מילכאָמע די שטיצע פון דער אימפּעריאַליסטישער בורזשואַזיע, שפּילט אויך נאָך דער מילכאָמע די ראָליע פון דער וויכטיקסטער שטיצע פאַר דער הערשאַפט פונעם אימפּעריאַליזם, וואָס איז אויפגעטרייסלט געוואָרן דורך דער מילכאָמע.

די דייטשישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע כאַפּט איבער בעיס דער נאָיאַבער־רעוואָליוציע אין אַ פאַרברייטערטן מאַסשטאַב דיזעלביקע פּאָליטיק, וועלכע זי האָט געפירט בעיסן ערשטן שטרייק פון די בערלינער אַרבעטער. די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, וואָס איז ניט געווען בעקויעך איינצוהאַלטן די אַרבעטער פון אַרויסטרעטונגען קעגן דער אומפאַלטיקער קייסערלעכער רעגירונג, וואָס איז ניט געווען בעקויעך צו ראַטעווען די האָהענצאָלערנער דיסקרעדיטירטע דינאַסטיע (עבערט, איבערנעמענדיק די רעגירונג פון דעם פּרינץ פון באַדען, האָט געפּרוּווט ראַטעווען די קרוין פאַר דעם קייסערס אייניקל), האָט פּראָקלאַמירט די רעפּובליק, ווי דאָס האָט מוידע געווען אין זיינע מעמואַרן שיידעמאַן, נאָר צוליב דעם, קעדיי איינצוהאַלטן די אַרבעטער פון פּראָקלאַמירן אַ סאָוועטישע רעפּובליק. מיט דער הילף פון נאָסקען העלפט זי אַנטוואָפענען די מאַטראָסן, וואָס זיינען אויפגעשטאַנען אין קיל, זי האַלט זיי איין פון רעוואָליוציאָנערע אַרויסטרעטונגען. דער רעגירונג, וואָס איז געשאַפן געוואָרן צוזאַמען מיט דער „צענטער"־פּאַרטיי, מיט דער אַזוי גערופענער אומאָפּהענגיקער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, טוט זי אָן אַ מאַסקע פון אַ ראַטן־רעגירונג. אָבער זי גיט ניט נאָר איבער די שאָלעם־אונטערהאַנדלונגען אין די הענט פון ערצבערגער, דעם פירער פון דער קאַטוילישער אימפּעריאַליסטישער פּאַרטיי, וואָס פון זיין זייט בעט ער ראַכמים באַם מאַרשאַל פאָש, דעם פירער פון דער זיגרייכער אַנטאַנט, צו איבערלאָזן אין דייטשלאַנד האַרמאַטן צום קאַמף קעגן די אייגענע אַרבעטער און קעגן די באָלשעוויקעס; די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע ניט נאָר זי גיט איבער צו פירן אונטערהאַנדלונגען דעם גראַף בראָקדאָרף־ראַנצאַו, וואָס שטעלט אָפּ אַ באַדינג פאַר איבערנעמען דעם פּאָרטפעל פון אויסערן־מיניסטער דאָס אונטערדריקן דעם ספּאַרטאַק־בונד, זי גיט ניט נאָר איבער די פינאַנסן אין די הענט פון דעם דורכגעטריבענעם פאַרשטייער פון

דער בורזשואזיע דעם נאציאנאל־לידער שיפער, דאס קריגס־מיניסטעריום — און די הענט פון גענעראל גרענער, נאר זי ווינקלט אויך פאנאנדער איר גאנצע טעטיקייט אפן יעסאד פון א געהיימער פארשטענדיקונג מיט דער קאמאנדירונג פון דער דייטשישער ארמיי און מיט דעם ראש פון דייטשישן קאפיטאליזם סטינעס. די דאקומענטן, וואס זיינען איצט פאר־עפנטלעכט געווארן אין פאלקמאנס בוך „די רעוואליוציע אין דייטשלאנד", ווייזן, אז די פירער פון דער דייטשישער סאציאל־דעמאקראטיע עבערט און שיידעמאן האבן וועגן יעדן טריט זיך פארשטענדיקט מיטן שעף פון מיליטער־שטאב גענעראל גרענער, וועלכער האט בוכשטעבלעך אנגעפירט פון זיין שטאב, וואס האט זיך געפונען אין קאסעל, ניט נאר מיט עבערטן, נאך אויך מיט דער סאציאל־דעמאקראטישער פראקציע פונעם ערשטן ראטן־צוזאמענפאר, פארשרייבנדיק זיי, ווי צו ענדערן די רעזאלוציעס, וואס דער צוזאמענפאר האט שוין אנגענומען. מיטן גענעראל גרענער רעדט זיך אויף עבערט וועגן די מעטאדן צו אנטוואפענען די ארבעטער, וועגן די מעטאדן ווי אזוי צו דערפירן די טעטיקייט פון די סאלדאטן־ראטן צו א נול. אין דערזעלבער צייט רעדט זיך אויף דער פירער פון די פראפאריינען ליעגין מיטן פירער פון די דייטשישע קאפיטאליסטן סטינעס וועגן א פארשטענדיקונג צווישן די קאפיטאליסטן און די פראפאריינען מיטן ציל אויפצוהאלטן די ארדענונג אף די פאבריקן קעדי ניט צו דערלאזן, אז די ארבעטער זאלן פארכאפן די פאבריקן. די סאציאל־דעמאקראטן, וואס זיינען פארבונדן דורך אפמאכן מיט דער בורזשואזיע און מיט איר מיליטערישער אנפירונג, נארן אפ די ארבעטער, באשטימענדיק קאמיסיעס, וועלכע דארפן שטודירן די פראגע וועגן „סאציאליזירן" די אינ־דוסטריע, פונקט ווי אין 1848 יאר, בעיס די פראנצויזישע בורזשואזיע האט צוגעגרייט די צעשמעטערונג פון די ארבעטער, האט זי דערלויבט צו פלאפלען אין ליוקסעמבורגער פאלאץ וועגן איינפירן סאציאליזם. אין אנהויב מילכאמע האט די סאציאל־דעמאקראטיע געפרווט אנווארפן די ארבעטער־מאסן איר פארעטערישע פאליטיק, שרעקנדיק זיי מיט דער געפאר פון פארשפילן די מילכאמע, און איצט רוקט זי ארויס ווי א צענטראלע אידייע, די אידייע פון שליסן א שאלעם, וואס זאל לויגן פארן „דייטשישן פאלק". „באלשעוויזם באטייט ניט נאר א בירגערקריג, נאר אויך א קריג מיט דער אנטאנט!" — האבן געשריען די פירער פון דער סאציאל־דעמאקראטיע צו די ארבעטער־מאסן, וועלכע האבן אין משעך פון פיר יאר מילכאמע איבערגעטראגן צוליב דער בלאקאדע אומדערהערטע ליידן. „די פארבינדעטע וועלן געבן ברויט, די פאר־בינדעטע וועלן געבן אן ארנטלעכן שאלעם, ווייל בעראש פון זיי שטייט דער פירער פון דער אמעריקאנישער דעמאקראטיע ווילסאן, וואס האט צוגעזאגט א דעמאקראטישן שאלעם! אויב דער דייטשישער ארבעטער־קלאס וועט אוועק נאך די באלשעוויקעס, וועט זיך באנייען די בלאקאדע, וועט זיך באנייען די מילכאמע!" קעדיי דאס אויסצומיידן מוז מען זיך אפזאגן פון דער דיקטאטור פון פראלעטאריאט, מע דארף טייקעף צונויפרופן אף א דעמאקראטישן אופן די גרינדונג־פארזאמלונג, קעדיי די אנטאנט זאל וויסן, אז די רעגירונג רעדט

אין נאָמען פונעם גאַנצן פאָלק. דער אַרבעטער־קלאַס איז די באַשליסנדיקע קראַפט, ער וועט באַ דעמאָקראַטישע וואַלן אויך באַווייזן דערגרייכן די מער־הייט און דורכפירן דעם סאָציאַליזם. ער וועט עס דורכפירן אַף אַ וויסנשאַפט־לעכן אופן, לאַנגזאַם, ניט פאַרניכטנדיק דעם אייגענעם אָרגאַניזם פון דער דײַטשישער ווירטשאַפט. דער באָלשעוויסטישער געוואַלטזאַמער עקספּערימענט איז פאַרמישפּעט אַף אַ מאַפּאָלע. מע דאַרף זיך ניט פאַרבינדן מיט די באָל־שעוויקעס, ווײַל זייער אונטערגאַנג איז אומפאַרמיידלעך, אין בעסטן פאַל וועלן זיי לעבן עטלעכע כאָדאָשים, קאָמפּראָמעטירנדיק מיט געוואַלט־טאַטן די סאָ־ציאַליסטישע אידייע. אַזוי האָבן גערעדט די דײַטשישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן צו די אַרבעטער־מאַסן.

די סאָציאַל־אימפּעריאַליסטן האָבן אין דיראָזיקער פּאַרטעטישער פּאָליטיק געקראָגן די וויכטיקסטע הילף מיצאַד די אומאָפּהענגיקע — די צענטער־פּאַרטיי פונעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל. פּונקט ווי בעיס דער מילכאָמע האָבן זיי געהאָלפן אונטערוואַרפן די אַרבעטער־מאַסן די סאָצי־אַל־אימפּעריאַליסטן, אַזוי האָבן זיי אויך איצט געשפּילט די ראָליע פון אַ בלייך־פאַרהיטער, פאַרוואַנדיק זיך אַף זייער פּאַציפיסטישער אַגיטאַציע בעיס דער מיל־כאָמע, פאַרדעקן זיי די סאָציאַל־אימפּעריאַליסטן, וואָס זײַנען געווען קאָמ־פּראָמעטירט אין די אויגן פון אַ באַדײַטנדיקן טייל פּראָלעטאַריאַט מיט זייער שטיצע דעם אימפּעריאַליזם און קייסער. דערמיט, וואָס זיי האָבן זיך באַטיי־ליקט אין איין רעגירונג מיט זיי, דערוועקן זיי אין די אַרבעטער־מאַסן אַ האָפענונג אַף דורכצופירן דעם סאָציאַליזם אַף אַ דעמאָקראַטישן וועג.

די דאָזיקע מאַסקירונג דויערט אַזוי לאַנג, ביז וואַנען די דײַטשישע קאָ־מאַנדירונג באַווייזט צונויפשטיקעווען פון די רעשטלעך פון די אימפּעריאַליס־טישע אַרמייען (פון די באַלעבאַטישע און בורזשואַזע זין) די ערשטע אָפּטיי־לונגען פרייוויליקע, ביז וואַנען זי באַווייזט באַוואָפענען און אָרגאַניזירן זיך קעדיי באַפאַלן די שלעכט באַוואָפנטע און שלעכט אָרגאַניזירטע אַרבעטער, וואָס האָבן אויפגעהויבן די פאָן פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָליוציע. ווען עס האָט זיך אײַנגעגעבן די סאָציאַל־דעמאָקראַטן צוזאַמען מיטן גענעראַל גרענער דערלאַנגען אַ קלאַפּ די בערלינער אַרבעטער, דערמאָרדנדיק ראָזאַ ליוקסעמבורג און קאַרל ליבקנעכט, האָבן שוין די סאָציאַל־דעמאָקראַטן געהאַט אַן אָפּגערייניקטן וועג צו דער גרינדונג־פאַרזאַמלונג. די גרינדונג־פאַרזאַמלונג גיט אַ מערהייט די בורזשואַזע פּאַרטייען און דערלויבט אַזוי אַרום דער סאָ־ציאַל־דעמאָקראַטיע איבערגיין פון אַ באַהאַלטענער, פון די מאַסן פאַרדעק־טער קאָאַליציע מיט דער בורזשואַזיע צו אַן אָפּענער קאָאַליציע.

ניט געקוקט דערויף, וואָס דער ווערסאַלער אָפּמאַך האָט געוויזן, אַז מיטן וועג פון קאַפּיטולאַציעס פאַר דעם זיגרייכן אימפּעריאַליזם קאָן מען זיך ניט דערשלאָגן ניט קיין שאָלעם, ניט קיין ברויט, ניט געקוקט דערויף, וואָס דער קאַפּאָווער פּוטש אין 1920 יאָר האָט געוויזן, אַז אונטערן צודעק פון דעמאָ־קראַטיע האָט די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע אויסגעהאָדעוועט אַ ווײַסע אַרמיי, וואָס האָט ניט נאָר גראָמירט די אַרבעטער, נאָר וואָס האָט אַרומגעשוויקט אַ

פּראָגראַם פון רעסטאַוורירן די מאָנאַרכיע, האָט דאָך די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע דערגרייכט איר ציל. אין מעשעך פון 1919—1920 יאָרן האָט זי צעגראָמירט די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג פונעם דייטשישן פּראָלעטאַריאַט, אָוועקלייגנדיק באַ אַ דרייסיק טויזנט אַרבעטער אַף די גאַסן פון די דייטשישע שטעט: זי האָט אומגעקערט די מאַכט דער בורזשואַזיע, אופגעשטעלט די קאַפּיטאַליסטישע אָרדענונג, זי שטעלט זיך ניט נאָר אַף דער וואַך פון דער עקספּלואַטאַציע פון דעם אַרבעטער דורך דער אייגענער בורזשואַזיע, זי שטייט אויך אַף דער וואַך פונעם ווערסאַלער אָפּמאַך, אַף דער וואַך פון עקספּלואַטירן דייטשלאַנד דורך דער אַנטאַנט. דאָס אַלץ טוט זי אין נאָמען פון אויסמיידן רעוואָלוציאָנערע אופטרייסלונגען, אויס מוירע צו צעבינדן די רעוואָלוציאָנערע קרעפטן פונעם פּראָלעטאַריאַט. דער קאַמף קעגן דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע ווערט איצט דער וועג־ווייזער פון דער דייטשישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע.

אַנדערע פּאַרטייען פונעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל מאַכן דורך דעם זעלביקן וועג, וואָס די דייטשישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, האָגאָם אין אַנדערע פאָרמען און מיט אַנדערע טעמפּן. די עסטרייכישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע,— וואָס דאָס האָט מוירע געווען דער פירער פון די עסטרייכישע מאַרקסיסטן באַוער אין זיין „געשיכטע פון דער עסטרייכישער רעוואָלוציע”,— האָט געטאָן אַלץ קעדיי איינצוהאַלטן די עסטרייכישע אַרבעטער פון פאַרייניקן זיך מיט דער אונגאַרישער סאָוועטישער רעוואָלוציע, וועלכע האָט געעפנט אַ וועג פאַרן זיג פונעם פּראָלעטאַריאַט אין די באַלקאַנישע דונײַ־לענדער און געשאַפן אַ בריק פאַר דער רעוואָלוציע אין איטאַליע, וועלכע איז געווען פול מיט רעוואָלוציאָנערער יווירונג, פאַר דייטשלאַנד, וווּ די רעוואָלוציאָנערע קרעפטן פונעם פּראָלעטאַריאַט האָבן זיך געראַנגלט מיט די קרעפטן פון דער קאָנטררעוואָלוציע. די טשעכאָסלאָוואַקישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע נעמט אַ דירעקטן אַנטייל אינעם באַוואָפנטן קאַמף קעגן דער אונגאַרישער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע. די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע פון בעלגיע, דורך איר פירער עמיל וואַנדערוועלדע, גיט איר אונטערשריפט אונטערן רויבערישן ווערסאַלער טראַקטאַט. די פראַנצויזישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן מיט רענאָדעלן, לאָנגע און בליום אין דער שפּיץ טוען אַלץ קעדיי צו צעקלאַפּן די וואַקסנדיקע כוואַליע פון דער רעוואָלוציע אין פראַנקרייך. די פּאַרטיי פונעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל אין ענגלאַנד, ניט געקוקט אַף די רעוואָלוציאָנערע כוואַליעס, וואָס טרייסלען אויף די ענגלישע אימפּעריע, פירט אַ פּאָליטיק פון צעשפּאַלטן דעם פּראָלעטאַריאַט, אַ פּאָליטיק פון אָפּהאַלטן אים פון רעוואָלוציאָנערע מייסים. זי פּרוווט אים איבערצייגן דערין, אַז די בורזשואַזיע וועט ניט נאָר גיין אַף גרויסע סאָציאַלע האַנאָכעס, נאָר זי וועט פּשוט מאַסקים זיין צו נאַציאָנאַליזירן די וויכטיקסטע צווייגן פון דער אינדוסטריע, אָנהייבנדיק פון דער קוילן־אינדוסטריע. די איטאַליענישע רעפאָרמיסטן סאַבאָטירן דעם קריסטאַליזירונג־פּראָצעס פון דער רעוואָלוציאָנערער פּאַרטיי פונעם פּראָלעטאַריאַט, איר איבערגאַנג צום דירעקטן קאַמף פאַר פאַרכאַפּן די מאַכט.

די סאָציאַל-דעמאָקראַטישע פּאַרטייען פֿון פּוילן, לעטלאַנד, עסטאָניע העלפֿן דערשטיקן די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג פֿונעם פּראָלעטאַריאַט און פֿירן די מילכאָמע מיטן ראַטנלאַנד. נאָך אַראַנק דעם, וואָס עס זיינען ניט געווען קיין דירעקטע באַוואָפֿנטע אַרויסטרעטונגען פֿונעם פּראָלעטאַריאַט זיינען די סאָציאַל-דעמאָקראַטן פֿון פֿראַנקרייך און ענגלאַנד אַרויסגעגאַנגען פֿון דעם ראַזיקן פּעריאָד פֿון די טיפֿסטע אויפֿטרייסלונגען, ניט באַגיסנדיק זיך די הענט מיט אַרבעטער-בלוט, זיי זיינען אָבער פֿולקום רייף געוואָרן פֿאַר דער ראָליע פֿון מאַליאַנים פֿונעם אַרבעטער-קלאַס; זיי דערהויבן דאָס דערמיט, וואָס זיי אַמניסטירן די דייטשישע סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, דעם מערדער פֿון 30.000 רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער, דעם מערדער פֿון ראָזע לוקסעמבורג און קאַרל ליבקנעכט, און זיי פֿאַראייניקן זיך מיט איר אין 1922 יאָר אין האַמ-בורג, אויפֿשטעלנדיק פֿאָרמעל דעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל. די צענט-ריסטישע שטרעמונגען, וואָס זיינען אַ געוויסע צייט אַרויסגעטראָטן מיט „אַ באַזונדער פּאָזיציע“, קערן זיך אום אין צווייטן אינטערנאַציאָנאַל און דערוויזן דערמיט, אַז גערעכט איז געווען דער קאָמינטערן ווען ער האָט באַ-הויפּטעט, אַז אין טאָג שיידן זיי זיך ניט אונטער פֿון די סאָצ. אימפּעריאַליסטן.

די אינטערנאַציאָנאַלע בורזשואַזיע, אין דער פּעריאָד פֿון אירע סאַמע ווייטזיכטיקע פֿאַרשטייער, פֿאַרשטייט אויסגעצייכנט גוט די ראָליע, וואָס די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע שפּילט אויס. אין זיין מעמאָראַנדום פֿון מאַרץ 1919 יאָר (די צייט פֿון די ווערסאַלער אונטערהאַנדלונגען), וואָס איז געווען געווענדעט צו די אָנפֿירער פֿון די פֿינף אימפּעריאַליסטישע מעלוכעס, לייגט פֿאָר לויד-דזשאָרדזש יענעם פּלאַן, לויט וועלכן עס האָט זיך אַנטוויקלט טיילמאָל באַוווסטזיניק, קאָנטאַקטירט, טיילמאָל סטיכיש, די פּאָליטיק פֿון דער אינטערנאַציאָנאַלער בורזשואַזיע בעת די נאָכמילכאָמעדיקע רעוואָלוציאָ-נערע אויפֿטרייסלונגען. ער האָט אָנגעוויזן, אַז די הויפּטגעפֿאַר איז די פֿאַר-אייניקונג פֿונעם סאָוועטישן פּראָלעטאַריאַט, וועלכער האָט געזיגט אָפּן שע-מעך פֿון אַ קאָלאָסאַלער אימפּעריע און האָט אָרגאַניזירט אַ רויטע אַרמיי, מיטן פּראָלעטאַריאַט פֿון דייטשלאַנד בעראָש מיט די ספּאַרטאַקאָווצעס. די פֿאַראייניקונג פֿונעם דייטשישן פּראָלעטאַריאַט מיטן סאָוועטישן וואָלט געשאַפֿן אַ רעוואָלוציאָנערע פּראָלעטאַרישע מאַכט פֿון דער טייך ריין ביז וולאַדי-וואָסטאָק, עס וואָלט געשאַפֿן געוואָרן אַן אומצעשטערבאַרע קראַפֿט. די ראַזיקע קראַפֿט וואָלט געווירקט אויפֿמונטערנדיק אויף דער פּראָלעטאַרישער באַוועגונג אין אַלע לענדער, וואָרעם אין ערגעץ ווילן ניט די אַרבעטער זיך אומקערן צו יענע לעבן-באַדינגונגען, אין וועלכע זיי האָבן געלעבט פֿאַר דער מילכאָמע אונטערן יאָך פֿון קאַפּיטאַליזם. די פּאָליטיק פֿון דער בורזשואַזיע דאַרף באַ-שטיין אין צעשמעטערן דעם רעוואָלוציאָנערן פֿליגל פֿונעם פּראָלעטאַריאַט. צו דעם צוועק זיינען נייטיק געוויסע האַנאָכעס פֿאַר די אָפּגעשטאַנענע אַרבעטער-שיכטן, פֿאַר דעם מעסיקן פֿליגל פֿונעם אַרבעטער-קלאַס. און די בורזשואַזיע איז אומעטום איינגעגאַנגען אויף דיזאַזיקע צייטווייליקע האַנאָכעס, וועלכע האָבן באַוואָרפֿט העלפֿן דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע צעשמעטערן די רעוואָלוציאָנערע

ארבעטער־באוועגונג. אין דער־זעלבער צייט ווען די בורזשואזיע האט גראמירט די רעוואלוציאנערע ארבעטער, ארייננעזעצט זיי אין טפיסע, צעשאסן,— אין דער־זעלבער צייט האט זי פארברייטערט די דעמאקראטישע רעכט, מאס־סים געווען צייט־ווייליק אף א אכטשאיקן ארבעטס־טאג, צייט־ווייליק געגאנגען אף הויכערן דעם ארבעטס־לוין, און דאס אלץ איז געטאן געווארן קעדיי איינ־צוהאלטן די אפגעשטאנענע ארבעטער אונטער דער ווירקונג פון דער סאציאל־דעמאקראטיע, די־דאזיקע גאראנטיע פאר דער זיכערקייט פונעם קאפיטאליזם.

די סאציאל־דעמאקראטיע פון איר זייט, אויספילנדיק די ארויפגעלייגטע אף איר אויפגאבן, פירט א ווילדע העצע קעגן ראטנרוסלאנד, פרוווט פארשטעלן די רעוואלוציע ווי א וועג פון אומגעהערטע ליידן, וואס פירן צו גארניט, אויסער פארניכטונג. זי אפעלירט צו דער באדערפעניש אין רו און אפרו בא די אר־בעטער־מאסן, וואס זיינען פארמאטערט פון דער מילכאמע און וואס זיינען פיזיש אינגאנצן אויסגעשעפט. מיטן מויל פראטעסטירן זיי קעגן דער אינטער־ווענציע און אין דער־זעלבער צייט איז זי מיט איר באגייסטערט און איר קאמפאניע קעגן ססס״ר און פרוווט איינהאלטן די ארבעטער פון געבן הילף דעם קעמפנדיקן סאוועטישן פראלעטאריאט.

די סאציאל־דעמאקראטיע ראטעוועט דעם קאפיטאליזם אונטערן לאזונג פון דעמאקראטיע און סאציאלע רעפארמעס, אונטערן לאזונג פונעם שלום־רעפארמיזם. „אין נאמען פון פרידלעכער אנטוויקלונג" האט זי אין 1929 יאר ארגאניזירט די צעשמעטערונג פון דער זאקסישער ארבעטער־רעגירונג. מוירע האבנדיק, אז די־דאזיקע קאאליציע־רעגירונג פון קאמוניסטן און לינקע סאצי־אל־דעמאקראטן וועט ווערן אן אויסגאנג־פונקט פונעם קאמף פאר דער מאכט אין גאנץ דייטשלאנד. זי דערטרינקט אין בלוט דעם אופשטאנד פון די האמ־בורגער ארבעטער, צוזאגנדיק נאך אמאל, אז די וועלט־בורזשואזיע וועט זיך דערפאר אפזאגן פון דער רויבערישער ווערסאלער פאליטיק, אז זי וועט דער־פאר העלפן דייטשלאנד און די אנדערע באזיגטע לענדער אין אופשטעלן, סטאביליזירן די וועלט־ווירטשאפט, זי וועט געבן א מעגלעכקייט דעם אר־בעטער אופהויבן זיין לעבן־ניווא, זי וועט דערלויבן אף א דעמאקראטישן אויפן איבערגיין צו סאציאלער ארדענונג. „אינדוסטריעלע דעמאקראטיע", דער אנטייל פון די ארבעטער אין פארוואלטן מיט דער אינדוסטריע — אט דאס איז דער שטאפ, וואס פירט צום סאציאליזם.

אבער די סטאביליזאציע, וואס איז דורכגעפירט געווארן אפן וועג פון פארקנעכטן דייטשלאנד און א ריי אנדערע לענדער דורך דעם אמעריקאנער קאפיטאל, אפן וועג פון ראציאנאליזאציע, דאס הייסט פון א ניט געהערטן פארגרעסערן די עקספלואטאציע פונעם פראלעטאריאט, איז ניט נאר בכוח אופשטעלן אפילו דעם פארמילכאמעדיקן גלייכגעוויכט פון דער קאפיטאליס־טישער וועלט, וואס האט זיך געענדיקט, ווי באוווסט, מיט דער אימפעריא־ליסטישער וועלט־מילכאמע, נאר זי רעפראדוצירט די־דאזיקע אלע ווידער־שפרוכן פונעם קאפיטאליזם אין א באדייטנדיק פארברייטערטן אומ־פאנג. די ראציאנאליזאציע פונעם קאפיטאליזם, די פארשטארקונג פון זיין

פראָדוציר-אַפּאַראַט ברענגט צו אַ ווילדן וווּקס פונעם קאַמף פאַר דעם וועלט־
מאַרק, דאָס הייסט צו אַ ווילדן וווּקס פון באַוואָפנונגען, פון די אימפּעריאַ־
ליסטישע קאָנפליקטן. די אויסערלעכע מערק, וואָס האָבן זיך פאַרשמעלערט
צוליב די מילכאָמע־לאַסטן, צוליב דער פאַראָרעמונג פון די פאָלקסמאַסן אין
דער גאַנצער וועלט, צוליב דער עקספּלואַטאַציע פון די קאָלאָניעס, זייַנען ניט
בעקוויעך פאַרשלינגען די מאַסע סכוירעס, וואָס דער נאָכמילכאָמעדיקער קאַפּי־
טאַליזם פּראָדוצירט. דער וווּקס פון דער אינערלעכער עקספּלואַטאַציע אין די
קאַפּיטאַליסטישע לענדער, דאָס פאַלן פונעם אַרבעט-לוין, דאָס אַרויסוואַרפן
קאָלאָסאַלע שטייַערן אַף די פּויערישע מאַסן פאַרשמעלערן דעם אינערלעכן
מאַרק, פאַרשאַרפן די קלאַסן־ווידערשפּרוכן איטווייניק. דער גראַנדיעזער
וועלט־קריזיס, וואָס איז אויסגעבראָכן אין 1929 יאָר אין אַמעריקע און וואָס
האָט אַרומגעכאַפּט אין משך פון 1930 יאָר די גאַנצע קאַפּיטאַליסטישע
וועלט, דער קריזיס מיט דרייסיק מיליאָן אַרבעטלאָזע, ווייַזט די גאַנצע אויס־
גאַנגלאָזע לאַגע פונעם קאַפּיטאַליזם. ראַטעווענדיק זיך פון דער כוואַליע פון
פּראָלעטאַרישער רעוואָליוציע, שטרעבט די בורזשואַזיע פון די אַמשטאַרקסטן
אַפּגעשטריסלטע לענדער צו גיין אַף די וועגן פון דער איטאַליענישער בורזשו־
אַזיע, וועלכע האָט זיך צייטווייליק געראַטעוועט פון דער פּראָלעטאַרישער
רעוואָליוציע ניט נאָר דורך דעם, וואָס זי האָט אַפּגענומען די פּאָליטישע רעכט
בא די רעוואָליוציאָנערע פּראָלעטאַריער, נאָר וואָס האָט אויך פאַרניכטעט די
בורזשואַזע דעמאָקראַטיע, איבערגעבנדיק די מאַכט דעם פאַשיזם, דער פּאָ־
ליטישער אָרגאַניזאַציע פונעם טרעסט־קאַפּיטאַל. אין די אַלע לענדער, וואָס
זייַנען אַמשטאַרקסטן אָפּגעטרייסלט געוואָרן דורך דער מילכאָמע און דורך
דעם וועלט־קריזיס, קומט די בורזשואַזיע צו דער איבערצייַגונג, אַז דעמאָ־
קראַטיע און פּאַרלאַמענטאַריזם פאָרן זיך שוין מער ניט מיט איר הערשאַפט,
ווייל דער וווּקס פון די קלאַסן־ווידערשפּרוכן ראַדיקאַליזירט די פאָלקסמאַסן,
צווינגט די בורזשואַזע פּאַרטייען אויס מוירע פאַר די ווייַלער דערשלאָגן זיך
אויסבעסערונגען פאַר געוויסע שיכטן פונעם פּראָלעטאַריאַט, צווינגט
זיי צו וואַקלען זיך באַם דורכפירן געוויסע עקאָנאָמישע מאַסמיטלען, וואָס זייַנען
נייטווענדיק אַף צו ראַטעווען דעם קאַפּיטאַליזם. אין געוויסע היסטאָרישע
מאָמענטן פּרובירן די פּאַרטייען פונעם קאַפּיטאַל, וואָס זייַנען אָפּהענגיק פון
די ווייַלער, דורכפירן די ליקווידירונג פון דער סאָציאַלער פאַרזאָרגונג און אַנ־
דערע סאָציאַלע רעפאָרמעס, וואָס זייַנען אַזוי נייטיק פאַר דעם מאַנאָפּ. קאַ־
פּיטאַל דורך אַ ריי עטאַפּן. דער פינאַנץ-קאַפּיטאַל פאָדערט אַפּצוזאָגן זיך פאַר
יעדער פּרייַז פון הילף די אַרבעטלאָזע, אָפּצוזאָגן זיך פון סאָצ. פאַרזיכערונג,
וואָס קאָסט אַף מיליאַרדן, צוליב דעם וואַקסנדיקן וועלט־קריזיס. צוליבן קאַמף
פאַר דעם וועלט־מאַרק מוז דער טרעסטירטער קאַפּיטאַל אַראָפּזעצן די קאָ־ג־
קאָסטן, דאָס הייסט אַראָפּזעצן דעם אַרבעט-לוין ביזן עקסטן גראַד, פאַר־
שטאַרקן די עקספּלואַטאַציע פון די באַשעפטיקטע אַרבעטער, איבערלאָזן די
אַרבעטלאָזע אַף העפקער. קעדיי דאָס אַלץ דורכפירן דאַרף מען אָפּנעמען בא
די אַרבעטער די וואַלרעכט, די רעשטלעך קאָאַליציע־פרייהייט, מע דאַרף אַי־

בערגעבן די גאנצע מאכט די פארשטייער פונעם פינאנץ־קאפיטאל, וואס זיינען ניט געוווינט זיך צו רעכענען מיט קיין שום ריזערוועס, מיט קיין שום פארלאמענטן. דער וווקס פון די פאשיסטישע טענדענצן, וואס קומט פאר אין אלע קאפיטאליסטישע לענדער, איז, פארשטייט זיך, שטארקער פון אלע אין יענע לענדער, וואס ליידן ניט נאר פון דעם אלגעמיינעם עקאנאמישן קריזיס, נאר אויך פון די לאסטן, וואס דער ווערסאלער טראקטאט האט אף זיי ארויפגעלייגט, און אין די לענדער וואס די געאגראפישע נאענטקייט צום ראטנפארבאנד מאכט זיי פאר די סאמע פילבארע צו דער רעוואלוציאנערער באוועגונג. די בורזשואזיע אין דיזאזיקע לענדער פרווט איינפירן דעם רעזשים פון אפענעם פאשיזם.

כאטש דיזאזיקע טענדענצן באטייטן די ליקווידאציע פון די סאציאל־דעמאקראטישע רעפארמיסטישע פאזיציעס, מאכט דאך אויך דורך די סאציאל־דעמאקראטיע — דעראזיקער אנשפאר פון דער וועלט־בורזשואזיע — טראט בא טראט דיזאזיקע אנטוויקלונג פון דער בורזשואזער געזעלשאפט. דורך די פראפפאריינען, וואס פארבינדן און וואקסן זיך צונויף מיטן אימפעריאליסטישן קאפיטאל, פרווט זי זיך אין אלע קאפיטאליסטישע לענדער אפהאלטן די ארבעטער פון שטרייקן און פארבייטן דעם קאמף פון די פראפפאריינען אף אפמאכן מיט די פארשטייער פון קאפיטאל; זי איז מאסקים און פירט דורך די פאליטיק פון ארביטראזש־געריכטן, וועלכע גיבן א מעגלעכקייט דער קאפיטאליסטישער ביוראקראטיע באשליסן די פראגע וועגן דעם הויך פון ארבעט־לוין און וועגן דער דערלאזבארקייט פון שטרייקן. דארט, וו די סאציאל־דעמאקראטיע געפינט זיך בא דער מאכט, נעמט זי אן אלע מאסמיטלען, וואס די בורזשואזיע פאדערט אף צו צוימען די רעוואלוציאנערע ארגאניזאציעס פונעם פראלעטאריאט, נעמט אן אלע מיטלען אף אונטערדריקן די פראלעטארישע באוועגונג. אין דער צייט, לעמאשל, ווען די פאשיסטישע מיליטערישע ארגאניזאציעס אין דייטשלאנד — שטאלהעלם, היטלערס באנדיטן, באיווקעס — ארבעטן אפן, איז דער פארבאנד פון די רויטע פראנטאוויקעס פארבאטן. דורכפירנדיק קאנטער־געזעצן קעגן דער קאמוניסטישער אפאזיציע, האט דער סאציאל־דעמאקראט זעווערינג, דער פרייסישער אינערן־מיניסטער גאנץ דייטלעך געוויזן, אז דיזאזיקע מיטלען זיינען נייטיק צוליב דער וואקסנדיקער ארבעטלאזיקייט, וועלכע הויבט אוף די כוואליע פון אומצופרידנהייט אין פאלק. גלייכצייטיק זיינען מאסקים די סאציאל־דעמאקראטן מיט דעם, וואס עס ווערט ליקווידירט איינע נאכן אנדערן די געזעצן, וואס באשיצן די ארבעטער, די געזעצן וועגן הילף פאר ארבעטלאזע און סאציאלער פארזיכערונג; זי איז מאסקים ארופווארפן די לאסטן פון קריזיס אף די פאלקס־מאסן, וואס ווערט דורכגעפירט דורך פארגרעסערן די אומדירעקטע און דירעקטע שטייערן, וואס פאלן אף די ארבעטער און קליינבורזשואזיע; זי דעמאנסטרירט פאר דער בורזשואזיע, אז עס איז איר גאר ניט נייטיק איבערצוגעבן די מאכט די פאשיסטן, ווארעם די סאציאל־דעמאקראטיע איז גרייט צו טאן אלץ, וואס עס איז נייטיק קעדיי צו ראטעווען דעם קאפיטאליזם.

אזוי האנדלט ניט נאָר די דייטשישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. דעמזעל־ביקן פּראָצעס זעען מיר אין עסטרייך, וווּ די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע האָט געהאָלפן דורכפירן, ווי אַ בורזשואַזע צייטונג האָט זיך אויסגעדריקט, 80 פּראָצ. פון דעם פּאָליציי־דירעקטאָרס שאָבערס פאַשיסטישע פּראָגראַם, שאַ־בערס דעם אָנפירער פונעם פּאָגראָם אויף דעם ווינער פּראָלעטאַריאַט אין 1926 יאָר. און פּוילן האָט זי געהאָלפן פּילסודסקין אין 1926 יאָר קומען צו דער מאַכט, זי האָט געהאָלפן טראָט בײַ טראָט פאַרניכטן די רעכט פון פּאַרלאַמענט, האַלטן עטלעכע טויזנט קאָמוניסטן אין טפיסע, זי האָט געשטימט פאַר מיליטע־רישן ביודזשעט פון מילכאָמע־צוגרייטונג קעגן פסס״ר, זי האָט אויסגעדריקט אַ גרייטקייט צו מאַסקים זײַן אויך אויף אַ פאָרמעלן אָפּשאַפן דעם פּאַרלאַמענט. אין פינלאַנד העלפט איצט די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, דיזעלבע סאָציאַל־דעמאָ־קראַטיע, וואָס האָט געהאָלפן צעשמעטערן אין 1918 יאָר די אַרבעטער־מאַכט, ווידער צו צעשמעטערן די אַרבעטער־באַוועגונג, וואָס האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ. אין בולגאַריע שטיצט די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע צאַנקאָווס רעגירונג, דיזעלבע רעגירונג, וואָס האָט באַדעקט דאָס לאַנד מיט טליעס. אין אונגאַרן דעמאָנסטרירט זי מיטן מויל קעגן האָרטיס פאַשיסטישער רעגירונג און גע־פינט זיך אין צייטיק מיט איר אין דער ווירקלעכקייט אין אַ געהיימער פאַר־שטענדיקונג.

אין די לענדער, וווּ דער קריזיס פון קאַפּיטאַליזם האָט נאָך ניט אַרויס־גערופן קיין דירעקטע געפאַר פון אַ רעוואָלוציע, אַנטוויקלען זיך דאָך צווישן דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע פאַשיסטישע טענדענצן. עס איז גענוג אָנצוּווײַזן אויף אַזאַ פאַקט, ווי דער מאַניפעסט פונעם געוועזענעם מיניסטער פון דער ענג־לישער אַרבעטער־פּאַרטיי מאָסלי, וועלכער פאָדערט שאַפן אַנשטאָט אַ פּאַר־לאַמענטאַרישע רעגירונג, אַ רעגירונג פון אַלע פּאַרטייען, וואָס פירט דורך אירע געזעצן אומאָפּהענגיק פונעם פּאַרלאַמענט. דעם דאָזיקן מאַניפעסט האָבן אונטערגעשריבן אַ רײַ אַזוי גערופענע לינקע מיטגלידער פון דער אַרבעטער־פּאַרטיי, ווי קוק, פיליפּ פרײַס. דאָס ווײַזט, וואָס פאַר אַ טיפע וואָרצלען די פאַשיסטישע אידעאָלאָגיע האָט געלאָזן אין די פּאַרטייען פונעם צווייטן אינ־טערנאַציאָנאַל. אין דער מאָס, ווי עס וואַקסט דער אינטערנאַציאָנאַלער קריזיס, אין דער מאָס, ווי עס ווערט קלאָר די אויסגאַנגלאָזע לאַגע פונעם קאַפּיטאַליזם, וואַקסן אויך די פאַשיסטישע טענדענצן אין די פּאַרטייען פונעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל. ווי באַשטייען אין דער גרייט־קייט אָפּצוזאָגן זיך פון דעמאָקראַטיע און פון סאָציאַלע רעפאָרמעס אין נאָמען פון ראַטעווען די הערשאַפט פון קאַפּיטאַליזם, ווי באַשטייען אין דער גרייט־קייט אַרופצוּוואַרפן דעם גאַנצן לאַסט פונעם קאַפּיטאַליסטישן קריזיס אויף די פּלייצעס פון אַרבעטער־קלאַס. אין דער מאָס, ווי עס וואַקסט דער האַזיפּער קריזיס, אין דער מאָס, ווי עס שטייגן די אינערלעכע קלאַסן־ווידערשפּרוכן, אין דער מאָס, ווי עס וואַקסן די אינטערנאַציאָנאַלע ווידערשפּרוכן, אין דער מאָס, ווי פסס״ר פאַרשטאַרקט זיך און באַווײַזט מיטן אויפבויען דעם פונדאַמענט פון סאָציאַליזם, די פּאָליטיקמאַכן, אַז עס איז פאַראַן אַ מעגלעכקייט אַרויסצו־

גיין פון דעם קאַפּיטאַליסטישן קריזיס, אַז דיזאַזיקע מעגלעכקייט ליגט אַפן וועג פון פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור, פאַרט זיך מער ניט די בורזשואַזע הערשאַפט אַפילע מיט די קלענמערשטע רעכט, וואָס די בורזשואַזע דעמאָקראַטיע האָט געשענקט דעם פּראָלעטאַריאַט. דער וווקס פונעם אינטערנאַציאָנאַלן קריזיס און פון די קאַפּיטאַליסטישע קלאַסן־ווידערשפּרוכן, דער וווקס פונעם איינפלוס פון ססס"ר מוז אומפאַרמיידלעך ברענגען דערצו, אַז די אַרבעטער־מאַסן זאָלן אָפּגיין פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, מוז אומפאַרמיידלעך ברענגען צו אַ נייעם אַנטוויקס פון דער רעוואָלוציאָנערער כוואַליע. די דעמאָקראַטישע פּאַרלאַמענטאַרישע רעכט קאָנען ניט עפענען קיין רויקן וועג פאַר דער אַנטוויקלונג פון סאָציאַליזם, נאָר די רעוואָלוציאָנערן קאָנען זיי אויסנוצן קעדיי צו מאָביליזירן די אַרבעטער־מאַסן אין נאָמען פון בירגערקריג, אין נאָמען פון פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור. דעריבער מוזן זיי מאַקע פאַרניכטעט ווערן. אַלע נאָכמילכאָמעדיקע רעפאָרמעס, וואָס זיינען דורכגעפירט געוואָרן קעדיי איינצוהאַלטן דעם פּראָלעטאַריאַט פון רעוואָלוציע, קאָסטן מיליאַרדן, און די בורזשואַזיע האָט געצאָלט דיזאַזיקע מיליאַרדן ווי אויסלייז־געלט דעם פּראָלעטאַריאַט, קעדיי איינצוהאַלטן אים פון רעוואָלוציאָנערן קאַמף. איצט וויל זי מער ניט צאָלן דאָסדאָזיקע אויסלייז־געלט, ווייל ווען דאָס וועט פאַרשוווּנדן ווערן וועט זי קאָנען אַראָפּזעצן די קערנקאָסטן קעדיי צו קאָנקורירן אויפן וועלט־מאַרק. זי וויל דאָס מער ניט צאָלן, ווייל איצט ווען זי האָט אויסגעהאָדעוועט פאַשיסטישע אָרגאַניזאַציעס, איז זי איבערצייגט, אַז זי וועט קאָנען צעשמעטערן דעם פּראָלעטאַריאַט און צווינגען אים הונגערן איינדערשטיל. ווייל זי האָט אויסגעלערנט די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע און געגעבן איר אַ מעגלעכקייט צו שפּילן די ראָליע פון אַ טאַליען פאַרן פּראָלעטאַריאַט, זי האָט בא איר אויסגעטרייסלט די רעשטלעך פון רעוואָלוציאָנערע אידייען; און זי ווייס דעריבער, אַז די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע וועט ניט נאָר ניט געבן קיין ווידערשטאַנד דער פאַשיסטישער איבערקערעניש, נאָר זי איז אַליין גרייט צו נעמען אַף זיך די ראָליע פון אַ פאַשיסטישן טאַליען.

דערמיט, וואָס דער אימפּעריאַליזם שטעלט מיט זיך פאָר אַ גאַנצע עפּאָכע אין דער אַנטוויקלונג פון קאַפּיטאַליזם, דערמיט, וואָס אַלע געזעלשאַפטלעכע גרופּן און פּאַרטייען, וואָס ווילן פאַרטיידיקן דעם קאַפּיטאַליזם, קיינען אין פּעריאָד פון מאָנאָפּאָליסטישן קאַפּיטאַליזם גענויט צו שטעלן זיך אַף דער אימפּעריאַליסטישער פּאָזיציע — דערמיט דערקלערט זיך פאַרוואָס די קלייןבירגערלעכע פּאַרטייען זיינען נאָך פאַר דער מילכאָמע איבערגעגאַנגען אַף אַ אימפּעריאַליסטישן שטאַנדפּונקט. דער אימפּעריאַליזם ווידער, וואָס רוינירט אין פּראָצעס פון זיין אַנטוויקלונג דאָס קלייןבירגערטום, דיפערענצירט אים פּאָליטיש. אינעם פּעריאָד פון אויסגעטרייסלטן אימפּעריאַליזם, אינעם פּעריאָד פון דער סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע איז אַ טייל פון דער קליינער בורזשואַזיע אַן אָנשפּאַר פאַרן פאַשיזם, ווי פאַר דער גרונט־פאָרמע פון דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג, אַן אַנדער טייל ווידער פון דער קליינער בורזשואַזיע, וואָס ווערט רוינירט, ווערט אַ פאַרבינדעטער פונעם פּראָלעטאַריאַט און גייט

אונטער די פאַנען פון פּראָלעטאַרישן קאַמף. די קאַפּיטאַליסטישע אָרדענונג קען
מען מער ניט פאַרטיידיקן מיט די מעטאָדן פון בורזשואַזער דעמאָקראַטיע.

אָבער באַם דורכפירן די פאַשיסטישע פּאָליטיק שטויסט מען זיך אָן אַף אַ
גאַנצער ריי שוועריקייטן, וואָס זיינען אַלץ מער, אַף וויפל עס איז גרעסער דער
ספּעציפישער געוויכט פונעם פּראָלעטאַריאַט אין געגעבענעם לאַנד, אַף וויפל
עס איז שטאַרקער זיין אָרגאַניזאַציע, אַף וויפל עס זיינען שטאַרקער זיינע דעראָ־
בערטע פּאָזיציעס. אין די לענדער מיט אַ שטאַרק אַנטוויקלטער אַרבעטער־באַ־
וועגונג איז דער בורזשואַזיע זייער שווער צו אַנטשליסן זיך אָפן צו פאַרניכטן
די דעמאָקראַטישע עקזיסטענץ־פאָרמע, עס איז איר שווער איינגיין אַף אַן אָפע־
נער אַטאַקע קעגן אַרבעטער־קלאַס. ביז איצט איז די דעמאָקראַטיע געווען אַ
מיטל, מיט וועלכן דער בורזשואַזיע האָט זיך זייער גוט איינגעגעבן צעשפּאַלטן
די אַרבעטער־מאַסע, אָפּהאַלטן אַ באַדייטנדיקן טייל אירן פון רעוואָלוציאָנערן
קאַמף. די בורזשואַזיע פון דידאָזיקע לענדער איז פאַרינטערעסירט איינצו־
האַלטן וואָס מער אויסערלעכע דעמאָקראַטישע פאָרמעס, וועלכע זאָלן
קאָנען אויסגענוצט ווערן אין דעם פאַל, אויב דער פּראָלעטאַריאַט מיט זיין ווי־
דערשטאַנד וואָלט געמאַכט אוממעגלעך דורכצופירן אָפן די פאַשיסטישע פּאָליטיק.
דעריבער זעען מיר, אַז אין אַ ריי אַנטוויקלטע קאַפּיטאַליסטישע לענדער, לענ־
דער מיט אַ שטאַרקער אַרבעטער־באַוועגונג, ניט געקוקט אַף דעם וואָס די קלאַסן־
ווידערשפּרוכן האָבן זיך דאָרט זייער פאַרשאַרפט, די עקאָנאָמישע שוועריקייטן
זיינען שטאַרק געוואַקסן און חאָטש האָט געשטויסן אַ טייל פון דער טרעסט־
בורזשואַזיע צו שאַפן אַ פאַשיסטישע באַוועגונג, קאָן זיך דאָך די בורזשואַזיע
אינגאַנצן גענומען ניט באַשליסן אָפּצוזאָגן זיך פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטי־
שער שטיצע, אריבערצוזעצן זיך פון אַ סאָציאַל־דעמאָקראַטישן אַף אַ פאַשיס־
טישן פערד. אין עסטרייך און אין דייטשלאַנד זעען מיר גרויסע וואַקלונגען
אין דער בורזשואַזער אָנפירונג אַרום דער פראַגע, צי זאָל מען די זאַך פון ראַ־
טעווען דעם קאַפּיטאַליזם אַנטרויען דעם פאַשיזם אָדער דעם סאָציאַל־פאַשיזם,
דער אָפענער דיקטאַטור פונעם מאָנאָפּאָליסטישן קאַפּיטאַליזם, וואָס די פאַ־
שיסטישע פּאַרטיי פירט דורך, די פּאַרטיי וועלכע די בורזשואַזיע האָט ספּע־
ציעל באַשאַפן צו דעם צוועק אָדער, ניט דערפירנדיק ביז דעם לאַנגישן שלום,
הערשן מיט דער הילף פון אַן אויסגעוועפּטער דעמאָקראַטיע, אַ באַגרענעצטער,
נאָר ניט באַזייטנדיק דעם פּאַרלאַמענט און שטיצנדיק זיך אין דער ערשטער
ריי אַף דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, ווי אַ פּאַרטיי אַ סאָציאַל־פאַשיסטישע.

דער פאַשיזם און דער סאָציאַל־פאַשיזם שטעלן מיט זיך פאָר אַ פּאָליטיק,
דער טאַך פון וועלכער באַשטייט אין אונטערוואַרפן די אינטערעסן פונעם אַר־
בעטער־קלאַס די אינטערעסן פונעם מאָנאָפּאָליסטישן קאַפּיטאַליזם, וואָס קעמפט
פאַר זיין עקזיסטענץ. דער כילעק צווישן פאַשיזם און סאָציאַל־פאַשיזם שטאַמט
דערפון, וואָס ביידע שטרעמונגען האָבן פאַרשיידענע אָפּשטאַמונגען. דערדאָ־
זיקער כילעק איז מער אַ כילעק פון צייט און גראַד, ווי אין טאַך.

דער כילעק צווישן פאַשיזם און סאָציאַל־פאַשיזם באַשטייט דערין, וואָס
דער פאַשיזם פאַרניכטעט אָפן די פּאַרלאַמענטאַרישע דעמאָקראַטיע, רעגיר־

פארמען. די הערשאפט ווידער פון סאציאל־פאשיזם פאדערט איבערצולאזן זיי־
ער אויסערלעכקייט. דער אינהאלט זייערער ווערט אבער אינגאנצן אויסגע־
שעפט. אזוי, צום ביישפיל, האבן די סאציאל־דעמאקראטן אין דייטשלאנד
מאסקים געווען אף דורכצופירן די איקערדיקע מאסמיטלען, וואס זיינען ארויס־
גערופן געווארן דורך דער שטרעבונג פון דער בורזשואזיע ארופצווארפן אף א
דיקטאטערישן אויפן די גאנצע לאסט פון קריזיס אפן ארבעטער־קלאס, אומ־
אפהענגיק פון פארלאמענט, וועלכער וועט נאכן דורכפירן די־האזיקע מאס־
מיטלען האבן דאס רעכט צו זאגן נאר „יא" אדער „ניין". אזוי ארום זיינען
די אינטערעסן פון דער בורזשואזיע באפרידיקט און דער פארלאמענט איז ניט
פאנאנדערגעטריבן געווארן. די סאציאל־פאשיסטן קענען בארויקן די ארבעטער,
אז, ווען עס וועט מיידן דער קריזיס, וועט דער פארלאמענט און די דעמאקרא־
טיע ווידער אופבליען און זיי וועלן ווידער ווערן א געצייג אף צו פארטיידיקן
די ארבעטער־אינטערעסן. דער צווייטער כילעק צווישן דער פאשיסטישער און
סאציאל־פאשיסטישער פאליטיק באשטייט דערין, וואס דאס אופהיטן די דעמא־
קראטישע אויסערלעכע פארמען ברענגט דערצו, אז די בורזשואזיע מוז די
ווייטיקע מאסמיטלען דורכפירן מער לאנגזאם, פארדעקנדיק זיי מיט פארשיי־
דענע חריבנע האנאכעס פאר דער אריסטאקראטיע פונעם ארבעטער־קלאס און
זי קאן ניט מיט דער גאנצער אפנהארציקייט פראקלאמירן: „אזוי וויל איך,
אזוי באפעל איך", ווארעם איר קומט אויס זיך צו רעכענען דערמיט, וואס די
ארבעטער־מאסע האט געוויסע פאליטישע רעכט, און צום סאף, — און מיר
האלטן, אז דער־האזיקער כילעק איז דער וויכטיקסטער, — דער פאשיזם פאדערט
פארניכטן אלע ארבעטערישע מאסן־ארגאניזאציעס, שטעלנדיק אף זייער ארט
ארגאניזאציעס, וואס געפינען זיך פולקום אין די הענט פון דער בורזשואזע־
רעגירונג. דער סאציאל־פאשיזם, וועלכער פירט דורך אין די ארבעטערשע
מאסן־ארגאניזאציעס וואס ווייטער אלץ מער די בורזשואזע פאליטיק, באמיט
זיך אופהיטן די אויסערלעכע אומאפהענגיקייט פון די פראפאריינען, סאציאל־
דעמאקראטישע פארטיי און קאאפעראטיוון, קעדיי אזוי ארום און אף אזא
אויפן בעסער אפנארן די ארבעטער־מאסן.

שטיצן זיך אף א אפענע פאשיסטישע ארגאניזאציע אדער אפן סאציאל־
פאשיזם, צי איבערגיין צו אן אפענער פאשיסטישע דיקטאטור אדער דעקן זי
מיט די רעשטלעך שמאטעס פונעם פארלאמענטאריזם און פון דעמאקראטיע—
די־האזיקע פראגע באשליסט די בורזשואזיע אפהענגיק פון דער קאנקרעטער לא־
גע, הערביי טיילט זיך ניט אף די ריין פאשיסטישע דיקטאטור מיט קיין
כינעזישע וואנט פון אונטערדריקן דעם פראלעטאריאט מיט דער הילף
פון סאציאל־פאשיזם. די סאציאל־פאשיסטן פרוון איבערצייגן די ארבעטער,
אז דעם פראלעטאריאט לוינט זיך בעסער מאסקים זיין אף א סאציאל־פאשיס־
טישע פאליטיק, איידער דערלאזן די אפענע הערשאפט פון די פאשיסטישע
מערדער; זיי שטעלן אליין פאר זייער פאליטיק, ווי א פאליטיק פון קלענערער
בייז, באהויפטנדיק, אז בא דער געגעבענער לאגע, בא די געגעבענע קלאסאלע
עקאנאמישע שוועריקייטן קאן מען ניט אופהיטן די אלטע דערגרייכטע פונעם

פּראָלעטאַריאַט, אַז מע מוז אַסאַך מאַקריוו זײַן און אַז די גאַנצע פראַגע באַשטייט דערין, וואָס מע דאַרף ניט דערלאָזן, אַז צו דער מאַכט זאָל קומען דער אָפענער פאַשיזם, וואָס וועט עגאַליטיק פאַרניכטן סיי די דעמאָקראַטיע, סיי די רעפאָרמען, אַז דעריבער גייט די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע אויף „קאָרבאָנעס", אויף וואָס מע מוז ציטווייליק מאַסקים זײַן. אָבער אין דער ווירקלעכקייט רייניקט אויס די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע דעם וועג פאַרן פאַשיזם, זי העלפט דער בורזשואַזיע צעקלאַפּן די אָנוואַקסנדיקע כוואַליע פונעם אַרבעטער־אַנגריף, זי העלפט איר אַזוי־פיל אָפּשוואַכן די פּאָזיציעס פון פּראָלעטאַריאַט, אַז ווען די לאַגע ווערט נאָך ערגער, קאָן שוין די בורזשואַזיע לײַכט איבערגיין צו אָפענע פאַשיסטישע מאַסמיטלען און צום אײַנשטעלן אַ פאַשיסטישע דיקטאַטור. מיר לעבן איצט דאַפקע איבער אַזאַ מין אַנטשיידנדיקן מאָמענט אין דער אַנטוויקלונג פון אַ גאַנצער ריי קאַפּיטאַליסטישע לענדער, אַ מאָמענט, ווען די בורזשואַזיע באַשליסט די פראַגע וועגן איבערגיין צו אַן אָפענער פאַשיסטישער דיקטאַטור. עס קען קיין צווייפל ניט זײַן אין דעם, אַז אין וואָס פאַר אַ פאַרשיידענע פאָרמען דער איבערגאַנג זאָל ניט פאָרקומען, וועט אין לעצטן סאַכאַקל דער בילעק צווישן סאָציאַל־פאַשיזם און פאַשיזם ליקווידירט ווערן מיטן פולקומען איבערגאַנג פונעם גרונט־קאַדער סאָציאַל־דעמאָקראַטן אויפן באַק פון דער פאַשיסטישער דיקטאַטור.

נאָר דאָס וועט צוגלייך באַטײַטן דעם סאָף פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. די עוואָלוציע פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע פון אַ פּאַרטיי פון רעפאָרמיזם צו סאָציאַל־אימפּעריאַליזם, פון אים צום סאָציאַל־פאַשיזם — די דאָזיקע עוואָלוציע האָט נאָך ניט אַרויסגערופן קיין אײַנרײַס פונעם גאַנצן פּראָלעטאַריאַט מיט דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. אין די אַלע אַנטוויקלונגס־פאַזן איז דער פּראָלעטאַרישער רעוואָליוציאָנערער קערן אין דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע ניט פאַרשוווּנדן, נאָר פאַרקערט, האָט עקזיסטירט, זיך אַנטוויקלט; און אינעם מילכאָמע־פעריאָד, ווען דער רעפאָרמיסטישער סאָציאַל־אימפּעריאַליסטישער טאָך פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע איז אויפן נײַעם היסטאָרישן עטאַפּ געוואָרן בולעטער, האָט זיך דער פּראָלעטאַרישער רעוואָליוצ. קערן אָנגעהויבן אָפּטיילן פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. דער גאַנצער נאָכמילכאָמעדיקער פעריאָד איז אַ פעריאָד, אין וועלכן די רעוואָליוציאָנערע טיילן פון פּראָלעטאַריאַט גרענעצן זיך אָפּ פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. נאָר אַזוי לאַנג ווי זי קאָן נאָך אַרויסטרעטן ווי אַ פּאַרטיי פון סאָציאַליסטישע און דעמאָקראַטישע רעפאָרמען, קאָן זי זיך נאָך אָנשפּאַרן אויף זייער באַדײַטנדיקע שיכטן פונעם אַרבעטער־קלאַס, וואָס קוקן זיך נאָך מיט דער האָפענונג, אַז מע קאָן באַפרידיקן די באַדערפעניש, ניט פאַרניכטנדיק דעם קאַפּיטאַליזם, ניט נעמענדיק אויף זיך די שווערקייטן פון דער סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע. פון דעם מאָמענט ווי די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע קאָן שוין ניט ווײַזן די אַרבעטער אַפילו דראָבנע דערגרייכונגען, ווען עס האָט זיך שוין וועגן פאַרלירן קימאַט אַלע פּאָזיציעס, וואָס דער פּראָלעטאַריאַט האָט דערגאָבערט אין פופציקיאָריקע קלאַסן־שלאַכטן, גייען אַסאַך גיכער די אַרבעטער־

מאַסן אַוועק פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע. דער איבערגאַנג פון די דאָזיקע מאַסן אַף דער זייט פון קאָמוניזם איז אומפאַרמײַדלעך.

און מיר זעען, אַז די קאָמוניסטישע פּאַרטיי אין דײַטשלאַנד, וועלכע האָט אין אַלמעלוכישן מאַסשטאַב בעת די לעצטע וואַלן באַקומען אַ דריטל פון די אַרבעטער-שטימען, איז שוין אין אַלע אינדוסטריעלע צענטרען אַ פּאַרטיי פון דער מערהייט פונעם אַרבעטער-קלאַס. אין דער מאָס, ווי די בורזשואַזיע איז גענייט צוליב דעם אינטערנאַציאָנאַלן קריזיס פונעם קאַפּיטאַליזם און צוליבן אַנוווּקס פון דער רעוואָלוציאָנערער אַטמאָספער אָפּצוזאָגן זיך פון דעמאָקראַטישע שיידעלעך, אין דער מאָס ווי די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע אויס מוירע פאַר פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע מאַכט דורך די גאַנצע אַנטוויקלונג פון דער בורזשואַזיע צום פאַשיזם, אין דער מאָס הערט זי אויף צו זײַן אַן אַרבעטער-פּאַרטיי אַפילע אין זין פון איר סאָציאַלן צוזאַמענשטעל און ווערט אַן אָפן געצייג אַף צו ראַטעווען דעם קאַפּיטאַליזם פון אָנגריף פונעם אַרבעטער-קלאַס. ווען אין די יאָרן 1919—1920 האָט נאָסקע גראָמירט די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג אין דײַטשלאַנד, האָט די דאָזיקע רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג נאָך פאַרגעשטעלט מיט זיך די מינדערהייט פונעם אַרבעטער-קלאַס, און די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע האָט געקענט באַרעכטיקן אירע טאַטן פאַר די אָפּגעשטאַנענע אַרבעטער, זי האָט געטײַנעט, אַז זי צופּט דאָס אָפּ די פאַריסענע רעוואָלוציאָנערע מינדערהייט, קעדיי צו זיכערן דעם דעמאָקראַטישן פרידלעכן אַנטוויקלונג-וועג צום סאָציאַליזם, דעם איינציקן וועג, וואָס קען ברענגען צום ציל. אַזאַ מין פאַרטיידיקן נאָסקעס פּאָליטיק האָט אַ געוויסע צייט איבערצײַגט די אָפּגעשטאַנענע דײַטשישע אַרבעטער, וואָס האָבן געהאַלטן, אַז די צייט פון איבערבויען די געזעלשאַפט אַף סאָציאַליסטישע יעסוידעס איז נאָך ניט געקומען, אַז מע דאַרף אויפשטעלן די דײַטשישע ווירטשאַפט כאָטש אַף אַ קאַפּיטאַליסטישער באַזע און פּרוּוון אויסצונוצן די דעמאָקראַטיע אַף פאַרבעסערן די לאַגע פון די אַרבעטער-מאַסן. איצט קומט אויס דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע אונטערדריקן די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג, ווען אין די איקערדיקע צענטרען פון דער דײַטשישער אינדוסטריע שטייט די מערהייט פונעם אַרבעטער-קלאַס אַף דער זייט פון קאָמוניזם, ווען ניט נאָר אַרבעטער-קאָמוניסטן, נאָר אויך די ברייטסטע פּראָלעטאַרישע מאַסן איבערצײַגן זיך מיט יעדער טאָג אַלץ מער, אַז עס איז ניט נאָר אוממעגלעך צו פאַרבעסערן די לאַגע פונעם אַרבעטער-קלאַס אַפן דעמאָקראַטישן וועג, נאָר אַז עס מוז זיך אויך אומפאַרמײַדלעך פאַרערגערן די לאַגע פון די אַרבעטער, אויב מע זאָל ניט צעשטערן די קאַפּיטאַליסטישע אָרדענונג. דער דאָזיקער איבערגאַנג פון די סאָציאַל-דעמאָקראַטן אַף סאָציאַל-פאַשיסטישע פּאָזיציעס וועט זיך דעריבער פאַרענדיקן, באַם וווּקס פונעם עקאָנאָמישן קריזיס, מיט אַ פולשטענדיקן קראַך פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע.

דער צווייטער אינטערנאַציאָנאַל איז נאָך ניט אין אַלע לענדער דערגאַנגען צו דעם דאָזיקן אַנטוויקלונג-פּונקט, האָטש אין אַלע לענדער איז קיין סאָפעק ניטאָ אין דעם, אַז דער צווייטער אינטערנאַציאָנאַל איז אַ פאַראייניקונג פון פּאַרטייען, וואָס שטייען אַפן באָדן פון אימפּעריאַליזם און פאַרטיידיקן דעם

קאַפּיטאַליזם. די ענגלישע אַרבעטער־פּאַרטיי, וועלכע שטייט בײַ דער מאַכט און גראַמירט נאָר אויף די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג פון די אינדישע אַרבעטער און פּויערים, האַלט אין די אינדישע טפיסעס 60 טויזנט מאַן, וועמעס איינציקע שולד עס באַשטייט נאָר דערין, וואָס זיי ווילן ניט שטילשווייגנדיק זיך אונטערוואַרפן דעם ענגלישן אימפּעריאַליזם, אונטערשיידט זיך זעלבסטפאַרשטענדלעך מיט גאָרניט פון דער דייטשער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. די פראַנצויזישע סאָציאַליסטן, וועלכע נעמען אַ טעטיקן אַנטייל אין אויסאַרבעטן דעם מאָביליזאַציע־פּלאַן און גיבן דעם פראַנצויזישן אימפּעריאַליזם אַלע מיטלען אויף דערשטיקן די אַרבעטער־באַוועגונג אין פאַל פון אַ מילכאָמע, פירן אין טאָג די זעלביקע פּאָליטיק, וואָס די דייטשישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. דער בילעט אין זייער לאַגע און אין דער לאַגע פון דער דייטשישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע איז נאָר דער, וואָס פראַנקרייך און ענגלאַנד זיינען רייכער פאַר דייטשלאַנד, און האָבן ווייניקער געליטן פון דער מילכאָמע, וואָס די בורזשואַזיע פון די דאָזיקע לענדער האָט מערער אַלטע אָנזאַמלונגען און דעריבער קען זי בייקומען דערווײַלע איר פּראָלעטאַריאַט, ניט אונטערדריקנדיק אים אָפן און זי פאָדערט דעריבער נאָך ניט פון אירע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען נעמען אויף זיך אָפן די ראָליע פון אַ טאַליען בענעגייע צום פּראָלעטאַריאַט. נאָר די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען זיינען צו דער דאָזיקער ראָליע גרייט און זיי וועלן זי אויספילן, ווען די לאַגע וועט זיך פאַרשאַרפן און עס וועט זיך פאָדערן פון זיי אַזעלכע טאַטן.

אַלע פּאַרטייען פונעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל זיינען שוין איבער דעם היסטאָרישן רוביקאָן, זיי אַלע דערקלערן אָפן, אַז אין פאַל פון אַ אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע, וועלן זיי ווידער פאַרטיידיקן „זייער פאָטערלאַנד", זיי אַלע באַטייליקן זיך אָפן אין צוגרייטן אַ נייע אימפּעריאַליסטישע מילכאָמע, זיי אַלע העלפן אָפן דער בורזשואַזיע צוגרייטן אַ אינטערווענציע קעגן ראַטנפאַרבאַנד, זיי אַלע גרייטן זיך אָפן צו דער ראָליע פון טאַליאָנים פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע. די רעשטלעך סאָציאַליסטישע פראַזעס, מיט וועלכע זיי מאַנעווירן נאָך, קאָנען נאָר פאַר זויג־קינדער צודעקן זייער טאָך. דער צווייטער אינטערנאַציאָנאַל איז איצט אין אַלע לענדער איינער פון די הויפּט־מיטלען אויף פאַרהיטן דעם קאַפּיטאַליזם, אויף פאַרטיידיקן דעם קאַפּיטאַליזם קעגן דער קומענדיקער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע, און דער צווייטער אינטערנאַציאָנאַל וועט האָבן דעמזעלבן גוירל ווי די קאַפּיטאַליסטישע אָרדענונג, ער וועט צוזאַמען מיט איר פאַרניכטעט ווערן דורך דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע. דער גוירל פון די רוסישע מענשעוויקעס אין דער אָקטיאַבער־רעוואָלוציע איז געווען די פאָרויסזאָגונג פון דער ראָליע און פונעם גוירל פון דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע אינעם פּעריאָד פונעם פּראָלעטאַרישן וועלט־זיג.

## 4. פונעם צווייטן צום דריטן אינטערנאַציאָנאַל

דער דריטער אינטערנאַציאָנאַל איז אַנטשטאַנען אין שוים פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל. ער שטעלט מיט זיך פאָר אַ פאַראייניקונג פון די לינקע פּראָ־

לעטאַרישע שטרעמונגען, וואָס זיינען געווען אין צווייטן אינטערנאַציאָנאַל,
אַ פּאַרייניקונג אַף דער באַזע פון מאַרקס-ענגעלס טעאָריע, וואָס איז באַריי-
כערט מיט דער דערפאַרונג פונעם רעוואָליוציאָנערן קאַמף און דער עפּאָכע
פון אימפּעריאַליזם און סאָציאַליסטישער רעוואָליוציע, און וואָס האָט געפונען
איר אויסדרוק אין לעניניזם. די דאָזיקע שטרעמונגען, מיטן אויסנאַם פון רוי-
סישן באָלשעוויזם, האָבן פאַר דער גאַנצער צייט פון זייער עקזיסטענץ אין
שויס פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל ניט באַוויזן אויפצוהויבן זיך צו דעם ני-
וואָ, אַף וועלכן עס איז אַנטשטאַנען דער דריטער אינטערנאַציאָנאַל. עס
האַנדלט זיך ניט וועגן דעם, אַז די פרידלעכע באַדינגונגען, וואָס האָבן עקזיס-
טירט פאַר דער וועלט־מילכאָמע, האָבן ניט דערלויבט זיי צו אַנטוויקלען דעם
קאַמף פון פּראָלעטאַריאַט ביזן מאַסשטאַב פון אַ בירגער־קריג, אַז דעריבער
האָט אויך זייער באַוווסטזיין ניט געקאָנט מיט זיך פאָרשטעלן אין דער מאָס
אַן אַנטוויקלטע טעאָריע פון דער וועלט-רעוואָליוציע, וועלכע איז איצט דער
באַזיס פון קאָמינטערן.
אין 1894 יאָר האָט לענין געשריבן אין סאָף פון זיין אומלעגאַלער בראָ-
שור „ווער זיינען די פריינט פונעם פאָלק": „טאָקע אַפן אַרבעטער־קלאַס
ווענדן די סאָציאַל-דעמאָקראַטן זייער גאַנצע אויפמערקזאַמקייט און זייער גאַנצע
טעטיקייט. ווען די פאָרגעשריטענע פאָרשטייער זיינע וועלן באַנעמען די
אידייען פונעם וויסנשאַפטלעכן סאָציאַליזם, די אידייען וועגן דער היסטאָרי-
שער ראָליע פון רוסישן אַרבעטער, ווען די דאָזיקע אידייען וועלן ברייט פאַר-
שפּרייט ווערן און צווישן די אַרבעטער וועלן געשאַפן ווערן פעסטע אָרגאַ-
ניזאַציעס, וואָס וועלן פאַרוואַנדלען דעם איצטיקן פּאַנאַנדערגעוואָרפענעם
קאַמף פון די אַרבעטער אין אַ באַוווסטזיניקן קלאַסן-קאַמף,—דאַן וועט דער
רוסישער אַרבעטער, אויפהויבנדיק זיך אין דער שפּיץ פון אַלע דעמאָקראַטישע
עלעמענטן, אַראָפּוואַרפן דעם אַבסאָליוטיזם און וועט אָוועקפירן דעם רוסישן
פּראָלעטאַריאַט (צוזאַמען מיטן פּראָלעטאַריאַט פון אַלע לענדער) מיט אַ
גראָדן וועג פון אָפענעם פּאָליטישן קאַמף צו דער זיגרייכער קאָמוניסטישער
רעוואָליוציע".
די שטרעבונג צו דער קאָמוניסטישער רעוואָליוציע פונעם פּראָלעטאַריאַט,
וואָס שטייט בעראָש פון די פאָלק־מאַסן,—אָט דאָס איז דער אויסגאַנג־פונקט פו-
נעם באָלשעוויזם, וואָס הויבט אָן זיין היסטאָרישן וועג. אַף דעם וועג האָט ער
געפירט אַנטשיידענע שלאַכטן מיטן רעוויזיאָניזם, וואָס האָט געוואָלט אים
אָנבינדן אַנדערע צילן. ער האָט געפירט אַנטשיידענע שלאַכטן קעגן אָפּאָר-
טוניזם אין געשטאַלט פון דעם עקאָנאָמיזם און מענשעוויזם, וועלכע האָבן גע-
וואָלט, צודעקנדיק זיך מיט דעמזעלבן ציל, אַראָפּפירן אים פון דעם איינציקן
וועג, וואָס פירט צו דער קאָמוניסטישער רעוואָליוציע. אין 1905 יאָר האָט
ער פאַנאַנדערגעוויקלט די פאָן פון דער רעוואָליוציאָנער־דעמאָקראַטישער די-
קטאַטור פון אַרבעטער און פּויערים, וועלכע האָט געדאַרפט אויפהייבן אַ זיג-
רייכן אויפשטאַנד. און פירנדיק דעם פּראָלעטאַריאַט און דאָס פּויערטום אין
שלאַכט אַף צו לייזן די נאָענטסטע היסטאָרישע אויפגאַבן, די אויפגאַבן פון דער

דעמאקראטישער רעוואָלוציע, ווייזט שוין אָן לענין אין „צוויי טאַקטיקעס" דעם ווייטערדיקן ציל:

„די רעוואָלוציאָנערע דעמאָקראַטישע דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט און פּויערטום האָט, ווי אַלץ אין דער וועלט, אַ פאַרגאַנגענהייט און אַ צוקונפט. איר פאַרגאַנגענהייט — זעלבסטהערשונג, לייבייגנטום, מאָנאַרכיע, פּריווילעגיעס... איר צוקונפט — קאַמף קעגן פּריוואַט־אייגנטום, קאַמף פון געדונגענעם אַרבעטער מיטן באַלעבאָס, קאַמף פאַרן סאָציאַליזם".

אונטערשטרייכנדיק, אַז „די רעוואָלוציאָנער־דעמאָקראַטישע דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט און פּויערטום איז אומבאַדינגט נאָר אַן איבערגייענדיקע, צייטווייליקע אויפגאַבע פון די סאָציאַליסטן", האַלט לענין פאַר אַ כיזוק פון דער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי „צו געבן פּראַקטישע לאָזונגען ניט נאָר אויף דעם פאַל אויב די רעוואָלוציע וועט זיך איבערטראָגן אין אייראָפּע, נאָר אויך קעדיי זי זאָל זיך איבערטראָגן". שוין דעמאָלט אין בערן פון די היסטאָרישע שלאַכטן פאַר דער העגעמאָניע פונעם פּראָלעטאַריאַט אין דער דעמאָקראַטישער רעוואָלוציע האָבן די באָלשעוויקעס אונטער לענינס אָנפירונג צוגעגרייט דעם פּראָלעטאַריאַט צו אַ העכערע שטופע, צום קאַמף פאַר דער סאָציאַליסטישער דיקטאַטור, צום קאַמף האַנט בא האַנט מיטן וועלט־פּראָלעטאַריאַט. דערמיט, וואָס די באָלשעוויקעס האָבן אַרויסגערוקט דעם לאָזונג פון דער רעוואָלוציאָנער־דעמאָקראַטישער דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט און פּויערטום און אויסגעאַרבעט איר טעאָריע, האָבן זיי געוואָרפן אַ העלן שיין אויף דער פּראָבלעם פון פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור, וואָס דער גאַנצער צווייטער אינטערנאַציאָנאַל האָט באַגראָבן און וואָס האָט ניט געשפּילט קיין לעבעדיקע ראָליע אין דער אידעאָלאָגיע פון זיינע דעמאָלטיקע לינקע טיילן. פּאַרטיידיקנדיק דעם דעקאַבער־אויפשטאַנד, האָט לענין געלערנט דעם פּראָלעטאַריאַט די קונסט פון אויפשטאַנד, וואָס ער האָט אַזוי גלענצנדיק אָנגעווענדט אין 1917 יאָר. אין די טאָגן פון 1905 יאָר דערקענט ער „דאָפּקע מאַכט־אָרגאַנען, ניט געשטיצט אויף זייער עמבריאָנעלקייט, סטיכישקייט, ניט אויסגעפורעמטקייט, צעשוואָמענקייט אין צוזאַמענשטעל און אין דער פונקציאָנירונג".

עס איז גענוג זיך צוצוקוקן צום באָלשעוויזם אין די שלאַכטן פון 1905 יאָר, קעדיי צו דערזען, ווי געבענטיק זיינען אַלע טראָצקיס פּרוּוון פאַרצושטעלן די זאַך אַזוי, אַז קלוימערשט דער באָלשעוויזם האָט געמוזט אין 1917 יאָר „איבערבאַוואָפּענען זיך", און ערשט דאַן האָט ער זיך געקענט אויפהייבן פון דער שטופע אין דער טעאָריע און פּראַקטיק פונעם פּראָלעטאַריאַט אין דער דעמאָקראַטישער רעוואָלוציע צו דער שטופע אין דער טעאָריע און פּראַקטיק פון דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע.

די סיבע פון דער באָלשעוויסטישער העגעמאָניע אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג פון אונדזערע טעג, אין דער סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אין דער גאַנצער וועלט, באַשטייט דאָפּקע דערין, וואָס דעם באָלשעוויזם איז ניט אויסגעקומען „זיך איבערבאַוואָפּענען", וואָס אים איז ניט אויסגעקומען ווי אַלע אַנדערע שטרע-

מונגען, וואס האבן זיך שפעטער אריינגעגאסן אין קאמינטערן, אפצוווארפן אפילו איינע פון זייערע גרונטאידייען. די לענינשע טעאריע פון סאציאליס-טישער רעוואלוציע איז דירעקט אויסגעוואקסן פון זיין לערע וועגן דעם כאראקטער, גרענעצן, טענדענצן פון דער בורזשואזער רעוואלוציע, פון זיין קאמף קעגן רעוויזיאניזם, פון זיין אנאליז פונעם מאנאפאליסטישן קאפיטא-ליזם. די סטראטעגיע און טאקטיק פונעם באלשעוויזם אין קאמף פאר אראפ-ווארפן די בורזשואזיע איז דירעקט אויסגעוואקסן פון אלע פריערדיקע שלאכטן פונעם באלשעוויזם. אין די דאזיקע שלאכטן האבן זיך אויסגעבילדעט די אנ-פירערדיקע קאדרען פון באלשעוויזם. די מאנאליטישקייט, די קאנסעקווענטקייט פונעם באלשעוויזם, זיין ארגאנישער וווּקס, די גרעסטע אייניקייט פון זיין טעאריע און פראקטיק — אט דאס דערלויבט אים און נאר אים צונויפזאמ-לען, שטעלן זיך בעראש, צונויפגיסן אין איין גאנצעס די לינקע שטראמונגען אינעם צווייטן אינטערנאציאנאל, אפרייניקנדיק זיי פון אפארטוניסטישן צו-מיש, פון נאציאנאלער באגרענעצטקייט, פון אסאך פארורטיילן.

די רעוואלוציאנערע סינדיקאליסטן, א טייל פון וועלכע עס האט זיך אריינגעגאסן אין די רייען פון דריטן אינטערנאציאנאל, האבן מיט זיך פאר-געשטעלט א סטיכישן ענטפער פון די רעוואלוציאנערע ארבעטערמאסן אפן פארלאמענטארישן קרעטיניזם און אויסגעלאסנקייט פון די אפיציעלע סא-ציאליסטישע פארטייען. אבער אין דערזעלבער צייט, ווען די רעוואלוציאנערע סינדיקאליסטן האבן אנגעוויזן, אז עס איז נויטיק פירן א רעוואלוציאנערן קאמף, זיינען זיי דאך ארויסגעגאנגען פון דער קלייןבירגערלעכער פרודאניסטישער טעאריע און האבן ניט פארשטאנען די באדייטונג פון פאליטישן קאמף און פון דעראבערן די מאכט. די סקאנדינאווישע לינקע סאציאליסטן, וואס האבן אין משך פון אסאך יארן געקעמפט קעגן דעם אפארטוניזם פון די אפיציעלע פארטייען, האבן אין דערזעלבער צייט געליטן פון דער באגרענעצטקייט פון די לענדער, וואס ליגן אן א זייט פון דעם וועג פון די גרויסע היסטארישע אקטן. דעריבער האבן זיי ניט פארשטאנען די נויטיקייט צו דעראבערן די בורזשואזע ארמייען, באוואפענען דעם פראלעטאריאט אין קאמף פאר מאכט. די דייטשישע „לינקע ראדיקאלן" און די האלענדישע „טריבוניסטן",— שטראמונגען, וואס זיינען געשטאנען אמנאענטסטן צום באלשעוויזם, האבן גוט פארשטאנען, אז דער פעריאד פון אימפעריאליזם דארף אריבערגיין אין א פעריאד פון סאציאליסטישער רעוואלוציע, זיי האבן ריכטיק אנגעטאפט די פראקטישע אויספירן פון די דאזיקע טעארעטישע האנאכעס. זיי האבן זיך דער-שלאגן, אז דער צענטער פון קאמף אין פארלאמענט זאל אריבערגעטראגן ווערן אין די ארבעטער-מאסן, זיי האבן ארויסגערוקט די אידייע פון פאלי-טישע שטרייקן און פון א נייער פראפאדיינישער טאקטיק. זיי האבן אבער ניט פארשטאנען קאנקרעט, אז די דיקטאטור פונעם פראלעטאריאט איז א מעלוכעמאכט, וואס אנטשטייט אף די כורוועס פון דער קאפיטאליסטישער אי-נעם איבערגאנג-פעריאד פון קאפיטאליזם צום סאציאליזם. די סאציאליסטישע רעוואלוציע איז פאר זיי געווען א קאמף פונעם פראלעטאריאט מיט דער

בורזשואזיע, ווי צוויי איזאלירטע קלאסן. די פראגע וועגן פארביטערטונג פון פראלעטאריאט אין דעמדאזיקן קאמפ האבן זיי ניט געשטעלט, און דעריבער איז זייער באציונג צו דער נאציאנאלער פראגע געווען א סעקטאנטישע, באציונג צו דער ווירקלעכקייט. די „לינקע ראדיקאלן", וואס זיינען אנטשטאנען אין שויס פון א גרויסער צענטראליזירטער אפארטוניסטישער פארטיי, האבן ניט פארשטאנען די באדייטונג פון א צענטראליזירטער רעוואליוציאנערער פארטיי און האבן זיך דעריבער פארגעשטעלט, אז „דער רעוואליוציאנערער אינסטינקט" וועט זיי דערלויבן לייכט בייקומען דעם ווידערשטאנד פונעם אפארטוניסטישן פארטייישן אפאראט. און צום שלוס, קעמפנדיק קעגן רעפארמיזם ווי קעגן פאראט פון די אינטערעסן פון דער פראלעטארישער רעוואליוציע, האט די מינדערהייט פון צווייטן אינטערנאציאנאל ניט געמאכט קיין פראקטישע אויספירן פון דערהדאזיקער לאגע, פראקטישע אויספירן, וועלכע האבן באדארפט באשטיין אין צוגרייטן א שפאלטונג מיט די אפארטוניסטן.

אלע לינקע שטראמונגען אין צווייטן אינטערנאציאנאל, וואס האבן פארגעשטעלט דאס בעסטע, וואס אין אים איז געווען, שטראמונגען, וואס האבן פארגעשטעלט די זעלבשטענדיקע ווארצלען פונעם מאדערנעם קאמוניזם אין פארשיידענע לענדער, האבן זיך נאך באדארפט אויפהויבן צום ניוואָ פון די אויפגאבן פונעם וועלט־פראלעטאריאט אין זיין וועלט־קאמפ פאר אראפווארפן דעם קאפיטאליזם. דאס האט ניט געקענט פארקומען אן שארפע שלאכטן מיט זייערע טראדיציאנעלע פעלערן און באגרענעצטקייטן. וואס מער דידאזיקע לענדער זיינען שוין אריינגעצויגן אין פראצעס פון דער סאציאליסטישער רעוואליוציע, אלץ גרינגער איז די געוועזענע לינקע שטראמונגען פון צווייטן אינטערנאציאנאל צו שטעלן זיך אף עמעסע קאמוניסטישע פאזיציעס. דערדאזיקער איבערגאנג זייערער קומט פאר אף אזויפיל אנטשיידענער, אף וויפל גרינטלעכער, בעסער זיי באקענען זיך מיט לענינס לערע, מיט דער אנטוויקלונג פונעם מארקסיזם אין דער עפאכע פון מאנאפאליסטישן קאפיטאליזם און סאציאליסטישער רעוואליוציע. נאר לענין האט זיך ארויסגעוויזן פאר פעיק אויפצוהויבן דעם מארקסיזם אף א נייע שטופע, ניט נאר אפרייניקן אים פון אפארטוניסטישע פארקריפלונגען, אויפשטעלן אים אין זיין רעוואליוציאנערער ריינקייט, נאר דאפקע אויפהויבן אף א העכערע שטופע, באריייכערנדיק מיט דער גאנצער דערפארונג פון דער סאציאליסטישער רעוואליוציע.

פון דעם וואך־טורעם פון דער זיך פאנאנדערוויקלענדיקער פראלעטארישער רעוואליוציע האט ער באוויזן ביזן גרונט דערקענען די ראליע פונעם רעפארמיזם, ווי א געצייג פון דער בורזשואזיע אף צו פארפירן דעם פראלעטאריאט, און טאקע דעריבער האט ער מיט א פעסטער האנט באוויזן ארויסצופירן די רעוואליוציאנערע עלעמענטן פון די רייען פון צווייטן אינטערנאציאנאל און אויפצובויען דעם דריטן אינטערנאציאנאל.

די פרווון פון דער סאציאלדעמאקראטיע פארצושטעלן דעם לעניניזם ווי א טעאריע פון אן אפגעשטאנענעם לאנד, און דעם דריטן אינטערנאציאנאל ווי א

ארגאניזאציע, וואס מאכט בלינד נאך די באגרענעצטע דערפארונג פון דער רוסישער רעוואלוציע, זיינען לעכערלעך.

לעניניזם איז א לערע וועגן די באדינגונגען פונעם זיג פון פראלעטאריאט אין וועלט־מאסשטאב, דעריבער פארייניקן זיך די רעוואלוציאנערע ארבעטער אונטער לענינס פאן אומעטום, ווו דער קאמף פונעם פראלעטאריאט גייט ארויף אף די רעלסן פון רעוואלוציע.

דער צווייטער אינטערנאציאנאל איז געווארן אן ארגאניזאציע פון דער אייראפעישער ארבעטער־אריסטאקראטיע, וואס האט זיך אפגעקערט מיטן פלייצע צו דער רעוואלוציע און וואס איז געווארן די הויפט־שטיצע פון דער וועלט־בורזשואזיע. דער צווייטער אינטערנאציאנאל פרווט פארברייטערן זיין טעטיקייט־פעלד, ער פרווט שאפן זיינע ארגאניזאציעס אין די קאלאניעס, כדיי אויך דארטן ווערן די הויפט־שטיצע פאר דער אימפעריאליסטישער בורזשואזיע און פארבינדן מיט איר א טייל פון דער ארטיקער בורזשואזיע, וואס שליסט א בלאק מיט די אימפעריאליסטן כדיי אונטערצודריקן דעם רעוואלוציאנערן פראלעטאריאט און פויערטום.

דער הויפט־ציל פון דער וועלט־בורזשואזיע, וואס פרווט ראטעווען איר הערשאפט אפילו פארן פרייז פון א יאם ארבעטער־בלוט,—דאס איז דער צווייטער אינטערנאציאנאל.

די הויפט־קראפט פאר באפרייען דעם וועלט־פראלעטאריאט אין א בונד מיטן ארעמען פויערטום — דאס איז דער דריטער אינטערנאציאנאל.

די טענדענצן, וואס האבן זיך צוזאמענגעלעבט אין די ראמען פון איין ארגאניזאציע בעיים דער צווייטער אינטערנאציאנאל איז אופגעקומען, שטייען איצט איינע קעגן דער אנדערער — אף ביידע זייטן פון דער באריקאדע.

די הונדערטער טויזנטער קארבאנעס, וואס זיינען געפאלן אין די רעוואלוציאנערע שלאכטן אין די לעצטע דרייסיק יאר אין פארשיידענע וועלט־טיילן, זיינען איידעס פון דערדאזיקער שפאלטונג, וועלכע מע קאן בייקומען נאר פארניכטנדיק דעם צווייטן אינטערנאציאנאל דורך א זיגרייכער וועלט־רעוואלוציע פון פראלעטאריאט.

---

נ. ב. דערדאזיקער פארווארט און כאווער לענצס בוך זיינען שוין געווען אין דרוק, ווען אפן באשולדיקונג־באנק פון פראלעטארישן געריכט האט זיך געזעצט די פארבאטדישע ביורא פונעם צק רסדאפ (מענשעוויקעס) פון דער רוסישער סעקציע פון צווייטן אינטערנאציאנאל פאר באטייליקן זיך אין שעדיקעריי־ארבעט אף ארופצורייסן די סאציאליסטישע בויונג אין ראטנלאנד, פאר באטייליקן זיך אין צוגרייטן א אינטערווענציע קעגן פסס"ר.

די ראליע פון צווייטן אינטערנאציאנאל אין דעם פעריאד פון דער אינטערנאציאנאלער רעוואלוציע האט אזוי ארום געפונען איר פולשטענדיקע פארפולקומונג.

די פרווון פון דער אויסלענדישער מענשעוויסטישער פארשטייערשאפט און פון די פירער פון צווייטן אינטערנאציאנאל ארופצוגעמען פון זיך די

פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט פֿאַר דער פּאָליטיק פֿון דער מענשעוויסטישער אָרגאַ-
ניזאַציע פֿון פּסס"ר זיינען נעבעכדיק און לעכערלעך. וואָרעם ניט דאַן, ניט
אַבראַמאָוויטש, ניט זייערע אַפּעטראָפּסים פֿון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל קענען
ניט ווייזן קיין אַנדער וועג, וועלכן זיי זאָלן קענען רעקאָמענדירן די רוסישע
מענשעוויקעס, אַ וועג, וואָס זאָל זיך אונטערשיידן פֿון דעם, אַף וועלכן עס
זיינען אַוועק גראָמאַן, שער, סוכאַנאָוו.

אָדער די פּראָלעטאַרישע דיקטאַטור, דער קאַמף קעגן דער גאַנצער קאַפּי-
טאַליסטישער וועלט פֿאַר סאָציאַליזם, אָדער אַ בונד מיט דער בורזשואַזיע
כּדי צו ראַטעווען דעם קאַפּיטאַליזם. קיין דריטער וועג איז ניטאָ.

אין דעם מאָמענט, ווען מיר שרייבן די דאָזיקע שורות, איז נאָך אונדז
ניט באַוואוסט דער אורטייל פֿונעם העכסטן געריכט, אָבער דער אורטייל פֿון
דער געשיכטע איבערן מענשעוויזם איז שוין אַרויסגעטראָגן.

1 מערץ 1931 יאָר.

קאַרל ראַדעק.

יאָסעף לענץ

# די געשיכטע פונעם
# צווייטן אינטערנאַציאָנאַל

## ערשטער קאַפּיטל

# די בלי־צייט פונעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל
# 1904—1889

### 1. די גרינדונג פונעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל

[פּאַריז, 1889

אין 1872 יאָר האָט דער ערשטער אינטערנאַציאָנאַל, — די אינטערנאַציאָנאַלע אַרבעטער־אַסאָציאַציע — וואָס איז געגרינדעט געוואָרן פון מאַרקס און ענגעלס דורכן באַשלוס איבערצוטראָגן דעם גענעראַל־ראַט פון לאָנדאָן אין ניו־יאָרק, (ווי ענגעלס האָט זיך אויסגעדריקט — „פאַרלויפיק אַראָפּצוגיין פון דער סצענע"), פאַקטיש פאַנאַנדערגעלאָזן זיין אָרגאַניזאַציע. מאַרקס און ענגעלס האָבן ניט געזען אין דער צייט פאַר דעם אינטערנאַציאָנאַל קיין ווירקונג־מעגלעכקייט, צוליב וועלכער עס זאָלן זיך לוינען די גרויסע קאָרבאָנעס וואָס דאַרפן קאָסטן אים אונטערצוהאַלטן אין א פּעריאָד פון די בלוטיקסטע פאַרפאָלגונגען. די פראַנצויזישע אַרבעטער־באַוועגונג איז אויף לאַנגע יאָרן געווען פּאַראַליזירט צוליב דער צעשמעטערונג פון דער קאָמונע, די ענגלישע פּראָפאַריינישע פירער האָבן דערקלערט, אַז זיי טרעטן אַרויס פון אינטערנאַציאָנאַל צוליב דעם, וואָס דער גענעראַל־ראַט האָט זיך אַרויסגעזאָגט פאַר דער קאָמונע, אין די ווייניקער אַנטוויקלטע קאַפּיטאַליסטישע לענדער איז די באַוועגונג צעפאַלן צוליב דער האַנדלונג פון די אַנאַרכיסטן מיט באַקונינען אין דער שפּיץ. דער ערשטער אינטערנאַציאָנאַל איז געווען א רעוואָלוציאָנערע פּראָפּאַגאַנדיסטישע אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט געזאַמלט די פאָרגעשריטענע אַרבעטער פון אַלע לענדער אונטער די לאָזונגען פון פּראָלעטאַרישן קלאַסן־קאַמף. זיינע פאַרטרעטער האָבן אין די שטורעמס פון דער דייטש־פראַנצויזישער מלחמה און פון דער פּאַריזער קאָמונע אויסגעהאַלטן די פּראָבע פון רעוואָלוציאָנערן אינטערנאַציאָנאַליזם. און אויב מאַרקס און ענגעלס האָבן נאָכן צעשמעטערן די קאָמונע, ווען די רעאַקציע האָט געווילדעוועט, ניט געהאַלטן פאַר צוועקמעסיק אויפצוהאַלטן די פאָרמעלע עקזיסטענץ פון דער אָרגאַניזאַציע, האָבן זיי ניט געמיינט זיך אָפּצוזאָגן פון פּרינציפּ פון דער אינטערנאַציאָנאַלער פאַראייניקונג פונעם פּראָלעטאַריאַט, פונעם פּרינציפּ, וואָס איז געווען דער גרונט־שטיין פון זייער לעבנס־ווערק. זיי האָבן נאָר געוואָלט אָפּוואַרטן אויף מער גינסטיקערע באַדינ-

גאַנגען פאַר אַ נייער אויפלעבונג פון דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער־באַוועגונג.

אויך אַ נייער אויפשטייג האָט זיך אָנגעמערקט אין די אכציקער יאָרן. די דייטשישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע האָט אין העלדישן קאַמף קעגן דעם „סאָציאַליסטן־געזעץ"*), בייקומענדיק די ערשטע וואַקלונגען פון די — ווי ענגעלס דריקט זיך אויס — „קלאַגמוטערס" צווישן די פירערס, זיך פאַרפעסטיקט און באַקומען אַ גרויסן איינפלוס אויף די מאַסן. די צאָל שטימען, וואָס זי האָט באַקומען, איז פון 437.000 אין 1878 י., דעם יאָר ווען עס איז אַרויס דער סאָציאַליסטן־געזעץ, איז געשטיגן ביז 763.000 אין 1887 יאָר. אין די ענגלישע פראָפאַריינען האָט זיך אָנגעמערקט אַ וואַקסנדיקע ווירקונג פון די סאָציאַליסטישע גרופּעס, עס האָט זיך אָנגעהויבן אַרויסווייזן אַ ווידערשטאַנד קעגן די רעפאָרמיסטישע פירער, וואָס האָבן פאַרוואַנדלט די אַרבעטער־באַוועגונג אין אַ צוגאָב צו די ליבעראַלן. אין פראַנקרייך האָט זיך די אַרבעטער־באַוועגונג אַנטוויקלט אויף אַ ברייטע באַזע אין העפטיקע קאַמפן צווישן דעם לינקן פליגל, וואָס מיט אים האָבן אָנגעפירט די מאַרקסיסטן געד און לאַפאַרג און דער בלאַנקיסט וויאַן, מיט דעם רעכטן אָפּאָרטוניסטישן פליגל פון די „פּאָסיביליסטן" אונטער דער אָנפירונג פון ברוסן. די עסטרייכישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע האָט זיך אונטער וויקטאָר אַדלערס אָנפירונג פאַראייניקט אויף איר קאָנגרעס אין הייפעלד אין 1888—1889. אַזוי האָבן זיך אין די וויכטיקסטע קאַפּיטאַליסטישע לענדער אָנגעמערקט די פאָרבאַדינגונגען פאַר אַ ברייטער אַנטוויקלונג פון סאָציאַליסטישע מאַסן־אָרגאַניזאַציעס.

די פראַגע וועגן צונויפרופן אַ אינטערנאַציאָנאַלן קאָנגרעס איז געוואָרן אַ קאַמף־פראַגע צווישן דעם רעוואָלוציאָנערן און רעפאָרמיסטישן פליגל פון דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער־באַוועגונג. די פראַנצויזישע פּאָסיביליסטן צוזאַמען מיט די רעפאָרמיסטישע פירער פון די ענגלישע פראָפאַריינען האָבן פאַרעפנטלעכט אַן איינלאַדונג אויף אַ אינטערנאַציאָנאַלן קאָנגרעס אין פּאַריז אויף אַזעלכע באַדינגונגען, וואָס וואָלטן געמאַכט פאַר אוממעגלעך דעם אָנטייל פון די דייטשישע און עסטרייכישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן. די שטרעבונג פון די פראַנצויזישע אָפּאָרטוניסטן איז געווען אַ קלאָרע — זיי האָבן געוואָלט אויסנוצן דעם אינטערנאַציאָנאַלן קאָנגרעס, וואָס זאָל האָבן זייערע אַ מערהייט, פאַר זייער פראַקציאָנעלן קאַמף קעגן די מאַרקסיסטן אין פראַנקרייך. האָגאָם העראַזיקער פּוין איז געווען אַ באַשיינפּערלעכער, האָבן דאָך די פירער פון דעם רעכטן פליגל פון דער דייטשישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, אויער און שיפּעל, געוואָלט מאַסקיב זיין אויף דעם פּלאַן פון די פּאָסיביליסטן**). ווידער די פירער פון דער דייטשישער פּאַרטיי, ליבקנעכט און בעבעל, האָבן געפּרוווט ווירקן אויף די פראַנצויזישע ריכטונגען אין דער פראַנצויזישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע זיי זאָלן צונויפ־

*) ביסמאַרקס געזעץ קעגן די סאָציאַליסטן, וואָס איז געווען גילטיק אין דייטשלאַנד 12 יאָר. אין משך פון דער צייט האָט די דייטשישע ס.־ד.־ישע פּאַרטיי געאַרבעט אומלעגאַל.
איבערזעצער.

**) זע די „בריוו פון בעקער, דיצגען, ענגעלס, מאַרקס, א. א. צו זאָרגע א. א." זייט 311

דורך א געמיינזאמען קאנגרעס, דאס האט זיך ניט איינגעגעבן, און אין פאריז, בעת דער אלוועלטלעכער אויסשטעלונג, וואס איז געעפנט געווארן דעם 14 יולי 1889 יאר צום הונדערטיאריקן יובילעי פון איינעמען באסטיליע, זיינען זיך צונויפגעקומען צוויי קאנגרעסן, דער קאנגרעס פון די פאסיביליסטן, אף וועלכן די איבערהאנט האבן געהאט די רעפארמיסטישע פראפאריינישע פירער פון פראנקרייך און ענגלאנד און וועלכער האט ניט באקומען קיין אינטערנאציאנאלן כאראקטער, און דער קאנגרעס פון די מארקסיסטן, אף וועלכן עס זיינען געווען פארטראטן די רעוואליוציאנערע סאציאליסטן פון צוואנציק וויכטיקסטע קאפיטאליסטישע לענדער.

דער פאריזער קאנגרעס, וועלכער האט זיך געעפנט אונטערן פארזיץ פונעם קעמפער פון דער קאמונע ווייאן און פון דעם „סאלדאט פון דער רעוואליוציע" ווילהעלם ליבקנעכט, האט זיך שטאלץ פראקלאמירט פאר א יורש פון די רעוואליוציאנערע טראדיציעס פונעם פראנצויזישן און אינטערנאציאנאלן פראלעטאריאט. די פלאקאטן, וואס האבן באפוצט דעם זאל, האבן געהאט דעם אויפשריפט: „אין נאמען פון פאריזש פון יאר 1848 און פון מארץ, אפריל און מיי 1871, אין נאמען פון פראנקרייך פון באבעף, בלאנקי, און ווארלען, א גרוס די סאציאליסטישע ארבעטער פון ביידע וועלטן!" און ווי א ציל: „פאליטישע און ווירטשאפטלעכע עקספראפריאציע פונעם קאפיטאליסטן־קלאס, פארגעזעלשאפטלעכונג פון די פראדוציר־מיטלען!"

פונעם שטאנדפונקט פון רעוואליוציאנערן סאציאליזם האט דער קאנגרעס געמוזט באשטימען זיין פאזיציע אף צוויי זייטן, קעגן רעפארמיזם און קעגן דעם אנארכיזם. דער אנארכיזם איז געווען אין דעם פעריאד, ווען די פראלעטארישע מאסן־ארגאניזאציעס האבן זיך ערשט אנגעהויבן צו אנטוויקלען, אן אויסדרוק פונעם קלייןבירגערלעכן איינפלוס אפן פראלעטאריאט, אן אויסדרוק פונעם ניט גלויבן אינעם קויעך פון די מאסן, די האפענונג אף דער וואונדערלעכער ווירקונג פון אינדיווידועלע אקטן. די פארטרעטער פון די אנארכיסטן אפן פאריזשער קאנגרעס זיינען ארויסגעטראטן קעגן דעם, אז דער ארבעטער־קלאס זאל איבערנעמען די מאכט, ווייל דאס וועט נאר ברענגען נייע פארמען פון אונטערדריקונג. זיי האבן דערקלערט די ארבעטער־שוץ־געזעצגעבונג, וואס האט פארנומען א וויכטיקן ארט אין דער ארבעט פון קאנגרעס, פאר א אנטיסאציאליסטישן בורזשואזן אופטו. צו די דאזיקע מיינונגען האבן צוגעשטימט אייניקע פראנצויזישע סינדיקאליסטן, איטאליענישע און ענגלישע אנארכיסטן. נאר די גרעסטע מערהייט פון די פארזאמלטע האבן דאס פרינציפיעל אפגעווארפן. די פארטרעטער פון די אנארכיסטן האבן זיך שוין אפריער געפילט ניט ווי מיינונג־כאוויירים, וואס זוכן צו איבערצייגן זייערע כאוויירים, נאר ווי קעמפער, וואס באמיען זיך פאנאנדערלייגן דעם פיינטלעכן לאגער. און דער קאנגרעס האט זיי דעריבער אנטשפרעכנדיק באהאנדלט, און ווען זיי האבן ניט געוואלט זיך אונטערווארפן דעם רעגלאמענט פון קאנגרעס, האט מען זיי ארויסגעבעטן פון זאל.

אויב די צעשיידונג מיט די אנארכיסטן איז שוין אפן גרינדונגס־קאנגרעס

פראקטיש פארגעקומען און די וויטערדיקע קאנגרעסן האבן נאר געדארפט דאס פרינציפיעל באשטעטיקן, איז אבער די שטעלונג צו די רעפארמיסטן אינעם צווייטן אינטערנאציאנאל פאר דער גאנצע צייט פון זיין עקזיסטענץ קיינמאל ניט ווי געהעריק פרינציפיעל קלאר געמאכט געווארן. פראקטיש איז די פראגע ארויפגעשוועמען פארן גרינדונג־קאנגרעס, ווען עס איז געשטעלט געווארן א פארשלאג צו פארייניקן זיך מיטן קאנגרעס פון די פאסיביליסטן. די גרעסטע מערהייט פון די דעלעגאטן האבן זיך ארויסגעזאגט פאר דער פאראייניקונג. דער באוווסטער גאמפערס, דער פירער פון דער עקסטרעם־רעאקציאנערער אמעריקאנער ארבעטער־פעדעראציע, האט צוגעשיקט א באגריסונגבריוו, ווו ער האט זייער שטארק רעקאמענדירט די פאראייניקונג מיטן קאנגרעס פון די פאסיביליסטן. נאר אייניקע דעלעגאטן זיינען געווען פרינציפיעל קעגן דער פאראייניקונג.

אזוי האט דערקלערט דער פראנצויזישער דעלעגאט דיפרע:

„מע רעדט אזויפיל וועגן דער פאראייניקונג. צי האט מען אבער באטראכט צי איז מעגלעך א פאראייניקונג צווישן רעוואלוציאנערע סאציאליסטן און קאדעטיסטן *) ווי זשאפרען? אונדזערע אויסלענדישע פריינט זיינען געקומען אין פאריז קעדיי זיך צונויפריידן מיט דער ארבעטנדיקער און רעוואליוציאנערער פראנקרייך און ניט מיט די פארבינדעטע פון בירגערלעכן ראדיקאליזם און פון אפארטוניזם... די סאציאליסטן קענען ניט גיין צו די פאסיביליסטן, ווייל די לעצטע זיינען ניט מער ווי בירגערלעכע פאליטיקער און ווייל די אויסלענדישע סאציאליסטן וועלן ניט מאסקים זיין צו פאראייניקן זיך מיט בורזשויען. אז צווישן די פאסיביליסטן זיינען פאראן איבערציינגטע סאציאליסטן, לייקנט קיינער ניט אפ. אבער זאלן דיזאזיקע קומען צו אונדז, און די איבעריקע דארפן מיר ניט האבן!"

אין דעם זעלבן זין האט זיך ארויסגעזאגט דער פארטרעטער פון די מארסעלער פראפאריינען, וואס האט פארגעלייגט א רעזאליוציע, ווו עס שטייט:

„...עס האט ניט קיין זין איבעראנייס צונויפריידן זיך מיט מענטשן, וועלכע מארשירן שוין פון לאנג האנט בא האנט מיט די ערגסטע סאנים פון די ארבעטער — מיט אפארטוניסטן און בורזשואזע ראדיקאלן..."

אין דעמזעלבן זין האט זיך ארויסגעזאגט דער ענגלישער דיכטער וויליאם מאריס, וועלכער איז אגעוו געשטאנען נענטער צו די אנארכיסטן ווי צו די מארקסיסטן און אויך די דייטשישע דעלעגאטן פון בערלין און דרעזדען. וויל־העלם ליבקנעכט איז ארויסגעטראטן קעגן א פאראייניקונג פאר יעדן פרייז און האט אריינגעטראגן א פארשלאג צו פאראייניקן זיך נאר אין דעם פאל אויב דער קאנגרעס פון די פאסיביליסטן וועט שטעלן אנעמבארע באדינגונגען פאר דער פאראייניקונג. דער פארשלאג איז אפגעשטימט געווארן לויט די נאציאנאליטעטן

*) „קאדעטיסטן" האט מען דאן גערופן די אנהענגער פון דער „געזעלשאפט פאר מענטשן־רעכט", אן ארגאניזאציע, וואס האט געזאלט פארייניקן די בירגערלעכע רעפובליקאנער פון אלע ריכטונגען צום קאמף קעגן דער מאנארכיסטישער רעאקציע. זי איז געווען געגרינדעט אין פאריז אף דער גאס קאדע (rue Cadet) און דעריבער האט מען אירע מיטגלידער און די מיטגלידער פון די פראנצויזישע רעגירונג־פארטייען גערופן „קאדעטיסטן".

און איז אָנגענומען געוואָרן מיט 12 שטימען. פאַר דעם ראַדיקאַלן פאָרשלאָג אָפּצוּוואַרפן פּרינציפּיעל די פאַרייניקונג האָבן געשטימט נאָר די שוועדישע און נאָרוועגישע דעלעגאַטן און די פראַנצויזן האָבן דערקלערט, אַז זיי שטימען פאַר ליבקנעכטס פאָרשלאָג נאָר צוליב אייניקייט. די פאַרייניקונג איז ניט פאָרגעקומען, ווייל די פּאָסיביליסטן האָבן געשטעלט אַ באַדינג, אַז זיי זאָלן אָנטשיידן וועגן דער גילטיקייט פון אַלע מאַנדאַטן.

אַזוי אַרום, אויב די פאַרטרעטער פונעם אויסגעשפּראָכענעם אָפּאָרטוניזם זיינען ניט געווען אויפן ערשטן קאָנגרעס פונעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל, איז דאָס ניבער געווען אַ פאַרדינסט ניט פון די מאַרקסיסטן, נאָר פון די אָפּאָרטוניסטן, וועלכע האָבן מורא געהאַט, אַז זיי וועלן מיינאָריזירט ווערן אויף דעם אינטערנאַציאָנאַלן קאָנגרעס. ענגעלס האָט באַגריסט די פּאָזיציע פון קאָנגרעס. אין אַ בריוו צו זאָרגען פון 17 יולי 1889 יאָר*) האָט ער געשריבן וועגן דער דיסקוסיע איבער ליבקנעכטס פאָרשלאָג:

„...דער שווינדל מיט דער פאַרייניקונג איז נאַטירלעך זייער שטאַרק אויף ביידע קאָנגרעסן; די אויסלענדער האָבן געוואָלט אַ פאַרייניקונג; די פראַנצויזן סיי דאָ, סיי דאָרטן זיינען געווען קעגן. די פאַרייניקונג אויף ראַציאָנעלע באַדינגונגען איז ניט קיין שלעכטע זאַך, אָבער דער שווינדל באַשטייט דערין, וואָס אונדזערע האָבן געשריען וועגן אַ פאַרייניקונג à tout prix (פאַר יעדן פּרייז).”

ווייטער:

„אויב די ביידע פּאַראַלעלע קאָנגרעסן וועלן אַרויספירן די שטרייטקרעפטן, — פון די פּאָסיביליסטן און פון די לאָנדאָנער קריכער דאָ, פון די אייראָפּעישע סאָציאַליסטן (וואָס צוליב יענע פיגורירן זיי אַלס מאַרקסיסטן) דאָרטן און אַזוי אַרום וועט די וועלט זען, ווו איז קאָנצענטרירט די עמעסע באַוועגונג און ווו איז דער שווינדל, וועט דאָס שוין אויך זיין גענוג. נאַטירלעך וועט די ווירקלעכע פאַרייניקונג, אויב זי וועט פאָרקומען, ניט שטערן די ווייטערדיקע רייסערייען אין ענגלאַנד און פראַנקרייך, גראָד פאַרקערט. זי וועט נאָר זיין אַ אימפּאָזאַנטע דעמאָנסטראַציע פאַר דעם גרויסן בורזשואַזן אוילאָם, וואָס וועט דערזען אַן אַרבעטער־קאָנגרעס מיט העכער 900 פאָרשטייער פון די געהאַרכזאַמסטע טרייד־יוניאָנס ביז די רעוואָלוציאָנערסטע קאָמוניסטן” **).

ענגעלס, הייסט דאָס, האָט אין יענער צייט ניט געזען קיין שום געפאַר אין דער פאַרייניקונג מיט די רעפאָרמיסטן, אויף וויפל פאַר די מאַרקסיסטן איז געווען געזיכערט די אויבערהאַנט. די דאָזיקע פּאָזיציע איז געווען דורכויס פאַרשטענדלעך בײַ דעם דעמאָלטיקן צושטאַנד פון דער באַוועגונג, ווייל ערשטנס זיינען אויף דעם קאָנגרעס געווען פאַרטראָטן ניט נאָר פּאַרטייען נאָר אויך פּראָפאַריינען, צום ביישפּיל, קיר האַרדי האָט פאַרטראָטן 50.000 אָרגאַניזירטע שאָט־

*) „בריוו פון בעקער, דיצגען, ענגעלס, מאַרקס א. א. צו זאָרגע“ ז. 390. אונטערגעשטראָכן פון מיר. — י. ל.

**) דאָרטן.

לענדישע בארבאַרבעטער. די מערהייט פראַנצויזן האָבן פאַרגעשטעלט אַרטיקע סינדיקאַטן, אויך אין דער דייטשישער און אין דער עסטרייכישער דעלעגאַציע זיינען געווען פאַרטראַטן פאַרטייען און פראַפאַריינען. צולאָזן נאָר אַזעלכע אָרגאַניזאַציעס, וואָס שטייען אויפן באָדן פון רעוואָלוציאָנערן קלאַסן־קאַמף, וואָלט געהייסן אויסשליסן די מאַסן־אָרגאַניזאַציעס פונעם פּראָלעטאַריאַט אין אַזאַ צייט, ווען אויף דער טאָגס־אָרדענונג איז ניט געשטאַנען די דירעקטע רעוואָלוציאָנערע אַקציע, נאָר צוגרייטן די מאַסן און געווינען זיי פאַרן סאָציאַליזם.

ווילהעלם ליבקנעכט האָט דערקלערט אין זיין דערעפענונגסרעדע, אין וועלכער ער האָט גערופן פאַרזעצן דאָס ווערק פון דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער־אַסאָציאַציע: „די אינטערנאַציאָנאַלע אַרבעטער־באַוועגונג איז צו גרויס געוואָרן פאַר די ראַמען פון איין איינציקער, איינהייטלעכער אָרגאַניזאַציע*).“ דאָס הייסט אייגנטלעך מאַכן פון א נויט א מיצווה. אין אָנהויב פונעם נייעם אופשטייג פון דער אַרבעטער־באַוועגונג, ווען די סאָציאַליסטישע מאַסן־פּאַרטייען און פראַפאַריינען האָבן ערשט איצט אָנגעהויבן זיך צו אַנטוויקלען, ווען דער אַרבעטער־קלאַס איז נאָך ניט פעיִק געווען צו גרויסע אינטערנאַציאָנאַלע אַרויסטרעטונגען, האָט מען נאָך ניט געקאָנט שטעלן פאַר א באַדינג פון געהערן צו דער אינטערנאַציאָנאַלער אָרגאַניזאַציע די איינשטימיקייט אין אַלע וויכטיקסטע פראַגן. די איינהייטלעכקייט אין דער טעאָריע און פּראַקטיק האָט געמוזט ווערן דער רעזולטאַט פונעם קאַמף פאַר די פּרינציפּן פון רעוואָלוציאָנערן מאַרקסיזם אין די ראַמען פון א ברייטער אינטערנאַציאָנאַלער אָרגאַניזאַציע. אָבער אָפּזאָגן זיך פון דער איינהייטלעכקייט פונעם אינטערנאַציאָנאַל צוליב דעם, וואָס די באַוועגונג האָט זיך פאַרברייטערט, וואָלט געהייסן זיך אָפּזאָגן פון עצם ציל: פון דער איינהייטלעכער אינטערנאַציאָנאַלער פּראָלעטאַרישער אַקציע.

אז דער קאָנגרעס האָט פאַרשטאַנען די נויטיקייט צו זיכערן אַן איינהייטלעכע אַקציע דערוויזט זיין רעזאָלוציע וועגן מיי־יאָנטעוו:

„מע דאַרף אָרגאַניזירן אין א באַשטימטער צייט א גרויסע אינטערנאַציאָנאַלע מאַניפעסטאַציע (דעמאָנסטראַציע), וועלכע דאַרף באַשטיין דערין, אז גלייכצייטיק אין אַלע לענדער און אַלע שטעט זאָלן די אַרבעטער אין איין באַשטימטן טאָג אַרויסשטעלן די פאָדערונג צו אַלע מאַכט־אָרגאַנען צו איינשטעלן אַן אַכט־שעהיקן אַרבעט־טאָג און דורכפירן אין לעבן אַלע איבעריקע באַשלוסן פונעם אינטערנאַציאָנאַלן קאָנגרעס אין פּאַריז.

נעמענדיק אין אַכט, אַז דער אַמעריקאַנישער אַרבעטער־בונד Federation of Labor (פעדערייש אָף לייבאָר) האָט בעיסן קאָנגרעס, [illegible] וואָס איז פאָרגעקומען אין דעקאַבער 1888 אין סט.־לוי אַזאַ דעמאָנסטראַציע

*) אונטערגעשטראָכן פון מיר — ל.

באשטימט אפן 1-טן מיי 1890, ווערט דעראויקער טאג באשטימט פארן טאג פון דער אינטערנאציאנאלער דעמאנסטראציע.

די ארבעטער פון פארשיידענע לענדער דארפן דורכפירן דיזאיקע דעמאנסטראציע אף דעם אופן, ווי דאס וועלן זיי דיקטירן די באדינגונגען פון זייער לאנד".

צוליב דעם, וואס דעם גרעסטן טייל פון די זיצונגען פונעם קאנגרעס האט פארנומען די דיסקוסיע וועגן דער פאראייניקונג מיט די פאסיביליסטן און די באריכטן פון די ערטער וועגן דעם צושטאנד פון די ארגאניזאציעס אין פארשיידענע לענדער, האט מען דעריבער ניט געקאנט דורכפירן קיין גרינטלעכע דיסקוסיע סיי איבער דערהאזיקער רעזאלוציע סיי איבער א ריי אנדערע באשלוסן. מע האט אפגעשטימט אן א דיסקוסיע און נאכדעם זיינען נאך דערלאזן געווארן דערקלערונגען. עס זיינען אנגענומען געווארן פארשלאגן וועגן אפשאפן די שטענדיקע ארמייען פאר אלגעמיינער פאלקסבאוואפענונג, פאר דעם אכט־שאיקן ארבעטס־טאג און אלגעמיינער ארבעטס־שוץ, א פארשלאג וועגן קאמף פאר פאליטישע מאכט „מיט דער הילף פונעם וואל־צעטל", אבער „אן קיין שום קאמפראמיסן מיט אנדערע פארטייען". א פארשלאג פון די פראנצויזן, וואס האט זיך ארויסגעזאגט פאר א גענעראל־שטרייק אלס „אנהויב פון דער סאציאלי־סטישער רעוואליוציע" איז, נאך ליבקנעכטס ארויסטרעטונג קעגן דעם פארשלאג, אפגעווארפן געווארן.

## 2. גענעראל־שטרייק קעגן מילכאמע. — די דורכפירונג פון דעם מיי־יאנטעוו

בריוסעל 1891

דער צווייטער אינטערנאציאנאלער קאנגרעס, וואס איז פארגעקומען אין בריוסעל אין אויגוסט 1891 י. האט זיך דערהויפט פארנומען מיט דער פראגע וועגן די פראפאריינען, וועגן שטרייקן און באזונדער מיט דער פראגע וועגן גענעראל־שטרייק קעגן מילכאמע. די פראגע וועגן מילכאמע־געפאר און וועגן קאמף קעגן מילכאמע, מיט וועלכער עס האבן זיך פארנומען אלע אינטערנאציאנאלע ארבעטער־קאנגרעסן, איז אין דעם יאר געווארן באזונדערס אקטועל צוליב דעם געשלאסענעם פראנצויזיש־רוסישן בונד, וועלכער איז געווען געווענדעט קעגן דעם דייטשיש־עסטרייכיש־איטאליענישן דרייבונד, וואס איז געשלאסן געווארן אין 1883. דער קאנגרעס האט ניט באוויזן צו קלאר מאכן זיין שטעלונג צו דער קאנקרעטער אינטערנאציאנאלער לאגע; די דיסקוסיע, וועלכע האט זיך דערהויפט געדרייט ארום דער פראגע וועגן א „וועלט־שטרייק" קעגן מילכאמע, וואס דער האלענדישער אנארכיסט ניוווענהויס האט געפאדערט, האט געמוזט דעריבער זיין אן אבסטראקטע, ווייל דעמאלט זיינען נאך ניט געווען קיין שום דערפארונגען וועגן דעם פאליטישן מאסן־שטרייק און די באציונג פון די סאציאליסטן צום שטרייק אפילע ווי צו א עקאנאמישן קאמף־מיטל איז נאך ניט געווען קיין זיכערע.

די רעזאָליוציע, וואָס די פראַנצויזישע און ענגלישע מערהייט האָט פאָרגעלייגט, וועגן דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג, שטרייקן און בויקאָט, האָט רעקאָמענדירט די אַרבעטער גרייטן זיך צום גענעראַל־שטרייק פאַרפעסטיקנדיק די אָרגאַניזאַציעס, האָט אָבער אין דערזעלבער צייט באַצייכנט דעם שטרייק ווי אַ „צוויישניידיקן וואָפן", וועלכן מע דאַרף אָנווענדן נאָר נאָכן גענוגנדיקן באַטראַכטן אַלע אומשטענדן און געראָטן „זיכער זיך ווענדן צו דער פאַרמיטלונג פון אַ אַרביטראַזש־געריכט, איידער צו אַ שטרייק", ווען דאָס איז מעגלעך און דאָס דערלויבט דער קאָוועד פון די אַרבעטער. ענלעכע געדאַנקען זיינען געווען אין דער קאָנטר־רעזאָליוציע פון די דייטשן. זי האָט אַפילו אויך אָנערקענט דעם שטרייק ווי אַ נויטיקן קאָמפּראָמיס, האָט אָבער צוגעגעבן:

„אָבער היינט שטרייקן און בויקאָט זיינען צוויישניידיקע וואָפן, וואָס אויב מע ווענדט זיי ניט אָן אין ריכטיקן אָרט אָדער ניט אין דער ריכטיקער צייט שעדיקן זיי מער איידער זיי ברענגען נוצן די אינטערעסן פונעם אַרבעטער־קלאַס, רעקאָמענדירט דעריבער דער קאָנגרעס די אַרבעטער זייער פאָרזיכטיק באַטראַכטן אַלע אומשטענדן, באַ וועלכע זיי ווילן אָנווענדן דאָס־דאָזיקע וואָפן".

די דייטשן האָבן ניט דערלאָזן אָננעמען אַ פאָרשלאַג וועגן גרינדן אַ אינטערנאַציאָנאַלע פראָפֿפאַריינישע אָרגאַניזאַציע, ווייל באַ דעם צושטאַנד פון דער געזעצגעבונג אין פאַרשיידענע לענדער איז געווען אוממעגלעך צו גרינדן אַזאַ אָרגאַניזאַציע אַף אַ לעגאַלן וועג. פאַר דער פּאָזיציע פון די דייטשישע דעלעגאַטן איז בכלל געווען כאַראַקטעריסטיש יענע פאָרזיכטיקייט, וואָס די דייטשישע פּאַרטיי האָט נאָכן אָפּשאַפן דעם סאָציאַליסטן־געזעץ (1890) אַרויסגעוויזן.

אין 1891 יאָר איז אין דער דייטשישער פּאַרטיי צום ערשטן מאָל דער רעפאָרמיזם אַרויסגעטראָטן אָפן מיט אַן אייגענער פּראָגראַם. פאָלמאַר האָט אין זיינע באַקאַנטע „עלדאָראַדאָ־רעדעס"*) רעקאָמענדירט „די טאַקטיק פון רעפאָרמירנדיקער טעטיקייט, וועלכע שטרעבט צו דערגרייכן דעם ציל אַף דעם איינציק מעגלעכן וועג פון פּראַקטישע טיילווייזע דערפאָלגן" און האָט אָפּגעשאַצט דעם דרייבונד (דייטשלאַנד־עסטרייך־איטאַליע) ווי אַ גאַראַנטיע פאַרן שאָלעם. און הגם גראַד די דייטשישע פּאַרטיי איז געווען פאַרינטערעסירט צו דיסקוטירן די רעפאָרמיסטישע אָנשויונגען, איז זי דאָך געווען די, וואָס איז אַרויסגעטראָטן קעגן דעם האָלענדישן פאָרשלאַג אַוועקצושטעלן אַף דער טאָג־אָרדענונג די פראַגע וועגן דער טאַקטיק, וועגן די מיטלען צו באַפרייען דעם אַרבעטער, די פראַגע וועגן פאַרבינדן זיך מיט די בירגערלעכע פּאַרטייען. די דייטשישע דעלעגאַציע האָט דערקלערט, אַז די דאָזיקע פונקטן קאָן מען ניט באַטראַכטן אַף קיין אינטערנאַציאָנאַלע קאָנגרעסן, „ווייל דער אַנטשיידנדיקער מאָמענט איז דאָ די עקאָנאָמישע און פּאָליטישע אַנטוויקלונג פון באַזונדערע לענדער, וואָס וועגן זיי קאָנען אורטיילן נאָר די באַוווינער פון די דאָזיקע לענדער". **)

*) זיי הייסן אַזוי, ווייל דער פאַרזאַמלונג־לאָקאַל אין מינכן, וווּ די רעדעס זיינען געהאַלטן געוואָרן, האָט געהייסן „עלדאָראַדאָ".

**) אונטערגעשטראָכן פון מיר.—י. ל.

ניט געקוקט אויף דעמאָלטיקן שטאַנדפּונקט וועגן דער ראָליע פֿונעם אינטער־נאַציאָנאַל, וואָס איז זייער כאַראַקטעריסטיש פֿאַר די מיינונגען, וואָס האָבן דעמאָלט געהערשט, איז דאָך אויפֿן קאָנגרעס פֿאָרגעקומען אַ דיסקוסיע וועגן דער טאַקטיק. אינעם פּראָיעקט פֿון דער רעזאָלוציע, וואָס די קאָמיסיע פֿאַר אַרבעטער־שוץ האָט פֿאָרגעלייגט (וואָס וואַנדערוועלדע האָט באַגרינדעט), איז געווען אָנגעוויזן, אַז די הערשנדיקע און עקספּלואַטירנדיקע קלאַסן באַציען זיך פֿיינטלעך צו יעדער ווירקלעכער אַרבעט־שוץ־געזעצגעבונג און אַז די אַרבעטער מוזן זיך פֿאַראייניקן קעגן די קאַפּיטאַליסטישע בורזשואַזע פּאַרטייען; נאָר „אומעטום דאָרטן, וווּ די אַרבעטער האָבן פּאָליטישע רעכט, דאַרפֿן זיי ניט אָפּגעבן זייערע שטימען פֿאַר יענע קאַנדידאַטן, וואָס וועלן זיך ניט פֿאַרפּליכטן אונטערצושטיצן די ראַדיקאַלע פֿאָדערונגען זייערע”. דאָ מיינט מען די פֿאָדערונגען וועגן אַרבעטער־שוץ־געזעצגעבונג, וואָס דער פּאַריזער קאָנגרעס האָט אַרויסגעשטעלט. אַזוי אַרום איז רעקאָמענדירט געוואָרן אַזאַ טאַקטיק, וואָס האָט דערלויבט די אַרבעטער־פּאַרטייען צו שטימען פֿאַר בורזשואַזע קאַנדידאַטן אין פּאַרלאַמענט, אויב זיי וועלן נאָר צוזאָגן אונטערצוהאַלטן די אַרבעט־שוץ־געזעצגעבונג.

קעגן ווענדן די טעטיקייט פֿון די פּאַרטייען אויף רעפֿאָרמען אָנשטאָט אויף דעם ענדציל, וואָס איז געווען באַהאַלטן הינטער אַזאַ מין וואַל־טאַקטיק, איז זייער שאַרף אַרויסגעטראָטן בעבעל, און דערביי האָט ער זיך צוגלייך שאַרף געווענדעט קעגן דעם רעפֿאָרמיזם אין דער דייטשישער פּאַרטיי:

„פֿריער ווי אַלץ וואָלט איך וועלן באַטאָנען, אַז לויט מיין מיינונג איז די הויפּט־אויפֿגאַבע פֿון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע ניט אין אויסצוקעמפֿן אַ געזעץ וועגן אַרבעטער־שוץ, נאָר קוידעמקאָל איז איר אויפֿגאַבע אויפֿצוקלערן די אַרבעטער דעם טאָך און דעם כאַראַקטער פֿון דער היינטיקער געזעלשאַפֿט מיטן ציל וואָס גיכער צו פֿאַרניכטן זי און דאַפּקע וואָס גיכער, ווייל זי טראָגט אין אירע אייגענע אַנטוויקלונג־געזעצן דעם טויטנדיקן עמבריאָן פֿון אונטערגאַנג. די אַרבעטער מוזן פֿאַרשטיין דעם טאָך פֿון דער געזעלשאַפֿט, כּדי, ווען עס וועט קומען איר לעצטע שעה, זאָלן זיי קאָנען אויפֿבויען אַ נייע געזעלשאַפֿט. און איך אונטערשטרייך דאָס באַזונדער דערפֿאַר, ווייל די לעצטע צייט איז אין אויסלאַנד אַסאַך מאָל אַרויסגעזאָגט געוואָרן די מיינונג, אַז אין דער דייטשישער פּאַרטיי עקזיסטירן פּרינציפּיעלע מיינונגס־פֿאַרשיידנהייטן אין באַצוג צו דער ראַדיקאַלער אויפֿגאַבע אָדער טאַקטיק. דאָס איז אַ טעות, אַזעלכע מיינונגס־פֿאַרשיידנהייטן זיינען ניטאָ, און דער וואָס וועט פּרווון אָפּצוקערעווען די פּאַרטיי פֿון דער ראַדיקאַלער אויפֿגאַבע, וועט אין דעמזעלבן מאָמענט מוזן פֿאַרלאָזן די פּאַרטיי *)”.

אָבער, בעבעל האָט אָפּגעטעמפּט די דיסקוסיע מיט דער דערקלערונג, אַז די דייטשישע פּאַרטיי שטעלט ניט אַרויס אַזעלכע קאַנדידאַטן, וועלכע זיינען ניט מסכּים מיט דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּראָגראַם ביז צו אירע סאַמע עפּסטע קאָנזעקווענצן, אָבער זי לאָזט איבער די פֿרייהייט פֿאַר די באַוויירים

*) אונטערגעשטראָכן פֿון מיר — ל.

פון אנדערע לענדער צו האנדלען לויט זייערע אייגענע פארהעלטענישן; אין דעריבער וועט זי זיך אפהאלטן בא דער אפשטימונג.

אפילו דער פירער פון דער עסטרייכישער פארטיי וויקטאר **אדלער**, וועלכער האט זיך שפעטער אנטוויקלט פאר איינעם פון די גרעסטע דיפלאמאטן פון אפארטוניזם, איז אין דעם פונקט אוועק נאך ווייטער. ער האט געזאגט:

„פאר אונדז איז דער גאנצער פארלאמענטאריזם, פאר אונדז זיינען וואלרעכט, שטימרעכט, ארבעטער־שוץ נאר מיטלען צום ציל, א גוטער מיטל צו רעוואלוציאניזירן די מוחות, קעדיי צו געווינען די הענט, וואס וועלן מאכן די רעוואלוציע. צוליב דיראזיקע מיטלען וועלן מיר קיינמאל נים ארויסלאזן פון אויג דעם ציל”.

ער מוז שטימען קעגן דעם פונקט אין דער רעזאלוציע, וואס מאכט אפהענגיק די אונטערשטיצונג פון א קאנדידאט פון זיין צוזאג אונטערצושטיצן די ארבעטער־שוץ־געזעצגעבונג; אין עסטרייך, ווו עס איז נישטא קיין אלגעמיינע וואל־רעכט און עס איז זייער גרויס די געפאר „פון בינדלען זיך מיט די בירגערליך־ראדיקאלע פארטייען”, ווארפט דאס די פארטיי אפ,

„...ווייל מיר זיינען איבערצייגט, אז די הערשנדיקע קלאסן וועלן נים פארווירקלעכן אונדזערע פאדערונגען און די ארבעטער וועלן מיר נים געווינען, אויב מיר וועלן אונדזער פאן צונויפוויקלען אדער באהאלטן”.

אין דער אנגענומענער רעזאלוציע איז דער אבזאץ, ווו עס האט זיך גערעדט וועגן דער טאקטיק פון קאמפראמיס מיט די בירגערלעכע פארטייען ארויסגעלאזן געווארן.

איבער דער פראגע וועגן מיליטאריזם האט דער קאנגרעס אנגענומען א רעזאלוציע, וועלכע איז דורכגענומען מיטן גייסט פון רעוואלוציאנערן מארקסיזם און אנטהאלט די שארפסטע אפגרענעצונג פונעם בירגערלעכן פאציפיזם. די רעזאלוציע דערקלערט, אז די סיבע פון דעם שטענדיקן פארבארגנעם קריגצושטאנד און פונעם מיליטאריזם, וואס נעמט זיך דערפון, איז די סיסטעם פון עקספלואטאציע און אלע פרוון צו פארהיטן דעם מיליטאריזם, וואס באריירן נים די עקאנאמישע סיבעס פון די מילכאמעס, זיינען מאכטלאז. נאר די סאציאליסטישע געזעלשאפטלעכע ארדענונג קאן באזייטיקן דעם מיליטאריזם און זיכערן דעם שאלעם. די ארבעטער ווערן אויפגעפאדערט ענערגיש און אן אויפהער צו פראטעסטירן קעגן אלע מילכאמע־געלוסטן און פארזיכערן דעם טריומף פון סאציאליזם, פארשטארקנדיק די אינטערנאציאנאלע ארגאניזאציע. דאס איז דער איינציקער מיטל אפצווענדן די מוירעדיקע קאטאסטראפע פון א וועלט־מילכאמע.

נאך א מער ווייטגייענדיקן קעגנפארשלאג האבן ארייגעטראגן די האלענדער. זייער רעזאלוציע האט דערקלערט, אז:

„אלע מאדערנע מילכאמעס, וואס ווערן ארויסגערופן אויסשליסלעך דורך די קאפיטאליסטן און צוליב זייערע אינטערעסן, זיינען א מיטל אין זייערע הענט אפ אפשוואכן די רעוואלוציאנערע באוועגונג און צו [illegible]־

לידירן די איבערהאַנט פון דער בורזשואַזיע דורכן פּאַרפּעסטיקן די שענד־
לעכסטע עקספּלואַטאַציע..."
דעריבער באַשליסט דער קאָנגרעס:

„אַז די סאָציאַליסטן פון אַלע לענדער אין פאַל, ווען עס וועט ווערן דערקלערט אַ מילכאָמע, ענטפערן מיט אַן אויפרוף צום פאָלק וועגן אַן אַלגעמיינעם שטרייק".*)

ניווענהויס האָט אַזוי באַגרינדעט אָט דעם פאָרשלאָג: די גרויסע פעלקער זיינען צו ווייניק אינטערנאַציאָנאַליסטיש, אַפילו צווישן די סאָציאַל־דעמאָקראַטן זיינען פאַראַן שאָוויניסטן, ווי צום ביישפּיל פאָלמאַר אין דייטשלאַנד. אין פאַל פון אַ מילכאָמע וועלן אַלע סאָציאַליסטן פאַרנעמען איין און דיזעלבע פּאָזיציע. אַנים וועלן די פעלקער, דערהערנדיק די ערשטע קאָמאַנדע, אויסמאַרשירן אַף דער מילכאָמע און איינע די אַנדערע צערייסן אַף שטיקער. דער שאָוויניזם מאַכט אַן אונטערשייד צווישן אַטאַקיר־און פאַרטיידיקונגס־מילכאָמעס. אין פאַל פון אַ מילכאָמע וועט מען די סאָציאַליסטן שטעלן אין די ערשטע רייען, כדי זיי זאָלן זיך איינע די אַנדערע אומברענגען. דעריבער מוזן מיר זיך אָפּזאָגן צו שיסן איינער אין אַנדערן. מע וועט אונדז געוויס אַריינזעצן אין טפיסע, נאָר בעסער צו זיצן אין טפיסע איידער געהאַרגעט צו ווערן. בעסער אַ בירגערקריג קעגן דער בורזשואַזיע איידער אַ מילכאָמע צווישן די פעלקער. אַנשטאָט די רעגירונגען זאָלן די פאָלק־פאַרטרעטער און אַ אינטערנאַציאָנאַלער אַרביטראַזש־געריכט אַנטשיידן וועגן די שטרייט־פראַגן צווישן די פעלקער. אַ פאָלק, וואָס וועט זיך ניט אונטערוואַרפן זאָל ווערן בויקאָטירט פון די איבעריקע. באַ איצטיקע באַהעלטענישן דאַרף דאָס פאָלק אין פאַל פון אַ מילכאָמע אויפהייבן אַן אויפשטאַנד.

דיזאַזיקע רעדע איז אַ וווּנדערבאַרער געמיש פון ריכטיקע רעוואָלוציאָנערע געדאַנקען מיט אַלערליי פּאַציפיסטישע און סינדיקאַליסטישע אילוזיעס: פון איין זייט בירגערקריג קעגן קריג און פון דער צווייטער זייט, אַרביטראַזשגעריכט! ליבקנעכט איז נאַטירלעך געווען גערעכט, ווען ער האָט דערווידערט, אַז מע קען ניט פאַרויס פּראָקלאַמירן אַ „וועלט־שטרייק" אָדער אַ רעוואָלוציע, באַזונדער נעמענדיק אין אַכט די שוואַכקייט פון די פּאָליטישע און פּראָפפאַריינישע אָרגאַניזאַציעס פון דער דאַמאָלסטיקער סאָציאַליסטישער באַוועגונג וואָלט געווען אַן אומזין צו פאָרלייגן די פאַרטייען דורכצופירן אַזעלכע מאַקסימאַלען, אַף וועלכע זיי וואָלטן ניט געסטייעט קיין קויכעס. אויסערדעם, אויב מע נעמט ערנסט די פּערספּעקטיוו פון אַ בירגערקריג, קאָן מען דאָך ניט רעקאָמענדירן די אַרבעטער אָפּצוזאָגן זיך פון מיליטער־דינסט און לאָזן זיך פאַרשפּאַרן אין טפיסע. עס איז דאָך אוממעגלעך אָנצוהייבן אַ בירגערקריג מיט אַ האָפענונג אַף דערפאָלג, ניט האָבנדיק דערביי קיין געווער און ניט טוענדיק אַבסאָליוט אַלץ וואָס איז נאָר מעגלעך אַף צו פאַרשפּרייטן דעם בונטאַרישן גייסט אין דער אַרמיי פון דער רעאַקציע.

---

*) אונטערגעשטראָכן פון מיר. — י. ל.

אבער ניוועןהויס איז געווען פולקום גערעכט, ווען ער האט אנגעוויזן אף דער געפאר פון שאוויניזם אין די סאציאליסטישע פארטייען גופא און האט דעם אינצידענט מיט פאלמארן ניט געהאלטן פאר אן איינצלנעם פאל. האט דאך שוין די מערהייט פון דער סאציאל-דעמאקראטישער פראקציע אין דייטשישן רייכסטאג אין יאר 1885 געשטימט פאר א מעלוכישע סובווענציע פאר א שיף-וועג אין די קאלאניעס מיט אזא באגרינדונג, וואס איז זייער נאענט צום גייסט פונעם סאציאל-פאטריאטיזם. עס איז דעריבער גאר ניט איבעריק געווען צו דיסקוסירן איבערן כאראקטער פון קומענדיקן קריג און איבער דער באנעמונג פון די סאציאליסטן צום קריג. אין ניוועןהויס פאלעמיק קעגן דעם פאנאנדערטיילן אף אנגריף און פארטיידיקונג-מילכאמעס האט, עמעס, געפעלט די מארקסיסטישע באגרינדונג. ער האט נאר אנגעוויזן אף דעם, אז די דיפלאמאטן וועלן יעדער מילכאמע פארשטעלן ווי א פארטיידיקונג-מילכאמע. דאס באווייזט אבער ניט, אז עס קאן ניט זיין קיין גערעכטער פארטיידיקונג-קריג. די דאזיקע פראגע, וואס האט אן אנטשיידנדיקע באדייטונג פאר דער ריכטיקער באציונג פון די סאציאליסטן צו דער מילכאמע, איז ניט געווען פרינציפיעל אופגעקלערט ניט אף דעם, ניט אף וועלכן ניט איז אנדערן פון די ווייטערדיקע קאנגרעסן פונעם צווייטן אינטערנאציאנאל.

ליבקנעכטס שארפער ענטפער ניוועןהויסן איז פארבייגעגאנגען די דאזיקע אלע פראבלעמען. ער האט פראטעסטירט קעגן דעם פארווורף אין שאוויניזם, וועלכן די דייטשישע סאציאל-דעמאקראטיע האט נאך איר האלטונג אין 1870 יאר אמוויניקסטן פארדינט. „ווען עס הויבט זיך אן א מילכאמע גילטן נאר קריג-געזעצן. ווער עס שטעלט זיך קעגן, ווערט איבערגעגעבן צום מיליטער-געריכט און דערשאסן." מע קאן זיך ניט מאכן לעכערלעך דורך רעוואלוציאנער-ע פראזן.

בא אלע פעלערן פון דער דאזיקער דיסקוסיע איז אבער ווערט צו מארקירן, אז סיי אין דער דיסקוסיע, סיי אין דער אנגענומענער רעזאלוציע איז קיינער ניט ארויסגעטראטן פאר דער פאטערלאנד-פארטיידיקונג, וואס איז שפעטער געווארן די עוואנגעליע פונעם צווייטן אינטערנאציאנאל.

די שוואכקייט פונעם צווייטן אינטערנאציאנאל אין די פראגן פון געמיינזאמע אקציעס האט זיך ארויסגעוויזן אין דער דיסקוסיע וועגן דעם מיי-יאנטעוו. קעגן דער פאריזשער רעזאליוציע וועגן מיי-יאנטעוו, קעגן דער איינציקער רעזאליוציע, וואס האט ארופגעלייגט אף די פארטייען א פליכט פון א געמיינזאמער אקציע, זיינען אפן צווייטן קאנגרעס ארויסגעטראטן צוויי פון די ווייכטיקסטע דעלעגאציעס. די דייטשן און די ענגלענדער האבן פארגעלייגט אריבערצוטראגן דעם מיי-יאנטעוו אפן 1-טן זונטיק אין מיי. די דייטשן ווי אויך די ענגלענדער האבן טאקע אין יאר 1890 איינגעארדנט גרויסע דעמאנסטראציעס, נאר זיי האבן ניט געפרווט דערשלאגן זיך, אז די ארבעט זאל אפגעשטעלט ווערן אין א גרויסן מאסשטאב, פארקערט, די פראנצויזן און עסטרייכער האבן נעפירט אן אנטשלאסענעם און דערפאלגרייכן קאמף פאר אפשטעלן די ארבעט. אדאנק דעם ווידערשטאנד פון אט די פארטייען האט זיך ניט איינגע-

נעמען דער פרווו אָפּצוזאָגן זיך אינגאַנצן פון א שטרייק אין דעם מיי־יאָנטעוו.

עס איז אָנגענומען געוואָרן א קאָמפּראָמיס־רעזאָליוציע, וועלכע האָט דערקלערט, אַז דער ערשטער מיי דאַרף זיין א רו־טאָג, „אַף וויפל די באַדינגונגען אין איינצלנע לענדער מאַכן דאָס ניט פאַר אומעגלעך".

## 3. קעגן צאַריזם.—דער מיי־יאָנטעוו און די פראַגן פון טאַקטיק

ציוריך, 1893

דער ציוריכער קאָנגרעס האָט זיך אָפּגעקליבן אין אויגוסט 1893 י., אין א מאָמענט פון שאַרפע קלאַסן־קעגנזאַצן. אין ענגלאַנד האָבן שוין עטלעכע כאַדאָשים געשטרייקט 200.000 באַרג־אַרבעטער; דער שטרייק, וואָס איז דורכגעפירט געוואָרן מיט גרויס קראַפט און אַנטשלאָסנהייט, האָט זיך פאַרענדיקט מיט א טיילווייזן דערפאָלג. אין בעלגיע האָבן די אַרבעטער אַרויסגעריסן בא דער בורזשואַזיע מיט דער הילף פון א גענעראַל־שטרייק געוויסע קאָנצעסיעס אין דער פראַגע וועגן וואַל־רעכט. אין אַלע לענדער זיינען שנעל געוואַקסן די פּאָליטישע און פראָפּפאַריינישע אָרגאַניזאַציעס. צוגלייך האָט דער אַלץ שטייגנדיקער וווּקס פון די באַוואָפּענונגען געשטעלט פאַר דעם אַרבעטער־קלאַס די אויפגאַבע פון פאַרשטאַרקן דעם קאַמף קעגן דער דראָענדיקער מילכאָמע.

איידער דער קאָנגרעס איז צוגעטראָטן צו די פראַגן פון טאָג־אָרדענונג, האָט ער געמוזט ווידער באַטראַכטן די פראַגע וועגן צולאָזן די אַנאַרכיסטן. אַף דעם קאָנגרעס זיינען זיי געווען פאַרטראָטן דערהויפּט דורך די „יונגע" אונטער דער אָנפירונג פון גוסטאַוו לאַנדאַוער — א ריכטונג, וואָס איז אויסגעשלאָסן געוואָרן פון דער דייטשישער פּאַרטיי אַפן ערפורטער קאָנגרעס אין יאָר 1891 און האָט געבילדעט א זעלבשטענדיקע אַנאַרכיסטישע גרופּע. א פאָרקאָנפערענץ אין בריוסעל האָט באַשטימט, אַז צוגעלאָזן צו די קאָנפערענצן וועלן ווערן נאָר די אָרגאַניזאַציעס, וואָס אָנערקענען די נויטיקייט פון אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס און פון פּאָליטישע אַקציעס. אָבער העיוויס לאַנדאַוער האָט דערקלערט, אַז די אַנאַרכיסטן זיינען ניט קעגן יעדע פּאָליטישע אַקציע, האָט די דייטשישע דעלעגאַציע אונטער בעבעלס אָנפירונג אַריינגעטראָגן א צוגאָב־פאָרשלאָג צו די באַדינגונגען פאַר צולאָזן, דער פאָרשלאָג האָט געזאָגט:

„אונטער פּאָליטישע אַקציעס דאַרף מען פאַרשטיין, אַז די אַרבעטער־פּאַרטייען לויט זייערע קרעפטן באַמיען זיך אויסצונוצן די פּאָליטישע רעכט און דעם געזעצגעבערישן אַפּאַראַט אָדער צו באַהערשן אים אין די אינטערעסן פונעם פּראָלעטאַריאַט און קעדיי צו דעראָבערן די פּאָליטישע מאַכט".

באַגרינדנדיק דעם פאָרשלאָג האָט בעבעל אונטערגעשטראָכן, אַז די מיינונג־פאַרשיידנהייטן צווישן די סאָציאַליסטן און אַנאַרכיסטן האָבן א פּרינציפּיעלן כאַראַקטער. די אַנאַרכיסטן דאַרפן זיך צונויפרופן זייער אייגענעם אינטערנאַציאָנאַלן קאָנגרעס, אַזוי ווי דאָס טוען די קריסטלעכע סאָציאַליסטן. „פונקט ווי מיר האָבן זיך אָפּגעגרענעצט אַף רעכטס, פונקט אַזוי זיינען מיר אַנטשלאָסן אָפּצוגרענעצן זיך אַף לינקס".

בעבעלס פֿאָרשלאָג איז מיט אַ גרויסער מערהייט אָנגענומען געוואָרן, און די אַנאַרכיסטן האָבן מיט פּראָטעסט פֿאַרלאָזן דעם קאָנגרעס. פֿרידריך ענגעלס, וועלכער איז געקומען צו דער שלוס־זיצונג פֿונעם קאָנגרעס און האָט געהאַלטן די שלוס־רעדע, האָט אונטערגעשטראָכן די נויטיקייט אָפּצוטיילן זיך אָרגאַניזאַציאָנעל פֿון די אַנאַרכיסטן. צו דער פֿראַגע פֿאַרוואָס דער צווייטער אינטערנאַציאָנאַל האָט ניט אויסגעפֿילט בעבעלס צוזאָג צו מאַכן אַ שאַרפֿן גרענעץ־שטריך אַף רעכטס, ווי קעגן לינקס, וועלן מיר זיך נאָך אומקערן. איצט מוז מען נאָר אָנווייזן אַף איין אַנטשיידנדיקן אומשטאַנד: די אַנאַרכיסטן זיינען געווען אַ שטערונג בײַם דורכפֿירן די פּראַקטישע אויפֿגאַבן, וועלכע זיינען דאַמאָלס געשטאַנען פֿאַר די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען דירעקט, ווײַל אַף דער טאָגאָרדענונג איז נאָך ניט געשטאַנען די פֿראַגע וועגן קאַמף פֿאַר פּאָליטישער מאַכט, מע האָט נאָך געמוזט אַפֿריער אַנטוויקלען דעם פֿונדאַמענט פֿון די פּראָלעטאַרישע מאַסן־אָרגאַניזאַציעס, פֿאַרשפּרייטן דעם סאָציאַליסטישן געדאַנק צווישן די מאַסן. אינעם גרעסטן טייל לענדער האָבן די פּאַרטייען קאָנצענטרירט זייערע קרעפֿטן אַרום דעם קאַמף פֿאַר וואַל־רעכט. אין אַזאַ צייט איז אַ געמיינזאַמע אַרבעט מיט די פּרינציפּיעלע קעגנער פֿון פּאַרלאַמענטאַרישער טעטיקייט געווען אוממעגלעך. די רעפֿאָרמיסטן אָבער, וועלכע האָבן זיך ניט אַנטקעגנגעשטעלט אָפֿן דער פּראַקטיק פֿון דער פּאַרטיי, נאָר האָבן געזוכט אונטערגראָבן זי אונטערערדיש, אַראָפּפֿירן זי פֿונעם וועג פֿון קלאַסן־קאַמף, האָבן צום אָנהויב אויסגעזען ווייניקער געפֿערלעך; ווי געפֿערלעך דער רעפֿאָרמיזם איז, האָט זיך אַרויסגעוויזן ערשט דאַן, ווען פֿאַרן אַרבעטער־קלאַס האָבן זיך געשטעלט גרויסע רעוואָלוציאָנערע אויפֿגאַבן.

אַ כאַראַקטעריסטישער „צופֿאַל" פֿון סימבאָלישער באַדייטונג איז געווען, דאָס, וואָס צוגלייך מיט די מאַנדאַטן פֿון די אַנאַרכיסטן איז אויך אָפּגעוואָרפֿן געוואָרן דער מאַנדאַט פֿון ראָזע ליוקסעמבורג. ראָזע ליוקסעמבורג איז געווען דעלעגירט פֿון אַ צייטונג פֿון דער ס. ד. פֿון פּוילן און ליטע, אַ אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט געפֿירט אַ שאַרפֿן קאַמף קעגן די פּפּ"ס (פּוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי), וואָס איז שוין דאַמאָלסט געווען דורכגעזאַפּט מיט פּוילישן נאַציאָנאַליזם. דער מאַנדאַט איז אָפּגעוואָרפֿן געוואָרן לויטן פֿאָרשלאָג פֿונעם פֿירער פֿון די פּפּ"ס, דאַשינסקי, יענעם דאַשינסקי, וועלכער שפּילט איצט, צען יאָר נאָכדעם ווי ראָזע ליוקסעמבורג איז געפֿאַלן אין קאַמף פֿאַר דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע, שפּילט ער איצט אַלס מאַרשאַל פֿון פּוילישן סיים די ראָליע פֿון אַ געטרייען הויז־קנעכט פֿונעם פֿאַשיסטן־פֿירער פּילסודסקי.

די דיסקוסיע וועגן „דער פּאָזיציע פֿון די סאָציאַל־דעמאָקראַטן אין פֿאַל פֿון אַ מלחמה" האָט אַרויסגערופֿן צוגאַבע דער דיסקוסיע אין בריסעל אַ נייעם מאָמענט: די פֿראַגע וועגן קאַמף קעגן צאַריזם. ווידער איז קעגן אַ פֿאָרשלאָג פֿון די האָלענדער וועגן וואַרפֿן די אַרבעט און אָפּזאָגן זיך פֿון מיליטער־דינסט אין פֿאַל פֿון אַ מלחמה געשטאַנען אַ דייטשישער פֿאָרשלאָג, וואָס האָט איבערגעכאַזערט די געדאַנקען פֿון דער בריסעלער רעזאָליוציע. פּלעכאַנאָוו, דאַמאָלסט דער פֿירער פֿון דער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע,

פון דער געגרינדעטער אין 1893 יאר „גרופּע צו באפרייען די ארבעט", איז אלס באריכטאפגעבער פון דער קאמיסיע ארויסגעטראטן קעגן א גענעראל־שטרייק, מאטיווירנדיק עס מיט ארגומענטן, וואס מע פלעגט געוויינלעך דעמלט געברויכן, הגם זיי זיינען שוין געווען אפגעלייקנט דורכן בעלגישן גענעראל־שטרייק אין 1893 יאר:

„אפן באזן פון דער איצטיקער געזעלשאפט קאן מען ניט דורכפירן קיין אלגעמיינעם שטרייק, ווייל דער פראלעטאריאט האט ניט די מאכט דערצו. וואלטן מיר, פון דער צווייטער זייט געווען בעקוועם דורכפירן א גענעראל־שטרייק, וואלט שוין די עקאנאמישע מאכט געווען אין די הענט פונעם פראלעטאריאט און דאן וואלט שוין א גענעראל־שטרייק געווען א נארישקייט".

אין דער פראגע וועגן א מיליטער־שטרייק האט פלעכאנאוו צו ליבקנעכטס ארגומענטן, אז א מיליטער־שטרייק אין די מיליטאריסטישע לענדער וועט ברענגען צום אומקום פון די שטרייקער, צוגעגעבן נאך א מאמענט: „דער מיליטערישער שטרייק וועט אין דער ערשטער ריי אנטוואפענען גראדע די קולטור־פעלקער און וועט איבערגעבן מיזרעך־אייראפּע אין דער מאכט פון די רוסישע קאזאקן." *)

ניוועגהויס האט ווידער אנגעגריפן דעם שאוויניזם פון דער דייטשישער סאציאל־דעמאקראטיע, אבער דאס מאל האט ער געווענדעט זיינע פיילן ניט קעגן פאלמארן, נאר קעגן בעבעלן, קעגן זיין בארימטער דערקלערונג אין רייכסטאג: אין פאל פון א מלחמה קעגן רוסישן צאריזם וועט ער זיך אליין נעמען צום געווער. ניוועגהויס האט געהאלטן, אז עס וואלט ניט געווען אזא גרויסער אומגליק, אויב עס וואלט געקומען צו א רוסישע אינוואזיע אין דייטשלאנד. די גריכישע און רוימישע קולטורן זיינען ניט אונטערגעגאנגען פון דער אינוואזיע פון די בארבארן. דאס אפזאגן זיך פון מיליטער־דינסט וואלט יעדנפאלס ארויסגערופן א בירגער־קריג און א בירגער־קריג איז בעסער ווי א קריג צווישן די פעלקער. די בונטן אין די ארמייען, אין ענגלאנד, בעלגיע, איטאליע, די פאריזשער קאמונע פון 1871 יאר ווייזן, אז דאס איז מעגלעך.

א פוילישער דעלעגאט איז שארף ארויסגעטראטן קעגן ניוועגהויס. בעבעלס רעדע האט אין פוילן געגעבן א שטויס דעם סאציאליסטישן געדאנק און אויפגעוועקט דעם אלטן, היסטארישן רעוואליוצ. גייסט פון דער באפעלקערונג.

ליבקנעכט האט נאך אמאל דערמאנט די האלטונג פון די דייטשישע סאציאליסטן אין 1870 יאר. די דייטשישע סאציאל־דעמאקראטיע, האט ער געזאגט, האט זיך קיינמאל ניט אפגעזאגט פון קאמף קעגן מיליטאריזם, האט אים ניט באוויליקט קיין שום מיטלען. מע מוז זיך זעען דערשלאגן, אז דער גייסט פון סאציאליזם זאל פאראליזירן די אייזערנע האנט פונעם מיליטאריזם. „דאס וועלן מיר אבער ניט באווייזן מיט דער הילף פון קינדערישע פארשווערונגען אין די קאזארמעס, נאר מיט דער הילף פון אומדערמידלעכער פראפאגאנדע צווישן פאלק".

---

*) אונטערגעשטראכן פון מיר.—י. ל.

וויקטאָר אַדלער האָט דערקלערט אין נאָמען פון דער עסטרייכישער פאַרטיי, אַז מע טאָר ניט עפענען פאַר רוסלאַנד דעם וועג, וואָס וועט פירן איבער די קערפּערס פון די פּוילישע מאַרטירער. מע טאָר ניט איבערגעבן אין די הענט פונעם צאַריזם אַ האַלבע סאָציאַליסטישע אייראָפּע. אונטער רוסלאַנד דאַרף מען ניט פאַרשטיין דאָס רוסישע פאָלק, נאָר דעם רוסישן צאַריזם „און אין יעדן לאַנד — אויך בא אונדז אין עסטרייך — האָבן מיר גענוג צאַריזם".

אוועלינג האָט דערקלערט אין נאָמען פון דער ענגלישער דעלעגאַציע:

„וואָלטן מיר געווען גענוג שטאַרק אַף דורכפירן אַ מיליטער־שטרייק, וואָלטן מיר געטאָן גאָר אַן אַנדער זאַך, דאַן וואָלט זיך פאַר אונדז גאָר געהאַנדלט וועגן אָפּשיקן דעם קאַפּיטאַליזם אין הימל אָדער אין גהענעם אַריין".

דער בעלגישער דעלעגאַט וואַלדערס איז אַרויסגעטראָטן קעגן דעם פאַלשן שטאַנדפונקט פון די דייטשן, אַז עס איז אינגאַנצן ניט נויטיק קיין ספּעציעלע אַנטימיליטאַריסטישע פּראָפּאַגאַנדע. די בעלגישע סאָציאַליסטן אַגיטירן אויך צווישן מיליטער, פירן אויך אַ פּראָפּאַגאַנדע אין די קאַזאַרמעס. זיי אָרדענען איין זייערע פאַרזאַמלונגען ניט ווייט פון די קאַזאַרמעס, קעדיי צו קאָנען זאָגן דעם עמעס די סאָלדאַטן. ער האָט פאָרגעלייגט אַ צונאָב:

„די פאַרטרעטער פונעם אַרבעטער־קלאַס אין אַלע געזעצגעבערישע פאַרזאַמלונגען זיינען מעכויעוו אָפּצוואַרפן די מיליטערישע קרעדיטן, פּראָטעסטירן קעגן מיליטאַריזם און אַרויסטרעטן פאַר אַנטוואָפענונג."

פּלעכאַנאָוו האָט אין זיין שלוס־וואָרט גאַנץ אַנטשיידן פאַרטיידיקט בעבעלס שטאַנדפונקט:

„אויב די דייטשישע אַרמיי וועט אַריבערגיין אונדזערע גרענעצן, וועלן זיי קומען ווי באַפרייער, ווי די פראַנצויזן פונעם נאַציאָנאַלן קאָנווענט זיינען מיט הונדערט יאָר צוריק געקומען אין דייטשלאַנד, קעדיי ווי זיגער איבער די פירשטן ברענגען פרייהייט דעם פאָלק".

בא דער אָפּשטימונג האָט די מערהייט פראַנצויזישע דעלעגאַטן געשטימט מיט די נאָרוועגישע און אויסטראַלישע פאַר דעם האָלענדישן פאָרשלאַג. דער דייטשישער פאָרשלאַג מיט דעם בעלגישן צונאָב וועגן אָפּוואַרפן די מיליטער־קרעדיטן און וועגן אַלגעמיינער אַנטוואָפענונג איז אָנגענומען געוואָרן (דערביי האָבן זיך די אָנהענגער פון דער האָלענדישער רעזאָליוציע אָפּגעהאַלטן פון שטימען).

געוויס איז די מערהייט געווען אומגערעכט אָפּוואַרפנדיק פּרינציפּיעל דעם גענעראַל־שטרייק און ניט פאַרשטייענדיק די נייטיקייט פון אַ אַנטימיליטאַריסטישער אַרבעט. זי האָט אָבער אָפּגעוואָרפן דעם שטאַנדפונקט פון גלייכגילטיקייט קעגן דער געפאַר פון אַ רוסישער אינוואַזיע און האָט אונטערגעשטראָכן די נויטיקייט צו קעמפן קעגן צאַריזם און איז געווען אין פולקומער האַסקאָמע מיט די טראַדיציעס פון רעוואָליוציאָנערן מאַרקסיזם זינט דעם יאָר 1848 און מיט דעם שטאַנדפונקט, וואָס ענגעלס האָט נאָך פאַרטראָטן אין די ניינציקער יאָרן. אין 1893 יאָר איז רוסלאַנד נאָך בעלי סאָפעק געווען די פעסטונג פון דער

אינטערנאַציאָנאַלער רעאַקציע. וויקטאָר אַדלער איז אויך געווען געווים געוועקט, אַז אין עסטרייך איז נאָך אויך פאַראַן גענוג „צאַריזם" — און אויך אין דייטשלאַנד — אָבער די לאַגע אין דידאָזיקע לענדער האָט זיך אונטערשיידט דערמיט, וואָס אין רוסלאַנד איז נאָך ניט געווען קיין רעוואָליוציאָנערע מאַסן־באַוועגונג, עס האָבן זיך ערשט באַוויזן די ערשטע שפּראָצן פון סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציעס, ווען אין דייטשלאַנד האָט זיך שוין אַנטוויקלט אַ סאָציאַליסטישע מאַסן־באַוועגונג. רוסלאַנדס זיג איבער דייטשלאַנד אין דעם מאָמענט וואָלט אָן ספק באַטייט אַ פאַרשטאַרקונג פון דער אינטערנאַציאָנאַלער רעאַקציע, די אינטערנאַציאָנאַלע אַרבעטער־באַוועגונג וואָלט זיכער אָפּגעוואָרפן געוואָרן אָפּ צוריק. דעריבער איז ענגעלס אַרויסגעטראָטן אין יאָר 1892 אין זיין באַרימטן אַרטיקל „דער סאָציאַליזם אין דייטשלאַנד" פאַר דער נויטיקייט פון אַ נאַציאָנאַלער פאַרטיידיקונג אין פאַל, אויב רוסלאַנד וועט אָנגרייפן אויף דייטשלאַנד. ער האָט געשריבן:

„אַ מילכאָמע, באַ וועלכער די רוסן און פראַנצויזן וואָלטן אַריינגעמאַרשירט אין דייטשלאַנד, וואָלט פאַר דייטשלאַנד געווען אַ קאַמף אויף לעבן און טויט, און דייטשלאַנד וואָלט געקאָנט זיכערן זיין נאַציאָנאַלע עקזיסטענץ נאָר אָנווענדנדיק רעוואָליוציאָנערע מאַסמיטלען. די איצטיקע רעגירונג, אויב מע וועט זי ניט צווינגען, וועט געווים ניט פאַנאַנדערבינדן קיין רעוואָליוציע. אָבער מיר האָבן אַ שטאַרקע פּאַרטיי, וואָס וועט זי דערצווינגען און אויב עס וועט זיין נויטיק קאָן זי די רעגירונג פאַרבייטן, דאָס איז די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי.

און מיר האָבן ניט פאַרגעסן דעם גרויסאַרטיקן ביישפּיל, וואָס פראַנקרייך האָט אונדז אין 1793 געגעבן. דער הונדערטיאָריקער יובילײ פון 1793 דערנענטערט זיך. אויב די דעראָבערונגס־געלוסטן פון צאַר און די שאָוויניסטישע אומגעדולד פון דער פראַנצויזישער בורזשואַזיע וועט זיך שטעלן אין וועג דעם זיגרייכן אָבער פרידלעכן מאַרש פון די דייטשישע סאָציאַליסטן, זיינען זיי גרייט — איר קענט זיך אָפּ דעם פאַרלאָזן — צו באַוויזן דער וועלט, אַז דער איצטיקער דייטשישער פּראָלעטאַריער איז ניט ערגער פון די פראַנצויזישע סאַנקיולאָטן פון הונדערט יאָר צוריק און אַז דאָס יאָר 1893 וועט זיך פאַרגלייכן מיט 1793 *)."

נעמענדיק אין אכט די קאָנקרעטע לאַגע אין יאָר 1893, איז אַזוי אַרום ענגעלס אַרויסגעטראָטן פאַר דער נויטיקייט פון אַ נאַציאָנאַלער פאַרטיידיקונג פאַר דייטשלאַנד קעגן דעם צאַריזם. עס איז קלאָר אָבער, אַז ער האָט דערביי ניט געטראַכט וועגן אַ בורגפרידן פון די סאָציאַליסטן מיט ווילהעלם דעם צווייטן, נאָר וועגן אַ רעוואָליוציאָנערן קריג, אין וועלכער די סאָציאַליסטן זאָלן פאַרכאַפּן פאַר זיך די אָנפירונג. דערזעלבער געדאַנק איז ווייזט אויס געווען אויך באַ פּלעכאַנאָוון, ווען ער האָט פאַרגליכן די באַפרייער־ראָליע פון דער דייטשישער אַרמיי מיט דער באַפרייער־ראָליע פון דער פראַנצויזישער רעוואָליוציאָ־

*) פר. ענגעלס, „דער סאָציאַליזם אין דייטשלאַנד". אונטערגעשטראָכן פון מיר.—ל.

נערער ארמיי, וועגן דער האליע פון באפרייער פאר די פרייסישע גרענאדירן אונטער ווילהעלמס קאמאנדע האט ער געוויס ניט געטראכט.

דיזאזיקע פאזיציע פון די רעוואליוציאנערע סאציאליסטן אין דער פראגע וועגן קאמף קעגן צאריזם אין דעם מאמענט, ווען דער אימפעריאליזם אין דייטשלאנד האט זיך ערשט אנגעהויבן צו אנטוויקלען, ווען די עפאכע פון אימפעריאליסטישע מילכאמעס איז ערשט אנגעקומען, קאן נאטירלעך אין קיין פאל ניט בארעכטיקן די האלטונג פון די דייטשישע סאציאל־פאטריאטן אין 1914 יאר. דאס אויסנוצן מארקס און ענגעלסעס שטעלונג צום צאריזם אף בארעכטיקן דעם סאציאל־אימפעריאליסטישן פארברעכן פון 1914 יאר איז שוין אין דער מארקסיסטישער ליטעראטור גענוג אויספירלעך קריטיקירט געווארן: פון זינאוויעוון אינעם בוך „די מילכאמע און דער קריזיס פונעם סאציאליזם“, פון לענינען און זינאוויעוון אינעם ווערק „דער סאציאליזם און די מילכאמע“ (לענין, געזאמלטע ווערק, באנד 18), ווי אויך אין דעם זאמלבוך „קעגן דעם שטראם“ און פון ראזע ליוקסעמבורג אין איר „יוניוס־בראשור“. א סימען פון דער פולקומער וויסנשאפטלעכער דעגענעראציע פון דער דייטשישער סאציאל־דעמאקראטיע (א לאגישער רעזולטאט פון איבערגאנג צום אפארטוניזם) איז דאס, וואס זי האט קיינמאל ניט געפרווט דיזאזיקע קריטיק פון די רעוואליוציאנערע מארקסיסטן ערנסט צו באהאנדלען, אבער בא יעדער געלעגנהייט נוצט זי ווידער אויס די ליגנערישע פארופונג אף מארקסן און ענגעלסן, קעדיי צו בארעכטיקן די פאליטיק פון 1914.

אין דער פראגע וועגן מיי־יאנטעוו האט זיך געווענדעט די קריטיק פון אלע דעלעגאציעס קעגן דער האלטונג פון דער דייטשישער פארטיי. און בעעמעס, די דייטשן האבן דעם באשלוס פונעם פאריזשער קאנגרעס וועגן דעם מיי־יאנטעוו אין פארגלייך מיט זייערע קרעפטן דורכגעפירט ערגער ווי אלע אנדערע פארטייען. אין אפריל 1890 יאר האט די פראקציע פונעם רייכסטאג (קעגן האט געשטימט ווילהעלם ליבקנעכט) אנגענומען אן אופרוף, וואס איז געווען דירעקט געווענדעט קעגן מיי־יאנטעוו, אין הייפעך צו דעם אופרוף פון דער בערלינער ארגאניזאציע פאר דעם מיי־יאנטעוו. די פראקציע פון רייכסטאג, ווידערשפרעכנדיק אפן קעגן דעם גייסט און בוכשטאב פונעם פאריזשער באשלוס, דערקלערט, אז דיזעלבע ארגומענטן, וואס זיינען גילטיק קעגן אן אלגעמיינעם שטרייק, זיינען אויך גילטיק קעגן דעם פלאן פון אן אלגעמיינעם ווארפן די ארבעט אין איין באשטימטן טאג.

„בא אזעלכע באדינגונגען דערלויבט אונדז ניט אונדזער געוויסן אופצופאדערן די דייטשישע ארבעטער, אז זיי זאלן אלע אין איין טאג, דעם 1־טן מיי, ווארפן די ארבעט“.

דעם ערשטן מיי זאל מען פייערן דורך פארזאמלונגען, פייערונגען, דעמאנסטראציעס. נאר דארטן, ווו דאס איז מעגלעך „אן קאנפליקטן“, זאל מען אויך ווארפן די ארבעט. דער רעזולטאט פון דעמדאזיקן באשלוס איז געווען אזא, אז נאר אין האמבורג האבן די ארבעטער געווארפן די ארבעט, און אין די רייען פון דער פארטיי און צווישן די פארגעשריטענע ארבעטער האט דאס ארויס־

גערופן א דערזדריקטע שטימונג, וועלכע האט זיך טיילווייז אויסגעדריקט אין דער אפאזיציע פון די „יונגע". פרידריך ענגעלס האט באַדעכטיקט דעם באַשלוס פון דער פארטיי־פירונג, ווייל דער טערמין פונעם סאציאליסטן־געזעץ האט געהאלטן באַם אויסגיין און מע האט ניט געדאַרפט געבן דער רעגירונג קיין גע־לעגנהייט צו א פּראוואקאציע, אָבער ער האט אויך געהאלטן אז:

„די פּראָקלאַמאַציע פון דער פּראַקציע איז א שלעכטע, און די פּלאַפּ־לעריי וועגן אַלגעמיינעם שטרייק איז איינגאַנצן איבעריק".

וואָלט זיך געהאַנדלט נאָר וועגן דעם, אַז מע זאָל אין 1890 י. דורך א גע־וויסער פאַרזיכטיקייט פאַרלייכטערן דאָס אָפּשאַפן דעם סאַציאַליסטן־געזעץ, וואָלט מען דאָס־נאָך געקענט אַנטשולדיקן. אָבער אין דער ווירקלעכקייט האָט די פּאַרטיי־אַנפירונג אַרויסגעוויזן דורך איר סאַבאָטאַזש קעגן דעם שטרייק פאַר־נעם 1־טן מיי, אַ קאָנזעקווענטע ליניע אויסצומיידן יעדן קאַמף, וואָס פאָדערט קאַרבאָנעס. דער בערלינער קאָנגרעס פון דער פּאַרטיי האָט דירעקט באַשלאָסן, דאָס מאָל פאַרפּגדיק זיך אַפן עקאָנאָמישן וועלט־קריזיס — ווען מע וויל אויס־מיידן א קאַמף, געפינט מען שטענדיק א טערעץ — זיך אָפּצוזאָגן פון וואַרפן די אַרבעט און די פייערונג איבערטראָגן אַף איינאָוונט. אין אַנדערע לענדער, וווּ דער מיי־יאָנטעוו האָט אויך ניט ווייניק קאַרבאָנעס געפאָדערט, האָבן די סאָציאַ־ליסטישע פּאַרטייען געהאַלטן פאַר זייער ערן־כויוו פאַר יעדן פּרייז אויספילן די פאָדערונגען, וואָס ליגנט אַף זיי אַרויף די אינטערנאַציאָנאַלע פּראָלעטאַרישע סאָלידאַריטעט. אַזוי האָבן זיך די פראַנצויזישע אַרבעטער ניט אָפּגעהאַלטן פון רעוואָלוציאָנערע מיי־דעמאָנסטראַציעס, ניט געקוקט אַף די ווילדעסטע פּאָלי־צייישע ברוטאַליטעטן, וואָס האָבן שוין אין 1891 י. בא דעם מיי־יאָנטעוו אין פורמיז (צאָפּן־פראַנקרייך) געקאָסט קאַרבאָנעס. אויך אין עסטרייך־אונגאַרן, וווּ די רעאַקציע האָט ניט ווייניקער געווילדעוועט קעגן די אַרבעטער ווי אין דייטשלאַנד, וווּ די מיי־פייערונג האָט רעגלמעסיק אַרויסגערופן רעפּרעסיעס, איז דער מיי־יאָנטעוו יאָר איין יאָר אויס דורכגעפירט געוואָרן מיט גרויס ענטוזיאַזם.

וויקטאָר אַדלער, וואָס האָט לויטן אויפטראָג פון דער קאָמיסיע רעפערירט די פראַגע אין פּלענום, האָט אָפן דערקלערט, אַז דער ציל פון דער רעזאָלוציע איז צו דערוועקן צו מער אַנטשיידענערע טאַטן קעגן די דייטשן, וואָס מיט זייער פּאַרהאַלטן זיך פאַרשוועריקן זיי דעם קאַמף פון די אַרבעטער אין אַנדערע לענדער. די קאָמיסיע האָט פאָרגעלייגט צו באַשטעטיקן די רעזאָלוציע פון בריוסעל און פאַרשטאַרקן זי מיט פאָלגנדיקע צוגאָבן:

„די סאַציאַל־דעמאָקראַטיע פון יעדן לאַנד איז מחויב צו שטרעבן דורכפירן דעם 1־טן מיי אַן אַלגעמיינעם שטרייק און אונטערצושטיצן יעדן פּרוּוו אין אַט דער ריכטונג מיטצאַד אייגנצלנע ערטער און אייגנצלנע אָר־גאַניזאַציעס..."

„די דעמאָנסטראַציע דעם ערשטן מיי פאַרן אַכט־שעיקן אַרבעט־טאָג דאַרף צוגלייך זיין א דעמאָנסטראַציע פונעם פעסטן ווילן פונעם אַרבעטער־קלאַס צו באַזייטיקן דורך א סאָציאַלע רעוואָלוציע די קלאַסן־אונטערשיידן

און אזוי ארום זיך שטעלן אף דעם איינציקן וועג, וואָס פירט צו שאָלעם אין יעדן פאָלק און צום אַלגעמיינעם אינטערנאַציאָנאַלן שאָלעם".
אַדלער האָט אזוי באַגרינדעט דעם פאָרשלאָג:

„וועלן מיר ניט מאַכן קיין טריט פאָרויס, וועט דער מיי־יאָנטעוו איינשלאָפן... אין דייטשלאַנד האָט מען אַסאַך שטרענגער אָפּגעהיט דעם באַשלוס, ניט צו וואַרפן די אַרבעט, ווי דעם באַשלוס ניט צו פייערן דעם ערשטן מיי אין וועלכן ניט איז זונטיק פון מיי־כוידעש".

צו פאַרטיידיקן דעם דייטשישן שטאַנדפּונקט האָט בעבעל געהאַלטן אַ רעדע, וועלכע פאַרשאַפט ניט קיין איבעריקן קאָוועד דעמדאַזיקן גרויסן אַרבעטער־פירער. די רעדע איז דורכגעדרונגען מיטן גייסט פון קליינלעכן ביוראָקראַטיזם, וואָס האָט מוירע פאַר קאַרבאָנעס, דעם ביוראָקראַטיזם, וואָס האָט געקריגן אַלץ אַ גרעסערן איינפלוס מיטן פאַרשטאַרקן זיך פון דער אָרגאַניזאַציע, באַזונדער פון די פּראָפאַריינען.

בעבעל האָט דערקלערט, אַז ער קאָן ניט מאַסקים זיין אף אַ רעזאָליוציע, וואָס אין קעגנזאַץ צום בריוסעלער באַשלוס נעמט זי צו בײַ איינצלנע אָרגאַניזאַציעס דאָס רעכט אליין צו באַשטימען די פאָרם פונעם מיי־יאָנטעוו. דאָס איז ניט דערלאָזבאַר. וועט אין אַ פאַרטיי־פאַרזאַמלונג אַ מינדערהייט שטימען פאַר וואַרפן די אַרבעט, וועט לויט דער רעזאָליוציע די מערהייט זיך מוזן אונטערוואַרפן דער מינדערהייט. דאָס וואָלט האַפקע געהייסן אַ ברוך פון דער פאַרטיי־דיסציפּלין. און די פאַרטיי וואָלט געמוזט נעמען אף זיך ניט נאָר די מאָראַלישע, נאָר אויך פינאַנציעלע פאַראַנטוואָרטלעכקייט. אויסערדעם איז ניט אָנעמבאַר די פאָרמולירונג, אַז די „קלאַסן־אונטערשיידן זאָלן באַזייטיקט ווערן דורך „אַ סאָציאַלע רעוואָליוציע". בײַ אַזאַ פאָרמולירונג וואָלט די פייערונג פונעם 1־טן מיי אין אַ ריי דייטשישע מעלוכעס געוואָרן אוממעגלעך צוליב די עקזיסטירנדיקע געזעצן".

די דייטשישע דעלעגאַציע האָט געשטימט פאַרן לעצטן צוגאָב נאָכדעם ווי מע האָט דאָס וואָרט „רעוואָליוציע" איבערגעביטן אף „אומענדערונג". אָבער ווייטער האָט דייטשלאַנד צוזאַמען מיט דענעמאַרק, בולגאַריע און רומלאַנד געשטימט קעגן ערשטן צוגאָב און זינגער האָט די זאַך נאָך מער פאַרערגערט דערקלערנדיק, אַז די דייטשישע כאַווײרים זיינען „אין פּרינציפּ" אויך אזוי אויפריכטיק פאַר וואַרפן די אַרבעט ווי די אַנדערע, אָבער זיי קאָנען ניט „דערלאָזן, אַז איינצלנע פּערזאָנען זאָלן זיי אין דער ריכטונג געבן וועלכע ניט איז אָנווייזונגען *)".

אין אַט דעם באַצייכענען אַ אינטערנאַציאָנאַלן באַשלוס ווי „אָנווייזונגען פון איינצלנע פּערזאָנען" האָט זיך אויסגעדריקט יענע גרינגשעצונג פונעם אינטערנאַציאָנאַל, וואָס איז אזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר דער פּראַקטיק פון די פאַרטייען פונעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל. אין דער פּראַקטיק איז די מאָמענט פון ניט וואַרפן די אַרבעט דעם 1־טן מיי אין די פאַלן, ווען דאָס האָט געדראָהט

*) אונטערגעשטראָכן פון מיר. — ל. ל.

קאַסטן קאַרבאָנעס, איז אין דייטשלאַנד אין די ווייטערדיקע יאָרן אויך פאַרגעזעצט געוואָרן.

די דיסקוסיע איבער דער „פּאָליטישער טאַקטיק פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע" האָט אויך אויפגעדעקט איינעם פון די שוואַכסטע מאָמענטן פונעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל. אינעם אָפּוואַרפן די אָפּאָרטוניסטישע טאַקטיק פון קאָמפּראָמיסן מיטן בירגערטום און וועגן דעם ציל פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע זיינען די וויכטיקסטע פירער פון יענער צייט געווען אייניק צווישן זיך, האָבן זיי אָבער ניט געהאַט קיין קלאָרע פאַרשטעלונג וועגן די אויפגאַבן פונעם פּראָלעטאַריאַט אין דער רעוואָלוציע, וועגן דער באַציונג פון דעם אַרבעטער־קלאַס צו דער בירגערלעכער מעלוכע.

די רעזאָלוציע, וואָס די קאָמיסיע האָט פאָרגעלייגט און וואָס איז אָנגענומען געוואָרן מיט אַ איבערוועגנדיקער מערהייט, האָט אַנטהאַלטן פאָלגנדיקע געדאַנקען: די פּראָפעסיאָנישע אָרגאַניזאַציעס און די פּאָליטישע אַקציעס זיינען נויטיק סיי ווי אַ מיטל פון אַגיטאַציע פאַר די פּרינציפּן פון סאָציאַליזם, סיי קעדיי צו דערשלאָגן זיך די דרינגענדיק נויטיקע רעפאָרמען. דעריבער מוזן די אַרבעטער אויסקעמפן פּאָליטישע רעכט, קעדיי זיי זאָלן קענען פאַרטרעטן זייערע פאָדערונגען אין געזעצגעבערישע און אַדמיניסטראַטיווע אַנשטאַלטן, און דעראָבערן די פּאָליטישע מאַכט, קעדיי זי פון „אַ מיטל פון קאַפּיטאַליסטישער הערשאַפט פאַרוואַנדלען אין אַ מיטל אַף צו באַפרייען דעם פּראָלעטאַריאַט". דעם אויסוואַל פון די פאָרמען און אויפן פון קאַמף בלייבט צו באַשטימען די איינצלנע לענדער, אָבער עס איז נויטיק:

„...אַז אין דידאָזיקע קאַמפן זאָל אָפן ערשטן פּלאַן בלייבן דער רעוואָלוציאָנערער ציל פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, די פולשטענדיקע עקאָנאָמישע פּאָליטישע און מאָראַלישע איבערבויונג פון דער איצטיקער געזעלשאַפט. אין קיין פאַל טאָרן די פּאָליטישע אַקציעס ניט דינען אַלס אויסרייד פאַר קאָמפּראָמיסן און בלאָקן, וואָס קאָנען ברענגען שאָדן אונדזערע פּרינציפּן אָדער אונדזער זעלבשטענדיקייט".

ווייטער האָט זיך די רעזאָלוציע אַרויסגעזאָגט פאַר דאָס רעכט צו פאַרלייגן געזעצן און באַשטעטיקן געזעצן („רעפערענדום") און פאַר דער פּראָפּאָרציאָנעלער וואַל־סיסטעם.

די רעזאָלוציע, וואָס האָט געוואָרנט קעגן פּרינציפּלאָזע קאָמפּראָמיסן און האָט רעקאָמענדירט ניט אַרויסלאָזן קיינמאָל פון די אויגן דעם רעוואָלוציאָנערן ציל, אַנטהאַלט צוגלייך ריין רעפאָרמיסטישע באַגריפן אין דער פראַגע וועגן מעלוכע: ניט כאָרעוו מאַכן די בורזשואַזע מעלוכע און שאַפן אַ פּראָלעטאַרישע, נאָר פאַרוואַנדלען די הערשאַפט־מיטלען פונעם קאַפּיטאַל, ד. ה., פון דער בירגערלעכער מעלוכע מיט איר ביוראָקראַטיע און באַוואָפנטע קויכעס, אין אַ מיטל צו באַפרייען דעם פּראָלעטאַריאַט. די אינטערנאַציאָנאַלע קאָנגרעסן האָבן קיינמאָל ניט דורכגעלאָזן קיין געלעגנהייט צו פייערן דעם אָנדענקען פון דער פּאַריזשער קאָמונע און פאַרויסזאָגן דאָס אָנקומען פון דער אַלוועלטלעכער קאָמונע, נאָר מע האָט פאַרגעסן די וויכטיקסטע לערע, וואָס מאַרקס האָט גע־

נומען פון די דערפארונגען פון דער קאמונע, דאס הייסט, אז די פראלעטא־רישע רעוואָליוציע קען ניט פּאַשעט איבערנעמען די אַלטע מעלוכישע מאשין, נאָר זי מוז זי כאָרעוו מאכן.

אַט דאָ האָט זיך אָפּגערופן די אומקלאָרקייט, וואָס איז געבליבן אין דער־דאָזיקער פראגע אין דער פראָגראם פון דער דייטשישער פּאַרטיי, וואָס איז אָנגענומען געוואָרן אין יאָר 1891 אַף דעם ערפורטער קאָנגרעס, ניט געקוקט אַף ענגעלסעס קריטיק: „דאָס, וואָס מע האָט אייגנטלעך געדאַרפט זאָגן איז אין דער פראָגראם ניטאָ *)". די־דאָזיקע פראָגראם, וועלכע האָט זיך גערעכנט אין דער צייט פונעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל פאר דער בעסטער מארקסיסטישער פּאַרטיי־פראָגראם, כאַראַקטעריזירט אפילע גאַנץ ריכטיק די אַנטוויקלונג־טענ־דענצן פון דער בירגערלעכער געזעלשאַפט, די פאַרשאַרפונג פונעם קלאסן־קאַמף, וואָס מוז אומבאַדינגט פירן צום אונטערגאַנג פון דער־דאָזיקער געזעלשאַפט, אָבער זי באַנוגנט זיך מיט אַן אַקציע־פראָגראם, וואָס אַנטהאַלט בירגערלעך דעמאָקראַטישע און סאָציאַלע רעפאָרמען, אָבער קיין איין וואָרט ניט וועגן די אויפגאַבן פון דער פראָלעטאַרישער רעוואָליוציע בנוגע צו דער מעלוכע.

וואַנדערוועלדע, וועלכער האָט שטענדיק, אפילע אין דער צייט פון זיין טיפּסטער ירידע, פאַרמאָגט די קונסט צו פּאַרטייִדיקן א שלעכטע זאַך מיט שיינע ווערטער, האָט באַזונדער פּלאַסטיש אויסגעדריקט יענעם געמיש פון רע־וואָליוציאָנערע פּרינציפּן און פּרינציפּיעלע אומקלאָרקייטן אין דער פראגע וועגן די אויפגאַבן פון דער רעוואָליוציע. ער האָט דערקלערט:

„מיר פאַרלייקענען ניט די געפאַר פון קאָרופּציע אינעם פּאַרלאַמענטאַ־ריזם, וואָס פירט צו די סאַמע אומגאַטירלעכע קאָמפּראָמיסן, און אפילע צום פאַראַט די פּרינציפּן. נאָר די געפאַר פון קאָרופּציע ליגט ניט אינעם טאָך פון פּאַרלאַמענטאַריזם, נאָר דערין, וואָס די פּאַרלאַמענטן געפינען זיך אין די הענט פון דער בורזשואַזיע; וועלן די פּאַרלאַמענטן אריבער אין די הענט פונעם באַפרייטן פּראָלעטאַריאַט, וועט דערמיט גופע אונטערגעגראָבן ווערן דער וואָרצל פון קאָרופּציע. אָבער ווייל מיר אָנערקענען די געפאַרן פונעם פּאַרלאַמענטאַריזם אין דער בירגערלעכער געזעלשאַפט, האָבן מיר דעריבער איינגעשטעלט געוויסע גאַראַנטיעס, פּאָדערנדיק פון די אַרבעטער־פּאַר־טרעטער, וואָס גייען אין פּאַרלאַמענט, זיי זאָלן אויספילן געוויסע באַדינ־גונגען. אינעם קלאַסן־קאַמף טאָרן זיי ניט בײַ קיין שום אומשטענדן ארויס־לאָזן פון אויג, אַז עס זיינען ניט דערלאָזבאַר קיין שום קאָמפּראָמיסן מיט בירגערלעכע פּאַרטייען, וואָס דורך זיי קאָן פאַרלאָרן גיין כאָטש אין דער קלענסטער מאָס דער קלאַסן־כאַראַקטער פון פּראָלעטאַרישן קאַמף. נאָר אַזוי קאָן דערגרייכט ווערן דער זיג פון פּראָלעטאַריאַט; קאָלזמאַן דער קאַפּיטאַ־ליזם איז ניט פאַרניכטעט, צעשמעטערט, קאָן דער פּראָלעטאַריאַט ניט טריומפירן; אָבער יעדער קאָמפּראָמיס האַלט אויף די פאַרניכטונג פון קאַפּיטאַליזם".

---

*) זע מאַרקס־ענגעלס, „פּראָגראם־קריטיקן".

קאָמפּראָמיסן קאָן מען ניט פאַרווערן, זי זײַנען נייטיק, וווּ עס זײַנען פאַראַן קלײנע פּאַרטײען, וואָס האָבן נאָך ניט קײן װאָלרעכט.

פון אײן זײַט, װערט אַזוי אַרום אָפן אַרויסגעזאָגט, אַז דער קאַמף פאַר דער מאַכט קאָן ניט דורכגעפירט װערן אָפן פּאַרלאַמענטאַרישן באַזן, פון דער צווייטער זײַט, זעט מען די רעוואָליוציאָנערע איבערקערעניש אָפן מעלוכע־נע־בײט נאָר דערין, וואָס די פּאַרלאַמענטן װעלן אַריבער אין די הענט פון פּראָלע־טאַריאַט.

אין נאָמען פון די האָלענדער האָט פּליגען פּאַרטײדיקט א רעזאָליוציע, וואָס איז געווען געווענדעט קעגן דעם „מעלוכע־סאָציאַליזם". אונטער דעם־דאָזיקן נאָמען האָט מען דעמלט פאַרשטאַנען די רעפאָרמיסטישע טעאָריע, וועלכע פאָלמאַר האָט פּאַרטײדיקט און וועלכע האָט, פאַרזעצנדיק די לאַסאַ־לישע טראַדיציעס, געהאַלטן, אַז די סאָציאַלע פּראָבלעם וועט געלייזט ווערן אָפן וועג פון רעפאָרמען אין דער בירגערלעכער מעלוכע. אין דער רעזאָליוציע איז, שמעס, ניט געווען קײן פּאָזיטיווע פאָרמולירונג פון דער פראַגע וועגן דער באַציונג פונעם פּראָלעטאַריאַט צום פּאַרלאַמענטאַריזם, צו די בורזשואַזע פּאַר־טײען און צו דער מעלוכע, זי האָט אָבער אויך ניט געהאַט די אומקלאָרקייטן פון דער מערהייט־רעזאָליוציע. זי האָט אָפן דערקלערט,

„...אַז די פאַרבעסערונגען אין דער לאַגע פון די אַרבעטער אין די ראַמען פון הײַנטיקער געזעלשאַפט קאָנען די אַרבעטער נאָר אַף אַזוי פיל באַגריסן, אַף וויפל דאָס פאַרבעסערט זײַערע קאַמף־פּאָזיציעס, דאָס הייסט, ווי א מיטל צו פאַרבעסערן די אָרגאַניזאַציע און לײַכטער דורכפירן די עקספּראָפּריאַציע פון די באַזיצנדיקע קלאַסן".

באַגרינדנדיק דידאָזיקע רעזאָליוציע האָט פּליגען אָנגעוויזן, אַז אין דייטש־לאַנד, ענגלאַנד און פראַנקרייך „האַנדלט מען פּאָסיביליסטיש, אויב אפילע מע זאָגט עס ניט און מען שרײַבט עס ניט" און ער האָט געגעבן זײער א גוטע קוואַליפיצירונג פאַר דעם פּאָסיביליזם, ד. ה., פאַרן אָפּאָרטוניזם: „דער כאַראַק־טעריסטישער צײכן פון פּאָסיביליזם באַשטײט דערין, וואָס מע מאַכט פון א מיטל א ציל".

אַף דעם אָנגריף פון די האָלענדער האָט ווידער געענטפערט ווילהעלם ליבקנעכט. ער האָט מאָסקים געווען מיטן אָפּוואַרפן דעם „מעלוכע־סאָציאַליזם", ווי דאָס האָט שוין דערקלערט דער בערלינער פּאַרטײ־צוזאַמענפאָר פון 1892 יאָר, אַז סאָציאַליזם און מעלוכע־סאָציאַליזם זײַנען קעגנזאַצן, וואָס לאָזן זיך ניט צונויפפּאָרן. נאָר ער פּראָטעסטירט אַנטשיידן קעגן דער „לעגענדע", אַז די דייטשן שטייען שוין מער ניט אָפן באָדן פון רעוואָליוציאָנערן קלאַסן־קאַמף. די דייטשישע פּראָגראַם איז ראַדיקאַלער ווי אַלע אַנדערע פּראָגראַמען, די פראַגע ווידער פון טאַקטיק איז ניט קײן פּרינציפּיעלע פראַגע. „אויב אין אײן טאָג וועלן זיך 24 מאָל ענדערן די פאַרהעלטענישן, וועלן מיר 24 מאָל ענדערן די טאַקטיק". די האָלענדער ווילן די טעטיקײט אין פּאַרלאַמענט באַגרענעצן מיט פּראָטעסטן, דאָס איז ניט ריכטיק.

„פּונקט אַזוי ווי עס איז ניט פאַראַן קײן רעוואָליוציאָנערע אָדער ריאַק־

ציאָנערע טאַקטיק, פּונקט אַזוי איז ניט רעאַקציאָנער אַן און פאַר זיך דער מעלוכע־אַפּאַראַט. דער מעלוכע־אַפּאַראַט איז נאָר אַ געצייג אַף פאַרווירקלעכן די מאַכט, אַ געוואַלטיק שאַרף געווער. און אַז אַ סוינע גרייפט מיך אָן מיט געווער, וועל איך אים ניט בייקומען דערמיט, וואָס איך וועל פאַראַכטן דאָס געווער, איך וועל זיך באַמיען אַרויסצודרייסן עס בא אים, אויב איך וויל עס ניט אויספּרוּוון אַף מיין קערפּער. די מאַכט, וואָס שטייט אונדז אַנטקעגן, וועלן מיר נאָר דערמיט באַזיגן, וואָס מיר וועלן בא איר אַרויסדרייסן איר מעכטיקן שווערד!... עס האַנדלט זיך וועגן אַ קאַמף פאַר דער מאַכט, און דעמדאָזיקן קאַמף מוזן מיר פירן אַפן פּאָליטישן באָדן, קעדיי צו באַקומען אין די הענט דעם געזעצגעבערישן אַפּאַראַט, וועלכן אונדזערע קעגנער ווענדן אָן שוין הונדערט יאָר אַפן ראַפינירסטן אויפן אַ חצו אונטערדריקן און עקספּלואַטירן דעם פּראָלעטאַריאַט״.

אויב אין דער פראַגע וועגן דער מעלוכע האָט ווילהעלם ליבקנעכט פאַרטראָטן דעם אַבסאָליוט רעפאָרמיסטישן שטאַנדפּונקט, האָט ער גאַנץ אַנטשיידן אין נאָמען פון די דייטשן זיך אַרויסגעזאָגט קעגן וועלכן ניט איז קאָמפּראָמיס מיט בורזשואַזע פּאַרטייען, דאָסזעלבע האָט דערקלערט אַדלער פאַר עסטרייך, טוראַטי פאַר איטאַליע און קוועלטש פאַר ענגלאַנד.

די רעזאָליוציע איז אָנגענומען געוואָרן איינשטימיק, די האָלענדער האָבן זיך אָפּגעהאַלטן. דערנאָך איז אָנגענומען געוואָרן אַ רעזאָליוציע וועגן דער אַגראַר־פראַגע, וועלכע האָט זיך אַרויסגעזאָגט פאַר פאַרגעזעלשאַפטלעכן די ערד און אַ רעזאָליוציע וועגן דער „נאַציאָנאַלער און אינטערנאַציאָנאַלער אויספורעמונג פון די פּראָפאַראיינען״, וועלכע האָט רעקאָמענדירט פרייע פאַרבינדונגען און קעגנזייטיקע אונטערשטיצונג צווישן די פּראָפּאַראיינען; קעגן דער רעזאָליוציע איז געווען אַרויסגערוקט אַ האָלענדישער פאָרשלאַג וועגן שאַפן אינטערנאַציאָנאַלע פּראָפאַראיינען; ווייטער איז אָנגענומען געוואָרן אַ פאָרשלאַג פון די עסטרייכער צו רעקאָמענדירן אַלע לענדער אָנצוהייבן אַ קאַמף פאַר אַלגעמיינע גלייכע וואַלרעכט. דער קאָנגרעס האָט זיך געשלאָסן מיט ענגעלסעס אַ רעדע, וועלכע אַנטהאַלט אינטערעסאַנטע געדאַנקען וועגן דער באַדייטונג פונעם אינטערנאַציאָנאַל. ענגעלס האָט געזאָגט:

„מיר מוזן דערלאָזן אַ דיסקוסיע, קעדיי מיר זאָלן ניט ווערן קיין סעקטע, אָבער דער געמיינזאַמער שטאַנדפּונקט מוז אָפּגעהיט ווערן. די פרייע פאַרבינדונג, דער פרייוויליקער צוזאַמענשלוס, וואָס ווערט אונטערגעהאַלטן דורך די קאָנגרעסן, איז גענוג צו פאַרשאַפן אונדז דעם זיג, וואָס קיין שום מאַכט אין דער וועלט וועט שוין מער ניט אַרויסרייסן בא אונדז״.

## 4. דאָס אויסשליסן די אַנאַרכיסטן. — אַגראַר־און קאָלאָניאַל־פראַגע

לאָנדאָן, 1896

אין 1895 יאָר איז געשטאָרבן פרידריך ענגעלס. זיין טויט אין דעם מאָמענט, ווען עס האָבן זיך געגרייט אַנטשיידנדיקע שטרייטן מיט די רעפאָרמיסטן

אין דער דייטשישער פּאַרטיי און אינעם אינטערנאַציאָנאַל, איז געווען נאָך מער פּאַטאַל צוליב דעם, וואָס ניט לאַנג פאַר זיין טויט איז דערשינען יענער געפעלשטער פונעם צ״ק פון דער דייטשישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי פּאָרוואָרט צו די „קלאַסן־קאַמפן אין פראַנקרייך“, וואָס איז אויסגענוצט געוואָרן אין משך פון צענדליקער יאָרן, ווי דער אַנטשיידנדיקער אַרגומענט קעגן דעם לינקן פליגל. אין דעמדאָזיקן פּאָרוואָרט האָט ענגעלס שטאַרק אונטערגעשטראָכן די נויטיקייט אויסצונוצן די אַלגעמיינע וואַלרעכט און דעם פּאַרלאַמענט, ער האָט באַגריסט דעם וווּקס פון דער דייטשישער פּאַרטיי אין די באַדינגונגען פון לעגאַלן קאַמף, ער האָט געוואָרנט קעגן פריצייטיקע אַרויסטרעטונגען און אין צוזאַמענהאַנג דערמיט האָט ער געשריבן וועגן דער פראַגע פון באַריקאַדן־קאַמפן:

„און ענדלעך זיינען די אויסגעבויטע נאָכן 1848 יאָר נייע קוואַרטאַלן אין די גרויסע שטעט מיט זייערע לאַנגע, גראָדע, ברייטע גאַסן, ווי ספּעציעל באַשאַפן פאַר דער ווירקונג פון די נייע האַרמאַטן און ביקסן. דער רעוואָלוציאָנער מוז משוגע ווערן ער זאָל אויסקלייבן די נייע אַרבעטער־ראַיאָנען אין צפון-און מיזרעך־בערלין פאַר אַן אָרט פון באַריקאַדן-שלאַכטן“.

דאָס זעט אויס ווי ענגעלס וואָלט זיך אָפּגעזאָגט פון באַריקאַדן־קאַמפן איבערהויפּט. די געשיכטע איז אָבער דאָס, וואָס די פּאָרזיכטיקע רעדאַקטאָרן האָבן אויסגעמעקט דעם סוף פון דעם אָבזאַץ, ער לייענט זיך אַזוי:

„זאָל עס באַדייטן, אַז אין דער צוקונפט וועלן די גאַסן־שלאַכטן שוין מער ניט שפּילן קיין ראָל? בעשום אויפן ניט. עס הייסט נאָר, אַז די באַדינגונגען זיינען נאָכן 1848 יאָר געוואָרן אַסאַך ערגער פאַרן ציווילן קעמפער און אַסאַך גינסטיקער פאַרן מיליטער. אַ צוקונפטיקע גאַסן־שלאַכט וועט נאָר דאַן קאָנען זיגן ווען דערדאָזיקער אומגינסטיקער מאָמענט וועט קאָמפּענסירט ווערן מיט אַנדערע מאָמענטן. אַזעלכע גאַסן־שלאַכטן וועלן דעריבער אין אָנהויב פון דער רעוואָלוציע מוזן פאָרקומען זעלטענער, ווי אין די ווייטערדיקע עטאַפּן אירע און זיי וועלן פאָדערן אַסאַך גרעסערע קרעפטן. און דידאָזיקע קרעפטן וועלן אָבער אויך דאַן בעסער איינגיין, פּונקט ווי אין דער גאַנצער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, דעם 4־טן סענטיאַבער און דעם 31טן אָקטיאַבער אין פּאַריזש, אַף אַן אָפענעם אַנגריף אײדער אַף אַ פּאַסיווע באַריקאַדן־טאַקטיק.“ *)

אויסמעקנדיק דעם לעצטן אָבזאַץ, איז דער זין פון ענגעלסעס אויספירונגען פאַרדרייט געוואָרן אין דעם היפּעך צו דעם, וואָס ער האָט געמיינט. פון באַטראַכטונגען וועגן דעם, ווי אַזוי וועלן אויסזעען די קומענדיקע גאַסן־שלאַכטן זיינען געוואָרן וואָרענונגען קעגן גאַסן־שלאַכטן ביכלאַל. ענגעלס האָט טאַקע זייער ענערגיש פּראָטעסטירט קעגן דעראָזיקער פעלשונג, ער איז אָבער גלייך נאָכדעם געשטאָרבן און האָט שוין ניט געקענט שטערן מיסברויכן מיט זיינע ווערטער. דידאָזיקע אומפאַרגעבלעכע האַנדלונג פונעם דייטשישן צ״ק האָט שוין

*) זע דעם פּאָרוואָרט צו דער נייער אופלאגע פון מאַרקס „קלאַס־קאַמפן אין פראַנקרייך“. אונטערגעשטראָכן פון מיר.— י. ל.

קלאר אנגעוויזן די ריכטונג, אין וועלכער ער וועט זיך לאזן אין די קומענדיקע יארן, אפגייענדיק פונעם וועג פון פראלעטארישן קלאסן־קאמף. אבער אין די נענטסטע יארן איז די דייטשישע פארטיי און דער אינטערנאציאנאל וואקסיג געטריבן געווארן אף לינקס צוליבן פארשטארקטן אנגריף פון דעם אפארטוניזם.

אף דעם לאנדאנער קאנגרעס אין יולי—אווגוסט 1896 זיינען נים פארגעקומען קיין גרעסערע דיסקוסיעס. הינטער די אנארכיסטן זיינען ענדגילטיק פארקלאפט געווארן די טירן. העזיוס, וואס נים געקוקט אף די פארשארפטע באדינגונגען וועגן צולאזן צו די קאנגרעסן, וואס דער ציוריכער קאנגרעס האט אנגענומען, האט דער שטרייט וועגן די מאנדאטן פון די אנארכיסטן ווידער פארנומען אסאך צייט, האט דעריבער דער קאנגרעס באשלאסן פראסט פאשעט ארייננשטעלן אין די באדינגונגען וועגן צולאזן: „אנארכיסטן ווערן נים צוגעלאזן". נאך דעם ווי די אנארכיסטן זיינען אויסגעשלאסן געווארן, וואס דערביי האט דער פארזיצער זיך אפילע דערלויבט דראען מיט פאליציי, זיינען די מערהייט פון די האלענדער אונטער דער אנפירונג פון ניווענהויסן אויך אוועק פון קאנגרעס.

דאך זיינען די אנארכיסטן נים פולשטענדיק און ענדגילטיק אויסגעשלאסן געווארן פון די קאנגרעסן פונעם צווייטן אינטערנאציאנאל. עס איז אויסדריקלעך באשלאסן געווארן, אז אנארכיסטן, וואס ווערן דעלעגירט פון פראפארייען און נים פון קיין אנארכיסטישע ארגאניזאציעס, ווערן צו די קאנגרעסן צוגעלאזן ווי פריער. פונקט אזוי איז אויך געשטעלט געווארן די פראגע, ווען דער ענגלישער סאציאל־דעמאקראט אירווינג האט פארגעלייגט, אז עס זאלן צוגעלאזן ווערן נאר אזעלכע פראפארייען, וועלכע טרעטן ארויס פאר דער פולשטענדיקער פאליטישער אומאפהענגיקייט פון די פראפעסיאנעלע פאריינען און שטיצן נים בא די וואלן נים די ליבעראלן נים די טאריס (קאנסערוואטארן). דאס איז אפגעשוואכט געווארן, און דאס צולאזן פראפארייען האט מען געמאכט אפהענגיק נאר פון דעם באדינג, אז זיי אנערקענען די נויטיקייט פון פאליטישער און פארלאמענטארישער טעטיקייט. דערמיט זיינען אייגנטלעך אויסגעשלאסן געווארן די סינדיקאליסטישע פאריינען, וועלכע האבן שטענדיק געשיקט, באזונדער אין דער פראנצויזישער דעלעגאציע, דעם גרעסטן טייל דעלעגאטן מיט אנארכיסטישע אנשויונגען.

קעגן לינקס איז אזוי ארום שארף דורכגעפירט געווארן די אפגרענעצונג, אבער אין דערזעלבער צייט איז דער רעכטער פליגל פארשטארקט געווארן דורך די מיליעראניסטן. די לעצטע האבן זיך אנגעשלאסן אן די סאציאליסטן בא באזונדערע אומשטענדן. נאך די וואלן פון יאר 1894, בא וועלכע עס זיינען אויסגעוויילט געווארן 25 סאציאליסטן פון פארשיידענע ריכטונגען, האבן 30 דעפוטאטן, וועלכע זיינען אויסגעקליבן געווארן ווי בורזשואזע ראדיקאלן, אונטער דער אנפירונג פון מיליעראן און זשארעס דערקלערט זייער גרייטקייט צוזאמענגיסן זיך מיט די סאציאליסטן אין איין פראקציע. אזוי איז טאקע געשען און דערביי האט די דאזיקע גרופע נאר אפגעגעבן א פארמעלע דערקלע־

רונג, אַז זיי שליסן איין אין זייער פּראָגראַם פון בורזשואַזע רעפאָרמען אויך די אַלגעמיינע פאָדערונג צו „סאָציאַליזירן די פּראָדוציר־מיטלען".

ענגעלס האָט זיך באַצויגן צו דער־דאָזיקער פאַרייניקונג מיט גרויס אומצוטרוי. ער האָט דערקלערט, אַז בעסער וואָלט געווען אַ בלאָק איידער צונויפגיסן זיך, יעדנפאַלס דאַרפן די סאָציאַליסטן האָבן אין זינען, אַז עס האַנדלט זיך דאָ וועגן בורזשואַזע עלעמענטן, מיט וועלכע עס מוז קומען צו פּרינציפּיעלע קאָנפליקטן. אָבער קווידעמקאָל מוז מען איבערלאָזן פאַר זיך די פרייהייט פון קריטיקירן אין דער פּרעסע און אין פּאַרלאַמענט די־דאָזיקע צווייפלהאַפטע עלעמענטן*).

די ווייטערדיקע אַנטוויקלונג פון די מילעראַניסטן האָט פולקום באַשטעטיקט ענגעלסעס אומצוטרוי.

די דריי פירער פון דעמדאָזיקן רעפאָרמיסטישן פליגל, זשאָרעס, מיליעראַן, וויוויאַני האָבן אַרויסגעשטעלט אַפן קאָנגרעס אַ פאָדערונג, אַז מע זאָל זיי אָנערקענען פאַר דעלעגאַטן אַפן סמאַך פון זייערע דעפּוטאַטן־מאַנדאַטן. ערשט, אַז דער קאָנגרעס האָט זיך באַצויגן גאַנץ קאַלט צו זייער פאָדערונג האָבן זיי געוויזן מאַנדאַטן פון סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציעס.

די אַגראַר־פּראַגע, וואָס איז אין יאָר 1893 געשטעלט געוואָרן אַף דער טאָגאָרדענונג לויט דער פאָדערונג פון די דעלעגאַטן פון די אַגראַרע לענדער, וועלכע איז אָבער ניט באַהאַנדלט געוואָרן צוליב מאַנגל אין צייט, איז אַף דעם קאָנגרעס אויספירלעך באַטראַכט געוואָרן. די רעזאָליוציע פון דער קאָמיסיע האָט זיך איצט אויך באַגרענעצט, ווי אין 1893, מיט אַרויסשטעלן אַלגעמיינע פּרינציפּן פון פאַרגעזעלשאַפטלעכן די ערד און וועגן אָרגאַניזירן דעם דאָרפישן פּראָלעטאַריאַט צום קאַמף קעגן עקספּלואַטאַציע. איינצושטעלן קלאָלים, וואָס זאָלן זיין פאַרפליכטנדיק פאַר די אַרבעטער־פּאַרטייען פון אַלע לענדער האָט מען געהאַלטן פאַר אומעגלעך צוליב דער פאַרשיידנאַרטיקייט פון די אַגראַרע פאַרהעלטענישן. אַ פאָרשלאַג פון די ענגלענדער וועגן איבערגעבן דער מעלוכע אַלע טראַנספּאָרט־מיטלען, וואָס האָט געזאָלט קלוימערשט פאַרלייכטערן באַדייטנדיק די לאַגע פון דער האָרעפּאַשנער באַפעלקערונג אין דאָרף, האָט דער קאָנגרעס אָפּגעוואָרפן, נאָכדעם ווי שענלאַנק, פּאַרופנדיק זיך אַף ביסמאַרקס מאָסמיטלען, האָט געוואָרנט קעגן אילוזיעס בענעגייע צום מעלוכע־קאַפּיטאַליזם בא דער בורזשואַזער מעלוכע.

די רעזאָליוציע וועגן פּאָליטישע אַקציעס האָט זיך קלאָר געשטעלט אַף דעם באָדן פון די פּרינציפּן און צילן פונעם רעוואָליוציאָנערן סאָציאַליזם.

„1. דער קאָנגרעס פאַרשטייט אונטער פּאָליטישע אַקציעס אַלע פאָרמען פון אָרגאַניזירטן קאַמף אַף צו דעראָבערן די פּאָליטישע מאַכט און די אויסנוצונג דורך דעם אַרבעטער־קלאַס די געזעצגעבערישע און פאַרוואַלטונגאַפּאַראַטן, די מעלוכישע און קאָמונאַלע, מיטן ציל זיך צו באַפרייען.

*) וויקטאָר אַדלער, „אַרטיקלען און רעדעס", 1 העפט, „וויקטאָר אַדלער און פרידריך ענגעלס", זייט 104.

2. דער קאנגרעס דערקלערט, אז דער וויכטיקסטער מיטל אף צו באפרייען דעם ארבעטער ווי א מענטש און ווי א בירגער, און אף אופצובויען א אינטערנאציאנאלע סאציאליסטישע רעפובליק איז די דעראבערונג פון דער פאליטישער מאכט, און ער פאדערט אוף די ארבעטער פון אלע לענדער צו פאראייניקן זיך און אומאפהענגיק פון אלע בורזשואזע פארטייען צו פאדערן:

1) אלגעמיינע וואלרעכט פאר אלע דערוואקסענע;
2) גלייכע שטימרעכט פאר יעדן דערוואקסענעם;
3) איבערוואלן;
4) דאס רעכט פון געזעצגעבערישער איניציאטיוו און רעפערענדום אין דער מעלוכע און אין די געמיינדעס".

די רעזאלוציע זאגט זיך ווייטער ארויס פאר פולע זעלבסטבאשטימונג-רעכט פון אלע פעלקער, קעגן דער קאלאניאלער פאליטיק, וואס, „ווי מע זאל זי ניט צודעקן מיט רעליגיעזע און ציוויליזאטארישע מאטיוון", האט זי שטענדיק דעם ציל צו פארברייטערן די געביטן פון דער קאפיטאליסטישער עקספלואטאציע אויסשליסלעך צוליב די אינטערעסן פונעם קאפיטאליסטישן קלאס.

א דיסקוסיע האט נאר ארויסגערופן די פאדערונג צו פירן דעם קאמף „אומאפהענגיק פון די בורזשואזע פארטייען". קעגן דעמדאזיקן פונקט איז ארויסגעטראטן א פארשטייער פון די ענגלישע פראפאריינען און א פארשטייער פון די פאביאנער, דערדאזיקער קליינבירגערלעך-אינטעליגענטישער גרופע, וועלכע ענגעלס האט ריכטיק כאראקטעריזירט „ווי א באנדע קאריעריסטן",

„וואס האבן גענוג פארשטאנד אף צו דערקענען די אומפארמיידלעכקייט פון דער סאציאלער איבערקערעניש, וואס האלטן אבער פאר אומעגלעך די-דאזיקע ריזיקע ארבעט אנצוטרויען דעם אפגעשטאנענעם פראלעטאריאט און וואס וואגן דעריבער זיך צו שטעלן אין דער שפיץ *)".

האנדלענדיק אין הסכם מיט זייער פרינציפ — „דורכזאפן דעם ליבעראליזם מיט סאציאליזם" — האבן די פאביאנער געפרוווט ווירקן אף די ליבעראלע קאנדידאטן זיי זאלן אננעמען סאציאליסטישע פאדערונגען. אין הסכם מיט דערדאזיקער טאקטיק האט דער פארשטייער פון די פאביאנער דערקלערט, אז ער געפינט ניט קיין שום אונטערשייד צווישן א ראדיקאלן און אן ארבעטער-קאנדידאט בא די וואלן... נאך בעבעלס א שארפן ענטפער איז די רעזאלוציע מיט אלע שטימען קעגן א פאר שטימען פון ענגלישע פראפאריינישע טוער אנגענומען געווארן.

אין קעגנזאץ צו דערדאזיקער קלארער רעוואלוציאנערער פאליטישער רעזאלוציע איז די רעזאלוציע, וואס מאלקענבור האט ארויסגערוקט וועגן דער עקאנאמישער פאליטיק פונעם ארבעטער-קלאס, פול מיט אומקלארקייטן, וואס עפענען טיר און פענצטער פאר רעפארמיסטישע אויסטייטשונגען. קעגן די

*) „בריוו פון בעקער, דיצגען, מארקס, ענגעלס א. א. צו זארגע", זייט 390.

אינטערנאציאנאלע מאנאפאלן, וואס אנטוויקלען זיך, פאדערט די רעזאליוציע פארשטארקן די אינטערנאציאנאלע ארבעטער-ארגאניזאציעס. דאס איז ניט שלעכט. ווייטער אבער רעקאמענדירט די רעזאליוציע „צו שאפן אן אינטערנאציאנאלע אגענטור, וועלכע זאל קאנטראלירן די מאכינאציעס פון די ריזיקע קאפיטאליסטישע פארבינדונגען און זאל זיך זען דערשלאגן מיט דער הילף פון נאציאנאלער און אינטערנאציאנאלער געזעצגעבונג, אז די ריזיקע אונטערנעמונגען זאלן פארגעזעלשאפטלעכט ווערן". אונטער „פארגעזעלשאפטלעכן" פארשטייט מען דא, ווייזט אויס, א מאסמיטל, וואס ווערט דורכגעפירט ניט אראפווארפנדיק דעם קאפיטאליזם, אן דעם, אז דער פראלעטאריאט זאל פארכאפן די מאכט. די זעלביקע אומקלארקייט געפינען מיר אין דער פאדערונג צו די ארבעטער,

„טייקעף (!) צוטרעטן אויסצוארבעטן מאסמיטלען אף צו פארגעזעלשאפטלעכן, נאציאנאליזירן און קאמונאליזירן די פראדוקציע אין די באטרעפנדיקע לענדער און אינפארמירן איינער דעם אנדערן וועגן די אונטערגענומענע שריט, כדי צו דערגרייכן אף וויפל דאס איז נאר מעגלעך א גלייכמעסיקע אינטערנאציאנאלע אקציע".

דא רעדט זיך קלאר וועגן א פארגעזעלשאפטלעכונג אין די ראמען פון דער בורזשואזער געזעלשאפט. אבער ווייטער, אין דעם טייל וועגן פראפארייניש קאמף, ווערט געזאגט:

„די עקספלואטאציע פון די ארבעטער וועט זיך ענדיקן נאר דאן, ווען די געזעלשאפט וועט איבערנעמען אין איר רעשות אלע פראדוציר־מיטלען, ווי אויך די ערד און די פארקער־מיטלען. דאס פאדערט אבער א גאנצע סיסטעם געזעצגעבערישע מאסמיטלען. כדי זיי דורכפירן מוז דער ארבעטער־קלאס ווערן א באשליסנדיקע פאליטישע מאכט. ער ווערט אבער א פאליטישע מאכט נאר אין דער מאס, ווי ער איז ארגאניזירט. די פראפארייען מאכן דעם ארבעטער־קלאס פאר א פאליטישע מאכט שוין דערמיט, וואס זיי ארגאניזירן אים".

האגאס דא זיינען באוווסטזיניק געבראכט געווארן צווייטייטיקע פראזעס, וואס וואקלען זיך צווישן דעם רעפארמיסטישן מעלוכע־סאציאליזם און דעם רעוואליוציאנערן סאציאליזם, איז דאך די רעזאליוציע אנגענומען געווארן כמעט איינשטימיק. נאר די מינדערהייט פון דער פראנצויזישער דעלעגאציע האט געשטימט קעגן, ווייל די רעזאליוציע האט זיך ארויסגעזאגט קעגן א אינטערנאציאנאלן גענעראל־שטרייק.

צו דער פראגע וועגן מילכאמע איז אנגענומען געווארן א רעזאליוציע, וואס איז א טריט צוריק קעגן די פריערדיקע באשלוסן. זי פאדערט אפצושאפן די שטענדיקע ארמייען און באוואפענען דאס פאלק, שאפן ארביטראזש־געריכטן, און פאלק־אפשטימונגען איבער די פראגן פון מילכאמע און שאלעם „אין דעם פאל, אויב די רעגירונגען וועלן ניט אננעמען די באשטימונגען פון די ארביטראזש־געריכטן". פארוויקלעכן די דאזיקע פאדערונגען וועט מען קענען נאר דאן, „ווען

דער ארבעטער־קלאַס וועט באַקומען אַן אַנטשיידנדיקן איינפלוס אויף דער געזעצגעבונג און ער וועט אויפריכטן די ווירקלעכע פאַרברידערונג פון די פעלקער אויפן באָדן פונעם אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליזם". דאָ ווערן רעקאָמענדירט אַלע מעגלעכע פאַציפיסטישע רעצעפטן און עס איז געגעבן אַן אָנצוהערעניש וועגן דערגרייכן זיי בלויז מיט פּאַרלאַמענטאַרישע מיטלען. אָבער אַ פראַנצויזישער פאָרשלאַג, וואָס רעקאָמענדירט דעם גענעראַל־שטרייק און „ווי אַ לעצטן מיטל צום אײַנהאַלטן דעם שלעם דאָס אָנווענדן רעוואָלוציאָנערע מיטלען" איז דורכגעפאַלן.

## 5. דער קאַמף קעגן מיליעראַניזם.—קאַוטסקיס גומילאַסטינע רעזאָלוציע

פּאַריזש, 1900

דער פינפטער קאָנגרעס פונעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל, וואָס איז זיך צונויפגעקומען אין סעפטעמבער 1900 יאָר, האָט געהאַט צו באַטראַכטן אַ רײַע נײַע דערשיינונגען, וואָס האָבן געהאַט אַ אַנטשיידנדיקע באַדײַטונג פאַר דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער־באַוועגונג. דער רעפאָרמיזם איז שוין רײַף געוואָרן סײַ אין דער טעאָריע סײַ אין דער פּראַקטיק. בערנשטיין, וואָס האָט אין 1898 יאָר אין זײַנע „פאָרבאַדינגונגען פאַרן סאָציאַליזם" אַנטוויקלט אַ גאַנצע רעוויזיאָניסטישע סיסטעם, האָט געשאַפן די טעאָרעטישע פּראָגראַם פון רעפאָרמיזם. מיליעראַנס אַרײַנטרעטן אין אַ בורזשואַזע רעגירונג און די צושטימונג פאַר דעם שריט מיצאַד זשאָרעס אָנהענגער איז געווען דער ערשטער גרויסער עקספּערימענט, וואָס דער רעפאָרמיזם האָט דורכגעפירט אין דער פּראַקטיק.

ראָזאַ ליוקסעמבורג האָט אָנגעהויבן איר גלענצנדן מאַרש קעגן דעם רעוויזיאָניזם און האָט פאַרעפנטלעכט אַ פאַרניכטנדיקע קריטיק פונעם מיליעראַניזם *). די צוזאַמענפאָרן פון דער דײַטשישער פּאַרטיי אין שטוטגאַרט אין יאָר 1898 און אין האַנאָווער אין 1899 יאָר האָבן אַנטשיידן אָפּגעוואָרפן די רעוויזיאָניסטישע טעאָריעס, נאָר זיי האָבן ניט אָנגענומען קיין שום אָרגאַניזאַציאָנעלע מאַסמיטלען. אין פראַנקרײַך איז די פּאַרלאַמענט־פראַקציע, וואָס האָט זיך פאַרייניקט אין 1894 יאָר, פאַנאַנדערגעפאַלן צוליב דעם, וואָס די זשאָרעסיסטן האָבן זיך געשטעלט אויף מיליעראַנס זײַט. די מאַרקסיסטן אונטער געדס אָנפירונג און די בלאַנקיסטן אונטער ווייאַנס אָנפירונג האָבן אָנגעהויבן אַ שאַרפן קאַמף קעגן די אָנהענגער פון דער קאָאַליציע־פּאָליטיק, אָדער ווי מע האָט דעמאָלט געזאָגט, קעגן דעם „מיליעראַניזם".

דער סוף פון 19 יאָרהונדערט איז אין דער־זעלבער־צײַט כאַראַקטעריסטיש מיטן אָנהויב פון אַ גאַנצע רײַ קאָלאָניאַלע מלחמות, וואָס האָבן געעפנט די עפּאָכע פון אימפּעריאַליזם: אין 1898 יאָר די שפּאַניש־אַמעריקאַנישע מלחמה צוליב קובאַ, אין 1899 יאָר דער אָנהויב פון דער מלחמה פונעם

*) ראָזאַ ליוקסעמבורג, געזאַמלטע ווערק, באַנד 3.

בריטישן אימפעריאַליזם קעגן דער בורן־רעפּובליק און די אינטערווענציע פון די אייראָפּעישע מעלוכעס אין כינע אונטער דעם אָנפירנדיקן אָנטייל פון דייטשלאַנד.

דער שטרייט מיטן מיליטאַריזם און דער קאַמף קעגן מילכאָמע זיינען באַזונדער באַדייטנדיקע פראַגן געווען פאַר די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען. די פראַגע וועגן דעם אָנטייל פון די סאָציאַליסטן אין דער רעגירונג האָט ניווענהויס געשטעלט שוין אין 1889 יאָר אויף דעם פּאַריזשער קאָנגרעס אויף זיין נאַיוו־פּאַטעטישן אופן.

„ווען מע וואָלט מיר פאָרגעלייגט אַן אָרט אין אַ מיניסטעריום — איך האָף ניט און איך האָב ניט מוירע, אַז דאָס וועט געשען, — וואָלט איך אַרויסגעשטעלט איין־און־איינציקן באַדינג, איך וואָלט געפרעגט: צי וועט מען אָנרירן דאָס פּערזענלעכע אייגנטום? ווען מע וואָלט געענטפערט — יאָ — וואָלט איך אפילו ניט זייער גערן אָנגענומען, אָבער אויסגעפילט מיין פליכט; וואָלט מען מיר געענטפערט—ניין, וואָלט איך געענטפערט: גיי אוועק פון מיר, סאָטאַן, דו ווילסט מיך פאַרפירן!"

אין דעם פאַל מיט מילעראַנען האָט זיך ניט געהאַנדלט וועגן א קאָאַליציע מיט סאָציאַליסטן, וועלכע גלייבן אָדער באַהויפּטן, אַז אויף דעם וועג וועלן זיי קענען פאַרניכטן דאָס פּריוואַט־אייגנטום. דאָ איז געווען אַ טיפּישער פאַל פון אַ קאַריעריסט אַ רענעגאַט, וואָס האָט אויסגענוצט די גינסטיקע סיטואַציע צו מאַכן אַ שפּרונג אין מיניסטער־פאָטעל. פראַנקרייך איז שוין פון יאָרן לאַנג געווען צעריסן דורך דעם קאַמף צווישן די מיליטאַריסטן און קלעריקאַלן פון איין זייט און די דעמאָקראַטיש־רעפּובליקאַנישע פאַרטרעטער פונעם פינאַנץ־קאַפּיטאַל פון דער צווייטער זייט. אויב דער רעאַקציאָנערער בלאָק איז קאָמפּראָמעטירט געוואָרן צוליב דער דרייפוס־אַפערע, זיינען די רעפּובליקאַנער ניט ווייניקער קאָמפּראָמעטירט געוואָרן צוליב דעם פּאַנאַמאַ־סקאַנדאַל. די דרייפוס־אַפערע, דאָס פאַרורטיילן אַ יידישן אָפיצער ווי אַ שפּיאָן אָפּן סמאַך פון נידערטרעכטיקע פעלשונגען און פאַלשע איידעס פון אַ מיליטאַריסטישער קליקע, האָט אויפגערודערט ברייטע מאַסן. דער ראַדיקאַלער מאַרקסיסטישער פליגל פון דער פראַנצויזישער אַרבעטער־באַוועגונג אונטער דער אָנפירונג פון געדן האָט פאַרנומען אין דער פראַגע אַ פאַרגליווערטע סעקטאַנטישע פּאָזיציע פון „נייטראַליטעט". ער האָט זיך באַגנוגנט מיטן אָנערקענען, אַז דאָ האַנדלט זיך וועגן אַ שטרייט צווישן צוויי בורזשואַזע גרופּן, אַנשטאָט צו מאַכן אַ פּרוּוו צו פאַרשאַרפן דעם קאַמף קעגן מיליטאַריזם, אָפּגרענעצנדיק זיך אין דערזעלבער צייט שאַרף פון די בורזשואַזע רעפּובליקאַנער מיט זייער קאָרופּציע, און צוגעבן דער מאַסן־באַוועגונג קעגן דער קלאַסן־יוסטיץ און מיליטאַריזם אַ פּראָלעטאַרישן כאַראַקטער. פאַרקערט די אָנהענגער פון זשאָרעסן האָבן זיך אַ לאָז געטאָן צוזאַמען מיט די בורזשואַזע רעפּובליקאַנער, ניט אָפּגרענעצנדיק זיך פון זיי אין קאַמף קעגן דער רעאַקציע און האָבן אַזוי אַרום געשאַפן די פאַרבאַדינגונגען פאַר מילעראַנס „עקספּערימענט".

מיליעראן איז אין יאר 1899 אריינגעטראטן אין דער רעגירונג פון וואלדעק־רוסא אן דער הסכמה פון דער פארטיי, אן וועלכע ניט איז אונטערהאנדלונ־גען און אפמאכן צווישן די בירגערלעכע פארטייען מיט די סאציאליסטן. דער ציל פון אט דעם שריט האט קלוימערשט געזאלט זיין די פארטיידיקונג פון דער רעפובליק קעגן דער רעאקציע, אף וויפל די סאציאליסטן האבן ניט געהאט קיין שום פארפליכטונגען פאר דער רעגירונג, אף אזוי פיל האט זיך דא ניט געהאנדלט הייסט דאס וועגן א קאאליציע־רעגירונג אין אייגנטלעכן זין. די געדיסטן האבן טאקע טייקעף ארויסגענומען פון זיך די פאראנטווארטלעכקייט פאר מיליעראנס שריט און האבן געפירט א קאנסעקווענטן קאמף קעגן דער רעגירונג. וואלט די האלטונג פון די פראנצויזישע סאציאליסטן געווען אין דער פראגע אן אייגהייט־לעכע, וואלט זיך דאן געהאנדלט נאר וועגן אן אינדיווידועלן טאט פון א רענע־גאט. דאס ערגסטע איז אבער געווען, וואס די אנהענגער פון זשארעסן האבן אפגעשאצט מיליעראנס אריינטרעטן אין דער רעגירונג, ווי א דערפאלג פון דער דעמאקראטיע און האבן יארן לאנג דורכויס אונטערגעהאלטן די בורזשואזע פאליטיק פון דער רעגירונג.

שוין פאר דער קורצער צייט פון איר עקזיסטענץ נאך פאר דעם פאריזשער קאנגרעס האט זיך מיליעראנס רעגירונג פארפלעקט מיטן בלוט פון ארבעטער, וואס זיינען דערשאסן געווארן דורך דער פאליציי בא א שטרייק אין שאלאן. אזוי האט זיך צום ערשטן מאל געשטעלט אין איר גאנצן פארנעם די פרינצי־פיעלע פראגע וועגן דעם אנטייל פון סאציאליסטן אין דער רעגירונג פון א בורזשואזער מעלוכע.

די מעהרהייט פון דער קאמיסיע, וואס האט זיך מיט דער פראגע באשעפ־טיקט, האט זיך געשטעלט אף דעם שטאנדפונקט, — ווי דער באריכט־אפגעבער וואנדערוועלדע האט דערקלערט, — אז עס האנדלט זיך וועגן א פראגע, וואס שטעלט מיט זיך פאר פאר אלע פעלקער, אויסער די פראנצויזן, „א ריין אקא־דעמישן אינטערעס, און וואס האט א ריין לאקאלן כאראקטער". זשארעס איז אין דעם פאל געווען ווייטזיכטיקער, דערקלערנדיק, אז די מיניסטער־פראגע וועט זיך ארויסרוקן אומעטום, ווו עס וועלן זיך אנטוויקלען שטארקע סאציא־ליסטישע פארטייען. אין פראנקרייך איז די פראגע געווארן אקטועל פריער ווי אין אנדערע לענדער אדאנק דעם, וואס די דעמאקראטיע איז דארטן שטאר־קער אנטוויקלט. און בעעמעס האט מען געדארפט אנטשיידן, ווי די גאנצע וויי־טערדיקע אנטוויקלונג האט געוויזן, ניט וועגן א איינצל־פראגע, נאר וועגן דער פרינציפיעלער שטעלונג פון די סאציאליסטן צו דער בורזשואזער מעלוכע און צו דער בורזשואזער דעמאקראטיע. אזוי האט טאקע ראזע ליוקסעמבורג די פראגע געשטעלט און ווי א רעוואליוציאנערע מארקסיסטקע פארענטפערט:

„אין דער בורזשואזער געזעלשאפט מוז די סאציאל־דעמאקראטיע לויט איר וועזן נאך שפילן די ראליע פון אן אפאזיציאנעלער פארטיי, ווי א רע־גירנדיקע קאן זי ארויסטרעטן נאר אף די כורוועס פון דער בירגער־לעכער מעלוכע." *)

*) ראזע ליוקסעמבורג. געזאמ. ווערק, באנד 3, זייט 273. אונטערגעשטראכן פון מיר. — י. ל.

אויף דעם קאָנגרעס איז די פראַגע וועגן דעראָבערן די מעלוכע־מאַכט און וועגן בלאָקן מיט דער בורזשואַזיע באַטראַכט געוואָרן צוזאַמען. איבער דער פראַגע וועגן בלאָקן איז איינשטימיק אָנגענומען געוואָרן געדעם א רעזאָלוציע: וואַל־בלאָקן מיט די בורזשואַזע פּאַרטייען טאָרן ניט זיין קיין דויערנדיקע, א ניט ברעכן זיי דעם גרונט־פּרינציפּ פון דער פּאַרטיי — דעם קלאַסן־קאַמף. נאָר אין אויסנאַם־פאַלן און אויף א באַגרענעצטע צייט איז דערלויבט צו מאַר־שירן צוזאַמען מיט בורזשואַזע פּאַרטייען.

די רעזאָליוציע איז אָן און פאַר זיך א ריכטיקע, נאָר איר פעלער איז, וואָס זי ווייזט ניט אָן אונטער וועלכע באַדינגונגען זיינען דערלאָזבאַר אַזעלכע בלאָקן און די הויפט זאַך ווייזט זי ניט אָן, אַז די בלאָקן טאָרן בעשום אויפן ניט אָפּ־שוואַכן דעם קאַמף פאַר די פּרינציפּעלע פאָדערונגען פון פּראָלעטאַריאַט. דאָ האַנדלט זיך יעדנפאַלס נאָר וועגן א טאַקטישע פראַגע, אין דער פראַגע ווידער וועגן אָנטייל אין בורזשואַזע רעגירונגען — וועגן א פּרינציפּיעלע פראַגע.

און אויב אפן פאַריזשער קאָנגרעס איז די פראַגע ניט געשטעלט געוואָרן ווי געהעריק, אויב זי איז פאַרדרייט און פאַרטונקלט געוואָרן און פון א פּרינצי־פּיעלער איז זי געמאַכט געוואָרן פאַר א טאַקטישער פראַגע איז קוידעם־קאָל דערין שולדיק קאַוטסקי. קאַוטסקי, וועלכער איז נאָך דאַן געשטאַנען אין דעם לינקן פליגל נאָכדעם ווי ער האָט אויף דעם פּאַרטיי־קאָנגרעס אין האַ־נאָווער אין 1899 יאָר צוזאַמען מיט ראָזע ליוקסעמבורג געפירט דעם שאַרפסטן קאַמף קעגן בערנשטייניען, האָט דאָ צום ערשטן מאָל פאַרנומען יענע מיטלסטע פּאָזיציע צווישן רעפאָרמיזם און מאַרקסיזם, וואָס איז געוואָרן דער כאַראַק־טעריסטישער סימען פון דעם אַזוי גערופענעם „צענטער”, מיט וועלכן ער האָט אָנגעפירט.

קאַוטסקיס רעזאָליוציע, וואָס מיט איר איז מאַסקים געווען די מערהייט פון דער קאָמיסיע, איז געווען אַזאַ:

„די דעראָבערונג פון דער פּאָליטישער מאַכט דורך דעם פּראָלע־טאַריאַט אין א מאָדערנער דעמאָקראַטישער מעלוכע קען ניט זיין קיין רעזול־טאַט בלויז פון א איבערקערעניש, עס קען נאָר זיין א רעזולטאַט פון א לאַנג־דויערנדיקער און אָנגעשטרענגטער אַרבעט פון די פּראָלעטאַרישע פּאָליטישע און עקאָנאָמישע אָרגאַניזאַציעס, פון דער פיזישער און מאָראַלישער ווידער־געבורט פונעם פּראָלעטאַריאַט, דורך דעראָבערן טריט בא טריט דעפּ־טאַטן־מאַנדאַטן אין די קאָמונאַלע און געזעצגעבערישע פאָרשטייער־שאַפטן.

אָבער דעראָבערן די רעגירונג־מאַכט, דאָרטן וווּ זי איז צענטראַליזירט, קאָן מען ניט טיילוויז. דער אַריינטריט פון א איינצלנעם סאָציאַליסט אין א בורזשואַזן מיניסטעריום קאָן ניט באַטראַכט ווערן ווי א נאָרמאַלער אָנהויב צו דעראָבערן די פּאָליטישע מאַכט, עס קאָן נאָר שטענדיק באַטראַכט ווערן ווי א פאַריבערגייענדיקער און אויסנאַמסווייזער הילף־מיטל בא א קריטישער לאַגע.

צי אין אַ באַשטימטן פאַל איז די לאַגע בעקוועם קריטיש—דאָס איז אַ פראַגע פון טאַקטיק און ניט פון פרינציפּ. איבער דעם קאָן דער קאָנגרעס ניט אַנטשיידן. דערדאָזיקער געפערלעכער עקספּערימענט קאָן אָבער נאָר דאַן ברענגען נוצן, ווען ער ווערט באַוויליקט פון אַ פעסטגעשלאָסענער פאַרטיי־אָרגאַניזאַציע און ווען דער סאָציאַליסטישער מיניסטער איז און בלייבט אַ באַפולמעכטיקטער פון זיין פאַרטיי.

ווען דער סאָציאַליסטישער מיניסטער ווערט אומאָפּהענגיק פון זיין פאַרטיי, ווען ער הערט אויף צו זיין דער באַפולמעכטיקטער פון זיין פאַרטיי, פאַרוואַנדלט זיך דער אַריינטריט אין מיניסטעריום פון אַ מיטל צו פאַרשטאַרקן דעם פּראָלעטאַריאַט אין אַ מיטל אים אָפּצושוואַכן, פון אַ מיטל צו פאַרגיכערן די דעראָבערונג פון דער פּאָליטישער מאַכט אין אַ מיטל זי צו פאַרהאַלטן.

דער קאָנגרעס דערקלערט, אַז אַ סאָציאַליסט מוז פאַרלאָזן אַ בורזשואַזן מיניסטעריום, אויב די אָרגאַניזירטע פאַרטיי דערקלערט, אַז דאָס מיניסטעריום האָט אַרויסגעוויזן פאַרטייאישקייט אין עקאָנאָמישן קאַמף צווישן קאַפּיטאַל און אַרבעט *)".

ווי מע זעט, אַנטהאַלט ניט די רעזאָליוציע בעיין אויפן ניט קיין פּרינציפּיעלע פאַרורטיילונג פאַר דעם אַנטייל פון סאָציאַליסטן אין בורזשואַזע רעגירונגען. די קריטיק איז געריכטעט דערהויפּט קעגן דעם, וואָס מיליעראַן פירט זיין קאָאַליציע־פּאָליטיק אומאָפּהענגיק פון דער פאַרטיי, דאָס הייסט ער שטעלט אין דער פּראַקטיק די פאַרטיי צו דינסט דער בירגערלעכער רעגירונג, ניט פאַרקערט—די רעגירונג צו דינסט די פאַרטיי ווען דעם.

די רייכע דערפאַרונג, וואָס די אַרבעטערשאַפט האָט פון יענער צייט אָן געהאַט מיט דער קאָאַליציע־פּאָליטיק, האָט באַשיינפערלעך געוויזן, אַז אין דער היינזייטיקער איז מיליעראַנס פאַל ניט געווען קיין אויסנאַם, אַז אַפילו אין די פאַלן, ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן פאַרמעלע קאָאַליציעס, ווען די סאָציאַליסטישע מיניסטאָרן זיינען געווען באַפולמעכטיקטע פון זייערע פאַרטייען, האָט זיך שטענדיק אַרויסגעוויזן, אַז דידאָזיקע מיניסטאָרן האָבן אין זייער רעגירונג־טעטיקייט שטענדיק געהאַנדלט אונטערן טייטל פון די בורזשואַזע פאַרטייען און האָבן אויסגענוצט די פאַרטיי־ביוראָקראַטיע קעדיי צו געווינען די פאַרטיי־מאַסן פאַר אונטערצושטיצן דידאָזיקע פּאָליטיק אָדער ווייניקסטן אָפּהאַלטן זיי פון אַ בונט קעגן דערדאָזיקער פּאָליטיק. עמעס, קאַוטסקיס רעזאָליוציע פאַרורטיילט פּערזענלעך מיליעראַנען, אָבער ווײַבאַלד זי לאָזט אָפן די מעגלעכקייט, דאָס אַזאַ מין „געפערלעכער עקספּערימענט" קאָן אויך ברענגען נוצן, ער קאָן אַפילו זיין, עמעס ניט קיין נאָרמאַלער וועג צו דער מאַכט, באַטייט דאָס די גרעסטע פּרינציפּיעלע קאָנצעסיע פאַר דעם רעפאָרמיזם.

דער היטער פון דער מאַרקסיסטישער אָרטאָדאָקסיע האָט אַף אַזוי פיל פאַרגעסן דעם פאַשעטעסטן עמעס, אַז אין אַ קלאַסן־געזעלשאַפט פאַרטרעט די רע־

*) אונטערגעשטראָכן פון מיר.—י. ל.

גירונג אלס אויספירארגאן פון דער מעלוכע נאר די אינטערעסן פון איינעם, פון דעם הערשנדיקן קלאס, אז ער שטעלט פאר „פארטייאישקייט אין עקאנאמיש קאמף צווישן קאפיטאל און ארבעט” נאר ווי א מעגלעכן פאל און ניט ווי א טויטווענדיקייט. די דאזיקע טיפיזינישע געדאנקען האט פלעכאנאוו נאך מער פארברייטערט, אריינטראגנדיק א ענדערונג, וואס דערלויבט סאציאליסטן אריינ-טרעטן נאר אין אזוינע רעגירונגען, „וואס וועט אין אלע קאמפן צווישן ארבע-טער און קאפיטאליסטן איינהאלטן דעם שטאנדפונקט פון אומבויגזאמער נייט-ראליטעט (!)”.

די דאזיקע כאסמע האט אזוי ווייניק אימפאנירט וואנדערוועלדען, אז ער איז זי פארביגעגאנגען מיט א העפלעכן וויץ. אין זיין באגרינדן קאוטסקיס רעזאלוציע האט ער די גאנצע שווערקייט געלייגט דערויף, אז עס האנדלט זיך ניט וועגן א פראגע פון פרינציפ, נאר וועגן א פראגע פון טאקטיק. „אומבויגזאם אין פרינציפ, די טאקטיק אבער איז א זאך פון די באזונדערע לענדער”—אזוי האט ער פארמולירט די מיינונג פון דער מערהייט פון דער קאמיסיע. ער האט דערקלערט, אז אין דער שטעלונג פון די געדיסטן איז פאראן א ווידערשפרוך, פון איין זייט שטייען זיי אף דעם שטאנדפונקט פון דעראבערן די מאכט אין דער מעלוכע און אין דער געמיינדע מיט שטימצעטלען, צ. ב. איבערנעמען פאסטנס פון בירגערמייסטערס, פון דער צווייטער זייט, ווילן זיי פרינציפיעל פאר-שליסן די טיר צו דער רעגירונג. צווישן פאליטישער און אדמיניסטראטיווער מאכט איז ניטא קיין וועזנטלעכער אונטערשייד.

דער איטאליענישער סאציאליסט פערי האט אין נאמען פון דער מינדער-הייט באגרינדעט געדס רעזאליוציע:

„דער פינפטער אינטערנאציאנאלער קאנגרעס אין פאריזש דערקלערט נאכאמאל, אז די דעראבערונג פון דער פאליטישער מאכט דורך דעם פרא-לעטאריאט צי עס וועט פארקומען אפן פרידלעכן אדער געוואלטזאמען וועג, באטייט די פאליטישע עקספראפריאציע פון קאפיטאליסטישן קלאס.

זי דערלאזט דעריבער דעם אנטייל פונעם פראלעטאריאט אינעם בורזשו-אזן רעזשים נאר אין דער פארם פון דעראבערן מאנדאטן מיט אייגענער קראפט אפן באדן פון קלאסן-קאמף און פארווערט יעדער אנטייל פון סאציאליסטן אין בירגערלעכע רעגירונגען, קעגן וועלכע די סאציא-ליסטן מוזן שטיין אפן שטאנדפונקט פון אומבויגזאמער אפאזיציע *)”.

די וואקלדיקע האלטונג פון דער קאמיסיע, האט ער דערקלערט, איז סימפ-טאמאטיש פאר די שטימונגען אינעם סאציאליזם אין אלע לענדער. מיט „קאוט-סקים גומי” קאן מען גארניט מאכן, מע מוז האבן פעסטע קלאלים. עס איז א פארדינסט פון די זשאורעסיסטן, וואס אין דער דרייפוס-אפערע האבן זיי איבער-גענומען די פירונג אינעם קאמף קעגן קלעריקאליזם און מיליטאריזם, בעיים די געדיסטן זיינען געשטאנען בא דער זייט. פון דער צווייטער זייט אבער זיינען זיי באגאנגען א פעלער, שטעלנדיק זיך אף דער זייט פון מיליעראנען. די בור-

*) אונטערגעשטראכן פון מיר.—י. ל.

זשאָזיע װענדעט אָן פֿאַרשײדענע מעטאָדן צו באַקעמפֿן דעם סאָציאַליזם לױט דער שטופֿע פֿון זײַן אַנטװיקלונג.

„איז דער סאָציאַליזם נאָך אַ זױג־קינד באַקעמפֿט זי אים מיט רעבילעס און שפּאָט. איז עס שױן אַ קינד פֿאַרפֿאָלגט זי אים מיט רעאַקציאָנערע מאַסמיטלען, דעם סאָציאַליזם דעם יוגנטלעכן פּרוּװט זי היפּנאָטיזירן און אַראָפּפֿירן פֿון ריכטיקן װעג. זי איז װי אַ שװיגער־מוטער, װאָס װאָלט גערן כאַסענע געמאַכט איר טאָכטער. מע פּוצט אױס און מע פֿאַרבט צו די טאָכטער, זי מאַכט כײנדלעך, און װען דער באָכער איז געפֿאַנגען, װערט ער דער געהאָרכזאַמער, געבונדענער, אומגליקלעכער מאַן..

קאַוטסקיס רעזאָליוציע איז צוזאַמענגעשטעלט פֿון „אױב"ן און „אָבער"ס, זי האָט איר הינטער־טיר. זי האָט געשלאָסן פֿאַרן מיליעראַניזם די טיר, אָבער געעפֿנט די פֿענצטער. דער פּרינציפּ איז אַראָפּגעשריבן געװאָרן אַף אַ פּאַפּיר און גערעטעװעט געװאָרן, אין דער פּראַקטיק איז אָבער אַלץ דערלױבט, עס רעדט זיך דאָ װעגן אַ „געפֿערלעכן עקספּערימענט" אָבער מע װעט זאָגן: מיר זײַנען מוטיקע יאַטן און מיר װעלן דעריבער ריזיקירן! די רעזאָליוציע רעקאָמענדירט אַ בורזשואַזע טאַקטיק מיט סאָציאַליסטישע פּרינציפּן. אַזױ אַרום קומען מיר אַרוף אַף אַ גליטשיקן װעג. עס איז ניטאָ קײן שום אונטערשײד צװישן טאַקטיק און פּרינציפּ. די פּראַקטיק דאַרף זײַן נאָר אַנגעװענדעטע טעאָריע, די טעאָריע נאָר אַנגעװענדעטע פּראַקטיק. װוּהין דאָס פֿאַרפֿירט אונדז װײַזט דער פֿאַקט, אַז אין פֿראַנצױזישן פּאַרלאַמענט האָט קײן אײן סאָציאַליסט ניט פּראָטעסטירט קעגן דעם מאַרש אין כינע, יאָ, זײ האָבן אַפֿילע באַװיליקט די קרעדיטן פֿאַר דעמדאָזיקן רױב־מאַשין"*).

זשאָרעס האָט זיך קוידעמקאָל פֿאַרופֿן אַף דעם, אַז אַלע סאָציאַליסטישע פּאַרטײען דערלאָזן די טאַקטיק פֿון װאַל־בלאָקן מיט די בירגערלעכע פּאַרטײען. מיליעראַן האָט עמעס באַקומען דעם פּאָרטפֿעל פֿון די הענט פֿונעם פּרעזידענט, ניט פֿון די װײלער, דעם פּרעזידענט אָבער האָבן אױסגעװײלט די דעפּוטאַטן, װאָס זײַנען געשיקט געװאָרן פֿון די װײלער! צום סאַף האָט זשאָרעס דערקלערט, אַז ער איז גרײט צו שטימען פֿאַר קאַוטסקיס רעזאָליוציע, װײל זי מאַכט די מיניסטער־פֿראַגע ניט פֿאַר קײן פּרינציפּ־פֿראַגע, נאָר פֿאַר אַ פֿראַגע פֿון טאַקטיק. דער אַרבעטער־קלאַס איז גענוג רײף ער זאָל קאָנען פֿירן אַלײן זײַן פּאָליטיק, מע דאַרף אים ניט בינדן די הענט. דער אַרײַנטריט פֿון אַ סאָציאַליסט, װאָס האָט אַ מאַנדאַט פֿון זײַן פּאַרטײ, אין אַ בורזשואַזן מיניסטעריום איז אַן אָנהײב פֿון דער פּאָליטישער עקספּראָפּריאַציע פֿון דער בורזשואַזיע. דידאָזיקע אָפֿנהאַרציק אַרױסגעזאָגטע שטעלונג האָט די מערהײט פֿון קאָנגרעס אױפֿגענומען מיט שטורמישע און לאַנגדױערנדיקע אַפּלאָדיסמענטן!

דעם פּרינציפּיעלן מאַרקסיסטישן שטאַנדפּונקט האָט פֿאַרטראָטן געד. װאַל־בלאָקן מיט בירגערלעכע פּאַרטײען מוז מען באַגרענעצן ביז אַ מינימום. װאָס

*) אונטערגעשטראָכן פֿון מיר.—ל.

מער עס פארשארפט זיך דער קלאסן-קאמף, אלץ מער פארשווינדן די בלאקן. דורך דעם, וואס א סאציאליסט וועט אריינטרעטן אין א מיניסטאָרן-קאבינעט, קאן מען אין בעסטן פאל דערגרייכן טיילווייזע רעפארמעס, וואס ענדערן גארניט אין דער קלאסן-לאגע פונעם פראלעטאריאט. עס איז נויטיק ניט נאר דעראָבערן די צענטראלע מאכט, נאר די דיקטאטור פון פראלעטאריאט, וואס פאר איר האבן שוין אין 1798 יאר געציטערט די גרויסע בורזשואזע רעוואָליוציאנערן. דער סאציאליזם איז עמעס אויסגעוואקסן, אבער ער האט, ווייזט אויס, אין דער טיפקייט פארלאָרן דאס, וואס ער האט געווונען אין דער ברייט. און עס זעט אויס, אז זיין רוקן-ביין איז שוין ניט אזוי פעסט, ווי פריער.

געד האט זיך געווענדעט קעגן קאוטסקיס רעזאָליוציע און האט זיך פארופן אף ווילהעלם ליבקנעכטן, וואס האט געזאגט, אז א סאציאליסט, וואס טרעט אריין אין א בורזשואזן מיניסטעריום, הערט אוף צו זיין א סאציאליסט.

„די קלאסן-קעגנזאצן, וואס לאזן זיך ניט אויסגלייכן, מאכן פאר אויסגעשלאסן, אז איין, און די זעלביקע פערזאן זאל קאנען זיין דער פארטרעטער פון די אינטערעסן פון פראלעטאריאט און פון דער בורזשואזיע. קיין זאך ענדערט זיך ניט, אויב הינטער דעם סאציאליסטישן מיניסטעריום שטייט אן ארגאניזירטע פארטיי. דערמיט ווערט די סיטואציע נאר פארערגערט, ווייל די גאנצע פארטיי טראגט די פאראנטווארטלעכקייט פון די פעלערן און פארברעכנס פונעם בירגערלעכן מיניסטעריום און פאר זיין באנקראט. די פארטיי דיסקרעדיטירט זיך אין די אויגן פונעם פראלעטאריאט, וואס דערקענט די באדייטונג פון רעמדאזיקן קאמפראמיס דורך דער קנאקעריי פון די סאלדאטישע ביקסן און דורך די בליצן פון די זשאנדארמישע שווערדן. יעדער מיניסטער טראגט די פאראנטווארטלעכקייט פאר דער גאנצער פאליטיק פון דעם מיניסטעריום, אויך פאר דער אויסערלעכער פאליטיק, פאר די מיליטערישע און פלאט-קרעדיטן. אן ענגלישער אדער א דייטשישער מיליערנר וואלטן מיט זייערע מיליאנען געשטעלט אין געפאר די אינטערנאציאנאלע סאלידאריטעט. קאוטסקיס רעזאָליוציע מיט אירע ווידערשפרוכן טראגט שווערע געפארן פאר דעם מארש פונעם פראלעטאריאט. מיר שטייען פעסט דערויף: אויסער קלאסנקאמף איז ניטא פארן פראלעטאריאט קיין אויסוועג.

דאס איז געווען דאס ערשטע און לעצטע מאל, וואס איינער פון די פירער פונעם צווייטן אינטערנאציאנאל האט זיך אף אן אינטערנאציאנאלן קאנגרעס ארויסגעזאגט אפן פאר דער דיקטאטור פון פראלעטאריאט. דעם טעזיס פון מארקסן, וועלכן מארקס אליין האט געהאלטן פאר דעם איקער פון זיין טעאָריע *), אז דער קלאסנקאמף פירט דורכויס צו דער דיקטאטור פונעם פראלעטאריאט און אז די דאזיקע דיקטאטור איז נאר אן איבערגאנג צו דער פארניכטונג פון אלע קלאסן, האבן די פארטייען פונעם צווייטן אינטערנאציאנאל, אויסער דער באלשעוויסטישער פארטיי אין מעשעך פון צענדליקער יארן אינגאנצן פארגעסן.

*) לעניק, „מעלוכע און רעוואָליוציע".

דער בעלגישער רעפאָרמיסט אַנסעל האָט אין קאוטסקיס רעוואָליוציע באַ-
גריסט אַ נייע עפּאָכע פון רעפאָרמיסטישער פּראַקטיק.

„דאָס וויכטיקסטע אין קאוטסקיס רעוואָליוציע איז דאָס, וואָס עס ווערט אַרויסגעזאָגט דער געדאַנק, אַז דער זיג פון סאָציאַליזם קאָן ניט זיין דער רעזולטאַט פון אַ פּוטש, נאָר אַ רעזולטאַט פון אַ לאַנגדויערנדיקער און לאַנג-זאַמער אַרבעט. דאָס איז דער איבעררייס מיט דער פאַרגאַנגענהייט. פּונקט ווי די קירך זאָגט צו אירע גלויביקע די שיינקייטן פון גאַניידן און די בורזשואַזיע די אַלהיילנדיקע קראַפט פון די פּאָליטישע פרייהייטן, אַזוי האָבן מיר צו לאַנג געפּרעדיקט דעם גלויבן אין דעם גרויסן טאָג פון דער רעוואָליוציע, און אַזוי אַרום איז אַנטשטאַנען די מיינונג, אַז ביז דאַן דאַרפן מיר צונויפקלייבן די כוחות און וואַרטן. פון היינט אָן הויבט זיך אָן אַן אַנדער טאַקטיק*) — און דאָס וועט ניט אַרויסרופן, ווי געד האָט מוירע, אַן אָפּשוואַכונג פון דעם סאָציאַליסטישן באַוווסטזיין — די טאַקטיק פון אומאויפהערלעכער, אומדערמידלעכער, קליינער טאָגטעגלעכער אַר-בעט. עס איז לייכט צו פאַנאַנדערפלאַקערן יוגנטלעכע באַגייסטערטע הער-צער פאַרן גרויסן לעצטן קאַמף, אַסאַך שווערער איז אָבער טאָג איין טאָג אויס צו דערפילן די קליינע אויסמאַטערנדיקע פליכטן פון אַן אָרגאַניזאַ-ציע-מיטגליד. דאָס בויען באַריקאַדן דאַרף געלויבט ווערן, עס דאַרף אָבער אויך געלויבט ווערן די דאָזיקע קליינע אַרבעט. מיר ערן די פריערדיקע קעמפער פון דער רעוואָליוציע, מיר טאָרן אָבער אויך ניט דערשאַצן יענע, וואָס פאַרטיידיקן היינט בעסערע, מער צוגעפּאַסטע צו היינטיקע באַדערפענישן מעטאָדן פון קאַמף".

אָבער אַנסעל אַליין האַלט פאַר נויטיק די דאָזיקע אומפאַרשעמטע דראָשע פאַרן רעפאָרמיזם אָפּצושוואַכן מיט אַ רעוואָליוציאָנערע פראַזע.

„האָטש מיר ווענדן אָן אַף צו דערגרייכן אונדזער ציל נאָר פרידלעכע געזעצלעכע מיטלען, וועלן מיר ניט קאָנען אויסמיידן דעם לעצטן קאַמף, ווייל די בורזשואַזיע וועט ניט דערלאָזן אָן אַ ווידערשטאַנד די פּאָליטישע און עקאָנאָמישע עקספּראָפּריאַציע".

דער קעמפער פון דער קאָמונע וויאַן, דער פירער פון די בלאַנקיסטן, האָט זיך סאָלידאַריזירט מיט געדן און האָט דערקלערט, אַז קאוטסקיס רעוואָליוציע איז אַ קאַפּיטוליאַציע פאַר בערנשטיינען.

אין אַנסעלס סטיל האָט גערעדט אויך אָוער, וואָס איז שוין דעמאָלט לאַנג אַריבער אַף דער זייט פון די רעוויזיאָניסטן, זיין גאַנצע רעדע האָט אויסגע-דריקט אַ באַדויערן איבער דעם, וואָס אין דייטשלאַנד האַלטן זיי נאָך ניט אַזוי ווייט, אַז זיי זאָלן זיך קאָנען אַרופכאַפּן אַף אַ מיניסטעריש בענקל. „געווים", האָט ער געזאָגט, „קיין מיליעראַן־געשיכטעס האָבן זיך נאָך בא אונדז ניט אָפּ-געשפּילט!.. אָבער איך האָף, אַז גאָר אין גיכן וועלן מיר אויך דערצו דער-וואַקסן". עמעס, אין דייטשלאַנד וואָלט עס געווען אומעגלעך, אַז אַ פּאַרטיי-

**) אונטערגעשטראָכן פון מיר.—י. ל.

כאָטש ער זאָל אַרײַנטרעטן אין אַ מיניסטעריום אָן דער צושטימונג פֿון דער פּאַרטײ. אָבער בײַ דער צעבראָכנקייט פֿון די פֿראַנצויזישע פּאַרטיי-פֿאַרהעלטענישן, האָט וועמען אייגנטלעך מיליעראַן געזאָלט פֿרעגן?

נאַטירלעך, אַז דערדאָזיקער סאָציאַליסט, וואָס האָט אַזוי געבענקט נאָך אַ מיניסטער-בענקל, האָט זיך אויך אַרויסגעזאָגט פֿאַר קאַוטסקיס רעזאָלוציע. ער קאָן עמעס ניט אונטערשרייבן יעדן זאַץ אירן, אָבער ער איז מסכּים מיט איר אַלגעמיינער טענדענץ.

ניט געקוקט אַף די דאָזיקע אַלע צושטימונגען, האָט קאַוטסקי ניט געפֿונען פֿאַר נויטיק צו פֿאַרשאַרפֿן זיין רעזאָלוציע. אונטער צאַרנדיקע אויסרופֿן פֿון די געדיסטן איז די רעזאָלוציע אָנגענומען געוואָרן מיט אַ מערהייט פֿון 29 שטימען קעגן 9. יעדע לאַנד האָט געהאַט צוויי שטימען. אינגאַנצן קעגן האָבן געשטימט נאָר בולגאַריע און אירלאַנד, טיילווייז קעגן האָבן געשטימט די דעלעגאַטן פֿון פֿראַנקרייך, פּוילן, רוסלאַנד, איטאַליע און פֿאַראייניקטע שטאַטן פֿון צפֿון-אַמעריקע.

אויב די דאָזיקע אָפּשטימונג איז געווען די ערשטע גרויסע מאַפּאָלע פֿונעם רעוואָלוציאָנערן פֿליגל פֿונעם אינטערנאַציאָנאַל, זיינען דערפֿאַר די רעזאָלוציעס איבער דער קאָלאָניאַל-פֿראַגע און איבער דער פֿראַגע וועגן מיליטאַריזם פֿאַרפֿאַסט געוואָרן אין אַ קלאָרן רעוואָלוציאָנערן גייסט. דערזעלבער וואַן קאָל, וואָס איז אין אַ קורצער צייט אַרום געוואָרן דער פֿירער פֿון האָלענדישן סאָציאַל-אימפּעריאַליזם, האָט אין נאָמען פֿון דער קאָמיסיע רעפֿערירט אַ רעזאָלוציע, וואָס פֿאַרפֿליכטעט דעם פּראָלעטאַריאַט מיט אַלע מיטלען צו קעמפֿן קעגן דער קאָלאָניאַלער פּאָליטיק פֿון דער בורזשואַזיע, מיטהעלפֿן צו גרינדן סאָציאַליסטישע פּאַרטייען אין די קאָלאָניאַלע לענדער און איינשטעלן מיט זיי די ענגסטע פֿאַרבינדונג. עס איז ווערט צו פֿאַרצייכענען, אַז צו באַגרינדן די דאָזיקע רעזאָלוציע זיינען אַרויסגעטראָטן אַ ריי ענגלישע אַרבעטער-פֿאַרטרעטער: היינדמאַן, דער גרינדער פֿון דער סאָציאַליסטישער פֿעדעראַציע, האַרי קוועלטש, וועלכער האָט באַזונדערס באַטאָנט, אַז די ענגלישע אַרבעטער זיינען איינשטימיק קעגן דעם קריג מיט די בורן, און דער פֿירער פֿון די לאָנדאָנער גאַז-אַרבעטער קערען, דער ערשטער קאַנדידאַט, וואָס איז אין אַן אָפֿענעם קאַמף אויסגעוויילט געוואָרן אין פּאַרלאַמענט, האָט דערקלערט:

„אין ענגלאַנד באַמיט מען זיך איצט באַזונדערס צו פֿריידיקן צווישן די פֿאַראיינישע טוערס, אַז די קאָלאָניאַלע פּאָליטיק ליגט אין זייערע אינטערעסן, ווייל זי שאַפֿט נייע אָפּזאַץ-מערק, שאַפֿט אַזוי אַרום מער אַרבעט, העכערט די לוינען. אָבער די ענגלישע פֿאַראיינישע טוער וועט מען מיט אַזעלכע ריידערייען ניט פֿאַנגען, זיי ענטפֿערן: אַזוי לאַנג ווי אין ענגלאַנד וועלן זיין קינדער, וואָס גייען הונגעריקע אין שול, אַזוי לאַנג ווי אין ענגלאַנד זיינען פֿאַראַן אַרבעטער, וואָס גייען אַרום אין שמאַטעס, אַרבעטלאָזע, וואָס קומען אום פֿאַר דאָכקעס, זיינען די ענגלישע אַרבעטער ניט פֿאַראינטערעסירט, אַז די סכוירעס, וואָס זיי פּראָדוצירן זאָל מען עקספּאָרטירן אין די

קאָלאָניעס. און אויב די דזשינגאָס *) פאַלן איצט אַריין אין היסטעריע דערפון, וואָס ענגלאַנד איז געוואָרן אַ פּראַקטיק לאַנד, אין וועלכן די זון גייט קיינמאָל ניט אונטער, זאָג איך: אין ענגלאַנד זיינען פאַראַן טויזנטער ערטער, ווו די זון איז נאָך קיינמאָל ניט אויפגעגאַנגען" **).

די רעזאָלוציע איז איינשטימיק אָנגענומען געוואָרן.

די רעזאָלוציע קעגן מיליטאַריזם האָט באַגרינדעט ראָזע ליוקסעמבורג ***).

זי האָט אָנגעוויזן אויף די נייע דערשיינונגען אין דער וועלט-פּאָליטיק, אויף דער אַנטוויקלונג פון דער קאָלאָניאַלער עקספּלואַטאַציע, וואָס האָט שוין געפירט צו פיר בלוטיקע מלחמות און אויף דער פּערמאַנענטער מלחמה-געפאַר, אין וועלכער אַלע מעלוכעס ווערן גלייכמעסיק פאַרוויקלט. דאָס שאַפט אַ נייעם באַזיס פאַר אַ געמיינזאַמער פּראָלעטאַרישער אַקציע. די אינטערנאַציאָנאַלע דערנענטערונג צווישן די אַרבעטער-פּאַרטייען איז נויטיק ניט נאָר פונעם שטאַנדפּונקט פון טאָג-טעגלעכן קאַמף, נאָר אויך צוליב דעם סאָציאַליסטישן ענדציל. אין צוזאַמענהאַנג דערמיט האָט ליוקסעמבורג אָנגעמערקט דעם געדאַנק, וואָס איז געוואָרן דער גרונט פון די שפּעטערדיקע אַנטימלחמה-רעזאָלוציעס, וועגן אויסנוצן דעם קריזיס, וואָס די מלחמה שאַפט, אויף אַראָפּוואַרפן דעם קאַפּיטאַליזם:

„עס ווערט אַלץ מער וואַרשיינלעך, אַז די קאַפּיטאַליסטישע אָרדענונג וועט אומקומען ניט אין רעזולטאַט פון אַן עקאָנאָמישן, נאָר אין רעזולטאַט פון אַ פּאָליטישן קריזיס, וואָס די וועלט-פּאָליטיק וועט אַרויסרופן. די הערשאַפט פון דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג וועט נאָך עפּשער לאַנג דויערן. אָבער פריער אָדער שפּעטער וועט קומען די שעה, און קעדיי אין אַנטשיידנדעם מאָמענט זאָלן מיר זיין צוגעגרייט צו דער גרויסער ראָליע, איז נויטיק, אַז דער פּראָלעטאַריאַט פון אַלע לענדער זאָל זיך גרייטן צו אָט דעם מאָמענט דורך שטענדיקע אינטערנאַציאָנאַלע אַקציעס".

די איינשטימיק אָנגענומענע רעזאָלוציע שטרייכט אונטער די נויטיקייט צו פירן ענערגישע אינטערנאַציאָנאַלע אַקציעס און אַ געמיינזאַמען קאַמף קעגן מיליטאַריזם אין דער וועלט-פּאָליטיק, אונטער וועלכע מע האָט דעמאָלט פאַרשטאַנען די אימפּעריאַליסטישע פּאָליטיק.

אַלס פּראַקטישע מיטלען דערצו האָט די רעזאָלוציע רעקאָמענדירט:

1. דערציען און אָרגאַניזירן די יוגנט אין קלאַסן-קאַמף;

2. די סאָציאַליסטישע פאָרטרעטער אין אַלע פּאַרלאַמענטן זאָלן זיך פאַרפליכטן צו שטימען אומבאַדינגט קעגן די אויסגאַבן אויף מיליטער און פלאָט אָדער אויף קאָלאָניאַלע עקספּעדיציעס און

3. אָרגאַניזירן אַ גלייכצייטיקע און איינהייטלעכע פּראָטעסט-באַוועגונג קעגן מיליטאַריזם בײַ אַלע פּאַסנדיקע געלעגנהייטן, וואָס האָבן אַן אינטערנאַציאָנאַלע באַדייטונג.

---

*) דזשינגאָס — קעמפערישע שאָוויניסטן און אימפּעריאַליסטן אין ענגלאַנד.

**) אונטערגעשטראָכן פון מיר. — י. ל.

***) דאַשינסקי האָט אויך אויף דעם קאָנגרעס געפּרוּווט אָפּצופרעגן די גילטיקייט פון איר מאַנדאַט, דאָס מאָל אָן דערפאָלג.

וויטער האָט דער קאָנגרעס פּראָטעסטירט קעגן דעם שאָלעם־שווינדל פון דער האאגער קאָנפערענץ*).

דיראַדיקאַלע רעזאָלוציע אין פאַרגלייך מיט די פריערדיקע באַשלוסן האָט באַטייט א טריט פאָרויס. מע האָט עמעס ניט באַהאַנדלט גרינטלעך די פּראָבלעם פון אימפּעריאַליזם, מע האָט זיך אויך ניט געאײַלט גענויער צו כאַראַקטעריזירן די נייע וועלט־לאַגע, אָבער דאָס איקערדיקע איז בוילעט אונטערגעשטראָכן געוואָרן: די פאַרשאַרפונג פון דער אינטערנאַציאָנאַלער מיליטאַריזם־געפאַר, דער רעאַקציאָנערער עקספּלואַטאַטאָרישער כאַראַקטער פון דער הײַנטיקער מיליטאַריזם און די פליכט פונעם פּראָלעטאַריאַט צו פאַרשטאַרקן זײַנע אינטערנאַציאָנאַלע אַקציעס.

די פאַרשטאַרקטע אײַנהייטלעכקייט פון די אינטערנאַציאָנאַלע אַרויסטרעטונגען האָט געזאָלט אויך אָרגאַניזאַציאָנעל באַוואָרנט ווערן.

וואָן קאָל האָט פעסטגעשטעלט, אַז ביז איצט פלעגן די אינטערנאַציאָנאַלע קאָנגרעסן אָננעמען שיינע באַשלוסן און דערביי פלעגט עס בלייבן. דערהאָזיקער פעלער, דער וויכטיקסטער פעלער פונעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל האָט געזאָלט באַזייטיקט ווערן דורכן שאַפן אַ שטענדיקן אינטערנאַציאָנאַלן קאָמיטעט, אַ אינטערנאַציאָנאַלן סעקרעטאַריאַט און אַ צווישנפּאַרלאַמענטאַרישע קאָמיסיע. דיהאָזיקע אָרגאַניזאַציאָנעלע מאָסמיטלען האָבן פּראַקטיש קיין נוצן ניט געבראַכט. די אינטערנאַציאָנאַלע ביוראָ האָט ניט געהאַט קיין שום אויספירמאַכט, קיין שום מיטלען צו קאָנטראָלירן די טעטיקייט פון אייניצלנע פּאַרטייען און מיט זיי אָנפירן, קיין שום פולמאַכט עפּעס אונטערנעמען קעגן די סעקציעס, וואָס איגנאָרירן די באַשלוסן פון די אינטערנאַציאָנאַלע קאָנגרעסן און דעריבער איז ווייטער געבליבן די לאַגע, ווי וואָן קאָל האָט זי כאַראַקטעריזירט.

א ביישפּיל דערפאַר, וואָס רעדט פאַר זיך אַליין, איז דער באַשלוס פון דעם קאָנגרעס פאַר גלייכע, דירעקטע און געהיימע וואַל־רעכט, אין וועלכן עס איז באַזונדער אונטערגעשטראָכן געוואָרן די פאָדערונג וועגן וואַלרעכט פאַר פרויען. דאָס האָט אָבער שפּעטער ניט געשטערט, ניט דער עסטרייכישער, ניט דער בעלגישער פּאַרטיי צוליב אַ קאָמפּראָמיס מיט די בורזשואַזע פּאַרטייען אין פּראַקטישן קאַמף אַרויסצוואַרפן די פאָדערונג וועגן וואַל־רעכט פאַר פרויען.

דער קאָנגרעס האָט זיך געשלאָסן מיט אַ קורצער דיסקוסיע וועגן גענעראַל־שטרייק.

דער פירער פון די דייטשישע פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען ליעגין האָט איבערגעבאַזערט דעם שוין דערעסענעם אַרגומענט, אַז פאַר א גענעראַל־שטרייק איז די אָרגאַניזאַציע ניט גענוג שטאַרק. צו פאַרטיידיקן דעם גענעראַל־שטרייק איז אַרויסגעטראָטן בריאַן, וואָס פאַר זיין איבערלויפן צו דער בורזשואַזיע האָט ער געשפּילט די ראָליע פון א ראַדיקאַל.

*) אין 1898 יאָר האָט דער בעלגיקער צאר ניקאָליי צונויפגערופן די רעגירונגען פון די אייראָפּעישע לענדער אף א „פרידן־קאָנפערענץ“ אין האאג צו באַטראַכטן די פראַגן וועגן אנטוואָפענינג, וועגן אַרביטראַזש־געריכטן, וועגן א הומאַנעם איפן צו פירן מילכאָמעס און דגל.— א געוויסער פאָרשפּיל צו די פעלקער־ליגע־קאָמיסיעס פון איצט.

„פאַר מיר, — האָט דערקלערט דער מייסטער פון שיינע פראַזן, — איז דער גענעראַל־שטרייק אַ וועג צו דער רעוואָלוציע, וואָס וועט געבן מער גאַראַנטיעס ווי די פריערדיקע, אַ רעוואָלוציע, וואָס פון איר וועלן שוין ניט איינצלנע געניסן די פרוכט, נאָר וואָס וועט געבן דעם פּראָלעטאַריאַט די מעגלעכקייט אַרופצולייגן אַ האַנט אויף די פּראָדוציר־מיטלען פון דער געזעל־שאַפט און צו באַהערשן זיי.”

פאַר אַ רעזאָלוציע פון דער מינדערהייט, וואָס איז געווען צונויפגעשטעלט אין דעם זין, האָבן געשטימט צוזאַמען מיטן לינקן פליגל פון די פראַנצויזן אַ טייל דעלעגאַטן פון די ראָמאַנישע לענדער און די פאָרטרעטער פון די רוסישע סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערן.

## 6. אונטערן צייכן פון קאַמף קעגן רעוויזיאָניזם

אַמסטערדאַם, 1904

דער אַמסטערדאַמער קאָנגרעס פון 1904 יאָר איז דער העכסטער פונקט אין דער אַנטוויקלונג פונעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל. ער האָט געדאַרפט אַרויס־ווייזן זיין באַציונג צו דער ערשטער גרויסער אימפּעריאַליסטישער מלחמה. וואָס האָט אויפגעטרייסלט די קאַפּיטאַליסטישע וועלט, צו דער רוסיש־יאַפּאַני־שער מלחמה, וואָס האָט אויסגעבראָכן אין 1904 יאָר, און צו די גרויסע פּרינ־ציפּיעלע שטרייטן מיטן רעוויזיאָניזם, וואָס איז ביזן העכסטן גראַד פאַרשאַרפט געוואָרן ניט נאָר אין פראַנקרייך צוליב דעם איניען מילעראַן, נאָר אויך אין דייטשלאַנד אין צוזאַמענהאַנג מיטן קאַמף פאַרן רעאַליזירן דעם געוואַלטיקן וואַל־זיג אין 1903 יאָר. און ביידע פראַגן האָט דער קאָנגרעס זיך געשטעלט אויף אַ קלאָרן, פּראָלעטאַרישן, רעוואָלוציאָנערן שטאַנדפּונקט.

די דייטשישע פּאַרטיי, די פירנדיקע פּאַרטיי פונעם צווייטן אינטערנאַציאָ־נאַל, וואָס איז ביכלאַל ניט אַלעמאָל, ווי מיר האָבן געזען, געשטאַנען אויפן לינקן פליגל פונעם אינטערנאַציאָנאַל, איז אויף דעם קאָנגרעס געווען די פּאַרטיי, וואָס האָט אָפּגעהיט די מאַרקסיסטישע ליניע קעגן דעם רעוויזיאָניזם. די יאָרן 1903—1904 זיינען טאַקע געווען אויך דער העכסטער פונקט אין דער אַנ־טוויקלונג פון דער דייטשישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע און צוגלייך אויך אינעם פּאָליטישן וועג פון אויגוסט בעבעל.

דער דרעזדענער פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר פון 1903 יאָר איז אינגאַנצן גע־שטאַנען אונטערן איינדרוק פון דעם ליידנשאַפטלעכן, פּרינציפּיעלן קאַמף, וואָס בעבעל האָט געפירט קעגן דעם רעוויזיאָניזם. נאָך קיינמאָל האָט בעבעל ניט אַזוי אויסגעדריקט קלאָר דעם רעוואָלוציאָנערן ווילן פון דעם קלאַסן־באַוווסט־זיניקן אַרבעטער, נאָך קיינמאָל האָט אים ניט געשענקט אַזויפיל צוטרוי דער דייטשישער און אינטערנאַציאָנאַלער פּראָלעטאַריאַט.

אין 1903 יאָר איז די דייטשישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע אַרויס אין וואַל־קאַמף אונטערן צייכן פון קאַמף קעגן דער פּראָטעקציאָנעלער צאָל־פּאָליטיק, קעגן מיליטאַריזם און קעגן ווילהעלם דעם צווייטנס פּערזענלעכן רעזשים און האָט פאַרגרעסערט די צאָל שטימען קעגן 1898 יאָר פון 2,1 מיליאָן אויף 3 מי־

ליאן, פון 18,4 פראצענט וואל־בארעכטיקטע אף 24 פראצענט, די צאל מאנדאטן פון 32 אף 56.

סיי די פריינט, סיי די סאנים האבן געשטעלט די פראגע, וואס וועט זיין דער רעזולטאט פון דעמדאזיקן געוואלטיקן וואל־זיג. וואלט די דייטשישע סאציאל־דעמאקראטיע זיך פעסטגעהאלטן בא דער ליניע פון רעוואליוציאנערן קלאסן־קאמף, וואלט איר וואקסנדיקע מאכט געמוזט ארויסרופן א געוואלטיקע פארשארפונג פון די קלאסן־קעגנזאצן, א געוואלטיקן אופשטייג פון די קלאסן־קאמפן. דאס איז געווען די פערספעקטיוו, וואס עס האבן פארויסגעזען בעבעל און אויך קאוטסקי, וועלכער איז דעמלט נאך געשטאנען אין לינקן פליגל.

דיאמעטראל אנטקעגנגעזעצטע אויספירונגען האבן געמאכט די רעפארמיסטישע אנהענגער פון דעמאקראטישע איליוזיעס.

זיי האבן דערווארט, אז איצט וועט אוועקגיין מיט א שטארקערן טעמפ דאס „ארייננוואקסן אין סאציאליזם", זיי האבן געהאפט, אז אויך אין דייטשלאנד וועט ווערן אקטועל דאס „באהערשן שטיקערווייז די רעגירונגס־מאכט לויט מיליעראנס סיסטעם". בערנשטיין, דאס enfant terrible *) פונעם רעפארמיזם, האט גלייך אוועקגעשטעלט די פראגע פראקטיש. עס האט זיך געהאנדלט וועגן באזעצן דעם פאסטן פון א וויצע־פרעזידענט אין רייכסטאג, וואס האט געקומט דער סאציאל־דעמאקראטיע לויטן צאל פון אירע מאנדאטן, אבער דער פארלאמענטארישער מינהג האט פארבונדן דידאזיקע פונקציע מיט דער פליכט „צו גיין צום הויף" און פערזענלעך זיך געהארכזאמסט פארשטעלן „זיין מאיעסטעט" ווילהעלם דעם צווייטן. בערנשטיין האט דאס דערקלערט פאר א פוסטע פארמאליטעט. בעבעל האט אבער אויסגעדריקט די מיינונג פון די מאסן פארטייי־מיטגלידער, ווען ער האט דערקלערט, אז דידאזיקע מאסן וואלטן געווארן פארביטערט מיט אזא מין דערנידעריקונג צו „דעם פארשטייער פון דער הערשנדיקער מאכט", וואס שליידערט בא יעדער געלעגנהייט די ווילדעסטע קרעפטיקע ווערטער קעגן דעם „אינגערלעכן סוינע".

בערנשטיינס אטאקע, וואס איז אונטערגעהאלטן געווארן פון פאלמארן און א גרויסן טייל פון דער רייכסטאג־פראקציע, ווי אויך דער שטרייט, וואס האט זיך פאנאנדערגעפלאקערט איבער דער פראגע וועגן דער מיטארבעט פון סאציאליסטן אין דער בירגערלעכער פרעסע, האט געצוווּנגען בעבעלן צו געבן א גענעראל־שלאכט די רעוויזיאניסטן אפן דרעזדענער פארטיי־צוזאמענפאר.

די רעזאליוציע, וואס פארורטיילט ניט נאר בערנשטיינס פארשלאג אין דער פראגע וועגן וויצע־פרעזידענט, נאר אויך די רעוויזיאניסטישע טענדענצן בכלל, פארווארפט די טאקטיק פון דערנענטערן זיך צו דער בירגערלעכער געזעלשאפט און כאזערט איבער אין א פארשארפטער פארם קאוטסקיס רעזאליוציע פון 1900 יאר וועגן באטייליקן זיך אין דער רעגירונג, איז אנגענומען געווארן אין א גאמענטלעכער אפשטימונג מיט דער קאלאסאלער מערהייט פון

*) דאס קינד, וואס מאכט אן צארעס, וואס פלאפלט ארויס אפן דאס, וועגן וואס מע דארף שווייגן.

איבערזעצער.

288 שטימען קעגן 11. צווישן די דעלעגאַטן, וואָס האָבן געשטימט פאַר דער רעזאָליוציע זיינען אָבער אויך געווען די אָנגעזעענסטע פירער פון רעוויזיאָניזם אוער, היינע, קאָלב, פויס, זידעקום. זיי האָבן מאָטיווירט דעמאָקראַטיקן מאַנעווער דערמיט, וואָס זיי ווייסן גאָרניט וועגן קיין שום „רעוויזיאָניזם” און דעריבער קאָנען זיי ניט מאַסקים זיין מיט זיינע טענדענצן און זי טראַכטן איבערהויפּט ניט אָפּצוזאָגן זיך פון דער „אויסגעפּרוּווטער, געקרוינטער מיט ניצכוינעס, טאַקטיק, וואָס באַזירט זיך אויפן קלאַסן־קאַמף” און פאַר וועלכער די רעזאָליוציע זאָגט זיך אַרויס.

דאָס איז, פאַרשטייט זיך, געווען אַ באַוווסטזיניקער מאַנעווער, קעדיי מיטן פאַרמעלן אָנערקענען די פּאַרטייישע פּרינציפּן פאַרלייכטערן זיך די אַרבעט פון אונטערגראָבן אין דער שטיל דידאַזיקע פּרינציפּן. דערדאַזיקער מעטאָד פון פּרינציפּלאָזיקייט אָדער פון אָפּזאָגן זיך פון די פּרינציפּן איז ביכלאַל כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם אָפּאָרטוניזם. אין אַ פּראָלעטאַרישער פּאַרטיי קאָן זיך דער אָפּאָרטוניזם אַנטוויקלען און באַקומען אַן איינפלוס נאָר דאַן, ווען ער פאַרבאַהאַלט זיין עמעסן פּאָנעם. דידאַזיקע קונסט פון זיך אַרונטערהבויגן און אונטערגראָבן בעשטיקע די פּאַרטיי האָבן די דייטשישע רעוויזיאָניסטן אַנטוויקלט ביז מייסטערשאַפט. בעבעל האָט אויף דעמדאָזיקן צוזאַמענפאָר ניט געוואָלט קיין קרעפטיקע ווערטער און חראָונגען. ער האָט געפאָדערט, אַז די פּאַרטיי זאָל אָנווייזן דער פראַקציע פון רייכסטאַג איר טאַקטיק און האָט צוגעגעבן, דירעקט געמיינדיק אָנצוהערעניש אויף וואָלפאַנג היינע: „ווער עס וועט ניט פאָלגן, יענער וועט אַרויספליען!”*). אויף דעמדאָזיקן צוזאַמענפאָר איז ער געווען אויף דער העכסטער שטופע פון זיין ווירקן און האָט בעשום אויפן ניט געוואָלט פאַרטושן די קעגנזאָצן און דולדן די באַליבטע טאַקטיק פון איינהייט פאַר יעדן פּריז, די טאַקטיק, וואָס האָט שפּעטער פאַרפירט די פּאַרטיי אין אַ זומפּ אַריין.

„אָן דער איינהייט פון די פּרינציפּן און איבערצייגונגען, אָן דער איינהייט פון די צילן איז ניט פאַראַן קיין איינקייט און קיין באַגייסטערונג פאַרן קאַמף”**).

אַזוי האָט דאַן גערעדט בעבעל. אָבער די טאַקטיק פונעם פאַרמעלן איינהאַלטן די דיסציפּלין, פון אונטערוואַרפן זיך און צוריקטרעטן, פון אָננעמען אַלע רעזאָליוציעס, האָט געפירט דערצו, אַז די לינקע, וואָס זיינען קיינמאָל אַזוי שטאַרק ניט געווען ווי אויף דעמדאָזיקן צוזאַמענפאָר, ווו זיי האָבן זיך געשטיצט אויף דעם קראַפט־געפיל פון די אַרבעטער דערהמוטיקטע חורכן וואַל־ניצאָכן, האָבן ניט געפונען קיין שום סיבע אָנצווווענדן קעגן די רעפאָרמיסטן אָרגאַניזאַציאָנעלע מאָסמיטלען. אַז די רעוויזיאָניסטן האָבן פאַרשפּרייט אַ קלאָנג, אַז מע האָט געוואָלט די רעזאָליוציע אַזוי פאָרמולירן, אַז קיין איינער פונעם רעכטן פליגל זאָל זי ניט קאָנען אָננעמען קעדיי אויף אַזאַ אויפן אַרויסשטויסן זיי פון דער פּאַרטיי, האָבן די פאַרפאַסער פון דער רעזאָליוציע אָפּגעלייקנט דאָס ווי מיעסע רעכילעס. און בעטעמעס, ראָזע ליוקסעמבורגס פאַרשלאָג, וואָס זי האָט

*) אונטערגעשטראָכן פון מיר.—י. ל.

**) אונטערגעשטראָכן פון מיר—י. ל.

אַרײַנגעטראָגן באַ בערנשטײנס ערשטן אַרױסטרעטן, אַז אַלע אָנהענגער פון די־דאָזיקע אָנשװױנגען זאָלן אױסגעשלאָסן װערן פון דער פּאַרטײ, האָט קײנער אַף דעם צוזאַמענפאָר מער ניט איבערגעזאָגט. אַזױ אַרום זײַנען די פאַרטרעטער פון בורזשואַזע אָנשװױנגען געבליבן אין דער פּאַרטײ, האָבן זיך פעסט באַזעצט אַף די אײַנפלוסרײַכסטע פּאַרטײ־פּאָסטנס (האָט דאָך אַפילע בעבעל געמוזט זיך באַקלאָגן, אַז דער „פאָרװערטס", װאָס מיט אים האָט אָנגעפירט קורט אײַזנער, האָט ניט אָפּגעדרוקט זײַנע דערקלערונגען קעגן די רעװיזיאָניסטן!) און האָבן ביסלעכװײַז דעראָבערט דעם אַפּאַראַט פון דער פּאַרטײ און קױדעמקאָל פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַרײנען.

אין דעמזעלבן יאָר איז אין לאָנדאָן פאָרגעקומען דער צװײטער צוזאַמענפאָר פון דער רוסלענדישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אַרבעטער־פּאַרטײ. אױך דאָ האָט זיך פונאַנדערגעפלאַקערט דער פּרינציפּיעלער קאַמף צװישן דעם רעװאָלוציאָנערן פליגל אונטער דער אָנפירונג פון לענינען און דעם פּשאַרע־מאַכערישן פליגל אונטער מאַרטאָװס אָנפירונג.

אַף דעם דאָזיקן צוזאַמענפאָר איז די פראַגע װעגן דער באַציִונג צו די ליבעראַלן באַהאַנדלט געװאָרן ניט פונעם שטאַנדפּונקט פון דער טאַקטיק באַ פּאַרלאַמענטאַרישע װאַלן, נאָר פונעם שטאַנדפּונקט פון צוגרײטן די אָנקומענדיקע רעװאָלוציע קעגן צאַריזם. דער צוזאַמענפאָר האָט אָנגענומען אַ פּאַרטײ־פּראָגראַם, װאָס לענין און פּלעכאַנאָװ האָבן פאָרגעלײגט איר פּראָיעקט, און װעלכע האָט אין קעגנזאַץ צו דער ערפורטער פּראָגראַם פּראָקלאַמירט די דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט אַלס אומבאַדינגטן טנאַי פון דער סאָציאַלער רעװאָלוציע.

דאָ איז ניט געשטאַנען די פראַגע צי מעגן סאָציאַליסטן מיטאַרבעטן אין בורזשואַזע צײַטונגען, נאָר עס איז געשטאַנען די פראַגע צי סאָציאַליסטן, װאָס פילן ניט אױס רעגלמעסיק און דיסציפּלינירט קײן אַרבעט אין דער אומלעגאַלער אָרגאַניזאַציע, קאָנען זיך רעכענען פאַר פּאַרטײ־מיטגלידער. דאָס איז געװען די באַרימטע פראַגע װעגן דעם פּאַראַגראַף 1 פונעם פּאַרטײ־סטאַטוט. לענינס אומטאָלעראַנטקײט אין דער דאָזיקער פראַגע האָט זיך גענומען דערפון, װאָס ער האָט אין דעם דאָזיקן אָרגאַניזאַציאָנעלן פּרינציפּ געזען די גאַראַנטיע דערפאַר, אַז די אַרבעטער־פּאַרטײ זאָל בלײַבן רײן פון קלײנבירגערלעכע עלעמענטן, אַ פּאַרבאַדינג צום שאַפן אַ פּאַרטײ, װאָס זאָל זײַן בעקױעך צו נעמען אַף זיך די שװערע אױפגאַבע צו אָרגאַניזירן די רעװאָלוציע. אַף דעם דאָזיקן צוזאַמענפאָר האָט זיך אָנגעהױבן דער פאָרמעלער אָרגאַניזאַציאָנעלער ריס צװישן דער מערהײט אונטער לענינס אָנפירונג, װאָס איז אָנגערופן געװאָרן אַלס מערהײט־פראַקציע — „באָלשעװיקעס", און דער אָפּאָרטוניסטישער מינדערהײט אונטער מאַרטאָװס פירונג — „מענשעװיקעס".

די לאָגישע קאָנסעקװענץ פונעם קאַמף קעגן רעפאָרמיזם, װאָס איז אין דער דײַטשישער פּאַרטײ ביזן 1914 יאָר ניט געמאַכט געװאָרן, די קאָנסעקװענץ צו קאָנסטיטוירן אָרגאַניזאַציאָנעל אַ זעלבשטענדיקן רעװאָלוציאָנערן פליגל אין דער אַרבעטער־פּאַרטײ, איז אין דער רוסישער פּאַרטײ דורכגעפירט געװאָרן

שוין אין יאָר 1903, און דערין ליגט די הויפּט-סיבע פאַרוואָס דער רוסישער פּראָלעטאַריאַט האָט און אין דער רעוואָליוציע פון 1905 יאָר געהאַלטן פעסט אין די הענט די אָנפירונג מיט דער מאַסן־באַוועגונג, פאַרוואָס ער האָט אין 1914 יאָר אָן וואַקלענישן איינגעהאַלטן די ליניע פון פּראָלעטאַרישן אינטערנאַציאָנאַליזם און אין 1917 יאָר אין מעשעך פון עטלעכע כאַדאָשים פאַרוואַנדלט די בירגער־לעך-דעמאָקראַטישע רעוואָליוציע אין אַ זיגרייכע, פּראָלעטאַרישע, סאָציאַליסטישע רעוואָליוציע.

אין 1904 יאָר, ווען עס איז אויסגעבראָכן די רוסיש־יאַפּאַנישע מילכאָמע איז די רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע איינמוטיק אַרויסגעטראָטן קעגן דער מילכאָמע. דאָס איז געווען אַ פייערלעכער צוזאָג פון אינטערנאַציאָנאַלער פּראָלעטאַרישער סאָלידאַריטעט, וואָס האָט אָנגעפילט מיט שטאָלץ און פרייד די סאָציאַליסטישע אַרבעטער פון אַלע לענדער, ווען בא דער דערעפענונג פונעם אַמסטערדאַמער קאָנגרעס האָט פּלעכאַנאָוו, דער פירער פון דער רוסישער פּאַרטיי, און סען קאַטאַיאַמאַ, דער פירער פון דער יאַפּאַנישער פּאַרטיי, האָבן זיך אויפגעהויבן פון זייערע ערטער אין פּרעזידיום און האָבן דערלאַנגט איינער דעם אַנדערן די הענט. דער קאָנגרעס האָט געמאַכט אַ דויערנדיקע שטורמישע אָוואַציע. אין צען יאָר אַרום האָט פּלעכאַנאָוו פאַרגעסן די דאָזיקע פייערלעכע שוווע, אין דער געזעלשאַפט פון די מענשעוויקעס איז ער געפאַלן ביז פּאַטריאָטישער באַגייסטערונג פאַרן צאַרישן „פאָטערלאַנד". סען קאַטאַיאַמאַ האָט אָבער דערפילט די שוווע, וואָס ער האָט אין 1904 יאָר אָפּגעגעבן פאַר דעם אינטערנאַציאָנאַלן פּראָלעטאַריאַט*).

אינעם צענטער פון דער קאָנגרעס־אַרבעט זיינען אָבער ניט געשטאַנען די פראַגן פון דער אינטערנאַציאָנאַלער פּאָליטיק, נאָר דער פּונקט פון דער טאָג־אָרדענונג „אינטערנאַציאָנאַלע קלאָלים פון סאָציאַליסטישער טאַקטיק". אין דער קאָמיסיע איז מיט 27 שטימען קעגן 3 בא 10 אָפּגעהאַלטענע(!) אָנגענומען געוואָרן דער פאָרשלאָג פון די געדיסטן, וואָס האָט איבערגעזאָצט דעם איקערדיקן טייל פון דער רעזאָליוציע פון דרעזדענער צוזאַמענפאָר. אָט דאָס איז די רעזאָליוציע, וואָס זיי האָבן פאָרגעלייגט**):

„דער קאָנגרעס פאַרורטיילט אָפן אַנטשיידנסטן אויפן די רעוויזיאָניסטישע שטרעבונגען צו ענדערן אונדזער ביז איצטיקע אויסגעפּרוּווטע, געקרוינטע מיט ניצכוינעס, וואָס באַזירט זיך אָפן קלאַסן-קאַמף, טאַקטיק און צושטעלן אָפן אָרט פון דעראָבערן די פּאָליטישע מאַכט דורכן בייקומען אונדזערע קעגנער — אַ פּאָליטיק פון צופּאַסן זיך צו דער עקזיסטירנדיקער אָרדענונג.

דער רעזולטאַט פון אַזאַ מין רעוויזיאָניסטישער פּאָליטיק וואָלט געווען, אַז פון אונדזער פּאַרטיי, וואָס שטרעבט מעגלעכסט שנעלער פאַרוואַנדלען די עקזיסטירנדיקע בורזשואַזע געזעלשאַפט אין אַ סאָציאַליסטישע געזעל-

*) כאוו. קאַטאַיאַמאַ איז איצט מיטגליד פון אויספירקאָם פון קאָמינטערן.

**) די אונטערשטרייכונגען מאַך איך.—י. ל. איבערזעצער.

שאַפט און איז דעריבער רעוואָליוציאָנער אין בעסטן זין פונעם וואָרט, וואָלט געוואָרן אַ פּאַרטיי, וואָס באַנוגנט זיך מיט רעפאָרמירן די בורזשואַזע געזעלשאַפט.

אין קעגנזאַץ צו די פאַראַנגענע רעוויזיאָניסטישע שטרעבונגען איז דער קאָנגרעס איבערצייגט, אַז די קלאַסן־קעגנזאַצן ווערן ניט אָפּגעשוואַכט, נאָר פאַרקערט זיי ווערן פאַרשאַרפט, און דערקלערט:

1. די פּאַרטיי נעמט אַראָפּ פון זיך די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר דער פּאָליטישער און עקאָנאָמישער לאַגע, וואָס באַזירט זיך אויף דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציע און דעריבער זאָגט זי זיך אָפּ פון באַווילִיקן וועלכע ניט איז מיטלען, וואָס קאָנען מיטהעלפן צו אײַנהאַלטן די איצט הערשנדיקע קלאַסן בײַ דער מאַכט;

2. אַז די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע אין אײַנקלאַנג מיט קאַוטסקיס רעזאָלוציע, וואָס איז אָנגענומען געוואָרן אויפן אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליסטישן קאָנגרעס אין פּאַריז אין 1900 י., קאָן ניט שטרעבן צו באַטייליקן זיך אין דער רעגירונג אין די ראַמען פון דער בורזשואַזער געזעלשאַפט.

דער קאָנגרעס פאַרורטיילט ווייטער וועלכע ניט איז שטרעבונגען צו פאַרטושן די פאַראַנענע קלאַסן־קעגנזאַצן כדי צו דערלייכטערן די דערנענטערונג צו די בירגערלעכע פּאַרטייען.

דער קאָנגרעס דערוואַרט, אַז די גרעסערע מאַכט, וואָס די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פראַקציעס האָבן דערגרייכט דאַנק דער פאַרגרעסערונג פון דער צאָל מיטגלידער זייערע און דאַנק דעם קאָלאָסאַלן צוווּקס פון די וויילער־מאַסן, וואָס שטייען הינטער זיי, וועלן זיי ווי פריער פאַרווענדן אויף אויפצוקלערן דעם ציל פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע און אַנטשפּרעכנדיק צו די פּרינציפּן פון אונדזער פּראָגראַם וועלן זיי זי אויסנוצן כדי אײַנצושטעלן זיך מיט דער גאַנצער קראַפט און אַנטשיידנקייט פאַר די אינטערעסן פון דעם אַרבעטער־קלאַס, פאַרן פאַרברייטערן און זיכערן די פּאָליטישע פרייהייט און די גלייכע רעכט אומעטום, און נאָך ענערגישער ווי עס איז געווען מעגלעך ביז איצט צו פירן דעם קאַמף קעגן מיליטאַריזם און מאַריניזם, קעגן קאָלאָניאַלע און וועלט־מאַכט פּאָליטיק, קעגן רעכטלאָזיקייט, אונטערדריקונג און עקספּלואַטאַציע אין יעדער געשטאַלט, און ענערגיש דערשלאָגן זיך די אַנטוויקלונג פון דער סאָציאַלער געזעצגעבונג און דאָס אויספילן די פּאָליטישע און קולטורעלע אויפגאַבן פונעם אַרבעטער־קלאַס".

ווי מע זעט איז די פראַגע וועגן באַטייליקן זיך אין בורזשואַזע רעגירונגען, ניט געקוקט אויפן פאַרופן זיך אויף קאַוטסקיס גומענער רעזאָלוציע פון 1900 י., אַסאַך קלאָרער און שאַרפער פאָרמולירט ווי פריער. די ביזהעריקע פּרוכטפּרנעם מיניסטעריאַליזם אין פראַנקרייך האָבן געצוווּנגען דעם לינקן פליגל (בעבעל, פּלעכאַנאָוו, קאַוטסקי) אַרויסצוטרעטן פאַר אַ מער שאַרפערע פאָרמולירונג. קאַוטסקי אַליין האָט אין אַ ריי אַרטיקלען אין דער „נייער צייט" *)

*) טעאָרעטישער אָרגאַן פון דער דייטשישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע.

איבערזעצער.

אטאקירט אסאך שארפער און פרינציפיעל אויסגעהאלטענער דעם מיליעראניזם, ווי ער האט דאס געטאן אפן פאריזשער קאנגרעס. אזוי האט ער אין 1901 יאר געשריבן, אז מיליעראנס טעטיקייט אין מיניסטעריום האט ניט נאר דעזארגאניזירט די פארטיי, נאר אויך דעמאראליזירט. אף דעם דרעזדענער צוזאמענפאר האט קאוטסקי דערקלערט, אז ער האט געזוכט אין פאריזש אזא פארמולירונג, וואס זאל זיין געווענדעט פרינציפיעל קעגן מיליעראנען, וואס זאל זיין האנדלען קוואליפיצירן ווי א פעלער אבער ניט ווי קיין פארברעכן, קעדיי צו פארלייכטערן די פאראייניקונג אין דער פראנצויזישער פארטיי. אבער זיין רעזאלוציע איז געווען געווענדעט קעגן דעם רעוויזיאניסטישן שטאנדפונקט, אז מע „קאן דעראבערן די פאליטישע מאכט שטיקערווייז אן א רעוואלוציע“ *).

די דרעזדענער רעזאלוציע האט שארפער פארורטיילט דעם מיליעראניזם, שארפער, ווי אין דער אויבן געבראכטער רעזאלוציע פונעם אמסטערדאמער קאנגרעס.

אין דער קאמיסיע איז זשארעס מיט זיין אומבאדינגטן פארטיידיקן דעם מיניסטעריאליזם געווען כמעט איזאלירט, אבער אים האט אונטערשטיצט די ברייטע פראקציע פון „זומפ“, וואס האט אונטער וואנדערוועלדעס און אדלערס אנפירונג אלץ געטאן, קעדיי די רעזאלוציע ווי מעגלעך אפצושוואכן, מאכן זי אנגעמבאר פאר די רעוויזיאניסטן. זיי האבן אריינגעטראגן א ריי „אויסבעסערונגען“, וואס האבן געהאט דעם ציל דעם אויסדרוק „רעוויזיאניסטיש“ אומעטום אויסצומעקן און אנשטאט פארורטיילן דעם אנטייל אין בירגערלעכע רעגירונגען אנווייזן אף די געפארן און דעם שאדן, וואס אזא פאליטיק ברענגט מיט זיך. פאר דידאזיקע טאלעראנטלעכע פארשלאגן האבן געשטימט ניט ווייניקער ווי 16 דעלעגאטן. דער גרעסטער טייל פון דידאזיקע „טאלעראנטלער“ האבן זיך אין דער קאמיסיע אפגעהאלטן בעייסן שטימען די רעזאלוציע פון דער מערהייט. אגעוו איז די מערהייט אויך ווייט געווען פון קאמפראמיסלעכקייט אין ארגאניזאציאנעלן זין. דאס באווייזט די איינשטימיק אנגענומענע רעזאלוציע, וואס פאדערט, אז אין יעדן לאנד זאל עקזיסטירן נאר איין סאציאליסטישע פארטיי און וואס האט פארפליכטעט אלע באוויידים און ארגאניזאציעס זעען דורכפירן די איינהייטלעכקייט פון דער ארגאניזאציע אפן גרונט פון די באשלוסן פונעם אינטערנאציאנאל.

מע האט הייסט דאס ניט געטראכט ארויסצוווארפן פונעם אינטערנאציאנאל די זשארעסיסטן אין פראנקרייך, די רעוויזיאניסטן פון דייטשלאנד, מע האט געוואלט נאר דערגרייכן, אז אין די ראמען פון דער איינהייטלעכער ארגאניזא־

*) זיין אומזיכערקייט אין דערדאזיקער פראגע האט קאוטסקי אגעוו ארויסגעגעבן דורך דעם, וואס אין דער קאמיסיע האט ער ווידער גערעדט וועגן „צוואנג־לאגעס“, בא וועלכע א סאציאליסט קאן אריינטרעטן אין א בורזשואזער רעגירונג און ווי א ביישפיל האט ער געבראכט דעם פאל, ווען א סאציאליסט טרעט אריין אין א רעגירונג, קעדיי צו ארגאניזירן די פארטיידיקונג פונעם לאנד (!). זשארעס האט אוסגעלאכט דידאזיקע מיינונג, פרעגנדיק, צי דער מיניסטעריאליזם ווערט א באשטאנד־טייל פון דער ארטאדאקסאלער לערע וויבאלד ער פארט זיך צונויף מיטן נאציאנאליזם: ער איז מוידע, אז ער, זשארעס, קאן ניט באגרייפן קאוטסקיס איידעלן נאציאנאליסטישן מיניסטעריאליזם.

ציע זאָלן זיי זיך אונטערוואַרפן די באַשלוסן פונעם אינטערנאַציאָנאַל. וואַנ־דערוועלדע, וואָס האָט אַלס פּאַרטרעגער פון דער קאָמיסיע רעפערירט „אָב־יעקטיוו" די אַרגומענטן פאַר און קעגן דער רוסישער רעוואָלוציע, האָט די הויפּט־געוויכט געלייגט אויף דער פראַגע פון פּאַרמעלער אָרגאַניזאַטאָרישער אייני־קייט.

זשאָרעס האָט געהאַלטן אַ לייַדנשאַפטלעכע רעדע פאַר דעם מיליעראַניזם, ער האָט געלויבט די „דערפאָלגן" פון מיליעראַנס רעגירונג־טעטיקייט.

„מיר האָבן געראַטעוועט די בורזשואַזע רעפּובליק, מיר האָבן צוגעגרייט אַ פּלאַץ פאַרן פרייען געדאַנק, מיר האָבן צוריקגעוואָרפן דעם קלעריקאַליזם, מיר האָבן פאַרטיידיקט דעם וועלט־שאָלעם, מיר האָבן באַזיגט דעם שאָווי־ניזם, דעם נאַציאָנאַליזם, דעם צעזאַריזם".

ער האָט געפּרוּווט באַרעכטיקן דעם בונד מיט דער בורזשואַזער „ראַדיקאַל־סאָציאַליסטישער" פּאַרטיי מיט דער דרייסטער באַהויפּטונג, אַז זי איז „ניט קיין פּראָלעטאַרישע פּאַרטיי, אָבער אויך ניט קיין פּאַרטיי פון קאַפּיטאַליסטי־שער עקספּלואַטאַציע". ער איז אַרויסגעטראָטן פאַר דער באַטייליקונג אין דער רעגירונג, ווי פאַר אַ וועג צו דער מאַכט, וואָס מוז אויסגענוצט ווערן אין אַלע לענדער, אויף אַזויפיל, אויף וויפל דער פּראָלעטאַריאַט ווערט מעכטיקער. אַזוי איז די לאַגע אין איטאַליע, אין בעלגיע, אין ענגלאַנד; עס איז אַ פאַטאַלער טעות פון די דייטשן, וואָס זיי ווילן דורך דער רעוואָלוציע אַנטוואָרפן זייער טאַקטיק אַלע איבעריקע לענדער.

און דערמיט איז זשאָרעס איבערגעגאַנגען פון פאַרטיידיקונג צום קאָנטר־אַנגריף. דעם פאַרשריט צום סאָציאַליזם שטערן ניט די דרייסטע פּרוּוון פון די פראַנצויזישע סאָציאַליסטן, נאָר די פּאָליטישע אָנמאַכט פון דער דייטשישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. דער קעגנזאַץ צווישן דער קלוימערשטער מאַכט און דערווירקלעכער מאַכט ווערט אויף אַזויפיל גרעסער, אויף וויפל עס וואַקסט די וואַל־מאַכט. די דייטשן פאַרשטייען ניט ווי אויסנוצן די מאַכט פון די דריי מיליאָן שטימען, זיי האָבן ניט דורכגעפירט ניט קיין רעוואָלוציאָנערע, ניט קיין פּאַרלאַמענטאַרישע אַקציעס. עס פעלט זיי די רעוואָלוציאָנערע טראַדיציע. די „רויטע קיניגרייך" זאַקסן האָט אָן ווידערשטאַנד געלאָזן אָוועקרויבן בא זיך די וואַל־רעכט, די אַרבעטער פון קרופּס זאַוואָד האָבן אָפּגעשיקט אָן אונטער־טעניקן גליקווונטש־אַדרעס דעם קייזער. דער דייטשישער פּאַרלאַמענט האָט קיין שום ווירקונג ניט אויף דער אויספיר־מאַכט, אַפילע אויב די סאָציאַליסטן וועלן דאָרטן האָבן אַ מערהייט, וועלן זיי אויך גאָרניט קאָנען אויפטאָן.

„אָבער איר ווייסט דאָך אַפילע ניט, — האָט זשאָרעס אויסגערופן, ווענ־דנדיק זיך צו די פאָרטרעטער פון דער דייטשישער פּאַרטיי, — מיט וועלכן וועג איר זאָלט גיין אין דער פּראַקטיק, צי איר זאָלט אָנווענדן אַ רעוואָליו־ציאָנערן אָדער אַ פּאַרלאַמענטאַרישן וועג..."

מע האָט געוואָרט פון אייך אויף מאָרגן נאָך יענעם גרויסן ניצאָכן אַ קאַמף־לאָזונג, אַ פּראָגראַם פון אַקציעס, אַ טאַקטיק. איר האָט דעם פאַקט אויסגע־פּרוּווט, באַטאַפּט, באַשמעקט — אָבער די גייסטער זיינען נאָך ניט געווען

ריף, און דאַ האָט איר פאַר אײער אײגענעם פּראָלעטאַריאַט, פאַרן אינטערנאַציאָנאַלן פּראָלעטאַריאַט פאַרבאַהאַלטן אײער אַנמאַכט צו האַנדלען היגטער אומקאָמפּראָמעסדיקע טעאָרעטישע פאָרמולעס, וואָס אײער אויסגעצײכנטער כאַווער קאַוטסקי וועט זײ אײך ליפערן ביז צום סאָף פון זײן לעבן". וואָס מערער דעמאָקראַטיע, וואָס מערער פרײהײט וועט זײן אין אַ לאַנד, אַלץ מערער וועט דער דײטשישער פאָרשלאָג שטערן דער אַנטוויקלונג פונעם פּראָלעטאַריאַט פון דעמדאָזיקן לאַנד.

בעבעל האָט אין זײן ענטפער געגעבן אַ פּרינציפּיעלע כאַראַקטעריסטיק פון דעמאָקראַטיע, רעפּובליק און באַטײליקונג אין דער רעגירונג, אַ כאַראַקטעריסטיק, וואָס איז צוגלײך די שאַרפסטע פאַרורטײלונג פון דער טעאָריע און פּראַקטיק פון דער איצטיקער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע.

ער האָט געזאָגט: קעגן דער הרעזדענער רעזאָלוציע ברענגט מען דעם אַרגומענט, אַז זי פּאַסט בלויז פאַר די דײטשישע פאַרהעלטענישן. געוויס, דײטשלאַנד איז ניט נאָר אַ מאָנאַרכיע, דײטשלאַנד איז צוזאַמענגעשטעלט פון קימאַט צוויי טוץ מאָנאַרכיעס. מיטן אויסנאַם פון רוסלאַנד און טערקיי איז דײטשלאַנד עפשער די סאַמע רעאַקציאָנערסטע לאַנד פון אײראָפּע. און דאָך פּאַסט די רעזאָליוציע אויך פאַר אַנדערע בורזשואַזע לענדער.

„מיר זײנען, פאַרשטײט זיך, רעפּובליקאַנער, סאָציאַליסטישע רעפּובליקאַנער. אָבער צוליב דעם טרוימען מיר ניט וועגן אַ בורזשואַזע רעפּובליק. ווי מיר זאָלן ניט אײך, פראַנצויזן, מעקאַנע זײן אײער רעפּובליק און ווי מיר זאָלן זיך ניט ווינשן אויך אַ רעפּובליק: אָפּגעבן די קעפּ פאַר איר פאַלט אונדז גאָרניט אײן. אָבער סיי אַ מאָנאַרכיע, סיי אַ בורזשואַזע רעפּובליק — בײדע זײנען קלאַסן-מעלוכעס, בײדע זײנען מעלוכע-פאָרמעס, וואָס האַלטן אונטער די קלאַסן-הערשאַפט פון דער בורזשואַזיע, בײדע זײנען באַשטימט צו באַשיצן די קאַפּיטאַליסטישע געזעלשאַפטלעכע אָרדענונג"*).

בעבעל האָט דעם געדאַנק דערקלערט מיט עטלעכע בײשפּילן. אין ערגעץ ווערן די אַרבעטער ניט באַהאַנדלט בעיים אַ שטרייק אַזוי נידערטרעכטיק און געמיין, ווי אין דער גרויסער רעפּובליק אויף יענעם זײט אָקעאַן. אויך אין דער שווייץ מאָביליזירט מען די מיליץ קעגן שטרײקנדיקע און אין פראַנקרײך איז ניט פאָרגעקומען קײן אײן גרעסערער שטרייק, אַז דאָס מיליטער זאָל ניט באַנוצט ווערן קעגן די שטרייקער. אויך בײ דעם מיניסטעריום וואַלדעק-רוסאָ-מיליעראַן איז די פּאָליציי באַפאַלן די אַרבעטער-בירזשע אין פּאַריזש און האָט פאַרווונדעט 70 אַרבעטער. ווען וויויאַן האָט אָבער געפאָדערט אין פּאַרלאַמענט מע זאָל באַשטראָפן די שולדיקע פּאָליציי-קאָמיסאַרן האָבן אַ טײל פון די זשאַרעסיסטן געשטימט קעגן!

„וואָלט אין דײטשלאַנד און אַרבעטער-פּאַרטײטער געוואָגט צו שטימען פאַר אַ גינסטיקע פאַר דער רעגירונג רעזאָליוציע, וואָס ברעכט די וויכטיקסטע אינטערעסן פון דעם פּראָלעטאַריאַט, וואָלט ער אַף מאָרגן פּאַטער געַ

*) אונטערגעשטראָכן פון מיר.—י. ל.

ווערן פון זיין מאנדאט און ער וואלט שוין קיינמאל ניט געקאנט זיין קיין ארבעטער־פארטרעטער."

גאנץ ריכטיק האט בעבעל דערקלערט, אז די רעוואָלוציאָנערע טאקטיק שליסט בעשום־אופן ניט אויס דעם קאמף פאר רעפאָרמען, פארקערט, גראָד מיט איר קאמף־טאקטיק האט די פארטיי געצוואונגען ביסמארקס רעגירונג צו מאכן האנאכעס אין פראגן פון סאָציאלער פאליטיק.

אָבער בא אלע האנאָכעס און רעפאָרמעס טאָר מען ניט פארגעסן דעם טיפן טאָעס, וואָס טיילט אָפ די סאָציאליסטן פון זייערע קעגנער. די ענגלישע בורזשואזיע מאכט שטענדיק האנאָכעס באציִטנס, קעדיי ניט צו דערלאָזן, אז עס זאָל זיך אנטוויקלען אין ענגלאנד אַ סאָציאליסטישע באוועגונג. אויב בא די נאָענטסטע וואלן וועט זיגן דער ליבעראליזם, וועט ער ארייננעמען אין דער רעגירונג אַ סאָציאליסט, עפשער דזשאָן בערנס, אָבער ניט קעדיי צו העלפן דעם סאָציאליזם, נאָר קעדיי אים אופצוהאלטן*).

בעבעל איז אנטשיידן ארויסגעטראָטן קעגן דער באהויפטונג, אז די זשאָרעס־פראקציע האט מיט איר פּאָליטיק געדינט דעם שאָלעם. פארקערט זי האט געשטימט פאר דעם מיליטערישן און פלאָט־ביודזשעט, פארן ביודזשעט פון די קאָלאָניעס, פאר אומדירעקטע שטייערן, פאר געהיימע פאָנדן. מיליעראַן האט אגעוו ניט באגריסט דעם אינטערנאציאָנאלן סאָציאליסטישן קאָנגרעס אין 1900 יאָר, ער האט אָבער באגריסט דעם בלוטיקסטן דעספּאָט, דעם צאַר. די רעזול־טאטן פון דער אָפּאָרטוניסטישער פּאָליטיק האבן זיך ארויסגעוויזן דערין, וואָס די זשאָרעסיסטישע פראקציע שפאלט זיך בא יעדער אָפּשטימונג אין פארלא־מענט אָף צוויי־דריי טיילן. צו דעמדאָזיקן טרויעריקן שוישפּיל מוז מען מאכן אַ סאָף, קעדיי דער פראנצויזישער סאָציאליזם זאָל קאָנען ווידער פארנעמען דעם אָרט, וואָס אים קומט אין דער סאָציאליסטישער באוועגונג.

נאָך דערדאָזיקער גלענצנדיקער רעדע, וואָס איז אופגענומען געוואָרן מיט שטורמישע אָוואציעס איז ארויסגעטראָטן וויקטאָר אדלער מיט אַ שאָלעם־מאכערישן יאָמער־ליד. ער שטייט אייגנטלעך אָפן באָדן פון דער דרעזדענער רעזאָלוציע, נאָר מע הארף קיינעם ניט פארורטיילן, באליידיקן, אריינלייגן אין כיירעם. בא דער דרעזדענער רעזאָלוציע מוז מען ארויסרייסן די ציין, קעדיי זי זאָל קיינעם ניט פארוואונדן. ער צווייפלט צי דער נייער מינהעג פון אינטערנא־ציאָנאלע נאָטאציעס (אויסריידן) וועט ברענגען אַ נוץ.

*) דידאָזיקע בעוויעס איז טאקע מעקויעם געוואָרן. דער אמאָליקער ראדיקאלער סאָציאליסט און שפּע ערדיקער אָפּאָרטוניסטישער פירער פון די פראָפעסיאָנעלע פאַריינען, דזשאָן בערנס איז אַריינגענומען געוואָרן אין דעם ליבעראלן קאַבינעט קעמפּבעל־באַנערמאַן־אסקוויט און איז גאָר גיך אַ״עק פון דער ארבעטער־באוועגונג. אין דער קאָמיסיע האָ בעבעל דערקלערט: דערי־בער איז אַ טאָעס צו מיינען, אַז מיטן אופנעמען איינעם אָדער מער סאָציאליסטן אין אַ רעגי־רונג קומט פאָר אַ דערנענטערונג צום סאָציאליזם; אונדזערע קעגנער ווייסן גאַנץ געניי, אז ניט די בירגערלעכע קלאַסן קאָנען ווערן פריינט פון די סאָציאליסטן, נאָר אַ טייל פון די סאָציאליסטן קאָנען ווערן פריינט פון די בירגערלעכע קלאַסן און די פאַרטרעטער פון די סאָציאליסטן וועלן געצוואונגען ווערן צו איבערנעמען די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר די מייסים פון אַ בירגערלעכער רעגירונג".

אין נאָמען פון דער מערהייט פון דער איטאַליענישער פּאַרטיי איז אַרויס־געטראָטן פּערי. די איטאַליענישע פּאַרטיי האָט אין מעשעך פון דריי יאָר נע־האַט די טרויעריקסטע דערפאַרונג מיט דער רעוויזיאָניסטישער פּאָליטיק. נאָך דעם בלאָק מיט די ליבעראַלן איז געקומען די שאַרפסטע אונטערדריקונג פון דער אַרבעטער־באַוועגונג, וואָס די ליבעראַלע רעגירונג האָט דורכגעפירט. מע מוז פאַרווירקלעכן די איינהייט, אָבער אַ סאָציאַליסטישע איינהייט.

דער בעלגיער אַנסעל, וואָס האָט שוין אין 1900 יאָר באַגריסט מיט באַגײ־סטערונג די „נייע טאַקטיק", האָט זיך פאַרופן אויף די דערפאַרונגען פון דעם בעלגישן אַלגעמיינעם שטרייק פאַר וואַלרעכט אין 1902 י. די בעלגישע פּאַר־טיי, ניט געקוקט אויף דעם איבערוועגנדיקן איינפלוס פון די אָפּאָרטוניסטן אויף איר אָנפירונג, האָט זיך אין 1902 יאָר אַנטשלאָסן, אונטערן דרוק פון די קאַמפ־לוסטיקע מאַסן, צו דערקלערן אַן אַלגעמיינעם שטרייק פאַר אַלגעמיינע וואַל־רעכט. די מאַסן זיינען טאַקע אַריינגעטראָטן אין קאַמף מיט דער גרעסטער אַנט־שלאָסנקייט, די פירער האָבן אָבער אויסגעקוקט דעם מאָמענט, ווען עס וועט זיך לאָזן איבערייסן דעם קאַמף, דורכקומען מיט די בורזשואַזע פּאַרטייען און דער־ריבער איז די באַוועגונג דורכגעפאַלן און האָט געקאָסט שווערע קאָרבאָנות.

פאַרופנדיק זיך אויף אָט דעם קאַמף האָט דערדאָזיקער אָפּענער אָנהענגער פון רעפאָרמיזם געזאָגט:

„און ווען אין איין שיינעם טאָג וועט אַ פראַקציע פון דער בורזשואַזיע אונדז פאָרלייגן איינצופירן דאָס אַלגעמיינע וואַלרעכט, די אַבליגאַטאָרישע פאָלק־שול, אַרבעטער־שוץ־געזעצן אונטער דעם באַדינג, אַז מיר זאָלן אי־בערנעמען אַ טייל פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר דער רעגירונג־מאַכט, איז ווי צו יענעם, וואָס וועט זיך קווענקלען און וועט פאַרמישפּעטן דעם בעלגישן פּראָלעטאַריאַט אויף נייע העקאַטאָמבען! אָך און וויי צו די בעלגישע סאָציאַ־ליסטן, וואָס ווילן בעסער בלוטיקע גאַסן־שלאַכטן איידער רעפאָרמען — אויך אפילו ווען די רעפאָרמען טראָגן דעם רעגירונג־שטעמפּל!"

און פאַרלויפנדיק זאָגט ער אַרויס אַן אַרגומענט, וואָס איז פון דעמאָלט אָן אין אומענדלעך פיל וואַריאַציעס איבערגעכאַזערט געוואָרן פון די קאָאַליציע־פּאָליטיקער פון אַלע לענדער, אַז עס איז ניטאָ קיין מיטל מיטאַמאָל צו באַקומען די גאַנצע רעגירונג־מאַכט; אויב מע וואַרפט דערוויייל אָפּ דאָס איבערנעמען אַ טייל פון דער מאַכט, הייסט דאָס, אַז מע לאָזט איבער די פיינטלעכע קלאַסן דעם מאָנאָפּאָל פון רעגירונג־מאַכט.

עס האָט אויך ניט געפעלט דער באַרימטער אַרגומענט וועגן „פאַראַנט־וואָרטלעכקייט". די סאָציאַליסטן פון רוסלאַנד, בולגאַריע, שפּאַניע, פּוילן, יאַ־פּאַן איז זייער לייכט אָפּצוואַרפן די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר דער רעגי־רונג.

„וואָלט איך געווען דער פאַרטרעטער פון איינעם פון דידאָזיקע לענ־דער, וואָלט איך מיך באַ דידאָזיקע פראַגן אָפּגעהאַלטן און איך וואָלט מיך געהיט צו פאַרורטיילן אַ סאָציאַליסטישע טאַקטיק, צו וועלכער איך בין צו שוואַך אויף דורכפירן זי אין דער פּראַקטיק אין מיין לאַנד".

אזוי האָט געטייַנעט דערדאָזיקער געשעצטער „אינטערנאַציאָנאַליסט". ער פֿאַרשטייט די אומפֿשאַרעדיקייט פֿון אַ מינדערהייט, אָבער מע טאָר ניט דערלויבן, אַז דידאָזיקע מינדערהייט זאָל אַנוואַרפֿן איר אומפֿשאַרעדיקייט אַזוינע פּאַרטייען, וואָס זייַנען שוין מער ניט אַזוי קליין ווי זיי און פֿאַר וועלכע די רעגירונג־פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט ווערט נייטיקער פֿון טאָג צו טאָג. „אויב מע האָט די פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט מוז די אומפֿשאַרעדיקייט אָפּטרעטן".

אַף דערדאָזיקער שאָוויניסטישער רעדע האָט ראָזע ליוקסעמבורג אין נאָמען פֿון די פּאַרטייען, וואָס אַנסעל האָט אָנגעגריפֿן, אָפּגעגעבן אַ דערקלערונג פֿון פֿאָלגנדיקן אינהאַלט:

„אין נאָמען פֿון דער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, פֿון דער פּוילישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, פֿון דער שפּאַנישער אַרבעטער־פּאַרטיי, פֿון דער בולגאַרישער אַרבעטער־פּאַרטיי און פֿון דער יאַפּאַנישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי פּראָטעסטירן מיר קעגן דעמדאָזיקן פּרוּוו פֿאַנאַנדערטיילן די מיטגלידער פֿון קאָנגרעס אַף אַקטיווע און פּאַסיווע און אַזוי צו זאָגן שאַפֿן אַן אייראָפּעישן קאָנצערט פֿון די סאָציאַליסטן פֿון די גרויסע מעלוכעס, וואָס האָט אַליין דאָס רעכט צו אַנטשיידן די גרונט־פֿראַגן פֿונעם אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליזם.

אונטערגעשריבן: פּלעכאַנאָוו, ליוקסעמבורג, איגלעזיאַס, קאַטאַיאַמאַ, ראַקאָווסקי".

באַ דער אָפּשטימונג איז דער פֿשאַרע־פֿאָרשלאָג פֿון אַדלער־וואַנדערוועלדע אָפּגעוואָרפֿן געוואָרן באַ אַ גלייַכער צאָל שטימען פֿאַר און קעגן.

די הרעזדענער רעזאָלוציע איז אָנגענומען געוואָרן מיט 25 קעגן 5 שטימען באַ 12 אָפּגעהאַלטענע.

פֿון די דעבאַטן אין דער טאַקטיק־קאָמיסיע איז ווערט צו פֿאַרצייכענען די מיינונגען, וואָס זייַנען אַרויסגעזאָגט געוואָרן וועגן דער נייטיקייט אָדער מעגלעכקייט פֿון אינטערנאַציאָנאַלע קלאַלים פֿאַר דער טאַקטיק און איבער דער איינהייט פֿון דער פּאַרטיי. זשאָרעס האָט דערקלערט, אַז דער קאָנגרעס קאָן ניט אַרויסגעבן קיין קלאַלים, וואָס זאָלן גילטן אין אַלע פֿאַלן. קאַוטסקי האָט דערווידערט, אַז האַגאַס די אַנווענדונג פֿון די טאַקטישע פּרינציפּן בייט זיך קעסיידער, נאָר די פּרינציפּן גופֿא קאָנען בלייַבן אומגעענדערט. בעבעל האָט אונטערגעשטראָכן, אַז די רעזאָלוציע שטרעבט נאָר פֿעסטשטעלן די טאַקטיק אין די גרענעצן, וואָס עס שטעלט דער קלאַסן־כאַראַקטער פֿון דער מעלוכע. „עס איז נייטיק, — האָט ער געזאָגט, — די איינהייט און די געשלאָסנקייט פֿון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע אין יעדן לאַנד. דאָס וועט אָבער נאָר מעגלעך זיין אויב מיר וועלן שטיין ניט נאָר אַפֿן באָדן פֿון דיזעלבע פּרינציפּן, נאָר אין אַלע פֿראַגן פֿון דער אַלגעמיינער פּאָליטיק אויך אַף דעמזעלבן טאַקטישן באָדן".

מאַקדאָנאַלד, וואָס איז שוין דעמלט געווען אַ פּרינציפּלאָזער באַלעבעסל, האָט דערויף געענטפֿערט אין נאָמען פֿון דער „אומאָפּהענגיקער אַרבעטער־פּאַרטיי", אַז זיי האַנדלט זיך נאָר וועגן פּערזענלעכע שטרייטן, וואָס האָבן ניט

קיין באַווייזונג פאַר דעם קאָנגרעס, דאָס אָנגענומען די דרעזדענער רעזאָלוציע וועט ברענגען צו אַ שפּאַלטונג און דאָס וואָלט געווען אַ פאַרברעכן.

דער וועטעראַן פון דער שפּאַנישער אַרבעטער־באַוועגונג, איגלעזיאַס, האָט אָנגעוויזן, אַז אין אַ סך לענדער נוצן אויס די אַנאַרכיסטן דעם פאַל מיט מיליעראַנען קעגן צו דיסקרעדיטירן די סאָציאַליסטן. דעריבער מוז מען דערקלערן:

„דער מענטש געהערט ניט צו אונדז! מע זאָגט, אַז עס איז נאָרמאַל, וואָס אין דעם סאָציאַליזם איז פאַראַן אַ רעכטער און אַ לינקער פליגל; אָבער מיר מוזן אַכטונג געבן, אַז דער דאָזיקער רעכטער פליגל זאָל זיך אין איין שיינעם פרימאָרגן ניט אַרויסווייזן רעכטס פון דער פּאַרטיי”.

דער האָלענדישער רעפאָרמיסט טרעלסטראַ האָט געיאָמערט איבער דער אומגערעכטיקייט, וואָס מע באַגייט בנוגע דעם „רעוויזיאָניזם”, בעת ער איז דאָך ניט מער ווי אַ „ליטעראַרישע שטרעמונג”. „די ביידע ריכטונגען זיינען נייטיק פאַר דער פּאַרטיי און ערשט צוזאַמען שטעלן זיי מיט זיך פאָר איר טאָך”.

אַדלער האָט נאָך טיפזיניקער אַנאַליזירט: „אין יעדן מענטשן געפינען זיך צוויי טענדענצן, אין בעבעלן איז פאַראַן פּונקט אַזוי פיל רעוויזיאָניזם, ווי אין מיר”.

צו דעם פאָרשלאָג, וואָס פאָדערט פאַרייניקן פאַרשיידענע ריכטונגען אין איין פּאַרטיי, האָט רויזע לוקסעמבורג אַריינגעטראָגן אַן אויסבעסערונג, אַז די איינהייט לאָזט זיך פאַרווירקלעכן נאָר אַפן באָדן פון קלאַסן־קאַמף. זי האָט דערביי דערמאָנט, אַז זשאָרעס האָט אַ סך מאָל געבראָכן די באַשלוסן פון די קאָנגרעסן.

„וואָס קאָנען מיר עפּעס אַנדערש טאָן ווי אויפשטעלן קלאַלים פאַר דער פּראַקטישער טאַקטיק? אויב מיר זאָלן דאָס ניט טאָן, וואָס חשבֿ פאַרא באַדייטונג וועלן דאַן האָבן אונדזערע קאָנגרעסן, אונדזער אינטערנאַציאָנאַלע סאָלידאַריטעט? זשאָרעס מאַכט פונעם קלאַסן־קאַמף, פון דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָלידאַריטעט אַ פראַזע. רענאָדעל מאַכט נאָר נאָך זשאָרעסן. ווען אַ סאָציאַליסטישער מיניסטער אין אַ בורזשואַזער רעגירונג קאָן ניט דורכפירן זיינע פּרינציפּן איז זיין ערן־כוויוו אַרויסצוטרעטן פון דער רעגירונג. אויב אַ רעוואָלוציאָנער אין אַ מעסיקער פּאַרטיי מוז זיינע פּרינציפּן פאַרלייקענען דאַרף אים זיין ערגע באַפוילן אַוועקצוגיין. איך היל ניט די איינהייט פון די רענאָדעלס” *).

ער האָט דערקלערט, אַז אויב מע זאָל זיך אָפּזאָגן פון איינהייטלעכע אינטערנאַציאָנאַלע אַקציעס פונעם סאָציאַליזם, וואָלט דאָס באַטייט אַריינפירן דעם נאַציאָנאַליזם אינעם אינטערנאַציאָנאַל.

אין דער דאָזיקער דיסקוסיע זיינען שוין אויפגעוואָרפן געוואָרן די אַלע קעגנזאַצן, וואָס האָבן שפּעטער געפירט צו דעם פאַנאַנדערפאַל פונעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל. די אומבאַדייטנדיקע מערהייט בײַ די אָפּשטימונגען קעגן רע־

*) אונטערגעשטראָכן פון מיר. — ל.

וויזיאָניזם האָבן עמעס געוויסן, אַז דער רעוואָלוציאָנערער פליגל האָט דעם איבערוואָג, צוגלייך אָבער אויך, ווי טיף האָט זיך שוין איינגעפרעסן די רעפאָרמיסטישע גיפט.

דאָס האָט זיך אויך אַרויסגעוויזן באַם באַהאַנדלען די קאָלאָניאַלע פראַגע. דאָ זיינען איינשטימיק אָנגענומען געוואָרן אָפענע אָפּאָרטוניסטישע פאָרמולירונגען. אַזוי האָבן די ענגלישע פאַביאַנער, דיזאָזיקע טיפּישע בורזשואַזע סאָציאַליסטן, אַריינגעטראָגן אַ רעזאָלוציע קעגן דער אַכזאָריעס, וואָס די ענגלישע רעגירונג באַגייט אין אינדיע. אין דער רעזאָלוציע ווערן די ענגלישע אַרבעטער אויפגעפאָדערט צו צווינגען זייער רעגירונג אָפּצוזאָגן זיך פון דער איצטיקער אומגערעכטיקער, ניט אָרנטלעכער קאָלאָניאַל־סיסטעם און אָרגאַניזירן די לייכט דורכפירבאַרע זעלבסטפאַרוואַלטונג פאַר אינדיע אונטער ענגלאַנדס אויבערהערשאַפט.

די טעאָרעטישע באַגרינדונג פאַר דעמאָזיקן אָפּזאָגן זיך פון דעם אומבאַגרענעצטן רעכט אַף זעלבסטבאַשטימונג האָט געגעבן די רעזאָלוציע איבער דער קאָלאָניאַלער פראַגע, וואָס האַגאַם זי האָט באַשטעטיקט די רעזאָלוציע פון 1900 יאָר, האָט זי זיך אָבער דערלויבט פאָלגנדיקע פאָרמולירונג:

„פאַר די אָרטגעבירטיקע דאַרף מען פאָדערן פרייהייט און זעלבשטענדיקייט אין אַזאַ מאָס, וואָס זאָל פאַסן פאַר זייער אַנטוויקלונג, גראַד אַרויסגייענדיק פונעם שטאַנדפונקט, אַז דער ענדציל איז די פולשטענדיקע עמאַנסיפּאַציע פון די קאָלאָניעס" *).

דאָס האָט געהייסן אַקצעפּטירן די אימפּעריאַליסטישע טעאָריע, אַז די אָרטגעבירטיקע מוזן דורכגיין די לערע אונטער די בייטשן פון די קאַפּיטאַליסטישע קנעכט־אויפזעער, קעדיי דערצויגן ווערן צו זעלבשטענדיקייט.

אַ לעבעדיקע דיסקוסיע האָט זיך ווידער פונאַנדערגעוויקלט אַרום דער פראַגע פון גענעראַל־שטרייק, וואָס איז צוליב דעם בעלגישן מאַסן־שטרייק אַרויס פונעם געביט פון דער גרויער טעאָריע און אַריבער אין דעם געביט פון פּראַקטיק.

די האָלענדישע מאַרקסיסטקע ראָלאַנד־האָלסט האָט באַגרינדעט אַ רעזאָלוציע, וואָס האָט געוואָרנט קעגן דער אַנאַרכיסטישער פּראָפּאַגאַנדע פון אַ גענעראַל־שטרייק, האָט דערקלערט פאַר ניט דורכפירבאַר קיין „אַבסאָליוטן שטרייק", ווייל דערזעלביקער וועט אויך מאַכן אוממעגלעך די עקזיסטענץ פונעם פּראָלעטאַריאַט, און האָט אויפגעפאָדערט די אַרבעטער צו פאַרשטאַרקן זייערע אָרגאַניזאַציעס, ווייל פון דעם איז אָפּהענגיק צי דער שטרייק וועט געלונגען אויב ער וועט זיך אַמאָל אַרויסווייזן פאַר נויטלעך און נייטיק. דער פּאָליטישער שטרייק ווערט אין דער דאָזיקער רעזאָלוציע באַצייכנט ווי אַן „עקסטער מיטל", קעדיי „דורכצופירן באַדייטנדיקע געזעלשאַפטלעכע פאַרענדערונגען, אָדער זיך אַנטקעגנשטעלן קעגן רעאַקציאָנערע אַטענטאַטן אַף די אַרבעטער־רעכט".

קעגן דער רעזאָלוציע איז אַרויסגעטראָטן דער בערלינער דעלעגאַט ד־ר

*) אונטערגעשטראָכן פון מיר.—פ. ל.

פרידעבערג, וואס האט קאקעטירט מיטן אנארכיזם. נאך זיין מיינונג האט די רעזאָלוציע פארטיפט דעם קעגנזאץ צווישן סאציאליסטן און אנארכיסטן אנשטאט אים צו פארקלענערן. ער האט זיך ארויסגעזאגט פאר א גענעראל-שטרייק, ווייל דער פארלאמענטאריזם ווייזט זיך אלץ מער ארויס ווי א פאקטאר וואס טארמאזירט די ארבעטער-באוועגונג.

די אנטקעגנגעזעצטע פאזיציע — די פאזיציע פון די באגרענעצטע פראפאריינישע ביוראקראטן — האט פארטיידיקט דער דעלעגאט פונעם דייטשישן האלצארבעטער-פארבאנד, ראבערט שמידט. פאר די גרויסע דייטשישע פראפאריינען, שטייט ביכלאל ניט די פראגע וועגן א גענעראל-שטרייק אונטער א דיסקוסיע. דער וועג פון פארלאמענטארישן קאמף און דער וועג פון פראפאריינישע ארגאניזאציעס איז דער איינציק ריכטיקער וועג.

מיטן זעלבן ניגן האט געזונגען דער האלענדישער רעפארמיסט פליגען. דער גענעראל-שטרייק איז גאר קיין געווער ניט. (דער מיטגליד פון דייטשישן צענטראל-קאמיטעט פפאנקוך ווארפט אריין: „א מעסער אן א קלינגל!").

דער סעקרעטאר פון ווינער מעטאלארבעטער-פאריין, בער, האט אפילע געפאָדערט דעם שארפסטן פראטעסט קעגן דער פראפאגאנדע פון א גענעראל-שטרייק און אויך אופקלערן זיין געפערלעכקייט.

אלס אנהענגער פון א גענעראל-שטרייק איז ווידער ארויסגעטראטן בריאן אין נאמען פון די זשארעסיסטן. דער גענעראל-שטרייק איז דער שארפסטער ווידערשטאנד-מיטל קעגן אטענטאטן אויף די פאליטישע רעכט פון דעם ארבעטער-קלאס. וועלן די סאציאליסטן אפזאגן זיך פון דעם מיטל, וועלן דורך דעם די אנארכיסטן פארשטארקן זייער איינפלוס. וועגן דעם, אז עס זיינען פאראן נאך העכערע פארמען פון קאמף ווי א גענעראל-שטרייק האט גערעדט גאר איין רוסישער סאציאליסט-רעוואלוציאנער, וואס האט דערמאנט קארל מארקס ווערטער, אז די וואפן פון קריטיק קאן ניט פארבייטן די קריטיק מיט וואפן.

די פראנצויזישע רעזאָלוציע איז מיט א גרויסער מערהייט אפגעווארפן געווארן, די האלענדישע רעזאָלוציע איז אנגענומען געווארן קעגן די שטימען פון די שווייצארישע און יאפאנישע דעלעגאטן, די פראנצויזן און די רוסישע סאציאליסטן-רעוואלוציאנערן האבן זיך אפגעהאלטן.

אז א טייל סאציאליסטן זיינען אנגעשטעקט מיט שאוויניזם האט זיך ארויסגעוויזן אין דער דיסקוסיע וועגן דער פראגע פון אימיגראציע און עמיגראציע. די האלענדישע, אמעריקאנישע, אויסטראלישע דעלעגאטן האבן אריינגעטראגן א רעזאָלוציע קעגן דער אימיגראציע פון ארבעטער פון אפגעשטאנענע ראסעס, ווי כינעזער, נעגערן א. א. וו.

דער אמעריקאנער סאציאל-שאוויניסט, הילקוויט, דער פארטרעטער פון דער אפארטוניסטישער סאציאליסטישער פארטיי פון אמעריקע, האט פארטיידיקט דעם אנגענומענעם בא די אמעריקאנער פראפעסיאנעלע פאריינען פארבאט אויפצונעמען אין די פאריינען כינעזער. ער האט דערקלערט, אז די לעבנס-אינטערעסן פונעם אמעריקאנער ארבעטער-קלאס פאדערן ניט צו דערלאזן קיין נעגערן און קולים.

קעגן דער דאָזיקער שאָוויניסטישער איינשטעלונג האָט פּראָטעסטירט אַ פּאַר־טרעטער פון דער סאָציאַליסטישער ארבעטער־פּאַרטיי פון אַמעריקע, וואָס מיט איר האָט אָנגעפירט דאַניעל דע לעאָן. ער האָט גאַנץ ריכטיק דערקלערט, אַז די דאָזיקע איינשטעלונג ווידערשפּרעכט דער גאַנצער סאָציאַליסטישער געדאַנ־קענוועלט, דעם לאָזונג „פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער פאַראייניקט זיך!".

דער גוט באַקאַנטער די דייטשישע ארבעטער פעפּלאָוו פון בוי־ארבעטער־פאַרבאַנד איז ארויסגעטראָטן קעגן אויסטייטשן אַזוי מאַרקס ווערטער, נאָר ער האָט זיך אויך ניט געוואָלט פאַרייניקן פון דער צווייטער זייט צו דער אַמערי־קאַנישער רעזאָליוציע. סאָפּסאָלסאָף איז די באַהאַנדלונג פון דעם דאָזיקן פונקט אַריבערגעטראָגן געוואָרן אויף דעם קומעדיקן קאָנגרעס.

## צווייטער קאפיטל

# די אָפּאָרטוניסטישע יעהידע
# 1904—1914

### 1. באם ווענד־פונקט. די רוסישע רעוואָלוציע פון 1905 יאָר און די דיסקוסיע וועגן מאסן־שטרייק אין דער דייטשישער פארטיי אין 1904—1907

אין אן ארטיקל „דער היסטארישער גורל פון קארל מארקס לערע“, וואס איז דערשינען אין מארט פון 1914 יאר אין „פראוודא“ אונטערשיידט לענין דריי פעריאדן אין דער אנטוויקלונג פון דער אינטערנאציאנאלער ארבעטער־באוועגונג.

דער ערשטער פעריאד: פון דער רעוואלוציע פון 1848 יאר ביז צו דער פאריזער קאמונע 1871 יאר, „א פעריאד פון שטורעמס און רעוואלוציעס“, ווען עס שטארבט אפ דער פארמארקסיסטישער סאציאליזם; די ליבעראלע בורזשואזיע דערשרעקט זיך פאר דעם פראלעטאריאט, וואס טרעט צום ערשטן מאל ארויס זעלבשטענדיק, און הויבט אן צו קריכן אף אלע פיר פאר דער רעאקציע. עס אנטשטייען זעלבשטענדיקע פראלעטארישע פארטייען, וואס פאראייניקן זיך אינעם ערשטן אינטערנאציאנאל.

דער צווייטער פעריאד (1872—1904 י.י.) אונטערשיידט זיך פונעם ערשטן מיט זיין „פרידלעכן“ כאראקטער, מיט דעם, וואס עס פעלן רעוואלוציעס. דער מיירעוו האט פארענדיקט די בורזשואזע רעוואלוציעס, דער מיזרעך איז צו זיי נאך ניט רייף. עס בילדן זיך פראלעטארישע סאציאליסטישע מאסן־פארטייען, וואס לערנען זיך אויס אויסצונוצן דעם בורזשואזן פארלאמענטאריזם, עס אנטשטייען פראפעסיאנעלע פאריינען, קאאפעראטיוון א. א. וו. דאס איז די צייט פון זאמלען די מאסן און פון צוגרייטונגען צו די קומענדיקע שלאכטן. דער טעארעטישער זיג פונעם מארקסיזם אינערלעך אין דער ארבעטער־באוועגונג צווינגט זייערע סאנים צו פארשטעלן זיך פאר מארקסיסטן. דער ליבעראליזם טרעט ארויס אין דער פארם פון סאציאליסטישן אפארטוניזם. דער דריטער פעריאד הויבט זיך אן מיט דער רוסישער רעוואלוציע פון 1905 יאר, וואס ציט נאך זיך א קייט פון רעוואלוציעס אין אזיע. דער „פרידלעכער“ פעריאד איז אריבער. אומעטום ווערן רייף גוואלטיקע קריזיסן. נאך דעם פעריאד פון זאמ־

לען די קרעפטן פון פּראָלעטאַריאַט הויבט זיך אָן דער פּעריאָד פון פאַרווירקלעכן זיינע צילן.

דער אַמסטערדאַמער אינטערנאַציאָנאַלער קאָנגרעס האָט דעם פּאָליטישן מאַסן־שטרייק „אָנערקענט". אָבער ער האָט מער געוואָרנט פאַר אים ווי רעקאָמענדירט אים. אָבער דער אומוואַקסנדיקער רוסישער פּראָלעטאַריאַט האָט זיך ניט גערעכנט מיט די „קלוגע" וואָרענונגען פון די ביוראָקראַטישע פּעטישיסטן פון אָרגאַניזאַציע, וואָס האָבן געוואָלט מאַכן די הונדערט פּראָצענטיקע אָרגאַניזירונג פאַר אַ פאָרבאַדינג פון אַ מאַסן־שטרייק. אַז דער צאַרישער אַבסאָלוטיזם איז דערשיטערט געוואָרן דורך די צעשמעטערנדיקע מאַפּאָלעס אין דער רוסיש־יאַפּאַנישער מלחמה, אַז די אומצופרידנקייט מיט דער סיסטעם פון בלוטיקן געוואַלט און מיעסער קאָרופּציע האָט אַרומגעכאַפּט די מאַסן, האָט זיך דער רוסישער פּראָלעטאַריאַט געשטעלט אין דער שפּיץ פון דער מאַסן־באַוועגונג. אַ כוואַליע קאָלאָסאַלע פּאָליטישע מאַסן־שטרייקן האָט צערודערט די מאַכט פון די הערשנדיקע קלאַסן, די ערשטע אַרבעטער־ראַטן זיינען אַנטשטאַנען אין די וויכטיקסטע אינדוסטריע־צענטרן, און אין דעקאַבער 1905 יאָר האָט דער מאָסקווער פּראָלעטאַריאַט אויפגעהויבן אַ באַוואָפנטן אויפשטאַנד. ניין טעג האָבן די מאָסקווער אַרבעטער געקעמפט אויף די באַריקאַדן קעגן דער אַסאַך שטאַרקערער צאַרישער אַרמיי, די רעוואָלוציע איז דערשטיקט געוואָרן; די ליבעראַלע בורזשואַזיע, אַ דערשראָקענע פאַר דער רעוואָלוציאָנערער אַרויסטרעטונג פונעם אַרבעטער־קלאַס, האָט זיך געלאָזן אונטערקויפן דורך דעם צאַריזם מיט אַ קלוימערשטער קאָנסטיטוציע. דער פּראָלעטאַריאַט האָט געמוזט אונטער ברוטאַלע פאַרפאָלגונגען איבעראַנייס זאַמלען זיינע רייען און צוגרייטן די קרעפטן צו אַ נייער אַנטשיידנדיקער שלאַכט.

די רוסישע רעוואָלוציע האָט געהאַט אַ קאָלאָסאַלע אָנצינדיקע ווירקונג אויף די אַרבעטער־מאַסן פון אייראָפּע און אויף די אונטערגעדריקטע פעלקער פון אַזיע.

אין אָקטיאַבער פון 1905 יאָר האָט דער צוזאַמענפאָר פון דער עסטרייכישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי אין ווין באַהאַנדלט די פראַגע וועגן קאַמף פאַר אַלגעמיינעם וואַל־רעכט. בעת דער זיצונג פונעם צוזאַמענפאָר איז אָנגעקומען די ידיעה וועגן דעם גענעראַל־שטרייק אין רוסלאַנד, וואָס האָט באַם צאַר אַרויסגעריסן דעם ערשטן צוזאָג פון אַ קאָנסטיטוציע. די ידיעה האָט אַרויסגערופן אַ שטורעם פון פרייד, אַ קאָלאָסאַלע קאַמף־באַגייסטערונג. די דעלעגאַטן האָבן באַשלאָסן איבערצורייסן דעם צוזאַמענפאָר, פאָרן אַהיים און טייקעף אָנהויבן צו גרייטן זיך צו אַ מאַסן־שטרייק. גלייך אין זעלבן אָוונט האָבן טויזנטער אַרבעטער דעמאָנסטרירט פאַר דעם פּאַרלאַמענט און פאַר דעם קייזערלעכן פּאַלאַץ. די אינדוסטריעלע שטעט אין אַנדערע טיילן עסטרייך האָבן נאָכגעטאָן דעם ביישפּיל. אומעטום זיינען פאָרגעקומען געוואַלטיקע מאַסן־דעמאָנסטראַציעס, אין אייניקע ערטער צוזאַמענשטויסן מיטן מיליטער. דעם 28 נאָיאַבער 1905 י. האָט זיך אין אַלע אינדוסטריע־געביטן פון עסטרייך אָפּגעשטעלט די אַרבעט. די אַרבעטער זיינען אין געשלאָסענע רייען אַרויס אויף דער גאַס.

קעדיי צו דעמאָנסטרירן פאַר אַלגעמיינעם וואַל־רעכט. אונטערן דרוק פון דער מאַסן־באַוועגונג האָט דער מיניסטער־פּרעזידענט גאַוטש אין דער רעפּוטאַטן־קאַמער צוגעזאָגט אַריינטראָגן אַ פּראָיעקט פון אַ נייעם געזעץ וועגן וואַל־רעכט. נאָך אַ גאַנץ יאָר האָט זיך געצויגן דאָס באַטראַכטן די פראַגע. ערשט אַ נייע דראָונג פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע מיט אַן אַלגעמיינעם שטרייק האָט צוגעיילט די פּאַרלאַמענטאַרישע אַרבעט אַזוי, אַז אין יאַנוואַר 1907 יאָר איז די אַלגעמיינע וואַל־רעכט געוואָרן אַ געזעץ. בײַ די וואַלן אין מיי פון 1907 יאָר האָט די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע דעראָבערט מער ווי אַ מיליאָן שטימען און האָט פאַרגרעסערט די צאָל פון אירע דעפּוטאַטן פון 11 אויף 87.

די דיסקוסיע וועגן דער טאַקטיק אין דײַטשלאַנד, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן נאָך דעם וואַל־זיג אין 1903 יאָר, האָט דורך דער רוסישער רעוואָלוציע באַקומען אַ נייעם שטויס. ווי בעבעל האָט ריכטיק פאָרויסגעזעען אויף דעם דרעזדענער צוזאַמענפאָר, האָט דער וואַל־זיג פון 1903 יאָר אַרויסגערופן בײַ דער בורזשואַזיע, וואָס האָט זיך דערשראָקן פאַר דער מאַכט פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, אַ פעסטערן רעאַקציאָנערן צוזאַמענשלוס. אין די רעגירונג־קרייזן האָט מען באַטראַכט די פראַגע וועגן אָפּשאַפן די אַלגעמיינע וואַלרעכט צום רײַכסטאַג, פאַרערגערן די וואַלרעכט צו די קאָמונאַלע איינריכטונגען. אַנשטאָט אָפּצושאַפן די מיטלאַלטערלעכע דרײַ־קלאַסן וואַל־רעכט אין פּרייסן, האָבן די הערשנדיקע קלאַסן געפּלאַנט צו מאַכן נאָך מער רעאַקציאָנער די וואַל־רעכט אין די אַנדערע דײַטשישע מעלוכעס.

בעת דער לינקער פליגל פון דער פּאַרטיי — און ביזן 1905 יאָר דער צענטראַל־קאָמיטעט אונטער בעבעלס אָנפירונג מיט אים — האָט פון דער אַזיקער פאַרשאַרפונג פון די קלאַסן־קעגנזאַצן אַרויסגעדרונגען די נויטיקייט אָנצווענדן פאַרשאַרפטע קאַמף־מעטאָדן, האָבן די אָפּאָרטוניסטן, באַזונדערס די אָפּאָרטוניסטישע פירער פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען, איינגעזען נאָר די געפאַר, אַז די אָרגאַניזאַציעס וועלן אויפגעטרייסלט ווערן דורך די גרויסע קאַמפן. דאַפקע אונטער דעם אײַנדרוק פון דעם פאַקט, אַז עס ווערט אַלץ שווערער מיט די אַלטע מעטאָדן פון פּאָליטישן קאַמף, דאָס הייסט, דערהויפּט דורך פּאַרלאַמענטאַרישער אַרבעט, דערשלאָגן זיך וועלכע ניט איז פאַרבעסערונגען פאַר די אַרבעטער, איז אין די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען געוואַקסן די אויסשליסלעך פּראָפאַריינישע, טרייד־יוניאָניסטישע איינשטעלונג, וואָס איז פײַנטלעך דעם רעוואָלוציאָנערן קלאַסן־קאַמף. דאָס האָט זיך קלאָר אַרויסגעוויזן אויף דעם קעלנער קאָנגרעס פון די פּראָפאַריינען אין מיי 1905 יאָר. אַ האַלב יאָר פאַר דעם פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר, וואָס האָט געדאַרפט זיך אַרויסזאָגן איבער דער פראַגע וועגן אַ פּאָליטישן מאַסן־שטרייק, האָבן די פירער פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען אָנגענומען בעמעלבורגס פאָרשלאָג, וואָס איז געווענדעט ניט נאָר קעגן דעם פּאָליטישן מאַסן־שטרייק, נאָר אַפילו קעגן דער דיסקוסיע וועגן פּאָליטישן מאַסן־שטרייק. אין איר וויכטיקסטן טייל זאָגט די רעזאָלוציע:

„דער קאָנגרעס האַלט... אַז אַלע פּרוּוון צו פאַרפיקסירן אַ באַשטימטע

טאקטיק דורך דער פראפאגאנדע פון א פאליטישן מאסן־שטרייק, זיינען אומטויגבאר; ער רעקאמענדירט דער ארגאניזירטער ארבעטערשאפט זיך ענערגיש אנטקעגנשטעלן אלע אזעלכע פרוון.

דעם גענעראל־שטרייק, אזוי ווי עס פארשטייען אים די אנארכיסטן און מענטשן, וואס האבן קיין שום דערפארונג ניט אפן געביט פון עקאנאמישן קאמף, האלט דער קאנגרעס פאר אבסאליוט ניט אנעמבאר; ער ווארנט די ארבעטערשאפט זיך ניט לאזן אפרייסן פון דער טאג־טעגלעכער קליינער ארבעט מיט דער פראפאגאנדע פון אזעלכע אידייען".

בעיס די מאסן סאציאל־דעמאקראטישע ארבעטער אונטערן אנצינדנדיקן איינדרוק פון דער רוסישער רעוואליוציע האבן זיך געריסן פארויס, האבן די רעפארמיסטישע פירער פון די פראפאריינען אויסגענוצט זייער ווירקונג קעדיי איינצוהאלטן די פארטיי פון וועלכן ניט איז שריט פארויס. אזוי איז געווען די לאגע, ווען וועלכער עס האט זיך געהאלטן ארויסזאגן דער פארטיי־צוזאמענפאר, וואס איז פארגעקומען אין יענא אין סעפטעמבער 1905 יאר.

בעבעל האט אין זיין רעפעראט וועגן מאסן־שטרייק געשטעלט די פראגע פונקט אזוי, ווי ער האט זי געשטעלט אין 1903 יאר אין דרעזדען. דער וואלזיג און די פארשארפונג פון די קלאסן־קעגנזאצן צווינגען די פארטיי צו זוכן נייע קאמף־מיטלען, מע מוז ווי פריער ארבעטן אין רייכסטאג ווי אן אפאזיציאנעלע פארטיי, אבער עס איז אומעגלעך צו ארויסווייזן וועלכן ניט איז מאסגעבנדיקן איינפלוס אף דער רעגירונג.

„אויב איר ווילט האבן אזא איינפלוס, דאן פארבאהאלט אייער פראגראם אין קעשענע, פארלאזט אייערע פרינציפיעלע פאזיציעס, קימערט זיך נאר וועגן ריין פראקטישע זאכן, און מע וועט אונדז מיט פרייד אופנעמען ווי פארבינדעטע".

אבער וויבאלד די פארטיי גייט ניט מיט דעמדאזיקן וועג, פארקערט, זי האט אין דרעזדען אף דאס ניי א שלייידער געטאן אלע סאנים אין פאנעם איר קאמף־אנזאג, זעט מען פארקערט א פארשארפטן אנגריף קעגן דער סאציאל־דעמאקראטיע און קעגן דער ארבעטערשאפט אף אלע געביטן. בעבעל האט אנגעוויזן אף א ריי גרויסע לאקאוטן און האט געזאגט:

„עס איז נאר א מיילע, וואס די קעגנזאצן ווערן פארשפיצט ביז גאר, ווייל דורך דעם ווערט געשאפן א קלארע סיטואציע, בא וועלכער עס קאן מער ניט זיין קיין ארויסדרייען זיך, קיין פארטוש, קיין פשארעס".

אזוי ווייט האט בעבעל געזעען די אנטוויקלונג אבסאליוט ריכטיק. אבער אין דעם אנטשיידנדיקן פונקט איז זיין פאזיציע געווען וואקלדיק און ניט קלאר. אויב דער זיגרייכער אנגריף פון דער סאציאל־דעמאקראטיע און פון דער ארבעטערבאוועגונג האבן ארויסגערופן א נאך מער פעסטערן צוזאמענשלוס פון די רעאקציאנערע קרייזן, אויב די פארלאמענטארישע דערפאלגן זיינען געווארן אומעגלעך צוליב דעם איינהייטלעכן פראנט פון די בורזשואזע פארטייען, אויב די פראפאריינען האבן געזען קעגן זיך אן ארגאניזאציע פון קאפיטאל,

וואָס וועט אַלץ מעכטיקער, אויב מע האָט זיך געמוזט רעכענען מיט דער מעגלעכקייט פון באַרויבן דעם אַרבעטער פון זײַן וואַל־רעכט און מע האָט געמוזט פאַרויסזען, אַז די ווילהעלמשע מעלוכע וועט לאָזן אין גאַנג באַוואָפנטע מאַכט קעגן פּאָליטישע מאַסן־שטרייקן און מאַסן־דעמאָנסטראַציעס, — האָט די אַרבעטער־פּאַרטיי געמוזט האָבן אין אויג אַ מעסטע פּערספּעקטיוו פון אַ שטייענדיקן קאַמף פאַר דער מאַכט און די גאַנצע טעטיקייט פון דער פּאַרטיי מיט אַלע מיטלען ווערן אין דער ריכטונג פונעם קאַמף פאַר דער מאַכט. דאָס שליסט בשום־אופן ניט אויס די פאַרזעצונג פון דער סיסטעמאַטישער אַרבעט פון אָרגאַניזאַציע און אַגיטאַציע, פון פּראָפאַרייִנישער און פּאַרלאַמענטאַרישער טעטיקייט, דאָס פאָדערט אָבער אַ דרייסטע און אַנטשלאָסענע אָנווענדונג פון שאַרפערע קאַמף־מיטלען, פון מאַסן־דעמאָנסטראַציעס און מאַסן־שטרייקן, ניט מוירע האָבנדיק, ווען די פּאַרהעלטענישן וועלן צײַטיק ווערן, אויפהויבן אַ באַוואָפנטן קאַמף קעגן דער מאַכט פונעם קלאַסן־סוינע. אָבער וואָס האָט געזאָגט בעבעל?

„ווי באַוווסט איז דאָס אַ טעות, ווען מע זאָגט, אַז די סאָציאַל־דעמאָקראַטן גרייטן צו די רעוואָלוציע. מיר טראַכטן גאָרניט וועגן דעם. וואָס פאַר אַ אינטערעס האָבן מיר אַרויסצורופן קאַטאַסטראָפעס, פון וועלכע אין דער ערשטער ריי וועלן לײַדן די אַרבעטער".

שמעס, ער האָט צוגעגעבן, אַז די הערשנדיקע קלאַסן מיט זייער קורצזיכטיקער פּאָליטיק רופן אַרויס קאַטאַסטראָפעס, אָבער ער האָט דאָך אונטערגעשטראָכן, אַז „עס איז מעגלעך צו אײַנהאַלטן די אַנטוויקלונג אויף אַ פרידלעכן וועג און דאָס הענגט אָפּ אויך פון אונדז".

אַזוי האָט בעבעל פאַרטיידיקט קעגן דעם באַשלוס פון דעם קעלנער פּראָפאַרייִנישן קאָנגרעס דעם מאַסן־שטרייק ווי אַ פרידלעכן קאַמף־מיטל און ווי אַ קאַמף־מיטל מיט אַ פאַרטיידיקונג־כאַראַקטער, וואָס איז באַרופן אָפּצושלאָגן אַלע אָנגריפן קעגן די רעכט פון די אַרבעטער.

„דאָס וואָלט געווען אַ נעבעכדיקע פּאַרטיי, וואָס וואָלט זיך געלאָזן אָפּשרעקן דורכן פּראָקוראָר און דורך דעם קרימינעלן קאָדעקס און ניט פאַרטיידיקן אירע מענטשלעכע בירגער־רעכט".

בעבעל האָט זיך געווענדעט קעגן היינע, וואָס האָט אָפּן סמאַך פון קרימינעלן קאָדעקס דערוויזן, אַז בײַ אַזאַ מאַסן־שטרייק מוז מען קומען אין אַ קאָנפליקט מיט דער מעלוכע־מאַכט. ער האָט אָנגעוויזן אויף דעם גרויסן שטרייק פון די באַרג־אַרבעטער, וואָס איז דורכגעגאַנגען אַבסאָליוט פרידלעך. נאָך צום שלוס האָט ער געזאָגט:

„און קאַטאַסטראָפע טרעפן זיך מאָמענטן, ווען מע טאָר שוין ניט פרעגן וועגן דעם שאָדן... יאָ, נישטיק, נעבעכדיק איז אָבער אויך דער אַרבעטער־קלאַס, וואָס וואָלט זיך געלאָזט באַהאַנדלען ווי הינט, וואָס האָבן ניט קיין האַרץ צו אַנטקעגנשטעלן זיך זייערע אונטערדריקער. דערמאָנט זיך וועגן רוסלאַנד, דערמאָנט זיך וועגן דער יוני־שלאַכט, דערמאָנט זיך וועגן דער קאָמונע! בײַ די שאָטנס פון דיזאָזיקע מאַרטירער זאָלט איר ניט אַמאָל אַ

פֿאַר וואָכן הונגערן, קעדיי צו פֿאַרטיידיקן אייערע העכסטע מענטשלעכע רעכט! אויב אַזוי קענט איר שלעכט די דייטשישע אַרבעטער, אויב איר טרויט זיי דאָס ניט! וואָס האָט היינע אין 1880 יאָר אין ווידען געזאָגט, ווען איך האָב פֿאָרגעלייגט אַרויסצוואַרפֿן פֿון אונדזער פּראָגראַם דאָס וואָרט „געזעצלעך"? דאָס איז דעמאָלט איינשטימיק און אָן דעבאַטן אָנגענומען געוואָרן. (היינע: „און ריכטיק") אויב אַזוי וועלן מיר אויך ריכטיק האַנדלען, אויב מיר וועלן דעם נאָענטסטן מאָל אויך אַזוי טאָן".

בא אַלע דערקלערונגען וועגן סימפּאַטיע פֿאַר דער רוסישער רעוואָלוציע האָט בעבעל אונטערגעשטראָכן, אַז דאָרטן זיינען די באַדינגונגען „אַזוי אומנאָרמאַל", אַז מע קאָן פֿון דאָרטן ניט אַראָפּנעמען קיין שום ביישפּיל. פּרינציפּיעל אַנדערש האָט די פֿראַגע געשטעלט ראָזע ליוקסעמבורג:

„אויסהערנדיק די אַלע ביז איצטיקע רעדעס אין דער דיסקוסיע וועגן פּאָליטישן מאַסן־שטרייק, מוז מען זיך בעמעס כאַפּן פֿאַרן קאָפּ און פֿרעגן: צי לעבן מיר פּאַקטיש אינעם יאָר פֿון דער רומפֿולער רוסישער רעוואָלוציע אָדער מיר געפֿינען זיך אין דער צייט מיט צען יאָר פֿאַר איר?.. שמידט זאָגט, פֿאַרוואָס זאָלן מיר אַוועקוואַרפֿן אונדזער אַלטע אויסגעפּרוּווטע טאַקטיק צוליב דעם גענעראַל־שטרייק, פֿאַרוואָס זאָלן מיר מיטאַמאָל באַגיין דעמאַגאָגישן פּאָליטישן זעלבסטמאָרד? יאָ, צי זעט דען ניט ראַבערט שמידט, אַז עס איז געקומען די צייט, וואָס אונדזערע גרויסע לערער מאַרקס און ענגעלס האָבן פֿאָרויסגעזען, ווען די עוואָלוציע גייט אַריבער אין אַ רעוואָלוציע? מיר זעען די רוסישע רעוואָלוציע און מיר וואָלטן געווען אייזלען, ווען מיר וואָלטן זיך פֿון איר גאָרניט אויסגעלערנט. דאָ שטעלט זיך היינט אַוועק און פֿרעגט בא בעבעלן, יאָ, צי האָט איר וועגן דעם געטראַכט, אַז אין פֿאַל פֿון אַ גענעראַל־שטרייק וועלן דערשיינען אויפֿן שלאַכטפֿעלד ניט נאָר אונדזערע גוט אָרגאַניזירטע קרעפֿטן, נאָר אויך די אומאָרגאַניזירטע מאַסן און צי האָלט איר אויך די דאָזיקע מאַסן אין צוים? פֿון דעמאָזיקן איינציקן וואָרט קוקט אַרויס היינעס גאַנצע בורזשואַזע איינשטעלונג, דאָס איז אַ שאַנדע פֿאַר אַ סאָציאַל־דעמאָקראַט. אַלע פֿריערדיקע רעוואָלוציעס, באַזונדערס די רעוואָלוציע פֿון 1848 י., האָבן באַוויזן, אַז אין מאָמענטן פֿון רעוואָלוציאָנערע סיטואַציעס דאַרף מען ניט די מאַסן האַלטן אין צוים, נאָר די פּאַרלאַמענטאַרישע אַדוואָקאַטן, קעדיי זיי זאָלן ניט פֿאַרראַטן די מאַסן און די רעוואָלוציע" *).

דעם אָפּאָרטוניסט היינע, וואָס האָט דערקלערט, אַז ער נעמט אַראָפּ פֿון זיך די פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט פֿאַר בלוטפֿאַרגיסן, האָט זי אָפּגעענטפֿערט:

„...פֿון דער געשיכטע ווייסן מיר, אַז אַלע רעוואָלוציעס האָבן געקאָסט דעם פֿאָלק בלוט. דער גאַנצער חילוק איז, וואָס ביז איצט איז דאָס בלוט פֿון פֿאָלק פֿאַרגאָסן געוואָרן פֿאַר די הערשנדיקע קלאַסן, און איצט, ווען עס רעדט זיך וועגן דער מעגלעכקייט זיין בלוט צו לאָזן פֿאַר זיין איי-

*) אונטערגעשטראָכן פֿון מיר.—י. ל.

גענעם קלאַס, קומען אַראָפּ פּאַרזיכטיקע, אַזוי גערופענע סאָציאַל־דעמאָקראַטן און זאָגן, ניין, דאָס בלוט איז אונדז צו טייער"*).

ענלעך האָט געשטעלט די פראַגע קלאַרע צעטקין:

„יעדנפאַלס מוזן מיר זיך רעכענען דערמיט, וואָס די הערשנדיקע קרעפטן וועלן אַליין ניט בלייבן אָפּן באָדן פון געזעצלעכקייט. און דעריבער בלייב איך באַ מיין פריערדיקן שטאַנדפּונקט, אַז דער פּראָלעטאַריאַט טאָר זיך ניט האַלטן פאַר געבונדן דורך די פּעדעם פון דער בורזשואַזער געזעצלעכקייט באַ אַלע באַדינגונגען. די בורזשואַזע געזעצלעכקייט איז סאָפּקאָלסאָף ניט מער ווי די אויסגעדריקטע אין פאַרפליכטנדיקע יורידישע נאָרמען געוואַלט פון די באַזיצנדיקע און הערשנדיקע קלאַסן... איך זאָג, מיר מוזן זיך רעכענען דערמיט, אַז די בורזשואַזע קלאַסן קאָנען אין יעדן מאָמענט אַראָפּוואַרפן די מאַסקע פון געזעצלעכן קאַמף קעגן אונדז און באַקעמפן אונדז מיט ברוטאַלער געוואַלט, און דעריבער מיין איך: אַף אַ פּאַטש מוז מען ענטפערן מיט צוויי. אויב די רעאַקציע וויל מיט אונדז ריידן רוסיש, וועט דער פּראָלעטאַריאַט אויך ענטפערן רוסיש"*).

די גאַנצע רעפאָרמיסטישע איימע פאַר דעראָזיקער רעוואָליוציאָנערער פּערספּעקטיוו האָט אין הער סאַמע פולשטענדיקער פאָרם אויסגעדריקט דאַוויד:

„מיר האָבן שטענדיק דערקלערט, אַז אַף וויפל דאָס וועט זיך ווענדן אָן אונדז, וועלן מיר טאָן אַלץ וואָס מע קאָן נאָר צו דערגרייכן אונדזערע צילן אַף אַ געזעצלעכן וועג. באַ דער איצטיקער פאַרפולקומונג פון די מיליטערישע מאַכטמיטלען האָט קיין שום אויסזיכטן ניט דאָס פאַרמעסטן זיך מיט געווער מיטן מיליטאַריזם. דעראָזיקער רעצידיוו צום רעוואָליוציאָניזם נעמט זיך דערפון, וואָס עס איז פאַרלאָרן דער גלויבן דערין, אַז די קאַפּיטאַליסטישע ווירטשאַפטלעכע אָרדענונג מוז זיך פון דער נאַטור פון זיך אַליין צעפאַלן, מוז פאַרענדיקן מיט זעלבסטמאָרד. מיט אַנדערע ווערטער, מע האָט פאַרלאָרן דעם גלויבן אין דער קאַטאַסטראָפע־טעאָריע פון קאַפּיטאַליזם. אַנשטאָט דעם רוקט מען אַרויס דעם אַלטן רעוואָליוציאָניזם און מע וויל מער ניט גיין מיט יענע וועגן, מיט וועלכע די פּאַרטיי גייט קאָנסעקווענט שוין אין מעשעך פון צענדליקער יאָרן. די באַוווּרטע ליוקסעמבורג ווייזט קעסיידער אָן אַף דער רעוואָליוציע אין רוסלאַנד. (אַן אויסרוף: „זאָל זי אַהין פאָרן!"). די רעוואָליוציע אין רוסלאַנד לערנט אונדז אַסאַך זאַכן, אָבער פונקט דעם הייפעך פון דעם, וואָס ראָזע ליוקסעמבורג וויל אונדז איינריידן; זי לערנט אונדז קוידעמקאָל, אַז די רוסישע רעוואָליוציע קאָן מען באַ קיין שום אומשטענדן ניט פאַרגלייכן מיט אונדזערע דייטשישע פאַרהעלטענישן**). דאָס, וואָס דאָרטן קאָן זיין ריכטיק, קאָן זיין באַ אונדז גראָד פאַרקערט און עס איז אַ ריינע מעשוגאַ

*) אונטערגעשטראָכן פון מיר.—י. ל.

**) אונטערגעשטראָכן פון מיר.—י. ל.

***) אונטערגעשטראָכן פון מיר.—י. ל.

מאכן פון רוסישע פארהעלטענישן אן אויספיר וועגן דער טאקטיק, וואס איז פאר אונז נויטיק".

ליעגין האט זיך אין דערדאזיקער דיסקוסיע געשטעלט אין דער פאזע פון א גרויסן רעוואליוציאנער.

„ווערט זיך אנהויבן א גענעראל־שטרייק, אדער ווי מע זאל אים דארטן ניט רופן, פאר מיר באטייט דאס אן אנהויב פון דער רעוואליוציע. ווען די מאסן ארויסגיין אף דער גאס, וועט שוין קיין „צוריק" ניט זיין. דאן וועט מען מוזן בויגן אדער ברעכן. אין דער פארטיי זוכט מען נייע קאמף־מיטלען, ווייל מע האט אלפיטאעס זיך אפגעזאגט פון דער אידיי פון געוואלט־זאמען ווידערשטאנד. איך האב קיינמאל זיך ניט געהאלטן בא דער מיינונג, אז א רעוואליוציע אין אלטן זין פון ווארט איז היינט מער ניט מעגלעך. איך בין איבערצייגט, אז ווען אונדזער מאכט וועט אף אזוי פיל אויסוואקסן, אז מיר וועלן ווערן געפערלעך פאר דער בורזשואזיע, דאן וועט זי אלץ שטעלן אין קאן, זי וועט אונדז דעמלט טרייבן אף די באגנעטן. אבער אז עס וועט שוין קומען די צייט, וועלן שוין די באגנעטן ניט העלפן, וועלן שוין ניט העלפן די אלע מאכט־מיטלען, וואס געפינען זיך אין רעשוס פון דער בורזשואזיע (אן אויסרוף פון ארט: „דאס איז טאקע די פראגע!"). צי זיינען דען ניט געווען דער גרעסטער טייל פון אונדזערע מענטשן קיין סאלדאטן? פארשטייען זיי דען ניט ווי זיך צו באגיין מיט געווער? איך זאג נאכאמאל: וועט אמאל קומען צו א מאסן־אקציע, וועלן מיר דאן פאקטיש שטיין פאר דער רעוואליוציע. דעמלט וועט שוין מער ניט זיין קיין „צוריק"... אין געוויסער הינזיכט האלט איך די פראפאגאנדע פאר א פאליטישן מאסן־שטרייק פאר געפערלעך. מאכט איר ניט די נויטיקע אויספירן, אז דער מאסן־שטרייק איז אן אנהויב פון א רעוואליוציע, דאן האלט איר דעם ארבעטער־קלאס פעיק צו עפעס אזוינס, צו וואס איך וואלט אים ניט געהאלטן פעיק בא קיין שום אומשטענדן. אויב די ארבעטער זאלן זיך ניט אנטקעגנשטעלן די קלעפ, וואס זיי באקומען, פאדערט זשע פון זיי ניט זיי זאלן גיין אף דער גאס, ווייל ווי נאר די ארבעטער וועלן זיין אף דער גאס, וועט מען זיי געוויס באפאלן, און איך האלט ניט דעם ארבעטער פאר פעיק אריבערצוטראגן דאס גלייכגילטיק. אף אזוי פיל דארפן מיר די ארבעטער דערציען, אז זיי זאלן האבן אזויפיל באוווסטזיין און זעלבסטאכטונג, אז זיי זאלן זיך ניט לאזן שלאגן, און, אז אין מאמענט, ווען מע שלאגט זיי, זאלן זיי צוריק שלאגן"*).

דערדאזיקער ראדיקאליזם פון אזא דורכגעטריבענעם רעפארמיסט האט געהאט נאר דעם ציל צו אפשרעקן פארן אנווענדן דעם מאסן־שטרייק די וואקלדיקע עלעמענטן פון פארטיי־צענטער, וואס פאר זיין פארטרעטער האט זיך אין דעמדאזיקן פעריאד אלץ מער און מער ארויסגעוויזן בעבעל. ווען בעבעל איז ארויסגעטראטן פארן מאסן־שטרייק, אבער קעגן א רעוואליוציע, האבן די רע־

*) אונטערגעשטראכן פון מיר.—י. ל.

פאַרמיכטן מיט ליעגיגס מויל דערהווידערט: מאַסן־שטרייק איז רעוואָליוציע! דער פּראָפּאַסער פון דער קעלנער רעזאָליוציע, בעמעלבורג האָט דערקלערט, אַז ער איז מאַסקים מיט בעבעלן, אויב יענער באַנעמט דעם גענעראַל־שטרייק ניט ווי אַ מיטל צו דעזאָרגאַניזירן די מעלוכע.

בעבעל האָט אין זיין שלוס־וואָרט ווידער באַטאָנט, אַז עס איז ניטאָ קיין אומבאַדינגטע פאַרבינדונג צווישן גענעראַל־שטרייק און רעוואָליוציע. יעדנפאַלס, האָט ער געזאָגט:

„ווען עס וועט אָן אונדזער ווילן קומען דערצו (צו בלוטפאַרגיסן. — י. ל.) דערקלער איך, אַז אין דעם טאָג, ווען עס וועט ווירקלעך דערצו קומען, וועט איר מיך געפינען ניט אין אַריערגאַרד, נאָר אין אוואַנגאַרד, אַזוי ווי איך בין דעם גאַנצן לעבן מיינעם געשטאַנען אין די ערשטע רייען“.

אָבער ניט געקוקט אויף דעם האָט ער געהאַלטן פאַר נויטיק, לויבנדיק ראָזע לוקסעמבורגס רעוואָליוציאָנערע רעדע, אונטערצושטרייכן, אַז ענגעלס האָט ניט איינמאָל דערקלערט, אַז ער איז מער ניט מאַסקים מיט די מיטלען, וואָס דער קאָמוניסטישער מאַניפעסט רעקאָמענדירט. ער האָט אויך דערמאָנט וועגן יענער פאָררעדע פון ענגעלסן צו די „קלאַסן־קאַמפן“, וואָס שטעלט מיט זיך פאָר נאָך דער פעלשונג פונעם צענטראַל־קאָמיטעט פון דער דייטשישער פּאַרטיי, אַ פּאָלעמיק קעגן באַריקאַדן־קאַמפן.

אַלס רעזולטאַט פון דער דאָזיקער דיסקוסיע איז קעגן 14 שטימען פונעם רעכטן פליגל, בײַ איין אָפּגעהאַלטענעם (בעמעלבורג) אָנגענומען געוואָרן אַ רעזאָליוציע, אין וועלכער נאָך דער כאַראַקטעריסטיק פון דער פּאָליטישער לאַגע, דער פאַרשאַרפונג פונעם קלאַסן־קאַמף און וועגן דעם דראָענדיקן רויב פון די וואַל־רעכט, ווערט געזאָגט:

„אין פאַל פון אַן אַטענטאַט אויף די אַלגעמיינע, גלייכע, דירעקטע און געהיימע וואַל־רעכט אָדער אויף דער קאָאַליציע־פרייהייט איז דער כיוו פונעם גאַנצן אַרבעטער־קלאַס אָנצווענדן אַלע פּאַרטיידיקונג־מיטלען, וואָס וועלן נאָר טויגן דערצו.

ווי איינע פון די סאַמע ווירקנדיקע קאַמפמיטלען אויף צו פאַרטיידיקן זיך קעגן אַזאַ פּאָליטישן פאַרברעכן קעגן אַרבעטער־קלאַס אָדער צו דעראָבערן וויכטיקע גרונטרעכט, וואָס זאָל דינען דער באַפרייונג פונעם אַרבעטער־קלאַס האַלט דער פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר די ברייטסטע אָנווענדונג פון אַ מאַסן־שטרייק“.

אין קעגנזאַץ צו דער קעלנער רעזאָליוציע האָט די דאָזיקע רעזאָליוציע פאַרפליכטעט די פּאַרטיי־סאַוויירים צו פירן אַ ברייטע מאַסן־אַגיטאַציע פאַרן מאַסן־שטרייק. אויף דורכצופירן די דאָזיקע רעזאָליוציע וואָלט מען געמוזט ברעכן דעם ווידערשטאַנד פון דער רעפאָרמיסטישער פּראָפאַריינישער ביוראָקראַטיע. אויף דעם פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר אין יענאַ האָט קיינער ניט געצווייפלט אין דעם, אַז די דאָזיקע רעזאָליוציע איז דירעקט געווענדעט קעגן דעם קעלנער באַשלוס.

מע קאָן דעריבער פאַרשטיין וואָס פאַר אַ כידעש און אומצופרידנקייט האָט אַרומגעכאַפּט די רעוואָליוציאָנערע אַרבעטער, ווען אין אויגוסט 1906 יאָר האָט

איז באַוויזן אין אײנעם אָרגאַן פון די אָפּגעשפּאָלטענע פונעם פּראָפּאַרײנישן צענטער לאָקאַלע פּראָפּאַרײנען א מיטײלונג װעגן אַ קאָנפערענץ פונעם צענטראַל־קאָמיטעט פון דער פּאַרטײ מיט דער גענעראַל־קאָמיסיע פון די פּראָפּאַרײנען, װאָס איז פאָרגעקומען געהײם אין פעװראַל 1906 יאָר און װאָס האָט שטילערהײט באַגראָבן דעם יענער באַשלוס װעגן מאַסן־שטרײקן. לויט דערדאָזיקער מיטײלונג האָט בעבעל אין נאָמען פון צענטראַל־קאָמיטעט מסכּים געװען אַף אַ רײ טעזיסן, פון װעלכע דער ערשטער איז געװען:

„דער צענטראַל־קאָמיטעט פון דער פּאַרטײ האָט ניט בדעה צו פירן אַ פּראָפּאַגאַנדע פאַרן מאַסן־שטרײק, פאַרקערט, אַף װיפל דאָס װעט זײן פאַר אים מעגלעך, װעט ער זען ניט דערלאָזן צו קײן מאַסן־שטרײק”.

אַף דעם מאַנהײמער פּאַרטײ־צוזאַמענפאָר האָט בעבעל מיט דער גרעסטער שאַרפקײט אָפּגעלײקנט די ריכטיקײט פון דערדאָזיקער מעלדונג. ער האָט דערקלערט, אַז װען ער װאָלט מסכּים געװען אַף אַזאַ מין באַשלוס װאָלט דאָס געװען פאַראַט קעגן דער פּאַרטײ און ער װאָלט פאַרדינט אױסגעשלאָסן צו װערן ניט נאָר פון צענטראַל־קאָמיטעט נאָר אױך פון דער פּאַרטײ. אָבער דידאָזיקע שטאַרקע װערטער האָבן גאָרניט געקאָנט ענדערן אײנעם פאַקט, אַז די פעװראַל־קאָנפערענץ האָט באַטײט די פולשטענדיקע קאַפּיטולאַציע פונעם צענטראַל־קאָמיטעט פאַר דער רעפאָרמיסטישער פּראָפּאַרײנישער ביוראָקראַטיע, די קװורע פונעם פּאָליטישן מאַסן־שטרײק און דערמיט דער אָנהױב פונעם איבערגאַנג פון צ״ק אַף דער ליניע פון רעפאָרמיזם. בעבעל האָט אױסגעטײטשט דעם אָפּמאַך מיט דער גענעראַל־קאָמיסיע אין דעם זין, אַז ער האָט אָפּגעזאָגט זיך פון מאַסן־שטרײק נאָר אין דער איצטיקער סיטואַציע, װײל דער צושטאַנד פון דער אָרגאַניזאַציע איז נאָך ניט געװען גענוג רײף דערצו. ער איז אַפילו אַזױ װײט געגאַנגען, אַז ער איז אַרױסגעטראָטן פאַר ליעגינס אַן אױסבעסערונג, װאָס האָט פעסטגעשטעלט, אַז צװישן דער יענער און קעלנער רעזאָלוציעס איז ניטאָ קײן שום װידערשפּרוך!

אָבער פאַקטיש אַנטהאַלט די רעזאָלוציע, װאָס איז אָנגענומען געװאָרן אין מאַנהײם די פאָרמעלע באַשטעטיקונג פון דעם יענער באַשלוס, אָבער אין דער זעלבער צײט קאָנסטאַטירט זי, אַז דער קעלנער באַשלוס פון די פּראָפּאַרײנען װידערשפּרעכט ניט דערדאָזיקער רעזאָלוציע; כוצדעם געפינען מיר דאָרטן אַ פאָרמולירונג, װאָס באַטײט, אַז די פּאַרטײ װאַרפט זיך אונטער די פּראָפּאַרײנען:

„װיבאַלד דער צענטראַל־קאָמיטעט פון דער פּאַרטײ װעט געפינען פאַר נױטיק צו דערקלערן אַ פּאָליטישן מאַסן־שטרײק דאַרף ער זיך פאַרבינדן מיט דער גענעראַל־קאָמיסיע פון די פּראָפּאַרײנען און אָננעמען אַלע נױטיקע מאַכמיטלען אַף דורכפירן דערפאָלגרײך די אַקציע”.

דידאָזיקע רעזאָלוציע איז אָנגענומען געװאָרן קעגן 5 שטימען פון די עקסטרעמע, נאָכדעם װי עס איז אָנגענומען געװאָרן קעגן 62 שטימען פון די לינקע די צושטימונג צו דער קעלנער רעזאָלוציע, לױט דער אױסבעסערונג פון בעבעל — ליעגין.

קאוטסקי האט אריינגעטראגן א פארשלאג, וואס האט ארויסגערופן א דיסקוסיע וועגן די באציונגען צווישן דער פארטיי און די פראפעסיאנעלע פאריינען. אין זיין רעזאלוציע איז געשטאנען:

„סעדיי צו זיכערן די טעארעטישע און פראקטישע איינהייטלעכקייט צווישן דער פארטיי און די פראפאריינען איז נויטיק, אז די פראפאריינען זאלן זיין באהערשט פונעם גייסט פון דער סאציאל־דעמאקראטיע; ווייל די סאציאל־דעמאקראטיע איז די העכסטע און אומפאסנדיקסטע פארם פונעם פראלעטארישן קלאסן־קאמף,״ און „קיין שום פראלעטארישע ארגאניזאציע, קיין שום פראלעטארישע באוועגונג קאן ניט פולשטענדיק לייזן אירע אויפגאבן, אויב זי איז ניט דורכגעדרונגען מיטן גייסט פון דער סאציאל־דעמאקראטיע״.

די דזשיקע פוליקום ריכטיקע כאראקטעריסטיק פון די באציונגען צווישן א רעוואלוציאנערער פארטיי און מאסן־ארגאניזאציעס האט געווים ניט געקאנט אפלייקענען קיין איין דעלעגאט, אבער נאכדעם ווי בעבעל האט דערקלערט, אז עס איז „ניט באקוועם״ אנצונעמען אזא מין פארמולירונג, האט קאוטסקי געפונען פאר נויטיק צוריקציען זיין פארשלאג.

אף דעמדאזיקן פארטיי־צוזאמענפאר האט זיך ארויסגעוויזן, אז דער העכסטער פונקט פון בעבעלס טעטיקייט איז שוין פאריבערגעגאנגען. ער איז שוין מער ניט געווען פעיק צו באנעמען די נייע אויפגאבן פון דער נייער צייט. ער האט פאלעמיזירט ניט נאר אין אלגעמיין קעגן אנווענדן מאסן־שטרייקן אין דער דעמאלטיקער סיטואציע, ער איז אויך ארויסגעטראטן קעגן גאסן־דעמאנסטראציעס, ווייל זיי מוזן פירן צו א בלוט־באד, ער איז ארויסגעטראטן קעגן דער „קינדערישער״ אידיי פון א מאסן־שטרייק אין דעם פאל, אויב די דייטשישע רעגירונג וועט אנהויבן א אינטערווענציע קעגן דער רוסישער רעוואָ־ליוציע.

„גלייך ווי עס וועט אויסברעכן אזא קריג וועלן פון ערשטן טאג אין דייטשלאנד מאביליזירט ווערן 5 מיליאן מענטשן, צווישן זיי אסאך הונדערטער טויזנטער פארטיי־כאווייריִם. די גאנצע נאציע וועט אונטערן ביקס! א מוירעדיקער עלנט, אלגעמיינע ארבעטלאזיקייט, הונגער, די פאבריקן אפגעשטעלט, דאס פאלן פון די ווערט־פאפירן,—צי גלויבט מען, אז מע קאן אין אזא מאמענט, ווען יעדערער טראכט נאר וועגן זיך, אינסצענירן א מאסן־שטרייק? וואלט זיך געפונען א פארטיי־אנפירונג, וואס וואלט אין אזא טאג אינסצענירט א מאסן־שטרייק, וואלט גלייך מיט דער מאביליזאציע דערקלערט געווארן א קריג־צושטאנד אין גאנץ דייטשלאנד און דאן וואלטן געהאט צו אנטשיידן שוין ניט די ציווילע געריכטן, נאר די מיליטערישע״.

צוליב קאוטסקיס און ראזע לוקסעמבורגס אנגריפן האט ער עמעס נעפרווט דעמדאזיקן נעבעכדיקן שטאנדפונקט צו פאריכטן אין זיין שלוס־ווארט. ער האלט ביכלאל ניט פון דער מעגלעכקייט פון א אינטערווענציע קעגן רוסלאנד.

„ווען זי דאך פארקומען, איז גאנץ זעלבסטפארשטענדלעך, אז די דייטשישע סאציאל־דעמאקראטיע צוליב אירע אינטערנאציאנאלע באציונגען און צוליב אינטערנאציאנאלער סאלידאריטעט ווי אויך ארויסגייענדיק פון דער שטרעבונג צו געבן דעם פאלק די מעגלעכקייט צו קעמפן פאר זיין באפרייונג פון די קייטן פון דעספאטיזם, וועט אלץ שטעלן אין קאן, כדיי צו פאראייטן אזעלכע מינים פלענער פון דער דייטשישער רעגירונג. דאס־זעלבע וועט פארקומען אויך אין פאל פון אן אנדער אייראפעישער מילכאמע. אויך דאן וועלן מיר, פארשטייט זיך, ניט אוועקגיין מיט „אורא־געשרייען אף דער מילכאמע, נאר מיר וועלן זיך באמיען אויספילן אונדזער קולטור־מיסיע פארן שאלעם".

ליעגין, וואס איז ארויסגעטראטן אלס קארעספערענט צו פארטיידיקן דעם שטאנדפונקט פון דער גענעראל־קאמיסיע פון די פראפאריינען קעגן בעבעלן, האט זייער גוט אויסגענוצט בעבעלס שוואכע זייטן. ער האט געזאגט: דער גענעראל־שטרייק מוז אדער פאראליזירן דעם בירגערלעכן הערשאפט־אפאראט, דערצו איז אבער גיטא קיין מעגלעכקייטן, ווייל די מאסן זיינען נאך ניט גענוג ארגאניזירט,—אדער ער מוז ווירקן אף דער בורזשואזיע ווי א דעמאנסטראציע, אבער דאן קאן מען ניט, ווי בעבעל האט געוואלט, אפזאגן זיך פון גיין אף דער גאס, קעדיי אויסצומיידן בלוט־פארגיסונגען. ווי אין יענא איז ער ארויסגעטראטן פאר א פאליטישן מאסן־שטרייק ווי פאר א רעוואליוציאנערן קאמף־מיטל, אבער מיט דעם אויסרייד, אז הא־גאם דער רעוואליוציאנערער פעריאד וועט אויך אין דייטשלאנד קומען, אבער איצט איז ער נאך ניט אקטועל.

„ווען עס וועט קומען די שא פון רעוואליוציאנערער אנטשיידונג, וועלן די מאסן, אויב אין זייער שפיץ וועלן שטיין קאנסערוואטיווע מענטשן, אנטשיידן איינפאך איבער די קעפ פון די פירער".

אן ענלעכן געדאנק האט ארויסגעזאגט אויך בעבעל:

„צי גלויבט איר, אז א מאסן־שטרייק קאן מאכן דער צ"ק פון דער פארטיי? ניין, דעם צענטראל־קאמיטעט מוזן טרייבן די מאסן".

צו דיזאיקע מיינונגען, וואס באנעמען די ראליע פון דער פארטיי ווי אן אריערגארד און ניט ווי אן אוואנגארד פון די מאסן האט ראזע ליוקסעמבורג זיך פארייניקט מיט א באמערקונג, אז עס וואלט געווען

„א קינדערשע פארשטעלונג וועגן גענעראל־שטרייק, ווען מע וואלט געגלויבט, אז זיין גוירל הענגט אף דערפון, וואס די גענעראל־קאמיסיע פון די פראפאריינען מיט דעם צ"ק פון דער פארטיי וועלן באשליסן אין קאבינעט".

נאכדעם ווי בעבעל און דער צ"ק פון דער פארטיי זיינען אריבער צום רעכטן פליגל איז די סאציאל־דעמאקראטישע פארטיי און די פראפאריינישע ביוראקראטיע פאקטיש געווארן פון א אינסטרומענט א טארמאז פאר דעם רעוואליוציאנערן קלאסן־קאמף. ניט געקוקט אף דעם באשלוס פון דעם פרייסישן פארטיי־צוזאמענפאר אין 1904 יאר אפצוזאגן זיך פון גאסן־דעמאנסטראציעס, זיינען פארגעקומען אין די יארן 1905 און 1906 געוואלטיקע דע־

מאַנסטראַציעס פאַר וואַל־רעכט אין פּרייסן, האַמבורג און זאַקסן. ניט געקוקט אַף די ברוטאַלע פּאָליצייִשע מאַסמיטלען, ניט געקוקט אַף די האַרטע אורטיילן פון דער קלאַסן־יוסטיץ, ניט געקוקט אַף דער אומצופרידנקייט פון די מאַסן האָט די פּאַרטיי־אָנפירונג ניט געמאַכט דעם קלענסטן פּרווו דורכצופירן אַ פּאָליטישן מאַסן־שטרייק. נאָר זייענדיק געטריי דעם אָפּמאַך מיט די פירער פון די פּראָפפאַריינען, איז זי שטענדיק אַרויסגעטראָטן קעגן דער דאָזיקער פאָדערונג. בעבעל אַליין האָט געמוזט מודה זיין, אַז נאָך דעם פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר אין יענע איז ער אין קיין איין מאַסן־פאַרזאַמלונג ניט אַרויסגעטראָטן פאַר דעם מאַסן־שטרייק.

ראָזע ליוקסעמבורג האָט אַף דעם מאַנהיימער פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר דערקלערט, אַז די גאַנצע אַרבעטער־באַוועגונג וועט לאַנגע צענדליקער יאָרן זיך לערנען פון די גרויסאַרטיקע שלאַכטן פון דער רוסישער רעוואָלוציע. קאַוטסקי האָט אין 1906 יאָר אין יאַנואַר געשריבן אין „פאָרווערטס", אַז די מאָסקווער באַריקאַדן־שלאַכטן מוזן צווינגען דער פּאַרטיי צו רעווידירן איר טאַקטיק. ניט די צייט פון באַריקאַדן־שלאַכטן איז אַריבער (ווי מע האָט אָפּן גערונט פון דעם געפעלשטן פאָרוואָרט פון ענגעלסן יאָרנלאַנג געפּרייִדיקט), נאָר די צייט פון דער אַלטער באַריקאַדן־טאַקטיק. די פירער פון דער פּאַרטיי און פון די פּראָפפאַריינען אין זייער גרעסטער מערהייט האָבן פון די דערפאַרונגען פון דער רוסישער רעוואָלוציע און פון דער פאַרשאַרפונג פון די קלאַסן־קעגנזאַצן אין אַלע קאַפּיטאַליסטישע לענדער געמאַכט פונקט פאַרקערטע אויספירונגען: אָפּטרעטן פאַר אַנטשיידנדיקע צוזאַמענשטויסן מיט דעם קלאַסן־סוינע, פאַרמיידן אַזעלכע מעסירעסנעפעשדיקע קאַמפן, ווי די, וואָס זיינען פאָרגעקומען אין רוסלאַנד, צופּאַסן זיך צו דער בורזשואַזער געזעלשאַפטלעכער אָרדענונג, באַגרענעצן די באַוועגונג מיט פּאַרלאַמענטאַרישע און פּראָפפאַריינישע קאַמף־מעטאָדן.

פון דער צייט אָן קאָן מען אין דער דייטשישער און אין דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע דייטלעך אונטערשיידן דריי ריכטונגען: צוגלייך מיט דעם רעכטן, אָפן רעפאָרמיסטישן, רעוויזיאָניסטישן פליגל, וואָס כאַפּט מאַפּאָלעם אַף אַלע פּאַרטיי־צוזאַמענפאָרן, אָבער געווינט אַלץ מער איינפלוס אין דער פּראַקטישער אַרבעט, און דעם לינק־ראַדיקאַלן פליגל אונטער דער אָנפירונג פון ראָזע ליוקסעמבורג, פראַנץ מערינג און קלאַראַ צעטקין (קאַוטסקי איז וואָס ווייטער אַלץ מער אַריבער צום צענטער און איז אין די יאָרן פאַר דער מלחמה געוואָרן זיין טעאָרעטישער פירער), האָט זיך אונטער בעבעלס אָנפירונג אויסגעבילדעט יענער צענטער, וואָס האָט איינהיטנדיק די אַלטע רעוואָלוציאָנערע פראַזעאָלאָגיע, אין דער פּראַקטיק אַלץ נעענטער געגאַנגען צום רעוויזיאָניזם.

אַז פּלעכאַנאָוו, וואָס איז נאָך זיין קורצן גאַסטראָל בא די באָלשעוויקעס אַריבער צו די מענשעוויקעס, האָט דערקלערט, נאָך דער מאַפּאָלע פון דעם מאָסקווער אויפשטאַנד אין דעצעמבער 1905 יאָר, „מע האָט זיך ניט געדאַרפט נעמען פאַרן געווער", האָט ער אויסגעזאָגט דאָס, וואָס אין אַלע לענדער

האָבן געטראַכט ניט נאָר די אויסגעשפּראָכענע רעפאָרמיסטן, נאָר אויך יענע פירער פון צענטער, וואָס האָבן לאַנגע צענדליקער יאָרן אין דעם פעריאָד פון דער פרידלעכער אַנטוויקלונג פון דער פּראָלעטאַרישער מאַסנבאַוועגונג אָרנטלעך געדינט דעם אַרבעטער־קלאַס, זיי זיינען אָבער אין דעם נייעם פעריאָד פון רעוואָלוציאָנערע קאַמפן געבליבן הינטערשטעליק פון דער באַוועגונג, זיי זיינען אָביעקטיוו געוואָרן אַ טאָרמאָז פאַר דעם פּראָלעטאַרישן קלאַסן־קאַמף און זיינען אַליין מער און מער, דורך דער לאָגיק פון דער געשיכטע אויך סובּיעקטיוו געוואָרן פאַרעטער פונעם אַרבעטער־קלאַס. און ווען לענין האָט אויף דעם יאָמער פון די מענשעוויסטישע ליקווידאַטאָרן געענטפערט מיט אָט די ווערטער:

„מע האָט געדאַרפט אַנטשלאָסענער, ענערגישער און אַקטיווער זיך נעמען פאַרן געווער, מע האָט געדאַרפט די מאַסן דערקלערן די אוממעגלעכקייט פון בלויז אַ פרידלעכן שטרייק און די נויטיקייט פון אַ מוטיקן באַוואָפנטן קאַמף” *).

האָט ער מיט די ווערטער אונטערגעצייכנט דעם סאַכאַקל פון די לעקציעס פון דער רוסישער רעוואָלוציע ניט נאָר פאַר דעם רעוואָלוציאָנערן פליגל פון דער רוסישער אַרבעטער־באַוועגונג, נאָר אויך פאַר אַלע עכטע רעוואָלוציאָנערן אין דעם פּראָלעטאַרישן אינטערנאַציאָנאַל.

דער נייער פעריאָד פון אימפּעריאַליסטישע מלחמות, פון בורזשואַזע און פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציעס, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אין 1904 יאָר, האָט אָנגעהויבן צו פאָדערן אויך נייע אָרגאַניזאַציאָנעלע פאָרמען פון די פּראָלעטאַרישע פּאַרטייען און פונעם אינטערנאַציאָנאַל. די אָרגאַניזאַציאָנעלע פראַגע, פאַר וועלכער די באָלשעוויקעס האָבן שוין אין 1903 י. געפירט אַ קאַמף, די פראַגע פונעם פעסטן צוזאַמענשלוס פון די אויסגעהאַלטענע רעוואָלוציאָנערע עלעמענטן אין אַן איינהייטלעכער פּאַרטיי און זייער אָרגאַניזאַציאָנעלן אָפּטיילן זיך פון אַלע אָפּאָרטוניסטישע עלעמענטן, איז געוואָרן אַקטועל אין אַלע לענדער. עמעס, די געוואַלדיקע מאַסנבאַוועגונג אין דער פאָרם פון דעמאָנסטראַציעס און שטרייקן, וואָס איז פאָרגעקומען אין אָט די יאָרן אין אַ ריי אייראָפּעישע לענדער, האָט געוויזן, אַז אַן אָפּאָרטוניסטישע אָנפירונג קאָן ביי אַ רעוואָלוציאָנערער סיטואַציע ניט אָפּהאַלטן די מאַסנבאַוועגונג. אָט אַזוי פיל איז ראָזע לוקסעמבורג געווען אַבסאָליוט גערעכט, ווען זי האָט אָפּגעלאַכט פון דעם געהיימען אָפּמאַך פון די פּאַרטייִשע און פּראָפאַראייִנישע אָנפירער. אָבער שוין די דערפאַרונג פון דיזאָזיקע קאַמפן האָט געוויזן, אַז די מאַסן קאָנען ניט פאַרענדיקן זיגרייך אַזעלכע שלאַכטן, ניט האָבנדיק קיין אַנטשלאָסענע רעוואָלוציאָנערע אָנפירונג. ראָזע לוקסעמבורג גופא האָט אין אַ סעריע אַרטיקלען דערוויזן, אַז די אָפּאָרטוניסטישע האַלטונג פון

*) לענין: „די לעקציעס פונעם מאָסקווער אויפשטאַנד” (געזאַמלטע ווערק, ב. 7, ט. 2, ז. 49 (ג־טע רוסישע אויסגאַבע).

דער בעלגישער פארטיי־אנפירונג האט געבראכט צו א קראך די מעכטיקע שטרייק־באוועגונג אין יאר 1902*).

דער קאמף פאר וואל־רעכט אין פרייסן איז געווען נאך א באווייז, אז די מאסע, וואס אין איר שפיץ שטייען פירער, וואס טארמאזירן די באוועגונג, קאן ניט זיגן.

ראזע ליוקסעמבורג האט פון דידאזיקע לעקציעס געמאכט גיט קיין ריכטיקע אויספירן. זי האט געהאפט אף דער מטיכישקייט פון די מאסן, וואס וועלן איבער די קעפ פון די פירער געפינען דעם ריכטיקן וועג. אין דעם קאמף ארום די ארגאניזאציע־פרינציפן איז זי געשטאנען אף דער זייט פון די מענשעוויקעס קעגן די באלשעוויקעס. אין אן ארטיקל אין דער „נייער צייט" אין יולי 1904 יאר האט זי פאלעמיזירט קעגן דעם שטרענג צענטראליסטישן בוי פון דער פארטיי, ווי דאס האט געפאדערט לענין.

„פעלערן, וועלכע עס באגייט אן עמעס רעוואליוציאנערע ארבעטער־באוועגונג, זיינען געשיכטלעך אן א מאס פרוכטבארער און ווערטפולער ווי די אומפעלערדיקייט פון דעם סאמע בעסטן צענטראל־קאמיטעט".

דאס איז געווען דער ארגומענט, וואס זי האט אנטקעגנגעשטעלט דער שטרעבונג פון די באלשעוויקעס צו שאפן א בעמעס רעוואליוציאנערע אנפירונג פונעם פראלעטאריאט. ווי עס וואלט זיך געהאנדלט וועגן דעם, אז די פארטיי און איר צענטראל־קאמיטעט שטערן די מאסן צו לערנען זיך פון די דערפארונגען פון דער באוועגונג, און ניט פאריקערט, אז די אנטוויקלונג פון דער פארטיי און פון איר אנפירונג איז די ארגאניזאציאנעלע פארם, וואס גיט די מעגלעכקייט די מאסן צו מאכן די נויטיקע אויספירן פון זייערע דערפארונגען!

מע האט אנגעוויזן דערויף, אז לענין אליין האט ניט געטראכט איבערצוטראגן די שפאלטונג, וואס ער האט דורכגעקעמפט אין 1903 יאר אין דער רסדא"פ, אויך אף דעם גאנצן צווייטן אינטערנאציאנאל. עס איז אויך א פאקט, אז לענין אונטערן דרוק פון די פארהעלטענישן, פון דעם פארשטארקטן שטרעבן צו איינהייט אין דעם ארבעטער־קלאס אין דער צייט פון דער צעיושעטער רעאקציע און פון א געוויסער דעפרעסיע אין דער ארבעטער־באוועגונג, בא א טיילווייזן וווקס פון די מענשעוויסטישע איינפלוסן, האט ער אין יאר 1906 אף דעם שטאקהאלמער קאנגרעס נאכגעגעבן, ער האט צוגעשטימט צו דער פארמעלער פאראייניקונג מיט די מענשעוויקעס אין איין פארטיי.

דידאזיקע פראגע קאן מען ניט אזוי ניט היסטאריש שטעלן, צי די שפאלטונג פון דער דייטשישער סאציאל־דעמאקראטיע אדער פונעם צווייטן אינטערנאציאנאל אין יאר 1905 אדער 1906 איז געווען מעגלעך און צי עס וואלט געווען גינסטיק פאר די אינטערעסן פונעם קלאסן־קאמף. די פאקטישע אנטוויקלונג ווייזט, אז די פארהעלטענישן זיינען געווען דערצו רייף. אין אן

---

*) ראזע ליוקסעמבורג. „ווערק" (דייטש) ב. 4, ז. 301 און די ווייטערדיקע.

אַרטיקל, וואָס איז געשריבן געוואָרן נאָך דעם פאַראייניקונג־צוזאַמענפאָר, איבער דעם „קריזיס פונעם מענשעוויזם" שטעלט לענין די פראַגע אַזוי אַוועק:

„מיר גרינדן ניט קיין שום באַזונדערע באָלשעוויסטישע ריכטונג, נאָר מיר פאַרטיידיקן שטענדיק און אומעטום דעם שטאַנדפונקט פון דער רעוואָליוציאָנערער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. אין דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע וועט אָבער ביז דער סאָציאַליסטישער רעוואָליוציע אוממײַדלעך שטענדיק זיין אַן אָפּאָרטוניסטישער און אַ רעוואָליוציאָנערער פליגל".

וויכטיק איז, אַז עס זאָל קלאָר זיין, אַז עס קאָן קיין שאָלעם ניט זיין צווישן דעם רעוואָליוציאָנערן און צווישן דעם אָפּאָרטוניסטישן פליגל, עס זאָל קלאָר זיין, אַז דערדאָזיקער קעגנזאַץ וועט זיך אַלץ מער פאַרשאַרפן אַף וויפל עס וועט זיך דערנענטערן די סאָציאַלע רעוואָליוציע, עס זאָל קלאָר זיין, אַז די דערפאָלגרייכע דורכפירונג פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָליוציע פאָדערט, אַז דער רעוואָליוציאָנערער פליגל זאָל זיך זעלבשטענדיק אָרגאַניזירן. די באָלשעוויקעס האָבן אין דער צייט, ווען זיי זיינען פאָרמעל פאַראייניקט געווען מיט די מענשעוויקעס אין איין פאַרטיי, שטענדיק אָפּגעהיט זייער אייגענע פּראַקטיק, קיינמאָל ניט אָפּגעשוואַכט די פּרינציפּיעלע קריטיק פון די מענשעוויקעס און האָבן שטענדיק מיט אַלע מעגלעכע מיטלען געקעמפט פאַר זייער רעוואָליוציאָנערער פּאָליטיק. דער לינק־ראַדיקאַלער פליגל פון דער דייטשישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע אונטער דער אָנפירונג פון ראָזע ליוקסעמבורג האָט ניט געהאַלטן פאַר נויטיק באַצייטנס צו שאַפן די אָרגאַניזאַטאָרישע פאַרבאַדינגונגען פאַר דער זעלבשטענדיקער אָנפירנדיקער ראָליע פונעם רעוואָליוציאָנערן קערן פון דער דייטשישער פאַרטיי.

אַזוי איז אויך געווען די לאַגע אין אַלע אַנדערע פאַרטייען פונעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל — מיטן אויסנאַם פון די בולגאַרישע „ענגהאַרציקע", וואָס האָבן זיך שוין אין 1903 יאָר אָפּגעטיילט פון די אָפּאָרטוניסטישע „ברייטהאַרציקע". אין פראַנקרייך איז אין יוני 1905 יאָר פאָרגעקומען די פאַראייניקונג פון די זשאָרעסיסטן מיט די געדיסטן אַף דער באַזע פון דער אַמסטערדאַמער רעזאָליוציע. די רעזאָליוציע וועגן דער פאַראייניקונג באַטאָנט, אַז די פאַרטיי מוז זיך געפינען אין אַ פּרינציפּיעלער אָפּאָזיציע קעגן אַלע בורזשואַזע פאַרטייען און קעגן דער מעלוכע, אַז די פאַרטיי איז ניט קיין רעפאָרמיסטישע, נאָר אַ פאַרטיי פונעם קלאַסן־קאַמף און פון דער רעוואָליוציע. די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּראַקטיק פון דער דעפּוטאַטן־קאַמער איז פאַרבליבן געוואָרן אָפּצוּוואַרפן דעם בורזשעט. דידאָזיקע פאַראייניקונג האָט געבראַכט צו גרויסע אויסערלעכע דערפאָלגן. די צאָל מיטגלידער פון דער פאַרטיי האָט זיך אין משך פון אַנדערהאַלבן יאָר אויפגעהויבן פון 37.000 ביז 52.000, די צאָל פון די דעפּוטאַטן־מאַנדאַטן פון 37 ביז 54. נאָר קוים האָט מען באַוויזן צו ליקווידירן דעם איניען מיליעראַן — דאָס איז געווען דער פאַרבאַדינג פאַרן אויפשטעלן די אָרגאַניזאַטאָרישע אייניקייט—, איז געקומען בריאַנס אַריינטרעטן אין אַ בורזשואַזן מיניסטאַרן־קאַבינעט, וואָס האָט אַרויסגערופן אַ ריי נייע קאָנפליקטן.

אין ענגלאנד האט די אמסטערדאמער רעזאָלוציע וועגן אייניקייט צום אנהויב געבראכט רעזולטאטן, אז די אלע אָרגאניזאציעס, וואס זיינען געווען אָנגעשלאָסן אָן דעם אינטערנאציאנאל האבן געבילדעט א לויזע „סעקציע פונעם אינטערנאציאנאל", וואס האט זיך קאנסטיטויִרט אין יולי 1905 יאר. די איינציקע מארקסיסטישע אָרגאניזאציע פון גרויסבריטאניע די „סאציאל־דעמאָקראטישע פעדעראציע" האט זיך ניט אנגעשלאָסן אָן דעם „קאמיטעט פון די ארבעטער־פארטרעטער", וואס איז געשאפן געווארן אין 1900 יאר אלס אָרגאן אף אָנצופירן מיט דער פאָליטישער ארבעט אפן פארלאמענטאַרישן געביט און וואס האט זיך אין 1906 יאר פארוואנדלט אין דער לייבאָר־פארטיי (ארבעטער־פארטיי). איר האנדלען האט די סאציאל־דעמאקראטישע פעדעראציע באגרינדעט דערמיט, אז די לייבאָר־פארטיי איז ניט קיין סאָציאליסטישע פארטיי. די דאָזיקע כאראקטעריסטיק פון דער לייבאָר־פארטיי איז נאטירלעך געווען א ריכטיקע. אבער ווייל זי איז ניט געווען קיין איינהייטלעכע געשלאָסענע פארטיי מיט א פעסטער בורזשוא־זער פראָגראם, נאר א לויזע פאראייניקונג פון קאלעקטיווע מיטגלידער, פון פראָפאראייננען און פארטייען, האט די פאָליטיק פון דער סאָציאל־דעמאָקראטישער פעדעראציע געפירט נאר דערצו, אז עס איז לייכטער געווען צו איזאלירן די רעוואָלוציאָנערע עלעמענטן פון דער מאסע פראָפאראייניקטע מיטגלידער, און אין דער פאָליטיק פון דער לייבאָר־פארטיי האבן געוואונען א היפשן איינפלוס די אפּאָרטוניסטישע „אומאפהענגיקע לייבאָר־פארטיי", ווי עס האבן זי ריכטיק כאראקטעריזירט די מאַרקסיסטן, — „די אומאפהענגיקע פון סאָציאליזם" פארטיי און די בורזשוא־ליבעראלע פאביאנישע געזעלשאפט.

די דאָזיקע אנטוויקלונג איז פאר דער ענגלישער ארבעטער־באוועגונג געווען זייער פאטאל, באזונדערס דערפאר ווייל אין יענער צייט האט זיך באמערקט א געוויסע פאָליטיזירונג און ראדיקאליזירונג פון דער ארבעטער־באוועגונג אין ענגלאנד. אין יאר 1906 איז די לייבאָר־פארטיי צום ערשטן מאָל געגאנגען צו די וואלן אומאפהענגיק פון די ליבעראלן האט ניט מיט קיין סאָציאליסטישער פראָגראם — און האט געוואונען דרייסיק מאנדאטן קעגן צוויי מאנדאטן אין 1900 יאר.

אזוי האט זיך דער סאָציאליסטישער אינטערנאציאָנאל אין אלע לענדער פאנאנדערגעוואקסן אין דער ברייט, בעיס דער אפּאָרטוניזם איז אלץ מער אריינגעדרונגען אין זיינע רייען. אף וויפל עס איז געווען גרויס דער דערפאָלג פונעם אפּאָרטוניזם האט געוויזן דער אויגוסט פון 1914 יאר.

## 2. רעכטע מערהייט, לינקע רעזאָלוציעס

שטוטגארט, 1907

פאר א פאָליטישער אָרגאניזאציע איז כאראקטעריסטיש ניט נאר וועלכע פּאָזיציע זי פארנעמט בענוגע צו די פראגן, וואס שטייען אפן טאָג־אָר־

רעדונג, נאָר אויך בענעגייע צו די פראַגן, צו וועלכע זי האָט קיין שום פאָ־זיציע ניט. די טאָג־אָרדענונג פונעם שטוטגאַרטער קאָנגרעס, וואָס איז פאָרגעקומען אין אויגוסט 1907 יאָר האָט געהאַט פאָלגנדיקע פונקטן:

1. דער מיליטאַריזם און די אינטערנאַציאָנאַלע קאָנפליקטן;
2. די באַציונגען צווישן די פאָליטישע פאַרטייען און פראָפעסיאָנעלע פאַריינען;
3. די קאָלאָניאַלע פראַגע;
4. די אימיגראַציע און עמיגראַציע פון אַרבעטער;
5. פרויען־וואַלרעכט.

אין דער צייט צווישן דעם אַמסטערדאַמער און שטוטגאַרטער צוזאַמענפאָר איז פאָרגעקומען די גרעסטע זינט דער פאַריזער קאָמונע היסטאָרישע געשעעניש: די רוסישע רעוואָליוציע. אין דער צייט איז אויך פאָרגעקומען די גרויסע דיסקוסיע איבער דער פראַגע וועגן דעם פאָליטישן מאַסן־שטרייק. אָבער די פירער פונעם אינטערנאַציאָנאַל האָבן ניט געהאַלטן פאַר נויטיק צו פאַרנעמען אַ באַשטימטע פאָזיציע בנוגע דער דערפאַרונג פון דער רוסישער רעוואָליוציע. עס איז פאַר יעדערן באַזונדער געבליבן אָדער צוזאַמען מיט די רוסישע ליקווידאַטערס מאַכן דעם אויספיר, אַז פון איצט אָן דאַרפן די רוסישע סאָציאַליסטן אַרופגיין אויפן אייראָפעישן וועג פון פרי־דלעכער פראָפאַגאַנדישער און פאַרלאַמענטאַרישער אַרבעט אין דער רעאַקציאָנערער מעלוכע־דומע אָדער צוזאַמען מיט די באָלשעוויקעס און די לינקע ראַדיקאַלן פון דייטשלאַנד מאַכן דעם אויספיר, אַז אויך די אַנדערע סאָציאַליסטישע פאַרטייען מוזן זיך לערנען אין דעמאָזיקן נייעם פעריאָד פון פאַרשאַרפטע קלאַסן־קאַמפן צו רייִדן „רוסיש“ מיט די קאַפיטאַליסטישע הערשער.

אויב ניט רעכענען ראָזע לוקסעמבורגס רעדע אין דער קריגס־קאָמיסיע, האָט מען וועגן דער רוסישער רעוואָליוציע גערעדט נאָר אין די באַגריסונג־רעדעס און אין די דעמאָנסטראַציעס פון מיטינג. פאַר דער דערעפענונג פון קאָנגרעס איז פאָרגעקומען אויף די קאַנשטאַטער־וואַזן אַ גרויסער אינטער־נאַציאָנאַלער מיטינג. בײַ דער דאָזיקער געלעגנהייט האָט פּלעכאַנאָוו געהאַלטן אַ רעדע, וווּ ער האָט באַלויכטן די רוסישע רעוואָליוציע פונעם שטאַנדפונקט פון זיין מענשעוויסטישער טעאָריע. איר ציל, האָט ער געמיינט, איז ניט צו שאַפן אַ סאָציאַליסטישע רעפובליק, ווי עס האָבן געהאַלטן אַסאַך טאַלאַנט־פולע סאָציאַליסטישע שריפטשטעלער און שריפטשטעלערינס, נאָר צו דערגרייכן די בירגערלעכע פרייהייטן, וואָס זיינען אַ גרונט־באַדינגונג פאַר דער ווייטער־דיקער פרידלעכער אַנטוויקלונג פון דער פראָלעטאַרישער באַפרייונג־באַוועגונג.

פון אַ צווייטער טריבונע האָט קלאַראַ צעטקין דערקלערט:

„מיר קאָנען ניט בעסער פאַרענדיקן אונדזער מיטינג, ווי דערמאָנענ־דיק די גרעסטע געשעעניש פון אונדזער צייט. די רוסישע רעוואָליוציע, וואָס שטעלט מיט זיך פאָר אַ פאָרשפיל צו אַ גאַנצער ריי רעוואָליו־ציעס, אין וועלכע דער פראָלעטאַריאַט פון אַלע לענדער וועט צעברעכן זיינע קייטן און וועט דעראָבערן די גאַנצע וועלט“.

וואַנדערוועלדע האָט פאַרנומען אַ מיטעלע ליניע, ניט ריידנדיק וועגן דער רעוואָליוציע אויסער רוסלאַנד, האָט ער געשטעלט דער רוסישער רעוואָליוציע העכערע צילן: „מיר האָפן, אַז די רוסישע רעוואָליוציע איז ניט נאָר אַ בורזשואַזנדעמאָקראַטישע, נאָר זי וועט אויך טראָגן דעם שטעמפּל פונעם סאָציאַליסטישן פּראָלעטאַריאַט".

די מיטגעפיל־רעזאָליוציע, וואָס דער קאָנגרעס האָט אָנגענומען, האָט אויסגעמיטן עפּעס צו זאָגן וועגן דעם כאַראַקטער און פּערספּעקטיוון פון דער רוסישער רעוואָליוציע און האָט זיך באַנוגנט מיט דער פעסטשטעלונג, „אַז די רוסישע רעוואָליוציע, וואָס האָט זיך ערשט אָנגעהויבן, איז שוין געוואָרן אַ מעכטיקער פאַקטאָר אינעם קאַמף צווישן קאַפּיטאַל און אַרבעט".

ווי טיף עס זיינען דורכגעדרונגען די וואָרצלען פונעם אָפּאָרטוניזם אינעם אינטערנאַציאָנאַל האָט אויפגעדעקט די דיסקוסיע איבער דער קאָלאָניאַלער פראַגע. די דאָזיקע פראַגע האָט געהאַט אַן אַנטשיידנדיקע באַדייטונג פון פאַרשיידענע שטאַנדפּונקטן.

די אַנטוויקלונג פון די אימפּעריאַליסטישע קאָנפליקטן, וואָס האָבן שטענדיק באַדראָט דעם פּראָלעטאַריאַט מיט אַן אויסברוך פון אַ וועלט־מילכאָמע, פלעגן אַרויסגערופן ווערן דערהויפּט אונטערן צייכן פון שטרייט פאַר די קאָלאָניעס. איטאַליע האָט זיך אָנגעשלאָסן אַן דעם דייטשיש־עסטרייכישן צוויי־בונד, ווייל אין אירע רויבערישע פּלענער אַפן מיטללענדישן יאַם האָט זי זיך געפילט באַדראָט דורך פראַנקרייכס מאַרש אין טוניס. די ענגליש־פראַנצויזישע פאַרשטענדיקונג פון 1903 יאָר, דער באַזיס פון דער דריילינג־אַנטאַנט, איז פאָרגעקומען אַפן סמאַך פון איינטיילן די קאָלאָניאַלע געביטן. פראַנקרייך האָט אָנערקענט ענגלאַנדס רעכט צו אונטערדריקן עגיפּטן און האָט דערפאַר באַקומען די מעגלעכקייט אומגעשטערט צו באַרויבן מאַראָקאָ. דער דייטשישער אימפּעריאַליזם, וואָס איז באַ דעמדאָזיקן געשעפט געבליבן מיט ליידיקע הענט, האָט מיטן אַרויסשיקן אַ קריגשיף אין מאַראָקאָ געבראַכט די וועלט צום ראַנד פון אַ וועלט־מילכאָמע. עס האָט זיך איינגעגעבן נאָך אַמאָל איינשטילן די געמיטער און אויפהאַלטן דעם שאָלעם, נאָר דאַנק אייניקע קאָנצעסיעס, וואָס דייטשלאַנד האָט אין 1906 באַקומען באַ דער קאָנפערענץ אין אַלזשעסיראַס. נאָר דער קאַמף פאַרן פאַנאַנדערטיילן די קאָלאָניעס, וואָס איז געווען איינע פון די וויכטיקסטע סיבעס פון די אימפּעריאַליסטישע קאָנפליקטן, האָט זיך אויך ווייטער געפירט אין גאַנצן אָפן.

די דייטשישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, וואָס האָט אין 1907 יאָר געפירט די וואַל־קאַמפּאַניע אונטערן צייכן פון קאַמף אַרום דער קאָלאָניאַלער פּאָליטיק, האָט באַ די וואַלן געליטן אַ מאַפּאַלע. אין 1904 יאָר, ווען די דייטשישע אימפּעריאַליסטן האָבן אַפן ברוטאַלסטן אויפן אונטערדריקט דעם אויפשטאַנד פון דעם שייוועט הערערא אין דאַרעם־מײַרעוו אַפריקע, האָבן אויסגעשאָכטן אַ העלפט פון דער באַפעלקערונג און פאַרטריבן טויזנטער פרויען און קינדער אין דעם זאַמד־מידבאַר און געלאָזן זיי דאָרטן אויסגיין פאַר דורשט, האָבן זיך די סאָציאַליסטישע דעפּוטאַטן אין רייכסטאַג באַ דער

אפשטימונג איבער די קרעדיטן פאר דערדאזיקער שקלאפן־האלטערישער מילכאמע אפגעהאלטן פון שטימען מיט דער באגרינדונג, אז מע ווייס ניט, ווער האט די מילכאמע אנגעהויבן! שפעטער האט די פארטיי פארבעסערט איר האלטונג און האט געשטימט קעגן די קרעדיטן. זי איז געווען די איינציקע פארטיי, וואס איז אין רייכסטאג ארויסגעטראטן קעגן דער קאלאניאלער פאליטיק, האגאם ניט מיט דער פולער קלארקייט און אויסגעהאלטנקייט. אין דעקאבער פון 1906 יאר האט זיך דער קאלאניאלער ביודזשעט צוליב אן אפאזיציאנעלן מאנעווער פון צענטער געפונען אין א געפאר און ביולאווס רעגירונג האט דעריבער פלוצלינג פאנאנדערגעלאזן דעם רייכסטאג. די וואלן, וואס זיינען באקאנט אונטערן צונאמען „האטענטאטן־וואלן", זיינען דורכגעפירט געווארן אונטערן צייכן פון דער ערגסטער שאוויניסטיש־אימפעריאליסטישער העצע קעגן דער סאציאל־דעמאקראטישער פארטיי, באזונדערס די ליבעראלע בורזשואזיע, וואס האט דעלעגירט איר פארטרעטער דערנבורג אין קאלאניאלאמט, האט בא דיזאזיקע וואלן געוויזן, אז זי איז אינגאנצן אריבער אף די פאזיציעס פון אימפעריאליזם און פארנומען די שארפסטע פיינטלעכע פאזיציע קעגן דער סאציאל־דעמאקראטיע. דערצו האבן די בורזשואזע פארטייען באוויזן אויסצונוצן דעם „רויטן געשפענסט", אנווייזנדיק אף דער רוסישער רעוואליוציע און אף דער דייטשישער דיסקוסיע וועגן מאסן־שטרייקן, קעדיי אנצושרעקן די קליינבירגערלעכע מיטלויפער פון דער סאציאל־דעמאקראטישער פארטיי.

ניט געקוקט אף דערדאזיקער שווערער לאגע האט די פארטיי געווונען א פערטל מיליאן שטימען, זי האט געהעכערט אויך די צאל שטימען אין פארגלייך מיט דער אלגעמיינער צאל אפגעגעבענע שטימען, האט אבער פארלארן 38 מאנדאטן. דערדאזיקער רעזולטאט איז גאנץ פארשטענדלעך: די איינטיילונג אף וואל־קרייזן, וואס איז איינגעשטעלט געווארן נאך אין 1869 יאר, איז געווען אזא, אז אין די דארפישע און קליינבירגערלעכע געביטן איז אף א פארהעלטנישמעסיק קלענערע צאל שטימען געפאלן א גרעסערע צאל מאנדאטן ווי אין די אינדוסטריעל־פראלעטארישע ראיאנען. די פארטיי האט וויניקסטנס א האלבע מיליאן פראלעטארישע שטימען געווונען, אבער זי האט פארלארן א פערטל מיליאן קליינבירגערלעכע שטימען און צוליב דעם פארלארן די מאנדאטן אין א ריי וואל־קרייזן*).

אין דער צייט פון דייטשלאנדס מעכטיקער אימפעריאליסטישער אנטוויקלונג איז דאס געווען אומפארמיידלעך, אז די קליינבירגערלעכע מאסן און אפילע די אויבערשטע שיכטן פונעם פראלעטאריאט זיינען פארכאפט געווארן מיט דער אימפעריאליסטישער פאליטיק ארום דער פאריבערגייענדיקן אויפבלי, וואס האט פונקט אין 1906 יאר דערגרייכט זיין העכסטן פונקט און צוליב דעם אויסזיכט אף א גרויסן ווירטשאפטלעכן אופשטייג, וואס וועט זיין דער פועל־יוצא פון דער עקספלואטאציע פון די קאלאניעס. דער

*) דעמאלט איז אין דייטשלאנד געווען גילטיק ניט די פראפארציאנעלע וואל־רעכט, נאר די סיסטעם פון איינמאנדאטיקע וואל־קרייזן מיט אבסאליוטער מערהייט און שטיכוואלן.

רעזולטאט פון די וואלן האט פאר די סאציאליסטן קלאר אוועקגעשטעלט די אלטערנאטיווע: אדער פעסט, זיך צו האלטן בא דער אנטשיידענער אנטי־אימפעריאליסטישער פראלעטאריש־רעוואלוציאנערער פאליטיק און זיך נאך פעסטער איינווארצלען אין די פראלעטארישע מאסן, אבער צייטווייליק אפ־זאגן זיך פון די קליינבירגערלעכע מיטלויפער און אזוי ארום אויך פון פארלא־מענט־מאנדאטן, אדער אפזאגן זיך פון דעם פרינציפיעלן קאמף קעגן דער אימפעריאליסטישער קאלאניאלער פאליטיק, ווייטער קעמפן פאר דער סימ־פאטיע פון די שאוויניסטישע קליינבירגערלעכע שיכטן און אזוי ארום אי־בערוקן דעם פונדאמענט פון דער פארטיי־ארגאניזאציע פונעם פראלע־טאריאט אַף די קליינבירגערלעכע און ארבעטער־אריסטאקראטישע שיכטן.

דאס אונטערשטיצן די קאלאניאלע פאליטיק איז געווען די באזע פון דער רעפארמיסטישער פאליטיק אין אלע לענדער. די זשארעסיסטן האבן באוויליקט די קרעדיטן פאר דעם כינעזישן מארש, די פאביאנער האבן דאס געהאלטן פאר זייערן א דערפאלג, וואס א מיטגליד פון זייער געזעל־שאפט, סידני אליוויע, וואס האט זיך באטייליקט אין דעם ציריכער קאנ־גרעס אלס סעקרעטאר פון דער בריטישער סעקציע, איז באשטימט געווארן פאר א גובערנאטאר אין יאמייקע. אין זייער באריכט דעם שטוטגארטער קאנגרעס האבן די פאביאנער אונטערגעשטראכן: „דאס איז איינס פון די וויכטיקסטע פאסטנס אין די קאלאניעס, און די פולמאכטן פונעם גובערנא־טער זיינען ברייטער ווי די פולמאכטן פון דער מערהייט מיניסטארן אין ענגלאנד“*).

אין דייטשלאנד האבן בערנשטיין, קוטאָו, שיפעל פארטיידיקט די טעאריע, אזוי ווי די קאלאניאלע עקספאנסיע שטאמט פונעם וועזן פונעם קאפיטאליזם, קאן מען זי דעריבער ניט באקעמפן. וואס מע אנערקענט פאר א נויטווענדיקייט קאן מען ניט באקעמפן. בערנשטיין האט פאר דעם רעד־נער פארטיי־צוזאמענפאר געשריבן אין די „סאציאליסטישע מאנאטהעפטן“:

„אין דער עקספאנסיע פון אונדזער ווירטשאפט אין די קאלאניעס וועט דער דאלעס, וואס מיר זעען נאך היינט אין אייראפע און וואס מיר שטרעבן אויסצוראטן, דערדאזיקער דאלעס וועט זיין נאך פיל גרע־סער, די אויסזיכט אף אויסצוראטן אים — אסאך קלענער, ווי איצט... אויב מיר זאלן אפילע נעמען אין אכט די גרוילן, וואס טוען זיך אפ אין די קאלאניעס, וועלן אבער די נוצן, וואס די קאלאניעס ברענגען, אסאך מער איבערוועגן... די סאציאל־דעמאקראטיע קאן גאנץ אביעקטיוו באטראכטן די נייע קאלא־ניאלע פראיעקטן פונעם שטאנדפונקט פון זייער פאקטישן ווערט. אין די לענדער, וואס פארמאגן נאך ניט קיין צופיל קאלאניעס, האט די סאציאל־דעמאקראטיע ניט קיין שום עקאנאמישע מאטיוון צו באקעמפן אזעלכע קא־לאניאלע פארשלאגן, וואס פארשפרעכן א ווירקלעכן דערפאלג“.

*) „דער סאציאליסטישער ארבעטער־אינטערנאציאנאל“, באריכט פון די סאציאל־דעמאקרא־טישע ארגאניזאציעס דעם אינטערנאציאנאלן סאציאליסטישן קאנגרעס אין שטוטגארט, בערלין 1907, ז. 212.

אין 1903 יאָר, ווען קאַוטסקי האָט זיך נאָך געפֿונען אינעם לינקן פֿליגל פֿון דער פּאַרטיי, האָט ער זייער גוט פֿאַרשטאַנען דעם זין פֿון אַזאַ מין פּאָליטיק. אויפֿן דרעזדענער פּאַרטיי־צוזאַמענפֿאָר האָט ער געזאָגט:

„די באַוויירים רעוויזיאָניסטן ווילן פּונקט ווי מיר אָפּהיטן די אינטערעסן פֿונעם פּראָלעטאַריאַט, אָבער זיי פֿאַרבינדן זיך מיט די בורזשואַזע פּאַרטייען אויפֿן כעשבן פֿון אַ דריטן צד, און דערדאָזיקער דריטער צד געפֿינט זיך נאָר נאָענט, דאָס זײַנען די קאָלאָניעס. מע זאָגט דעם פּראָלעטאַריער: לאָמיר אַרויסגיין אין דער ווײַטער וועלט אַרויס! לאָמיר באַראַבעווען די פּרימיטיווע פֿעלקער און לאָמיר זיך טיילן מיטן רויב, דאַן וועלן מיר האָבן מער ווי איצט! און אַזוי שאַפֿט קלוימערשט די קאָלאָניאַלע פּאָליטיק די אינטערעסן־האַרמאָניע צווישן דער בורזשואַזיע און צווישן דעם פּראָלעטאַריאַט און שפּילט אַ ראָליע אומעטום דאָרטן, ווו דער רעוויזיאָניזם איז דורכגעטראַכט ביזן סוף".

אין דעם שטרײַט אַרום דער קאָלאָניאַלער פּאָליטיק האָט זיך, הייסט דאָס, געדאַרפֿט אַנטשיידן צי די פּאַרטייען פֿונעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל, זוי פּאַרטרעטער פֿונעם אינטערנאַציאָנאַלן פּראָלעטאַריאַט, ווי פּאַרטרעטער פֿון אַלע אונטערדריקטע און עקספּלואַטירטע, וועלן פֿאַרטיידיקן די אינטערעסן פֿון די קאָלאָניאַלע שקלאַפֿן און וועלן פֿירן אַ רעוואָלוציאָנערן קאַמף קעגן די אימפּעריאַליסטן אָדער, אַלס פֿאַרטרעטער פֿון דער אונטערגעקויפֿטער דורך די עקסטראַ־פּראָפֿיטן אייראָפּעיִשער אַרבעטער־אַריסטאָקראַטיע וועלן זיי זיך שטעלן אויף דער זײַט פֿון די אימפּעריאַליסטישע שקלאַפֿן־האַלטער און פֿאַרטיידיקן די קאָלאָניאַלע עקספּלואַטאַציע. דאָ האַנדלט זיך וועגן צוויי פֿאַרשיידענע קלאַסן־ליניעס, וואָס זײַנען פֿײַנטלעך איינע קעגן דער אַנדערער. די גאַנצע ניט־אויסגעהאַלטנקייט פֿונעם צענטער האָט זיך שוין דעמאָלט אַרויסגעוויזן אין בעבעלס האַלטונג, וואָס האָט אין דעקאַבער 1906 יאָר דערקלערט אין רײַכסטאַג:

„פֿירן אַ קאָלאָניאַלע פּאָליטיק איז אַן און פֿאַר זיך קיין שום פֿאַרברעכן ניט. באַ געוויסע אומשטענדן קאָן די קאָלאָניאַלע פּאָליטיק זײַן אַ קולטורעלער מאַט. עס האַנדלט זיך נאָר וועגן דעם ווי אַזוי זי ווערט געפֿירט. אויב איר קומט צו די פֿרעמדע פֿעלקער ווי פֿרײַנט, ווי באַלצדאָקעס, ווי דערציער פֿון דער מענטשהייט, כדי זיי צו העלפֿן אַרויסצובאַקומען די אוצרות פֿון זייער לאַנד, וואָס זײַנען אַנדערש פֿון אונדזערע, און דערמיט ברענגען נוצן סײַ די אָרטגעבירטיקע, סײַ דער גאַנצער קולטורעלער מענטשהייט, קען אַזאַ קאָלאָניאַלער פּאָליטיק האָבן מיר גאָרניט. אָבער אייער קאָלאָניאַלע פּאָליטיק איז גאָר אַן אַנדערע. איר קומט ניט ווי באַפֿרייער און דערציער, נאָר ווי דעראָבערער, ווי אונטערדריקער, ווי עקספּלואַטאַטערס".

די דאָזיקע צווייפֿלהאַפֿטע „סאָציאַליסטישע" אָדער „דעמאָקראַטישע" קאָלאָניאַלע פּאָליטיק, וואָס ווערט אַנטקעגנגעשטעלט דער קאַפּיטאַליסטישער קאָלאָניאַלער פּאָליטיק קעדיי אויסצומײַדן דעם פּרינציפּיעלן קאַמף קעגן דער

קאָלאָניאַלער פּאָליטיק, אַז דאָס איז געווען די פאָרמולע, הינטער וועלכער עס האָט זיך געשטעלט די מערהייט פון דער קאָלאָניאַלער קאָמיסיע אויפן שטוטגאַרטער קאָנגרעס. דער רעוויזיאָניסט דאַוויד האָט דערקלערט די „קאָלאָניאַלע אידייע" פאַר אַן אומיטלבאַרן באַשטאַנדטייל פונעם אוניווערסאַלן קולטור־ציל פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג און האָט אויסגעדריקט דידאָזיקע „סאָציאַליסטישע קאָלאָניאַלע פּאָליטיק" אין דער שיינער פאָרמולע, אַז מע מוז סיי די קאָלאָניאַלע באַפעלקערונג, ווי די קאָלאָניאַלע נאַטור־אוצרעס באַשיצן קעגן דער קאַפּיטאַליסטישער עקספּלואַטאַציע. דער בעלגישער דעלעגאַט טערוואַן האָט דערקלערט אין נאָמען פון דער מינדערהייט פון זיין פּאַרטיי, אַז מע קאָן דאָך ניט איינפאַך לאָזן אין קאָנגאָ אַלץ ווי דאָרט איז; דעריבער טאָר מען ניט אָפּוואַרפן די קאָלאָניזאַציע־פּאָליטיק פּרינציפּיעל און ניט אויף אַלע צייטן, ווייל בײַ אַ סאָציאַליסטישן רעזשים קאָן זי ווירקן ציוויליזאַטאָריש. אין דעמזעלבן זין האָט זיך אַרויסגעזאָגט דער עסטרייכישער סאָציאַל־פּאַטריאָט פּערנערסדאָרפער.

דעם אַנטקעגנגעזעצטן שטאַנדפּונקט — אַ שטאַנדפּונקט פּרינציפּיעל אָפּצוּוואַרפן די קאָלאָניאַלע פּאָליטיק — האָבן פאַרטראָטן לעדעבור און ווורם אין נאָמען פון די דייטשישע און קאַרסקי אין נאָמען פון די פּוילישע לינקע. עס איז אָבער ווערט צו באַמערקן, אַז אין זייערע רעדעס האָבן די פאַרטרעטער פונעם לינקן פליגל ניט געלייגט קיין האָפענונג אויף דער רעוואָלוציאָנערער קראַפט פון די קאָלאָניאַלע פעלקער גופא, נאָר זיי האָבן געשטעלט די פראַגע, אַז דער אייראָפּעיִשער פּראָלעטאַריאַט דאַרף באַשיצן די שוואַכע קאָלאָניאַלע פעלקער. שוין מיט עטלעכע יאָר שפּעטער האָבן די גרויסע רעוואָלוציאָנערע באַוועגונגען אין טערקיי, אין פּערסיע און אין כינע געוויזן, ווי פאַלש עס איז געווען דידאָזיקע אָפּשאַצונג.

די קאָמיסיע האָט מיט אַ מערהייט אָנגענומען אַ רעזאָלוציע, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן מיט פאָלגנדיקן זאַץ, וועלכן עס האָט פאָרמולירט דער האָלענדישער דעלעגאַט וואַן קאָל:

„דער קאָנגרעס שטעלט פעסט, אַז די נוצן און די נויטיקייט פון קאָלאָניעס — באַזונדערס אָבער פאַרן אַרבעטער־קלאַס — ווערן שטאַרק איבערגעטריבן (!). ער וואַרפט אָבער ניט אָפּ פּרינציפּיעל און פאַר אַלע צייטן יעדע קאָלאָניאַלע פּאָליטיק, וואָס קאָן בײַ אַ סאָציאַליסטישן רעזשים האָבן אַ ציוויליזאַטאָרישע ווירקונג."*)

צו דעמדאָזיקן אָנערקענען די קאָלאָניאַלע פּאָליטיק, ווי אַזעלכע, איז צוגעגעבן אַ פאַרורטיילונג פון דער קאַפּיטאַליסטישער קאָלאָניאַלער פּאָליטיק און אַ ריי פּראַקטישע פאָדערונגען, צווישן וועלכע אויך די פאָדערונג צו שליסן אַ אינטערנאַציאָנאַלן אָפּמאַך צווישן די רעגירונגען וועגן שאַפן אַ קאָלאָניאַלע רעכט, וואָס זאָל באַשיצן די אינטערעסן פון די אָרטנגעבוירטיקע און וואָס זאָל קעגנזייטיק גאַראַנטירט ווערן דורך די אונטערגעשריבענע אונ־

*) אונטערגעשטראָכן פון מיר.— ר. ל.

טערן אָפּמאַך מעלוכעס. די מינדערהייט פון דער קאָמיסיע האָט פאָרגעלייגט אַריינשטעלן אַפן אָרט פון וואַן קאָלס אַריינפירזאַץ אַ פּרינציפּיעלע פאַרורטיילונג פון דער קאָלאָניאַלער פּאָליטיק, קאָנסטאַטירן, אַז די בלוי־דעריי וועגן דער ציוויליזאַטאָרישער מיסיע איז נאָר אַ דעקמאַנטל פאַר די עקספּלואַטאַטאָרישע און דעראָבערונג־שטרעבונגען פונעם קאַפּיטאַליזם און אויס־שטרייכן די „פּראַקטישע" פאָדערונג וועגן אינטערנאַציאָנאַלן גאַראַנטיע־אָפּ־מאַך פון די קאַפּיטאַליסטישע רעגירונגען. אויסערדעם איז נאָך אַריינגעטראָגן געוואָרן אַ פאָרשלאָג פון דער ענגלישער דעלעגאַציע, וואָס איז געגאַנגען ווייַ־טער ווי די אַמסטערדאַמער רעזאָליוציע און האָט זיך אַרויסגעזאָגט פאַר באַ־פרייען אינדיע פון דער ענגלישער הערשאַפט. באַגרינדנדיק די רעזאָליוציע פון דער מערהייט האָט וואַן קאָל געזאָגט:

„ביז יאָר 1870, אַז מיר זיינען נאָך געווען אַ קליינע גרופּע און מיר האָבן נאָך געגלייבט אין דער קאַטאַסטראָפע-טעאָריע, האָבן מיר גע־האַלטן פאַר גענוג נאָר צו פּראָטעסטירן קעגן דעם קאַפּיטאַליזם... איצט אָנערקענען מיר אויך אַנדערע מיטלען צו האַנדלען קעגן קאַפּיטאַליזם. אויך אין דער קאָלאָניאַלער פּאָליטיק מוזן מיר האָבן אַ פּראָגראַם פון רעפאָרמען. די גרעסטע מערהייט פון דער קאָמיסיע האָט אָנגענומען אַ רעזאָליוציע, וואָס זאָגט זיך אָפּ פון אַ ריין נעגאַטיוון שטאַנדפּונקט און פאָדערט אַ סאָציאַליסטישע קאָלאָניאַלע פּאָליטיק. פון דער רעזאָליו־ציע פון דער מינדערהייט קוקט אַרויס אַ טעמפּער ייעש... לעדעבור איז דאָך מיסטאָמע געווים אויך איבערצייגט, אַז דער קאַפּיטאַליזם אין איי־ראָפּע איז אַ נויטווענדיקייט, אַ נויטווענדיקייט און אומפאַרמיידלעכע אַנטוויקלונג־שטופע. צי איז דאָס אייגענע אויך ניט ריכטיק פאַר דעם קאַ־פּיטאַליזם אין די קאָלאָניעס?.. צי וויל לעדעבור אָפּנעמען בא דער איצ־טיקער געזעלשאַפטלעכער אָרדענונג די אומבאַדינגט נויטיקע פאַר איר רוישטאָפן(!), וואָס די קאָלאָניעס קאָנען איר געבן? צי וויל ער אויך נאָר אַף איצטער אָפּזאָגן זיך פון די קאָלאָסאַלע רייכטימער פון די קאָ־לאָניעס? צי ווילן יענע דייטשישע, פראַנצויזישע און פּוילישע דעלעגאַטן נעמען אַף זיך די פאַראַנטוואָרטלעכקייט דערפאַר, וואָס די איצטיקע קאָ־לאָניאַלע סיסטעם וועט פּאַשעט פאַרניכטעט ווערן? אַזוי לאַנג ווי עס עק־זיסטירט די מענטשהייט זיינען געווען קאָלאָניעס און איך גלייב, אַז זיי וועלן נאָך זייער לאַנג זיין און עס זיינען געווים ווייניק פראַן סאָציאַ־ליסטן, וואָס האַלטן, אַז פאַר דער צוקונפטיקער אָרדענונג וועלן זיי ניט זיין נויטיק(!)... עפּשער וועט ער אונדז אויך זאָגן, וואָס וועט ער טאָן מיט דער איבערבאַפעלקערונג פון אייראָפּע, אין וועלכע לענדער זאָלן זוכן זייער מאַקסעם־מענגע די מענטשן, וואָס מוזן אויסוואַנדערן, אויב ניט אין די קאָלאָניעס. וואָס וויל לעדעבור טאָן מיט דער וואַקסנדיקער פּראָדוק־ציע פון דער אייראָפּעישער אינדוסטריע, אויב ער וויל ניט שאַפן קיין נייע אָפּזאַץ-מערק אין די קאָלאָניעס?"*)

*) עטום אונטערגעשטראָכן פון מיר.—ל. ל.

דעמזעלבן שטאנדפונקט האט פארטיידיקט בערנשטיין:

„מיר מוזן זיך אפזאגן פון דער אוטאפישער אידייע, וואס פירט דערצו, אז מע זאל פראסט־פאשעט פארלאזן די קאלאניעס. די לעצטע קאנזעקווענץ פון דעמדאזיקן שטאנדפונקט וואלט געווען, מע זאל די פאראייניקטע שטאטן איבערלאזן פאר די אינדיאנער(!)".

דאוויד האט דערקלערט, אז די מערהייט פון דער דייטשישער דעלעגאציע שטייט אויף דעמזעלבן שטאנדפונקט ווי די מערהייט פון דער קאמיסיע.

לעדעבור אלס פארטרעטער פון דער מינדערהייט פון דער קאמיסיע איז קוידעמקאל ארויסגעטראטן קעגן דער אומציניקער פארשטעלונג, אז אפווארפן פרינציפיעל די קאלאניאלע פאליטיק הייסט אפזאגן זיך פונעם קאמף פאר רעפארמען, פאר פארבעסערן די לאגע פון דער קאלאניאלער באפעלקערונג. ער האט אנטשיידן אפגעלייקנט די נוצן פון דער קאלאניאלער פאליטיק פאר די ארבעטער און האט געזאגט, אז דער וועג פון בערנשטיינען און פון די ענגלישע פאביאנער מוז אומבאדינגט פארפירן אין קאפיטאליסטישן זומפ אריין.

אין דעמזעלבן זין איז ארויסגעטראטן דער פראנצויזישער סאציאליסט בראקע קעגן דער אוטאפיע צו פאדערן בא די קאפיטאליסטישע רעגירונגען א סאציאליסטישע קאלאניאלע פאליטיק.

קאוטסקי האט שארף אטאקירט דעם פארשלאג פון דער מערהייט. ער געפינט זיך אין א ווידערשפרוך צום סאציאליסטישן און דעמאקראטישן דענקען. בערנשטיינס טעאריע איז א טעאריע פון צוויי גרופעס פעלקער, פון וועלכע איינע איז באשטימט אויף צו הערשן, די צווייטע אויף צו ווערן באהערשט, די טעאריע פון די שקלאפן־האלטער און דעספאטן, אז אייניקע ווערן געבוירן מיט שפארעס אויף די פיס, אנדערע מיט א זאטל אויף צו טראגן די ערשטע.

אין זיין שלוס־ווארט האט וואן קאל מיט נאך א גרעסערער אומפארשעמטקייט ווי אין זיין רעפעראט פארטיידיקט די קאלאניאלע עקספלואטאציע. ער האט אפגעלאכט פון ביכער־געלערנטן קאוטסקין:

„מיר האבן היינט ווידער געהערט די אלטע לעגענדע וועגן די קאלאניאלע גרוילן(!), וואס אין פארלאמענט פון סאציאליסטן ווערט זי שוין לאנגווייליק... די קאלאניאלע פאליטיק איז איצט, עמעס, אימפעריאליסטיש, זי מוז אבער ניט זיין אזא, זי קאן אויך זיין דעמאקראטיש. יעדנפאלס איז קאוטסקי זייער ניט גערעכט, צונויפמישנדיק די באגריפן קאלאניאלע פאליטיק מיט אימפעריאליזם... נאך גרעסערע פעלער האט געמאכט דער געלערנטער קאוטסקי, ווען ער האט געגעבן אייצעס וועגן דער אינדוסטריעלער אנטוויקלונג פון די קאלאניעס. מיר האבן געזאלט די מאשינעס און געצייג ארויספירן אין אפריקע! אז עמעסע ביכער־טעאריע! ער וויל אזוי ארום ציוויליזירן דאס לאנד! וואס וועלן טאן די ווילדע פון דער צענטראלער אפריקע ווען מיר וועלן זיי ברענגען א מאשין? זיי וואלטן מיסטאמע ארויסגעפירט ארום דער מאשין זייערע רעליגיעזע טענץ און צום גרויסן צאל פון זייערע געטער וואלט צוגעקומען נאך

איינער... וואָלטן מיר אייראָפּייער מיט גענייג און מאַשינעס בוקומען אַהין, וואָלטן מיר געוויס געוואָרן קאָרבאַנעס פון די אָרטגעבוירטיקע. דע־ריבער מוזן מיר קומען אַהין מיט געווער אין האַנט, אויב אַפילו קאַוטסקי רופט דאָס אָן אימפּעריאַליזם (אומעטום אונטערגעשטראָכן פון מיר — י. ל.)."

די רעזאָלוציע וועגן דער אומאָפּהענגיקייט פאַר אינדיע האָט מען ניט אָפּגעשטימט, נאָר איבערגעגעבן דער אינטערנאַציאָנאַלער ביוראָ.

די אויסבעסערונג פון דער מינדערהייט איז אין אַ קאַמף־אָפּשטימונג מיט אַ קליינער מערהייט, מיט 127 שטימען קעגן 108, בײַ ציען אָפּגעהאַלטענע שטי־מען פון די שווייצאַרישע דעלעגאַטן, אָנגענומען געוואָרן. *)

קעגן דער אויסבעסערונג, ד. ה. פאַר אַ „סאָציאַליסטישער" קאָלאָניאַלער פּאָליטיק האָבן געשטימט געשלאָסן די דייטשישע, עסטרייכישע, בעלגישע, דע־נישע, האָלענדישע, שוועדישע, דאָרעם־אַפריקאַנישע**) דעלעגאַציעס — די דייטשן זיינען ווייזט אויס געווען געבונדן מיט דעלעגאַציע־דיסציפּלין — אוי־סער דעם די מערהייט ענגלענדער, פראַנצויזן און די מינדערהייט איטאַליענער. עס איז כאַראַקטעריסטיש, אַז אין דער מערהייט, וואָס האָט דורכגעפירט די אויסבעסערונג פון דער מינדערהייט פון דער קאָמיסיע, זיינען פון די גרויסע אימפּעריאַליסטישע מעלוכעס געווען פאָרטראָטן נאָר רוסלאַנד, יאַפּאַן און אַמע־ריקע, די איבעריקע זיינען געווען פאָרטרעטער פון די קלענערע לענדער און פון די אונטערדריקטע פעלקער.

די דאָזיקע אָפּשטימונג האָט שוין סיגנאַליזירט דעם זיג פון אָפּאָרטוניזם אין דער אַרבעטער־באַוועגונג פון די אימפּעריאַליסטישע לענדער. דער־בײַ האָט דאָס געהאַט נאָר אַ קנאַפּע באַדייטונג, אַז סאָפּקלסאָף איז די רעזאָ־לוציע קעגן קאָלאָניאַל־פּאָליטיק, וואָס איז לויט איר זין אינגאַנצן געענדערט געוואָרן, אָנגענומען געוואָרן איינשטימיק בײַ די אָפּגעהאַלטענע שטימען פון די האָלענדישע דעלעגאַטן. דערבײַ האָט זיך אָפּגעשפּילט אַ אינצידענט: דאַוויד האָט צוערשט אָפּגעגעבן פאַר דער דייטשישער דעלעגאַציע אַ שטימע „קעגן", צוליב וואָס עס איז געוואָרן נויטיק אַן אָפּשטימונג אינערלעך אין דער דייט־שישער דעלעגאַציע, וועלכע האָט געגעבן אַ גרויסע מערהייט „פאַר". ווייזט אויס, דער צענטער האָט צוערשט געשטימט מיט די רעכטע קעגן די לינ־קע פאַר וואַן קאָלס רעזאָלוציע און דערנאָך מיט די לינקע קעגן די רעכטע פאַר דער געענדערטער רעזאָלוציע, וואָס איז געווען דער היי־פעך פון דער פריערדיקער!

בײַ דער דיסקוסיע איבער דער פראַגע וועגן מיליטאַריזם און אינטערנאַ־ציאָנאַלע קאָנפליקטן זיינען די פראַגן געווען ניט אַזוי בוילעט אונטערגע־

---

*) אויף דעם קאָנגרעס האָבן צום ערשטן מאָל פאַרשיידענע דעלעגאַציעס באַקומען אַ פאַר־שיידענע צאָל שטימען לויט דער גרויס פון די פּאַרטייען. די גרעסטע פּאַרטייען האָבן דער־האַלטן צו 29 שטימען, די קלענערע ווייניקער, ביז 2 שטימען פאַר די קלענסטע.

**) די דעלעגאַטן פון דאָרעם־אַפריקע זיינען געווען פאָרטרעטער פון די ווייסע אַרבעטער ניט פון די קאָלאָניאַלע שקלאַפן.

שטראָכן ווי בײַ דער קאָלאָניאַלער פֿראַגע. דאָ האָט זיך די דיסקוסיע צעשפּילט דערהויפּט צווישן דעם האַלב־אַנאַרכיסטישן שטאַנדפּונקט הערוועס און דעם צענטריסטישן שטאַנדפּונקט בעבעלס, האָגאָס די אָנגענומענע רעזאָלוציע אַנט־שפּרעכט דער פּאָזיציע פֿון די מאַרקסיסטישע לינקע, וואָס האָבן אין דער דיסקוסיע גופֿא גענומען נאָר אַ קליינעם אָנטייל. עס זײַנען אַרײַנגעטראָגן געוואָרן פֿיר רעזאָלוציעס. בעבעלס רעזאָלוציע האָט דערקלערט, אַז די מלחמות זײַנען רעזולטאַטן פֿונעם קאָנקורענץ־קאַמף פֿון די קאַפּיטאַליסטישע לענדער אויפֿן וועלט־מאַרק. זיי וועלן אויפֿהערן ערשט דאַן, ווען עס וועט באַזײַטיקט ווערן די קאַפּיטאַליסטישעווירטשאַפֿטלעכע אָרדענונג. די אַרבעטער־פּאַרטײען ווערן פֿאַרפּליכטעט צו באַקעמפֿן די באַוואָפֿענונגען און אָפּזאָגן זיך צו געבן מיטלען פֿאַר דעם. „אין דער דעמאָקראַטישער אָרגאַניזאַציע פֿון דער פֿאַרטיידיקונג, וואָס נעמט אַרום אַלע פֿעיקע צו טראָגן געווער, זעט דער קאָנגרעס אַ וועזנטלעכע גאַראַנטיע פֿאַר דעם, אַז עס וועלן אוממעגלעך ווערן אָנגריף־מלחמות“, אַז עס דראָט דער אויסברוך פֿון אַ מלחמה, האָפֿן די אַרבעטער „דורך אָנווענדן די מיטלען, וואָס זיי וועלן האַלטן פֿאַר די ווירקזאַמסטע“ *) שטערן דעם אויסברוך פֿון מלחמה אָדער אויב דאָס וועט ניט געלינגען, קעמפֿן פֿאַר איר שנעלער פֿאַרענדיקונג.

די רעזאָלוציע, וואָס ווייאַן און זשאָרעס האָבן צוזאַמען אַרײַנגעטראָגן אין נאָמען פֿון דער מערהייט פֿון דער פֿראַנצויזישער דעלעגאַציע, האָט כאַראַק־טעריזירט דעם מיליטאַריזם ווי אַ מיטל צו האַלטן דעם אַרבעטער־קלאַס אונטער יאָך פֿון קאַפּיטאַליזם. אַן אָנגריף קעגן דער אומאָפּהענגיקייט פֿון אַ נאַציע וואָלט באַטײַט אַן אָנגריף קעגן דעם אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטער־קלאַס.

— די באַדראָטע נאַציע און דער אַרבעטער־קלאַס זײַנען דורכויס פֿאַרפּליכ־טעט צו פֿאַרטיידיקן זייער אומאָפּהענגיקייט און זעלבשטענדיקייט קעגן דעמדאָזיקן אָנגריף און זיי האָבן דאָס רעכט צו פֿאָדערן די הילף פֿונעם אַרבע־טער־קלאַס פֿון דער גאַנצער וועלט. די דאָזיקע פֿאַרטיידיקונג־פּאָליטיק און דער אַנטימיליטאַריזם פֿון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי דיקטירט די פֿאָדערונג צו אַנטוואָפֿענען מיליטעריש די בורזשואַזיע און באַוואָפֿענען דעם אַרבעטער־קלאַס דורכן אַרײַנפֿירן די אַלגעמיינע פֿאָלק־באַוואָפֿענונג... כּדי צו פֿאַרהיטן פֿון אַ מלחמה און שטערן איר אויסברוך דאַרף מען דורכפֿירן נאַציאָנאַלע און אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַליסטישע אַקציעס פֿונעם אַרבעטער־קלאַס מיט אַלע מיטלען, פֿון פּאַרלאַמענטאַרישע אינטערווענציעס, עפֿנטלעכער אַגיטאַציע ביז צו מאַסן־שטרייק און ביז אַן אויפֿשטאַנד“ **).

די רעזאָלוציע פֿון דער פֿראַנצויזישער מינדערהייט, פֿון די געדיסטן, האָט זיך אַרויסגעזאָגט קעגן אַ באַזונדערע אַנטימיליטאַריסטישע אַגיטאַציע, ווײַל דער מיליטאַריזם איז נאָר אַ רעזולטאַט פֿון קאַפּיטאַליזם און די מיטלען, וואָס דער אַנטימיליטאַריזם לייגט פֿאָר, אָנהויבנדיק פֿון דעזערטיע ענדיקנדיק מיט אַ מיליטערישן שטרייק ביז אַ רעוואָלוציע, קענען נאָר שווערער מאַכן די

*) אונטערגעשטראָכן פֿון מיר.—י. ל.
**) אונטערגעשטראָכן פֿון מיר.—י. ל.

פראפאגאנדע פארן סאציאליזם. ווי פאזיטיווע פאדערונגען האט די רעזאָליוציע רעקאָמענדירט: פארקירצן די צייט פון מיליטער־דינסט, אפווארפן אלע קרעדיטן פאר דער ארמיי און פארן פלאט, פראפאגאנדע פון דער אלגעמיינער פאלק־באוואפענונג. אין פאל פון א אינטערנאציאנאלן קאנפליקט דארף זיך אופקלייבן די אינטערנאציאנאלע סאציאליסטישע ביוראָ און אנעמען די נויטיקע מאסמיטלען.

און צולעצט די רעזאָליוציע, וואס הערווע האט אריינגעטראגן:

„נעמענדיק אין אכט, אז פאר דעם פראלעטאריאט איז אלציינס אונטער וועלכן נאציאנאלן און רעגירונג־שילד עס עקספלואטירן אים די קאפיטאליסטן, נעמענדיק אין אכט, אז די אינטערעסן פונעם ארבעטער־קלאס זיינען אויסשליסלעך קעגנזעצלעך די אינטערעסן פונעם אינטערנאציאנאלן קאפיטאליזם, ווארפט אפ דער קאנגרעס דעם בורזשואזן און רעגירונג־פאטריאטיזם, וואס שטעלט ארויס די ליגנערישע באהויפטונג, אז אלע איינוווינער פון איין לאנד האבן געמיינזאמע אינטערעסן. דער קאנגרעס דערקלערט, אז דער כוויו פון די סאציאליסטן פון אלע לענדער איז צו פאראייניקן זיך, קעדיי אראפצווארפן די יאזיקע סיסטעם, איינצופירן א סאציאליסטישן רעזשים און דעמדאזיקן רעזשים פארטיידיקן, נעמענדיק אין אכט די דיפלאמאטישע רייבונגען, וואס באדראען פון פארשיידענע זייטן דעם אייראפעישן שאלעם, פאדערט דער קאנגרעס אוף אלע כאווירים, אף יעדער דערקלערונג פון א מילכאמע, פון וועלכער זייט זי זאל ניט קומען, צו ענטפערן מיט א מיליטערישן שטרייק און מיט אן אויפשטאנד"*).

בעבעלס רעזאָליוציע האט געטראגן אזא אלגעמיינעם כאראקטער, אז אפילע די עקסטרעמסטע אנהענגער פון „פארטיידיקן" דאס בירגערלעכע פאטערלאנד ווי פאלמאר האבן זי געקאנט אנעמען. די רעזאָליוציע וויאן־זשארעס האט צונויפגעבונדן דאס אנערקענען די רעוואָליוציאנערע קאמף־מעטאדן קעגן אן אנגריף־מילכאמע מיטן אנערקענען די פאטערלאנד־פארטיידיקונג. זי האט, ווייזט אויס, אנטשפראכן דער מוירע פון ברייטערע קרייזן פונעם פראנצויזישן פאלק פאר אן אנפאל פונעם דייטשישן מיליטאריזם. זי איז ניט געווען דער אויסדרוק פונעם ווילן פון די פראנצויזישע סאציאליסטן צו ענטפערן אף א מילכאמע פון אימפעריאליסטישן פראנקרייך מיט רעוואָליוציאנערע קאמף־מיטלען, נאר זי איז געווען דער אויסדרוק פונעם ווילן צו ווענדן די מאכט פון דער דייטשישער סאציאל־דעמאקראטיע אף די שארפסטע קאמף־מיטלען קעגן דעם דייטשישן מיליטאריזם. די רעזאָליוציע פון די געדיסטן מיט איר אפווארפן די ספעציעלע אנטימיליטאריסטישע פראפאגאנדע ווייזט, ווי דאס אבסטראקטע, פארמעלע, ניט דיאלעקטישע באנעמען דעם מארקסיזם, וואס איז כאראקטעריסטיש פאר דערדאזיקער גרופע פון דער פראנצויזישער ארבעטער־באוועגונג, פארוואנדלט זיך דירעקט אין אפארטוניזם.

הערוועס אנשויונגען האט קאוטסקי ריכטיק באצייכנט ווי א „העראישע נארישקייט". הערווע האט אין זיין בוך „Leur patrie" („זייער פאטער־

*) אונטערגעשטראכן פון מיר. — ל.

לאַנד") אַנטוויקלט דיזעלביקע אַנשויונגען, ווי אין דער אויבן ציטירטער רעזאָלוציע. הערוועס אַנהענגער האָבן געפירט אַ טומלדיקע, ענערגישע, אַנטימיליטאַריסטישע און אַנטיפּאַטריאָטישע אַגיטאַציע אין דעם זין.

לענין האָט דערמיט געשריבן, אַז דער הערוועיזם האָט אויך אַ פּאָזיטיוון אינהאַלט, אַז וויפל ער שטויסט דעם סאָציאַליזם ער זאָל זיך ניט באַגרענעצן בלויז מיט פּאַרלאַמענטאַרישע קאַמף-מיטלען, נאָר ער זאָל אויך אַנטוויקלען אין די מאַסן דעם באַוווסטזיין אַז עס זיינען נויטיק רעוואָלוציאָנערע אַרויסטרעטונגען אין צוזאַמענהאַנג מיט יענע קריזיסן, וואָס דער קריג ברענגט אומפאַרמיידלעך מיט זיך, און צום סוף באַשטייט די פּאָזיטיווע באַדייטונג פון הערוועיזם אויך אין דעם, וואָס ער דערוועקט אין די מאַסן דעם לעבעדיקן באַוווסטזיין פון דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָלידאַריטעט פון די אַרבעטער און דעקט אויף דעם גאַנצן ליגן פון דעם בירגערלעכן פּאַטריאָטיזם.*)

אין דערזעלבער צייט האָט לענין פונעם שטאַנדפּונקט פון רעוואָלוציאָנערן מאַרקסיזם שאַרף קריטיקירט הערוועס האַלב אַנאַרכיסטישן אומזין.

דער טעזיס פון קאָמוניסטישן מאַניפעסט אַז „די אַרבעטער האָבן ניט קיין פאַטערלאַנד", שלאָגט געוויס דעם פּאַטריאָטיזם פון פאָלמאַרס, נאָסקעס און קאָ. (נאָסקע, וואָס האָט זיך שוין דעמאָלט געמאַכט אַ שלעכטן נאָמען מיט זיינע פּאַטריאָטישע פּאַרלאַמענטאַרישע רעדעס, האָט זיך באַטייליקט ווי אַ גאַסט אין די זיצונגען פון דער קאָמיסיע, צוגלייך מיט קאַרל ליבקנעכטן, דעם פאַרשטייער פון דער אַנטיאימפּעריאַליסטישער אַגיטאַציע, באַזונדערס צווישן דער יוגנט). אָבער דאָס הייסט נאָך ניט, אַז פאַר די אַרבעטער איז אַלצאיינס אין וואָס פאַר אַ „פאַטערלאַנד" זיי לעבן. די פּאָליטישע, קולטורעלע און סאָציאַלע סביבה איז אַ וויכטיקער פאַקטאָר אין קלאַסנקאַמף און פון דעם שטאַנדפּונקט, פון שטאַנדפּונקט פון פּראָלעטאַרישן קלאַסנקאַמף, ניט פון דעם שטאַנדפּונקט פון דעם בירגערלעכן פּאַטריאָטיזם, מוז דער פּראָלעטאַריאַט שטעלן די פראַגע וועגן דעם גורל פונעם לאַנד. די פראַגע גייט ניט וועגן דעם, צי דער פּראָלעטאַריאַט זאָל ענטפערן אויפן דערקלערן אַ מלחמה מיט אַ שטרייק אָדער אויפשטאַנד אויב דאָס איז צוועקמעסיק, נאָר וועגן דעם, צי דער פּראָלעטאַריאַט קאָן זיך פאַרפליכטן צו ענטפערן אויף יעדע דערקלערונג פון אַ מלחמה מיט אַן אויפשטאַנד. דאָס וואָלט געווען אַן אומזין. דאָס וואָלט באַטייט, אַז דער פּראָלעטאַריאַט הויבט אָן אַן אויפשטאַנד ניט דאַן, ווען די באַדינגונגען דערצו זיינען די סאַמע גינסטיקע, נאָר דאַן, ווען די בורזשואַזיע באַפעלט דערקלערן אַ מלחמה, דאָס הייסט, אין אַזאַ מאָמענט, וואָס איז גראָדע ניט דער סאַמע גינסטיקער פאַר אַן ענטשיידענעם קאַמף. דער פּראָלעטאַריאַט קאָן, ווען ער האַלט עס פאַר צוועקמעסיק דערקלערן אויך אַ מיליטערישן שטרייק, אָבער אין קיין פאַל איז ניט צוועקמעסיק זיך פאַרבינדן מיט דעמדאָזיקן „טאַקטישן רעצעפּט". און צולעצט, אויב דער פּראָלעטאַריאַט הויבט אָן אַן אויפשטאַנד איז אַזוי ניט קעריי צו פאַר-

*) לענין: „דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער קאָנגרעס פון שטוטגאַרט" („פּראָלעטאַרי", נ. 17, פון 20 אָקטאָבער 1907).

ביימען די מילכאמע מיט שאלעם, נאר קעדיי צו פארביימען דעם קאפיטאליזם מיט סאציאליזם. אזוי האט געהאלטן לענין.

ווי ווייט פון דערדאזיקער מארקסיסטישער קריטיק פונעם הערוועיזם איז געווען די רעדע, מיט וועלכער בעבעל האט געעפנט די זיצונגען פון דער קאמיסיע. קעגן דעם פארופן זיך אף דעם פונעם קאמוניסטישן מאניפעסט, „די ארבעטער האבן ניט קיין פאטערלאנד“, האט בעבעל דרייסט דערקלערט, אז די שילער פון מארקס און ענגעלס זיינען שוין מער ניט מאסקים מיט די אנשויונגען פון מאניפעסט.

„מיר באקעמפן ניט דאס פאטערלאנד סתם. דאס פאטערלאנד געהערט איצט דעם פראלעטאריאט אסאך מער ווי צו די הערשנדיקע קלאסן. מיר באקעמפן די באדינגונגען, וואס דינען אין דעמדאזיקן פאטערלאנד די אינטערעסן פון די הערשנדיקע קלאסן“.

ער האט פארזיכערט מיט א נאיוויטעט, וואס פארכידעשט פאשעט:

„איך באשטרייט די באהויפטונג, אז אין יעדן געגעבענעם פאל איז שווער צו זאגן צי דאס איז אן אנגריף-מילכאמע צי דאס איז א פארטיידיקונג-מילכאמע. היינט איז שוין די לאגע ניט אזא, אז די פעדעם פון די מילכאמע-קאטאסטראפעס זאלן בלייבן פארשטעלט פאר דעם אינפארמירטן פאליטיקער, וואס פאלגט נאך די געשעענישן, עס איז שוין מער ניטא קיין קאבינעט-פאליטיק.“

און ווען זשארעס האט געלויבט די דרייִיקע אנטאנט ווי א גאראנטיע פאר שאלעם, האט בעבעל פארזיכערט: „אין די דייטשישע אנפירנדיקע קרייזן וויל קיינער ניט קיין מילכאמע...“ צום סאף האט ער געזאגט וועגן דער באוואפענונג-פראגע:

„אויב מיר, סאציאל-דעמאקראטן, קאנען זיך ניט איינגאנצן אפזאגן פון מיליטערישע באוואפענונגען, אזוי לאנג ווי די באציונגען צווישן איינצלנע מעלוכעס האבן זיך אין גרונט ניט געענדערט, דערלאזן מיר זיי אויסשליסלעך צוליב פארטיידיקונג און אף דער ברייטסטער דעמאקראטישער באזע, וואס זאל ניט דערלאזן קיין מיסברויך מיט די מיליטערישע קרעפטן. מיר באקעמפן אין יעדער מעגלעכער פארם און מיט אלע אונדזערע קרעפטן דעם עקזיסטירנדיקן אין דייטשלאנד מיליטאריזם אף דער טריקעניש און אפן וואסער. אבער מיר קאנען זיך ניט לאזן אנווארפן אזעלכע קאמף-מעטאדן, וואס זאלן פארן פארטיי-לעבן און בא געוויסע באדינגונגען פאר דער עקזיסטענץ גופע פון דער פארטיי ווערן פאטאל“.

הערווע איז ניט געווען אומגערעכט, ווען ער האט אף דערדאזיקער רעדע געענטפערט, אז די סאציאליסטישע וועלט קוקט מיט כידעש און מיט טרויער אף דער האלטונג פון דער דייטשישער סאציאל-דעמאקראטיע בענוגע צום מיליטאריזם, די גאנצע דייטשישע סאציאל-דעמאקראטיע איז פארבירגערלעכט, בעבעל איז אריבער צו די רעוויזיאניסטן. בעבעל האט אייגנטלעך געגעבן דעם לאזונג: פראלעטאריער פון אלע לענדער, הארגעט אויס איינער דעם אנדערן! דערמיט איז די גאנצע דייטשישע דעלעגאציע געווארן אופגערעגט צוליב דער-

דאזיקע ווערטער. מיט זיבן יאר שפעטער האט זיך ארויסגעוויזן, אז הערווע איז געווען גערעכט אין באצוג צו דער גרעסטער מערהייט ניט נאר פון די דייטשישע סאציאל־דעמאקראטן, נאר אויך פראנצויזישע. בעבעל איז געשטארבן אין 1913 יאר, זשאורעס איז ערעוו דער מילכאמע דערמארדעט געווארן. וואלטן זיי ניט געענדערט זייערע פאזיציעס פון 1907 יאר, וואלטן זיי אויך אראפגעזונקען אינעם בורזשואזן פאטריאטיזם, ווי הערווע, וואס איז אין 1907 יאר געווען אזוי ראדיקאל און האט זיך אין אויגוסט פון 1914 יאר פארשריבן פאר א פרייוויליקן אף דער מילכאמע.

אין בעבעלס רעדע איז געווען ניט נאר דער פאלשער געדאנק וועגן דעם, אז בא א מילכאמע פון אימפעריאליסטישע מעלוכעס דארף געלייגט ווערן אין גרונט פון דער אנטשיידונג, ווער איז דער אנגרייפער און ווער פארטיידיקט זיך. די קינדערשע פראגע „ווער האט אנגעהויבן?", גיט נאר די אילוזיע, אז בא א דעמאקראטיזירונג פון די באוואפנטע קרעפטן אין דער בורזשואזער מעלוכע קאן מען פון זיי מאכן א געצייג פון פארטיידיקונג, נאר אויך האט פרינציפיעל אפגעזאגט זיך פון רעוואלוציאנערע קאמף־מעטאדן, ווייל זיי באדראען די לעגאלע עקזיסטענץ פון דער פארטיי. בעבעלס פאזיציע נאך דעם פארטיי־צוזאמענפאר אין יענא צו דער פראגע וועגן א פאליטישן מאסן־שטרייק, האט געשטופט אים פארפירן צו נאך א פאלשער שטעלונג אין דער פראגע וועגן טאקטיק קעגן מילכאמע. פאקטיש איז בעבעל אראפגעזונקען אף פאלמארס פאזיציעס, וועלכער האט דערקלערט:

„עס איז ניט ריכטיק, אז מיר האבן ניט קיין פאטערלאנד... אבער די ליבע צו דער מענטשהייט קאן מיר קיין איין מאמענט ניט שטערן צו זיין א גוטער דייטש."

דער רעפארמיסט זשארעס האט פאקטיש ארויסגעוויזן מער רעוואלוציאנערן ווילן ווי דער געוועזענער רעוואלוציאנער בעבעל, ווען ער האט דערקלערט:

„קאוטסקי האט אין דער „נייער צייט" פראקלאמירט די נייטיקייט פון דירעקטע אקציעס אין דעם פאל, אויב די דייטשישע ארמיי וועט אינטערווענירן אין רוסלאנד צו גונסטן פונעם צאר. בעבעל האט דעם דאזיקן זאץ איבערגעחזרט פון דער טריבונע פון רייכסטאג. אויב איר קאנט דאס זאגן, זאגט זשע דאס בא אלע אינטערנאציאנאלע קאנפליקטן. געוויס, די פאליטישע אינטערווענץ דייטשלאנדס צום גונסטן פונעם צאר קעגן דער רוסישער סאציאל־דעמאקראטיע וואלט געווען די עקסטע, די סאמע שארפסטע פארב פון קלאסן־קאמף. נאר ווען א רעגירונג טרעט ניט ארויס דירעקט קעגן דער סאציאל־דעמאקראטיע, נאר דערשראקן דורכן וווּקס פונעם סאציאליזם מאכט זי א דיווערסיע אף אויסן, אויב אף אזא אופן הויבט זיך אן א מילכאמע צווישן דייטשלאנד און פראנקרייך, צי דארף דעמלט דערלויבט ווערן, אז די פראנצויזישע און דייטשישע פראלעטאריער זאלן איינער דעם אנדערן אויסהארגענען אין אופטראג און צוליב די אינטערעסן פון די קאפיטאליסטן, און די סאציאל־דעמאקראטיע זאל ניט פרוון אנשטרענגען אלע אירע קרעפטן

קעדיי ניט דערלאָזן דערצו? װאָלטן מיר דאָס ניט געפּרוּווט, וואָלט דאָס געווען זייער מיעס*).״

אפילו פאַר דעם ניט נאָר מוטיקן וויקטאָר אַדלער, ווען בעבעל האָט נאָך אין 1903 יאָר באַשולדיקט אין באַהאַלטענעם רעוויזיאָניזם, איז בעבעל שטעלן זיך אַף דער פּרינציפּיעלער פּאָזיציע פון אויסשליסלעכן לעגאַלן קאַמף אויסגעקומען אביסל צו ווייט. ער האָט אָפּגעוואָרפן פּאַלמאַרס פּאַטריאָטישע אויסטייטשונג פון בעבעלס רעזאָליוציע.

אין נאָמען פון דער רוסישער און פּוילישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע האָט ראָזע ליוקסעמבורג דערמאָנט וועגן דער רוסישער רעוואָליוציע.

„וואָלטן דאָ געווען די בלוטיקע שאָטנס פון די רעוואָלוציאָנערן, וואָלטן זיי געזאָגט: „מיר זײַנען אײַך מוחל דעם קאָוועד, וואָס איר ניט אונדז אָפּ, לערנט זיך בעסער בײַ אונדז!״ און עס וואָלט געווען אַ פּאַראַט קעגן דער רעוואָליוציע, אויב איר וואָלט דאָס ניט געטאָן... די רוסישע רעוואָליוציע איז ניט נאָר געבוירן געוואָרן אין דער מילכאָמע, נאָר זי האָט אויך געדינט דערצו, די מילכאָמע זאָל זיך ענדיקן״.

די גרעסטע מערהייט פונעם דײַטשישן פּראָלעטאַריאַט האָט זיך אָפּגעזאָגט פון פּאַלמאַרן. ראָזע ליוקסעמבורג האָט דערמאָנט דעם באַשלוס פון יענאַ וועגן גענעראַל־שטרייק און האָט געמאָלדן, אַז עס וועט אַרײַנגעטראָגן ווערן אַן אויסבעסערונג צו בעבעלס רעזאָליוציע, וואָס איז געוואָרן נייטיק נאָך בעבעלס און פּאַלמאַרס רעדעס.

בעבעל האָט אין זײַן שלוס־וואָרט געענטפערט מיט אַ לעבערלעכער פּאָלעמיק קעגן אַ מאַסן־שטרייק אין פאַל פון אַ מילכאָמע.

„לויט אַ דערקלערונג פונעם רײַכסקאַנצלער קאַפּריווי, וואָס ער האָט געמאַכט אין 1893 יאָר, וועט דײַטשלאַנד אין פאַל פון אַ מילכאָמע טייקעף מאָביליזירן אַלע מענער, וואָס זײַנען פעיק צו טראָגן געווער, דאָס הייסט 6 מיליאָן מענער, צווישן זיי אומגעפער 2 מיליאָן סאָציאַל־דעמאָקראַטן. פראַנקרײַך וואָלט מאָביליזירט 4½ מיליאָן סאָלדאַטן. פון וואַנען זשע וועלן מיר נעמען מענטשן צום דורכפירן דעם מאַסן־שטרייק? (!) 4 מיליאָן פאַמיליעס וועלן לײַדן די גרעסטע נויט, וואָס איז ערגער פאַר יעדן גענעראַל־שטרייק״.*)

נאָר דרײַ וואָכן מיטאַמאָל אויף בײַ דעם אַלטן קעמפער זיכרוינעס וועגן זײַנע בעסערע טעג:

„וואָס וועט זײַן, ווייס איך ניט, אָבער איך ווייס, אַז דערהאַויקער קריג וועט וואַרשײַנלעך זײַן דער לעצטער און די גאַנצע בורזשואַזע געזעלשאַפטלעכע אָרדענונג וועט געשטעלט ווערן אין קאָן. דעריבער קאָנען מיר קיין אַנדער זאַך ניט טאָן, ווי אויפקלערן און ברענגען ליכט אין די קעפּ, אַגיטירן און אָרגאַניזירן. פון אַ געוויסן שטאַנדפּונקט וואָלט מען געקאָנט אַלס סאַ־

*) [illegible]

**) [illegible]

ציאל־דעמאקראט זאגן, אז א גרויסע אייראפעישע מילכאמע וועט מער מיטהעלפן אונדזער זאך ווי צענדליקער יארן אגיטאציע, און דעריבער וואלטן מיר געקאנט אים נאר ווינטשן. אבער מיר ווילן ניט, אז אונדזער ציל זאל דערגרייכט ווערן מיט אזא שוידערלעכן מיטל. אויב אבער די, וואס זייַנען אמערסטן פארינטערעסירט אין אויפהאלטן די בורזשואזע געזעלשאפט, זעען ניט, אז מיט אזא מילכאמע רייסן זיי ארויס דיווארצלען פון זייער עקזיסטענץ, האבן מיר גארניט קעגן דעם; אין דעם פאל זאג איך: הויבט איר נאר אן, מיר וועלן זיין אייערע יארשים! וואלטן די הערשנדיקע קלאסן דאס ניט געוווסט, וואלטן מיר שוין לאנג געהאט די אייראפעישע מילכאמע. נאר די שרעק פאר דער סאציאל־דעמאקראטיע האט ביז איצט אפגעהאלטן דעם אויסברוך פון א מילכאמע. וועט אבער איינמאל קומען אזא סיטואציע, וועט זיך שוין מער ניט האנדלען וועגן קליינע קייטן (!) ווי אן אופשטאנד אדער מאסן־שטרייק; די גאנצע קולטורעלע וועלט וועט אין גרונט ענדערן איר אויסזען". *)

צו פארמולירן די רעזאליוציע איז אויסגעוויילט געווארן א סוב־קאמיסיע. לענין האט פארגעלייגט רוזע ליוקסעמבורג דעם מאנדאט פון דער רוסישער סאציאל־דעמאקראטיע. אין נאמען פון דער רוסישער און פוילישער סאציאל־דעמאקראטיע האט רוזע ליוקסעמבורג אריינגעטראגן אן אויסבעסערונג, וואס האט צוגעגעבן בעבעלס צווייטייטיקער רעזאליוציע א קלארן רעוואליוציאנערן זין.

בענעגייע דער אנטימיליטאריסטישער אגיטאציע, וואס איז אין דייטשלאנד געפירט געווארן צווישן דער ארבעטער־יוגנט, דערהויפט דורך קארל ליבקנעכטן, איז אין דער רעזאליוציע אריינגעשטעלט געווארן אן אבזאץ, וואס פאדערט פון די פארטייען צו ווירקן, אז די יוגנט פונעם ארבעטער־קלאס זאל דערצויגן ווערן אין גייסט פון פעלקער־פארברידערונג און קלאסן־באוווסטזיין, אזוי אז די הערשנדיקע קלאסן זאלן זיך ניט דערוועגן אויסנוצן די יוגנט ווי א געצייג צו פארפעסטיקן זייער קלאסן־הערשאפט קעגן דעם קעמפנדיקן פראלעטאריאט.

דער לעצטער אבזאץ פון דער רעזאליוציע, וואס איז פארמולירט געווארן פון רוזע ליוקסעמבורג און לענין, אנטהאלט יענע גרונט־ליניעס, וואס זיינען בעשאס דער מילכאמע געווארן די פירנדיקע פאר דעם פראלעטארישן אינטערנאציאנאליזם.

„אויב עס דראט דער אויסברוך פון א מילכאמע זיינען די ארבעטער און זייערע פארלאמענטארישע פארטרעטער אין די באטייליקטע לענדער מעכויעוו אנצווענדן אלץ, כדי ניט צו דערלאזן צו א מילכאמע, אויסנוצנדיק אלע אנטשפרעכנדיקע מיטלען, וועלכע האפן זיך געוויס ענדערן און פארשטארקן אין העסקעם מיט דער פארשארפונג פונעם קלאסן־קאמף און מיט דער אלגעמיינער פאליטישער סיטואציע. אויב די מילכאמע וועט דאך

*) אונ ערגעשטראכן פון מיר. ל.

אויסברעכן, זיינען זיי מעכוויעוו קעגן פאר דעם, זי זאָל וואָס גיכער פאַרענדיקט ווערן און מיט אַלע קרעפטן שטרעבן אויסצונוצן די אַרויסגעדריפענע דורך דער מילכאָמע עקאָנאָמישע און פּאָליטישע קריזיסן קעדיי פּאָליטיש אויפצוטרייסלען די פאָלק־מאַסן און צו פאַרגיכערן די צעשמעטערונג פון דער קאַפּיטאַליסטישער הערשאַפט”.

דער זין פון דעמדאָזיקן זאַץ ווערט באַזונדערס קלאָר דורך דער אָנווייזונג אַף פאַרשיידענע ביישפּילן פונעם רעוואָלוציאָנערן קאַמף קעגן רעאַקציאָנערע מילכאָמעס, באַזונדערס אַף דער רוסישער רעוואָלוציע פון 1905 יאָר. דאָך איז אויך אין דער רעזאָלוציע געבליבן דער גייסט פון קאָמפּראָמיס, ערשטנס, אין דער פאָדערונג צו פאַרבייטן דאָס שטענדיקע מיליטער מיט פאָלק־באַוואָפענונג — א פאָדערונג וואָס שטאַמט נאָך פון די צייטן פון די בורזשואַזע רעוואָלוציעס און נאַציאָנאַלע מילכאָמעס, וואָס פאַרלירט איר רעוואָלוציאָנערן אינהאַלט און באַקומט א רעאַקציאָנערע באַדייטונג אין דער עפּאָכע פון אימפּעריאַליזם און פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציעס, ווען אַף דער טאָג־אָרדענונג שטעלט זיך די אַנטוואָפענונג פון דער בורזשואַזיע און די באַוואָפענונג פונעם פּראָלעטאַריאַט.

צווייטנס, דריקט זיך אויס דער פּשרה־כאַראַקטער פון דער רעזאָלוציע אין דער פאָדערונג „ערנסטער אָנווענדן אַרביטראַזש־געריכטן אַנשטאָט די גוואַלדיקע פּרוּוון פון די רעגירונגען. אַף אַזאַ אופן וועלן פאַר די פעלקער געזיכערט ווערן די גוטע רעזולטאַטן פון אַנטוואָפענונג.” דאָס איז געווען אַן אויסדרוק פון פּאַציפיסטישע אילוזיעס, וועלכע זיינען שטענדיק באַקעמפט געוואָרן דורך די אויסגעהאַלטענע מאַרקסיסטן.

די פראַגע צי אין א אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע קאָן מען פאַרטיידיקן דאָס לאַנד, אַף וועלכער עס איז געמאַכט געוואָרן אַן אָנפאַל, ווערט אין דער רעזאָלוציע ניט פאַרענטפערט ניט פּאָזיטיוו, ניט נעגאַטיוו. וואַנדערוועלדע, וואָס האָט באַגרינדעט אַפן קאָנגרעס די רעזאָלוציע אין נאָמען פון דער קאָמיסיע, האָט גערעדט וועגן „דעם רעכט פון יעדער נאַציע, וואָס מע קאָן בא איר ניט אַוועקנעמען, צו פאַרטיידיקן איר אומאָפּהענגיקייט קעגן יעדן אָנגריף פון אויסן”, און האָט געמאַכט דערפון דעם אויספיר וועגן דער נויטיקייט פון א מיליץ אַלס מיטל פון פאַרטיידיקונג.

זינגער, דער פאָרזיצער, האָט פאָרגעלייגט אָנצונעמען די רעזאָלוציע פּער אַקלאַמאַציע (אָן אָפּשטימען). העררוועע האָט געפאָדערט עפענען א דיסקוסיע. עס איז פאַראַן א קאָלאָסאַלער אונטערשייד צווישן דער רעזאָלוציע און די רעדעס, וואָס מע האָט געהערט אַף דער קאָמיסיע. די דייטשישע דעלעגאַציע מוז אָפּגעבן א דערקלערונג, אַז זי איז ניט מסכים מיט בעבעלס און פאָלמאַרס שטאַנדפּונקט, נאָר זי האָט זיך געשטעלט אַפן באָדן פון דער רעזאָלוציע.

מיט די געוויינלעכע דיפּלאָמאַטישע קונץ־שטיק האָט מען צענויפגעשטוקעוועט איינשטימיקייט דאָרטן, וווּ זי איז ניט געווען. די רעזאָלוציע איז אָן דיסקוסיעס אָנגענומען געוואָרן איינשטימיק. די פּרינציפּיעלע סתירות זיינען ניט אויפגעקלערט געוואָרן, נאָר פאַרשמירט. א גוטע איינשטימיק אָנגענומענע

רעזאָליוציע האָט פאַרשלייערט דעם פאַקט, אַז דער אינטערנאַציאָנאַל איז ניט פעיִק צו אַן איינהייטלעכער אַקציע.

אין פאַרגלייך מיט דידאָזיקע צוויי פונקטן פון דער טאָג־אָרדענונג האָבן די איבעריקע פונקטן געהאַט אַ קלענערע באַדייטונג. איבער דער פראַגע וועגן די באַציִונגען צווישן פּאַרטיי און פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען איז אָנגענומען געוואָרן אַ רעזאָליוציע, וואָס אַנטשפּרעכט אין גרונט קאַוטסקיס פאָרשלאָג, וועלכן דער שטוטגאַרטער צוזאַמענפאָר פון דער דייטשישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי האָט ניט אָנגענומען. לויט דערדאָזיקער רעזאָליוציע דערפילן די פּאַרטיי און די פּראָפאַריינען גלייכווערטיקע אויפגאַבן. די באַציִונגען צווישן דער פּאַרטיי און די פּראָפאַריינען דאַרפן זיין ווי מעגלעך ענגערע, דערביי דאַרף מען האָבן אין זינען די איינהייטלעכקייט פון די פּראָפאַריינען.

„די פּראָפאַריינען וועלן קאָנען אויספילן זייער כוונה אין דעם באַפרייונגס־קאַמף פון די אַרבעטער נאָר דאַן, אויב זייערע אַרויסטרעטונגען וועלן זיין דורכגעדרונגען מיטן סאָציאַליסטישן גייסט. אויף דער פּאַרטיי ליגט די פליכט מיטצוהעלפן די פּראָפאַריינען אין זייערע שטרעבונגען אויפצוהייבן און אויסצובעסערן די סאָציאַלע לאַגע פון די אַרבעטער.

דער קאָנגרעס דערקלערט, אַז דער פּראָגרעס פונעם קאַפּיטאַליסטישן פּראָדוצירן־אויפן, די וואַקסנדיקע קאָנצענטראַציע פון די פּראָדוציר־קרעפטן, די וואַקסנדיקע פאַרייניקונג פון די אונטערנעמער, די שטייגנדיקע אָפּהענגיקייט פון די איינצלנע אונטערנעמונגען פון דער גאַנצער בירגערלעכער געזעלשאַפט וועט פאַרדאַמיילן די פּראָפאַריינישע טעטיקייט צו אַנמאַכט, אויב זיי וועלן בויען זייער אַרבעט אַרויסגייענדיק אויסשליסלעך פון דער זאָרג וועגן די ריינע פאַך־און צעך־אינטערעסן פון די פּראָפאַריינישע מיטגלידער און פון דער טעאָריע וועגן דער אינטערעסן־האַרמאָניע צווישן קאַפּיטאַל און אַרבעט".

די דאָזיקע רעזאָליוציע האָט אַרויסגערופן אַ קעגנערשאַפט בײַ די פראַנצויזישע פּראָפאַריינישע טוער, וועלכע האָבן געהאַלטן, אַז די רעזאָליוציע דאַרף אויך אָנערקענען דעם פּרינציפּ פון נייטראַליטעט פון די פּראָפאַריינען און אָנערקענען דעם גענעראַל־שטרייק. ניט צופרידן מיט דער רעזאָליוציע איז אויך געווען דער פירער פון דער סאָציאַליסטישער אַרבעטער־פּאַרטיי פון אַמעריקע און פון „די אינדוסטריעלע־אַרבעטער פון דער וועלט" (I. W. W.), דאַניעלדע לעאָן. ער האָט פאַרלאַנגט, אַז די רעזאָליוציע זאָל געבן אַ שאַרפערע פאַרורטיילונג פון די רעאַקציאָנערע אַמעריקאַנישע פּראָפאַריינען, זי זאָל רעקאָמענדירן בויען די פּראָפאַריינען לויט די אינדוסטריעלע צווייגן און זאָל געבן אָנווייזונגען וועגן דער ראָליע פון די פּראָפאַריינען בײַם אויפבוי פון דער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט.

אין דער קאָמיסיע האָט אויך פּלעכאַנאָוו, דער פאַרטרעטער פון די מענשעוויקעס, זיך אַרויסגעזאָגט פאַר דער נייטראַליטעט פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַ-ריינען, אָבער וואָינאָוו (לונאַטשאַרסקי) האָט אין נאָמען פון די באָלשעוויקעס פאַרטיידיקט דעם מאַרקסיסטישן שטאַנדפּונקט אין דער פראַגע.

אין דער דיסקוסיע וועגן פרויען־שטימרעכט איז קלאַרא צעטקין אין איר באַריכט אין נאָמען פון דער קאָמיסיע שאַרף אַרויסגעטראָטן קעגן די אָפּאָרטוניסטישע טענדענצן אַרויסצומאַכן זיך פון דער פאָדערונג וועגן אַלגעמיינער פרויען־שטימרעכט. אַזוי האָבן די אָפּאָרטוניסטן אין ענגלאַנד מסכּים געווען אויף אַ וואַלרעכט, וואָס האָט געגעבן שטימרעכט נאָר די פרויען פון די פאַרמעגלעכע קלאַסן, נאָר קעדיי צו געווינען די אונטערשטיצונג פון די בורזשואַזע אָנהענגער פון פרויען־רעכט. די עסטרייכישע פּאַרטיי האָט פאַררוקט די פאָדערונג וועגן פרויען־וואַלרעכט אין הינטערגרונט. די רעזאָלוציע, וואָס דערקלערט, אַז ווען עס ווערט געפירט אַ קאַמף פאַר וואַלרעכט, מוז ער געפירט ווערן נאָר לויט די סאָציאַליסטישע פּרינציפּן, דאָס הייסט, מיט דער פאָדערונג פון אַלגעמיינעם וואַלרעכט פאַר פרויען און מענער, איז, עמעס, אָנגענומען געוואָרן נאָר קעגן איין שטימע, אָבער אַ פאַרטרעטער פון דער פאַביאַנער־געזעלשאַפט האָט כוצפּעדיק און אָפן דערקלערט:

„וואָס דער קאָנגרעס זאָל וועגן דעם ניט באַשליסן, וועלן מיר אויסנוצן די אויטאָנאָמיע־רעכט, וואָס עס האָבן באַזונדערע נאַציעס, און מיר וועלן גיין צוזאַמען מיט די בורזשואַזע אָנהענגער פון פרויען־רעכט".

באַם באַטראַכטן די פראַגע וועגן אימיגראַציע און עמיגראַציע האָבן זיך ווידער געהערט אַ ריי שאָוויניסטישע שטימען קעגן דעם „אַריינפירן קולים". דאָך איז אויך אין דער פראַגע אָנגענומען געוואָרן אַ רעזאָלוציע, וואָס אַנטשפּרעכט דעם שטאַנדפּונקט פון פּראָלעטאַרישן אינטערנאַציאָנאַליזם.

אַזוי זעען מיר, אַז אַ קאָנגרעס, אויף וועלכן די אָפּאָרטוניסטן זיינען שוין געווען אין דער מערהייט, האָט וועגן אַלע פראַגן אָנגענומען רעוואָלוציאָנערע באַשלוסן. ווי אַזוי האָט דאָס געקאָנט פּאַסירן, אַז די לינקע, האָגאָם אַ מינדערהייט, פלעגט באַוויזן דורכזעצן אין אַלע רעזאָלוציעס איר שטאַנדפּונקט? דאָס איז גאַנץ פאַרשטענדלעך. ערשטנס, האָבן די מאַרקסיסטן אין אַלע פראַגן געהאַט אַן איינהייטלעכן, אויסגעהאַלטענעם, אינטערנאַציאָנאַלן שטאַנדפּונקט און די אָפּאָרטוניסטן האָבן ניט געהאַט קיין פעסטע מיינונג אין אַלע פראַגן, מיט וועלכע די פאַרשטייער פון פאַרשיידענע לענדער זאָלן מסכּים זיין, צווייטנס, האָבן די רעפאָרמיסטן ניט געוואָלט אָפן אַרויסטרעטן מיט זייערע אָנשויונגען פאַר דעם אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטער־קלאַס. יעדע פּאַרטיי האָט זיך דאָ באַמיט צו ווייזן זיך בעסער, ווי זי איז אין דער פּראַקטיק. אָבער די דערפאַרונג פונעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל האָט גענוג בולט געוויזן, וואָס פאַר אַ ווערט עס האָבן שיינע באַשלוסן, ווען הינטער זיי איז ניטאָ קיין אָרגאַניזאַציע, וואָס זאָל זיין אימשטאַנד זיי צו דורכפירן אין לעבן.

## 3. נאַציאָנאַליזם אין דער פראָפאַרייִנישער פראַגע. אָפּאָרטוניזם אין דער קאָאָפּעראַטיווער פראַגע

קאָפּענהאַגען, 1910

בעת די קלאַסן־קעגנזאַצן און דער קלאַסן־קאַמף האָט זיך אין אַלע לענדער אַלץ מער פאַרשאַרפט, איז דער קאָפּענהאַגענער קאָנגרעס, ווי וואַנדערוועלדע

[illegible] געזאָגט אין זיין דערשטוינענדער, געווען „מער אַ קאָנגרעס פון גרינטלעכער קליינאַרבעט, איידער אַ פייערדיקער קאַמף־אָנזאָג".

די רוסישע רעוואָליוציע האָט אַרויסגערופן אַ געוואַלדיקע ווירונג אין די לענדער פון מיזרעך. איינע נאָך די אַנדערע האָבן זיך שנעל אַנטוויקלט די יונג־טערקישע רעוואָליוציע און די דעמאָקראַטישע רעוואָליוציע אין פּערסיע, וואָס זיינען אויך געווען געווענדעט קעגן דעם רוסישן אימפּעריאַליזם. אויך אין אינדיע און כינע איז געוואַקסן די רעוואָליוציאָנערע ווירונג. אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער האָט זיך די פאַרשאַרפטע לאַגע אויסגעדריקט אין באַוואָפנטע צוזאַמענשטויסן בא שטרייקן. אין שפּאַניע האָט די רעאַקציאָנערע רעגירונג געענטפערט אַף דעם אַרויסטריט פונעם פּראָלעטאַריאַט קעגן דער מאַראָקאָ־אַוואַנטיורע מיט אַ ווילדן טעראָר, וואָס האָט דערגרייכט זיין העכסטן פּונקט אין דערשיסן פערערן. אין שוועדן האָט זיך דער פּראָלעטאַריאַט אין 1909 יאָר פאַרטיידיקט קעגן אַ לאָקאַוט, מיט וועלכן די אונטערנעמער האָבן געוואָלט דורכזעצן אַ פאַרקירצונג פונעם אַרבעטס־לוין, מיט אַ גענעראַל־שטרייק, וואָס האָט אַרומגענומען 300,000 אַרבעטער און וואָס האָט געהאַט אַף אַזוי פיל דערפאָלג, אַז די פאַרקירצונג פונעם אַרבעטס־לוין איז אָפּגעשלאָגן געוואָרן. אין דייטשלאַנד האָט זיך דער וואַקסנדיקער קאַמף־ווילן פון די מאַסן אַרויסגעוויזן אין אַ ריי גרעסערע דעמאָנסטראַציעס פאַר וואַל־רעכט. דער לינקער פליגל אונטער דער אָנפירונג פון ראָזע לוקסעמבורג האָט פאַרשאַרפט די פּראָפּאַגאַנדע פאַר אַ גענעראַל־שטרייק, אָבער דער בלאָק פונעם צענטער מיטן רעכטן פליגל, וואָס איז געווען קעגן דער באַוועגונג פאַר אַ מאַסן־שטרייק, האָט זיך נאָך מער פאַרשטאַרקט אַדאַנק קאַוצקיס אָפענעם איבערגאַנג, וואָס האָט נאָך אין 1909 יאָר אין זיין ווערק „דער וועג צו דער מאַכט" אָנגעזאָגט וועגן דעם אָנקומען פון „אַ נייער עפּאָכע פון רעוואָליוציעס" און האָט עס פאַרבונדן מיט דער פערספּעקטיוו פון דעם אימפּעריאַליסטישן וועלט־קריג, וואָס דערנענטערט זיך.

אין דעם אַרטיקל „וואָס ווייטער?" אין דער „נייער צייט" פון 1910 יאָר האָט ער דערפּאָרן זיין וווּנדערלעכע טעאָריע וועגן דער „אויסמאַטערונג־סטראַטעגיע". די צייט איז נאָך ניט רייף פאַר אַנטשיידנדיקע קאַמפן, פאַר סטראַטעגיע פון אַראָפּוואַרפן. דער מאַסן־שטרייק ווי אַ געווער פון דער רעוואָליוציע איז דעריבער נאָך ניט אַקטועל. דער מאַגדעבורגער פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר אין 1910 יאָר האָט זיך מאַסע אַרויסגעזאָגט קעגן דעם שטימען פאַרן בודזשעט אין דאָרעם־דייטשלאַנד, אָבער אין דער אַנטשיידנדיקער פראַגע וועגן מאַסן־שטרייק איז געווען אַזאַ גרויסע מערהייט קעגן דעם לינקן פליגל, אַז ראָזע לוקסעמבורג האָט געהאַלטן פאַר קלוגער צוריקציען די רעזאָלוציע וועגן מאַסן־שטרייק.

די פראַגע וועגן פּראַקטישער אינטערנאַציאָנאַלער סאָלידאַריטעט איז אַפן קאָנגרעס געשטאַנען אין פאַרשיידענע פאָרמען. די שוועדישע פּראָפאַריינען האָבן זיך זייער ריכטיק באַקלאָגט, אַז אין זייער קאַמף האָבן זיי ניט געהאַט קיין גענוגנדיקע אינטערנאַציאָנאַלע אונטערשטיצונג, באַזונדערס מיצאַד די ענגלישע, פראַנצויזישע און בעלגישע פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען. די ענגלענדער האָבן

זיך פאַרענטפערט מיט דעם, וואָס די סטאַטוטן פון זייערע פּראָפאַריינען דערלויבן ניט קיין גרעסערע אָפּצאָלונגען אויף אַזעלכע צוועקן, דאָך האָט דער רעדנער פון דער אומאָפּהענגיקער אַרבעטער־פּאַרטיי דערקלערט, אַז די פּראָפאַריינען וועלן ביסלעכווייז זיך שטעלן אויפן וועג פון סאָציאַליזם. עס איז איינשטימיק אָנגענומען געוואָרן אַ רעזאָלוציע, וואָס פאָדערט אויף די אַרבעטער בײַ גרויסע קאַמפן צווישן אַרבעט און קאַפּיטאַל די קעמפנדע כאַוויירים „אונטערשטיצן מאָראַליש און מאַטעריעל אַזוי קרעפטיק, ווי דאָס איז נאָר מעגלעך בײַ דעם צושטאַנד פון דער באַוועגונג אין יעדן לאַנד”.

די פראַגע וועגן דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָלידאַריטעט איז אָבער געשטאַנען אין נאָך אַ שאַרפערער פאָרם אין דער קאָמיסיע, וואָס האָט געהאַט צו באַשליסן איבער דער פראַגע וועגן דער שפּאַלטונג אין די עסטרײַכישע פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען.

אין עסטרײַך איז געווען אַזויפיל סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, וויפל עס איז אין איר געווען פאַרשיידענע נאַציעס. וויקטאָר אַדלער האָט אויף דעם לאָנדאָנער קאָנגרעס אין 1896 יאָר געזאָגט, אַז די פאַנאַנדערטיילונג פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג לויט די נאַציאָנאַליטעטן, אַנטשפּרעכט די אינטערעסן פון דער אַרבעטער־באַוועגונג. אין דער ווירקלעכקייט האָט די דאָזיקע פאַנאַנדערטיילונג נאָר דערוויזן, אַז אין די פּאַרטייען פונעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל פעלט דער גייסט פון דעם עמעסן פּראָלעטאַרישן אינטערנאַציאָנאַליזם. אין אַ רעוואָלוציאָנערער מאַרקסיסטישער פּאַרטיי וואָלט געווען ניט שווער פאַרייניקן די סאָציאַליסטן פון אַלע נאַציעס אַרום איין געמיינזאַמען שטאַנדפּונקט אַפילע אין דער נאַציאָנאַלער פראַגע, וואָס איז געווען פאַר עסטרײַך אַזוי ברענענדיק. די אומבאַדינגטע אָנערקענונג פון דעם זעלבסטבאַשטימונג־רעכט פאַר אַלע נאַציעס, ניט רעכענענדיק זיך מיט דער עקזיסטענץ פון דער עסטרײַכישער מעלוכע, בײַ אַ פולשטענדיקער איינהייטלעכקייט פונעם קלאַסן־קאַמף פון די אַרבעטער קעגן דער דאָזיקער מעלוכע, וואָלט געקאָנט זיין די באַזע, אויף וועלכער עס וואָלטן זיך ניט אַנטוויקלט קיין שום נאַציאָנאַלע קעגנזאַצן.

אָבער אַזוי ווי בײַ די סאָציאַליסטן פון אַלע נאַציאָנאַליטעטן אין עסטרײַך איז געווען אַן איינפלוסרייכער רעכטער פליגל, בײַ וועמען דער נאַציאָנאַליזם איז געשטאַנען העכער פאַרן סאָציאַליזם, איז דעריבער געווען אוממעגלעך דערשלאָגן זיך אַן איינהייטלעכקייט אין די אָנשווינגען. די דײַטשישע סאָציאַלדעמאָקראַטיע אין עסטרײַך איז ניט געשטאַנען אויפן שטאַנדפּונקט פון אומבאַגרענעצטע רעכט אויף זעלבסטבאַשטימונג פאַר אַלע פעלקער, ווייל דאָס איז געווען אַ פאָדערונג, וואָס איז געווען געווענדעט קעגן דער עקזיסטענץ פון אַזאַ נאַציאָנאַליטעטן־מעלוכע ווי עסטרײַך. זי האָט זיך דערקלערט פּלאַטאָניש קעגן יעדע נאַציאָנאַלע אונטערדריקונג און פאַר אויטאָנאָמיע, אָבער נאָר אין די ראַמען פון עסטרײַך.

בײַ די סאָציאַליסטן פון די אונטערדריקטע פעלקער, באַזונדערס בײַ די טשעכישע סאָציאַליסטן האָט געהערשט דער בורזשואַזער נאַציאָנאַליזם, וואָס האָט די פראַגע פון דער נאַציאָנאַלער זעלבשטענדיקייט ניט אונטערגעוואָרפן די אינ־

מערעסן פון דעם פראלעטארישן קלאסן־קאמף, נאר זיי האבן זי געמאכט פאר א באזע פון א געמיינזאמער מיט די בורזשואזיע נאציאנאליסטישע פארטייען נאציאנאלער פראגראם.

ניט געקוקט אף דער נאציאנאלער שפאלטונג אין דער פארטיי איז, ווייניקסטנס ביזן 1904 יאר, געווען אן איינהייטלעכע פראפעסיאנעלע באוועגונג. דערנאך האט אבער די טשעכישע סאציאל־דעמאקראטיע געגרינדעט אין פראג אן אייגענע פראפאריינישע צענטראלע און האט זיך באמיט צו שפאלטן נאציאנאל די פראפאריינישע באוועגונג אומעטום, וו עס זיינען געווען טשעכישע ארבעטער. די דאזיקע שטרעבונגען, וואס אין א לאנד מיט א געמיש פון שפראכן זיינען געווען בוילעט קעגן די עלעמענטארסטע אינטערעסן פונעם ארבעטער־קלאס, האבן זיך אנגעשטויסן אף אן ענערגישן ווידערשטאנד מיצאד דעם לינקן פליגל אין דער טשעכישער סאציאל־דעמאקראטיע. די אזוי גערופענע „צענטראליסטן", וואס האבן געקעמפט פאר דער אינטערנאציאנאלער איינהייט פון דער פראפאריינישער באוועגונג, האבן געהאט אן איינפלוס אף דער מערהייט פון די פראפאריינס ארגאניזירטע משעכישע ארבעטער, באזונדערס אין מערן.

אין דער קאמיסיע איז געווען אריינגעטראגן א רעזאליוציע, וואס האט, פארופנדיק זיך אף דער שטוטגארטער רעזאליוציע וועגן די באציונגען צווישן פארטיי און פראפאריינען, געפאדערט די איינהייטלעכקייט פון די פראפאריינישע ארגאניזאציעס אין יעדער מעלוכע און האט דערקלערט, אז יעדער פרווו צו צעשפאלטן אינטערנאציאנאלע איינהייטלעכע פראפאריינען אף נאציאנאלע סעפאראטיסטישע טיילן וועט ווידערשפרעכן דעם גייסט פון דער איצטיקער רעזאליוציע.

דער פירער פון דער טשעכישער פארטיי, נעמעץ, האט אזוי געשטעלט די פראגע: די מעלוכע־קאמיסיע פון די פראפאריינען אין ווין איז נאר קלויכערשט אינטערנאציאנאל, ווייל זי איז פארבונדן מיט דער דייטשישער פארטיי. די טשעכישע ארבעטער ווילן ניט געבן קיין געלט „פאר ווין". די טשעכישע פארטיי דארף האבן די אונטערשטיצונג פון אן אייגענער פראפאריינישער ארגאניזאציע. „באזונדער מארשירן, צוזאמען שלאגן", דאס איז געווען דער פרינציפ פון דעם דאזיקן פאטענטירטן אינטערנאציאנאליסט.

ליענין האט זיך בא דער פראגע געהאלטן ווי א ראדיקאלער אינטערנאציאנאליסט—ווארשיינלעך ארויסגייענדיק פון א נאציאנאליסטישן שטאנדפונקט,—ווייל עס איז געווען געווענדעט קעגן די טשעכן. ער האט גערדאט די טשעכישע סעפאראטיסטן אפילע מיט אויסשליסן פון אינטערנאציאנאל... מיט שלאגנדיקע ארגומענטן האט דער פוילישער לינקער, קארסקי, וואס האט שפעטער געשפילט א פירנדיקע ראליע אינעם ספארטאקוס־בונד, צעקלאפט דאס פארופן זיך פון די טשעכישע סעפאראטיסטן אף דער שפאלטונג אין דער פאליטישער ארגאניזאציע.

„די טשעכן זאגן, אז אין עסטרייך איז די סאציאל־דעמאקראטיע ארגאניזירט לויט די נאציאנאליטעטן, הייסט דאס, מע מוז די פראפאריינען אויך ארגאניזירן לויט די נאציאנאליטעטן, אט דאס איז טאקע דער שווינדל־

אויסגעפֿיר, וואָס זיי מאַכן: אויב אין דער פֿאַמיליע איז פֿאַראַן איין הויקער, מאַכט מען ניט אויך אַ צווייטן פֿאַמיליע־מיטגליד פֿאַר אַ הויקער".

פּלעכאַנאָוו האָט אָנגעוויזן אויף רוסלאַנדס בײַשפּיל און האָט געזאָגט, אַז גראָדע דאָרטן, וווּ די פּאַרטיי איז געשפּאָלטן, מוזן די פּראָפּאַרייען העלפֿן אויפֿשטעלן די איינהייט.

פֿרידריך אַדלער, וואָס איז אויף דעם קאָנגרעס געווען ווי אַ דעלעגאַט פֿון דער שווייץ, האָט קאָנסטאַטירט, אַז די טשעכישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע איז געוואָרן אַ געפֿאַנגענע פֿון די נאַציאָנאַליסטן.

די רעזאָלוציע איז דערנאָך אָנגענומען געוואָרן זעגן די שטימען פֿון די טשעכישע סעפּאַראַטיסטן. די אייגנטימלעכע פֿאַרורטיילונג האָט אויף די טשעכישע סעפּאַראַטיסטן געמאַכט גאָר קליינעם איינדרוק, אַז דער טשעכישער רעפּאָרמיסט מאָדראַטשעק האָט אויסגערופֿן נאָכן אָננעמען די רעזאָלוציע: „אייערע רעזאָלוציעס וועלן סיי ווי ניט העלפֿן".

אויב אין דער פּראָפּאַרייִשער פֿראַגע האָט זיך אַרויסגעוויזן דער נאַציאָנאַליזם, וואָס האָט זיך שוין אײַנגעפֿרעסן אין דעמאָקראַטישן אינטערנאַציאָנאַל, האָט זיך אין דער קאָאָפּעראַטיווער פֿראַגע אַרויסגעוויזן דער רעפֿאָרמיזם, וואָס האָט שוין פּאַקטיש געווונען די מערהייט.

אין 1900 יאָר, אויף דעם פּאַריזשער אינטערנאַציאָנאַלן קאָנגרעס, האָט לאַפֿאַרג פֿעסטגעשטעלט, אַז די מיינונג פֿון איינעם אַ כּאַוער, אַז מע דאַרף רעקאָמענדירן די קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג ווי אַ מיטל אויף בײַצוקומען דעם קאַפּיטאַליזם, דריקט אויס די מיינונג וואָרפֿן אַלע אויף. אָבער דאַווקע דעמאָקראַטישער בערנשטייניש ער קוק אויף דעם קאָאָפּעראַטיוון סאָציאַליזם האָט געפֿונען זײַן אויסדרוק, עמעס אין אַן אָפּגעשוואַכטער פֿאָרם, אין דער רעזאָלוציע פֿון דער קאָמיסיע וועגן דער קאָאָפּעראַטיווער פֿראַגע. די רעזאָלוציע לייגט אַרויף אויף די געבוירן געזעלשאַפֿטן די אויפֿגאַבע „צו העלפֿן צוגרייטן די דעמאָקראַטיזירונג און סאָציאַליזירונג פֿון דער פּראָדוקציע און פֿונעם אויסטויש". הגם אין אַן אַנדער אָרט פֿון דער רעזאָלוציע איז געווען פֿאַרצייכנט, אַז די קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג קאָן קיינמאָל ניט ברענגען די באַפֿרייונג פֿון די אַרבעטער, אָבער ווי עס איז געווען אײַנגעפֿירט אין די צײַטן פֿון דער הערשאַפֿט פֿונעם צענטער אינעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל איז די רעוואָלוציאָנערע און רעפֿאָרמיסטישע שטעלונג געווען אַזוי צונויפֿגעמישט, אַז יעדערער האָט געקאָנט אַרויסלייענען פֿון דער רעזאָלוציע אַלץ, וואָס ער האָט נאָר געוואָלט.

נאָך דעם ווי פֿאַן־קעל האָט אין נאָמען פֿון דער דײַטשישער דעלעגאַציע באַגרינדעט דעם רעפֿאָרמיסטישן שטאַנדפּונקט וועגן דעם טאָג פֿון דער קאָאָפּעראַציע בײַ דער בורזשואַזער געזעלשאַפֿט און געד האָט באַגרינדעט דעם מאַרקסיסטישן שטאַנדפּונקט, האָט לענין אַרײַנגעטראָגן אַן אויסבעסערונג, צו אָנערקענען, אַז די קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג וועט האָבן אַ דעמאָקראַטיזירנדיקע און סאָציאַליזירנדיקע ווירקונג ערשט אין דער צײַט, ווען די קאַפּיטאַליסטן וועלן ווערן עקספּראָפּרייִרט. דערדאַזיקער פֿאָרשלאָג האָט געצוווּנגען אַלע מיטגלידער פֿון דער קאָמיסיע אָפּן צו ווײַזן וועלכע זיי זײַנען, און זיי

האָבן געוויזן, אַז זיי זיינען רעפאָרמיסטן. דער פּאַרשלאַג איז אָפּגעוואָרפן געוואָרן קעגן אַ קליינער מינדערהייט. דערנאָך איז די רעזאָלוציע אָנגענומען געוואָרן קעגן מאָדראַטשעקס שטימע, וואָס איז געווען אַ עקסטרעמער „קאָאָפּעראַטיווער סאָציאַליסט" און פאַר וועמען די רעזאָלוציע איז נאָך געווען ניט גענוג גענייגט אין דער זייט פון רעפאָרמיזם, און קעגן לענינס שטימע.

אין זיין אַרטיקל „די קאָאָפּעראַטיווע פראַגע אויף דעם אינטערנאַציאָנאַלן קאָנגרעס אין קאָפּענהאַגען אין 1910 יאָר" *), גיט לענין איבער, אַז די רוסישע און פוילישע סאָווירים האָבן אומזיסט געפּרוווט צו פאַרזיכערן זיך מיט דער אונטערשטיצונג פון דעם לינקן פליגל פון דער דייטשישער דעלעגאַציע דורך דעם רעדאַקטער פון דער „נייער צייט" ווורם.

ווורם האָט געזאָגט: „מיין שטאַנדפּונקט וועגן דער קאָאָפּעראַטיווער פראַגע איז אינגאַנצן אַן אַנדערע ווי די, וועלכע עס האָט פאַרטיידיקט פאַן־עלם, פונדעסטוועגן וועלן מיר מיטשטימען אַלע שטימען פאַר איין געמיינזאַמער רעזאָלוציע".

לענין ווייזט אָן דערויף, אַז אויף די וועלט־קאָנגרעסן ווערט די דייטשישע דעלעגאַציע באַהערשט פון די אָפּאָרטוניסטן, ווייל די פּאַרטיי און די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען שטעלן אויף די דעלעגאַציעס פון צוויי גלייכע טיילן און די פּראָפאַריינען שיקן נאָר אָפּאָרטוניסטן**), און באַמערקט דערצו:

„ווורמס טאַקטלאָזיקייט קעגן עלם איז נאָר אַ נייע אילוסטראַציע צו דעם קריזיס פון דער דייטשישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, וואָס באַקומט אַלץ אַ גרעסערן אומפאַנג און שטויסט דערצו, אַז מע זאָל מיט די אָפּאָרטוניסטן איינמאָל פאַר אַלעמאָל מאַכן אַ סאָף".

דער לינקער פליגל האָט זיך אויף דעמאָזיקן קאָנגרעס געפילט אַזוי שוואַך, אַז געד, לענין און די דייטשישע לינקע האָבן זיך צונויפגערעדט ניט צו פירן דעם קאַמף ווייטער אויפן פּלענום און אַזוי אַרום איז די רעזאָלוציע פון דער קאָמיסיע איינשטימיק אָנגענומען געוואָרן.

די קאָמיסיע וועגן דער מילכאָמע־פראַגע האָט געאַרבעט אונטערן צייכן פון פּאַציפיסטישע אילוזיעס. די פאָדערונג וועגן אָבליגאַטארישע אַרביטראַזשגעריכטן, וועגן אַלגעמיינער אַנטוואָפענונג, וועגן אָפּשאַפן די געהיימע דיפּלאָמאַטיע — אָט דאָס זיינען געווען די נייע רעצעפּטן, וואָס זיינען אַרויסגערוקט געוואָרן אויפן ערשטן אָרט. ראַדעק אַלס פאָרטרעטער פון די פוילישע לינקע איז שאַרף אַרויסגעטראָטן קעגן דיזאָזיקע פאָדערונגען. עס איז ניטאָ קיין שום אינטערנאַציאָנאַלער קויעך, וואָס זאָל צווינגען די אימפּעריאַליסטן צו פאַרווירקלעכן די אַנטוואָפענונג־מאָסמיטלען. די יאָם־אַנטוואָפענונג פאַר וועלכע די דייטשישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע האָט זיך באַזונדערס איינגעשטעלט, אויב עס

*) לענין, געזאַמלטע ווערק, 2־טע אויפלאַגע (רוס־ש) ב. 14, ז. 357.

**) וועגן דעם צוזאַמענשטעל פון דער דייטשישער דעלעגאַציע קאָן מען באַקומען אַ פאָרשטעלונג, ווען מע דערוויסט זיך, אַז ל י ע ג י ן און ע ב ע ר ט זיינען געווען די פאָרזיצערס. דעם אַלטן בעבעל האָט דער צושטאַנד פון זיין געזונט געשטערט זיך צו באַטייליקן אינעם קאָנגרעס.

וואָלט זיך אַפֿילו איינגעשעמט צייטווייליק זי צו דורכפֿירן, וואָלט עס נאָר געבראַכט צו אַ פֿאַרשטאַרקונג פֿון די באַוואָפֿענונגען אַף דער טריקעניש. ראָזאַ האָט אָנגעוויזן דערויף, אַז די דייטשישע און ענגלישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן, אַנגעמענעדיק די פֿאָדערונג פֿון די בורזשואַזע פּאַציפֿיסטן וועגן אַנטוואָפֿענונג, אונטערשטיצן פֿאַקטיש די אַרגומענטאַציע פֿון די אימפּעריאַליסטן, וואָס באַרעכטיקן זייערע באַוואָפֿענונגען מיטן וווּקס פֿון די באַוואָפֿענונגען אין די אַנדערע מלוכות.

*

לעדעבור האָט פֿאַרטיידיקט די האַלטונג פֿון דער דייטשישער רייכסטאַג־פֿראַקציע מיט דעם אַרגומענט, אַז אין דער איצטיקער מלוכה קאָן מען ניט אַריינטראָגן קיין ריין סאָציאַליסטישע פֿאָרשלאָגן, און דער קאַמף פֿון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע פֿאַר דעם אינטערנאַציאָנאַלן אָפּמאַך וועגן פֿאַרקלענערן די פֿלאָטן האָט פֿאַר דעמאָזיקן געדאַנק געוווּנען אַ סך אָנהענגער אין די בירגערלעכע קרייזן.

ווייאַן און קיר־האַרדי האָבן ווידער געפֿאָדערט דעם גענעראַל־שטרייק קעגן מלחמה. דער פֿאָרשלאָג איז ווידער אָפּגעוואָרפֿן געוואָרן, דערביי האָט לעדעבור אַרויסגעשלעפּט די אַלטע אַרגומענטן, אַז אַזאַ מין באַשלוס וואָלט אין רעאַליטעט כאָרעוו געמאַכט די אָרגאַניזאַציעס. אין דייטשלאַנד קאָן מען זיך אַזוינע זאַכן ניט דערלויבן, איז דאָך שוין קאַרל ליבקנעכט פֿאַרורטיילט געוואָרן צו טפֿיסע פֿאַר זיין רעדע אין קעניגסבערג קעגן מיליטאַריזם.

איבערן פֿאָרשלאָג פֿון רוסישן דעלעגאַט אַריינצושטעלן אין דער רעזאָלוציע אַ פֿאַרפֿליכטונג צו פֿירן אַ פּראָפּאַגאַנדע אין דער אַרמיי איז מען איבערגעגאַנגען צו דער טאָג־אָרדענונג.

אַ שאַרפֿע דיסקוסיע האָט זיך פֿאַנאַנדערגעפֿלאַקערט וועגן דער פּאָזיציע פֿון דער עסטרייכישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע אין דער פֿראַגע וועגן דער אַנעקסיע פֿון באָסניע און הערצעגאָווינאַ אין 1908 יאָר. די סערבישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע האָט זיך באַקלאָגט, אַז די עסטרייכישע כאַווײרים זיינען ניט אַרויסגעטראָטן קעגן דער עסטרייכישער דעראָבערונג־פּאָליטיק. די דייטשישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע האָט זיך אָבער דיסקרעדיטירט דערמיט, וואָס זי איז ניט גענוג ענערגיש אַרויסגעטראָטן קעגן דער דעראָבערונג־פּאָליטיק פֿון די גרויסע מלוכות און האָט ניט געקעמפֿט פֿאַר די זעלבסטבאַשטימונג־רעכט פֿון די קליינע באַלקאַן־פֿעלקער.

דער פֿירער פֿון די עסטרייכישע רעפֿאָרמיסטן, רענער, האָט אַף דעם געענטפֿערט, אַז די עסטרייכישע פּאַרטיי איז אַרויסגעטראָטן קעגן דער דעראָבערונג־פּאָליטיק פֿון עסטרייך ווי אויך קעגן דער דעראָבערונג־פּאָליטיק פֿון סערביע און מאָנטענעגראָ (משערנאָגאָריע). אַ באַשלוס פֿון דעם אינטערנאַציאָנאַל קאָן ניט זיין אויסשעפּנדיק אין אַלע הינזיכטן. די פֿאָדערונגען וועגן אַנטוואָפֿענונג טאָרן ניט ברענגען דערצו, אַז אַ לאַנד זאָל בלייבן אָן אַ פֿאַרטיידיקונג. איינער פֿון די קומענדיקע קאָנגרעסן וועט אויסאַרבעטן אַן אַנטימיליטאַריסטישע פּראָגראַם.

אין זיין רעדע האָט זיך שוין דייטלעך אַרויסגעוויזן, אַז דער רעכטער פֿליגל

פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל האָט גאָרניט בעדייט באַגרענעצן זיך אין זיין פּאַטריאָטישער פּאָליטיק דורך אינטערנאַציאָנאַלע באַשלוסן.

אַפן פלענום פונעם קאָנגרעס האָט לעדעבור פאַרטיידיקט די פּאַציפיסטישע פאָדערונגען פון דער רעזאָלוציע פון דער קאָמיסיע־מערהייט. ער איז שאַרף אַרויסגעטראָטן קעגן דעם גענעראַל־שטרייק. קיר־האַרדי האָט איבערהויפט קיין מאָראַלישע רעכט ניט אַריינצוטראָגן א רעזאָלוציע וועגן א גענעראַל־שטרייק קעגן דער פאַרקלענערונג פון די ענגלישע יאַם־באַוואָפענונגען, מאָטיווירנדיק ביודזשעטן.

קיר־האַרדי, דער פירער פון דער „פון סאָציאַליזם אומאָפּהענגיקער" אַרבעטער־פּאַרטיי, האָט דערויף געענטפערט, אַז לעדעבור האָט זיך ניט געטאָרט אַריינמישן אין די איבערלעבע פּאָליטישע טאַקטישע פראַגן פון ענגלאַנד. נאָר אַזוי ענגלישע סאָציאַליסטן, בלעטשפאָרד און היינדמאַן האָבן זיך אַרויסגעזאָגט קעגן דער פאַרקלענערונג פון די ענגלישע יאַם־באַוואָפענונגען, מאָטיווירנדיק דאָס מיט דעם דראָענדיקן דייטשישן אָנגריף (דאָס זיינען געווען צוויי פּאַרלאַמענט־דעפּוטאַטן פון דער לייבאָר־פּאַרטיי, היינדמאַן — איינער פון אירע איינפלוסרייכסטע פירער!). דאָס שטימען פאַר דעם גאַנצן ביודזשעט האָט ניט צו טאָן מיטן שטימען פאַר די יאַם־באַוואָפענונגען. די ביודזשעט־אָפּשטימונג איז ניט קיין פראַגע פון פּרינציפּ, נאָר א פראַגע פון א ריין פּראַקטישע און טאַקטישע (דאָ פאַרצייכנט דער סטענאָגראַפישער באַריכט פון קאָנגרעס: „א הייסע צושטימונג בא די פראַנצויזן און ענגלענדער, דעמאָנסטראַטיווע אָפּלאָדיסמענטן בא דער דייטשישער מינדערהייט"!). לעדערבורס שטאַנדפּונקט איז א רעשטל פון יענער צייט, ווען די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע איז נאָך געווען אַנטיפּאַרלאַמענטאַריש. אין ביודזשעט זיינען אויך פאַראַן די אויסגאַבן פאַר סאָציאַלע צוועקן. מע דאַרף גיין ווייטער ווי די שטוטגאַרטער רעזאָליוציע, עס האַנדלט זיך ניט וועגן א גענעראַל־שטרייק, עס איז גענוג א שטרייק אין דער מילכאָמע־אינדוסטריע.

נאָכדעם ווי ווייאַן האָט אָנגעוויזן אַף דעם, אַז דער גענעראַל־שטרייק, ווי א מעגלעכער קאַמף־מיטל קעגן דער מילכאָמע, איז אויך פאַראַן אין דער שטוטגאַרטער רעזאָליוציע און אַז אין פאַל פון א מילכאָמע וועלן פּאַרלאַמענטאַרישע מיטלען צו קיין זאַך ניט טויגן, האָט דער קאָנגרעס באַשלאָסן איבערצוגעבן דעמאָדאַזיקן פאָרשלאַג דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער ביוראָ, וואָס זאָל אָפּגעבן א באַריכט וועגן דעם אַפן קומענדיקן אינטערנאַציאָנאַלן קאָנגרעס.

נאָכדעם איז די רעזאָליוציע פון דער קאָמיסיע ווי געוויינלעך אָנגענומען געוואָרן איינשטימיק. דידאָזיקע איינשטימיקייט פלעגט פאַרשמירן אַלע מיינונג־פאַרשידנהייטן.

די רעוואָליוציע אין טערקיי און אין פּערסיע האָט צום ערשטן מאָל געגעבן דעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל א געלעגנהייט קלאָר אַרויסצווייזן זיין פּרינציפּיעלע פּאָזיציע אין די פראַגן פון די קאָלאָניאַלע רעוואָליוציעס. דאָס איז אָבער ניט געשען, די באַציונג פונעם קאָנגרעס צו דידאָזיקע רעוואָליוציעס האָט זיך אויסגעדריקט נאָר אין אַלגעמיינע סימפּאַטיע־רעזאָליוציעס.

די רעזאָלוציע וועגן דער טערקישער פֿראַגע פּראָטעסטירט קעגן דער מיעסער קאַפּיטאַליסטישער קאָלאָניאַלער פּאָליטיק פֿון די אייראָפּעישע מעלוכעס, פֿאָדערט א דעמאָקראַטישע קאָנסטיטוציאָנעלע רעפֿאָרם אין די באַלקאַנישע לענדער און פֿאַרורטיילט די רעאַקציאָנערע מאַסמיטלען פֿון דער יונג־טערקישער רעגירונג קעגן די פּראָפֿאַריינישע אָרגאַניזאַציעס און קעגן שטרייקן.

די רעזאָלוציע וועגן דער פּערסישער פֿראַגע פֿאַרורטיילט די אימפּעריאַליסטישע אינטריגעס פֿונעם צאַריזם קעגן דער פּערסישער דעמאָקראַטיע און רופֿט די אייראָפּעישע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען צום קאַמף קעגן דעם צאַריזם.

דער געדאַנק, אַז די קאָלאָניאַלע רעוואָלוציעס שטעלן מיט זיך פֿאָר א קאָלאָסאַלן קוואַל פֿון קראַפֿט פֿאַר דעם אינטערנאַציאָנאַלן רעוואָלוציאָנערן קאַמף קעגן דעם אימפּעריאַליזם, א געדאַנק, וואָס לענין האָט שוין דעמאָלט אַנטוויקלט, האָט זיך ניט אָפּגעשפּיגלט אין די דאָזיקע רעזאָלוציעס.

## 4. די דיסקוסיע וועגן אימפּעריאַליזם און די שוועס פֿון באַזעל

1914—1913

עס האָט אויסגעזען, אַז אין קאַמף קעגן דעם אימפּעריאַליסטישן קריג, וואָס האָט אַלץ מער דראָענדיק זיך דערנעענטערט, איז דער סאָציאַליסטישער אינטערנאַציאָנאַל אינגאַנצן איינִיק. אָבער הינטער דער פֿאָרמעלער איינהייט אין דער נעגאַטיווער באַציִונג צו דער מילכאָמע זיינען געווען באַהאַלטן די טיפֿסטע פּרינציפּיעלע כלוקע־דייעס. קעדיי צו האַסן און פֿאַראַכטן די מילכאָמע דאַרף מען ניט זיין קיין סאָציאַליסט. די מערהייט פֿון די פּראָלעטאַרישע און קליינבירגערלעכע מאַסן אין אַלע לענדער איז געווען פֿאַרן י. 1914 געשטימט קעגן דער מילכאָמע; ניט צופֿעליק האָט דער בלוטיקער צאַר ניקאָליי געזוכט פּאָפּולאַריטעט אויפֿרופֿנדיק די האַאַגער פֿרידן־קאָנפֿערענץ. אין פֿראַנקרייך ווי אין ענגלאַנד האָט מען געפֿירט די פּאָליטיק פֿון אימפּעריאַליסטישע מילכאָמע־באַוואָפֿענונגען אונטער דער פּאַציפֿיסטישער מאַסקע פֿון זיכערן דאָס לאַנד קעגן דעם דראָענדיקן אָנפֿאַל פֿונעם דייטשישן מיליטאַריזם.

אין דייטשלאַנד האָט זיך אַרויסגעוויזן די שטימונג פֿון די מאַסן קעגן דער מילכאָמע אין דעם געוואַלטיקן וואַל־ניצאָכן פֿון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי אין יאָר 1912. דער ווידערשטאַנד פֿון דער פּאַרטיי קעגן דער באַוואָפֿענונג־פּאָליטיק, קעגן דעם געוואַלדיק וואַקסנדיקן מיליטערישן בודזשעט האָט דערהויפּט געוואונען די מאַסן קעגן דעם אימפּעריאַליסטישן איינהייטלעכן פֿראָנט פֿון די בורזשואַזע פּאַרטייען. אין א וואַל־קאַמף, אין וועלכן די פֿראַגן פֿון יאָקרעס, פֿונעם שטייער־לאַסט, פֿון דער טאַמאָזשנע־פּאָליטיק זיינען פֿאַרבונדן געוואָרן אין דער ערשטער ליניע מיט די פֿראַגן פֿון דער אימפּעריאַליסטישער פּאָליטיק, האָט די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי פֿאַרגרעסערט די צאָל אירע שטימען פֿון 3 מיליאָן 250 טויזנט ביז 4 מיליאָן 250 טויזנט און די צאָל מאַנדאַטן פֿון 43 ביז 110.

סיי אין דער טריפּאָליטאַנישער מילכאָמע, אין וועלכער איטאַליע האָט אין

1911 יאָר געפֿירט אַן אַמאָגע דראַבערונגס־מילכאָמע קעגן טערקײַ ווי אויך אין די באַלקאַן־מילכאָמעס, וואָס האָבן זיך אין 1912 יאָר אָנגעהויבן אונטער דער מאַסקע פֿון נאַציאָנאַלע באַפֿרײַונגס־מילכאָמעס פֿון די קריסטלעכע באַלקאַן־פֿעלקער קעגן טערקײַ און האָבן זיך באַלד פֿאַרוואַנדלט אין אַ קאַמף פֿאַר רױב צווישן די קלײנע באַלקאַן־מעלוכעס, הינטער וועלכע עס זײַנען געשטאַנען די אימפּעריאַליסטישע גרויסע מעלוכעס, האָבן די סאָציאַליסטישע פּאַרטײען פֿון די באַטײליקטע לענדער אַרויסגעטראָטן אַנטשיידן קעגן דער מילכאָמע. פֿון דער איטאַליענישער פּאַרטײ זײַנען אַרויסגעוואָרפֿן געוואָרן די פֿאַרטרעטער פֿון סאָציאַל־אימפּעריאַליזם. די סאָציאַליסטן פֿון טערקײַ און פֿון די באַלקאַן־לענדער האָבן אײנשטימיק פֿאַרורטײלט די מילכאָמע, וואָס אונטער אַ מאַסקע פֿון נאַציאָנאַלער באַפֿרײַונג האָט זי פֿאַקטיש פֿאַרגעשטעלט מיט זיך די ערשטע טרוו־שלאַכטן פֿון די אימפּעריאַליסטישע מעלוכעס פֿאַר אַ נײַער פֿאַנאַנדערטײלונג פֿון דער וועלט.

אין דער צײַט, דירעקט פֿאַרן אָנהייב פֿון דער וועלט־מילכאָמע, איז אויסגעקומען אומעגלעך, אַז 'באַם אויסברוך פֿון דער דאָזיקער מילכאָמע וועט די קעגנערשאַפֿט פֿון די סאָציאַליסטן צו דער מילכאָמע פֿאַרוואַנדלט ווערן אין אַ פּאַרטײדיקונג פֿונעם בורזשואַזן פֿאָטערלאַנד. אָבער די ווירקלעכע שוואַכקײט און אומאײניקײט פֿונעם סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל האָט זיך אַרויסגעוויזן אין דער ניט־קלאָרקייט אין די פֿראַגן פֿון אימפּעריאַליזם און דער דערנענטערונג צום דעם בירגערלעכן פּאַציפֿיזם, וואָס איז דערפֿון אַרויסגעשפּרונגען.

בורזשואַזע פּאַציפֿיסטן ווי זיי זאָלן ניט ערלעך פֿאַראַכטן די מילכאָמע, האָבן זיי ניט געפֿירט קײן אויסגעהאַלטענעם קאַמף קעגן דער אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע, וועלכע איז כאַראַקטעריסטיש פֿאַר אונדזער עפּאָכע: ווײַל, ווי בורזשואַן, זײַנען זיי סאָלידאַריש מיט דער בורזשואַזער מעלוכע און זיי קענען זי ניט אָנגרײַפֿן און ברענגען זי אין געפֿאַר, ווײַבאַלד איר עקזיסטענץ ווערט געשטעלט דורך דער מילכאָמע אין געפֿאַר. עס איז גאָר קײן כידעש ניט געווען, וואָס אַלע בורזשואַזע פּאַציפֿיסטן זײַנען בײַ דעם אויסברוך פֿון דער מילכאָמע געוואָרן פֿאָטערלאַנד־פֿאַרטײדיקער. גענוי דאָסזעלבע האָט געמוזט פּאַסירן מיט יעדן „סאָציאַליסט", וואָס אין זײַן קעגנערשאַפֿט צו דער מילכאָמע האָט זיך ניט אונטערשיידט פּרינציפּיעל פֿון די בורזשואַזע פּאַציפֿיסטן.

איבער דער פֿראַגע וועגן אימפּעריאַליזם און בורזשואַזן פּאַציפֿיזם האָט דיסקוטירט דער כעמניצער צוזאַמענפֿאָר פֿון דער דײַטשישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטײ אין סעפּטעמבער 1912 יאָר. אין דער דיסקוסיע האָבן זיך ווידער אויסגעטײלט יענע גרופּירונגען, וואָס זײַנען געוואָרן אַזוי כאַראַקטעריסטיש פֿאַר דער אינערלעכער פּאַרטײִשער לאַגע זינט דעם מאַנהײמער פּאַרטײ־צוזאַמענפֿאָר פֿון 1908 יאָר. די רעכטע האָבן זיך באַהאַלטן הינטער דעם צענטער, וואָס האָט זײער שוואַך געפֿירט דעם קאַמף קעגן רעכטס, אָבער גאַנץ אַנטשיידן קעגן לינקס. קעגן דעם דאָזיקן אײנהײטלעכן פֿראָנט איז די לינקע געווען אַ בעערעך גאַנץ קלײנע גרופּע. די רעכטע האָבן באַהאַלטן זײער אימפּע־

ריאליזם, וואס איז באזונדערס שטארק געווען אין דער סאלאניקער פראגע, הינטער פאציפיסטישע פראזן און דער פאציפיזם — אט דאס איז געווען די פלאטפארם, ארום וועלכער עס האבן זיך פאראייניקט דער צענטער און די רעכטע.

דער שטרייט צווישן די לינקע און דעם צענטער האט זיך געדרייט ארום דער פראגע, צו דער אימפעריאליזם מיט זיין באוואפענונג-פאליטיק און מיט די אימפעריאליסטישע מילכאמעס איז א נויטווענדיקע דערשיינונג פונעם קאפיטאליזם אין אונדזער עפאכע, אדער ער איז נאר א רעזולטאט פון דער פאליטיק פון די קאפיטאליסטן אדער פון א טייל קאפיטאליסטן, וואס קאן פארביטן ווערן אף א פאציפיסטישער פאליטיק נאך אין דער בורזשואזער געזעלשאפט.

די פירער פונעם צענטער, קאוטסקי, האאזע, לעדעבור, האבן געהאלטן, אז אויך אינעם קאפיטאליזם זיינען פאראן טענדענצן, וואס זיינען קעגן דעם אימפעריאליזם, טענדענצן, וואס מע מוז אויסניצן, קעדיי אפן וועג פון אנטוואפענונג און פון ארביטראזש-געריכטן פארקלענערן די מילכאמע-געפאר אדער זי אינגאנצן צו פארניכטן.

דער לינקער פליגל, אין וועלכן עס האבן דעמאלט געשפילט אן אנפירנדיקע ראליע ראזע ליוקסעמבורג, ראדעק, פאנעקוק, לענש, האבן געהאלטן, אז דער אימפעריאליזם איז די כאראקטעריסטישע פארם פאר דער איצטיקער אנטוויקלונגס-סטאדיע פונעם קאפיטאליזם און די פיבערהאפטע באוואפענונגען, קאלאניאלע פאליטיק און אימפעריאליסטישע מילכאמעס זיינען נויטווענדיקע באשטאנדטיילן פון דער קאפיטאליסטישער געזעלשאפטלעכער ארדענונג. זיי האבן ניט אנערקענט קיין שום אנדערע קעגן-טענדענצן קעגן דעם אימפעריאליזם אכוץ דעם קלאסן-קאמף פונעם רעוואלוציאנערן פראלעטאריאט און קיין שום אנדער מיטל אף ניט צו דערלאזן קיין מילכאמע אכוץ דער סאציאליסטישער רעוואלוציע. די לינקע זיינען דעריבער ארויסגעטראטן קעגן דעם לאזונג פון אנטוואפענונג און ארביטראזש-געריכטן ווי בורזשואזי-פאציפיסטישע שווינדל-לאזונגען.

האאזע, וואס איז ארויסגעטראטן אלס רעפערענט פונעם צענטראל-קאמיטעט פון דער פארטיי, האט אנגעוויזן דערויף, אז די ענגלישע רעגירונג האט ניט איינמאל געשטרעבט צו פירן אונטערהאנדלונגען מיט דער דייטשישער רעגירונג וועגן יאם-אנטוואפענונג. דאס באווייזט, אז די פיבערהאפטע באוואפענונגען זיינען ניט קיין לעבן-באדינגונג פון קאפיטאליזם. דעריבער איז דער פארשלאג פון דער דייטשישער רייכסטאג-פראקציע וועגן באגרענעצן די באוואפענונגען געווען א ריכטיקער. אלס קעגן-טענדענץ קעגן דער קריגערישער טענדענץ פונם אימפעריאליזם האט ער אנגעוויזן אף דער טענדענץ צו בילדן אינטערנאציאנאלע טרעסטן. אויב ווידער א דייטשיש-ענגלישע מילכאמע איז אומפארמיידלעך, צו וואס זיינען דאן נויטיק איבערהויפט פרידן-דעמאנסטראציעס?

לענש, וואס איז ארויסגעטראטן אלס הויפט-רעדנער פון די לינקע, ווייז

דאָס, ליוקסעמבורג האָט צוליב אַ קראַנקייט ניט געקאָנט זיך באַטייליקן אין דעם פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר, האָט גאַנץ ריכטיק געענטפערט אַף דער דאַזיקער צענטריסטישער אַרגומענטאַציע: צייטווייליקע און טיילווייזע אָפּמאַכן וועגן אַנט-וואָפענונג צווישן איינצלנע מעלוכעס זיינען געוויס מעגלעך, אָבער אַן אינטער-נאַציאָנאַלער אָפּמאַך וועגן אַן אַלגעמיינער באַגרענעצונג פון די באַוואָפענונגען איז אומעגלעך. יע, עס זיינען פאַראַן קעגנטענדענצן קעגן די פּיבערהאַפטע באַוואָפענונגען, קעגן דעם אימפּעריאַליזם, אָבער דאָס זיינען די קעגנטענדענצן קעגן דעם קאַפּיטאַליזם איבערהויפּט: דער סאָציאַליזם!

„דידאַזיקע קעגנטענדענצן זיינען אין זייער טאָך רעוואָלוציאָנער, זיי פירן אַרויס פון די ראַמען פון דער עקזיסטירנדיקער געזעלשאַפטלעכער אָר-דענונג. מיר דאַרפן זיך שטעלן אין זייער דינסט. אָבער דידאַזיקע קעגנטענ-דענצן הייסן גאָרניט וועגן אַנטוואָפענונג...

לאָמיר זאָגן די מאַסן, אַז דער אימפּעריאַליזם איז דאָס לעצטע וואָרט פון דער עקזיסטירנדיקער געזעלשאַפטלעכער אָרדענונג, און ער מאַכט אויף אַלע קוואַלן פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע! באַהערשנדיק דעם גאַנצן ערד-קרייז, שעפּט ער אויס זיינע לעצטע רעזערוואַרן, פון וועלכע עס קוועלן זיינע לעבנס־קרעפטן, און ער פאַרשיט די קאַנאַלן, אין וועלכע ער קאָן אויסגיסן זיינע קאָלאָסאַל געשטיגענע פּראָדוציר-קרעפטן. אין לאַנד אָבער גופא פאַר-שאַרפט ער אַלע קעגנזאַצן ביז גאָר און בעת די טישן פון די קאַפּיטאַל-מאַגנאַטן ברעכן זיך אונטערן גאָלד, שפּריזט איבער די אַרבעטער־מאַסן דער געשפּענסט פון הונגער־נויט. פאַר אונדזערע אויגן פאַרשאַרפט זיך דער קלאַסן־קאַמף און אין די מאָדערנע ריזיקע קאַמפן פון די פּראָפּאַריינען שטייען די אָרגאַניזירטע קלאַסן איינער קעגן דעם אַנדערן אַזוי נאָענט, אַז מע זעט דעם ווייסל פון אויג פונעם קלאַסן-קעגנער. מיר טרעטן אַריין אין אַ צייט פון גרויסע מאַסן־שלאַכטן און שווערסטע קאָנפליקטן, וואָס שטעלן די העכ-סטע פאָדערונגען צום פאַרשטאַנד און טאַט־קויעך פון די פּראָלעטאַרישע אָרגאַניזאַציעס. צו דידאַזיקע קאַמפן מוז מען זיך גרייטן".

דידאַזיקע אַרגומענטאַציע האָט געמאַכט אַ געוויסע ווירקונג אַף האַזען, אויך איז ער צעמישט געוואָרן דערפון, וואָס בערנשטיין, וועלכער איז געווען אַזוי באַגייסטערט מיט דעם לאָזונג פון אַנטוואָפענונג און אַרביטראַזש־געריכטן, האָט אויך צוגעשטימט צו לענש אַרגומענטן. דעריבער האָט ער אין זיין שלוס־וואָרט געזאָגט, אַז מע טאָר ניט איבערטרייבן די באַדייטונג פון די אַרביטראַזש־גע-ריכטן און אַז די גאַנצע פּאַרטיי איז איינמוטיק אינעם ווילן צו וואַרפן דעם גאַנצן קויעך פונעם פּראָלעטאַריאַט קעגן דער מילכאָמע-געפאַר.

„דער אימפּעריאַליזם ווערט דער קאַברען פון דעם קאַפּיטאַליסטישן פּראָ-דוציר־אויפן, דער קאַפּיטאַליזם וועט אַף דער העכסטער סטאַדיע פון זיין אַנטוויקלונג פאַרוואַנדלט ווערן אין סאָציאַליזם".

די רעזאָלוציע, וואָס איז אָנגענומען געוואָרן קעגן דריי שטימען, בא צוויי אָפּגעהאַלטענע, פאַרמאָגט אין זיך די אַזוי כאַראַקטעריסטישע פאַר דעם צענטער

בײַשונג פון רעוואָלוציאָנערע האַנאַכעס װעגן דעם אימפּעריאַליזם אַלס שטופּע צום סאָציאַליזם מיט פּאַציפיסטישע אילוזיעס.

„אויב אפילע דעם אימפּעריאַליזם, װאָס איז אַ רעזולטאַט פון דער קאַפּיטאַליסטישער עקאָנאָמיק, קאָן מען בײַקומען נאָר צוזאַמען מיט איר, טאָר מען דאָך ניט אָפּזאָגן זיך פון קײן אײן מיטל, װאָס קאָן מילדערן זײַנע געפערלעכע פאַר דער געזעלשאַפט װירקונגען.

דער פּאַרטײ־צוזאַמענפאָר פּראָקלאַמירט דעם אַנטשלאָסענעם װילן אַלץ אַנצװוענדן כּדי צו ברענגען צו אַ פאַרשטענדיקונג צװישן די פעלקער און אָפּהיטן דעם שאָלעם.

דער פּאַרטײ־צוזאַמענפאָר פאָדערט, אַז עס זאָל אָפּן װעג פון אינטערנאַציאָנאַלע אָפּמאַכן געמאַכט װערן אַ סאָף מיט די װעט־באַװאָפענונגען, װאָס באַדראָען דעם שאָלעם און טרײַבן די מענטשהײט צו אַ שרעקלעכער קאַטאַסטראָפע.

דער פּאַרטײ־צוזאַמענפאָר פאָדערט אַנשטאָט דער רױבערישער דעראָבערונג־פּאָליטיק די פרײַהײט פונעם װעלט־פאַרקער און די באַזײַטיקונג פון דער שוץ־צאָל סיסטעם, װאָס דינט נאָר צו באַרײַכערן די מאַגנאַטן פון קאַפּיטאַל און די גרױסע פּריצים.

דער פּאַרטײ־צוזאַמענפאָר דערװאַרט, אַז די פּאַרטײ־כאַװײרים װעלן אומדערמידלעך און מיט אַלע קרעפטן מיטהעלפן דער אַנטװיקלונג פון די פּאָליטישע, פּראָפעסיאָנעלע און קאָאָפּעראַטיװע אָרגאַניזאַציעס פון דעם קלאַסן־באַװוסטזיניקן פּראָלעטאַריאַט און מיט נאָך מער ענערגיע באַקעמפן דעם אימפּעריאַליזם ביז װאַנען ער װעט ניט װערן ענדגילטיק באַזיגט. און אין דעם באַשטײט טאַקע די אויפגאַבע פונעם פּראָלעטאַריאַט צו פאַרװאַנדלען דעם קאַפּיטאַליזם, װאָס האָט דערגרײַכט זײַן העכסטע שטופע, אין אַ סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט און אַזױ אַרום זיכערן אויף שטענדיק דעם שאָלעם, די זעלבשטענדיקײט און די פרײַהײט פון די פעלקער". *).

די גוטשכײַנעסדיקע באַציונגען מיטן בורזשואַזן פּאַציפיזם איז נאַטירלעך געװען ניט דער אײנצלנער אָפּנױג פון דער ליניע פונעם פּראָלעטאַרישן קלאַסן־קאַמף, אַ צוגאָב צו דעם איז געװען די פּאָזיציע פון דער פּאַרטײ אינעם װאַל־קאַמף. דער צענטראַל־קאָמיטעט האָט ניט נאָר געשלאָסן אַן אָפּמאַך װעגן די שטיך־װאַלן מיט דער „פאַרשריטלעכער פּאָלקס־פּאַרטײ" — אַ פּאַרטײ, װאָס בײַ אַלע אירע דעמאָקראַטישע און ליבעראַלע פראַזן איז זי געװען אַ דורכױס אימפּעריאַליסטישע פּאַרטײ — נאָר האָט אויך באַשלאָסן „אָפּשװאַכן" דעם װאַל־קאַמף אין אַ רײ װאַל־קרײַזן, װוּ מע האָט מוירע געהאַט, אַז בײַ אַ שאַרפן װאַל־קאַמף װעט די „פאַרשריטלעכע פּאָלקס־פּאַרטײ„ זיך װאַרפן אין די אָרעמס פון די רעכטע. די „אָפּשװאַכונג" האָט געזאָלט באַשטײן דערין, „װאָס ביז די שטיך־װאַלן זאָל מען ניט אײַנאָרדענען קײן שום פאַרזאַמלונגען, ניט פאַרשפּרײטן קײן שום פלוג־בלעטער, ניט צושטעלן די װײלער קײן װאַל־ביולעטענען און אין

*) אונטערגעשטראָכן אומעטום פון מיר.—י. ל.

וואַל־טאַג ניט שלעפּן די וויילער צו די וואַל־אורנעס". דערזאיקער „אַפּגאַנג" וועגן אָפּשוואַכן דעם וואַל־קאַמף" איז געווען אַן אָפּזאָג פון די פּרינציפּן פונעם רעוואָליוציאָנערן קלאַסן־קאַמף, ווי זיי זיינען, צום ביישפּיל, פּראָקלאַמירט געוואָרן אין דער רעזאָלוציע וועגן דער טאַקטיק אויפן ציריכער קאָנגרעס אין 1893 יאָר.

דידאָזיקע טאַקטיק פון אָפּשוואַכן דעם וואַל־קאַמף, וואָס קעגן איר איז אין דער פּרעסע אויפן שאַרפסטן אויפן אַרויסגעטראָטן רויזע ליוקסעמבורג*), און קעגן וועלכע עס האָט פּראָטעסטירט ווילהעלם פּיק לויטן אויפטראַג פון א גרויסן טייל פון דער בערלינער אָרגאַניזאַציע, האָט דער פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר מיט א גרויסער מערהייט באַוויליקט.

עס איז קלאָר, אַז מיט אַזאַ ליניע פון קאָמפּראָמיסן בענעגייע אימפּעריאַליסטישע פּאַרטייען, וואָס רופן זיך „פאָרשריטלעכע", האָט מען ניט געקאָנט פירן קיין אויסגעהאַלטענעם פּרינציפּיעלן קאַמף קעגן דעם אימפּעריאַליזם. און פּאַסיש האָט מאַלקעגבור אין 1911 יאָר לויטן אויפטראַג פונעם צענטראַל־קאָמיטעט פון דער פּאַרטיי אָפּגעוואָרפן דעם פאָרשלאַג צו אָרגאַניזירן מאַסן־דעמאָנסטראַציעס קעגן דער דייטשישער מאַראָקאָ־פּאָליטיק, באַגרינדנדיק דאָס דערמיט, וואָס דאָס וועט געבן דער בורזשואַזיע א וואַל־לאָזונג קעגן דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע!

ניט אַנטערן צייכן פון רעוואָליוציאָנערן קלאַסן־קאַמף, נאָר אונטערן צייכן פון קאָמפּראָמיס מיטן בורזשואַזן פּאַציפיזם איז דורכגעגאַנגען אויך דער אויסעראָרדנטלעכער אינטערנאַציאָנאַלער קאָנגרעס, וואָס איז צוזאַמענגערופן געוואָרן אין נאָיאַבער 1912 יאָר אין באַזעל. די סיבע פונעם שנעלן צוזאַמענרופן דעם קאָנגרעס איז געווען די פאַרשאַרפונג פון דער אינטערנאַציאָנאַלער לאַגע, וואָס די באַלקאַן־מילכאָמע האָט אַרויסגערופן. די עסטרייכישע רעגירונג האָט דערקלערט א מאָביליזאַציע און פאַר יעדן דענקנדיקן מענטשן איז שוין דעמלט געווען קלאָר, אַז אַן עסטרייכיש־סערבישער קאָנפליקט וועט אָנצינדן א קאָלאָסאַלע וועלט־שריפע.

אין אַלע אויסערלעכע מאָמענטן פונעם קאָנגרעס, וואָס האָט געדאַרפט טראָגן מער א כאַראַקטער פון א אינטערנאַציאָנאַלער דעמאָנסטראַציע ווי פון א אינטערנאַציאָנאַלער באַראַטונג, האָט זיך אויסגעדריקט דער סענטימענטאַלער, פּאַציפיסטישער כאַראַקטער פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אַנטימילכאָמע־פּאָליטיק.

די פאַרזאַמלונג האָט באַגריסט א רעגירונג־פאַרשטייער פון דער שווייץ. די רעגירונג פון באַזעלער קאַנטאָן האָט געהייסן איבערגעבן דעם קאָנגרעס די הארציקסטע גרוסן און ווונטש. די קירכלעכע מאַכט האָט איבערגעגעבן אין רעשוס פון קאָנגרעס דעם היסטאָרישן מינסטער־קלויסטער ווי אַן אָרט צו איינאָרדענען אַן אַנטימילכאָמע־דעמאָנסטראַציע. אין דער דעמאָנסטראַציע־קאָלאָנע, וואָס איז געגאַנגען צום מינסטער, איז געווען א גרופּע ווייסגעקליידע־

*) זען „ווערק", ב. 3, ז. 491 און ווייטער (דייטש).

בײַ קינדער מיט פּאַלמעס אין די הענט, וואָס האָבן געטראָגן אַ פּלאַקאַט מיט דער ירושלימדיקער אויפשריפט: „עס איז מער קאָווער צו אויסטריקענען אייזערנע טרערן, ווי צו פאַרגיסן שטראָמען בלוט!" היטער די קינדער האָבן מאַרשירט זשאָרעס און קאַוטסקי; דער בעקאָוועדיקער אַלטער האָט דעמלט געוויס ניט געטרוימט, אַז מיט עטלעכע יאָר שפּעטער וועט ער זײַן איינער פון די היציקסטע מילכאָמע-העצער קעגן אַ פּראָלעטאַרישער מעלוכע.

די נאַציעס האָבן מאַרשירט באַזונדער, און יעדע נאַציע האָט געזונגען איר אייגן ליד, זייער אַ שיינער סימבאָל פון דער אייניקייט, וואָס האָט זיך גאָר גיך אויפגעדעקט אינעם אינטערנאַציאָנאַל.

אין דער קאָלאָנע דעמאָנסטראַנטן איז אויך געפאָרן אַ באַפּוצטער מיט קראַנצן וואָגן, אויף וועלכן אַ ווײַס געקליידעטע שאַלעם-קעניגין האָט געבלאָזן אין דעם שאַלעם-טראָמפּייטער. פיר כאַווייריס האָבן געטראָגן אַ גרויסן רויטן בוך מיט דער מאָטאָ פון דער באַקאַנטער פּאַציפיסטישער מומע בערטאַ פאָן זוטנער: „אַראָפּ דאָס געווער!"

בײַ דער דעמאָנסטראַציע און דעם מיטינג-קלויסטער האָבן ניט קיין קליינע באַוווּנדערונג אַרויסגערופן דער גרויסער קאַנטאָנאַלער ראַט, דער שטאָטראַט, דער סינאָד און דער קירכן-ראַט. דער יאַנטעוו איז באַגלייט געוואָרן מיט קירכן-גלאָקן. דער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער רעגירונגס-פּרעזידענט בלאָכער, וואָס האָט געעפנט די דעמאָנסטראַציע, האָט באַגריסט די גאַסטפרײַנטשאַפט פון דער קירכלעכער מאַכט מיט פּאַטעטישע ווערטער: „די אידעאַלן פון סאָציאַליזם זײַנען אַרויסגעוואַקסן אויפן באָדן פון אַזעלכע געדאַנקען און געפילן, וואָס האָבן אין דער געשיכטע פון דער קריסטלעכער רעליגיע איבערגעלאָזן זייערע טיפע שפּורן". קעגן די לויב-געזאַנגען דער קירך איז אַרויסגעטראָטן נאָר דער אַלטער בעבעל. ער האָט עמעס אויסגעדריקט זײַן פרייד דערפון, וואָס ער ווי אַן אַטעיסט קאָן אויסדריקן זײַן דאַנק דער קירך און ער האָט צוגעגעבן, אַז ער האַלט, אַז ווען קריסטוס וואָלט צוריק געקומען, וואָלט זײַן אָרט געווען ניט צווישן די, וואָס זײַנען לויטן נאָמען קריסטן, נאָר אין דער ריי פון די סאָציאַליסטן, אָבער ער האָט פאַרענדיקט מיט די נעוויִשע ווערטער:

„אויף דער ערד שאַלעם און בײַ די מענטשן אַ צופרידנקייט — ווען דעם וועט מען אין די נאָענטסטע וואָכן פרײַערן אין הונדערטער טויזנטער קירכן, און אין דער עמעסן איז דאָס די גרעסטע צוויעס. ווײַל דיזעלבע מענטשן, וואָס וועלן דאָס פרײַערן, וועלן נאָך עפּשער מיט אַ גרעסערער צופרידנקייט אַרויפגיין אויף דער בינע און באַגײַסטערן דאָס פאָלק צו דער מערדערישער, מענטשן-פאַרניכטנדיקער, אַלץ צעשמעטערנדיקער מילכאָמע"*).

דער וועטעראַן פון דער שווייצאַרישער אַרבעטער-באַוועגונג, דער אַלטער קאָמוניסט הערמאַן גרויליך, האָט געלויבט דעם וואַל-זיג אין דײַטשלאַנד ווי „אַ פּראַקטישע גאַראַנטיע פאַרן שאַלעם" און האָט צוגלייך דערמאָנט וועגן די פּאַטריאָטישע פליכטן פון די שווייצאַרישע בירגער: „איר וועט פון אונדז ניט פאַרלאַנגען, אַז מיר זאָלן ניט אויספילן אונדזער בירגער-פליכט".

*) אונטערגעשטראָכן פון מיר. — ל.

זאַקאַזאָו, דער פאַרטרעטער פון דער סערבישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, וואָס האָט זיך אַזוי מוטיק געהאַלטן קעגן איר רעגירונג בעיס דער באַלקאַן־מילכאָמע, האָט געהאַלטן פאַר נויטיק בא דער געלעגנהייט צו באַטאָנען, אַז מע מוז דורכפירן רעפאָרמעס אויף פרידלעכן וועג. „דידאַזיקע פרידלעכע רעפאָרם־פּאָליטיק איז אונדזער שטאַרקייט". אָבער צוגלייך מיט דידאָזיקע אָפענע רעפאָרמיסטישע אַרויסטרעטונגען האָט בעשום אויפן ניט געפעלט קיין רעוואָ־ליוציאָנערע רעדעס און באַזונדערס האָבן אַ גאַנצע ריי רעדנער אָנגעוויזן אויף די פּערספּעקטיוון, וואָס בילדן דעם פונדאַמענט פון דער שטוטגאַרטער רעזאָלוציע, אויף די פּערספּעקטיוון פון אויסנוצן דעם קריזיס, אין וועלכן די אימ־פּעריאַליסטישע מילכאָמע וועט אַראָפּשטויסן די קאַפּיטאַליסטישע סיס־טעם, קעדיי צו פאַרניכטן דעם קאַפּיטאַליזם אויפן רעוואָליוציאָנערן וועג.

אַזוי האָט, צום ביישפּיל, דער שווייצאַרישער סאָציאַל־דעמאָקראַט בלאָכער געזאָגט:

„די אייראָפּעישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע באַטראַכטעט די מילכאָמע, וואָס באַווייזט זיך דראָענדיק אויף די האָריזאָנטן פון אייראָפּע, אָבער זי האָט ניט מוירע פאַר איר. אויב אין אייראָפּע איז פאַראַן אַ מאַכט, וואָס האָט ניט וואָס מוירע צו האָבן פאַר אַ וועלט־מילכאָמע, נאָר וואָס קאָן פון איר אַסאַך געווינען, איז דאָס די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. אַן אייראָפּעישע מילכאָמע וועט לויט אַלע וואַרשיינלעכקייטן אַרויסרופן געוואַלטיקע באַוועגונגען און אויפ־טרייסלונגען, וואָס מוזן פאַרגיכערן דעם כורבן פון דער עקאָנאָמישער סיסטעם, פון וועלכער דער אַרבעטער־קלאַס ליידט היינט". *)

קיר־האַרדי האָט זיך פאַרופן אויף דער מאַכט פון פופצן מיליאָן סאָציאַל־דעמאָקראַטישע וויילער און האָט מיט אַ זיכערקייט אינעם ניצאָכן אויסגערופן: „דער קאַמף פאַר פרייהייט און פּראָגרעס איז אויפן פּאָליטישן געביט צום גרעסטן טייל זיגרייך אָנגעשידן געוואָרן!" דעמאָקראַטיע און סריג זיינען ווידערשפּרוכן, וואָס לאָזן זיך ניט פאַרייניקן. אויב עס וועט פונדעסטוועגן אויסברעכן אַ וועלט־מילכאָמע, האָפט ער, אַז דער אַרבעטער־קלאַס וועט אויסנוצן זיין עקאָנאָמיש געווער — ער וועט אויסנוצן דעם אינטערנאַציאָנאַלן רעוואָליוציאָנערן גענעראַל־שטרייק.

וויקטאָר אַדלער האָט אויסגעדריקט די האָפענונג, אַז אין מאָל אויב עסט־רייך וועט אָנהויבן די מילכאָמע וועט זי טראָגן די היסטאָרישע שטראָף פאַר דעמדאָזיקן פאַרברעכן.

„מיר האָבן די האָפענונג, אַז אויב מע וועט באַגיין דעמדאָזיקן פאַר־ברעכן, וועט אויטאָמאַטיש — אויטאָמאַטיש זאָג איך! — זיך אָנהויבן דער סאָף פון דער הערשאַפט פון די פאַרברעכער"**).

אויב אפילע דאָס באַטאָנען דעם אויטאָמאַטישן כאַראַקטער פון דער קאַ־טאַסטראָפע איז געווען אַן אַפּלייקענונג פונעם געדאַנק וועגן אַ געוואַלטזאַמע רע־וואָליוציע; ווייזט פונדעסטוועגן דידאָזיקע רעדע, אַז אפילע די סאַמע רעכטסטע

*) אונטערגעשטראָכן פון מיר. — ל.

**) אונטערגעשטראָכן פון מיר. — ל.

אַפּאָרטוניסטן האָבן זיך אָפּגעגעבן אַ דין וועכעשבן איבער די רעוואָליוציאָנערע קאָנזעקווענצן פון אַ אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע.

זשאָרעס, באַ וועמען דאָס רעוואָליוציאָנערע האַרץ האָט אָפּטמאָל געזיגט איבערן רעפאָרמיסטישן קאָפּ, האָט דערקלערט, אַז דער אינטערנאַציאָנאַל וועט אומעטום פּאַנאַדערוויקלען „זיין לעגאַלע אָדער רעוואָליוציאָנערע אַקציע” קעדיי ניט צו דערלאָזן צו קיין מילכאָמע אָדער „קעדיי צו אָפּרעכענען זיך מיט די פאַרברעכער, וואָס זיינען שולדיק אין דער מילכאָמע”, און ער האָט פאַרענדיקט מיט די ווערטער:

„זאָלן די רעגירונגען טראַכטן וועגן דעם ווען זיי שאַפן אַ געפאַר פון אַ מילכאָמע, אַז די פעלקער קאָנען לייכט מאַכן דעם איינפאַכן כעשבן, אַז אייגענע רעוואָליוציע וועט זיי קאָסטן ווייניקער קאָרבאָנעס ווי די מילכאָמע פון אַנדערע!”

ווייאַן האָט אונטערגעשטראָכן, אַז אין דעם אָנגענומענעם מאַניפעסט ווערן רעקאָמענדירט אַלע מיטלען קעגן דער מילכאָמע.

„עס איז ניט אויסגעשלאָסן ניט קיין אופשטאַנד קעגן אַ מילכאָמע, ניט קיין גענעראַל־שטרייק!... נאָר אויב דער קאַפּיטאַליזם וועט צו זיין אייגענעם אומגליק באַוויזן דערפירן ביז אַ מילכאָמע, וועט ער אַליין מוזן טראָגן די גאַנצע פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר די אויספירן, וואָס דער ווילן פונעם פּראָלעטאַריאַט וועט מאַכן. דידאָזיקע אויספירן זיינען געגעבן געוואָרן אין דער סאָציאַלער רעוואָליוציע!” *)

קלאַראַ צעטקין האָט אין נאָמען פון די סאָציאַליסטישע פרויען געהאַלטן אַ רעדע, וואָס איז געשטאַנען אין דעם שאַרפסטן קעגנזאַץ צו דער סענטימענטאַלער באַפּוצונג פון דער אַנטימילכאָמעדיקער דעמאָנסטראַציע. זי האָט געזאָגט:

„אויב מיר, מוטערס, וועלן אָנפילן אונדזערע קינדער מיט דער טיפסטער פאַראַכטונג צו דער מילכאָמע, אויב מיר וועלן פון דער פריעסטער יוגנט איינפלאַנצן אין זייערע נעשאָמעס דאָס געפיל, דעם באַוווסטזיין פון סאָציאַליסטישער ברידערלעכקייט, וועט קומען אַ צייט, ווען קיין שום מאַכט אין דער וועלט אַפילע אין דער שאָ פון שווערסטער געפאַר וועט ניט זיין אימשטאַנד אַרויסרייסן דעמדאָזיקן אידעאַל פון זייערע הערצער... און אין דעם מאָמענט פון די העכסטע קאָנפליקטן און געפאַרן וועלן זיי קוידעמקאָל דערמאָנען זיך וועגן זייערע פּראָלעטאַרישע און מענטשלעכע פליכטן...

מיר, פרויען און מוטערס, הייבן זיך אוף קעגן דעם מאַסן־מאָרד, ניט צוליב דעם, ווייל מיר זיינען עגאָיסטיש און קליינמוטיק און מיר זיינען ניט פעיק און ווילן ניט ברענגען קיין קאָרבאָנעס פאַר גרויסע אידעאַלן און צילן. מיר זיינען דורכגעגאַנגען די האַרטע שול פונעם לעבן אין דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג און מיר זיינען קעמפערנס געוואָרן... דערפאַר, ווען

*) אונטערגעשטראָכן פון מיר. — י. ל.

עס האנדלט זיך וועגן דער פרייהייט, קאנען מיר רויק זאגן, ווי די אונדזעריקע קעמפן און פאלן. פאר דעמדאזיקן קאמף וועלן מיר זארגן דערפאר, אז די פרויען פון די מאסן זאלן דורכגעדרונגען ווערן מיט דעם גייסט פון יענע לעגענדארע מוטערס פון אלטערטום, וואס פלעגן דערלאנגען זייערע זין דעם שילד מיט די ווערטער: אדער מיט אים, אדער אף אים!*) מיר מוזן מיט אלע קרעפטן זארגן פאר דער גייסטיקער אנטוויקלונג פון דעם אונטערוואקסנדיקן דור, פאר אן אנטוויקלונג, וואס זאל אפהיטן אונדזערע זין פון געצוווּנגען ווערן צום ברודער־מארד פאר קאפיטאליסטישע און דינאסטישע אינטערעסן, פאר די אנטיקולטורעלע צוועקן פון פראפיט, הערשאפט־מאניע, קאריערע־זוכעריי פון א מינדערהייט, וואס זאל זיי אבער גלייכצייטיק מאכן שטארק און רייף פאר דעם, אז זיי זאלן פריי, ציל־באוווּסט, מיטן גאנצן ווילן אפגעבן זייער גאנצע עקזיסטענץ דעם קאמף פאר פרייהייט...

פאר דעם אנטוויקלטן קאפיטאליזם זיינען מילכאמע־באוואפענונגען און מילכאמעס א לעבנזאך, מיט זייער הילף פרווט ער איינהאלטן זיין הערשאפט... און דעריבער קאן דער אינטערנאציאנאלער פראלעטאריאט אין זיין מילכאמע קעגן מילכאמע נאר דעמולט האבן דערפאלג, ווען ער וועט אויך אין געוואלטיקע מאסן־אקציעס אנווענדן אלע מיטלען, וואס געפינען זיך אין זיין רעשוס, וועט מאביליזירן אלע קרעפטן...

די סאציאליסטישע פרויען פון אלע לענדער זאמלען זיך מיט ליידנשאפטלעכער באגייסטערונג ארום אונדזער פאן צו דער מילכאמע קעגן מילכאמע. זיי ווייסן, אז וואס מער דער אימפעריאליזם וועט באשטימען די פאליטיק פון די קאפיטאליסטישע לענדער, אלץ מער וועט דער דאזיקער קאמף ווערן דער מיטלפונקט, דער העכסטער פונקט פון דעם גאנצן פראלעטארישן באפרייונג־קאמף. אלץ שטארקער און שטארקער וועט ער מיטהעלפן ניט נאר די מאסן צו מאביליזירן, נאר אויך זיי אלץ בעסער צו לערנען. אין זיינע גרויסע ארויסטרעטונגען גייט ניט דער פראלעטאריאט ווי א פארטיקע, אפגעוואגענע, אפגעמאסטענע מאכט. זיין מאכט אנטשטייט און וואקסט דורך זיינע קאמפן. דעריבער וועט זיין מילכאמע זיין א לעבעדיקער קאמף פון וואקסנדיקער רייפקייט און מאכט־פאנאנדערוויקלונג און וועט פארגיכערן דערנענטערן די שעה, ווען דער קאפיטאליזם, וואס זויגט אויס, פארקנעכטיקט און מארדעט די פעלקער, וועט מוזן אוועקגיין. און דערפאר, ווייל אין דעם קאמף קעגן דער מילכאמע ווערט צוגעגרייט דער צוקונפטיקער זיג פון סאציאליזם, זיינען מיר פרויען מיט לייב און לעבן דערביי. נאך ווייניקער ווי פאר די פראלעטאריער קאנען די קאפיטאליסטישע נאציאנאלע מעלוכעס זיין דאס עמעסע פאטערלאנד פאר אונדז פרויען. אונדזער פאטערלאנד וועלן מיר באשאפן אין דער סאציאליס־

*) אדער זיגן, אדער פאלן אין קאמף.

איבערזעצער.

טישער געזעלשאַפט, וואָס נאָר זי אַליין נאָרמירט די פאָרבאַדינגונגען פון פולשטענדיקער מענטשלעכער באַפרייונג".

דער דאָזיקער גרונטגעדאַנק איז דורכגעצויגן סיי אין די רעדעס, סיי אין דעם איינשטימיק אָנגענומענעם מאַניפעסט*). מיט אַלע קאַמף־מיטלען קעגן דער מילכאָמע, ווען די מילכאָמע וועט דאָך זיך אָנהויבן — אויסנוצן די מילכאָמע אויף צו פאַרגיכערן די סאָציאַלע רעוואָליוציע! דער מאַניפעסט ציטירט די אַנטשיידנדיקע געדאַנקען פון דער שטוטגאַרטער רעזאָליוציע און שטרייכט אונטער די איינשטימיקייט פון אַלע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען בײַ די לעצטע אימפּעריאַליסטישע קאָנפליקטן.

„די מורא פון די הערשנדיקע קלאַסן פאַר אַ פּראָלעטאַרישער רעוואָליוציע, וואָס קאָן זײַן דער רעזולטאַט פון אַ וועלט־מילכאָמע, האָט זיך אַרויסגעוויזן ווי אַ באַדײַטנדיקע גאַראַנטיע פון שאַלעם".

דער מאַניפעסט באַגריסט די באַוווּנדערונגווערטע האַלטונג פון די באַלקאַנישע סאָציאַליסטן, וואָס האָבן אַרויסגעשטעלט די פאָדערונגען וועגן אַ דעמאָקראַטישער באַלקאַן־פעדעראַציע. דער מאַניפעסט באַגריסט די פּראָטעסט־שטרייקן פון די רוסישע אַרבעטער, ווי די שטאַרקסטע גאַראַנטיע קעגן די פאַרברעכערישע אינטריגן פון דעם צאַריזם. דער אַרבעטער־קלאַס פון דײַטשלאַנד, פראַנקרײַך און ענגלאַנד ווערט אויפגעפאָדערט צו צווינגען זייערע רעגירונגען אײַנצוהאַלטן די נייטראַליטעט אין דעם סערביש־עסטרײַכישן קאָנפליקט וועגן דעם צוגאַנג צו דעם אַדריאַטישן יאַם. די דײַטשישע און ענגלישע סאָציאַליסטן זאָלן פאָדערן שליסן אַן אָפּמאַך וועגן אָפּשטעלן די יאַם־באַוואָפענונגען און וועגן דאָס רעכט צו פאַרכאַפּן פרעמדע שיפן. צו די קאַפּיטאַליסטישע רעגירונגען ווענדעט זיך דער מאַניפעסט מיט אַ פײַערלעכער וואָרענונג:

„די רעגירונגען טאָרן ניט פאַרגעסן, אַז בײַ דעם איצטיקן צושטאַנד אין אייראָפּע און בײַ דער איצטיקער שטימונג פונעם אַרבעטער־קלאַס קענען זיי ניט אָנהויבן אַ מילכאָמע אָן אַ געפאַר פאַר זיך אַליין. זאָלן זיי זיך דערמאָנען, אַז די דײַטשיש־פראַנצויזישע מילכאָמע האָט געהאַט אַלס רעזולטאַט דעם רעוואָליוציאָנערן אויסברוך פון דער פּאַריזער קאָמונע, אַז די רוסיש־יאַפּאַנישע מילכאָמע האָט געבראַכט אין באַוועגונג די רעוואָליוציאָנערע קרעפטן פון די פעלקער פון דער רוסישער מעלוכע, אַז די איבערהאַפּטע באַוואָפענונגען אויף דער טריקעניש און אויפן יאַם האָבן ביז גאָר פאַרשאַרפט די קלאַסן־קאָנפליקטן אין ענגלאַנד און אויפן קאָנטינענט און האָבן אַרויסגערופן קאָלאָסאַלע שטרייקן. עס וואָלט געווען אַ מעשוגאַס, אויב די רעגירונגען וואָלטן ניט פאַרשטאַנען, אַז דער געדאַנק בלויז וועגן דער שווידערלעכקייט פון אַ וועלט־מילכאָמע וועט אַרויסרופן אַ פאַרביטערטע און צאָרנדיקע אומצופרידנקייט פונעם אַרבעטער־קלאַס. די פּראָלעטאַריער האַלטן פאַר אַ פאַרברעכן צו שיסן איינער אין אַנדערן צוליב די פּראָפיטן פונעם קאַפּי־

*) דער מאַניפעסט איז אָפּגעדרוקט אינגאַנצן אין דער דײַטשישער אויסגאַבע פון לענינס „דער אימפּעריאַליזם — די העכסטע שטאַפל פונעם קאַפּיטאַליזם", ז. 244.

טאַל, צוליב דעם קאַוועד פון די דינאַסטיעס, אָדער צוליב די דיפּלאָמאַטישע געהיימע אָפּמאַכן".

דער מאַניפעסט פאַרענדיקט זיך מיט אַ רוף צו אָרגאַניזירן אומעטום מאַסן־דעמאָנסטראַציעס פאַר דער פעלקער־פאַרברידערונג. זשאָרעס, וועלכער האָט באַגרינדעט דעם מאַניפעסט, האָט אונטער אַ שטאַרקער באַוועגונג פאַרענדיקט זיין רעדע מיט די ווערטער:

„ניט לייכטזיניק רייד׳ן מיר דאָס, ניין, פון די טיפסטע טיפענישן פון אונדזער וועזן דערקלערן מיר: מיר זיינען גרייט אַף אַלע קאָרבאַנעס!"*).

און בעת עס אין די דאָזיקע יאָרן איז דער רעוואָלוציאָנערער פּראָלעטאַריאַט געווען גרייט אַף אַלע קאָרבאַנעס אין קאַמף קעגן דער מלחמה, ניט נאָר אין רוסלאַנד האָט זיך דער פּראָלעטאַריאַט נאָך די דערשיסונגען אַף דער לענאַ אין 1912 יאָר אויפגעהויבן מיט אַ נייער קראַפט, מיט אַ כוואַליע קאָלאָסאַלע דעמאָנסטראַציעס און שטרייקן. ווען די פּאָליציי האָט מערדעריש צעטריבן אַ שאָלעם־דעמאָנסטראַציע פון די אונגאַרישע אַרבעטער אין בודאַפּעסט, האָט זיך די גאַנצע אַרבעטערשאַפט אַנטשלאָסן אַנטקעגנגעשטעלט. אין איטאַליע, שפּאַניע, פראַנקרייך און עסטרייך זיינען פאָרגעקומען רעוואָלוציאָנערע צוזאַמענשטויסן צווישן דער אַרבעטערשאַפט און דער באַוואָפנטער מאַכט פון דער בורזשואַזיע. אָבער די מעכטיקסטע פּאַרטייען פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל, די דייטשישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע מיט אירע פיר מיט אַ האַלבן מיליאָן וויילער, די פראַנצויזישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע און די ענגלישע לייבאָר־פּאַרטיי, ניט געקוקט אַף זייערע רעוואָלוציאָנערע שוועס אַף די אינטערנאַציאָנאַלע קאָנגרעסן, זיינען פאַרגליווערט געוואָרן אַף דעם וועג פון אויסמיידן מאַסן־שלאַכטן און האָבן פאָרגעזעצט די ליניע פון קאָמפּראָמיסן מיט די בורזשואַזע פּאַרטייען.

אין פרילינג פון 1913 יאָר איז אין בערן (שווייץ) פאָרגעקומען אַ דייטש־פראַנצויזישע פאַרשטענדיקונג־קאָנפערענץ, צו וועלכער עס זיינען איינגעלאַדן געוואָרן די פּאַרלאַמענטאַרישע פאָרשטייער פון אַלע פּאַרטייען. עס איז געשאַפן געוואָרן אַ פּערמאַנענטע דייטשיש־פראַנצויזישע פאַרשטענדיקונג־קאָמיסיע, אין וועלכער צוגלייך מיט זשאָרעסן און האַאַזע זיינען געזעסן אויך בורזשואַזע פּאַציפיסטישע פּאַרלאַמענטאַריער. צוזאַמען מיט די בורזשואַזע פּאַציפיסטן איז איינשטימיק אָנגענומען געוואָרן אַ רעזאָלוציע, וואָס איז באַשטאַנען פון אַלגעמיינע פראַזן וועגן אַנטוואָפענונג און וועגן דעם האַאַגער אַרביטראַזש־געריכט.

אין דעמזעלבן יאָר האָט די דייטשישע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע רייכסטאַג־פראַקציע מיט אַ מערהייט פון אַכט שטימען באַשלאָסן צו שטימען פאַר דעם שטייער אַף לאַנד־שוץ, מאָטיווירנדיק דאָס דערמיט, אַז אַזוי אַרום וועלן די קאָסטן פון די באַוואָפענונגען, וועלכע עס האָט זיך ניט איינגעגעבן אָפּצושאַפן, אַרויפגעוואָרפן ווערן אַף די באַזיצנדיקע קלאַסן. פאַקטיש איז דערמיט דורכגעבראָכן געוואָרן דער פּרינציפּ „פאַר דער דאָזיקער סיסטעם קיין איין מענטש

*) אונטערגעשטראָכן פון מיר. — י. ל.

אַף קיין אײַן גראָשן", עס איז געמאַכט געוואָרן דער ערשטער טריט אפן וועג, וואָס האָט געפירט אין דעם אָפּגרונט פונעם פאַנצער־שיף־סאָציאַליזם.

אין 1913 יאָר האָט נאָסקע געהאַלטן אין רייכסטאַג זײַנע באַרימטע רעדעס, אין וועלכע ער האָט געלויבט די מיליץ־פּראָגראַם פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, אַלס בעסטן שוץ פאַר דעם דײַטשישן פאָטערלאַנד.

נאָכדעם ווי בעבעל איז אין 1913 יאָר געשטאָרבן און די אָנפירונג איז אינגאַנצן אַריבער אין די הענט פון אַזעלכע ביוראָקראַטן ווי עבערט און דורכגעטריבענע דעמאַגאָגן ווי שיידעמאַן. אַזעלכע וואַקלדיקע געשטאַלטן ווי קאַוטסקי האָט מען נאָך דערלויבט צו פאַרטרעטן די אַלטע פּרינציפּן.

עס איז קלאָר, אַז בײַ דערדאָזיקער אָפּאָרטוניסטישער אָנפירונג האָט זיך געמוזט פאַרענדיקן מיט גאָרניט דער פּרווו פון דעם לינקן פליגל אונטער דער אָנפירונג פון ראָזע לוקסעמבורג דורכפירן אַ רעוואָליוציע וועגן אַ מאַסן־שטרייק אַף דעם לעצטן פאַרמילכאָמעדיקן פאַרטיי־צוזאַמענפאָר פון דער דײַטשישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע אין יענאַ. האַנאַם צווישן די אַרבעטער־מאַסן האָט זיך ווידער צעפלאַקערט די דיסקוסיע וועגן מאַסן־שטרייק און אין צוזאַמענהאַנג מיט דער פאַרשאַרפונג פון דער אינערלעכער און אויסערלעכער לאַגע האָט זיך אַרויסגעוויזן אַ וואַקסנדיקער קאַמף־ווילן פון די אַרבעטער־מאַסן, איז דאָך דער צענטראַל־קאָמיטעט פון דער פאַרטיי געבליבן טויב און בלינד. שיידעמאַן, דער אָפיציעלער באַריכט־אָפּגעבער פונעם צענטראַל־קאָמיטעט, האָט ניט געוואָלט באַמערקן קיין אומצופרידנקייט אין די מאַסן און אַלץ איז בײַ אים געווען אין דער בעסטער אָרדענונג. נאָסקע האָט געהאַלטן פאַר גאַנץ פאַרשטענדלעך, וואָס די „פאָלקס־נעשאָמע" רעאַגירט ניט צו שטאַרק אַף דער מיליטערישער קאַמפּאַניע, ווײַל בעשאַס דעם באַלקאַן־קריזיס זײַנען שוין בײַ דער מיזרעך־גרענעץ געשטאַנען רוסישע אַרמייען.

גוסטאַוו באַוער, וואָס האָט זיך שפּעטער געשאַפן אַ טרויעריקע באַרימטקייט דורך זײַן פרײַנטשאַפט מיטן ספּעקולאַנט באַרמאַט, האָט דערקלערט, אַז אין די רוסישע באַדינגונגען קאָן מען זײַן פאַר אַ מאַסן־שטרייק, אָבער ניט אין דײַטשלאַנד, ווו די אַרבעטער „האָבן אומגעהויער פיל צו פאַרלירן", אַן אַרבעט פון צענדליקער יאָרן, אין וועלכער עס איז פאַראַן אַ מאַסע פון ווערטן.

די אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַליסטישע ביוראָ, וואָס האָט קיינמאָל אין מעשעך פון איר עקזיסטענץ ניט געפּרוווט דורכפירן די באַשלוסן פון די אינטערנאַציאָנאַלע קאָנגרעסן קעגן די נאַציאָנאַליסטישע און אָפּאָרטוניסטישע סאַבאָטאַזשניקעס פון דער פּראָלעטאַרישער אינטערנאַציאָנאַלער סאָלידאַריטעט, האָט געהאַלטן פאַר נויטיק ניט לאַנג פאַר איר געבעכדיקן סאָף אין 1914 יאָר, לאָזן אין גאַנג איר אויטאָריטעט און אין נאָמען פון „איינהייט" פּרוווון צווינגען די באָלשעוויקעס צונויפגיסן זיך אָן באַדינגונגען מיט די אָפּאָרטוניסטן פון אַלע שאַטירונגען אין רוסלאַנד.

אפן סמאַך פון די אינפאָרמאַציעס פון דעם פּרינציפּלאָזן טאָלעראַנטלער טראָצקי און פון יענע מענשעוויסטישע ליקווידאַטאָרן, וואָס האָבן דורכויס געוואָלט אויספורעמען די רוסישע אַרבעטער־באַוועגונג לויט דעם מוסטער פון די

רעפאָרמיסטיש פאַרזומפּטע אייראָפּעישע פּאַרטייען, האָבן זיך וואַנדערוועלדע און קאַוטסקי באַמיט די באָלשעוויקעס זאָלן קאַפּיטולירן. צום גליק פאַר דעם אינטערנאַציאָנאַלן פּראָלעטאַריאַט האָבן זיך זייערע באַמיונגען געענדיקט מיט גאָרניט. אַזוי אַרום איז אין צווייטן אינטערנאַציאָנאַל געווען באַטש איין פּאַרטיי, אַן אייגנהייטלעכע און אַ געשלאָסענע, געשטיצט אויף אַ פעסטער אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט ניט פאַראַטן אונטער דעם טעראָר פון דער מיליטערישער דיקטאַטור, אַ פּאַרטיי, וואָס האָט פאַרווירקלעכט די פּרינציפּן פון פּראָלעטאַרישן אינטער-נאַציאָנאַליזם.

## דריטער קאפיטל

# דער פאנאנדערפאל פונעם צווייטן אינטערנאציאנאל און די אנטשטייונג פונעם דריטן אינטערנאציאנאל 1914—1918

### 1. דער פאנאנדערפאל פונעם אינטערנאציאנאל באם אויסברוך פון דער מילכאמע. די קאפיטוליאציע פונעם צענטער, די ווארצלען פונעם סאציאל־אימפעריאליזם

דער, וואס האט עס דורכגעלעבט, דורכגעטראכט און דורכגעפילט, וועט ניט פארגעסן יענע פאטאלע טעג פון עסטרייכישן אולטימאטום דעם 23־טן יולי 1914 יאר ביז דעם פערטן אויגוסט, דעם שווארצן טאג פון דער דייטשישער סאציאל־דעמאקראטיע און פונעם אינטערנאציאנאל, ווען די רייכסטאג־פראקציע, וואס איז באשטאנען פון 110 מאן, האט איינשטימיק באוויליקט די מילכאמע־קרעדיטן!

זינט יענער צייט איז אויסגעוואקסן א נייער דאר. די יונגע לייט, וואס זאלן לויטן ווילן פון די אימפעריאליסטן פארפוילט ווערן אין די שוץ־גראבנס פון דער קומענדיקער מילכאמע, זיינען נאך דעמאלט געווען קינדער. ווי אפט מע זאל דעם דאזיקן יונגן דאר ניט דערציילן די געשיכטע פון יענעם קראך איז דאס אלץ ניט גענוג; דעם גאנצן ארבעטער־קלאס מוז מען שטענדיק דערמאנען ניט צו פארגעסן די לעקציעס פון יענער שרעקלעכער צייט און ניט געקוקט אף קיין זאך מאכן פון זיי די ריכטיקע אויספירן.

דעם 28־טן יוני 1914 יאר איז דער עסטרייכישער טראן־יורש פראנץ־פערדינאנד און זיין פרוי דערהארגעט געווארן דורך א סערבישן נאציאנאליסט אין סאראיעווא, דער הויפט־שטאט פון די פראווינצן באסניא און הערצעגאווינא, וואס עסטרייך־אונגארן האט אנעקסירט. פאר די עסטרייכיש־אונגארישע אימפעריאליסטן און מיליטאריסטן איז דאס געווען א טייערע געלעגנהייט אונטער אויסרייד פון באשטראפן די שולדיקע פארברייטערן די מאכט פון דעם עסטרייכיש־אונגארישן אימפעריאליזם אפן באלקאן קעגן סערביע און רוסלאנד. דער עסטרייכישער אויסערן־מיניסטער, בערכטאלד, האט דעם 23־טן יולי איבערגעגעבן דער סערבישער רעגירונג אן אולטימאטום, וואס האט געפאדערט, אז עסטרייכישע פארטרעטער זאלן זיך באטייליקן אין דער אונטערזוכונג און אין דער באשטראפונג פארן אטענטאט, אז עס זאלן פאנאנדערגעלאזן ווערן די סער־

בישע נאַציאָנאַליסטישע אָרגאַניזאַציעס און אַז עס זאָל פֿאַרבאָטן ווערן יעדער מין פּרעסע־פּראָפּאַגאַנדע קעגן עסטרייך.

דאָס אויספֿילן דעם דאָזיקן אולטימאַטום וואָלט פֿאַקטיש אָוועקגעשטעלט סערביע אונטערן קאָנטראָל פֿון דער עסטרייכישער רעגירונג. די דייטשישע רעגירונג, וואָס האָט געוווּסט, אַז פֿון דעם קאָנפֿליקט וועט אויסברעכן ניט קיין לאָקאַלע עסטרייכיש־סערבישע מילכאָמע, נאָר אַ וועלט־מילכאָמע, האָט דערמוטיקט דידאָזיקע אָפֿענע מילכאָמע־פּראָוואָקאַציע פֿון איר פֿאַרבינדעטן. די דייטשישע רעגירונג האָט שפּעטער באַהויפּטעט, אַז זי האָט ניט געוווּסט דעם גענויעם טעקסט פֿון דעם אולטימאַטום וואָס איז אָפּגעשיקט געוואָרן. אויב דאָס וואָלט אפילע עמעס געווען, האָט דאָך די דייטשישע רעגירונג גענוי געוווּסט דעם אינהאַלט פֿון דעם אולטימאַטום און זי האָט אים באַוויליקט.

דעם 25־טן יולי האָט עסטרייך דערקלערט אַ מילכאָמע סערביע, גלייך מיט דער עסטרייכישער מאָביליזאַציע האָט זיך אָנגעהויבן די רוסישע מאָביליזאַציע. די פֿאָרשלאָגן וועגן פֿאַרמיטלונג, מיט וועלכע עס האָט זיך געווענדעט דער ענגלישער אויסערן־מיניסטער גריי, האָבן אָפּגעוואָרפֿן סיי עסטרייך און סיי רוסלאַנד. אַפֿן גרונט פֿון דער יעדיע וועגן דער אַלגעמיינער מאָביליזאַציע אין רוסלאַנד דעם 30 יולי האָט די דייטשישע רעגירונג געשטעלט אַן אולטימאַטום רוסלאַנד. אַז עס איז ניט געקומען קיין ענטפֿער אַף דעם דאָזיקן אולטימאַטום, האָט דייטשלאַנד דעם 1־טן אויגוסט דערקלערט אַ מילכאָמע רוסלאַנד. דעם 4־טן אויגוסט האָט דאָס דייטשישע מיליטער אַריינגעמאַרשירט אין בעלגיע. אין דעמזעלבן טאָג האָט ענגלאַנד דערקלערט מילכאָמע. די קאַטאַסטראָפֿע פֿון אַ וועלט־מילכאָמע, וואָס די מאַרקסיסטן האָבן שוין לאַנג פֿאָרויסגעזאָגט, איז געוואָרן אַ בלוטיקע ווירקלעכקייט.

וואָס האָט בײַ דעם שרעקלעכן קריזיס געטאָן דער סאָציאַליסטישער אינטערנאַציאָנאַל? וואָס האָבן געטאָן די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, וואָס האָבן דאָ ניט לאַנג אין פֿייערלעכע שוועס געדראָט די אימפּעריאַליסטישע מילכאָמע־פֿאַרברעכער אָנצוּווענדן די שאַרפֿסטע קאַמף־מיטלען ביז אַן אופֿשטאַנד?

דעם 29־טן יולי האָט זיך אין בריסעל צונויפֿגעקליבן די אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַליסטישע ביוראָ. מיט עטלעכע וואָכן פֿאַר דעם האָט וויקטאָר אַדלער דערקלערט, אַז ער גלויבט ניט אין אַ מילכאָמע. איצט איז די עסטרייכיש־סערבישע מילכאָמע געווען שוין אַ פֿאַקט. די ביוראָ האָט באַשלאָסן דעם אינטערנאַציאָנאַלן קאָנגרעס אין ווין, וואָס האָט געזאָלט געעפֿנט ווערן דעם 23־טן אויגוסט אין ווין, ניט אָפּלייגן, נאָר עפֿענען אים פֿריער, דעם 9־טן אויגוסט. אינעם טאָג, ווען עס איז פֿאָרגעקומען די זיצונג פֿון ביוראָ, איז אין בריסעל פֿאָרגעקומען אַ גרויסער אינטערנאַציאָנאַלער מיטינג קעגן דער מילכאָמע.

אַף דעם דאָזיקן מיטינג איז אַרויסגעטראָטן דער פֿאָרזיצער פֿון דער דייטשישער פּאַרטיי, האַאַזע; ער האָט דערקלערט, אַז עסטרייך אַליין איז שולדיק אין דער מילכאָמע. טויזנטער און מיליאָנען אַרבעטער האָבן אין דייטשלאַנד פּראָטעסטירט קעגן דער מילכאָמע. זאָלן זיך די הערשנדיקע קלאַסן היטן, ווייל

דאָס פאָלק, וואָס ליידט אזוי פיל פון נויט און אונטערדריקונג, וועט דערוואַכן און איינשטעלן די סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט!

זשאָרעס האָט געזאָגט, אַז דער פראַנצויזישער רעגירונג איז ניט נייטיק צו צווינגען זי זאָל פירן אַ פרידלעכע פּאָליטיק, זי איז פּונקט אזוי פרידלעך געשטימט, ווי די ענגלישע רעגירונג. (אין דערזעלבער צייט האָבן די „פרידלעכע" פראַנצויזישע מיניסטאָרן אָנטייל גענומען אין אַ פּלאַטן־פּאַראַד אַף דעם באַלטישן יאַם בא דעם בלוטיקן צאַר). ער האָט באַגריסט די דייטשישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, וואָס די מיטגלידער אירע זיינען געוואָרפן געוואָרן אין די טפיסעס פאַר אַנטימיליטאַריסטישער אַגיטאַציע, באַזונדערס רויזע ליוקסעמבורג, וואָס איז אין פעווראַל פון 1914 י. פאַרמישפּעט געוואָרן אַף אַ יאָר טפיסע. אויך ער האָט גערעדט מיט דער רעוואָליוציע פון די מאַסן, וואָס וועלן אין אַלע לענדער פאָדערן פון די הערשער אַ רעכענונג פאַר דעם פאַרגאָסענעם בלוט.

דעם 1־טן אויגוסט איז הערמאַן מילער — דער בויער פון פאַנצער־קרייסערס אין 1928 יאָר — אין אויפטראָג פון דער דייטשישער פּאַרטיי געקומען אין פּאַריזש, כדי זיך צו באַראַטן מיט דער סאָציאַליסטישער פראַקציע פון דער דעפּוטאַטן־קאַמער וועגן דער האַלטונג אין פאַל פון אַ מילכאָמע. דער בעלגישער סאָציאַליסט הענדריק דעמאַן, וואָס האָט באַגלייט הערמאַן מילערן ווי אַ טאָלמעטשער, דערציילט וועגן די אונטערהאַנדלונגען:

מילער האָט דערקלערט, אַז די דייטשישע פּאַרטיי וועט שטימען קעגן די מילכאָמע־קרעדיטן אָדער וועט זיך אָפּהאַלטן פון שטימען. „אַז מע זאָל שטימען פאַר די מילכאָמע־קרעדיטן, האַלט איך פאַר אויסגעשלאָסן!"

אַ פראַנצויזישער דעפּוטאַט האָט באַמערקט, אַז אויב די דייטשן וועלן אָנפאַלן וועלן די פראַנצויזישע סאָציאַליסטן ניט קאָנען אָפּזאָגן די קרעדיטן. דערויף האָט מילער דערקלערט, אַז לויט דער מיינונג פון דער דייטשישער פּאַרטיי איז דער אונטערשייד צווישן אָנגרייפער און אָנגעגריפענע פאַרעלטערט, די מילכאָמע איז אַ רעזולטאַט פונעם אימפּעריאַליסטישן קאַפּיטאַליזם, די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר איר פאַלט אַף די הערשנדיקע קלאַסן פון אַלע באַטייליקטע לענדער.

סאָפּקאָלסאָף, איז מען דורכגעקומען, אַז דאָס אָפּהאַלטן זיך פון שטימען אין די פּאַרלאַמענטן פון ביידע לענדער גיט די בעסטע גאַראַנטיע פאַר אַן איינהייטלעכער אַרויסטרעטונג. מע האָט פאַרשטייט זיך, דערביי פעסטגעשטעלט, אַז מע קאָן זיך ניט בעיין אויפן ניט בינדן מיט פאַרפליכטונגען, אַז יעדע פּאַרטיי וועט קאָנען פריי אַנטשיידן, מע מוז אָבער דערביי זאָרגן וועגן דעם, אַז עס זאָל ווי מעגלעך איינגעהאַלטן ווערן די איינהייטלעכקייט.

דעם 31־טן יולי איז אין דייטשלאַנד דערקלערט געוואָרן קריג־צושטאַנד. די דעמאָנסטראַציעס און פאַרזאַמלונגען פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי פאַרן שאַלעם, וואָס זיינען געווען באַשטימט אַף די ערשטע אויגוסט־טעג, זיינען פאַרבאָטן געוואָרן. נאָך אין דעמזעלבן טאָג האָט דער צענטראַל־קאָמיטעט פון דער פּאַרטיי אַרויסגעלאָזן אַן אויפרוף צו די פּאַרטיי־כאַווייריִם, אין וועלכן עס איז געשטאַנען:

„די שטרענגע געזעצן פון דער מילכאמע־צייט טרעפן מיט א מוראדיקער שארפקייט די ארבעטער־באוועגונג. לייכטזיניקע האנדלונגען, נוצלאזע און פאלשע פארשטאנענע קארבאנעס קאנען ברענגען א שאדן ניט נאר דעם איינצלנעם, נאר אויך אונדזער זאך".

דעם 3־טן אויגוסט האט זיך צונויפגעקליבן די פראקציע פון רייכסטאג אף צו באטראכטן די פראגע וועגן די מילכאמע־קרעדיטן. מיט 78 שטימען קעגן 14 איז באשלאסן געווארן צו שטימען פאר די קרעדיטן. קאוטסקי, וועמעס אינער־לעכע וואקלדיקייט האט זיך קיינמאל ניט ארויסגעוויזן אזוי בולעט ווי אין די דאזיקע קריטישע טעג, האט ארייננעטראגן א לעכערלעכן פארשלאג, אדער זיך אפהאלטן פון שטימען אדער מאכן אפהענגיק דאס שטימען פון וועלכע ניט איז גאראנטיעס פון דער רעגירונג אין דער פראגע וועגן די מילכאמע־צילן. דעמדאזיקן פארשלאג האט קיינער ניט אנגענומען ערנסט; יעדערער האט פאר־שטאנען, אז בא דער געגעבענער סיטואציע וועט די רעגירונג ניט דערלאזן, אז די סאציאל־דעמאקראטיע זאל איר דיקטירן די מילכאמע־צילן. דער עלזאסישער דעפוטאט, דער שאוויניסט גרומבאך, האט שפעטער באהויפטעט, אז דער פרע־זידיום פון דער פראקציע, רעכענענדיק זיך מיט די ווונטשן פון דעם דייטשישן רייכסקאנצלער בעטמאן האלוועג האט ארויסגעווארפן פונעם ערשטן פראיעקט פון דער דערקלערונג צו דער אפשטימונג פאלגנדיקן זאץ:

„ווי נאר די מילכאמע וועט ווערן א דעראבערונג־מילכאמע, וועלן מיר ארויסטרעטן קעגן איר מיט די סאמע ענערגישע מיטלען"*).

שפעטער איז געווארן באוווסט, אז דער רעוויזיאניסטישער פליגל פון דער פראקציע האט באשלאסן צו שטימען פאר די מילכאמע־קרעדיטן אפילע אין דעם פאל, אויב די מערהייט פון דער פראקציע זאל זיך האבן ארויסגעזאגט קעגן שטימען פאר די קרעדיטן.

די מינדערהייט, וואס האט אין דער פראקציע געשטימט קעגן באוויליקן די מילכאמע־קרעדיטן, האט זיך אונטערגעווארפן דער פארטיי־דיסציפלין. האאזע, וואס האט געהערט צו דער דאזיקער מינדערהייט, האט אפילע איינגעשטימט צו איבערלייענען אפן פלענום פון רייכסטאג די דערקלערונג פון דער פראקציע צו דער אפשטימונג. אויך קארל ליבקנעכט האט אין יענעם מאמענט געהאלטן פאר נויטיק אפהיטן די דיסציפלין, קעדיי אף אויסן ארויסווייזן די איינהייט פון דער פארטיי, און האפנדיק, אז שפעטער, ווען עס וועט פאריבערגיין די ערשטע מילכאמע־פארשיקערטקייט, וועט געליטנקן געווינען א מערהייט קעגן דער מילכאמע־פאליטיק.

אט דאס זיינען די וויכטיקסטע טיילן פון דער טרויעריק בארימטער דער־קלערונג פון דער רייכסטאג־פראקציע:

„די רעזולטאטן פון דער אימפעריאליסטישער פאליטיק, וואס צוליב איר האבן מיר געהאט אן עפאכע פון פיבערהאפטע באוואפענונגען און צוליב וואס עס האבן זיך פארשארפט די קעגנזאצן צווישן די פעלקער, האבן זיך

*) „דער אינטערנאציאנאל און די וועלט־מילכאמע". געזאמלט פון ק. גרינבערג (דייטש). אפטיילונג 1, ז. 301.

ווי אַ שטורעם-ווינט אין אייראָפּע אַרײַנגעריסן. די פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט פֿאַלט אַף די טרעגער פֿון דערהאַזיקער פּאָליטיק; מיר וואַרפֿן זי אָפּ. די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע האָט די דאָזיקע אַנטוויקלונג מיט אַלע קרעפֿטן באַקעמפֿט און נאָך אין די לעצטע שעה האָט זי דורך מעכטיקע דעמאָנסטראַציעס אין אַלע לענדער אין פֿולשטענדיקער האַסקאָמע מיט די פֿראַנצויזישע ברידער געקעמפֿט פֿאַר אָפּהיטן דעם שאָלעם. די אָנשטרענגונגען זײַנען געווען אומזיסט.

איצט שטייען מיר פֿאַר דעם אײַזערנעם פֿאַקט פֿון אַ מילכאָמע. אונדז דראָען די מוירעדיקע פּלאָגן פֿון פֿײַנטלעכע אינוואַזיעס. ניט פֿאַר אָדער קעגן שאָלעם דאַרפֿן מיר הײַנט אַנטשיידן, נאָר די פֿראַגע וועגן די נייטיקע מיטלען אַף פֿאַרטיידיקן דאָס לאַנד.

איצט האָבן מיר צו געדענקען וועגן די מיליאָנען פֿאָלקס-כאַווײרים, וואָס אָן זייער שולד זײַנען זיי אַרײַנגעצויגן געוואָרן אין דערדאָזיקער פֿאַטאַלער לאַגע! זיי אַלעמען העלפֿן, זייער גורל צו פֿאַרלײַכטערן, די דאָזיקע גרענעצלאָזע נויט צו לינדערן האַלטן מיר פֿאַר אונדזער דרינגענדיקן כויוו.

בײַ אַ זיג פֿון דעם רוסישן דעספּאָטיזם, וואָס האָט זיך באַפֿלעקט מיטן בלוט פֿון די בעסטע פֿון זײַן פֿאָלק, שטייט פֿאַר דעם דײַטשישן פֿאָלק און פֿאַר זײַן פֿרײַער צוקונפֿט זייער אַסאַך, אויב ניט אַלץ, אין קאָן. מע מוז די דאָזיקע געפֿאַר אָפּשלאָגן, די קולטור און די אומאָפּהענגיקייט פֿון אונדזער אייגן לאַנד זיכערן. איצט פֿילן מיר אויס דאָס, וואָס מיר פֿלעגן אַלעמאָל באַטאָנען: אין דער שאָ פֿון געפֿאַר פֿאַראַטן מיר ניט אונדזער פֿאָטערלאַנד. דערבײַ האַנדלען מיר אין העסקעם מיטן אינטערנאַציאָנאַל, וואָס האָט אַלעמאָל אָנערקענט דאָס רעכט פֿון יעדן פֿאָלק אַף נאַציאָנאַלער זעלבשטענדיקייט און זעלבסטפֿאַרטיידיקונג, פּונקט ווי מיר, אין העסקעם מיט אים, פֿאַרורטיילן אָבער יעדע דעראָבערונג-מילכאָמע.

מיר פֿאָדערן, אַז ווי באַלד דער ציל פֿון זיכערן דאָס פֿאָטערלאַנד וועט דערגרייכט ווערן און די קעגנער וועלן געניגט זײַן צום שאָלעם, זאָל געמאַכט ווערן אַ סאָף צו דער מילכאָמע און עס זאָל געשלאָסן ווערן אַ שאָלעם, וואָס זאָל מעגלעך מאַכן די פֿרײַנטשאַפֿט מיט די שכייניסשע פֿעלקער. מיר פֿאָדערן דאָס ניט נאָר אין די אינטערעסן פֿון דײַטשישן פֿאָלק.

מיר האָפֿן, אַז די גרויזאַמע שול פֿון מילכאָמע-לײַדן וועט אין נײַע מיליאָנען דערוועקן די פֿאַראַכטונג צו דער מילכאָמע און וועט זיי געווינען פֿאַר דעם אידעאַל פֿון סאָציאַליזם און פֿעלקער-שאָלעם. אַרויסגייענדיק פֿון די פּרינציפּן, באַווויליקן מיר די געפֿאָדערטע קרעדיטן".

די דאָזיקע דערקלערונג האָט געגעבן דעם לאָזונג און אַלע הינט פֿונעם נידעריקסטן שאָוויניזם אין דער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער פּרעסע זײַנען אָפּגעלאָזן געוואָרן פֿון קייט. עס האָט זיך אָנגעהויבן די אַגיטאַציע פֿאַר „דורכהאַלטן", אָפֿן אָרט פֿון קלאַסן-קאַמף איז געקומען דער „בורגפֿרידן". די סאָציאַל-דעמאָקראַטישע פֿירער האָבן זיך פֿאַרמאַסטן מיט די בורזשואַזע אין די אָרגיעס פֿון הוראַ-פּאַטריאָטיזם. די „כעמניצער פֿאָלקשטימע" האָט געשריבן:

„די אַרבעט פֿאַר דעם פֿעלקער־שלעם איז איצט אָפּגעשטעלט. אַנדערע זאָרגן שטייען.

אונדז אַלעמען באַהערשט איצט נאָר איין פֿראַגע: צי ווילן מיר זיגן? און אונדזער ענטפֿער איז: יאָ! מע האָט אונדז פֿאַראַכטעט און פֿאַרהאַלטן און געהאַלטן אונדז פֿאַר פֿאָטערלאַנדסלאָזע גזלנים, בעת מיר האָבן אין אונדזערע הייסעסטע און ערלעכסטע באַמיִונגען נאָר געשטרעבט צו טאָן דאָס בעסטע פֿאַר דייטשלאַנד.

אָבער וואָס מע זאָל ניט האָבן קעגן אונדז געטאָן, אין איצטיקן מאָמענט פֿילן מיר אַלע די פֿליכט קווידעמקאָל צו קעמפֿן קעגן דער רוסישער ביישטהערשאַפֿט".

„האַמבורגער עכאָ" האָט געשריבן:

„איצט מוז מען אויסהאַלטן... איצט אַנטשיידעט דאָס אייזן! איצט אַנטשיידעט די מאַכט! דייטשלאַנדס פֿאַלק מוז זיך פֿאַרטיידיקן!"
און דאָס סאָציאַל־דעמאָקראַטישע וויצבלאַט „דער וואַרע יאַקאָב" האָט אין ווילהעלמס סטיל פּראָקלאַמירט:

„נו, קינדער, צו דער אַרבעט, איצט העלפֿט נאָר דאָס דרעשן!"

די פּראָפֿאַריינען האָבן אָפּגעשטעלט דעם קאַמף פֿאַר בעסערע לעבן־באַדינגונגען פֿון די אַרבעטער און האָבן זיך נאָר באַמיט, אַז די מילכאָמע־פּראָדוקציע זאָל גיין אָן ריִיבונגען. די פּראָפֿאַריינישע פּרעסע האָט שטאָלץ דערקלערט, אַז די פּראָפֿאַריינישע דיסציפּלין פֿון די אַרבעטער מאַכט זיי פֿאַר די בעסטע סאָלדאַטן.

דעם שענדלעכן ביישפּיל פֿון דער דייטשישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי האָבן מיט גאַנץ קליינע אויסנאַמען נאָכגעטאָן די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען פֿון אַנדערע לענדער. אין פֿראַנקרייך זייַנען די מילכאָמע־קרעדיטן אָנגענומען געוואָרן איינשטימיק. זשאָרעס איז אַ טאָג פֿאַרן דערקלערן די מילכאָמע דערהאַרגעט געוואָרן פֿון אַ נאַציאָנאַליסט. מיט געדן און וויאַנען האָט זיך געטראָפֿן אַסאַך אַן ערגערע זאַך. די ביידע אַלטע קעמפֿער קעגן דעם רעפֿאָרמיזם האָבן צוזאַמען מיט די רעפֿאָרמיסטן אָראַנזשירט אין דעם אָפּאָרטוניסטישן זומפּ. געד איז צוזאַמען מיט מיליעראַנען אַרייַנגעטראָטן אין אַ מיניסטעריום פֿון נאַציאָנאַלער פֿאַרטיידיקונג!

אין בעלגיע איז וואַנדערוועלדעס אַרייַנטרעטן אין דער רעגירונג געווען דאָס ערשטע מילכאָמע־מאָסמיטל. די בעלגישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע האָט זיך ניט באַנוגנט מיט די אַלגעמיינע פֿראַזן וועגן פֿאַרטיידיקונג, זיי האָבן געפּרייזט אַן אומראַכמאָנעסדיקן האַס קעגן די דייטשן. אַזוי האָט דער סאָציאַליסטישער צענטראַל־אָרגאַן „peuple" געשריבן דעם 18-טן אויגוסט:

„איינעם טאָג פֿון ענדגילטיקן זיג פֿון אַלע פֿאַרבינדעטע מעלוכעס, וואָס מוז קומען, מוז דערדאָזיקער האַס איבערגעבן אַן ראַכמאָנעס די טעוטאָנישע ראַסע צו דער פֿאַראַכטונג פֿון דער גאַנצער מענטשהייט. אַסאַך

דוירעם פון דערהאַזיקער ראַסע (!) מוזן פאַרגלעטן דעם שרעקלעכן פאַרברעכן, צוליב וועלכן זי מוז אונטערגיין".

אין עסטרייך האָט מען די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע דעפּוטאַטן פאַרשפּאַרט אַנצונעמען באַשלוסן וועגן די מילכאָמע־קרעדיטן, ווייל די רעגירונג האָט ניט געהאַלטן פאַר נויטיק צונויפרופן דעם פּאַרלאַמענט. אין אַן אופרוף פונעם 25־טן יולי האָט די דייטשישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע פון עסטרייך פּראָטעסטירט קעגן דעם ניט צוזאַמענרופן דעם פּאַרלאַמענט און האָט קאָנסטאַטירט די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פון דער רעגירונג פאַר דער מילכאָמע. אָבער אין דעמזעלבן אופרוף איז אָנערקענט די רעכט פון דערהאַזיקער רעגירונג צו פאָדערן גאַראַנטיעס בא סערביע, „אַז עס זאָל אַ סאָף געמאַכט ווערן צו די אונטערערדישע אינטריגעס קעגן דער זיכערקייט און רויקייט פון דעם עסטרייכישן מעלוכע־פאַרבאַנד."

אינעם טאָג ווען עס איז דערקלערט געוואָרן די מילכאָמע האָט דער צענטראַל־קאָמיטעט אויסגעדריקט זיין האָפענונג אַף אַ נייע עסטרייך און האָט גערופן די פּאַרטיי־כאַווייריםפאַרצוזעצן די פּאַרטיי־אַרבעט אין די ענגע גרעניצן, וואָס דער אויסנאַם־צושטאַנד האָט איבערגעלאָזן. און שוין דעם 2־טן אויגוסט האָבן זיך אין דער „ווינער אַרבעטער־ציטונג", אָנגעהויבן די שאָוויניסטישע געוואַלדן. די מילכאָמע איז באַצייכנט געוואָרן ווי „די וועלט־מילכאָמע פונעם צאַר", ווילהעלם, וואָס האָט געבראַזגעט מיטן שווערד, איז פאַרגעשטעלט געוואָרן ווי אַ שאָלעם־פאַרמיטלער, די גאַנצע שולד איז אַרופגעלייגט געוואָרן אַפן צאַריזם און אַף דער „האַלב־באַרבאַרישער סערביע".

דעם 5־טן אויגוסט האָט דער דייטש־עסטרייכישער סאָציאַל־פּאַטריאָט אוסטערליץ אין אַן אַרטיקל אונטערן נאָמען „דער טאָג פון דער דייטשישער נאַציע" צעלאָזן זיך מיט אַ באַגייסטערטן הימן פאַר דער באַוויליקונג פון די קרעדיטן דורך דער דייטשישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע:

„דעמדאָזיקן טאָג, דעם 4־טן אויגוסט וועלן מיר ניט פאַרגעסן. ווי עס זאָל דער גוירל ניט פאַלן—און מיט די הייסעסטע ווונטשן פון אונדזער האַרץ האָפן מיר, אַז ער וועט געבן ניצאָכן פאַר דער הייליקער זאַך פון דעם דייטשישן פאָלק — דאָס בילד, וואָס האָט מיט זיך היינט פאַרגעשטעלט דער דייטשישער רייכסטאַג, די פאַרטרעטונג פון דער נאַציע, וועט זיך איינקריצן אינעם באַוווסטזיין פון דער גאַנצער דייטשישער מענטשהייט, וועט פאַרצייכנט ווערן אין דער געשיכטע ווי דער טאָג פון סאַמע שטאָלצן און געוואַלטיקסטן אופשטייג פונעם דייטשישן גייסט(!).

אַלע ווי איינער האָבן די דייטשישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן געשטימט פאַר די קרעדיטן. ווי דער גאַנצער אינטערנאַציאָנאַל איז אויך אונדזער דייטשלענדישע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי, דערהאַזיקער אויצער פון דער אָרגאַניזאַציע פון דעם קלאַסן־באַוווסטזיניקן פּראָלעטאַריאַט, די שאַרפסטע קעגנער פון דער מילכאָמע, די ליידנשאַפטלעכסטע אָנהענגער פון דער איינמוטיקייט און סאָלידאַריטעט פון די פעלקער. און זי האָט אויך אַלץ געטאָן קעדיי ניט צו דערלאָזן דעמדאָזיקן וועלט־קריג, וואָס איז איצט אַ קריג קווירעמקאָל קעגן דעם דייטשישן וועזן, קעדיי די מענטשהייט זאָל

פארשפארן די דאזיקע מורדיקע אפטרייסלונג פון דער גאנצער וועלט־געביידע. און עס איז זיכער ניט איר שולד, וואס די דייטשישע מעלוכע און צוזאמען מיט איר די גאנצע אייראפעישע וועלט ליידט פון דער מילכאמע. אבער וויבאלד דאס דייטשישע פאטערלאנד איז אין געפאר, וויבאלד די נאציאנאלע אומאפהענגיקייט פונעם פאלק איז באדראט, שטעלט זיך די סאציאל־דעמאקראטיע ווי א שילד־וואנט פארן פאטערלאנד און די „פאטערלאנדסלאזע געזעלן", די „רויטע באנדע", ווי דער קייזער האט זיי אמאל געזידלט, איז מאקריוו דער מעלוכע דעם פארמעגן און דאס בלוט פון די ארבעטנדיקע מאסן.

און אזוי גייט ארויס דאס דייטשישע פאלק איינציק אינעם קאמף פאר אופהאלטן זיין מעלוכישע און נאציאנאלע עקזיסטענץ. אף דער צווייטער זייט—מיעסע ספעקוליאציעס, געשעפט־קאלקולאציעס, וו עס איז ניטא קיין שום מאראלישע אידיי, דא — אן איינציק קראפטפול באוועגטע פאלק; די ראד פון דער וועלט־געשיכטע וועט זיך דרייען אף צוריק, אויב די דייטשן וועלן ניט געווינען זייער רעכט!".

די עסטרייכישע פראפאריינישע קאמיסיע האט ארויסגעלאזן א ווענדונג צו די פראפאריינישע טוער און באפולמעכטיקטע, אין וועלכער עס איז אנגעוויזן, אז מיט זייער אונטערשטיצונג־טעטיקייט דארפן די פראפאריינען קומען צו הילף דער מעלוכע און זיי דארפן זיך שטרענג האלטן אן די געזעצלעכע באשטימונגען פונעם אויסנאם־צושטאנד.

„וואס שייך די לוין־באוועגונגען מוזן מיר ארויסזאגן אונדזער מיינונג, אז דער איצטיקער מאמענט איז זייער ניט גינסטיק פאר זיי און דעריבער מוז מען זען אויסמיידן זיי און אפשטעלן די פריער אנגעהויבענע קאמפן".

קעגן דיזאזיקע אקציעס פון סאציאל־פאטריאטיזם איז ארויסגעטראטן די איטאליענישע סאציאל־דעמאקראטיע אין עסטרייך אין איר טריעסטער ארגאן „Lavoratore“ מיט דער בייסיקער באמערקונג, אז אויב די קליינע סאציאל־דעמאקראטיע פון בעלגיע האט באקומען איין מיניסטער, מוז מען דאן אין דייטשלאנד באשטימען א האלבן טוץ סאציאליסטישע מיניסטארן.

אין ענגלאנד האט דער פירער פון דער בריטישער סאציאליסטישער פארטיי, היינדמאן, אין דעם פארטיי־ארגאן געגעבן דעם לאזונג, אז מע מוז דייטשלאנד, וואס האט געשטערט דעם שאלעם, צעשמעטערן, און ניט שטערן בעשומויפן די שטרעבונגען פון דער רעגירונג צו א גיכן ניצאכן. צו דעם דאזיקן סאציאל־פאטריאטישן לאזונג האט זייער ווייניק געפאסט די דערקלערונג, אז די ערגסטע סאנים זיינען דאך די גרויסע פריצים און קאפיטאליסטן פון גרויס־בריטאניע.

די אומאפהענגיקע ארבעטער־פארטיי האט זיך נאכן אנהויב פון דער מילכאמע זיך אויך געהאלטן בא איר פאציפיסטישער ליניע קעגן דער מילכאמע — אין דער הינזיכט איז זי געווען א זעלטענער אויסנאם.

די האלענדישע סאציאל־דעמאקראטיע אונטער דער אנפירונג פון טרול־סטרא האט זיך ארויסגעזאגט פאר נייטראליטעט און האט געשטימט פאר די קרעדיטן, וואס די רעגירונג האט געפאדערט אף צו פארטיידיקן די נייטרא־ליטעט.

אין די ארטיקלען פונעם צענטראל־ארגאן Het volk האט זיך דערביי ארויסגעדריקט די שטימונג פון די מאסן, וואס איז געווען געווענדעט קעגן דייטשלאנד פארן ברוטאלן ברעכן די בעלגישע נייטראליטעט. פאר די האל־לענדישע סאציאל־פאטריאטן האט אויסגעזען צו זיין די גרעסטע געפאר ווען האלאנד וואלט זיך אויסגעקומען צו שטעלן אף דייטשלאנדס זייט און נאך אויב ענגלאנד וואלט געבראכן די נייטראליטעט פון האלאנד. אין דער ערקלערונג, וואס דער סאציאל־דעמאקראטישער צענטראלער ארגאן האט וועגן דעם אפגעגעבן, האט זיך אין זיין גאנצער נאקעטקייט אנטפלעקט דער סאציאל־אימפעריאליזם.

„זייער ערנסט איז דאס, וואס אין פאל פון א קאנפליקט מיט ענגלאנד וועלן דירעקט זיין באדראט אונדזערע קאלאניעס, און דעריבער מוז מען בא דער געגעבענער לאגע זען אויסמיידן דעם קאנפליקט. דייטש־לאנד פירט א פאליטיק, וואס פאדערט נית קיין שום קארבאנעס פון אונדזער זייט".

זייער ווייניק זיינען געווען די אויסנאמען, וואס זיינען ווערט מע זאל זיי לויבן. אין דער סערבישער סקופשטינע האבן די דעפוטאטן לאפטשעוויטש און קאצלעראוויטש געשטימט קעגן די מילכאמע־קרעדיטן און האבן דער־קלערט, אז די רעגירונג איז אויך שולדיק אין דער מילכאמע. אזוי האבן זיך אויך געהאלטן די „ענגהארציקע" סאציאליסטן אין בולגאריע.

די איטאליענישע סאציאליסטן, וואס האבן שוין אין 1912 יאר אף זייער צוזאמענפאר אין רעדזשיא עמיליא לויטן פארשלאג פון מוסאליני, וואס איז דעמאלט נאך געשטאנען אפן לינקן פליגל, ארויסגעווארפן די סאציאל־פאטריאטן פון זייערע רייען, זיינען איינהייטלעך ארויסגעטראטן קעגן דעם, אז איטאליע זאל זיך באטייליקן אין דער מילכאמע און האבן פעסט געפירט זייער אנטי־מילכאמע־ליניע אויך נאכדעם, ווי איטאליע איז אריינגעטראטן אין דער מילכאמע.

אין האלאנד האבן דעם פראלעטארישן אינטערנאציאנאליזם פארטיידיקט די „טריבוניסטן", וואס זיינען אין 1906 יאר ארויסגעטראטן פון דער סא־ציאל־דעמאקראטישער פארטיי. זיי האבן דערקלערט, אז עס איז בעסער אנ־הויבן א בירגער־קריג איידער א בלוט־באד מיט די ברידער פון אנדערע לענדער.

אבער דער רעוואלוציאנערער קלאסן־קאמף קעגן דער מילכאמע, דער בירגער־קריג קעגן דעם אימפעריאליסטישן קריג האט געפונען זיין סאמע דורכגעטראכטן און סאמע אנטשלאסענעם אויסדרוק אין דער טעאריע און אין דער פראקטיק פון די רוסישע באלשעוויקעס. שוין אין די יולי־טעג פון 1914 יאר האט דער פעטערבורגער פראלעטאריאט געקעמפט אף די באריקאדן. דער אייזערנער פויסט פון דער מיליטערישער דיקטאטור האט באוויזן אין דער ערשטער צייט פון דער שאוויניסטישער פארשיקערטקייט אונטערצודריקן די

רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג, אָבער די באָלשעוויסטישע פראַקציע פון דער דומע איז ניט נאָר אַרויסגעטראָטן אין דומע מיט אַן אָפענער קאַמף־דערקלערונג קעגן דעם מילכאָמע־פאַרברעכן פון דער צאַרישער רעגירונג, נאָר זי האָט זיך גלייך געשטעלט אין דינסט פון דער אומלעגאַלער אָרגאַניזאַציע, געפירט אַ רעוואָלוציאָנערע אַרבעט צווישן די אַרבעטער־מאַסן און סאָלדאַטן און איז דערפאַר פאַרשיקט געוואָרן אין סיביר.

אַזוי האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אין דער צייט פון דער גרעסטער אויספּרוּוונג, אַז דאַווקע די שטאַרקסטע פּאַרטייען, די פּאַרטייען פון די וויכטיקסטע אימפּעריאַליסטישע לענדער האָבן אַפן סאַמע שענדלעכסטן אויפן פאַראַטן און אַז אין דערהויפּטיקער מילכאָמע זיינען פאַר דער פּראַקטיק פון די פּאַרטייען מאָסגעבנדיק געווען ניט די איינשטימיק אָדער מיט אַ קאָלאָסאַלער מערהייט אָנגענומענע ראַדיקאַלע רעזאָלוציעס, נאָר די טויזנט מאָל פאַרורטיילטע, אַף אַלע פּאַרטיי־צוזאַמענפאָרן און קאָנגרעסן אָפּגעוואָרפענע אָנווייזונגען פון די רעפאָרמיסטן. ניט דער צענטער, נאָר דער נאַקעטער ניט באַהאַלטענער אָפּאָרטוניזם האָט איבערגענומען די אָנפירונג. עס זיינען נאָך געווען גילטיק די באַשלוסן פון די אינטערנאַציאָנאַלע קאָנגרעסן, וואָס האָבן פאַרפליכטעט אַלע פּאַרטייען אָפּצוואַרפן די מיליטערישע ביודזשעטן. עס איז נאָך געווען גילטיק פאַר דער דייטשישער פּאַרטיי דער באַשלוס פון דעם מאַגדעבורגער פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר פון 1910 יאָר, וואָס האָט אין פּרינציפּ פאַרורטיילט דאָס שטימען פאַרן ביודזשעט, עס איז נאָך פאַר דעם אינטערנאַציאָנאַל געווען גילטיק דער באַשלוס פון 1904 יאָר, וואָס האָט נאָך שאַרפער ווי דער באַשלוס פון 1900 יאָר, פאַרבאָטן די סאָציאַליסטן צו באַטייליקן זיך אין בורזשואַזע רעגירונגען, אָבער אין דייטשלאַנד ווי אין פראַנקרייך, אין ענגלאַנד ווי אין בעלגיע האָט די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע באַוויליקט די מילכאָמע־קרעדיטן. אין פראַנקרייך, ענגלאַנד און בעלגיע זיינען די סאָציאַליסטן אַריין אין די מילכאָמע־פירנדיקע רעגירונגען, און אויב זיי האָבן דאָס ניט געטאָן אין דייטשלאַנד און אין עסטרייך, איז דאָס דערפאַר — ווי די ווייטערדיקע אַנטוויקלונג האָט געוויזן — ווייל די בורזשואַזיע אין די דאָזיקע לענדער האָט דעמאָלט ניט געהאַלטן פאַר צוועקמעסיק אַריינצונעמען סאָציאַל־דעמאָקראַטן אין די רעגירונגען. די רעזאָלוציעס פון שטוטגאַרט און באַזעל, וואָס האָבן געפאָדערט דעם רעוואָלוציאָנערן קאַמף קעגן דער מילכאָמע, אויסצונוצן דעם קריזיס, וואָס די מילכאָמע רופט אַרויס אַף אַראָפּצוואַרפן דעם קאַפּיטאַליזם, זיינען פאַר די אָנפירונגען פון די דאָזיקע פּאַרטייען געוואָרן פאַרגעסענע ווערטער.

מע דאַרף דערקלערן פון מאַרקסיסטישן שטאַנדפונקט, פאַרוואָס האָט דער צענטריזם בעת דעם קריזיס פולשטענדיק קאַפּיטולירט פאַרן רעפאָרמיזם, פאַרוואָס האָט טריומפירט דער אָפּאָרטוניזם אין זיין מיעסטער פאָרם, אין דער געשטאַלט פון סאָציאַל־אימפּעריאַליזם.

דער צענטריזם האָט זיך שטענדיק באַמיט צו געפינען אַ מיטעלע ליניע צווישן דער רעוואָלוציאָנערער און צווישן דער רעפאָרמיסטישער. ניט צו־

מאַסן זיך צו דער עקזיסטירנדיקער בורזשואַזער אָרדענונג און ניט צוגרייטן די מאַסן צום רעוואָלוציאָנערן קאַמף, נאָר אָפּאָזיציע אין די ראַמען פון לעגאַלע, פּאַרלאַמענטאַרישע און פּראָפאַריינישע אַרויסטרעטונגען — אומגעפער דאָס איז געווען די טעאָריע און פּראַקטיק פונעם מאַרקסיסטישן צענטער אין דעם פרידלעכן פּעריאָד דירעקט פאַר דער וועלט־מילכאָמע.

אַזוי לאַנג ווי עס האָט געדויערט דער רואיקער פאַרהעלטנישמעסיק פרידלעכער פּעריאָד, אַזוי לאַנג ווי קיין גרויסע קריזיסן האָבן ניט געפּאָדערט קיין קלאָרע אַנטשיידונגען און אַזוי לאַנג ווי די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי האָט נאָך ניט פאַרקערפּערט אַזאַ מאַכט, וואָס פון אירע באַשלוסן זיינען געווען אָפּהענגיק היסטאָרישע געשעענישן, אַזוי לאַנג איז געווען מעגלעך אַזאַ מין מיטעלע פּאָזיציע פון „ריינער" אָפּאָזיציע אָן רעוואָלוציאָנערע קאָנסעקווענצן.

אָבער דיזאָזיקע פּאָליטיק איז געוואָרן אוממעגלעך אַלס פּראַקטיק פון אַ פּראָלעטאַרישער מאַסן־פּאַרטיי אין דעם מאָמענט, ווען צוליבן אויסברוך פון דער אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע איז געשטעלט געוואָרן אין קאָן די עקזיסטענץ פון אַלע באַטייליקטע מעלוכעס. קאַוטסקיס באַקמעדיקער פאָרשלאָג צו אָפּהאַלטן זיך בײַם שטימען די מילכאָמע־קרעדיטן האָבן אַלע ריכטונגען מיט רעכט איגנאָרירט, ווייל די „אינפאָרמאַציע", וואָס ער האָט פאַרלייגט צו באַקומען פון דער דייטשישער רעגירונג, דער סימבאָלישער אויסדרוק פון ניט קאָנען אָננעמען אַ באַשלוס, איז געווען אוממעגלעך בײַ דערהאַזיקער סיטואַציע. מע האָט געמוזט אָדער באַקעמפן די מילכאָמע אָדער זי אונטערשטיצן. אַ פּאַרטיי פון פיר מיט אַ פערטל מיליאָן אָנהענגער, וואָס האָבן אויך געקוקט אויף דער האַלטונג פון זייערע פירער, האָט ניט געקאָנט איינפאַך פּראָטעסטירן פּאַרלאַמענטאַריש און דערנאָך זיך אָפּרוקן פון דער פאַראַנטוואָרטלעכקייט שטיל אָן אַ זייט. קעגן דער געוואַלטיקער מילכאָמע־מאַשין פון דער בורזשואַזיע, קעגן דער שאָוויניסטישער העצע פון דער גאַנצער בורזשואַזער וועלט, קעגן דעם טעראָר פון דער מיליטערישער דיקטאַטור קאָנען די אַרבעטער־פּאַרטייען נאָר דאַן אָנהייבן דעם קאַמף, ווען זיי זיינען אַנטשלאָסן צו טראָגן אַלע קאָנסעקווענצן פונעם קאַמף. דאָס הייסט, ווען מיט זיי פירט אָן אַ רעוואָלוציאָנערע פּערספּעקטיוו און אַ רעוואָלוציאָנערע אַנטשלאָסנקייט.

און דעם צענטריזם האָט געפעלט די רעוואָלוציאָנערע פּערספּעקטיוו, האָט געפעלט דער גלויבן אין דער רעוואָלוציאָנערער קראַפט פון די מאַסן, די אַנטשלאָסנקייט צום רעוואָלוציאָנערן טאַט. און דעריבער האָט ער פּראַקטיש ניט געזען קיין אַנדער וועג, ווי דעם, אויף וועלכן די אָפּאָרטוניסטן זיינען געגאַנגען באַוווסטזיניק און אויסגעהאַלטן. און פּאַקטיש, פאַר דעם האַרעס־דייטשישן אָפּאָרטוניסט פראַנק, וואָס האָט שוין פון לאַנגע יאָרן אין באַדען געקעמפט פאַר באַוויליקן דעם ביודזשעט, איז עס נאָר געווען אַ פאַרשטענדלעכע אויסגעהאַלטנקייט, וואָס ער האָט געשטימט פאַר די מילכאָמע־קרעדיטן און איז אַוועק אויף דער מילכאָמע ווי אַ פריוווּליקער.

פאַר הינדמאַנען, וואָס האָט באַטראַכט די ענגלישע ים־באַוואָפענונגען ווי אַ נייטיקן שוץ־מיטל קעגן דער דייטשישער געפאַר, איז געווען נאָר אַ

קאָנסעקווענץ צו פּראָקלאַמירן דעם קאַמף קעגן דעם פּרייסישן מיליטאַריזם פאַר די זשאַרעסיסטן, וואָס האָבן אַריינגעטראָגן אַ געזעץ-פּראָיעקט וועגן אַן אַקטיווער לאַנדפאַרטיידיקונג, וואָס האָבן זיך שוין אין שאַלעם-צייט געמאַכט אַ וועג צום באַטייליקן זיך אין דער רעגירונג, איז געווען נאָר אַ קאָנסעקווענץ, וואָס זיי זיינען אין דער מילכאָמע-צייט אַריין אין דער רעגירונג.

אָבער מיט וועלכע מאָטיוון האָבן קאַוטסקי, פרידריך אַדלער, לאַנגע און קאָ. באַרעכטיקט די פּאָליטיק פון פאַרטיידיקן דאָס בורזשואַזע פאָטערלאַנד? אין די יאָרן 1914—1915 זיינען אין דער „נייער צייט" דערשינען קאַוטסקיס באַרימטע אַרטיקלען, וואָס זיינען שפּעטער אַרויס אין דער פאָרם פון אַ בראָשור אונטערן נאָמען „די אינטערנאַציאָנאַליטעט און די מילכאָמע".

אין דער נעבעכדיקער פּלאַפּלעריי, וואָס דער שטענדיקער ליפעראַנט פון „מאַרקסיסטישע" טעאָריעס האָט צונעטראָגן פאַרן געברויך פונעם צענטראַלקאָמיטעט, ווערט קלאָר דורכגעפירט איין געדאַנק: אַז אַ רעוואָלוציאָנערער פּערספּעקטיוו איז אוממעגלעך צו געפינען אַן אַנדער וועג, ווי דעם וועג פון סאָציאַל-פּאַטריאָטיזם.

קאַוטסקי האָט אַזוי פילאָזאָפירט: בײַ יעדער מילכאָמע אין דער פאַרגאַנגענהייט האָבן מאַרקס און ענגעלס און זייערע שילער געשטעלט די פראַגע: „דער זיג פון וועלכער מעלוכע אָדער גרופּע מעלוכעס איז גינסטיקער פאַרן אינטערנאַציאָנאַלן פּראָלעטאַריאַט?"

„בעת־ען שאַלעם געפינט זיך נאַטירלעך די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע אַלס פאַרטרעטערן פון די אונטערשטע שיכטן פון פאָלק אין אָפּאָזיציע צו יעדער רעגירונג — אַזוי לאַנג, ביז זי געווינט די קראַפט אַליין איבערצונעמען די רעגירונג. בעת אַ מילכאָמע געפינט זי זיך אין אַן אוממעגלעכער סיטואַציע, וואָס זי מוז זיך שטעלן אויף דער זייט פון איין רעגירונג(!), ווייבאַלד זי שטעלט זיך אויף דער זייט פון איינער פון די מילכאָמע־פירנדיקע מעלוכעס. אויב דאָס איז די אייגענע רעגירונג, קומט איר אויס צו באַווילינן די מיטלען אויף צו פירן די מילכאָמע, באַווילינן דאָס דערזעלבער רעגירונג, וואָס אין פרידלעכער צייט גיט זי איר ניט קיין איין מענטש און קיין איין גראָשן".

פאַר קאַוטסקין, הייסט דאָס, איז געשטאַנען נאָר די איין פראַגע, צי די צענטראַלע מעלוכעס, צי די אַנטאַנטע וואָלט געדאַרפט זיגן „אין די אינטערעסן פונעם פּראָלעטאַריאַט", צי אַזוי אַרום דאַרף מען אונטערשטיצן די דייטשישע און עסטרייכישע רעגירונג אָדער די רוסישע, פראַנצויזישע און ענגלישע! און היות דאָס איז אַ פראַגע, וואָס איז אוממעגלעך צו לייזן, האָט קאַוטסקי געהאַלטן פאַר גאַנץ נאַטירלעך, אַז די דייטשישע סאָציאַל-דעמאָקראַטיע ווינטשט דעם זיג פון דער דייטשישער אַרמיי און די פראַנצויזישע סאָציאַל-דעמאָקראַטיע — דעם זיג פון דער פראַנצויזישער אַרמיי, — נאַטירלעך יעדערע דורכויס „אין די אינטערעסן פונעם פּראָלעטאַריאַט".

עס איז אינגאַנצן פאַרגעסן געוואָרן דער געדאַנק פון דער שטוטגאַרטער און באַזעלער רעזאָלוציעס, אַז דער פּראָלעטאַריאַט איז ניט פאַרינטערעסירט

אינעם זין פון איינער פון די קאפיטאליסטישע רעגירונגען, נאר אינעם ארויסווארפן זיי און אלע לענדער.

די מוירע פאר דעם רעוואלוציאנערן קאמף, וואס ליגט אייגנטלעך אין יעסאד פון דער צענטריסטישער טעאריע, איז אף א נאיוון אויפן אויסגעדריקט געווארן דורך דעם פארטרעטער פון דער רומענישער פארטיי אין דער אינטערנאציאנאלער סאציאליסטישער ביורא—ראקאווסקי (וואס איז שפעטער אריבער צום לינקן פליגל). ראקאווסקי האט געשטעלט די פראגע, וואס האט געזאלט טאן די עסטרייכישע סאציאל־דעמאקראטיע נאכדעם ווי די מילכאמע איז אויסגעבראכן. „עס איז געווען נאר איין מיטל, אן אופשטאנד". נאר אויב עס איז ניט געווען קיין זיכערקייט אין דערפאלג, וואלט אזא באוועגונג, אלץ איינס צי אן אופשטאנד, צי א שטרייק, ארויסגערופן א בירגערקריג, וואלט דעזארגאניזירט די רעגירונגמאשין און וואלט געדינט פאר די אינטערעסן ניט פון דער עסטרייכישער סאציאל־דעמאקראטיע, נאר פון די סערבישע שאוויניסטן. דעריבער קאן קיין סאציאל־דעמאקראטישע פארטיי, ניט זייענדיק זיכער אין דערפאלג, ניט אונטערנעמען אזא רעוואלוציאנערע ארויסטרעטונג, ווען בא דער גרענעץ שטייען פיינטלעכע ארמייען.

פון דער־אזיקער טיפזיניקער באטראכטונג, בא וועלכער דער אינטערנאציאנאלער פראלעטאריאט הערט אינגאנצן אוף צו זיין א זעלבשטענדיקער האנדלענדיקער פאקטאר, איז ארויסגעשפרונגען דער טרויעריק בארימטער קאוטסקיאנישער טעזיס: „דער אינטערנאציאנאל איז ניט קיין ווירקזאם געצייג בעיסן קריג, ער איז אין טאך א שאלעם־אינסטרומענט" און דער לאזונג, וואס ראזע ליוקסעמבורג האט אים אזוי גלענצנדיק צוניכט געמאכט, „קאמף פאר דעם שאלעם, קלאסן־קאמף בעיסן שאלעם". אן ענלעכן זין האט געהאט פריוחריך אדלערס פראקלאמירטע אין 1915 יאר אין ווינער „קאמף"*) כאכמע: די איינציקע פאליטיק, וואס פאסט פאר א סאציאליסט בעיס א מילכאמע, דאס איז, שווייגן! אז עס איז געשטאנען פראקטיש די דילעמע, בירגערקריג קעגן דעם אימפעריאליסטישן קריג אדער אונטערשטיצן דעם אימפעריאליסטישן קריג, האבן די צענטריסטן געמוזט קאפיטולירן פאר דעם סאציאל־אימפעריאליזם. זיי, וואס זיינען אין די פארגאנגענע יארן בעיס עס איז פארגעקומען די דיסקוסיע וועגן מאסן־שטרייק, ארויסגעטראטן קעגן רעוואלוציאנערע אקציעס, זיי, וואס זיינען ניט געווען אימשטאנד צו מאכן פראקטישע אויספירן פון די לעקציעס פון דער רוסישער רעוואלוציע פארן קאמף פונעם ארבעטערקלאס, זיי, וואס האבן פאסדאנעמדיק געוואלט ווייטער מארשירן מיט דעם אלטן טראט, בעיס עס האבן געהאלטן בא אנקומען נייע גיגאנטישע קאנפליקטן, האבן, ווען עס איז אנגעקומען די קאטאסטראפע, וואס האט באפעלעריש געפאדערט רעוואלוציאנערע מאיסים, ניט געקאנט טאן קיין אנדער זאך ווי ליפערן „מארקסיסטישע" ארגומענטן פאר דער אימפעריאליסטישער פראקטיס פון די אפן רעפארמיסטישע

*) טעארעטישער ארגאן פון דער עסטרייכישער סאציאל־דעמאקראטיע.

א י ב ע ר ז ע צ ע ר.

עלעמענטן. אויב די צענטריסטן פון דער ענגלישער אומאָפּהענגיקער אַרבע־טער פּאַרטיי האָבן זיך טיילווייז געהאַלטן בעסער, ווי זייערע כאַווייִרים אין דייטשלאַנד, פראַנקרייך און עסטרייך, דערקלערט זיך עס דערמיט, וואָס זייער אָרגאַניזאַציע איז געווען פאַרהעלטנישמעסיק קליין און מאַכטלאָז; זייער נעגאַ־טיווע באַציִונג צו דער מילכאָמע האָט קלאָל ניט באַטייט קיין רעוואָלוציאָ־נערע מאַסן־אַקציע קעגן דער מילכאָמע, זייער קאַמף האָט ניט באַדראָט די זיכערקייט פון די מעלוכע־גרענעצן.

ווי איז דאָס אָבער געווען מעגלעך, אַז די אָפּאָרטוניסטישע קרענק האָט זיך אַזוי טיף אײַנגעפרעסן גראָדע אין די סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציעס פון די פירנדיקע אימפּעריאַליסטישע לענדער? ווייל פאַקטיש איז דאָ געווען ניט נאָר אַ פּאַראַט פון די פירער, עס זיינען פולקום פּאַראַליזירט געוואָרן די גרויסע מאַסן־אָרגאַניזאַציעס מיט זייער אַנפירנדיקן שטאַב, וואָס ניט געקוקט אויפן שענדלעכן פאַראַט האָט ער געקאָנט נאָך ווייטער באַאיינפלוסן די מאַסן אָרגאַניזירטע אַרבעטער.

דער פאַקט, אַז וואָס גרעסער עס זיינען געווען די אימפּעריאַליסטישע מאַכטפּאָזיציעס פון דער מעלוכע, וואָס בעסער עס זיינען געווען די אימפּע־ריאַליסטישע עקסטראַ־פּראָפיטן פון דעם לאַנד, אַלץ טיפער איז געזונקען אין דעם אָפּאָרטוניסטישן זומפּ די דאָזיקע פּאַרטיי, ווייזט, ווו מע דאַרף זוכן די סיבעס פון דערדאָזיקער ערשיינונג. מאַרקס און ענגעלס האָבן שוין אין מיטן פון פאָריקן יאָרהונדערט דערקלערט די פאַרבירגערלעכונג פון דער ענגלישער אַרבעטער־באַוועגונג, די אויסבילדונג פון אַ קאָרומפּירטער פירער־שאַפט אין דער שפּיץ פון די פּראָפּאַריינען מיט דער מאָנאָפּאָלער פּאָזיציע פון דעם ענגלישן קאַפּיטאַליזם. דידאָזיקע פּאָזיציע פאַרזיכערט דעם אויבער־שיכט פון די אַרבעטער אַ געהעכערטן לעבן־שטאַנד אין פאַרגלייך מיטן דורכ־שניט. דערדאָזיקער אויבערשיכט פילט זיך דעריבער סאָלידאַריש מיט די הערשנדיקע קלאַסן אין באַצוג צו די אונטערדריקטע קלאַסן פון אַנדערע לענ־דער און קוידעמקאָל פון די קאָלאָניאַלע לענדער, פון וואַנען עס שטאַמען אין דער ערשטער ליניע די אימפּעריאַליסטישע עקסטראַ־פּראָפיטן. אויף דעם פאַקט האָבן מיר שוין געהאַט אָנגעוויזן.

דאָס מאַכט אויך פאַרשטענדלעך, פאַרוואָס דידאָזיקע רעפאָרמיסטישע פאַרזומפּונג כאַפּט זיך אַריין קוידעמקאָל און באַזונדערס אין די פּראָפאַריי־נען, פאַרוואָס, צום ביישפּיל, אין דייטשלאַנד, האָט דער איבערוועגנדיקער איינפלוס פון די פּראָפאַריינישע פירער באַשטימט דעם גייסט פונעם אָפּאָר־טוניזם אין דער דייטשישער אַרבעטער־באַוועגונג.

אין די פּראָפאַריינען האָבן שטענדיק די אויבערהאַנט די קוואַליפיצירטע אַרבעטער איבער די ניט קוואַליפיצירטע. די פּראָפאַריינישע אָרגאַניזאַציעס האָבן געמאַכט מעגלעך פאַר די קוואַליפיצירטע אַרבעטער אין דער פאַרהעלטניס־מעסיק פרידלעכער עפּאָכע פונעם געוואַלטיקן אויפשטייג פונעם דייטשישן אימפּעריאַליזם אין אָנהויב פון 20-טן יאָרהונדערט אַ קעסיידערדיקע, האַלבגאַנץ באַשיידענע, פאַרבעסערונג פון זייער לאַגע מיט דיין פּראָפאַריינישע

מעטאָדן. אויסערדעם קומען נאָך צו די צאָלרייכע סאָציאַלע איינריכטונגען פון דער מעלוכע, וואָס ווילן איינשמועסן די אַרבעטער, אַז די מעלוכע זייכערט קלוימערשט זייער עקזיסטענץ. אַזוי איז אויפגעקומען דער שיכט פון אַרבעטער־אַריסטאָקראַטיע, וועמען בערנשטיין האָט פאַרטראָטן בעיס ער האָט געזאָגט, אַז דער אַלטער זאַץ „די אַרבעטער האָבן ניט קיין פאָטערלאַנד“ איז שוין מער ניט גילטיק פאַר דער מאָדערנער מעלוכע*), אָדער גוסטאַוו באַוער, ווען ער האָט דערקלערט, אַז פאַרלירנדיק זיינע אָרגאַניזאַציעס, וועט דער אַרבעטער פאַרלירן אומענדלעך אַסאַך**).

די אימפּעריאַליסטישע מילכאָמע איז געווען אַ גרויזאַמע לעקציע, וואָס האָט געוויזן, ווי אַזוי דער פּראָלעטאַריאַט באַצאָלט פאַר דער אילוזיע וועגן אַ אינטערעסן־האַרמאָניע מיט דער אימפּעריאַליסטישער מעלוכע.

## 2. די באָלשעוויקעס הויבן אויף די פאָן פונעם דריטן אינטערנאַציאָנאַל.—צימערוואַלד און די צימערוואַלדער לינקע

1916—1914

בעיס די אָפיציעלע פירער און די גרעסטע פּאַרטייען פונעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל האָבן פאַרראַטן, בעיס אין אַלע לענדער האָבן זיך ערשט אָנגעהויבן צו בילדן קליינע גרופּעס פּראָלעטאַרישע אינטערנאַציאָנאַליסטן, איז געווען נאָר איין פּאַרטיי, וואָס האָט מיט דער אייזנפעסטער קאָנזעקווענץ געמאַכט אַלע אויספירן פונעם באַנקראָט פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל, וואָס האָט מיט פולקומער קלאָרקייט פאָרמולירט די לאַגע און די אַנטוויקלונג־פּערספּעקטיוון, די אויפגאַבן פונעם אינטערנאַציאָנאַלן פּראָלעטאַריאַט אין דער נייער עפּאָכע פון מילכאָמעס און רעוואָליוציעס: דאָס איז געווען די באָלשעוויסטישע פּאַרטיי אונטער לענינס אָנפירונג.

שוין אין די ערשטע טעג פון סענטיאַבער 1914 יאָר האָט לענין, וואָס איז אַקאָרשט באַפרייט געוואָרן פון דער גאַליצישער טורמע און איז נאָר וואָס אָנגעקומען אין דער שווייץ, פאָרגעלייגט אַ קליינער גרופּע פּאַרטיי־כאַווײרים טעזיסן וועגן „די אויפגאַבן פון דער רעוואָליוציאָנערער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע אין דער אייראָפּעישער מילכאָמע“, וואָס האָבן שוין געהאַט אין זיך אַלע גרונט־געדאַנקען פון דער באָלשעוויסטישער סטראַטעגיע און טאַקטיק אין קאַמף קעגן דער אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע: דאָס קאָנסטאַטירן דעם קראַך פונעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל צוליב דעם פאַרראַט קעגן סאָציאַליזם מיצאַד זיינע אָפּאָרטוניסטישע פירער, באַזונדערס אויך פון די פירער פון „צענטער“; די פאָדערונג פון אַן אומבאַראַכמאָנעסדיקן קאַמף קעגן דעם גרויס־רוסישן שאָוויניזם און קעגן דער צאַרישער מאָנאַרכיע, וועמעס מאַפּאָלע איז דאָס קלענסטע בייז; פּראָפּאַגאַנדע פאַר אַ סאָציאַליסטישער רעוואָליוציע; די

*) בערנשטיין, „די פאָרבאַדינגונגען פון סאָציאַליזם“.

**) מיר קאָנען דאָ זיך ניט פאַרנעמען ברייטער מיט דער פראַגע. לענין באַהאַנדלט זי גרינטלעך אין דעם אַרטיקל „דער אימפּעריאַליזם און די שפּאַלטונג אינעם סאָציאַליזם“ (זאַמלבוך „קעגן דעם שטראָם“) און אין זיין ווערק „דער אימפּעריאַליזם אַלס העכסטע שטופע פונעם קאַפּיטאַליזם“.

נויטיקייט צו ארגאניזירן אומלעגאלע גרופן און קעמערלעך אין אלע ארמייען*).

דעם 1־טן נאיאבער זיינען דערשינען די טעזיסן פונעם צ״ק פון דער רוסלענדישער סאציאל־דעמאקראטישער ארבעטער־פארטיי וועגן דער מילכאמע**) און לענינס ארטיקל „די לאגע און די אויפגאבן פונעם סאציאליסטישן אינטערנאציאנאל***), היסטארישע דאקומענטן, וואס באשטימען קלאר די פאזיציע פון די רעוואלוציאנערע מארקסיסטן בנוגע אלע פראגן, וואס די מילכאמע האט ארויסגערופט.

דאס ערשטע, וואס מע מוז פארשטיין איז, אז דער קראך פונעם צווייטן אינטערנאציאנאל באטייט ניט קיין צופעליקע בלאנדזשעניש פון איינצלנע פירער, ניט קיין פארבייגייענדיקע פעלערן פון איינצלנע פארטייען, נאר דעם זיג פונעם אפארטוניזם אינעם צווייטן אינטערנאציאנאל. אויב אפילע בעתן מילכאמע־קריזיס זיינען פארגעקומען געוויסע איבערגרופירונגען, אויב איינצלנע, וואס זיינען פריער געשטאנען צום שטאנדפונקט פון רעוואלוציאנערן מארקסיזם, זיינען פארכאפט געווארן מיט דער פארשיקערטקייט פון שאוויניזם, ווי געד אין פראנקרייך, אדער לענש אין דייטשלאנד, אויב איינצלנע רעפארמיסטן זיינען צייטווייליק ניט באגאנגען מיטן סאציאל־אימפעריאליזם און זיינען אריין אין די פאציפיסטישע אפאזיציעס, ווי מאקדאנאלד אין ענגלאנד אדער בערנשטיין אין דייטשלאנד, ענדערט דאס אלץ ניט. דעם טאך: די פאזיציע פון דער אפארטוניסטישער ריכטונג איז פאר דער אימפעריאליסטישער מילכאמע, די פאזיציע פון דער רעוואלוציאנערער ריכטונג איז קעגן דער אימפעריאליסטישער מילכאמע.

די פראגע וועגן פאטערלאנד־פארטיידיקונג קאן א מארקסיסט ניט באטראכטן, ניט ארויסגייענדיק פון דעם קאנקרעטן היסטארישן כאראקטער פון דער מילכאמע. אויב די מילכאמע איז אן אימפעריאליסטישע מילכאמע — ווי דאס האבן ערשט דער מילכאמע אנערקענט אלע סאציאליסטישע פארטייען, — איז דאס א מילכאמע צוליב דער איבערטיילונג פון אזיע און אפריקע, צוליב דער אנעקסיע פון די ערץ־באסיינען בריעי און לאנגווי, צוליב דעם קאנקורענץ קאמף צווישן דעם ענגלישן און דייטשישן קאפיטאל, פאר דער באגדאדער אייזנבאן און קאנסטאנטינאפאל, איז דאס א נידערטרעכטיקע אפנארעריי צו באצייכענען דעם קאמף פון די קאפיטאליסטן פאר זייערע פראפיטן ווי א פארטיידיקונג פון פאטערלאנד. דער פראלעטאריאט מוז דיזאזיקע נידערטרעכטיקייט דעמאסקירן און פראקלאמירן דעם לאזונג: „פארוואנדלען די אימפעריאליסטישע מילכאמע אין א בירגער־קריג.

*) לענין, געזאמלטע ווערק, ב. 18, ז. 58. פון דידאזיקע טעזיסן איז נאר איינער גלייך ארויסגענומען געווארן — דער טעזיס וועגן „די רעפובליקאנישע פאראייניקטע שטאטן פון איירָאפּע". די ניטריכטיקייט פון דעם לאזונג „פאראייניקטע שטאטן פון איירָאפּע" האט לענין דערוויזן אין אן ארטיקל, אין וועלכן ער דיסקוטירט מיט טראצקין (זאמלבוך: „קעגן דעם שטראם"), און אז דער לאזונג „רעפובליק" איז ניט גענוג פאר די פארגעשריטענע איירָאפּעישע לענדער אין דער קריטיק פון דער „יוניוס־בראָשור" (זאמלבוך „קעגן דעם שטראם").

**) לענין, געזאמלטע ווערק, ב. 18 (2־טע רוסישע אויסגאבע), ז. 61—66.

***) דארטן: ז. 67.

צי הייסט דאָס, ווי דער נעבעכדיקער קאַוטסקי האָט געוואָלט דעמאַגאָגיש די זאַך פאַרשטעלן, אַז די רעוואָלוציאָנערע סאָציאַליסטן ווילן באַם אויסברוך פון אַ מילכאָמע דירעקט צואַרבייטן דעם אימפּעריאַליזם אַף סאָציאַליזם? לענין ענטפערט דערויף:

„אַזאַ מין אומוואַנדלונג איז נאַטירלעך ניט לייכט און קאָן ניט דורכגעפירט ווערן „לויטן ווונש" פון איינצלנע פאַרטייען. נאָר גראָד אַזאַ אומוואַנדלונג ליגט אין די אָביעקטיווע באַדינגונגען פונעם קאַפּיטאַליזם, איבערהויפּט אין זיין לעצטער עפּאָכע. אין דעהדאָזיקער ריכטונג און נאָר אין דערדאָזיקער האַרפן פירן זייער אַרבעט די סאָציאַליסטן. ניט פאַר די מילכאָמע־קרעדיטן שטימען, ניט אונטערהאַלטן דעם שאָוויניזם אין „אייגענעם לאַנד" (און אין די פאַרבינדעטע לענדער), נאָר אין דער ערשטער ליניע קעמפן קעגן דעם שאָוויניזם פון דער „אייגענער" בורזשואַזיע; זיך ניט באַגרענעצן מיט לעגאַלע קאַמפפאָרמען, נאָכדעם ווי דער קריזיס האָט זיך אָנגעהויבן און די בורזשואַזיע האָט אַליין פאַרניכטעט די לעגאַליטעט, וואָס זי האָט געשאַפן, — אָט דאָס איז די ליניע פון דער אַרבעט, וואָס שטרעבט צו אַ בירגערקריג און אין דעם אָדער יענעם מאָמענט פון דער אייראָפּעישער קריזע וועט פירן צו אַ בירגער־קריג".

ניט „שאָלעם פאַר יעדן פרייז" איז דער לאָזונג פון די רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער, ווייל אַ שאָלעם פון די אימפּעריאַליסטן איז נאָר אַ וואָפן־שטילשטאַנד, אַ צוגרייטונג צו אַ נייער בלוט־באָד. „די מייסע וועגן דער לעצטער מילכאָמע איז אַ וווּלגאַרע, שעדלעכע מייסע", נאָר אין קאַמף פאַר אַראָפּוואַרפן די בורזשואַזיע פון אַלע לענדער קאָן מען צוריק אופשטעלן די איינהייט פון די אַרבעטער פון פאַרשיידענע נאַציעס. אַף אָט דער באַזע דאַרף מען שאַפן דעם נייעם אינטערנאַציאָנאַל.

„דער צווייטער אינטערנאַציאָנאַל איז טויט. אַ באַזיגטער פונעם אָפּאָרטוניזם. אַראָפּ דעם אָפּאָרטוניזם, און זאָל לעבן דער אויסגערייניקטער, ניט נאָר פון „איבערלויפערס" (ווי דאָס פאַרלאַנגט דער „גאָלאָס"), נאָר אויך פון אָפּאָרטוניזם, דריטער אינטערנאַציאָנאַל!

דער צווייטער אינטערנאַציאָנאַל האָט אויסגעפילט זיין טייל נוצלעכע צוגרייטונג־אַרבעט פון אָרגאַניזירן די פּראָלעטאַרישע מאַסן אין דעם לאַנגן „פרידלעכן" פעריאָד פון דער סאַמע אַכזאָריעסדיקער קאַפּיטאַליסטישער קנעכטשאַפט און פון דעם סאַמע שנעלן קאַפּיטאַליסטישן פּראָגרעס אין דעם לעצטן דריטל פון 19־טן און אין אָנפאַנג פון 20־טן יאָרהונדערט.

דער 3־טער אינטערנאַציאָנאַל וועט האָבן די אויפגאַבע צו אָרגאַניזירן די קויכעס פונעם פּראָלעטאַריאַט צום רעוואָלוציאָנערן שטורעם קעגן די קאַפּיטאַליסטישע רעגירונגען, צום בירגער־קריג קעגן דער בורזשואַזיע פון אַלע לענדער פאַר דער פּאָליטישער מאַכט, פאַרן זיג פון סאָציאַליזם!"*)

*) לענין, „די לאַגע און די אויפגאַבן פונעם סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל", געזאַמלטע ווערק, ב. 18, ז. 71 (2־טע רוסישע אויפלאַגע).

פאַר דער דאָזיקער רעוואָלוציאָנערער ליניע האָט לענין אָנגעהויבן אַן אומ־
באַראַכמאָנעסדיקן קאַמף. ניט קיין קעגנזייטיקע אַמניסטיע צווישן די סאָ-
ציאַל־אימפּעריאַליסטישע פּאַרטייען, נאָר אויפן סאַמע שאַרפסטן אופן דע־
מאַסקירן זיי אין די אויגן פון די ברייטסטע אַרבעטער־מאַסן, אַ האַרבער קאַמף
קעגן די צענטריסטישע פּרוּוון צו פּאַרפּוצן דעם סאָציאַל־אימפּעריאַליסטישן
פּאַרצוף, די שאַרפסטע אָפּגרענעצונג פון אַלע יענע „סאָציאַליסטן", וואָס
פאַרורטיילן די מילכאָמע פונעם פּאַציפיסטישן שטאַנדפּונקט און וואָס זיינען
אָבער ניט פעיִק צו קיין שום רעוואָלוציאָנערע האַנדלונג. געמיינזאַם אַרויס־
טרעטן מיט אַלע ערלעכע קעגנער פון אימפּעריאַליזם, ניט מאַכנדיק אָבער
קיין קאָנצעסיעס די, וואָס פאַרנעמען אַן אומקלאָרע און וואַקלדיקע פּאָזיציע, —
אָט דאָס איז געווען די ליניע, וועלכע די באָלשעוויקעס האָבן אַוועקגעלייגט
פאַרן פונדאַמענט פונעם נייעם, פונעם קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל.

לאַנגזאַם, מיט מי האָט זיך אין דייטשלאַנד אונטער דעם אייזערנעם
פויסט פון דער מיליטערישער דיקטאַטור אַנטוויקלט די פּראָלעטאַרישע אָפּאָ־
זיציע קעגן דעם סאָציאַל־אימפּעריאַליזם. דעם 14טן דעקאַבער האָבן קאַרל
ליבקנעכט, ראָזע לוקסעמבורג, פראַנץ מערינג, קלאַראַ צעטקין פאַרעפנט־
לעכט אַ דערקלערונג קעגן זידעקום און ריכאַרד פישער, וואָס האָבן אין דער
פּאַרטייִשער פּרעסע פונעם נייטראַלן אויסלאַנד פאַרטיידיקט די פּאָליטיק פון
באַוויליקן די קרעדיטן. די דערקלערונג האָט נאָר פעסטגעשטעלט, אַז די אונ־
טערגעשריבענע זיינען אין דער דאָזיקער פראַגע ניט מאַסקים מיט דעם אָפי־
ציעלן שטאַנדפּונקט. אין די ערשטע מילכאָמע־כאַדאָשים האָט קאַרל ליבקנעכט
נאָך געפּרוּווט ווירקן אויפן צענטראַל־קאָמיטעט ער זאָל פּראָטעסטירן קעגן דער
אַנעקסיאָניסטישער העצע, ער זאָל אָננעמען מיטלען קעגן די שאָוויניסטישע
עקסצעסן אין דער פּאַרטייִשער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּרעסע. ער האָט זיך
אָבער זייער גיך איבערצייגט, אַז אַלע אַזעלכע פּרוּוון זיינען לאַכלוטן אומזיסט.

דעם צווייטן דעקאַבער 1914 יאָר איז אין רייכסטאָג צום צווייטן מאָל
געשטאַנען די פראַגע וועגן נייע מיליטערישע קרעדיטן. דאַסמאָל איז
ליבקנעכט געווען אַנטשלאָסן אין קיין פאַל ניט שטעלן העכער די פאָרמעלע
דיסציפּלין איבער די פּרינציפּן פון פּראָלעטאַרישן אינטערנאַציאָנאַליזם. אומ־
זיסט האָט ער זיך באַמיט צו געפינען צווישן די 16 דעפּוטאַטן, וואָס האָבן אויף
דער זיצונג פון דער פראַקציע צוזאַמען מיט אים געשטימט קעגן באַוויליקן
די קרעדיטן, כאָטש איין איינציקן, וואָס זאָל האָבן דעם מוט אָפן אויסדריקן
זייער פּראָטעסט. די איבעריקע קעגנער פון באַוויליקן די קרעדיטן זיינען אַוועק
פון דער זיצונג. נאָר איין ליבקנעכט האָט געשטימט קעגן די קרעדיטן אונ־
טערן ווילדן וויִען פון דער פּאַטריאָטישער באַנדע.

דער וויכטיקסטער טייל פון זיין רעדע, מיט וועלכער ער האָט באַגרינדעט
זיין אָפּשטימונג, איז געווען אַזאַ:

„מיין אָפּשטימונג צו היינטיקן פאָרשלאָג באַגרינדע איך אַזוי:
די דאָזיקע מילכאָמע, וואָס קיינע פון די באַטייליקטע פעלקער האָבן

ניט געוואלט, האט זיך אנגעהויבן ניט צוליב די נוצן פונעם דייטשישן אדער וועלכן ניט איז אנדערן פאלק. עס האנדלט זיך וועגן אן אימפעריאליסטישער מילכאמע, א מילכאמע פאר דער קאפיטאליסטישער באהערשונג פונעם וועלט-מארק, פאר דער פאליטישער באהערשונג פון וויכטיקע קאלאניאלע געביטן און די אינטערעסן פון דעם אינדוסטריעלן און פינאנץ־קאפיטאל....

דער דייטשישער לאזונג „קעגן דעם צאריזם" דינט — פונקט ווי די איצטיקע ענגלישע און פראנצויזישע לאזונגען: „קעגן דעם מיליטאריזם"— דעם צוועק צו מאביליזירן די איידלסטע אינסטינקטן, די רעוואלוציאנערע טראדיציעס און האפענונגען פונעם פאלק אף צו פארשטארקן דעם נאציאנאלן האס. דייטשלאנד, דאס מיטשולדיקע פונעם צאריזם ביז היינטיקן טאג, דער מוסטער פון פאליטישער אפגעשטאנענקייט, קאן ניט פרעטענדירן אף דער ראל פון א פעלקער־באפרייער...

מע מוז פאדערן שליסן וואס שנעלער א שאלעם, וואס זאל קיינעם ניט דערנידעריקן, א שאלעם אן דעראבערונגען; אלע באמיונגען דערפאר דארף מען באגריסן. נאר אין דעם פאל, ווען אין אלע מילכאמע־פירנדיקע מעלוכעס וועלן זיך גלייכצייטיק פארשטארקן די שטרעבונגען, וואס זיינען געווענדעט צו דערגרייכן אזא שאלעם, קאן מען אפשטעלן די בלוטבאד איידער אלע באטייליקטע פעלקער וועלן אין גאנצן אויסגעשעפט ווערן. דער שאלעם קאן נאר דאן געזיכערט זיין, ווען ער וועט אויסוואקסן אף דעם באדן פון דער אינטערנאציאנאלער סאלידאריטעט פונעם ארבעטער־קלאס און אף דעם באדן פון דער פרייהייט פון אלע פעלקער. דעריבער מוז דער פראלעטאריאט פון אלע לענדער איצט אויך בעת קריג פירן א געמיינזאמע סאציאליסטישע ארבעט פארן שאלעם. פראטעסטירנדיק קעגן דער מילכאמע, קעגן די פאראנטווארטלעכע פאר איר און אירע רעזשיסערן, קעגן דער קאפיטאליסטישער פאליטיק, וואס האט זי ארויסגערופן, קעגן די קאפיטאליסטישע ציל, וואס זי פארפאלגט, קעגן די אנעקסיע־פלענער, קעגן דעם ברעכן די בעלגישע און לוקסעמבורגישע נייטראליטעט, קעגן דער מיליטערישער דיקטאטור, קעגן פארגעסן די סאציאלע און פאליטישע פליכטן, וואס דער זיינען נאך היינט אויך די רעגירונג און די הערשנדיקע קלאסן שולדיק, שטים איך קעגן די געפאדערטע מילכאמע־קרעדיטן".

די פארטיי־מערהייט האט אנגעהויבן א ווילדע העצע קעגן „דעם ברעכן די דיסציפלין", אין דער בורזשואזער פרעסע איז ליבקנעכט באהאנדלט געווארן ווי א נאר און פארברעכער, אבער די אפשטימונג איז געווען א סיגנאל פאר די ארבעטער פון אלע לענדער, אז דער פראלעטארישער אינטערנאציאנאליזם איז אין דייטשלאנד ניט געשטארבן, אז דארטן זיינען נאך פאראן אנדערע סאציאליסטן אויסער די זידעקומס און די הענישס, אויסער די עבערטס און שיידעמאנס, די פאנען־טרעגער פונעם דייטשישן אימפעריאליזם. און טויזנטער עקזעמפלארן איז ליבקנעכטס רעדע, וואס דער פרעו־

רעגט פון רייכסטאַג האָט אַפילע ניט דערלויבט איינשליסן אין סטענאָגראַ־פישן פּראָטאָקאָל, פאַרשפּרייט געוואָרן צווישן דער דייטשישער אַרבעטער־שאַפט.

די ערשטע פּראָבע צו אָרגאַניזירן אַ אינטערנאַציאָנאַלע קאָנפערענץ בעת דער מילכאָמע האָט געמאַכט קלאַראַ צעטקין אַלס אינטערנאַציאָנאַלע פרויען־סעקרעטאַר. אין מאַרט 1915 יאָר איז אין בערן פאָרגעקומען אַ אינטערנאַציאָנאַלע פרויען־קאָנפערענץ, אויף וועלכער עס זיינען געווען פאָרטרעטן דייטשלאַנד, פראַנקרייך, ענגלאַנד, רוסלאַנד, פּוילן, איטאַליע, האָלאַנד און די שווייץ. די פּלאַטפאָרם פון די באָלשעוויקעס האָט דאָרטן פאַרטיידיקט קרופּסקאַיאַ, לעניגס פרוי. עס איז אָבער אָנגענומען געוואָרן מיט אַ גרויסער מערהייט אַ פּאַציפיסטישע רעזאָליוציע, וואָס פירט ניט דורך קיין קלאָרע ליניע אין די גרונט־פראַגן פון רעוואָליוציאָנערן קלאַסן־קאַמף. דער מאַניפעסט איז געווען צוגעפּאַסט אין אַזעלכע אַלגעמיינע אויסדריקן, אַז די פרויען־פאָרטרעטער פון אויסגעשפּראָכענע סאָציאַל־פּאַטריאָטישע פּאַרטייען, ווי צ. ב. פון דער פראַנצויזישער און האָלענדישער, האָבן אים געקענט אונטערשרייבן, ניט אַריינגייענדיק אין אַ קאָנפליקט מיט זייערע פּאַרטייען. דער מאַניפעסט כאָזערט איבער דעם אַלטן פעלער פונעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל, וואָס האָט געפּרוּווט בייקומען דעם אימפּעריאַליזם מיט דער הילף פון דיפּלאָמאַטישע גענג*).

אַזעלכע שריט, ווי די סאָציאַליסטישע פרויען, האָבן געמאַכט אין דער פּייסעך־וואָך 1915 יאָר אין בערן די סאָציאַליסטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס. עס זיינען זיך צונויפגעקומען פאָרטרעטער פון 10 לענדער, וואָס האָבן אויסגעדריקט זייער פּראָטעסט קעגן דער מילכאָמע און קעגן דעם פּראַט פונעם אינטערנאַציאָנאַלן יוגנט־סעקרעטאַריאַט, וואָס האָט לויטן ביישפּיל פון דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער ביוראָ אָפּגעשטעלט זיין טעטיקייט אין אָנהייב פון דער מילכאָמע. די באַשלוסן פון דער דאָזיקער קאָנפערענץ אַנטהאַלטן אָבער אויך ניט קיין קלאָרע אָפּגרענעצונג פונעם סאָציאַל־פּאַציפיזם. אָבער גאָר אינגיכן האָט זיך די יוגנט־ביוראָ, וואָס איז אָרגאַניזירט געוואָרן אויף דער דאָזיקער קאָנפערענץ אונטער דער אָנפירונג פון ווילי מינצענבערג, אָנגעשלאָסן אַן דעם לינקן פליגל, מיט וועלכן עס האָבן אָנגעפירט די באָלשעוויקעס.

אַז עס זיינען ווייניק בלויז די פּראָטעסטן קעגן דער מילכאָמע, אַז עס איז ניט גענוג דער לאָזונג פון אַ באַלדיקן דעמאָקראַטישן שאָלעם האָט זיך באַזונדערס אַרויסגעוויזן, ווען אין יוני 1915 יאָר האָבן די פירער פונעם צענטער אין דייטשלאַנד, קאַוטסקי און האַאַזע צוזאַמען מיט בערנשטיינען, פאַרעפנטלעכט אַ מאַניפעסט פאַרן שאָלעם. עטלעכע כאָדאָשים מילכאָמע זיינען געווען גענוג דערצו, אַז די מאַסן זאָלן זיך אויסמשוכען פונעם פּאַטריאָטישן מילכאָמע־טשאַד. די מאַסן זיינען געטריבן געוואָרן צום ווידערשטאַנד

*) לענין, געזאַמלטע ווערק, ב. 18, ז. 165. דער מאַניפעסט איז פאַרעפנטלעכט אין ברייטלינגס בוך „צען יאָר מילכאָמע און בירגער־קריג".

ניט נאָר דורך דעם, וואָס ווילהעלמס צוזאָגן „איידער די בלעטער וועלן אַראָפּפאַלן, וועט איר ווידער זיין אין דער היים" האָבן זיך אַרויסגעוויזן ווי אַ פּוסטע פּלאַפּלעריי, עס האָט זיך ניט געזען קיין סאָף צו די בלוטיקע מאַסן־מאָרדן, די מאַסן האָבן אַלץ קלאָרער געזען דעם סאָציאַלן הינטערגרונט פון דער דאָזיקער מילכאָמע, די ריזיקע פּראָפיטן פון די מילכאָמע־ספּעקולאַנטן, דעם ניט איינגעצוימטן אַפּעטיט פון די אַנעקסיאָניסטן און דערביי דעם וואַקסנדיקן דלות אין לאַנד. די צענטריסטן האָבן דיסקאָנטירט די דאָזיקע שטימונגען, ווען זיי האָבן קעגן דעם לאָזונג — „דורכהאַלטן" — פונעם צענטראַל־קאָמיטעט אַרויסגעשטעלט זייערע פּאַציפיסטישע שאָלעם־לאָזונגען. אָבער די לאָזונגען פונעם סאָציאַל־פּאַציפיזם האָבן ניט געוויזן קיין וועג צו אַ דויערנדיקן שאָלעם, זיי האָבן אָפּגעצויגן די מאַסן פונעם איינציקן ריכטיקן וועג פונעם רעוואָלוציאָנערן קלאַסן־קאַמף.

באַם צוזאַמענרופן אַ אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַליסטישע קאָנפערענץ האָט זיך טייקעף געשטעלט די פראַגע וועגן דער באַציונג צום סאָציאַל־פּאַציפיסטישן צענטער. דער צענטראַל־קאָמיטעט פון די באָלשעוויקעס איז געשטאַנען אַפן שטאַנדפּונקט, אַז מע דאַרף איינלאַדן נאָר בעמעס רעוואָלוציאָנערע סאָציאַליסטן. די צענטראַל־קאָמיטעטן פון דער איטאַליענישער און שווייצאַרישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, וועמען עס איז געווען איבערגעגעבן די צוגרייטונג, האָבן אין קעגנזאַץ דערצו באַשלאָסן ניט איינצולאַדן נאָר יענע פּאַרטייען, וואָס זייער אָפענער סאָציאַל־פּאַטריאָטישער כאַראַקטער מאַכט זיי פּראַקטיש אוממעגלעך צו באַטייליקן זיך אין אַ אינטערנאַציאָנאַלער קאָנפערענץ.

פּראַקטיש האָבן זיך שוין ניט איינגעגעבן פאַרשיידענע פּרוּוון פון נייטראַלע סאָציאַליסטן — האָלענדער, ווי אויך אַמעריקאַנער צונויפצורופן אַ אינטערנאַציאָנאַלע קאָנפערענץ. די סאָציאַל־פּאַטריאָטן האָבן זיך פאַרזאַמלט באַזונדער לויט די קאָאַליציעס פון די אימפּעריאַליזם, די „ענטאַנט־סאָציאַליסטן" אַף אַ קאָנפערענץ אין לאָנדאָן, די סאָציאַליסטן פון די צענטראַלע מעלוכעס — אין ווין און די „נייטראַלע" — אין קאָפּענהאַגן. עס איז זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז קיין איינע פון די דאָזיקע קאָנפערענצן האָבן ניט געקאָנט זיך שטעלן אַפן אינטערנאַציאָנאַלן פּראָלעטאַרישן שטאַנדפּונקט, זיי האָבן געקאָנט נאָר באַשולדיקן די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע פונעם אַנדערן לאַגער און באַרעכטיקן זייערע אייגענע פאַרברעכנס.

אין סעפּטעמבער 1915 יאָר איז זיך אין צימערוואַלד צונויפגעקומען די ערשטע אינטערנאַציאָנאַלע קאָנפערענץ פון רעוואָלוציאָנערע סאָציאַליסטן. די גרויסע צאָל דעלעגאַציעס, וואָס זיינען זיך צוזאַמענגעקומען אַף דער קאָנפערענץ האָט געוויזן, אַז אין אַלע לענדער וואַקסט די אָפּאָזיציע קעגן דעם סאָציאַל־אימפּעריאַליזם, זי האָט אָבער אויך געוויזן, אַז אין דער אָפּאָזיציע גופע איז ניטאָ קיין קלאָרקייט. פון דייטשלאַנד זיינען ניט געקומען די אָפּאָזיציאָנעלע פירער פונעם צענטער, ווי קאַוטסקי און האַאַזע, נאָר לעדעבור און אַדאָלף האָפמאַן, וואָס זיינען געשטאַנען אַפן לינקן פליגל פון דער דאָזיקער גרופּע.

פון דער גרופע „אינטערנאציאנאל", וואס איר פירערן ראזע ליוקסעמבורג איז געזעסן אין טורמע, זיינען געקומען ערנסט מייער און בערטא טאלהיימער, יוליאן בארכארדט האט פארטראטן די רעדאקציע פונעם זשורנאל „ליכט-שטראלן", וואס איז דעמאלט געשטאנען נאענט צו דער לינק-ראדיקאלער ריכטונג פון ברעמען, מיט וועלכער עס האט אנגעפירט ראדעק, פון פראנקרייך האט מערהיים אפיציעל פארטראטן דעם מעטאל-ארבעטער-פארבאנד. צוזאמען מיט אים זיינען געקומען פארשטייער פון דער אפאזיציע פון דער סאציאליסטישער פארטיי און פון דער גענעראלער ארבעט-קאנפעדעראציע. פון איטאליע איז געקומען א ספעציעלע פארשטייערשאפט פון דער פארטיי, פון רומעניע — די פארשטייער פון דער סאציאליסטישער פארטיי און פון בולגאריע — די פארשטייער פון די „ענגהארציקע", פון ענגלאנד האבן געוואלט קומען די פארשטייער פון דער אומאפהענגיקער לייבאר-פארטיי און פון דער אפאזיציע אין דער בריטישער סאציאליסטישער פארטיי, וואס האט געקעמפט קעגן הינדמאנען. די ענגלישע רעגירונג האט זיי אבער ניט געלאזט ארויספארן. פון רוסלאנד זיינען געווען ניט נאר לענין און זינאוויעוו, ווי פארטרעטער פונעם צענטראל-קאמיטעט פון די באלשעוויקעס, נאר אויך יענע פארטרעטער פונעם מענשעוויסטישן ארגאניזאציאנס-קאמיטעט, וואס האבן זיך געפונען אין אן אפאזיציע צו דעם סאציאל-פאטריאטיש-ליקווידאטארישן פליגל, מארטאוו און אקסעלראד, ווי אויך טראצקי, וואס האט דאן פארנומען א פרינציפלאזע וואקלדיקע פאזיציע צווישן די מענשעוויקעס און באלשעוויקעס. אויסער דעם זיינען געקומען פארטרעטער פון די סאציאליסטן-רעוואלוציאנערן, פון דער לעטישער סאציאל-דעמאקראטיע און פונעם יידישן „בונד". פון פוילן זיינען געקומען דריי פארשטייער פון רעוואלוציאנערע גרופעס — ראדעק, ווארסקי און לאפינסקי. פון האלאנד איז געקומען ראלאנד-האלסט, פון שוועדן און נארוועגיע — העגלונד און נערמאן, וואס האבן פארטראטן גאנץ שטארקע ארגאניזאציעס.

די קאנפערענץ האט איינשטימיק פארורטיילט די אימפעריאליסטישע מילכאמע און דעם סאציאל-אימפעריאליזם, זי איז אבער ניט געווען בעיין אויפן איינהייטלעך אין די אויספירן, וואס מע מוז מאכן דערפון. די מערהייט פון די אנוועזנדיקע האבן זיך געשראקן פארן געדאנק וועגן אן ארגאניזאציאנעלער שפאלטונג, וועגן גרינדן א נייעם אינטערנאציאנאל. די לינקע, וואס האבן זיך געפונען אונטער דער אנפירונג פון די באלשעוויקעס, און צו וועלכע עס האבן געהערט ראדעק, העגלונד און בארכארדט, האבן אריינגעטראגן א רעזאלוציע*), וואס האט פראקלאמירט די פרינציפן פונעם באלשעוויזם, און וואס שטעמפלט ניט נאר דעם אימפעריאליזם אלס שולדיקער אין דער מילכאמע, נאר אויך דעם אפיציעלן סאציאל-פאטריאטיזם, ווי אויך דעם סאציאל-פאציפיזם פון די קאוטסקיאנער. זי האט גערופן דעם פראלעטאריאט אויסצונוצן דעם קריזיס, וואס די מילכאמע האט ארויסגערופן, קעדיי

*) אפגעדרוקט אין לענינס „געזאמלטע ווערק", ב. 18 (צווייטע רוסישע אויפלאגע) ז. 416.
די אונטערשטרייכונגען אין דער ציטאטע מאך איך.—ל.

צו מאַכן אַן אָנגריף אַף די יעסוידעס פונעם קאַפּיטאַליזם, ניט אָפּזאָגנדיק זיך אין דערזעלבער צייט פונעם קאַמף פאַר די טיילווייזע פאָדערונגען.

„פאַר אַן אָנהויב צו דעמאָקראַטיזירן קאַמף דאַרף דינען דער קאַמף קעגן דער וועלט-מילכאָמע, פאַר אַ באַלדיקער פאַרענדיקונג פון דער בלוטבאָד. דער דאָזיקער קאַמף פאָדערט אָפּצוואַרפן די מילכאָמע-קרעדיטן, אַרויסטרעטן פון די מיניסטעריומס, דעמאַסקירן פון די פּאַרלאַמענטאַרישע טריבונעס דעם קאַפּיטאַליסטישן אַנטיסאָוועטישן כאַראַקטער פון דער מילכאָמע, ווי אויך אַף די שפּאַלטן פון דער לעגאַלער און, ווו עס איז נויטיק, אומלעגאַלער פּרעסע, די שאַרפסטע באַקעמפונג פונעם סאָציאַל-פּאַטריאָטיזם, די אויסנוצונג פון אַלע פאָלקבאַוועגונגען, וואָס די מילכאָמע-פּלאָגן (נויט, גרויסע פאַרלוסטן א. א. וו.) רופן אַרויס, אַף צו אָרגאַניזירן גאַסן-דעמאָנסטראַציעס קעגן די רעגירונגען, די פּראָפּאַגאַנדע פון אינטערנאַציאָנאַלער סאָלידאַריטעט אין די שיץ-גראָבנס, אונטערהאַלטן די עקאָנאָמישע שטרייקן און פאַרוואַנדלען זיי בא גינסטיקע באַדינגונגען אין פּאָליטישע. בירגער-קריג, ניט קיין בורג-פרידן — דאָס איז דער לאָזונג. קעגן אַלע איליוזיעס, אַז עס איז מעגלעך צו שאַפן א דויערנדיקן שאָלעם, אַן אָנהויב פון דער אַנטוואָפענונג דורך וועלכע ניט איז באַשלוסן פון דער דיפּלאָמאַטיע און פון די רעגירונגען, דאַרפן די רעוואָליוציאָנערע סאָציאַל-דעמאָקראַטן נאָך אַמאָל און נאָך אַמאָל איבערכאַזערן די פאָלק-מאַסן, אַז נאָר די סאָציאַלע רעוואָליוציע קאָן פאַרווירקלעכן דעם דויערנדיקן שאָלעם און די באַפרייונג פון דער מענטשהייט”.

נאָכדעם ווי די מערהייט פון דער קאָנפערענץ האָט אָפּגעוואָרפן די דאָזיקע רעזאָליוציע איז איינשטימיק אָנגענומען געוואָרן אַ מאַניפעסט, וואָס אין די וויכטיקסטע פונקטן בלייבט ער הינטערשטעליק קעגן דער רעזאָליוציע פון די צימערוואַלדער לינקע. באַזונדערס כאַראַקטעריסטיש איז, וואָס דער רעכטער פליגל פון דער קאָנפערענץ אונטער לעדעבורס אָנפירונג האָט בעשום אויפן ניט געוואָלט נעמען אַף זיך די אומבאַדינגטע פאַרפליכטונג אָפּצוואַרפן די מילכאָמע-קרעדיטן. די דאָזיקע סאָציאַל-פּאַציפיסטישע גרופּע איז ניט געווען איבערצייגט אין דער נויטיקייט צו איבעררייסן מיט די אָפּאָרטוניסטן, צו וואָס דאָס ברעכן די דיסציפּלין פון די סאָציאַל-אימפּעריאַליסטישע פּאַרטייען האָט געמוזט פירן.

כאָטש זיי האָבן ניט געהאַט קיין אויסגעהאַלטענעם שטאַנדפּונקט אין דער פראַגע וועגן פאָטערלאַנד-פאַרטיידיקונג. לעדעבור, צום ביישפּיל, האָט געהאַלטן פאַר ריכטיק אָפּצוואַרפן אין יענעם מאָמענט די מילכאָמע-קרעדיטן, ווייל דאָס דייטשישע מיליטער האָט זיך געפונען אַף דער טעריטאָריע פונעם סוינע. אָבער ער האָט געהאַלטן, אַז די לאַגע וואָלט אויסגעזען אַנדערש, ווען די פיינטלעכע אַרמייען וואָלטן געשטאַנען אין דייטשלאַנד און וואָלטן זיך געמוזט פאַרטיידיקן. דאָס האָט באַטייט צו מאַכן אָפּהענגיק די פּרינציפּיעלע שטעלונג צו דער אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע פון דער לאַגע

אפן שלאַכטפעלד און אָפּוואַרפן יעדע מאַסן־אַרויסטרעטונג קעגן דער מילכאָמע. ווייל עס איז קלאָר, אַז ווײַבאַלד א פּראָלעטאַרישע פּאַרטיי, וואָס איז איינגעוואָרצלט אין די מאַסן באַקעמפט די מילכאָמע ניט מיט פּוסטע פּראָטעסטן, נאָר מיט עמעסע אַרויסטרעטונגען, מיט דעמאָנסטראַציעס און שטרייקן, מיט פאַרברידערונג אין די שיצנגראַבנס, ניט נאָר מיט לעגאַלער, נאָר אויך מיט אומלעגאַלער פּראָפּאַגאַנדע קעגן די מילכאָמע־פירנדיקע רעגירונגען, באַזונדערס אין דער אַרמיי, שוואַכט אַזאַ קאַמף אָפּ די שלאַכט־קראַפט פון דער אַרמיי, מאַכט שווערער די פירונג פון דער מילכאָמע. אויב אַזאַ קאַמף קעגן דער מילכאָמע האָט דערפאָלג, מוז ער ברענגען צו מיליטערישע מאַפּאָלעס, ער מוז אַרויסרופן א מאַפּאָלע פון דער אייגענער רעגירונג.

ווער עס וואָגט ניט מאַכן ריזאַזיקע אויספירן און וויל ניט מיטהעלפן דער מאַפּאָלע „פונעם אייגענעם פאַטערלאַנד“. ווער עס שרעקט זיך פאַרן פאָרוואורף אין „פאַרראַט פונעם פאַטערלאַנד“. דער איז ניט אימשטאַנד צו פירן דעם קאַמף קעגן דער מילכאָמע, ווייל וואָס פאַר א סיבע עס זאָל ניט אַרויסרופן די מילכאָמע איז שטענדיק פאַראַן א מעגלעכקייט פון פיינטלעכע איינוואַזיעס, און אַז די עקזיסטענץ פון די מילכאָמע־פירנדיקע מעלוכעס זאָל דורך א מאַפּאָלע געשטעלט ווערן אין קאָן.

דער, וואָס גלויבט ניט ווי די צענטריסטן אין דער רעוואָלוציע, פאַר יענעם איז אוממעגלעך צו לייזן די פראַגע. ווייל הערוועס האַנאָכע, אַז עס איז אַלצ־איינס, צי רוסן הערשן אין דײַטשלאַנד, אָדער די דײַטשן אין פראַנקרײַך, די־דאָזיקע האַנאָכע הערוועס האָט ער אַליין אַמבעסטן פאַרלייקנט, ליקווידירנדיק באַם אָנהייב פון דער מילכאָמע זיין אַנטימיליטאַריזם און אַוועקגייענדיק אַף דער מילכאָמע ווי א מיליטערישער פרייוויליקער און שאָוויניסט. נאָר דאָס באַנעמען, אַז אין דער עפּאָכע פון אימפּעריאַליזם ווערט רייף די פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע, גיט אַן ענטפער אַף דער פראַגע: וואָס וועט זיין, אויב דער רעוואָלוציאָנערער קאַמף קעגן דער מילכאָמע וועט דערפירן צו א מאַפּאָלע פון דער אייגענער רעגירונג?

פאַר א פּראָלעטאַרישער פּאַרטיי, וואָס שטעלט פאַר זיך ערנסט דעם ציל אויסצונוצן דעם קריזיס קעדיי אַראָפּצוּוואַרפן דעם קאַפּיטאַליזם, איז דער ענטפער א קלאָרער. יעדע מאַפּאָלע שוואַכט אָפּ די מאַכט פון דער רעגירונג פון די הערשנדיקע קלאַסן. וואָס גרעסער די מאַפּאָלע, אַלץ בעסער פאַר דעם רעוואָלוציאָנערן קלאַס. „דער רעוואָלוציאָנערער קלאַס מוז בא א רעאַקציאָנערער מילכאָמע ווינטשן די מאַפּאָלע פון זיין אייגענער רעגירונג“, האָט לענין געשריבן אין זיין פּאָלעמיק קעגן טראָצקין*). אויב מע זאָל קוקן אַף דער מאַפּאָלע פונעם אייגענעם לאַנד, נאָר ווי אַף א זיג פונעם אימפּעריאַליסטישן סוינע, ווי דאָס האָבן דעמאָלט געטאָן טראָצקי און קאַוטסקי, בלייבט דאָן דערהאַזיקער רעוואָלוציאָנערער פּרינציפּ אומפאַרשטענדלעך. אָבער די מאַפּאָלע פון דער רעאַקציאָנערער רעגירונג פונעם אייגענעם לאַנד שאַפט די בעסטע

*) לענין, געזאַמלטע ווערק, ב. 18, ז. 167 (צווייטע רוסישע אויפלאַגע).

פאַרבאַרייטונגען פאַרן זיג פון דער רעוואָלוציע אין אייגענעם לאַנד און דערניט אויך פאַר דער רעוואָלוציע אין אַלע לענדער.

ערשט ווען די פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע האָט געזיגט, ווען דאָס רעוואָלוציאָנערע לאַנד ווערט באַוואָרנט פון פיינטלעכע מעלוכעס, ערשט דאַן קאָן און מוז די פּראָלעטאַרישע פּאַרטיי אַנערקענען די פּאַטערלאַנד־פּאַרטיידיקונג, אָרגאַניזירן זי, זיך שטעלן בעראָש פון איר, ווי דאָס האָט געטאָן דער העלדישער פּאַריזער פּראָלעטאַריאַט אין 1871 יאָר. אויך דיזאָזיקע אויספירן האָבן די באָלשעוויקעס געמאַכט אין זייערע טעזיסן, וואָס זיינען פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין 1915 יאָר. אָבער אַזעלכע רעוואָליוציאָנערע געדאַנקען זיינען געווען פרעמד פאַר די סאָציאַל־דעמאָקראַטן ווי לעדעבור, וואָס האָבן זיך געוואָקלט צווישן קאַוטסקין און ליבקנעכטן. לענין שטרייכט אונטער די וויכטיקסטע פעלערן פון דעמדאָזיקן ערשטן ציממערוואַלדער מאַניפעסט*), וואָס דריקן זיך אויס דערין, וואָס דער מאַניפעסט האָט מוירע צו אַנערקענען די נויטיקייט פון דעם רעוואָליוציאָנערן קאַמף און געגנער אַנטוויזן זיינע מעטאָדן, וואָס ער דערמאָנט ניט וועגן דער רייפקייט פון די פאַרבאַרייטונגען פאַרן סאָציאַליזם, הגם דאָס איז זייער וויכטיק פאַר אַ טאַקטיק, וואָס איז געווענדעט אין דער ריכטונג פון דער סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע, וואָס הגם ער דעמאַסקירט די אימפּעריאַליסטישע ליגנס פון דער בורזשואַזיע, נאָר ער דעמאַסקירט ניט די אַזוי געפערלעכע און שענדלעכערע ליגנס פון די סאָציאַל־שאָוויניסטן, באַזונדערס פון זייערע „לינקע“ פאַרטיידיקער: כאָטש דעם, הגם דער מאַניפעסט קאָנסטאַטירט, אַז אַ גאַנצע ריי סאָציאַליסטישע פּאַרטייען און די אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַליסטישע ביוראָ „האָבן געבראָכן זייער פליכט“, אָבער ער אַנאַליזירט ניט דעם טיפערן גרונט און זינען פון דעמדאָזיקן האַנדלען.

ניט געקוקט אַף דעם האָט לענין געהאַלטן פאַר נויטיק צו שטימען פאַר דעמדאָזיקן ניט אויסגעהאַלטענעם מאַניפעסט, ווייל ער האָט באַדייט אַ טריט פאָרויס אין קאַמף קעגן דעם אָפּאָרטוניזם. ס'וואָלט באַטייט פירן אַ סעקטאַנטישע פּאָליטיק ניט צו מאַכן דעמדאָזיקן טריט געמיינזאַם מיט יענע סאָציאַליסטן, וואָס האָבן זיך נאָך ניט אַנטשלאָסן צו אַן אויסגעהאַלטענעם קאַמף, ווייבאַלד מע האָט קלאָר און אָפן פּראָקלאַמירט דעם אייגענעם שטאַנדפּונקט און מע האָט זיך איבערגעלאָזן דאָס רעכט אַף קריטיק. דאָס איז געווען די באָלשעוויסטישע טאַקטיק אין דער צייט פון זאַמלען די רעוואָליוציאָנערע קרעפטן: גיין מיט אַלעמען צוזאַמען בײַ יעדן פּראַקטישן קאַמף קעגן דעם אימפּעריאַליזם און סאָציאַל־פּאַטריאָטיזם, אָבער קלאָר און אומבאַרעמהאַרציק קריטיקירן אַלע שוואַכקייטן און האַלבקייטן פון דער באַוועגונג; די נאָך ניט קלאָרע שטרעמונגען — דיפערענצירן די לינקע רעוואָליוציאָנערע עלעמענטן — געווינען פאַר דעם אויסגעהאַלטענעם רעוואָליוציאָנערן שטאַנדפּונקט, די וואַקלדיקע, ניט

*) לענין, „די רעוואָליוציאָנערע מאַרקסיסטן אַף דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער קאָנפערענץ פון 5—8 סעפּטעמבער 1915 יאָר“. — געזאַמלטע ווערק, ב. 18, ז. 302 (צווייטע רוסישע אויפלאַגע).

אויסגעהאַלטענע, פאַרורטיילטע אַף צוריקערן זיך צום רעפאָרמיזם — דעמאַס-קירן, אונטערגראָבן זייער איינפלוס אַף די מאַסן.

אַזוי אַרום האָבן לענין און די באָלשעוויסטישע פּאַרטיי שוין אַף דערדאָזיקער צימערוואַלדער קאָנפערענץ פאָרלייגט די יעסוידעס פאַר די פּרינציפּן, פאַר דער אָרגאַניזאַציע און טאַקטיק פונעם דריטן אינטערנאַציאָנאַל, וואָס זיין ערשט קעמערל איז געווען די צימערוואַלדער לינקע.

די קאָנפערענץ האָט באַשלאָסן צו שאַפן אַ אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַליסטישע קאָמיסיע אַף אונטערצוהאַלטן די פאַרבינדונגען צווישן די אָנגעשלאָסענע אָרגאַניזאַציעס.

מיט גרויס פרייד האָבן די באָלשעוויקעס באַגריסט אַ בריוו, וואָס קאַרל ליבקנעכט האָט געשיקט און פּראָקלאַמירט זיין לאָזונג, בירגער-קריג, ניט בורגפרידן!*). אין דער רעוואָלוציאָנערער גרופּע אין דייטשלאַנד, וואָס האָט אין יאַנואַר 1916 יאָר אָרגאַניזירט זיך אינעם ספּאַרטאַקוס-בונד, האָבן זיי געזען די פאַרקערפּערונג פונעם רעוואָלוציאָנערן מאַרקסיזם אין דייטשלאַנד, אָבער זיי זיינען געווען אַנטוישט מיט דעם פאַרהעלטעניסמעסיק שוואַכן גראַד פון רעוואָלוציאָנערער קלאָרקייט, וואָס האָט זיך אַרויסגעוויזן אין דער דייטשישער פאַרטרעטונג אַף דערדאָזיקער קאָנפערענץ. זינאָוויעוו האָט ניט נאָר אין זיין נאָמען געהערט, ווען ער האָט נאָך דער קאָנפערענץ געשריבן:

„אָבער דאָס האָט די קאָנפערענץ אָן צווייפל געוויזן: די פריערדיקע ראָלע פון דער דייטשישער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע איז ענדגילטיק אויסגעשפּילט. די יערושע פון דער פאַרגאַנגענהייט ליגט נאָך ווי אַ לאַסט צו שטאַרק אַפילע אַף די אָפּאָזיציאָנעלע עלעמענטן פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, אַז זיי זאָלן קאָנען ווערן די פירער פון דעם נייעם אינטערנאַציאָנאַל“*).

געוויס האָט דער אומדערהערטער טעראָר פונעם באַלאַגערונגצושטאַנד ניט ווייניק טאָרמאָזירט די אַנטוויקלונג פון דער דייטשישער אָפּאָזיציע און איר זעלבסטבאַשטימונג. קאַרל ליבקנעכט איז מאָביליזירט געוואָרן אַף דער מילכאָמע, ראָזע לוקסעמבורג און קלאַראַ צעטקין זיינען געזעסן אין טפיסע. נאָך די רעוואָלוציאָנערע פאַרטרויונג-מענער פון דער פּאַרטיי און פּראָפאַריינען האָבן נאָכגעשפּירט ניט נאָר די פּאָליציי, נאָר אויך די רעפאָרמיסטן.

דערצו איז נאָך געווען זייער שווער אַרויסצושטעלן דאָס אומלעגאַלע דרוקן און פאַרשפּרייטן רעוואָלוציאָנערע ליטעראַטור. דאָס אַלץ האָט פאַרשווערט דעם פּראָצעס פון אויסבילדן זיך פון דער רעוואָלוציאָנערער גרופּע, באַזונדערס באַ אַזאַ פּאַרטיי, ווי באַ דער דייטשישער, וואָס האָט זיך אָפּגעוווינט פון אומלעגאַלער אַרבעט פון דער צייט זינט עס איז אָפּגעשאַפט געוואָרן דער געזעץ

*) דערדאָזיקער בריוו איז פאַרעפנטלעכט אין דער „אינטערנאַציאָנאַלער פּרעסע-קאָרעספּאָנדענץ“, נומער 5, פון 14 יאַנואַר 1930 יאָר און אין זשורנאַל „פּראָלעטאַרסקאַיאַ רעוואָליוציאַ“, 1929 יאָר, נומער 7, ז.ז. 142—145.

**) „קעגן דעם שטראָם“, זאַמלבוך

קעגן די סאָציאַליסטן. אַזוי האָט אויך לענין דערקלערט די טעאָרעטישע שוואַכקייט פון דער „יוניוס־בראָשור", וואָס ראָזע ליוקסעמבורג האָט פאַרפאַסט אין טפיסע אין אָנהויב פון 1915 יאָר, דערמיט, וואָס איינעם פאַרפאַסער שפּירט מען „די איינצל־פּערזאָן".

„וואָס האָט ניט קיין כאַוויירים אין דער אומלעגאַלער אָרגאַניזאַציע, וואָס זאָלן זיין געווינט צו דערטראַכטן לאָגיש ביזן סאָף די רעוואָלוציאָנערע לאָזונגען און דערציען סיסטעמאַטיש די מאַסן אין זייער גייסט. אָבער אַזאַ פעלער — און עס וואָלט געווען ניט ריכטיק דאָס צו פאַרגעסן — איז ניט קיין פּערזענלעכער פעלער פון יוניוסן, נאָר אַ רעזולטאַט פון דער שוואַכקייט פון אַלע דייטשישע לינקע, וואָס זיינען פון אַלע זייטן פאַרפּלאָנטערט אין דער געדיכטער נעץ פון קאַוטסקיאַנישער צוויעס, פון פּעדאַנטישקייט און פון דער „פרידנס־ליבע" צו די אָפּאָרטוניסטן"*).

די יוניוס־בראָשור איז געווען אַ ליידנשאַפטלעכער באַשולדיקונג־אַקט קעגן די אימפּעריאַליסטישע פאַרברעכנס און קעגן דעם סאָציאַל־פּאַטריאָטישן פאַרראַט. אין דעם איז באַשטאַנען איר שטאַרקייט. איר שוואַכקייט איז באַשטאַנען אין דער אומקלאָרקייט פון די לאָזונגען און פון דער פּערספּעקטיוו. די דאָזיקע אומקלאָרקייט האָט זיך אַרויסגעוויזן אין דעם אויסווייכן קלאָר צו זאָגן אין דער פאָרמולירונג, אַז אַ ניצאָכן אָדער אַ מאַפּאָלע וואָלטן געווען אַלץ איינס פּאַטאַל און נאָך מער אינעם אַנטוויקלען אַ נאַציאָנאַלע רעוואָלוציאָנערע פּראָגראַם פון אַ גרויסדייטשישער רעפּובליק, וואָס פאַר איר זאָל דער פּראָלעטאַריאַט זיין גרייט פאַרטיידיקן דאָס לאַנד. אין דער סוויווע פון דער עקסט־רעאַקציאָנערער קייזערלעכער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, וואָס האָבן זיך געשפּאַרט מיט די פּראָפּעסאָרן פאַרן טיטל פון אַ לייבגוואַרדיע פון די האָהענצאָלערן, האָט מען געוויס געדאַרפט האָבן אַסאַך רעוואָלוציאָנערן מוט צו פּראָקלאַמירן אַ פּראָגראַם אַפילו פון אַ בורזשואַזער רעפּובליק. אָבער פונדעסטוועגן איז דאָס געווען אַ פעלער ניט צו פּראָפּאַגאַנדירן אָפן אַ סאָציאַליסטישע רעפּובליק — דעם אייגנטלעכן ציל פונעם פּראָלעטאַריאַט אין דער עפּאָכע פון אימפּעריאַליזם. בײַ ראָזע ליוקסעמבורג איז די דאָזיקע פאָרמולירונג געווען נאָר אַ צייטווייליקער אָפּנויג, ווי דאָס האָט באַוויזן איר קאָנסעקווענטער קאַמף קעגן דעם בורזשואַז־רעפּובליקאַנישן שווינדל און פאַר אַ ראַטן־רעפּובליק נאָך נאָוועמבער פון 1918 יאָר. אָבער די מענשעוויקעס אין רוסלאַנד האָבן נאָכן ניצאָכן פון דער בורזשואַזער רעוואָלוציע, נאָכן פּראָקלאַמירן אַ בירגערלעכע רעפּובליק אָנגענומען דעם דאָזיקן שטאַנדפּונקט פון דער „רעוואָלוציאָנערער" פאָטערלאַנד־פאַרטיידיקונג און האָבן זיך אַזוי אַרום געשטעלט אין איין פראָנט מיט די פראַנצויזישע סאָציאַל־אימפּעריאַליסטן, וואָס האָבן אויך באַגרינדעט זייער סאָציאַל־פּאַטריאָטיזם מיט דער נויטיקייט צו פאַרטיידיקן די רעפּובליק**).

*) לענין, געזאַמלטע ווערק, ב. 19, ז. 189—190 (צווייטע רוסישע אויפלאַגע).

**) עס איז ניט דאָ דער פּלאַץ זיך אָפּצושטעלן אַף דער פראַגע וועגן דעם, וואָס וואָלט געווען ווען ראָזע ליוקסעמבורגס פעלער (וואָס לענין האָט שוין אין 1915 יאָר אויפ־

אין יאנואר 1916 יאר האט די אלדייטשישע קאנפערענץ פון ספארטאקוס־בונד אנגענומען „טעזיסן וועגן די אויפגאבן פון דער אינטערנאציאנאלער סאציאל־דעמאקראטיע", וואס אנטהאלט דעם שטאנדפונקט פון דער דאזיקער גרופע וועגן דער פארם און אינהאלט פונעם אינטערנאציאנאל, וואס דארף געשאפן ווערן. דער וויכטיקסטער פאראגראף אין די דאזיקע טעזיסן קעגן די פריערדיקע וואקלונגען איז דאס אנערקענען, אז דאס שאפן א נייעם אינטערנאציאנאל איז געווארן נויטיק צוליבן באנקראט פונעם צווייטן אינטערנאציאנאל.

דער דאזיקער נייער אינטערנאציאנאל דארף האבן א פרינציפיעל אנדערן כאראקטער ווי דער צווייטער אינטערנאציאנאל, וואס די מילכאמע האט אים אויפגעריסן.

„אינעם אינטערנאציאנאל ליגט דער שווערפונקט פון דער פראלעטארישער קלאסן־ארגאניזאציע. בעיסן שאלעם באשטימט דער אינטערנאציאנאל די טאקטיק פון די אינטערנאציאנאלע סעקציעס אין די פראגן פון מיליטאריזם, פון דער קאלאניאלער פאליטיק, פון דער האנדלס־פאליטיק, פון דעם מיי־יאנטעוו, און באשטימט די טאקטיק בעיס דער מילכאמע".

„די פליכט צו אויספילן די באשלוסן פונעם אינטערנאציאנאל איז וויכטיקער פון אלע אנדערע ארגאניזאציאנעלע פליכטן. נאציאנאלע סעקציעס, וואס האנדלען קעגן די באשלוסן פונעם אינטערנאציאנאל, שטעלן זיך דערמיט אויסער די רייען פונעם אינטערנאציאנאל".

די פראלעטארישע אינטערנאציאנאליסטן פון דייטשלאנד האבן אנערקענט, אז דער פרינציפ, וואס איז קיינמאל ניט דורכגעפירט געווארן אינעם צווייטן אינטערנאציאנאל, דער פרינציפ פון אינטערנאציאנאלער דיסציפלין, פון דורכפירן אומבאדינגט די אינטערנאציאנאלע באשלוסן, מוז ווערן דער יעסאד פונעם נייעם אינטערנאציאנאל, אויב ער וויל ווידער ניט ווערן א מעסער אן א קלינגע. עמעס, די פארמולירונגען ווייזן נאך ניט ארויס קיין פולע קלארקייט אין דער פראגע וועגן דעם כאראקטער פון אזא אינטערנאציאנאלער ארגאניזאציע. אויב מע וויל ווירקלעך זיכערן דאס דורכפירן אין לעבן די אינטערנאציאנאלע באשלוסן, קאן מען ניט באגרענעצן, ווי דאס טוען די טעזיסן, די פראגן איבער וועלכע עס האט צו אנטשיידן דער אינטערנאציאנאל נאר מיט דעם קאמפלעקס פראגן פון דער אינטערנאציאנאלער פאליטיק, מע מוז אינגאנצן ברעכן מיט דער פולער טראדיציע פון נאציאנאלער אווטאנאמיע. אין דער עפאכע פונעם אימפעריאליזם קאן מען ווייניקער ווי ווען ניט איז אנדערש אפטיילן די פראגן פון דער אינערלעכער פאליטיק פון די פראגן פון דער אויסערלעכער פאליטיק. א פארטיי, וואס אין קאמף מיט איר בורזשואזיע נויגט זי זיך אפ בעיסן „שאלעם" פון דער ליניע פונעם אומבעשאלעמדיקן קלאסן־קאמף, וועט בעיס א מילכאמע, ווען דער דרוק פונעם קלאסן־שונא איז טויזנט מאל שטארקער, געוויס ניט זיין אימשטאנד אויספילן איר אינטערנאציאנאלע פליכט. א פארטיי, וואס רייניקט ניט אפ אירע

געקלערס), וואלט ניט אויסגענוצט געווארן דורך די „לינקע" סאציאל־דעמאקראטן, קעדיי צו בארעכטיקן זייער סאציאל־פאטריאטישע פאטערלאנד־פארטיידיקונג־פראגראם.

דייען פונעם אפארטוניזם פאר דעם אנטשיידנדיקן רעוואלוציאנערן קריזיס, וועט אין אנטשיידנדעם מאמענט נית קאנען אויספילן אירע אויפגאבן אלס פירערן אין דער רעוואלוציע. דעריבער האט דער דריטער אינטערנאציאנאל געמוזט גיין ווייטער ווי די טעזיסן פון דער גרופע „אינטערנאציאנאל".

כוצדעם אנטהאלטן די טעזיסן יענעם פונקט, וואס לענין האט שוין אפגע־וואַרפן אין זיין קריטיק פון דער יוניוס־בראשור.

„אין דער עפאכע פונעם פאנאנדערגעוויקלטן קאפיטאליזם קאנען שוין מער נית זיין קיין נאציאנאלע מילכאמעס. די נאציאנאלע אינטערעסן זיינען נאר א מיטל אפצונארן די ארבעטער־מאסן, קעדיי זיי צו צווינגען דינען די אינטערעסן פון זייער טויט־סוינע פונעם אימפעריאליזם" (אונ־טערגעשטראכן פון מיר. — י. ל.).

דערהאזיקער טעזיס האט אין זינען נאר די אימפעריאליסטישע מעלוכעס, וואס זייערע רויב־מילכאמעס קאנען זיכער נית באריכטיקט ווערן מיט קיין שום נאציאנאלע אינטערעסן. נאר מע פארגעסט דערביי, אז דאס אונטערדריקן אפגעשטאנענע נאציעס מיצאד די אימפעריאליסטישע גרויסע מעלוכעס איז א וועזנטלעכער סימען פונעם אימפעריאליזם און אז דעריבער זיינען נאציאנאלע באפרייונג־מילכאמעס באזונדערס אין די קאלאניאלע לענדער, וואס זיינען גע־ווענדעט קעגן דעם אימפעריאליזם, נית נאר נית אויסגעלאזט, נאר אפילע נויטיק. און פאקטיש האט דאך די וועלט־מילכאמע ארויסגערופן א ריי קאלאניאלע רעוואלוציעס און פארבונדענע מיט זיי נאציאנאלע מילכאמעס.

אין פעווראל 1916 יאר איז אין בערן פארגעקומען א בארעטונג פון דער אויסגעוויילטער אף דער צימערוואלדער קאנפערענץ אינטערנאציאנאלער סאצי־אליסטישער קאמיסיע מיט פארשיידענע אנגעשלאסענע ארגאניזאציעס, צווישן זיי אויך מיט פארטרעטער פון דער ביורא פון דער אינטערנאציאנאלער סאצי־אליסטישער יוגנט־פארביינדונג, וואס איז אונטער דער אנפירונג פון ווילי מינצענבערגן אלץ מער אריבער פונעם קאמף קעגן דעם סאציאל־פאטריאטיזם אויך צום קאמף קעגן דעם סאציאל־פאציפיזם. דער רעזולטאט פון דערהאזיקער בארעטונג איז געווען א צירקוליאר, וואס האט אנגעוויזן אף דער אנוואקסנדי־קער רעוואלוציאנערער באוועגונג: דעמאנסטראציעס קעגן יאקרעס אין דייטש־לאנד, פראטעסטן קעגן מיליטער־פליכט אין ענגלאנד, פאליטישע שטרייקן אין רוסלאנד, פארברייטערונג אין די שוץ־גראבנס. עס ווערט דעמאסקירט די האל־טונג פון דער דייטשישער מערהייט־פארטיי, וואס האט מיט איר שאלעם־אינטערפעליאציע צו דער רעגירונג געהאלפן פארדעקן מיט א פאציפיסטישן שלייער די אנעקסיאניסטישע פאליטיק; די פראנצויזישע פארטיי, וואס האט אף איר פארטיי־צוזאמענפאר ווידער זיך געשטעלט אף דער פאזיציע פון Union sacre (הייליקע איינהייט), פון באוויליקן די מילכאמע־קרעדיטן און פון קאאליציע־פאליטיק און האט אנגעהויבן דעם סאמע שארפן קאמף קעגן דער מינדערהייט; דער סאציאל־פאטריאטיזם פון דער מערהייט אין עסט־רייך און ענגלאנד און פון דער מינדערהייט פון דער סאציאל־דעמאקראטיע און פון די סאציאליסטן־רעוואלוציאנערן אין רוסלאנד. די האלטונג פונעם צענטער

איז ניט קריטיקירט געוואָרן. דעריבער האָט לענין, זינאָוויעוו און ראַדעק, וואָס זיי האָט זיך איינגעגעבן באַדייטנדיק פאַרשאַרפן דעם אינהאַלט פון דעם דאָזיקן דאָקומענט אין פאַרגלייך מיט די פריערדיקע דאָקומענטן פון דער צימערוואַלדער באַוועגונג, געגעבן זייער צושטימונג צו דעם דאָזיקן צירקוליאַר מיטן אויסרייד, אַז דער דאָזיקער אויפרוף איז א טריט פאָרויס, אָבער ער איז ניט גענוגנדיק אין אַלע זיינע טיילן.

נאָכאַמאָל איז קאָנסטאַטירט געוואָרן, אַז די אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַליסטישע ביוראָ האָט אינגאַנצן אויפגעהערט צו פונקציאָנירן זינט עס איז אויסגעבראָכן די מילכאָמע. דער אינטערנאַציאָנאַלער סעקרעטאַר הויסמאַנס האָט אויפן קאָנגרעס פון דער האָלענדישער פּאַרטיי דערקלערט, אַז מע מוז אָנערקענען די פליכט פון נאַציאָנאַלער פאַרטיידיקונג, אַז אָבער ניט געקוקט דערויף וועט דער אינטערנאַציאָנאַל אויפשטיין „לעבעדיקער ווי ווען ניט איז". דער צירקוליאַר באַמערקט דערצו:

„יעדער פּרוּוו ווידער אויפצולעבן דעם אינטערנאַציאָנאַל דורך א קעגנזייטיקער אַמניסטיע פון די קאָמפּראָמעטירטע אָפּאָרטוניסטישע פירער, בײַ דעם גלייכצייטיקן אָנערקענען און ווייטער־פירן די פּאָליטיק פון בירגער־שאָלעם, איז אין טאָך ניט קיין אַנדער זאַך, ווי א פאַקט קעגן דעם סאָציאַליזם און א קלאַפּ איבער דער אויפוואַכנדיקער אַרבעטער־באַוועגונג".

קלאָרער ווי אַף דער צימערוואַלדער קאָנפערענץ איז באַטאָנט געוואָרן די נויטיקייט פון אייניקייטלעכע רעוואָלוציאָנערע אַקציעס קעגן דעם אימפּעריאַליזם, עס ווערט געפאָדערט אינגאַנצן איבערצורייסן מיט דער פּאָליטיק פון בירגערשאָלעם, דאָס אָפּוואַרפן די מילכאָמע־קרעדיטן ניט געקוקט אַף דער סטראַטעגישער לאַגע.

א מאַניפעסט פון דער פראַנצויזישער אָפּאָזיציע פון דער צייט ווייזט ווי עס ווערן אַלץ קלאָרער די פּאָזיציעס. דער דאָזיקער מאַניפעסט טרעט אָפן אַרויס קעגן די פירער פון צענטער, וואָס פאַרטיידיקן א שאָלעם מיט די סאָציאַל־פּאַטריאָטן.

„צווישן די, וואָס זיינען געבליבן געטריי דער פאָן פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע און צווישן די סאָציאַל־פּאַטריאָטן, די געצאָלטע, געפאַנגענע אָדער פרייוויליקע שקלאַפן פונעם אימפּעריאַליזם, שטעלן זיך די אָנהענגער פון א סאָציאַליסטישן וואַפנשטילשטאַנד אָן פּרינציפּן און אָן קלאָרקייט. אין נאָמען פון דער סאָציאַליסטישער איינהייט פאָדערן זיי פון דער מינדערהייט, אַז זי זאָל זיך אַנטוואָפענען פאַר די סאָציאַל־פּאַטריאָטן, פונקט אַזוי ווי די סאָציאַל־פּאַטריאָטן האָבן זיך אין נאָמען פון בירגערשאָלעם אַנטוואָפנט פאַר אונדזערע קלאַסן־שונאים.

מיר ווילן ניט און מיר קאָנען ניט אָנערקענען אַזאַ מין וואַפנשטילשטאַנד, ווייבאַלד אין קאָן שטייט דער גורל פונעם סאָציאַליזם".

די נויטיקייט צו שאַפן א נייעם אינטערנאַציאָנאַל איז אויך קלאָר פאַר די פראַנצויזישע סאָציאַליסטן. זיי וואָרענען די אַרבעטער קעגן די פּרוּוון פון די

„סאָציאַל־פּאַטריאָטישע שאָמרים פון דער בורזשואַזיע אויפצושטעלן מיט דער הילף פון דער אַלטער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער ביוראָ קלוימערשטיקע פאַרבינדונגען צווישן די אָפיציעלע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען" און באַמערקן דערצו:

„אַ נייער אינטערנאַציאָנאַל קאָן אויפגעבויט ווערן נאָר אויף די פעסטע פּרינציפּן פונעם רעוואָלוציאָנערן סאָציאַליזם. באַם שאַפן אים קאָנען זיך ניט באַטייליקן די פאַרבינדעטע פון די הערשנדיקע קלאַסן, די מיניסטערס. די צו דינסט־גרייטע דעפּוטאַטן, די אַדוואָקאַטן פונעם אימפּעריאַליזם, די אַגענטן פון דער קאַפּיטאַליסטישער דיפּלאָמאַטיע. די באַגראָבער פונעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל".

אַזוי אַרום האָט די צווייטע אינטערנאַציאָנאַלע קאָנפערענץ, וואָס האָט זיך צונויפגעקליבן אין אַפּרעל פון 1916 יאָר אין קינטאַל אין דער שווייץ, געפונען שוין אַסאַך גינסטיקערע באַדינגונגען פאַר דער אַנטוויקלונג פון דעם נייעם פּראָלעטאַרישן אינטערנאַציאָנאַל. קווידעמקאָל אין דייטשלאַנד איז דער קאַמף קעגן דעם סאָציאַל־פּאַטריאָטיזם אַרײַנגעטראָטן אין אַ נייער סטאַדיע. די גרופּע „אינטערנאַציאָנאַל" האָט אָפן געפאָדערט די פּאַרטיי־באַווײַדים זאָלן אויפהערן אַרײַנטראָגן פּאַרטיי־אָפּצאָלונגען אין די שאָוויניסטישע פּאַרטיי־אינסטאַנצן. אין מאַרט פון 1918 יאָר האָט די צענטער־גרופּע מיט האַאַזע און לעדעבור בעראַש צום ערשטן מאָל געוואַגט מיט 18 מאַן שטימען קעגן די מילכאָמע־קרעדיטן. די מערהייט האָט דערויף געענטפערט מיט אויסשליסן פון דער פראַקציע די מינדערהייט, וואָס האָט זיך קאָנסטיטוירט ווי „אַ סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אַרבעטער־געמיינשאַפט". אַזוי האָט די לאָגיק פון דער אַנטוויקלונג געטריבן צום אָפּשפּאַלטן זיך פון די סאָציאַל־פּאַטריאָטן, ווי אַ נייטיקן פאַרבאַדינג פאַרן אויפשטעלן צוריק די אינטערנאַציאָנאַלע אייניקייט.

אויף דער קינטאַלער קאָנפערענץ איז אָבער די מערהייט נאָך אַלץ ניט געווען אַנטשלאָסן צו ציען דיראַזיקע נייטיקע קאָנזעקווענצן. פּראַקטיש איז די פראַגע געשטאַנען וועגן דער באַציונג צו דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער ביוראָ, וואָס איז אַריבערגעטראָגן געוואָרן אין האַאַג און האַנאָם זי האָט זיך געפונען אונטער דער אָנפירונג פון בעלגישע און האָלענדישע סאָציאַל־שאָוויניסטן און געהאַנדלט ווי אַן אַגענטור פונעם אַנטאַנטע־אימפּעריאַליזם, האָט זי דאָך געמאַכט די ערשטע פרווון אַנצוקניפּן פאַרבינדונגען מיט די קאַוטסקיאַנער און מיט די סאָציאַל־פּאַטריאָטן פון די צענטראַלע מעלוכעס. די צימערוואַלדער לינקע האָבן געזען אין דעראַזיקער האַאַגער ביוראָ, ווי זינאָוויעוו האָט געשריבן „אַ קערן פון דער צוקונפטיקער אַקציע־געזעלשאַפט צום אָפּנאַרן די אַרבעטער פון אַלע לענדער". אונטער דעם לאָזונג „אייניקייט" און „צוריק אויפשטעלן דעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל" וועט דיראַזיקע געזעלשאַפט פון אוונורן אָנהייבן דעם קאַמף קעגן די אינטערנאַציאָנאַליסטן"*).

פון דעראַזיקער אָפּשאַצונג איז אַרויסגעשוואומען די נייטיקייט צו פירן

*) זאַמלבוך: „קעגן דעם שטראָם".

דעם שאַרפֿסטן קאַמף קעגן דערדאָזיקער אינסטיטוציע. פֿאַרקערט דער מענשעוויק אַקסעלראָד האָט פֿאָרגעלייגט מע זאָל אָנהייבן אַ מאַסן־קאָמפּאַניע פֿאַר צונויפֿרופֿן די אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַליסטישע ביוראָ.

מאָדיליאַני, דער פֿירער פֿון דער איטאַליענישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, וואָס איז אין דער פֿראַגע געגאַנגען מיט די לינקע רעפֿאָרמיסטן, און אַחוץ האָפֿמאַן און הערמאַן פֿלייסנער, וואָס האָבן פֿאַרטראַטן די קאַוטסקיאַנישע אָפּאָזיציע, זײַנען אַרויסגעטראָטן פֿאַר צוזאַמענאַרבעטן מיט דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער ביוראָ, באַגרינדנדיק דאָס דערמיט, וואָס דאָרטן וועט מען קאָנען אָנגרייפֿן און דעמאַסקירן די סאָציאַל־פּאַטריאָטן. נאָך לאַנגע הייסע דעבאַטן איז אָנגענומען געוואָרן אַ קאָמפּראָמיס־רעזאָלוציע אונטערן נאָמען „די אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַליסטישע ביוראָ און די מלחמה", אַ רעזאָלוציע, וואָס מאַכט פּאָליטיש גרויסע קאָנצעסיעס דעם שטאַנדפּונקט פֿון די לינקע, אָבער וואָס גייט נאָך טיילווײַז אין אָרגאַניזאַציאָנעלער הינזיכט דעם געגנער. די סאָציאַל־פּאַטריאָטישע טעטיקייט פֿון דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער ביוראָ ווערט געטאַדלט מיט די שאַרפֿסטע ווערטער, דער פּרוּוו אויפֿצושטעלן אינטערנאַציאָנאַלע באַציִונגען אויפֿן סמך פֿון קעגנזײַטיקער אַמניסטיע פֿאַר די, וואָס האָבן געשטימט פֿאַר די מלחמה־קרעדיטן ווערט באַקריטיקירט ווי אַ „שפּאָטאַנער שפּיל צווישן די סאָציאַל־פּאַטריאָטן", און דערקלערט, אַז דאָס בײַקומען דעם סאָציאַל־אימפּעריאַליזם איז אַ פֿאַרבאַדינג פֿאַרן צוריק אויפֿשטעלן דעם אינטערנאַציאָנאַל. אין דעם פֿאַל אויב עס וועט צונויפֿגערופֿן ווערן די אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַליסטישע ביוראָ זײַנען די פֿאַרטרעטער פֿון דער ציממערוואַלדער אָרגאַניזאַציע פֿאַרפֿליכטעט צו באַטייליקן זיך אין איר און קעמפֿן מיט דער גאַנצער שאַרפֿקייט אַנטקעגנשטעלן די סאָציאַל־פּאַטריאָטן די רעוואָלוציאָנערע פּרינציפּן פֿון דער אינטערנאַציאָנאַלער אָפּאָזיציע. אויסער דעם, איז לויט דער אולטימאַטיווער פֿאָדערונג פֿון די איטאַליענער געגעבן געוואָרן דאָס רעכט די אָנגעשלאָסענע פּאַרטייען צו פֿאָדערן דאָס צונויפֿרופֿן די אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַליסטישע ביוראָ. צוגלייך איז אָבער לויט זינאָוויעווס פֿאָרשלאָג באַשטעטיקט געוואָרן די אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַליסטישע קאָמיסיע פֿאַר דער זיצונג פֿון דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער ביוראָ צונויפֿרופֿן אַ קאָנפֿערענץ, וואָס זאָל באַשטימען די טאַקטיק פֿון די ציממערוואַלדער אויף דערדאָזיקער זיצונג.

די איינשטימיק אָנגענומענע רעזאָלוציע וועגן דער שלום־פֿראַגע האָט קלאָרער געמאַכט די באַציִונג צום סאָציאַל־פּאַציפֿיזם. די רעזאָלוציע שטעלט פֿעסט, אַז אַרביטראַזש־געריכטן, אָנטוואָפֿענונג, דעמאָקראַטיזירונג פֿון דער אויסערלעכער פּאָליטיק קאָן אויף דעם באָדן פֿון קאַפּיטאַליזם ניט ברענגען קיין דויערנדיקן שלום. דער קאַמף פֿאַר אַ דויערנדיקן שלום באַשטייט אינעם קאַמף פֿאַרן סאָציאַליזם.

עס ווערן אָפּגעוואָרפֿן אַנעקסיעס און מלחמה־רעפּאַראַציעס. און עס ווערט אַרויסגערוקט דער לאָזונג, אַז די עקאָנאָמישע פֿאָלגן פֿון דער מלחמה זאָל טראָגן ניט דאָס באַזיגטע פֿאָלק, דאָס הייסט דער אַרבעטער־קלאַס,

וואָס וועט באַלאַסטעט ווערן אין אַלע לענדער מיט די מלחמה־רעפּאַראַציעס,
נאָר די פאַרמעגלעכע קלאַסן דורכן אַנולירן די אָנטשטאַנענע אין צוזאַמענהאַנג
מיט דער מלחמה מעלוכע־חובֿות.

די קאָנפערענץ האָט געהאַט פאַר זיך אַ דערקלערונג פונעם צענטראַל־קאָ־
מיטעט פון די באָלשעוויקעס, וואָס האָט אַנטהאַלטן יענע פּרינציפּן, איבער
וועלכע די קינטאַלער קאָנפערענץ האָט זיך ניט געקאָנט קלאָר אַרויסזאָגן מאַכ־
מעס דעם ווידערשטאַנד פון די צענטריסטישע עלעמענטן. די דאָזיקע דערקלע־
רונג דעמאַסקירט די פּלאַפּלעריי פון די סאָציאַל־פּאַטריאָטן קעגן אַנעקסיעס.
ווייל דערפירן אַן אַנעקסיע הייסט ניט נאָר מיליטעריש באַזעצן וועלכן ניט איז
לאַנד, נאָר אויך איינהאַלטן אַ לאַנד אין די ראַמען פון אַ מעלוכע קעגן דער
ווילן פון דער באַפעלקערונג. יעדע רעדן דאָס רעכט פון די פעלקער אויף זעלב־
באַשטימונג איז אַנעקסיע. ווער עס טרעט אַרויס ערלעך קעגן אַנעקסיעס,
דער מוז אַרויסטרעטן פאַר דער פרייהייט פון די קאָלאָניעס און פון די אונטער־
דריקטע פעלקער. בעת דער אימפּעריאַליסטישער מלחמה איז יעדע „שאַ־
לעם־פּראָגראַם" צוויעס, אויב זי איז ניט פאַרבונדן מיט אַן אויפפאָדערונג צו
די מאַסן צו פאַרוואַנדלען די אימפּעריאַליסטישע מלחמה אין אַ בירגער־
קריג פאַר דעם סאָציאַליזם. דערצו מוז מען אָפן אַרויסזאָגן, אַז עס איז ניט
מעגלעך צו פירן בעת דער מלחמה אַ רעוואָלוציאָנערע אַקציע, וואָס זאָל
ניט באַדראָען די „איגענע" רעגירונג מיט אַ מאַפּאַלע אויפן שלאַכטפעלד. עס
איז ניט מעגלעך צו פירן דעם רעוואָלוציאָנערן קאַמף קעגן דער מלחמה אָן
אַן אומלעגאַלער אָרגאַניזאַציע. דעפּוטאַטן, וואָס פּראָטעסטירן נאָר אין פּאַר־
לאַמענט קעגן דער מלחמה און טוען גאָרניט קיין שריט אין העסקעם מיט דער
אומלעגאַלער אָרגאַניזאַציע פירן די אַרבעטער צום קאַמף, פילן ניט אויס זייער
פליכט. מע מוז אָנערקענען די אומפאַרמיידלעכקייט פון אַ שפּאַלטונג, ווייל
אין דער באַציונג צו דער מלחמה האָבן זיך אַנטפּלעקט צוויי שטאַנדפּונקטן,
וואָס קאָנען ניט שאַלעם מאַכן.

„צוריק אויפשטעלן די באַנקראָטירטע אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַליסטישע
ביוראָ קאָנען זיך פאַרגינען נאָר די סאָציאַל־שאָוויניסטן פון אַלע לענדער.
פאַר די סאָציאַליסטן שטייט די אויפגאַבע אויפצוקלערן די מאַסן וועגן דער
אומפאַרמיידלעכקייט צו שיידן זיך מיט יענע, וואָס פירן אַ בורזשואַזע
פּאָליטיק אונטער דער פאָן פונעם סאָציאַליזם"*).

נאָך דער קינטאַלער קאָנפערענץ האָט זינאָוויעוו געשריבן, אַז מע קאָן נאָך
ניט זאָגן, אַז צימערוואַלד איז געוואָרן דער קערן פונעם דריטן אינטערנאַציאָ־
נאַל. עס איז זייער מעגלעך, אַז דער רעכטער פליגל וועט זיך נאָך אומקערן
צום צווייטן אינטערנאַציאָנאַל. אָבער דער לאָזונג פון די לינקע בלייבט ניט
געענדערט: „פאַרן דריטן אינטערנאַציאָנאַל".

*) זאַמלבוך: „קעגן דעם שטראָם".

## 3. די רוסישע פעוורואַל־רעוואָלוציע און די שטאָקהאָלמער קאָנפערענץ

1917

דער נייער אינטערנאַציאָנאַל האָט געמוזט ווערן אַ אינטערנאַציאָנאַל פון רעוואָלוציאָנערע מאַסן־אַקציעס. די פאָרבאַדינגונגען פאַר זיין אַנטשטיין זיינען אַלץ מער רייף געוואָרן אין דער מאָס, ווי עס איז געוואַקסן דער רעוואָלוציאָנערער מאַסן־ווידערשטאַנד קעגן די אימפּעריאַליסטישע מילכאָמע־פאַרברעכער. ווען קאַרל ליבקנעכט איז דעם ערשטן מיי 1916 יאָר אַרעסטירט געוואָרן פאַר אָרגאַניזירן אַפן פּאָטסדאַמער פּלאַץ אַ דעמאָנסטראַציע קעגן דער מילכאָמע און קעגן דער רעגירונג און איז פאַרמישפּעט געוואָרן אַף פיר יאָר שווערע טפיסע און צו פאַרלירן די בירגער־רעכט אַף זעקס יאָר, איז איבער גאַנץ דייטשלאַנד דורכגעגאַנגען אַ כוואַליע גרויסע מאַסן־דעמאָנסטראַציעס און פּראָטעסט־שטרייקן.

צוזאַמען מיט דער כוואַליע פון ווידערשטאַנד איז אויסגעוואַקסן די אָפּאָזיציע אין דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע: דער צענטראַל־קאָמיטעט פון דער פּאַרטיי אין ענגסטן בונד מיט דער מיליטערישער מאַכט האָט אָנגעווענדעט קעגן דער אָפּאָזיציע די נידערטרעכטיקסטע מיטלען. אָפּאָזיציאָנעלע רעדאַקטאָרן זיינען קעגן דעם ווילן פון די מיטגלידער באַזייטיקט געוואָרן פון די פּאַרטיי־אָרגאַנען פונעם „פאָרווערטס", פון דער „ברעמענער בירגערצייטונג", פון דער „שוועבישער טאַגוואַכט", אָפּאָזיציאָנעלע טוער און באַפולמעכטיקטע אין די אונטערנעמונגען און אין די פּראָפאַריינען פלעגן געמאַסערט ווערן פאַר דער מיליטערישער מאַכט, וואָס פלעגט זיי אַוועקשיקן שטאַרבן „מיטן העלדן־טויט פאַרן פאָטערלאַנד".

אין יאַנוואַר פון 1917 יאָר האָט דער צענטראַל־קאָמיטעט פון דער פּאַרטיי באַשלאָסן אַרויסצווואַרפן פון דער פּאַרטיי די גאַנצע אָפּאָזיציע צוזאַמען מיט דער צענטריסטישער „אַרבעטגעמיינשאַפט".

אין עסטרייך איז די אָרגאַניזירטע רעוואָלוציאָנערע אָפּאָזיציע געווען זייער שוואַך. דער דרוק פון דער מיליטערישער דיקטאַטור און דער מאַסן־דאַלעס איז געווען אַסאַך שטאַרקער ווי אין דייטשלאַנד. עס איז אַפילע ניט געווען דאָס ביסל קליימערישט פּאַרלאַמענטאַריזם, וואָס האָט אין דייטשלאַנד געגעבן קאַרל ליבקנעכטן אַ פּלאַטפאָרם פאַר זיין רעוואָלוציאָנערער פּראָפּאַגאַנדע. פון אָנהייב מילכאָמע האָט דער מיניסטער־פּרעזידענט גראַף שטירגק ניט אופגערופן דעם פּאַרלאַמענט. אין געגנזאַץ צו דייטשלאַנד איז דאָ דער פּסיכאָז פון „הורא"־פּאַטריאָטיזם געווען באַגרענעצט נאָר אַף דער מינדערהייט פון דער באַפעלקערונג פון דער דייטשישער און אונגאַרישער בורזשואַזיע. די אונטערגעדריקטע סלאַווישע פעלקער און די איטאַליענער האָבן פאַראַכטעט די מילכאָמע, וואָס בעטמאַן האָלוועג האָט אין 1914 יאָר פּראָקלאַמירט, ווי אַ מילכאָמע פון דער גערמאַנישער ראַסע.

טויזנטער סאָלדאַטן, וואָס האָבן זיך געבונטעוועט, טויזנטער טשעכן, וואָס זיינען פאַרדעכטיק געווען אין אַנטיפּאַטריאָטישער פּראָפּאַגאַנדע אָדער שפּי-

אַנגאַזש, רוטענער, סערבן, קראַאַטן און איטאַליענער זיינען דורך די מיליטערישע געריכטן פאַרמישפּעט געוואָרן צום הענגען. די ווינער „אַרבעטער־צייטונג" האָט אָבער געלאָזן אַף אירע שפּאַלטן פריידיקן די פּאַטריאָטישע מילכאָמע־אַפּאָסטאָלן לויטנער, פּערנערסדאָרפער, רענער אָדער „די לינקע" רעפאָרמיסטן פון באַוערס שיטע זייערע פּאַציפיסטישע אָפּאָזיציאָנעלע פראַזן.

דאָס איז געווען די לאַגע, וואָס האָט געטריבן פרידריך אַדלערן דערצו, אַז ער האָט אין אָקטיאַבער 1916 יאָר געשאָסן פון אַ רעוואָלווער אין דעם וויבטיקסטן אויסדריקער פון דער עסטרייכישער מיליטער־דיקטאַטור, דעם גראַף שטירגק, קעדיי, ווי ער האָט דערקלערט אַפן געריכט, „צו שאַפן די פּסיכאָלאָגישע פאָרבאַדינגונגען פאַר רעוואָליוציאָנערע מאַסן־אַקציעס אין עסטרייך".

פרידריך אַדלער, וואָס האָט אין אָנהייב פון דער מילכאָמע פאַרנומען אַ פּאָזיציע אַן ענלעכע צו קאַוטסקיס פּאָזיציע. וואָס האָט קיינמאָל ניט געהאַט קיין פעסטע פאַרבינדונג מיט דער רעוואָליוציאָנערער אָפּאָזיציע, האָט ניט געפונען דעם וועג פון רעוו. מאַסן־אַקציעס, אָבער זיין שאָס איז אויך געווען אַן אויסדרוק פונעם רעוו. קריזיס, וואָס די מילכאָמע האָט אַרויסגערופן.

בעיים די באָלשעוויקעס האָבן אַרויסגעוויזן זייער פולקומע סאָלידאַרישקייט מיט פרידריך אַדלערס רעוואָליוציאָנערן טאַט, אונטערשטרייכנדיק דערביי, אַז די טאַקטיק פון די רעוואָליוציאָנערע מאַרקסיסטן איז ניט קיין אינדיווידועלער טעראָר, נאָר די רעוואָליוציאָנערע מאַסן־אַקציע, האָט דער „פאָרווערטס" אויסגעדריקט זיין סימפּאַטיע און סאָלידאַריטעט ניט מיט דעם געמאַטערטן און געפּייניקטן פּראָלעטאַריאַט פון עסטרייך, נאָר מיט דעם בעקאַוועדיקן זאָקן אַפן טראָן, וואָס אין זיין נאָמען פלעגט מען טעגלעך הונדערטער ברענגען אַף דער טליע.

„דער גרייזגרויער עסטרייכישער קייסער! ער האָט פאַרלאָרן דעם ברודער, זון, פרוי, פּלימעניק און דעם יורש פון טראָן. איצט אין דער שווערסטער צייט פאַרלירט ער דעם מענטשן, וואָס איז געווען זיין שטענדיקער ראַטגעבער, יעדעס מענטשלעך געפיל בויגט זיך פאַר דעמדאָזיקן אַלטן אַפן טראָן. ווער האָט דאָס דערלעבט און אַריבערגעטראָגן וואָס דערדאָזיקער אַלטער האָט איבערגעלעבט און אַריבערגעטראָגן?".

די ווינער „אַרבעטער־צייטונג" האָט אויסגעדריקט איר מיטגעפיל פאַר דעם טויטן, „וואָס האָט שטענדיק זיך באַצויגן ערנסט צו זיין אויפגאַבע און איז שטענדיק געווען אַ באַשיידענער פלייסיקער מוער".

עס איז ניטאָ אַזאַ מין שאַנדע און דערנידערונג, וואָס די אָפיציעלע פאָרטרעטער פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע האָבן ניט אָנגעטאָן דעם סאָציאַליזם אין דערדאָזיקער „טרויסער צייט".

די אָפּאָרטוניסטישע „רעאַל־פּאָליטיקער" האָבן זיך איזדיעקעוועט און אָפּגעשפּאָט פון די רעוואָליוציאָנערע סאָציאַליסטן, וואָס טרויערדיק פעסט דער קראַפט פון די מאַסן, האָבן זיי געוועגדעט זייער גאַנצע פּראָפּאַגאַנדע פונעם ערשטן טאָג פון דער מילכאָמע אַף פאַרוואַנדלען די אימפּעריאַליסטישע

מילכאמע אין א בירגער־קריג. אבער דאס, וואס די רעפארמיסטן פון אלע שאטירונגען האבן געהאלטן פאר אן אומזיניקער אוטאפיע, איז געווארן א ווירקלעכקייט אין מארט פון 1917 יאר אין רוסלאנד. די אימפעריאליסטישע מילכאמע האט ניט נאר איבעראניים געבראכט צום באוווסטזיין פון די ברייטסטע מאסן דעם גאנצן בארבאריזם און קארופציע פונעם צאריזם נאר דער גאנצער געוואלט־אפאראט פונעם צאריזם איז געווארן אין זיין פונדאמענט אזוי אונטערגעגראבן פון די גרויסע מאפאלעס אפן פראנט, פון דער וואקסנדיקער אומצופרידנהייט אין די רייען פון דער ארמיי, פון דעם פאלן פון דעם צוטרוי פון דער בורזשואזיע גופע, אז ער איז אראפגעשלידערט געווארן אין מעשעך פון עטלעכע טעג אין מארט פון 1917 יאר אונטער די קלעפ פונעם רעוואלוציאנערן שטורעם פון די מאסן ארבעטער און סאלדאטן. א גרויסער טייל פון דער ארמיי איז אריבער אפן זייט פון די קעמפנדיקע ארבעטער אין פעטראגראד און מאסקווע. דער צאר האט זיך אפגעזאגט פון טראן. א נעץ פון ארבעטער־ראטן האט באדעקט רוסלאנד. אבער די אנפירונג מיט דער רעוואלוציאנערער באוועגונג איז נאך ניט געווען אין די הענט פון דער פראלעטארישער פארטיי, די גרעסטע מערהייט פון די ארבעטנדיקע מאסן איז נאכגעגאנגען נאך דער קליינבירגערלעכער פארטיי סאציאליסטן־רעוואלוציאנערן, נאך די רעפארמיסטישע מענשעוויקעס. דעריבער איז די ערשטע פראוויזארישע רעגירונג פון דער רעוואלוציע געווען א קאאליציע־רעגירונג, וואס אין איר שפיץ זיינען געשטאנען די ליבעראלע פארטרעטער פונעם רוסישן קאפיטאליזם צוזאמען מיטן סאציאליסט־רעוואלוציאנער קערענסקי. אונטער דער אנפירונג פון די מענשעוויקעס און עסערן האט דער פעטראגראדער ארבעטער־ראט פאקטיש געשטיצט די בורזשואזע רעגירונג, האגאם די דאזיקע אונטערשטיצונג איז געווען פארשלייערט אונטער דער פארם פון א קלוימערשטן קאנטראל פונעם ארבעטער־ראט איבער דער רעגירונג.

לענין האט אין א ריי ארטיקלען, וואס ער האט נאך געשריבן אין דער שווייץ, דעמאסקירט די פראוויזארישע רעגירונג, פונעם ערשטן טאג זינט זי איז אנטשטאנען אלס א רעגירונג פונעם קאפיטאליזם, אלס א געצייג פונעם אנטאנט־אימפעריאליזם, וואס אין זיין אופטראג וויל זי ווייטער טרייבן די מאסן אין די שוצגראבנס פון דער אימפעריאליסטישער מילכאמע. דעריבער האט ער אויך מיט דער גאנצער שארפקייט באקעמפט די „רעוואלוציאנערע פאטערלאנד־פארטיידיקונג", וואס די מענשעוויקעס און סאציאליסטן־רעוואלוציאנערן האבן פראפאגאנדירט און וואס האט אין אנהייב געפונען אויך איינצלנע אנהענגער אין די רייען פון די באלשעוויקעס. ניט געקוקט אפן זיג פון דער רעוואלוציע, ניט געקוקט אפן שאפן די רעפובליק, האט לענין דערקלערט, האט זיך דער כאראקטער פון דער מילכאמע ניט געענדערט, זי בלייבט א אימפעריאליסטישע מילכאמע אזוי לאנג ווי די רוסישע רעגירונג וועט אין א בונד מיטן פראנצויזישן און ענגלישן אימפעריאליזם קעמפן פאר יענע מילכאמע־צילן, וואס זיינען פעסטגעשטעלט געווארן אין געהיימע אפמאכן מיט די דאזיקע אימפעריאליסטישע מעלוכעס.

ווען דרײַסן אַפּריל איז לענין מיט אַ רײ רעוואָלוציאָנערע עמיגראַנטן געקומען צוריק אין רוסלאַנד. לודענדאָרף האָט דערלויבט די רוסישע רעוואָ־לוציאָנערן דורכפֿאָרן אין פֿאַרמאַכטע וואַגאָנעס דורך דײַטשלאַנד. ער האָט געהאָפֿט, אַז די באָלשעוויסטישע באַציִלן וועלן אויסמײַדן דײַטשלאַנד און וועלן אין רוסלאַנד דעמאָראַליזירן די אַרמײ. ער האָט זיך ניט פֿאַרגעשטעלט, אַז מיט אַ יאָר שפּעטער וועט דער באָלשעוויזם, ניט געקוקט אױף די פֿאַרמאַכטע וואַגאָנעס, אַזוי אָנשטעקן דײַטשלאַנד, אַז דער דײַטשישער נאַציאָנאַלער העלד וועט זײַן געצוווּנגען אונטערן שוץ פֿון בלויע ברילן און פֿון אַ פּאַס, וואָס איז געפֿעלשט געוואָרן פֿון איינעם אַ באַפֿולמעכטיקטן פֿון די רעגירונגס־סאָציאַ־ליסטן, אַנטלויפֿן קיין שוועדן.

קומענדיק אין פּעטראָגראַד, האָט לענין פֿאָרמולירט זײַן באַציִונג צו דער רוסישער און צו דער אינטערנאַציאָנאַלער רעוואָלוציע און דערמיט אויך צום פּראָלעטאַרישן אינטערנאַציאָנאַל. זײַן פּאָזיציע איז גענוי פֿאַרגעשטעלט אין דער פּלאַטפֿאָרם, וואָס איז באַקאַנט אונטערן נאָמען די „אַפּריל־טעזיסן", וואָס זײַנען אַרויסגעגעבן געוואָרן אונטערן קעפּל: „די אויפֿגאַבן פֿונעם פּראָלע־טאַריאַט אין אונדזער רעוואָלוציע"*).

דער קלאַסן־כאַראַקטער פֿון דער רעוואָלוציע אין איר ערשטן עטאַפּ ווערט באַראַקטעריזירט דורך דעם איבערגאַנג פֿון דער מעלוכע־מאַכט אין די הענט פֿון דער בורזשואַזיע. די פֿאַרטרעטער פֿון די בורזשואַזע פּאַרטייען, וואָס פֿאַר־נעמען אַלע וויכטיקסטע ערטער אין דער רעגירונג, האָבן ניט איבערגעריסן מיט די מאָנאַרכיסטן. די רעגירונג פֿאַרדינט ניט דעם מינדעסטן צוטרוי פֿונעם פּראָלעטאַריאַט. עס איז ניט דערלאָזבאַר קיין שום אונטערשטיצונג פֿאַר דער רעגירונג. די רעגירונג האָט באַשטעטיקט די געהיימע אָפּמאַכן מיט די אימפּע־ריאַליסטישע רעגירונגען פֿון ענגלאַנד און פֿראַנקרײַך. זי פֿירט ווײַטער די אימפּעריאַליסטישע מלחמה. זי איז ניט פֿעיִק צו דערפֿירן ביז אַ דעמאָקראַ־טישן שלום.

אָבער פּאַראַלעל מיט דער דאָזיקער רעגירונג פֿון דער בורזשואַזיע זײַנען פֿאַראַן די ראַטן. זיי פֿאַרקערפּערן די דעמאָקראַטישע דיקטאַטור פֿון די אַרבע־טער און פּויערים, נאָר זיי לאָזן פּריווילעגיעס איבער דער בורזשואַזיע און אירע מעלוכע־אָרגאַנען די מאַכט און באַנוגענען זיך מיט אַ קלוימערשטן קאָנטראָל איבער דער רעגירונג. אַזוי איז אַנטשטאַנען די טאָפּעלע מאַכט, וואָס כאַראַק־טעריזירט מיט זיך אַן איבערגאַנגס־פּעריאָד, ווײַל צוויי פֿאַרשיידענע קלאַסן קאָ־נען ניט אַ לענגערע צײַט הערשן צוזאַמען. די מאַסן אַרבעטער גייען נאָך איצט נאָך דעם קלײנבירגערטום, האָבן נאָך ניט קלאָר פֿאַרשטאַנען זייערע קלאַסן־אינטערעסן, וואָס זײַנען קעגנזעצלעך צו די אינטערעסן פֿון דער בורזשואַזיע. דעריבער שטייט פֿאַר די באָלשעוויקעס הויפּטזעכלעך די אויפֿגאַבע צו פֿירן אַ פּראָפּאַגאַנדע צווישן די מאַסן מיטן ציל צו צעשטערן די רעוואָלוציע־אילוזיעס, דעם צוטרוי צו דער בורזשואַזער פּראָוויזאָרישער רעגירונג, דע־

*) לענין, געזאַמלטע ווערק, ב. 20, ז. 109—135 (2־טע רוסישע אויפֿלאַגע).

מאַסקירן דעם אימפּעריאַליסטישן כאַראַקטער פון דער פאַטערלאַנד־פאַרטיידיקונג. די פעברואַר־רעוואָלוציע איז נאָר דער ערשטער טריט צו פאַרענדיקן די מילכאָמע; קעדיי זי ווירקלעך צו פאַרענדיקן איז נייטיק אַ צווייטער טריט, דער איבערגאַנג פון דער מעלוכע־מאַכט צום פּראָלעטאַריאַט.

די רעוואָלוציע האָט דורך די ראָטן אָנגעוויזן צו שאַפן אַ נײַעם טיפּ פון אַ מעלוכע. די פּאַרלאַמענטאַרישע רעפּובליק איז נאָר אַ פאָרם פון דער הערשאַפט פון דער בורזשואַזיע. אומקערן זיך פון די ראָטן צו דער פּאַרלאַמענטאַרישער דעמאָקראַטיע וואָלט געווען אַ טריט צוריק. עס איז נייטיק צו שאַפן אַ נײַע מעלוכע פונעם טיפּ פון דער פּאַריזער קאָמונע. דאָס פאָדערט צו פאַרבײַטן די ביוראָקראַטיע אויף די ראָטן, פאַרבײַטן די פּאָליציי און דאָס מיליטער מיט אַ פּראָלעטאַרישער מיליץ, נאַציאָנאַליזירן די בענק און סינדיקאַטן, אַרבעטער־קאָנטראָל איבער דער פּראָדוקציע. די פּויערים זאָלן טייקעף איבערנעמען די פּריוואַטע ערד, פּראָקלאַמירן דאָס רעכט אויף זעלבסט־באַשטימונג פאַר די אונטערדריקטע פונעם צאַריזם פעלקער. דאָס זײַנען די נאָענטסטע טריט פון דער רעוואָלוציע.

לענין האָט אויפגעשטעלט די אויפגאַבן פון דער רוסישער רעוואָלוציע אין די ראַמען פונעם אינטערנאַציאָנאַלן קאַמף קעגן דעם אימפּעריאַליזם. דעריבער באַהאַנדלט אַ קאַפּיטל פון די „אַפּריל־טעזיסן" באַזונדערס די לאַגע אינעם סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל.

די טעזיסן אונטערשיידן דרײַ ריכטונגען:

1. די סאָציאַל־שאָוויניסטן, דאָס הייסט די סאָציאַליסטן מיטן מויל, שאָוויניסטן אין טאַט. די אָנהענגער פון פאַטערלאַנד־פאַרטיידיקונג אין דער אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע. דאָס זײַנען קלאַסן־קעגנער, מענטשן, וואָס זײַנען אַריבער צו דער בורזשואַזיע (פּלעכאַנאָוו און קאָ. אין רוסלאַנד, די שײַדעמאַנער אין דײַטשלאַנד, געד, סאַמבאַ אין פראַנקרײַך, ביסאָלאַטי און קאָ. אין איטאַליע, הײַנדמאַן, די פאַביאַנער, די אָפיציעלע פירער פון דער לייבאָר־פּאַרטיי אין ענגלאַנד. בראַנטינג און קאָ. אין שוועדן. טרולסטראַס פּאַרטיי אין האָלאַנד, שטאַונינגס אין דענעמאַרק א. א. וו.).

2. דער צענטער. וואָס זײַנע אָנהענגער וואַקלען זיך צווישן די סאָציאַל־שאָוויניסטן און צווישן די אינטערנאַציאָנאַליסטן. זיי דערקלערן זיך פאַר אינטערנאַציאָנאַליסטן און מאַרקסיסטן, זיי פאָדערן אַ שלום אָן אַנעקסיעס, אָבער אויך אַ שלום מיט די סאָציאַל־שאָוויניסטן, זיי טרעטן אַרויס פאַר אײנהייט מיט די סאָציאַל־שאָוויניסטן, קעגן דער שפּאַלטונג.

„דער „צענטער" איז די מעלוכע פון קלײנבירגערלעכע פראַזן, פונעם מויל־אינטערנאַציאָנאַליזם, פונעם פּאַסדאַנישדיקן אָפּאָרטוניזם און כניפע קעגן די סאָציאַל־שאָוויניסטן אין דער פּראַקטיק.

דער קערן באַשטייט אין דעם, וואָס דער צענטער איז ניט איבערצייגט אין דער נייטיקייט פון אַ רעוואָלוציע קעגן דער איצטיקער רעגירונג, ער פירט ניט קיין פּראָפּאַגאַנדע פאַר איר, פירט ניט קיין דירעקטן רעוואָלי־

ציאָנערן קאַמף, זוכט אויס די נעבעכדיקסטע אַרויסדרייונגען, וואָס קלינגען אולטראַ־מאַרקסיסטיש.

די סאָציאַל־שאָוויניסטן זיינען אונדזערע קלאַסן־קעגנער, זיינען פאַרשטייער פון דער בורזשואַזיע אין דער אַרבעטער־באַוועגונג. זיי פאַרטרעטן יענע שיכטן, גרופּן און טיילן פון דער אַרבעטערשאַפט, וואָס זיינען אָביעקטיוו אונטערגעקויפט פון דער בורזשואַזיע (בעסערע לוינען, בעקוועמע אַמטן א. א. וו.), און וואָס העלפן דער אייגענער בורזשואַזיע באַראַבעווען קליינע און שוואַכע פעלקער און זיי אונטערדריקן און פירן דעם קאַמף פאַרן פאַנאַנדערטיילן די קאַפּיטאַליסטישע רויב.

דער „צענטער" — דאָס זיינען מענטשן פון דער רוטינע, צעפרעסטע פון דער לעגאַלקייט, זומפּ, קאָרומפּירטע אין דער אַטמאָספער פונעם פאַרלאַמענטאַריזם א. א. וו. נאַטורן פון באַאַמטע, וואָס זיינען צוגעוווינט צו וואַרעמע פּאָסטנס און צו „רויקער" אַרבעט. היסטאָריש און עקאָנאָמיש באַטראַכט, פאַרטרעטן זיי ניט קיין באַזונדערן שיכט; מע דאַרף זיי נאָר באַטראַכטן ווי איבערגאַנג־דערשיינונגען אינעם פּעריאָד פון דער אַרבעטער־באַוועגונג פון 1871 ביז 1914 יאָר, דעם פּעריאָד, וואָס ליגט שוין הינטער אונדז, וואָס האָט געשאַפן אַסאַך ווערטפולע זאַכן, באַזונדערס די פאַרן פּראָלעטאַריאַט אומבאַדינגט נייטיקע קונסט פון לאַנגזאַמער, קאָנזעקווענטער, סיסטעמאַטישער אָרגאַניזאַציאָנעלער אַרבעט אויף אַ ברייטער און ברייטסטער באַזע, צו אַ נייעם פּעריאָד, וואָס איז געוואָרן אָביעקטיוו נייטיק זינט דעם אָנהייב פון דער ערשטער אימפּעריאַליסטישער מלחמה, וואָס האָט מיט זיך אָנגעהויבן די ערע פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע".

ווי פאַרטרעטער פון דעמאָזיקן זומפּ ווערן אָנגערופן: קאַוטסקי, „דער דאָזיקער מוסטער־ביישפּיל פון אַ פולקום באַנקראָטירטן מאַרקסיסט, אַ מוסטער פון אומדערהערטער כאַראַקטערלאָזיקייט, קלאָגעדיקע וואַקלונגען און פאַרראַטן זינט דעם 1914 י.", האַאַזע, לעדעבור און זייער אַרבעט־געמיינשאַפט אין דייטשלאַנד, לאָנגעם ריכטונג אין פראַנקרייך, מאַקדאָנאַלד אין ענגלאַנד, און די אַנדערע פירער פון דער אומאָפּהענגיקער אַרבעטער־פּאַרטיי און טיילווייז פון דער בריטישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, אין אַמעריקע — הילקוויט, אין איטאַליע — דער רעכטער פליגל פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, טרעוועס, טוראַטי און מאָדיליאַני, אין דער שווייץ — ראָבערט גרים, אין עסטרייך — וויקטאָר אַדלער, אין רוסלאַנד — די מענשעוויקעס מיט מאַרטאָוון. פאַרשיידענע פּערזאָנען קאָנען זיך צווישן די דאָזיקע ריכטונגען אַרומדרייען, וואַקלענדיק זיך אַהער אָדער אַהין, דאָס ענדערט אָבער גאָרניט.

3. די אינטערנאַציאָנאַליסטן פון טאַט, צו וועלכע, ווי לענין זאָגט, „זיינען די נאָענטסטע די צימערוואַלדער „לינקע". לענין, וועלכער וועגט אָפּ יעדן וואָרט, וואָס ער שרייבט, דריקט דערמיט אויס, אַז אַפילו דער דאָזיקער קערן, וואָס האָט זיך אויסגעבילדעט אין קאַמף קעגן דעם צענטער אין צימערוואַלד, פאַרקערפּערט נאָך ניט די פולע קלאָרקייט און איינהייט פון דער רעוואָלוציאָ־

געקער טעאָריע און פּראַקטיק, אַזוי אַז מע קאָן אים ניט אינגאַנצן אידענטיפי־ציִרן מיטן רעוואָלוציאָנערן אינטערנאַציאָנאַליזם. די ווייטערדיקע אַנטוויקלונג, דער איבערגאַנג פון אַ טייל פון די פאַרטראַטענע אין דער צימערוואַלדער לינקער גרופּע אויף רעכטס, האָבן באַשטעטיקט די דאָזיקע אָפּשאַצונג.

דער סימען פון דער דאָזיקער ריכטונג איז דאָס פולשטענדיקע איבעררייסן סיי מיטן סאָציאַל־שאָוויניזם, סיי מיטן „צענטער". דער פּרינציפּ: „דער סוינע געפינט זיך אין אייגענעם לאַנד", דער אויסגעהאַלטענער רעוואָלוציאָנערער קאַמף קעגן דער אייגענער אימפּעריאַליסטישער רעגירונג.

פאַר דייטשלאַנד ווערן אָנגערופן אַלס פאַרטרעטער פון דער דאָזיקער ריכטונג די גרופּע „אינטערנאַציאָנאַל" און די ריכטונג פון דער ברעמענער אַרבעטער־צייטונג „אַרבעטער־פּאָליטיק".

„נאָר ליבקנעכט איז אַ פאַרטרעטער פונעם סאָציאַליזם, פון דער פּראָלעטאַרישער זאַך, פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע. די גאַנצע איבעריקע דייטשישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע איז לויט ראָזע ליוקסעמבורגס ריכטיקן אויסדרוק ניט מער, ווי אַ שטינקענדיקער מעס".

פון די פראַנצויזישע סאָציאַליסטן ווערן אָנגערופן נעמען פון גילבאָ און לאָריאָ אַלס יענע, וואָס שטייען אַמנאָענטסטן צו די אינטערנאַציאָנאַליסטן פון טאַט (בורדעראָן און מערהיים, די דעלעגאַטן אויף דער צימערוואַלדער קאָנ־פערענץ, זיינען שוין אַריבער צום סאָציאַל־פּאַציפיזם), אין ענגלאַנד דער שאָטלענדער מאַקלעאַן, וואָס איז געזעסן אין טורמע פאַר זיין רעוואָלוציאָנערן קאַמף, די אָפּאָזיציע אין דער אומאָפּהענגיקער אַרבעטער־פּאַרטיי און אין דער בריטישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי. אין אַמעריקע די סאָציאַליסטישע אַרבעטער־פּאַרטיי אונטער דאַניעל דע לעאָנס אָנפירונג, וואָס איז געווען אויסגעשפּרייט אין דעם יאָרנלאַנגן קאַמף קעגן די סאָציאַל־אימפּעריאַליסטישע פירער פון די פּראָפאַריינען, אין קאַמף קעגן אָפּאָרטוניזם, און אַ מינדערהייט אין דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, אין האָלאַנד די „טריבוניסטן" מיט פּאַנעקוק, גאָרטער און ווייַנקאָפּ, ראָלאַנד־האָלסט, אין שוועדן די „יונגע" אונטער העגלונדס פירונג, אין דענעמאַרק טריער, אין בולגאַריע די „ענגהאַר־ציקע", אין איטאַליע סעראַטי, אין פּוילן ראַדעק, האַנעצקי, ראָזע ליוקסעמבורג און טישקאָ (וואָס איז אונטערן נאָמען לעאָ יאָגיכעס באַקאַנט אַלס אָרגאַניזאַטער פונעם ספּאַרטאַקוס־בונד), אין דער שווייץ די „יונגע" און די „לינקע", אין עסטרייך די לינקע, וואָס האָבן זיך גרופּירט אַרום דעם קלוב „קאַרל מאַרקס".

„עס זיינען ניט אַזוי וויכטיק די באַזונדערע שאַטירונגען, וואָס זיינען פאַראַן אויך בײַ די לינקע. וויכטיק זיינען די ריכטונגען. דער טאָך איז, אַז עס איז ניט גרינג אין דער צייט פון דער מוירעדיקער אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע צו זיין אַן אינטערנאַציאָנאַליסט אין טאַט. עס זיינען פאַראַן ווייניק אַזעלכע מענטשן, אָבער נאָר זיי אַליין זיינען די צוקונפט פונעם סאָציאַליזם, נאָר זיי זיינען פירער און ניט קיין פאַרפירער פון די מאַסן".

די אַפּרעלטעזיסן ריידן שוין וועגן דעם פּאַנאַנדערפֿאַל פֿון דעם צימערוואַלדער אינטערנאַציאָנאַל און זיי זעען דאָס אין דעם, וואָס די אָנהענגער פֿון דער צענטריסטישער מערהייט פֿון די צימערוואַלדער האָבן אין זייער לאַנד זיך צוזאַמענגעגאָסן מיט די סאַציאַל־פּאַציפֿיסטן.

„דעם צימערוואַלדער זומפּ דאַרף מען מער ניט דולדן. מע טאָר ניט צוליב די צימערוואַלדער „קאַוצקיאַנער" געפינען זיך קימאַט אין א פּאַרבאַנד מיט דעם שאָוויניסטישן אינטערנאַציאָנאַל פֿון די פּלעכאַנאָווס און שיידעמאַנער. מע מוז טייקעף איבעררייסן מיט דעם דאָזיקן אינטערנאַציאָנאַל. אין צימערוואַלד מוז מען בלייבן נאָר צוליב אינפֿאָרמאַציע־צוועקן.

עס איז דאַפֿקע אונדזער פֿליכט, גראָד איצט, ניט פֿאַרלירנדיק קיין צייט, גרינדן א נייעם רעוואָליוציאָנערן פּראָלעטאַרישן אינטערנאַציאָנאַל, אָדער ריכטיקער געזאָגט, מיר דאַרפֿן זיך ניט אָפּשרעקן צו זאָגן אָפֿן, אַז ער איז שוין געגרינדעט און אַרבעט שוין...

ניט „וואָרטן", נאָר טייקעף גרינדן א דריטן אינטערנאַציאָנאַל, דאָס איז די אויפֿגאַבע פֿון אונדזער פּאַרטיי. הונדערטער סאָציאַליסטן אין די דייטשישע און ענגלישע טפֿיסעס וועלן לייכטער אָפּאָטעמען, טויזנטער און טויזנטער דייטשישע אַרבעטער, וואָס אָרגאַניזירן הײַנט שטרייקן און דעמאָנסטראַציעס צום גרויסן שרעק פֿון דעם דאָזיקן באַנדיט און רויבער ווילהעלם דעם צווייטן, וועלן אין אומלעגאַלע בלעטלעך לייענען וועגן אונדזער באַשלוס, וועגן אונדזער ברידערלעכן צוטרוי צו קאַרל ליבקנעכטן און נאָר צו אים, וועגן אונדזער באַשלוס אויך איצט צו קעמפֿן קעגן דער „רעוואָליוציאָנערער פֿאָטערלאַנד־פֿאַרטיידיקונג". זיי וועלן דאָס לייענען און זיי וועלן געשטאַרקט ווערן אין זייער רעוואָליוציאָנערן אינטערנאַציאָנאַליזם".

צום סוף דערקלערט לענין די נויטיקייט צו ענדערן דעם נאָמען פֿון דער פּאַרטיי אויף קאָמוניסטישער פּאַרטיי. דער נאָמען סאָציאַל־דעמאָקראַטיע איז וויסנשאַפֿטלעך ניט ריכטיק, ווייל דער ציל פֿונעם רעוואָליוציאָנערן פּראָלעטאַריאַט איז ניט דער סאָציאַליזם — די ערשטע שטופֿע פֿון דער קאָמוניסטישער געזעלשאַפֿט, נאָר דער פֿולקומער קאָמוניזם"*).

די דעמאָקראַטיע איז נאָר א פֿאָרם פֿון קלאַסן־הערשאַפֿט, דער ציל פֿון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָליוציע איז אָפּשאַפֿן יעדע קלאַסן־הערשאַפֿט אַפֿן וועג פֿון דער פּראָלעטאַרישער מעלוכע, וואָס איז שוין ניט קיין מעלוכע אינעם אייגנטלעכן זין פֿונעם וואָרט, א מעלוכע, וואָס האָט דעם ציל זיך אַליין צו פֿאַרניכטן. אין דער צייט, ווען דער צווייטער אינטערנאַציאָנאַל איז אַנטשטאַנען, האָבן מאַרקס און ענגעלס געדולדעט דעם אָפּאָרטוניסטישן אויסדרוק „סאָציאַל־דעמאָקראַטיע", ווייל דעמאָלט איז אַפֿן טאָג־סדר געשטאַנען ניט די סאָציאַליסטישע רעוואָליוציע, ניט דער קאַמף פֿאַרן קאָמוניזם, נאָר די לאַנגזאַמע, געדולדיקע אָרגאַניזאַטאָרישע און אויפֿקלערונג־אַרבעט. אָבער אין דער

*) מאַרקס־ענגעלס, „פּראָגראַם־קריטיק", לענין, „מעלוכע און רעוואָליוציע".

גייער רעוואָליוציאָנערער עפּאָכע איז די מערהייט סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פירער און פּאַרטייען אַריבערגעגאַנגען אַף דער זייט פון דער בורזשואַזיע, און דעריבער וואָלט דאָס האַלטן זיך באַם אַלטן נאָמען באַטייט פאַרלייכטערן די־ ראַזיקע פאַררעטערישע פירער אָפּצונאַרן די מאַסן.

„מיר קלייבן זיך צו לאַנג,—פאַרענטפערט לענין,—די „געוויינטע",

אונדז „ליב געוואָרענע" שמוציקע העמד אַראָפּצוואַרפן...

עס איז שוין צייט אַראָפּצוואַרפן די שמוציקע העמד, עס איז שוין צייט

אָנצוטאָן זויבערע וועש".

זינאָוויעוו האָט אַף דער אַפּרעל־קאָנפערענץ פאָרגעלייגט קעגן צימערוואַלד אַ וויינציקער שאַרפע ליניע ווי לענין. לענינס פאָרשלאָג צו בלייבן באַ די צימערוואַלדער נאָר מיט אינפאָרמאַציע־צוועקן האָט ניט געקראָגן קיין מערהייט.

אין דער אָנגענומענער רעזאָליוציע ווערט אָנגעוויזן, אַז די אויפגאַבע פון דער פּאַרטיי איז ווייטער צו פאַרטרעטן אין דעם צימערוואַלדער בלאָק די טאַק־ טיק פון די צימערוואַלדער לינקע, צוגלייך ווערט אָבער דער צענטראַל־קאָמי־ טעט באַאויפטראָגט, טייקעף אָנצונעמען טריט אַף צו גרינדן דעם דריטן אינטערנאַציאָנאַל.

די דאָזיקע רעזאָליוציע רעדט אויך ניט וועגן דעם „פּאַנאַנדערפאַל" פון דער צימערוואַלדער באַוועגונג. זי שטעלט נאָר פעסט, אַז די צימערוואַלדער־ באַוועגונג איז אָפּגעשוואַכט געוואָרן אַראָפּ דער ווירקונג פונעם צענטער און אין אייניקע לענדער איז זי שוין געוואָרן אַ טאָרמאָז פאַר דער רעוואָליוציאָ־ נערער באַוועגונג*).

אויב לענינס לאָזונג טייקעף צו גרינדן דעם דריטן אינטערנאַציאָנאַל איז ניט געוואָרן דירעקט פאַרווירקלעכט, אויב עס זיינען נאָך אַריבער צוויי יאָר איידער עס איז פאָרמעל געגרינדעט געוואָרן דער נייער אינטערנאַציאָנאַל, איז דערין שולדיק די פאַרהעלטנישמעסיק לאַנגזאַמע אַנטוויקלונג אין דייטשלאַנד און אין אַנדערע קאַפּיטאַליסטישע לענדער. אין דייטשלאַנד האָבן די צענט־ ריסטן אין אַפּרעל פון 1917 יאָר געמאַכט דעם אויספיר פון דעם פאַקט, וואָס דער צענטראַל־קאָמיטעט פון דער פּאַרטיי האָט זיי אַרויסגעוואָרפן פון דער אָרגאַניזאַציע, און האָבן אַף אַ קאָנפערענץ אין גאָטאַ געגרינדעט די „אומאָפּ־ הענגיקע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי". דער ספּאַרטאַקוס־בונד האָט זיך אָנגעשלאָסן אָן דער דאָזיקער אָרגאַניזאַציע, באַפרייענדיק דערקלערנדיק, אַז ער לאָזט זיך איבער די פולשטענדיקע פרייהייט פון פּאָליטישע אַרויסטרע־ טונגען. די ברעמענער לינקע ראַדיקאַלן, וואָס אונטער ראַדעקס איינפלוס זיינען זיי געשטאַנען נאָענט צו די צימערוואַלדער לינקע, האָבן זיך אָפּגעזאָגט אָנצו־ שליסן זיך אָן דער נייער פּאַרטיי. אין דער זעלביקער צייט, ווען לענין האָט פּראָקלאַמירט די טייקעפדיקע גרינדונג פונעם דריטן אינטערנאַציאָנאַל, האָבן די דייטשישע אינטערנאַציאָנאַליסטן געהאַלטן פאַר נויטיק אונטערצוהאַלטן די אָרגאַניזאַציאָנעלע אייגהייט מיט די צענטריסטן, כדי ניט צו פאַרלירן די פאַרבינדונג מיט די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אַרבעטער.

*) לענין, געזאַמלטע ווערק, ב. 20, ז. 2.

אין דער גרופּע „אינטערנאַציאָנאַל”, וואָס מיט אירע בעסטע קעפּ, וועלכע זיינען געזעסן אין טפּיסע, איז געווען זייער שווער צו קריגן אַ פאַרבינדונג, האָט מען דעמלט ניט פאַרשטאַנען די פּראָבלעמען פון דער רוסישער רעוואָליוציע, דעם שטרייט צווישן די באָלשעוויקעס און מענשעוויקעס. די פאַרטרעטער פון דערדאָזיקער גרופּע האָבן אין צימערוואַלד און קינטאַל זיך אַפילע ניט אָנגעשלאָסן אָן די צימערוואַלדער לינקע.

די דאָזיקע אומקלאָרקייטן האָבן זיך אַרויסגעוויזן בײַ די שטרייטן וועגן צוזאַמענרופן אַ אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַליסטישע קאָנפערענץ אין שטאָקהאָלם. די דאָזיקע קאָנפערענץ האָט צום אָנהויב צונויפגערופן אַ האָלענדיש־סקאַנדינאַווישער קאָמיטעט לויט דער איניציאַטיוו פון די שײַדעמאַנער. די לעצטע האָבן געוויס געהאַנדלט דערביי לויטן אויפטראָג פון דער דייטשישער רעגירונג. דעם אָרגאַניזאַטאָר פון דער קאָנפערענץ, דעם דענישן סאָציאַל־פּאַטריאָט באָרגביערג, האָבן זיי מיטגעטיילט די שאָלעם־באַדינגונגען, אויף וועלכע זיי, די דייטשישע סאָציאַל־פּאַטריאָטן, זיינען גרייט איינצוגיין. די דייטשישע רעגירונג, וואָס האָט שוין געזען ווי עס פאַרשווינדט די האָפענונג אויף אַ „זיגרייכן שאָלעם” און ווי עס וואַקסט די רעוואָליוציאָנערע באַוועגונג אינעם לאַנד, ווייזט אויס, האָט אַזוי אַרום געוואָלט אַנטלאָפן דעם דויפעק, ווי האָלט עס מיטן שליסן שאָלעם.

די אַפּרעל־קאָנפערענץ האָט געשטעמפּלט ווי געהעריק דעמדאָזיקן שווינדל פון די סאָציאַל־אימפּעריאַליסטן, וואָס האָבן אונטער דער מאַסקע פון אַ אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער קאָנפערענץ געוואָלט דורכפירן אַ מאַכערייקע פון די אַגענטן פונעם אימפּעריאַליזם וועגן אַ אימפּעריאַליסטישן „שאָלעם”. ניט געקוקט דערויף, וואָס די לאַגע איז געווען קלאָר, האָט דער פּעטראָגראַדער אַרבעטער־ראַט, וואָס מיט אים האָבן אָנגעפירט די מענשעוויקעס, גענומען אויף זיך דאָס צונויפרופן דידאָזיקע קאָנפערענץ. דער שווייצאַרישער צענטריסט גרים, אַלס סעקרעטאַר פון דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער קאָמיסיע, האָט לויטן באַשלוס פון קינטאַל איינגעלאַדן די צימערוואַלדער פּאַרטייען אויף אַ פאַר־קאָנפערענץ אין, שטאָקהאָלם, אַפּריער איז פאָרגעקומען אַ באַראַטונג צווישן גרימען און אַנזשעליקאַ באַלאַבאַנאָווא, אַלס פאַרטרעטערן פון דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער קאָמיסיע מיט די פאַרטרעטער פון די רוסישע פּאַרטייען וועגן דעם אָנטייל אין דער צונויפגערופענער פון די סאָציאַל־פּאַטריאָטן שטאָקהאָלמער קאָנפערענץ.

אויף דערדאָזיקער באַראַטונג זיינען פאָרגעקומען זייער שאַרפע צוזאַמענשטויסן. נאָכדעם ווי די מענשעוויקעס און די סאָציאַליסטן־רעוואָליוציאָנערן האָבן געבילדעט אַ פאָרמעלע קאָאַליציע־רעגירונג מיט די בורזשואזע דעמאָקראַטן און האָבן צוזאַמען מיט זיי צוגעגרייט די אָפענסיווע אין גאַליציע, האָט זיך דער קעגנזאַץ צווישן די באָלשעוויקעס און די רעפאָרמיסטישע פּאַרטייען אומגעהויער פאַרשאַרפט. עס איז אַלץ קלאָרער געוואָרן, אַז די דאָזיקע פּאַרטייען פאַרקערפּערן צוויי קלאַסן און אַז די לאָגיק פון דער רעוואָליוציאָנערער אַנטוויקלונג טרייבט זיי אויף צוויי קעגנזעצלעכע זייטן פון דער באַריקאַדע.

קוידעמקאל האבן די באלשעוויקעס געפאדערט א פארמעלע פארורטיילונג פון דער מענשעוויסטישער קאפיטולאציע-פאליטיק.

די מערהייט פון דער קאנפערענץ האט זיך ארויסגעזאגט קעגן באטייליקן זיך אין דער רעגירונג, נאר אונטער פארשיידענע טרוצים אפגעזאגט זיך אנצונעמען א רעזאלוציע אין דעם גייסט. אין דער פראגע וועגן אנטייל אין דער שטאקהאלמער קאנפערענץ איז אויך ניט דערגרייכט געווארן קיין איינשטימיקייט. אנטשפרעכנדיק דער רעזאלוציע פון דער אפרעל-קאנפערענץ, זיינען די באלשעוויקעס געווען אנטשיידן קעגן דער באטייליקונג. די מענשעוויקעס און צוזאמען מיט זיי גרים האבן באהויפט, אז די לאגע האט זיך וועזנטלעך געענדערט דערמיט, וואס די איינלאדונג גייט פון פעטראגראדער ארבעטער-ראט. סאפיקאלכאף האט מען באשלאסן גארניט צו באשליסן, נאר צונויפרופן פאר דער שטאקהאלמער קאנפערענץ א צימערוואלדער קאנפערענץ, קעדיי צו אנטשיידן דידאזיקע פראגע.

גרימס האלטונג איז באלויכטן געווארן מיט אן אויסטערלישער שיין, ווען ס'איז באוווסט געווארן, אז ער שטייט אין פארבינדונג מיט דער דייטשישער רעגירונג דורך דעם שווייצארישן אמבאסאדער און אז ער וויל פירן אונטערהאנדלונגען מיט קערענסקיס רעגירונג וועגן א סעפאראטן שאלעם. ווען דערדאזיקער סקאנדאל האט זיך אופגעדעקט, האט גרים געמוזט זיך אפזאגן פון זיין אמט אלס סעקרעטאר פון דער אינטערנאציאנאלער סאציאליסטישער קאמיסיע.

פרינציפיעל קעגן באטייליקן זיך אין דער שטאקהאלמער קאנפערענץ פון די סאציאל-פאטריאטן איז געווען אויך די גרופע „אינטערנאציאנאל". פראנץ מערינג האט אנגעשריבן א בריוו צו טשכעידזען, דעם פארזיצער פון דעם פעטראגראדער ארבעטער-ראט, אין וועלכן ער האט דערקלערט, אז די דייטשישע אינטערנאציאנאליסטן וועלן אין קיין פאל זיך ניט באטייליקן אין א קאנפערענץ צוזאמען מיט די רעגירונגס-סאציאליסטן. אז טשכעידזע איז אויך געווען ניט מער ווי א „רעגירונגס-סאציאליסט", א פארבינדעטער פון די בורזשואזע פארטייען, א געצייג פון דער אימפעריאליסטישער פאליטיק, וועגן דעם האט מערינג דעמאלט געוויס ניט געוווסט.

דער פאליטישער פארצעף פון די מענשעוויסטישע „אינטערנאציאנאליסטן" האט זיך קלאר אנטפלעקט בא דער פראגע וועגן די באדינגונגען פון צולאזן אף דער שטאקהאלמער קאנפערענץ. אינעם ערשטן איינלאדונג-בריוו האט דער ארבעטער-און סאלדאטן-ראט געוואלט צולאזן נאר אזעלכע ארגאניזאציעס, וואס

1. שטרעבן צו א שאלעם אן אנעקסיעס און קאנטריבוציעס אפן גרונט פון זעלבסטבאשטימונג-רעכט פון די פעלקער,

2. וואס דערשלאגן זיך א שאלעם דורך א מאסן-קאמף פונעם פראלעטאריאט,

3. אנערקענען די נויטיקייט צו איינרייסן מיט דער פאליטיק פון בירגערשאלעם.

אף דעם האט געענטפערט וואנדערוועלדע, „דער מיניסטער פון זיין מאיעסטעט דעם קעניג פון בעלגיע", וואס האט געהאלטן פאר זיין „אינטערנאציא-

טאַלער" אויפגאַבע פאַר און נאָך דער רוסישער רעוואָלוציע אויפצומונטערן די רוסישע סאָציאַליסטן צום „דורכהאַלטן", און אַלבערט טאָמאַ, וואָס האָט זיך אין זיין אַמט פון אַ אַמוניציע־מיניסטער דערוואָרבן די נויטיקע קענטעניש פאַר זיין שפּעטערדיקער געבענטשטער טעטיקייט אַלס אָנפירער פון דעם אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעט־אַמט, אַז זיי ווייסן ניט, וואָס מיינט מען אונטערן וואָרט „אַנעקסיעס" און זיי זיינען דורכויס דערפאַר, אַז די דייטשישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע זאָל אויפהערן די פּאָליטיק פון בירגער־שאָלעם. אָבער דערפון קאָן דאָך קיין רייד ניט זיין אין די „אָנגעגריפענע" לענדער פראַנקרייך, ענגלאַנד, בעלגיע. טייקעף האָבן די מענשעוויסטישע און סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערע העלדן פונעם אַרבעטער־און סאָלדאַטן־ראַט געענטפערט, אַז דאָס אָפּזאָגן זיך פון דער פּאָליטיק פון בירגער־קריג שטעלן זיי ניט פאַר קיין באַדינגונג פון אָנטייל אין דער קאָנפערענץ.

נאָכדעם האָבן די באָלשעוויקעס דערקלערט, אַז זיי וועלן איבעררייסן די באַציונגען מיט דער צימערוואַלדער באַוועגונג, אויב זי וועט זיך באַטייליקן אין אַזאַ קאָנפערענץ. פאַרקערט די דייטשישע אומאָפּהענגיקע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי האָט דערקלערט, אַז זי וועט זיך יאָ באַטייליקן. ערשט איצט האָט אַנושעליקאַ באַלאַבאַנאָוואַ אין נאָמען פון דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער קאָמיסיע מיטגעטיילט דעם צוגרייטונג־קאָמיטעט, אַז זי קאָן ניט באַטייליקן זיך אין דער צוגרייטונג־אַרבעט און מוז איבערלאָזן דעם ענדגילטיקן באַשלוס פאַר דער נאָענטסטער צימערוואַלדער קאָנפערענץ. אַזוי אַרום איז די שטאָקהאָלמער קאָנפערענץ פּאַקטיש צוגעגרייט געוואָרן געמיינזאַם דורך די סאָציאַל־פּאַטריאָטישע פאַרטרעטער פונעם אַרבעטער־און סאָלדאַטן־ראַט און פון דעם האָלענדיש־סקאַנדינאַווישן קאָמיטעט.

די צימערוואַלדער לינקע האָבן פאַרעפנטלעכט אַ שאַרפן אויפרוף קעגן דער געפּלאַנטער „שאָלעם־קאָנפערענץ" פון די סאָציאַל־פּאַטריאָטן. דער אויפרוף האָט דעמאַסקירט די ראָליע פון די וואַקלדיקע סאָציאַל־פּאַציפיסטישע עלעמענטן, וואָס מיט זייער גרייטקייט צו באַטייליקן זיך אין אַזאַ קאָנפערענץ פאַרשאַפן זיי די „סאָציאַליסטישע" אַגענטן פונעם אימפּעריאַליזם דעם אָנזען פון קעמפער פאַרן שאָלעם, פאַלן אַליין אַריין אין דער געפאַנגענשאַפט בא די סאָציאַל־אימפּעריאַליסטן און אונטערשטיצן דעם קאַמף קעגן די רעוואָלוציאָנערע עלעמענטן.

נאָך די דאָזיקע אַלע שטרייטן איז די שטאָקהאָלמער קאָנפערענץ פון די סאָציאַל־אימפּעריאַליסטן סאָפקאָלסאָף דאָך ניט פאָרגעקומען. די הערן „סאָציאַליסטן" פון די אַנטאַנט־לענדער האָבן נאָך ניט געהאַלטן פאַר נויטיק אָפּצושפּילן די שאָלעם־קאָמעדיע; אין יולי האָט קערענסקי, מיט דער בראָכע פון טאָמאַ, הענדערסאָן און וואַנדערוועלדע אָנגעהויבן דעם נייעם אָנגריף אין גאַליציע. דער אריינפיר דערצו איז געווען — פאַרשאַרפטע פאַרפאָלגונגען קעגן דער רעוואָלוציאָנערער אַרבעטערשאַפט, דאָס צעשמעטערן די יולי־דעמאָנסטראַציע אין פּעטראָגראַד, וואָס איז געגאַנגען אונטער באָלשעוויסטישע לאָזונגען. אין דערזעלבער צייט האָט קערענסקי מיטגעטיילט דער ענגלישער רעגירונג, אַז

די קאָנפערענץ, וואָס דער ראַט רופט צונויף, האָט קיין שום באַדייטונג ניט פאַר דער אָפיציעלער רוסישער רעגירונג.

די פראַנצויזישע סאָציאַל־פּאַטריאָטן האָבן דערקלערט, אַז זיי ווילן ניט פריער אונטערהאַנדלען מיט די דייטשישע מערהייט־סאָציאַליסטן, איידער די פראַגע וועגן דעם, ווער איז שולדיק אין דער מילכאָמע, וועט ניט אויפגעקלערט ווערן. די ענגלישע סאָציאַל־אימפּעריאַליסטן האָבן פאַרזיכערט, אַז זיי ווילן אין שטאָקהאָלם פאָדערן, אַז די מילכאָמע זאָל ניט פאַרענדיקט ווערן ביז וואַנען די אַנטאַנט וועט ניט דורכפירן אירע גערעכטיקע מילכאָמע־צילן. די־דאָזיקע אַלע „סאָציאַליסטן" האָבן געהאַלטן פאַר אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכע זאַך, וואָס זיי האָבן זיך באַראַטן מיט זייערע רעגירונגען וועגן דער צוועקמעסיקייט פון דער קאָנפערענץ. סאָפּסאָלסאָף האָבן די אַנטאַנט־סאָציאַליסטן באַשלאָסן אויף אַ פאַר־באַראַטונג אין לאָנדאָן, אַז די צייט פאַר דער שאָלעם־קאָנפערענץ איז נאָך ניט געקומען. דאָס איז געווען אין 37־טן כוידעש פון דער מילכאָמע!

איי‌ניקע פון די־דאָזיקע העלדן, וואָס האָבן ניט געוואָלט טראָגן אויף זיך די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַרן דורכפאַל פון דער קאָנפערענץ, האָבן זיך אַנטשולדיקט דערמיט, וואָס די רעגירונג וואָלט זיי ניט אַרויסגעגעבן קיין פּעסער. אַזוי האָט זיך געענדיקט די שאָלעם־קאָמעדיע פון די סאָציאַל־פּאַטריאָטן.

נאָר די צימערוואַלדער פּאַרטייען האָבן אין אָנהייב אויגוסט אָפּגעהאַלטן אַ באַראַטונג. נאָך אַמאָל איז באַהאַנדלט געוואָרן די פראַגע וועגן באַטייליקן זיך אין דער קאָנפערענץ פון די סאָציאַל־פּאַטריאָטן, ווייל דעמאָלט איז נאָך ניט געווען קלאָר, אַז זי איז ענדגילטיק דורכגעפאַלן. נאָר די מענשעוויקעס, אַ טייל פון די אומאָפּהענגיקע (האַאַזע און שטאַטהאַגען) זיינען אַרויסגעטראָטן פאַרן באַטייליקן זיך, די אַלע איבעריקע קעגן. קעטע דונקער האָט אין נאָמען פון דער גרופּע „אינטערנאַציאָנאַל" אָפּגעגעבן אַ דערקלערונג, וואָס ווייזט, אַז דעמאָלט זיינען די אָנגעזעענסטע פאַרטרעטער פון דער־דאָזיקער גרופּע געווען נאָך זייער ווייט פון פאַרשטיין די פּראָבלעמען פון דער רוסישער רעוואָליוציע. אין דער־דאָזיקער דערקלערונג איז געשטאַנען:

„דער רוסישער פּראָלעטאַריאַט, וואָס איז אין קאַמף פאַרן שאָלעם איבערגעלאָזן אויף זיך אַליין צוליב דער פּאַסיווקייט פון די אַרבעטער־מאַסן פון די איבעריקע לענדער, וועט זיין געצווונגען גיין אויפן וועג פון מיליטערישער אַקטיווקייט און ד.ה. ער וועט זיין געצוווּנגען צוזאַמענאַרבעטן מיט די בורזשואַזע קלאַסן. דאָס וועט אים אַראָפּשטויסן פונעם וועג פון קלאַסן־קאַמף און וועט אים שטערן ברייט פאַנאַנדערוויקלען זיין רעוואָליוציאָנערע ענערגיע".

אַזוי אַרום ווערט דאָ אין פּרינציפּ אָנערקענט די מענשעוויסטישע טעאָריע וועגן רעוואָליוציאָנערער פּאַטע־לאַנד־פאַרטיידיקונג און קערענסקיס אַנגריף־אָפּענסיווע ווערט אַפילו באַרעכטיקט מיט דער פּאַסיווקייט פון די אַרבעטער־מאַסן אין אַנדערע לענדער! נעמענדיק אין באַטראַכט די־דאָזיקע פולקומע אומקלאָרקייט אין דעם אָנווענדן די פּרינציפּן פון פּראָלעטאַרישן אינטערנאַציאָנאַ־ליזם אויף דער לאַגע אין רוסלאַנד האָבן די פאַרטרעטער פון די באָלשעוויקעס גע־

באַדערט אַ קלאָרן באַשלוס, ווי האָבן געשטעמפּלט דעם אָנטייל פֿון די מענשעוויקעס אין דער קאַפּיטאַליסטישער מילכאָמע־רעגירונג, וואָס האָבן זיך אַזוי אַרום אויך שולדיק געמאַכט אינעם איינפֿירן צוריק טויט־שטראָף פֿאַר רעוואָלוציאָנערע סאָלדאַטן, אינעם דערשיסן דעמאָנסטרירנדיקע אַרבעטער, און אונטערדריקן רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציעס.

אויב די קאָנפֿערענץ קאָן ניט צוליב איר קליינער צאָל אָנטיילנעמער אָנווענדן אָרגאַניזאַציאָנעלע מאַסמיטלען קעגן די מענשעוויקעס, מוז זי דאָך פֿאַרנעמען אַ באַשטימטע פּאָליטישע פּאָזיציע צו דעם פֿאַראַט פֿון די מענשעוויקעס קעגן די פּרינציפּן, וואָס זיינען פּראָקלאַמירט געוואָרן אין ציממערוואַלד. די באָלשעוויקעס האָבן דערקלערט, אַז זיי וועלן ניט נעמען קיין אָנטייל אין די באַראַטונגען אַזוי לאַנג, ביז די ציממערוואַלדער באַוועגונג וועט ניט קלאָר ווייזן מיט וועמען זי סאָלידאַריזירט זיך — מיט די קעמפֿער פֿאַר די ציממערוואַלדער אידייען אָדער מיט די העלפֿער פֿון די רוסישע קאָוועניאַקס. ניט געקוקט דערויף האָט די קאָנפֿערענץ געהאַלטן פֿאַר פּאַסיק אויסצומיידן דיזאָזיקע פֿראַגע. אָנגענומען געוואָרן איז אַ מאַניפֿעסט, וואָס רופֿט די אַרבעטער פֿון אַלע לענדער צו אַ געמיינזאַמען אינטערנאַציאָנאַלן מאַסן־שטרייק פֿאַרן שלום און פֿאַר דער פֿעלקער־באַפֿרייונג. ווייל אַ דריי ווינציקע פּאַרטייען זיינען ניט געווען פֿאַרטראָטן, האָט מען באַשלאָסן ניט צו פֿאַרעפֿנטלעכן דעם מאַניפֿעסט ביז וואַנען די אָנגעשלאָסענע פּאַרטייען וועלן ניט דערקלערן זייער צושטימונג צו אים.

פֿאַר דער פֿאַנדאַנישקייט און כאַראַקטערלאָזיקייט פֿון די פֿירער פֿון דער דייטשישער אומאָפּהענגיקער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי איז כאַראַקטעריסטיש וואָס גלייך נאָך דעם, אין סעפּטעמבער, איז אָנגעקומען לויזע ציטץ לויטן אויפֿטראָג פֿונעם צענטראַל־קאָמיטעט און געבעטן די אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַליסטישע קאָמיסיע אָפּצולייגן די פֿאַרעפֿנטלעכונג פֿונעם מאַניפֿעסט. גראָד אין דער צייט איז אויפֿגעדעקט געוואָרן די רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציע פֿון די מאַטראָסן אינעם פֿלאָט אין צאָפּן־יאַם, וואָס אירע פֿירער רייכפּיטש און קעבּיס, וואָס זיינען אומגעקומען ווי די ערשטע קאָרבּאָנעס פֿונעם רעוואָלוציאָנערן קאַמף קעגן דער מילכאָמע, ווי קאָרבּאָנעס פֿון דער דייטשישער מיליטערישער יוסטיץ, זיינען געווען באַשולדיקט אין פֿאַרבינדונגען מיט דער אומאָפּהענגיקער סאָצ.־דעמ. פּאַרטיי פֿון דייטשלאַנד. דער פֿירער פֿון דער אומאָפּהענגיקער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, דער טרויעריק באַקאַנטער העלד דיטמאַן האָט אין רייכסטאַג אָפּגעלייקנט די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג אין פֿלאָט און האָט דערקלערט, אַז ער איז פֿאַר געזעצלעכקייט פֿאַר יעדן פּרייז. אין דערדאָזיקער צייט האָבן די פֿירער פֿון דער אומאָפּהענגיקער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי פֿון דייטשלאַנד געוואָלט אומבאַדינגט ניט דערלאָזן פֿאַרעפֿנטלעכן דעם מאַניפֿעסט, ווייל זיי האָבן מורא געהאַט פֿאַר רעפּרעסיעס.

ראַדעק איז באַשטאַנען מע זאָל טייקעף פֿאַרעפֿנטלעכן. די אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַליסטישע קאָמיסיע האָט באַשלאָסן ווייטער צו וואַרטן. דערווייל זיינען אָנגעקומען געשעענישן, וואָס האָבן אויפֿגעטרייסלט די אַרבעטער פֿון אַלע לענדער אַ סך שטאַרקער ווי אַלע אויפֿרופֿן און מאַניפֿעסטן.

## 4. די אָקטיאַבער־רעוואָלוציע. דער אָנהויב פון דער פּראָלעטאַרישער וועלט־רעוואָלוציע

1918—1917

דעם 7־טן נאָיאַבער 1917 יאָר האָט אין פּעטראָגראַד דער רעוואָלוציאָנערער פּראָלעטאַריאַט אונטער דער אָנפירונג פון די באָלשעוויקעס אין אַ זיגרייכן אויפשטאַנד אַראָפּגעוואָרפן קערענסקיס רעגירונג און איינגעשטעלט די ראַטנמאַכט, די דיקטאַטור פונעם פּראָלעטאַריאַט. אַן אויפרוף דורך ראַדיאָ „צו אַלעמען", „צו אַלעמען" האָט געמאָלדן וועגן דעם ניצאָכן פונעם פּראָלעטאַריאַט, וועגן דעם אָנהויב פון דער נייער עפּאָכע פון דער פּראָלעטאַרישער וועלט־רעוואָלוציע, וועגן דעם אַנטשלאָסענעם ווילן פונעם זיגרייכן פּראָלעטאַריאַט צו מאַכן אַ סאָף צו דער אימפּעריאַליסטישער בלוט־באָד.

די באָלשעוויקעס, פון וועמען די אָפּאָרטוניסטישע רעאַל־פּאָליטיקער האָבן אָפּגעשפּאָט, ווי פון „סעקטאַנטן" און „פאַנטאַזיאָרן", האָבן מיט מייסים באַוויזן די ריכטיקייט פון זייערע פּרינציפּן, פון זייער טאַקטיק. אין אַן אָפּגעשטאַנענעם פּויערים־לאַנד, רוסלאַנד, איז געלונגען דעם פּראָלעטאַריאַט צו שטעלן זיך אין דער שפּיץ פון די עקספּלואַטירטע און צוליב דעם אימפּעריאַליסטישן קריג אומצופרידענע פאָלקסמאַסן, דעראָבערן די מאַכט און פאַרענדיקן די אימפּעריאַליסטישע מילכאָמע.

דער ערשטער טאַט פון דער ראַטנרעגירונג איז געווען אַ שריט צו פאַרווירקלעכן די שאָלעם־פּראָגראַם פון די פּראָלעטאַרישע אינטערנאַציאָנאַליסטן. דעם 8־טן נאָיאַבער האָט דער ראַטן־קאָנגרעס אָנגענומען אַ דעקרעט וועגן שאָלעם. די ראַטנרעגירונג לייגט פאָר אַלע מילכאָמע־פירנדיקע פעלקער און רעגירונגען מייקעף צו שליסן אַ דעמאָקראַטישן שאָלעם אויף דער באַזע פון זעלבסטבאַשטימונג־רעכט פאַר די פעלקער, אַ שאָלעם אָן אַנעקסיעס און קאָנטריבוציעס און אַ טייקעפדיקן דרייכאָדאָשימדיקן וואָפנשטילשטאַנד. זי שטעלט ניט אַרויס קיין שום אולטימאַטום, זי איז גרייט צו באַטראַכטן יעדן שאָלעם־פאָרשלאָג. זי באַשליסט אָפּצושאַפן די געהיימע דיפּלאָמאַטיע, מייקעף פאַרעפנטלעכן אַלע געהיימע אָפּמאַכן, זי אַנולירט אַלע אימפּעריאַליסטישע פאַקטן, זי אַפּעלירט צוגלייך צו די קלאַסן־באַוווסטזיניקע אַרבעטער פון די פאָרגעשריטענע לענדער ענגלאַנד, פראַנקרייך און דייטשלאַנד, רופט זיי דערמאָנען זיך זייערע רעוואָלוציאָנערע טראַדיציעס און אָפּגעבן אַלע קרעפטן פאַר דער זאַך פון שאָלעם און פון דער באַפרייונג פון די אַרבעטנדיקע און עקספּלואַטירטע מאַסן פון יעדער קנעכטשאַפט און עקספּלואַטאַציע.

אין זיין באַגרינדונג־רעדע האָט לענין געזאָגט, אַז דער פּעטראָגראַדער אַרבעטער־ראַט האָט שוין אין מאַרט 1917 יאָר אַרויסגעלאָזן אַ שאָלעם־רוף צו די אַרבעטער פון אַלע לענדער, אין וועלכן די אַרבעטער פון אַנדערע לענדער ווערן אויפגעפאָדערט צו ברעכן די מאַכט פון די קעניגס, יונקערס און באַנקירן. אָבער דעמאָלט האָבן די רוסישע אַרבעטער נאָך ניט אַראָפּגעוואָרפן זייערע אייגענע באַנקירן, נאָר זיי האָבן זיך פאַרבונדן מיט זיי אין אַ קאָאַליציע־רעגירונג. ערשט איצט האָט דער רוסישער פּראָלעטאַריאַט אַראָפּגעוואָרפן זיינע באַנקירן.

האַגאַם די רעגירונגען און די אימפּעריאַליסטישע לענדער האָבן אַלץ געטאָן אַף צו דערשטיקן די שטימע פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע — גראַף טשערנין, דער עסטרייכישער מיניסטער־פּרעזידענט האָט דערלויבט אָפּצודרוקן דעם מאַניפעסט נאָר אין אַ פאַרקירצטער פאָרם, ער האָט געמאָלדן, אַז דער „וועטער" האָט געשטערט אויפנעמען דעם פולשטענדיקן טעקסט — האָבן די אַרבעטער דאָך דערפילט די וועלט־היסטאָרישע איבערקערעניש. די רעגירונג פון די מענשעוויקעס און סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן האָבן געטריבן די סאָלדאַטן אַף אַ נייעם אָנגריף. די באָלשעוויסטישע רעגירונג האָט אָנגעהויבן איר טעטיקייט מיט אַן אַלגעמיינעם פרידן־פאָרשלאַג, וואָס נאָך אים האָבן זיך אין אַ כוידעש אַרום אָנגעהויבן די שאָלעם־אונטערהאַנדלונגען אין ברעסט־ליטאָווסק. די באָלשעוויקעס האָבן גוט געוווּסט, אַז אַ סעפּאַראַטער שאָלעם צווישן אַ פּראָלעטאַרישער און אימפּעריאַליסטישער מעלוכע קאָן ניט זיין קיין ווירקלעך דעמאָקראַטישער שאָלעם, אָבער נאָך דעם, ווי די ענגלישע און פראַנצויזישע רעגירונגען האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו באַטייליקן זיך אין די אַלגעמיינע שאָלעם־אונטערהאַנדלונגען, זיינען די באַלפולמעכטיקטע פון דער ראַטן־רעגירונג געגאַנגען אין ברעסט־ליטאָווסק מיט אַ טאָפּעלן ציל: ערשטנס, בײַ די דאָזיקע אונטערהאַנדלונגען דעמאַסקירן די דעראָבערונג־צילן פון דער דייטשישער און עסטרייכישער רעגירונגען דורכן אַנטקעגנשטעלן די פּראָלעטאַרישע שאָלעם־פּאָליטיק און אויפצומונטערן די אַרבעטער־מאַסן פון די דאָזיקע לענדער צום קאַמף; צווייטנס, קעדיי בײַ אַלע אומשטענדן פּרוּוון דורכצוזעצן אַן אָטעם־פּאַוזע פאַר דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע, וואָס איז געווען באַדראָט פון אינעווייניק און פון אויסן. אַן אָטעם־פּאַוזע פאַר די פאָלק־מאַסן. וואָס איז אויסגעשעפּט געוואָרן פון דער יאָרנלאַנגער בלוט־באָד.

שוין אין אָקטיאַבער פון 1915 יאָר האָבן די באָלשעוויקעס קלאָר און אומצווייַדייטיק פעסטגעשטעלט, אַז דער פּראָלעטאַריאַט, ווען ער דעראָבערט אין אַ לאַנד די מאַכט, מוז זיין גרייט צו פאַרטיידיקן דאָס פּראָלעטאַרישע פאָטערלאַנד קעגן די אויסלענדישע קאַפּיטאַליסטן. דאָסזעלבע האָט לענין איבערגעכאַזערט, ווען ער האָט באַגרינדעט דעם דעקרעט וועגן שאָלעם. אָבער צוגלייך האָט ער אָנגעוויזן אַף דער אומגעהויערער מילכאָמע־מידקייט, וואָס פאַרפליכטעט אַ רעגירונג, וועלכע פאַרטרעט ווירקלעך די אינטערעסן פון די פאָלק־מאַסן קוידעמסקאָל אַלץ צו פּרובירן, קעדיי וויניקסטנס אַף אַ געוויסער צייט אָפּשטעלן די מאָרדן.

די דייטשישע און עסטרייכישע אימפּעריאַליסטן האָבן געהאַט דערקלערט, אַז זיי זיינען גרייט צו שליסן אַ שאָלעם לויט די פאָדערונגען פון דער ראַטן־רעגירונג. ווי אַזוי זיי האָבן דאָס פאַרשטאַנען, דאָס האָט מיט ברוטאַלער אָפנקייט אַרויסגעזאָגט אין ברעסט־ליטאָווסק דער גענעראַל האָפמאַן, ווען ער האָט געקלאַפּט אין טיש און געדונערט: „מיר זיינען די זיגער!" דאָס רעכט אַף זעלבסטבאַשטימונג האָט געזאָלט אַזוי אויסזען, אַז פון באַלטישן ביז צום שוואַרצן יאָם, אַף דעם גאַנצן געביט, וואָס די דייטשישע אַרמיי האָט פאַרנומען האָט

געזאָלט געשאַפֿן ווערן אַ ריי טראַנען און טראַנעלעך פֿאַר פֿאַרשידענע דייטשישע פֿירשטן־יאַרשים. ווייסרוסישע, פּוילישע און אוקראַיִנישע פּריצים האָבן געזאָלט אונטערן שוץ פֿון דייטשישע באַגנעטן אופֿשפּילן אַ קאָמעדיע פֿון „זעלבסטבאַשטימונג". דאָסדאָזיקע גאַשווינדלען דאָס פֿאָלק האָבן די באָלשעוויקעס אָפּגעוואָרפֿן. טראָצקי, דער פֿירער פֿון דער דעלעגאַציע, האָט זיך אָפּגעזאָגט אונטערצושרייבן דידאָזיקע שאָלעם־באַדינגונגען. ער האָט אָבער צוגלייך דערקלערט, אַז דאָס רעוואָלוציאָנערע רוסלאַנד וועט ניט פֿירן ווייטער די מילכאָמע. די דייטשישע אַרמיי האָט גלייך נאָכדעם אָנגעהויבן אַ נייעם מאַרש אויף מיזרעך. פֿאַר די מאַסן, וואָס זיינען אויסגעגאַנגען מיט בלוט אויף די פֿראָנטן און האָבן געהונגערט אין לאַנד, אין דייטשלאַנד און אין עסטרייך, איז דאָס איבעררייסן די שאָלעם־אונטערהאַנדלונגען צוליב דער שולד פֿון די דייטשישע און עסטרייכישע אימפּעריאַליסטן געווען אַ מוירעדיקע אַנטוישונג. אַ מאַסן־שטרייק פֿון אַ נאָך ניט געוועזענעם פֿאַרנעם איז אין יאַנוואַר 1918 אויסגעבראָכן פֿריער אין עסטרייך און דערנאָך אין דייטשלאַנד. די אינטערנאַציאָנאַלע פּראָלעטאַרישע סאָלידאַרישקייט האָט זיך אַרויסגעוויזן טראָץ דער שענדלעכער ראָליע פֿון די סאָציאַל־פּאַטריאָטן. אָבער דאָס זיינען געווען נאָר די ערשטע שפּראָצונגען פֿון אַ רעוואָלוציאָנערער מאַסן־באַוועגונג און עס האָט געפֿעלט די אָנפֿירונג פֿון אַן אויסגעהאַלטענער מאַסאָווער רעוואָלוציאָנערער פּאַרטיי.

וויקטאָר אַדלער און קאָ. אין עסטרייך, די שיידעמאַנער אין דייטשלאַנד איז געלונגען פֿאַרכאַפּן אין די הענט די אָנפֿירונג מיט דער באַוועגונג. שפּעטער האָט שיידעמאַן בעשאַס דעם פּראָצעס וועגן מעלוכע־פֿאַראַט אין מאַגדעבורג דערקלערט פֿאַרן געריכט, אַז צו דער מילכאָמע וואָלט שוין דעמאָלט געקומען אַן עק, ווען עס וואָלט זיך ניט איינגעגעבן די סאָציאַלדעמאָקראַטישע אָנהענגער פֿון פֿאָטערלאַנד־פּאַרטיידיקונג זיך שטעלן בעראָש פֿון דער באַוועגונג, קעדיי אָפּצוברעכן באַ איר דעם שפּיץ. די אַרבעטער־מאַסן האָבן געפֿאָדערט אָננעמען די שאָלעם־באַדינגונגען פֿון די רוסישע פֿאָלקס־קאָמיסאַרן און אָפּשאַפֿן דעם באַלאַגערונג־צושטאַנד. אין עסטרייך האָבן זיך שוין אָנגעהויבן צו אָרגאַניזירן אַרבעטער־ראַטן, אָבער די רעפֿאָרמיסטן, וואָס זיינען אַריינגעדרונגען אין דער אָנפֿירונג מיט דער באַוועגונג, האָבן באַוויזן אָפּצושטעלן די רעוואָלוציאָנערע פֿאָדערונגען פֿון די מאַסן און אַראָפּפֿירן די באַוועגונג אויפֿן סמאַך פֿון אַ פּוסטן דעמאָקראַטישן צוזאָג פֿון דער קייזערלעכער רעגירונג. דער איינפֿלוס פֿונעם ספּאַרטאַקוס־בונד און פֿונעם לינקן פֿליגל פֿון דער אומאָפּהענגיקער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי איז געווען ניט גענוג אויף צו געבן דער באַוועגונג אַ גרעסערע שטורעם־קראַפֿט. אָבער דער יאַנוואַר־שטרייק איז געווען דער ערשטער ענטפֿער אויפֿן רוף פֿון דער פּראָלעטאַרישער רעגירונג אין רוסלאַנד, איז געווען אַ ווענד־פּונקט אין דער אַנטוויקלונג אין דייטשלאַנד און אין עסטרייך, דער קישעף איז געווען אַראָפּגעריסן, די מאַסן האָבן ווידער דערפֿילט זייער קראַפֿט.

נאָך דער מאַפּאָלע פֿון דעם יאַנוואַר־שטרייק האָט די ראַטן־רעגירונג ניט געקאָנט אויסרעכענען אויף אַ מייקעפּדיקער הילף מיצאַד דעם אינטערנאַציאָנאַלן

פּראָלעטאַריאַט, אַ רעוואָלוציאָנערע אַרמיי אַף צו פּאַרטיידיקן זיך האָט מען ניט געקאָנט שאַפֿן אין משך פֿון אַ פּאָר וואָכן. די פּויערים, דער הויפּט־טייל פֿון דער אַלטער אַרמיי, האָבן זיך געריסן אַהיים, כּדי צו פֿאַרכאַפּן דאָרטן די ערד, וואָס די רעוואָלוציע האָט זיי געגעבן. אין דער דאָזיקער לאַגע האָט די באָלשעוויסטישע פּאַרטיי אונטער לענינס אָנפֿירונג, קעגן אַ שטאַרקער אָפּאָזיציע אין די אייגענע רייען, באַשלאָסן אונטערצושרייבן דעם שאַלעם פֿון ברעסט־ליטאָווסק, כּדי איינצוהאַלטן דעם מאַרש פֿון דער דייטשישער אַרמיי. די דעמאָלטיקע „לינקע" אָפּאָזיציע אונטער טראָצקיס און בוכאַרינס אָנפֿירונג האָבן דאָס דערקלערט פֿאַר אַ פֿאַראַט בענוגייע צום סאָציאַליזם, פֿאַר אַ ניט דערלאָזבאַרן קאָמפּראָמיס מיט דעם דייטשישן אימפּעריאַליזם.

לענין איז שאַרף אַרויסגעטראָטן קעגן דעם דאָזיקן שטאַנדפּונקט. דאָ האָט זיך געהאַנדלט ניט וועגן אַ פּריוואַטן בונד מיטן אימפּעריאַליזם, וועלכן עס האָבן געשלאָסן די סאָציאַל־אימפּעריאַליסטן פֿון אַלע לענדער מיט זייער בורזשואַזיע, נאָר וועגן אַ וואָפֿנשטילשטאַנד מיט אַ סוינע, קעגן וועלכן מע קאָן אין געגעבענעם מאָמענט ניט קעמפֿן, אַ וואָפֿנשטילשטאַנד כּדי צו איבערכאַפּן דעם אָטעם, כּדי אין אַ גינסטיקערן מאָמענט מיט פֿאַרשטאַרקטע קרעפֿטן ווייטער פֿירן דעם קאַמף.

די פֿירער פֿונעם ספּאַרטאַקוס־בונד, וואָס זיינען געזעסן אין די טפֿיסעס פֿונעם דייטשישן אימפּעריאַליזם און האָבן געקאָנט זיך שאַפֿן אַ פֿאָרשטעלונג וועגן די געשעענישן נאָר אַפֿן סמך פֿון די ידיעות פֿון די בורזשואַזע צייטונגען, זיינען אויך געווען קעגן דער באָלשעוויסטישער טאַקטיק. זיי האָבן מורא געהאַט, אַז דער דאָזיקער קאָמפּראָמיס וועט זיין פֿאַטאַל פֿאַר דער רוסישער רעוואָלוציע, אָבער אַלס אינטערנאַציאָנאַליסטן זיינען זיי ניט אַרויסגעטראָטן מיט קיין פֿאָרוואָרפֿן קעגן די פֿירער פֿונעם רוסישן פּראָלעטאַריאַט, וואָס האָט אונטער די שווערסטע באַדינגונגען העראָיש געקעמפֿט, נאָר זיי האָבן אַפּעלירט צו דעם דייטשישן אַרבעטער־קלאַס, וואָס מיט זיין פּאַסיווקייט איז ער געווען שולדיק אין דער טראַגישער לאַגע פֿון דער רוסישער רעפּובליק.

די סאָציאַל־פּאַטריאָטן אָבער זיינען געזונקען אַלץ טיפֿער און טיפֿער. ביַ דער אָפּשטימונג אין רייכסטאַג איבער דעם שענדלעכן ברעסט־ליטאָווסקער אָפּמאַך, דעם נידערטרעכטיקסטן רויב־אָפּמאַך אין דער געשיכטע, טאָפּלט ניט־דערטרעכטיק, ווייל ער איז געשלאָסן געוואָרן קעגן אַ פֿאָלק, וואָס האָט פֿרייוויליק אונטערגעלייגט דאָס געווער, וואָס האָט זיך אָפּגעזאָגט פֿאַרזעצן די אימפּעריאַליסטישע בלוט־באָד, האָבן די דאָזיקע „סאָציאַליסטן" אָפּגעהאַלטן זיך פֿון שטימען. זיי האָבן ניט אַרויסגעוויזן די שוואַכסטע אָפּאָזיציע, דעם קלענסטן ווידערשטאַנד קעגן דעם ווילדעווען פֿון דער דייטשישער סאָלדאַטעסקאַ אין פּוילן, אין אוקראַינע, אין די באַלטישע לענדער און אין פֿינלאַנד. די דייטשישע אָפֿיצערן האָבן זיך אין די אַלע לענדער געפֿילט אַלס באַשיצער פֿון די פּריצים קעגן די אַרבעטער און אָרעמע פּויערים. אויך נאָכן וואָפֿנשטילשטאַנד און דעם שאַלעם־אָפּמאַך האָבן זיי אומעטום אַקטיוו געהאָלפֿן קעגן די באָלשעוויקעס.

נאָכן זיג פון דער אָקטיאַבער־רעוואָלוציע האָט אויך די צימערוואַלדער אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַליסטישע קאָמיסיע אָנגעווענדעט איר איינפלוס אַף אונטערשטיצן די פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע. זי האָט אַפּעלירט צו די אַרבעטער פון אַלע לענדער זיי זאָלן נאָכמאַכן דעם ביישפּיל פון דער רוסישער רעוואָלוציע, גרינדן אַרבעטער־און סאָלדאַטן־ראַטן און אונטערשטיצן דעם קאַמף פון דער ראַטן־רעגירונג פאַרן שאָלעם. זי האָט געשטעמפּלט די שענדלעכע האַלטונג פון די סאָציאַל־פּאַטריאָטן, וועלכע זיינען אין די אַנטאַנט־לענדער דירעקט אַרויסגעטראָטן קעגן דער אָקטיאַבער־רעוואָלוציע, ווייל צוליב איר זיינען פאַרערגערט געוואָרן די אויסזיכטן פאַר דעם ניצאָכן פון דער מירעוודיקער „דעמאָקראַטיע“, אין דייטשלאַנד און עסטרייך האָבן זיי זיך באַנוגנט מיט סימפּאַטיע־דערקלערונגען און האָבן אָנגעווענדעט זייער גאַנצן איינפלוס, קעדיי ניט צו דערלאָזן אין זייער אייגענעם לאַנד די באָלשעוויסטישע אָנשטעקונג. אין אָנהויב פון דער מילכאָמע האָבן זיי באַגרינדעט זייער שווינדל מיט דער פאָטערלאַנד־פאַרטיידיקונג, מיטן קאַמף קעגן צאַריזם, אָבער נאָך דער רעוואָלוציע האָבן זיי פאַרגעזעצט באַוויליקן די מילכאָמע־קרעדיטן, נאָכדעם ווי דער רויבערישער דעראָבערונג־כאַראַקטער פון דער מילכאָמע איז געוואָרן קלאָר אַפילע פאַר אַ בלינדן מיט דער אַרויסטרעטונג פון דער דייטשישער דעלעגאַציע אין ברעסט־ליטאָווסק און באַ די אונטערהאַנדלונגען וועגן שאָלעם מיט רומעניע אין בוקאַרעסט. באַזונדערס שענדלעך איז געווען די האַלטונג פון די דייטשישע סאָציאַל־פּאַטריאָטן בענעגייע דער פינלענדישער רעוואָלוציע. פינלאַנד האָט נאָך דער אָקטיאַבער־רעוואָלוציע אָפּן סמאַך פון דעם, וואָס די ראַטן־רעגירונג האָט פּראָקלאַמירט דאָס רעכט אַף זעלבסטבאַשטימונג פאַר אַלע פעלקער, אָפּגעריסן זיך פון רוסלאַנד און געבילדעט אַ זעלבשטענדיקע רעפּובליק. דאָרטן איז די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי געווען אויסערגעוויינלעך שטאַרק און באַ די אַלגעמיינע וואַלן האָט זי שוין איינמאָל באַקומען אַ מערהייט, אָבער אין אָקטיאַבער 1917 יאָר צוריק פאַרלאָרן. אין דער פּאַרטיי איז עמעס געווען אַ שטאַרקע רעפאָרמיסטישע און צענטריסטישע ריכטונג, וואָס האָט ניט געהאַט קיין קלאָרע ליניע פון קאַמף פאַר דער מאַכט, נאָר איז געווען גרייט אַף אַ קאָאַליציע מיט דער בורזשואַזיע. נאָר די בורזשואַזיע, האָגאַם זי איז אַליין אין פינלאַנד געווען שוואַך, האָט זיך פאַרלאָזן אַף דער אונטערשטיצונג פון דער אויסלענדישער בורזשואַזיע, אַף דער שוועדישער און דייטשישער און האָט אָנגעהויבן אַ בירגער־קריג. דער פּראָלעטאַריאַט האָט זיך פאַרטיידיקט מיט אַ גענעראַל־שטרייק און האָט געבילדעט אַ רויטע גוואַרדיע. אין דעמדאָזיקן קאַמף וואָלט די פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע אין פינלאַנד געווים געזיגט, ווען עס וואָלט ניט אַריינמאַרשירט דייטשישע מיליטער, קעדיי צו ראַטעווען די בורזשואַזע קלאַסן־הערשאַפט און אויסהאַרגענען טויזנטער אַרבעטער.

די דייטשישע סאָציאַל־פּאַטריאָטן האָבן אויך דעמדאָזיקן פאַרברעכן געדעקט. דער „פאָרווערטס“ האָט דעם 24־טן אַפּרעל 1918 יאָר געשריבן:

„ווי מיר, סאָציאַל־דעמאָקראַטן, זאָלן ניט באַדויערן, וואָס מיר זיינען געווען געצוווּנגען אַריינמישן זיך אין דעם אינערלעכן מישמאַש, וואָס שול־

דיק אין אים איז אין אַ גרויסער מאָס די רוסישע רויטע גוואַרדיע, האָפן מיר דאָך, אַז פינלאַנד וועט אין דער צוקונפט לעבן מיט אונדז אין פרײנטשאַפט".

דער פירער פון דער פינישער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע סיראָלאַ האָט דעמאָלט געשריבן אין אַן אויפרוף צום אינטערנאַציאָנאַלן פּראָלעטאַריאַט:

„מיר, פינישע סאָציאַל-דעמאָקראַטן, דערקלערן פאַר דער גאַנצער וועלט, אַז עס איז ניטאָ אַזאַ מין נידערטרעכטיקייט, וואָס אַף איר זאָלן ניט זיין גרייט די דייטשישע סאָציאַל-פּאַטריאָטן".

און פּאַקטיש אין דער מאָס, ווי עס איז פאָרגעקומען די פאָרויסגעזעענע דורך די רעוואָלוציאָנערע מאַרקסיסטן אויסוואַנדלונג פון דער אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע אין אַ בירגער-מילכאָמע, האָט זיך אויך געענדערט די פונקציע פון די סאָציאַל-פּאַטריאָטן. זיי האָבן זיך שוין מער ניט באַנוגנט מיט דער ראָליע פון אַגענטן פון דער אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע, זיי זיינען אַקטיוו אַרויסגעטראָטן אין בירגער-קריג קעגן דעם פּראָלעטאַריאַט. אין איר שטעלן זיך אַף דער זייט פון די דערווערגער פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע אין אוקראַינע, אין די באַלטישע לענדער און אין פינלאַנד האָט די דייטשישע סאָציאַל-דעמאָקראַטיע געשפּילט די זעלבע ראָליע, וואָס זי האָט שפּעטער געשפּילט אין דער דייטשישער רעוואָלוציע.

אין אויגוסט פון 1918 יאָר האָט קאַוטסקי אָנגעשריבן אַ בראָשור וועגן דער „דיקטאַטור פונעם פּראָלעטאַריאַט", אין וועלכער ער גיסט אויס אַף די באָלשעוויקעס גאַנצע פּאַמוניצעס קאָנטר-רעוואָלוציאָנערן שמוץ. ער פּראָטעסטירט אין נאָמען פון „ריינער דעמאָקראַטיע" קעגן דעם רעוו. טעראָר. דער דאָזיקער טרויעריקער „מאַרקסיסט", וואָס האָט אויסגעזוכט אַלע מעגלעכע אַרגומענטן צו פאַרשענערן די שכיטע פון מיליאָנען מענטשן אין די אינטערעסן פון די קאַפּיטאַליסטישע פּראָפיטן, האָט „פאַרורטיילט" די פּראָלעטאַרישע דיקטאַטור, ווייל זי האָט אין מיטן פון אַ גאַנצער וועלט סאָנים ניט געגעבן קיין רעכט די קאָנטר-רעוואָלוציאָנערן צו אָרגאַניזירן דעם ווידערשטאַנד פון די עקספּלואַטאַטאָרס קעגן דעם זיגרייכן אַרבעטער-קלאַס און פּראָפּאַגאַנדירן זייערע „אידייען", ווייל זי האָט יעדע פּראָבע פון באַוואָפנטן ווידערשטאַנד אונטערגעדריקט מיט אַן אייזערנעם פויסט.

אין דער דאָזיקער בראָשור האָט קאַוטסקי געשריבן:

„די באָלשעוויסטישע רעוואָלוציע איז געווען אויפגעבויט אַף דעם פאָרבאַדינג, אַז זי וועט בילדן דעם אויסגאַנג פאַר אַן אַלגעמיינער איראָפּעישער רעוואָלוציע... דער פאָרבאַדינג איז ניט מעקוייעם געוואָרן..."

און ווייטער צעשרייבט זיך קאַוטסקי זייער ברייט וועגן דעם, אַז די מאַרקסיסטן האָבן קיינמאָל ניט געבויט זייער טאַקטיק אַף אַ רעוואָלוציע אין אַ באַשטימטן טערמין און דערווייזט אַפן גרונט פון די דאָזיקע טיפּזיניקע געדאַנקען דעם „וואָלונטאַריסטישן" און „ניט מאַרקסיסטישן" כאַראַקטער פון דער באָלשעוויסטישער טאַקטיק.

אין זיין ווערק „די דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט און דער רענעגאַט

קאַמסקי" ענטפערט לענין, אַז די באָלשעוויקעס האָבן קיינמאָל ניט געטאָן אַזאַ נאַרישקייט צו באַשטימען די רעוואָלוציע אַף אַ באַשטימטן טערמין, זיי האָבן זייער גאַנצע טאַקטיק געבויט אַפן באַנעמען די רעוואָלוציאָנערע סיטואַציע אין אייראָפּע און אַף דעם גלויבן אין דער ניט באַזיגבאַרקייט פון דער רייף ווערנדיקער רעוואָלוציע.

און פּאָלטיש אין אַ פּאָר וואָכן אַרום נאָך דעמדאָזיקן שטרייט, דעם 9־טן נאָיאַבער 1918 יאָר, איז געפאַלן אונטער די קלעפּ פון דער רעוואָלוציע די ווילהעלמשע מאָנאַרכיע, נאָכדעם ווי די מאַפּאָלע אַפן פראָנט האָט אונטערגעריסן איר הויפּט־באַזיס — איר מיליטערישע מאַכט. זעלטן ווען איז די באַלעבעסלדיקע בלינדקייט בענעגייע דער רעוואָלוציע, וואָס דערנענטערט זיך, אַזוי שנעל אָפּגעלייקנט געוואָרן דורך פאַקטן. דאָס שטערט אָבער ניט די באַנאַמיס פון רעפאָרמיזם אַף יעדער קאָנפערענץ און צוזאַמענפאָר זייערן צו טרייסטן זיך דערמיט, וואָס די וועלט־רעוואָלוציע איז נאָך אַלץ ניט פאָרגעקומען.

די רעוואָלוציאָנערע מאַטראָסן, די אַרבעטער און סאָלדאַטן האָבן זיך אויפגעהויבן אַראָפּצוּוואַרפן די ווילהעלמשע מאָנאַרכיע, צו אַ רעוואָלוציאָנערער פאַרענדיקונג פון דער מלחמה, ניט געקוקט דערויף, וואָס די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע האָט אַלץ געטאָן ביזן לעצטן מאָמענט, כדי אָפּצוהאַלטן די מאַסן פון אַ וועלכער ניט איז אַרויסטרעטונג. נאָך אין אָקטיאַבער פון 1918 יאָר האָבן עבערט און שיידעמאַן געשמועלט זיך אין רעשוס פון דער קייזערלעכער רעגירונג אַלס סטאַטס־סעקרעטאַרן! אַז די מאָנאַרכיע איז אָבער אומגעקומען, אַז די רעוואָלוציאָנערע מאַסן־באַוועגונג איז אָן אָן אויפהער געשטיגן, האָבן די שיידעמאַנער ווידער באַוויזן — ווי בעיס דעם יאַנוואַר־שטרייק — אַרופצושווינדלען זיך אין דער שפּיץ פון דער באַוועגונג, כדי אָפּצוברעכן דעם שפּיץ. שיידעמאַן האָט פּראָקלאַמירט די רעפּובליק, און עבערט, דערדאָזיקער הייליקער פונעם דייטשישן רעפאָרמיזם, וואָס האָט געוואָרפן די באַרימטע פראַזע — „איך האָס די סאָציאַלע רעוואָלוציע ווי אַן אַווירע", איז געווען מיט דעם זייער אומצופרידן, אָבער שיידעמאַן און זיינע כאַווייריים האָבן זיך אין דערדאָזיקער קריטישער צייט אַרויסגעוויזן אַלס רעטער פון דער דייטשישער בורזשואַזיע.

עס איז קלאָר געוואָרן ניט נאָר די גאַנצע שענדלעכקייט פונעם קאָנטר־רעוואָלוציאָנערן פאַראַט פון די רעפאָרמיסטן, נאָר אין דערזעלבער צייט אויך די שוואַכקייט פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין דייטשלאַנד. קאַרל ליבקנעכט און ראָזע לוקסעמבורג, וואָס זיינען אונטערן דרוק פון דער אָנקומענדיקער רעוואָלוציע באַפרייט געוואָרן פון טפיסע, האָבן זיך מיט דער גאַנצער ענערגיע און ליידנשאַפט געוואָרפן אינעם שטראָם פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. אָבער די ספּאַרטאַקוס־באַוועגונג איז געווען אַזוי שוואַך איינגעוואָרצלט אין די מאַסן, אַז אין קיין איין וויכטיקן פונקט האָט זי ניט באַוויזן איבערנעמען די אָנפירונג אין די אַרבעטער־און סאָלדאַטן־ראַטן. אין אָנהויב פון דער רעוואָלוציע איז געווען אומפאַרמיידלעך, אַז די איליוזיעס פון דער בורזשואַזער דעמאָקראַטיע זאָלן באַהערשן די מאַסן. אויך אין רוסלאַנד איז געווען אַזוי. עס האָט געמוזט אַוועקגיין אַ געוויסע צייט, די מאַסן האָבן געמוזט באַקו־

מיט געוויסע דערפאַרונגען, קעדיי זיי זאָלן אָנערקענען די נויטיקייט איבערצוגיין איבער דער בורזשואזער דעמאָקראַטיע צו פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור. דעראַזיקער נאָענטסטער שריט האָט אָבער געמוזט געמאַכט ווערן אונטער דער אָנפירונג פון אַן אַנטשלאָסענער, אין די מאַסן איינגעוואָרצלטער, רעוואָלוציאָנערער פּאַרטיי. אַזאַ פּאַרטיי האָט זיך ניט געלאָזט שאַפן אין עטלעכע וואָכן, דאָס, וואָס זי איז ניט געווען, איז געווען דער אויסדרוק פון די קנאַפּע רעוואָלוציאָנערע דערפאַרונגען פון דער דייטשישער אַרבעטערשאַפט. די רעכטע סאָציאַליסטן האָבן גוט פאַרשטאַנען די שוואַכקייט פון דער באַוועגונג. זיי האָבן שוין אין אָנהויב דעקאַבער באַוווסטזיניק פּראָוואָצירט באַוואָפנטע קאַמפן צווישן דעם רעגירונגס־מיליטער און די באַוואָפנטע אַרבעטער און סאָלדאַטן, זיי האָבן געוואָלט צעגראַמירן די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג נאָך איידער די פּראָלעטאַרישע מאַסן וועלן אַריבער אינעם לאַגער פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע.

באַ דעראַזיקער סיטואַציע איז אין דעקאַבער פון 1918 יאָר פאָרגעקומען דער גרינדונג־צוזאַמענפאָר פון דער דייטשישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. באַ די רעוואָלוציאָנערע קאַמפן אין בערלין האָט דער ספּאַרטאַקוס־בונד געקעמפט געמיינזאַם מיטן לינקן פליגל פון דער דייטשישער אומאָפּהענגיקער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי. די דאָזיקע פּאַרטיי אַלס גאַנצע האָט אין דעראַזיקער צייט מיט איר פּרינציפּלאָזן וואַקלען זיך צווישן דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער קאָנטר־רעוואָלוציע און דער רעוואָלוציאָנערער אַרבעטערשאַפט באַוויזן, אַז אַ צענטריסטישע פּאַרטיי ווערט בעיִס אַ רעוואָלוציאָנערן קריזיס דער שווערסטער טאָרמאָז פאַר דעם רעוואָלוציאָנערן קאַמף. די אומאָפּהענגיקע האָבן צוזאַמען מיט די שיידעמאַנער געבילדעט יענע ערשטע רעגירונג פון די „פאָלקס־באַפולמעכטיקטע", וואָס האָט איבערגעלאָזן די אַלטע ביוראָקראַטיע אַף איר פריערדיקן אָרט, האָט אופגעשטעלט צוריק די קאָמאַנדע־מאַכט פון די אָפיצערן, האָט פאַרגעזעצט די אָקופּאַציע אין מיזרעך און דעם קאַמף קעגן דעם באָלשעוויזם, האָט ווי נאָר מעגלעך באַגרענעצט די מאַכט פון די אַרבעטער־און סאָלדאַטן־ראַטן און האָט באַטראַכט פאַר איר הויפּט־אויפגאַבע אַפּ עקאָנאָמישן געביט צו דערשטיקן די שטרייק־באַוועגונג, וואָס האָט זיך אַנטוויקלט.

דער ספּאַרטאַקוס־בונד, וואָס האָט געפירט די שווערסטע קאַמפן קעגן דעראַזיקער קאָנטר־רעוואָלוציאָנערער פּאָליטיק, האָט ניט געקאָנט ווייטער בלייבן פאָרמעל פאַרייניקט מיט די אומאָפּהענגיקע. די גרינדונג פון אַ **זעלבשטענדיקער פּאַרטיי** איז געוואָרן אַן אומבאַדינגטע נויטווענדיקייט. אָבער דער גרינדונג־צוזאַמענפאָר פון דער דייטשישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי האָט אין דערזעלבער צייט געוויזן ווי ווייניק קלאָרקייט איבער די אויפגאַבן פון אַ רעוואָלוציאָנער, פּראָלעטאַרישער פּאַרטיי הערשט אפילו באַ דעם פאָרגעשריטענעם טייל פון דעם מיירעוו־אייראָפּעישן פּראָלעטאַריאַט:

דער פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר האָט אָנגענומען די פּראָגראַם, וואָס ראָזע ליוקסעמבורג האָט פאַרפאַסט „וואָס וויל דער ספּאַרטאַקוס־בונד?" *)

*) געדרוקט אין דער „אילוסטרירטער געשיכטע פון דער דייטשישער רעוואָלוציע".

די דאָזיקע פּראָגראַם באַטייט אַ געוואַלטיקן שריט פאָרויס קעגן דער ערפורטער פּראָגראַם פון דער דייטשישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, וואָס האָט זיך צענדליקער יאָרן גערעכנט פאַר דער לעצטער כאָכמע פונעם מאַרקסיזם. דאָס איז ניט קיין פּראָגראַם פון רעפאָרמען. נאָר אַ פּראָגראַם פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע, פון בירגער־קריג, פון פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור. די אָנטוואָפענונג פון דער בורזשואַזיע, די באַוואָפענונג פונעם פּראָלעטאַריאַט, די עקספּראָפּריאַציע פון די וויכטיקסטע פּראָדוצירמיטלען, דאָס איבערנעמען די מאַכט דורך די אַרבעטער־ראַטן — אָט דאָס זיינען די וויכטיקסטע פונקטן פון דער פּראָגראַם. אין איר פּראָגראַם־רעדע האָט זיך ראָזע ליוקסעמבורג געווענדעט קעגן דער פוילער טראַדיציע פון דער דייטשישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, וואָס, פאַרופנדיק זיך אויף ענגעלסעס פאָרוואָרט צו די „קלאַסן־קאַמפן", האָט זי באַגרינדעט דאָס פּרינציפּיעלע אָפּזאָגן זיך פון באַוואָפנטן קאַמף, דאָס באַגרענעצן זיך מיט לעגאַלע קאַמף־מעטאָדן.

אָבער אין די וויכטיקסטע פונקטן מיקויעך דער באַציונג צו דעם נייעם אינטערנאַציאָנאַל, וואָס דאַרף געשאַפן ווערן, איבער דער לאַגע אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג און איבער די אָרגאַניזאַציאָנעלע פראַגן איז אין דער פּראָגראַם ניטאָ קיין קלאָרקייט. מע קאָן נאָר געפינען אין איר פאָלגנדיקע זאַצן:

„טייקעף פאַרבינדן באַציונגען מיט די ברידערלעכע פּאַרטייען אין אויסלאַנד, קעדיי אוועקצושטעלן די סאָציאַליסטישע רעוואָלוציע אויף אַ אינטערנאַציאָנאַלער באַזע און דערשלאָגן זיך אַ שאָלעם און פאַרזיכערן אים אַפן וועג פון אינטערנאַציאָנאַלער פאַרברידערונג און רעוואָלוציאָנערן אויפשטאַנד פונעם וועלט־פּראָלעטאַריאַט".

קיין איין וואָרט וועגן דער נויטיקייט ענדגילטיק איינגרייסן מיט דעם פאַרפוילטן צווייטן אינטערנאַציאָנאַל, קיין איין וואָרט וועגן שאַפן אַ נייעם קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל, קיין שום אָפּגרענעצונג פונעם צענטער, קיין אויסדרוק פון סאָלידאַריטעט מיט די באָלשעוויקעס. דער פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר האָט עמעס פּראָטעסטירט קעגן די קאָנטר־רעוואָלוציאָנערע אוואַנטיורעס פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער רעגירונג אין די באַלטישע לענדער און האָט געשוואָרן צו פאַרטיידיקן די רוסישע רעוואָלוציע. עס זעט אויס, אַז די פירער פון דעם ספּאַרטאַקוס־בונד האָבן אויף דעם צוזאַמענפאָר גערעדט ווייניקער קלאָר איבער דער פראַגע וועגן אינטערנאַציאָנאַל, ווייל זיי האָבן געהאַט געוויסע ספּייקעס וועגן דער טאַקטיק פון די באָלשעוויקעס, אָבער זיי האָבן געוואָלט אויסמיידן אין דער צייט שטרייטן מיט זיי.

ראָזע ליוקסעמבורג, פראַנץ מערינג, קלאַרא צעטקין, די פירער פונעם ספּאַרטאַקוס־בונד, האָבן זיך אין נאָיאַבער פון 1917 יאָר אומבאַדינגט און אַנטשיידיק סאָלידאַריזירט מיט דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע. ראָזע ליוקסעמבורג האָט אין אירע נאָטיצן, וואָס זי האָט געמאַכט אין טפיסע און אין וועלכע זי האָט קריטיקירט די פּאָליטיק פון די באָלשעוויקעס, געשריבן: *)

*) „די רוסישע רעוואָלוציע. פון ראָזע ליוקסעמבורגס ליטעראַרישער ירושה", אַרויסגעגעבן מיט אַ פאָרעדע פון פּאָול לעווי, 1922, ז. 81. פּאָול לעווי וויל מיט ראָזעס שטאַנד־

„וואָס אַ פּאַרטיי קאָן צונויפֿזאַמלען אין אַ היסטאָרישער שאָ פֿון מוט, טאַטקויעך, רעוואָלוציאָנערער ווייטזיכטיקייט און אויסגעהאַלטנקייט, דאָס אַלץ האָבן פּולשטענדיק געשאַפֿן לענין און זיינע כאַווייריִם. די גאַנצע רעוואָלוציאָנערע ערע, די פֿעיקייט צו מאַסים, וואָס פֿעלן דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע פֿון מיירעוו איז געווען פֿאַרטראָטן באַ די באָלשעוויקעס. זייער אָקטיאַבער־אויפֿשטאַנד האָט ניט נאָר פּאַקטיש געראַטעוועט די רוסישע רעוואָלוציע, נאָר האָט אויך געראַטעוועט דעם קאָוועד פֿונעם אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליזם”.

אין דיזעלבע נאָטיצן טרעט אַרויס ראָזע ליוקסעמבורג קעגן די וויכטיקסטע פּרינציפּן פֿון דער באָלשעוויסטישער סטראַטעגיע און טאַקטיק, קעגן דעם פֿאַרטיילן די ערד צווישן די פּויערים, קעגן דער פּראָקלאַמירונג פֿון דעם אומבאַגרענעצטן רעכט פֿון די פֿעלקער אַף זעלבסטבאַשטימונג, קעגן דער טעראָריסטישער אונטערדריקונג פֿון דער קאָנטער־רעוואָלוציע, קעגן פֿאַרניכטן די בורזשואַזע פֿרייהייטן.

דערצו קומען נאָך צו די אַלטע מיינונג־פֿאַרשיידנהייטן צווישן ראָזע ליוקסעמבורג און די באָלשעוויקעס אין די אָרגאַניזאַציאָנעלע פֿראַגן. לענין האָט אויפֿגעבויט די באָלשעוויסטישע פּאַרטיי שטרענג לויט די פּרינציפּן פֿון דעמאָקראַטישן צענטראַליזם. ווייל נאָר אַ פּאַרטיי מיט אַן אייזערנער דיסציפּלין האָט געקאָנט פֿירן די אַרבעטער אינעם בירגער־קריג.

אַ פּראָלעטאַרישער אינטערנאַציאָנאַל, וואָס איז געשאַפֿן געוואָרן אין דער צייט, ווען אין אַלע לענדער איז אַף דער טאָג־אָרדענונג געשטאַנען דער בירגער־קריג, האָט אויך געמוזט אויפֿגעבויט ווערן לויט דעמדאָזיקן פּרינציפּ. אָבער דער גרינדונג־צוזאַמענפֿאָר פֿון דער דייטשישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, אַף וועלכן עס האָבן זיך באַמערקט אויסער טראַדיציאָנעלע לינקע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אָנשויונגען אויך אַנאַרכאָ־סינדיקאַליסטישע טענדענצן, האָט אַנטשיידן אָפּגעוואָרפֿן די צענטראַליזירטע אָרגאַניזאַציע און האָט געוואָלט געבן דער פּאַרטיי אַ פֿולקום לויזן פֿעדעראַליסטישן געבוי. עס איז איבעריק צו פֿילאָזאָפֿירן וועגן דעם, אַף וויפֿל ראָזע ליוקסעמבורג וואָלט אין דער פּראַקטישער דערפֿאַרונג פֿונעם קאַמף מיט דער צייט בייגעקומען איר פֿאַלשן שטאַנדפּונקט. דאָס, וואָס דערדאָזיקער שטאַנדפּונקט האָט דעמאָלט נאָך געהערשט אין ספּאַרטאַקס־בונד, ווייזט אַף דער שוואַכקייט פֿון דער פּראָלעטאַרישער באַוועגונג אין דייטשלאַנד ווי אין אייראָפּע ביכלאַל, יענער שוואַכקייט, וואָס האָט געגעבן אַן איבערגעוויכט די רעפֿאָרמיסטן און האָט געבראַכט צו דער מאַפּאָלע פֿון דער ערשטער כוואַליע פֿון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע אויסער רוסלאַנד.

די מערהייט פֿונעם גרינדונג־צוזאַמענפֿאָר איז געווען קעגן קאַרל ליבקנעכטן און ראָזע ליוקסעמבורג אין דער פֿראַגע וועגן באַטייליקן זיך אין די וואַלן צו דער נאַציאָנאַל־פֿאַרזאַמלונג און קעגן דער אַרבעט אין די רעפֿאָרמיסטישע פּראָפֿעסיאָנעלע פֿאַריינען. דאָ האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די דייטשי־

פּונקט באַרעכטיקן זיין רענעגאַטישקייט. זיין אַנטיבאָלשעוויסטישער פֿאָרוואָרט האָט ניט קיין שום שייכעס צום שטאַנדפּונקט פֿון ראָזע ליוקסעמבורג.

שע רעוואָליוציאָנערע אַרבעטער באַגריפֿן ניט די אויפֿגאַבן, וואָס לענין האָט אַרויסגערוקט אין ערשטן פּלאַן בעת דער אַפּרעל־קאָנפֿערענץ פֿון 1917 יאָר. ערשט דורך געהעלדישער אויסגעהאַלטענער אַקשאַנעסדיקער פּראָפּאַגאַנדע געווינען די מערהייט פֿון די אַרבעטער איידער מע הייבט אָן דעם אַנטשיידענעם קאַמף פֿאַר דער מאַכט.

די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פֿירער פֿון דער קאָנטר־רעוואָליוציע האָבן גענוצט די דאָזיקע שוואַכקייט, ווי האָבן פּראָוואָצירט אין יאַנואַר פֿון 1919 יאָר יענע קאַמפֿן, אין וועלכע די בעסטע קעמפֿער פֿון דער דייטשישער רעוואָליוציע, קאַרל ליבקנעכט, ראָזע ליוקסעמבורג, לעאָ יאָגיכעס און צוזאַמען מיט זיי טויזנטער רעוואָליוציאָנערע אַרבעטער זייַנען אויסגעקוילעט געוואָרן פֿון דער ווייסער גוואַרדיע פֿונעם סאָציאַל־דעמאָקראַט נאָסקע.

פּונקט ווי אין דייטשלאַנד האָבן אויך אין עסטרייַך די רעפֿאָרמיסטן געגנער מען אָפּ זיך די אויפֿגאַבע צו טאַרמאַזירן און דערשטיקן די רעוואָליוציע. דאָ האָט דער פֿאַנאַנדערפֿאַל פֿון דער עסטרייַכישער פֿעלקער־טפּיסע צוליב דער מיליטערישער מפּלע געבראַכט צו א ריי נאַציאָנאַלע רעוואָליוציעס, בעת וועלכע די סאָציאַל־פּאַטריאָטן האָבן זיך נאָכגעשלעפּט נאָך דער בורזשואַזיע און האָבן אָנגעווענדט זייער גאַנצן איינפֿלוס דערויף, אַז דער פּראָלעטאַריאַט זאָל אין ערגעץ ניט אַריבערטרעטן די גרענעצן פֿון א בורזשואַזנאַציאָנאַלער רעוואָליוציע.

די ציענטריסטישע פֿירער זייַנען שוין אין 1918 יאָר אייַנגעגאַנגען אָף א קאָאַליציע מיט די בורזשואַזע פּאַרטייען. אָנווייזנדיק אָף עסטרייַכס שוואַכקייט קעגן דער אַנטאַנט, האָבן זיי דערשטיקט יעדע זעלבשטענדיקע באַוועגונג פֿונעם פּראָלעטאַריאַט.

אין מיטעל־אייראָפּע, וואָס איז געווען פֿאַרשיקערט מיטן זיג און ווו עס האָבן געהערשט פּאַציפֿיסטישע איליוזיעס וועגן דער „לעצטער מילכאָמע” און וועגן דער זיכערונג פֿונעם שלעם מיט ווילסאָנס 14 פּונקטן*), איז דער באָדן אָף צו פּאַרברייטערן די פּראָלעטאַרישע רעוואָליוציע אין אָנהייב געווען ווייניקער גינסטיק.

אַזוי אַרום האָט די ערשטע כוואַליע פֿון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָליוציע אויסער רוסלאַנד ניט געפֿירט צו קיין זיג פֿונעם פּראָלעטאַריאַט, אָבער זי האָט דאָך זייער שטאַרק געהאָלפֿן דער רוסישער רעוואָליוציע. די גרעסטע געפֿאַר פֿאַר דער רוסישער רעוואָליוציע, די פֿאַרייניקונג פֿון ביידע גרויסע קאַפּיטאַליסטישע קאָאַליציעס צום געמיינזאַמען קאַמף קעגן דער פּראָלעטאַרישער רעוואָליוציע, איז דאָס מאָל אויסגעמיטן געוואָרן.

---

*) די „14 פּונקטן“ פֿונעם פּרעזידענט פֿון די פֿאַרייניקטע שטאַטן — דאָס איז די שאַלעם פּראָגראַם, וואָס ווילסאָן האָט פֿאָרגעשטעלט אין יאַנואַר פֿון 1918 יאָר און האָט אַנטהאַלטן די זעלבסטבאַשטימונג־רעכט פֿון די פֿעלקער, דאָס פֿאַרניכטן די געהיימע דיפּלאָמאַטיע, די פֿרייַהייט פֿון ימען, באַגרענעצונג פֿון דער באַוואָפֿנונג, א יוישערדיקע רעגולירונג פֿון דער פֿראַגע פֿון די רעפּאַראַציעס און דאָס שאַפֿן די פֿעלקער־ליגע. די „14 פּונקטן“ דאָס איז א טיפּישער מוסטער פֿונעם פֿאַלשן בורזשואַזן פּאַציפֿיזם.

## פערטער קאַפּיטל

# דאָס גאַלוואַניזירן דעם באַרמענען פונעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל און די אַנטוויקלונג פון דער קאָמוניסטישער וועלט־פּאַרטיי

## 1923—1919

### 1. דער שאָלעם־יאַנטעוו פון די סאָציאַל־פּאַטריאָטן אין בערן און די גרינדונג פון דעם קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל אין מאָסקווע אין 1919 יאָר

קאַפּיטאַליזם האָט באַגינסטיקט אַז די פראָנטן פון דער אימפּעריאַליסטישער מיליטערישער איינגעשאַכטן טויזנטער פּראָלעטאַריער, גראָד אין דער צייט, ווען די אינטערנאַציאָנאַלע אַקציע פונעם פּראָלעטאַריאַט איז אינעם עמעסן זין פון וואָרט געווען אַ לעבנס־נויטווענדיקייט פון דער אַרבעטערשאַפט, האָבן די פירער פון דעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל ניט געפונען קיין וועג איינער צום אַנדערן. אָבער ווי נאָר עס זיינען אָנטשוויגן געוואָרן די האַרמאַטן, ווי נאָר די אימפּעריאַליסטן זיינען זיך צונויפגעקומען אין פּאַריז, כדי צו פאַנאַנדערטיילן דעם רויב, אַזוי האָבן אויך גלייך באַשלאָסן די געהאָרכזאַמע קנעכט פון די אימפּעריאַליסטישע הערשער זיך אויך צוזאַמענקלייבן אינעם דינער־צימער. אויך האָט די ראָזיקע הערגעטריבענע נאַציאָנאַליסטן געצוווּנגען צו מאַכן אַ אינטערנאַציאָנאַליסטישן זשעסט דער וווּקס פון דער רעוואָלוציאָנערער כוואַליע אין אַלע לענדער. די „סאָציאַליסטישע" לאַקייען פונעם אימפּעריאַליזם, וואָס האָבן בעיים דער אימפּעריאַליסטישער מיליכאָמע ניט געקאָנט געפינען קיין געמיינזאַמע פּלאַטפאָרם צום קאַמף קעגן דעם אימפּעריאַליזם, האָבן זיך באַמיט צו שאַפן אַ געמיינזאַמע פּלאַטפאָרם פונעם קאַמף קעגן דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע.

אין רוסלאַנד, ווי אין דייטשלאַנד האָט זיך שוין אַרויסגעוויזן, אַז די רעפאָרמיסטן נעמען איבער די ראָליע פון זאַמלער פון דער בורזשואַזער קאָנטר־רעוואָלוציע אונטער דער פאָן פון „ריינער דעמאָקראַטיע", ווייבאַלד נאָר עס ווערט באַדראָט די בורזשואַזע קלאַסן־הערשאַפט. די פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע איז געווענדעט קעגן דער עקזיסטענץ פון דער בורזשואַזער געזעלשאַפט און דערמיט אויך קעגן דער עקזיסטענץ פון דער בורזשואַזער אַרבעטער־פּאַרטיי. דאָס אָפּשטעלן צוריק זייער „אינטערנאַציאָנאַל" איז פאַר די רעפאָרמיסטן אין דער

ערשטער ליניע געווען א פראגע פון זעלבסטפארטיידיקונג קעגן דער פראלעטארישער רעוואליוציע.

דער שאלעם־יאנטעוו פון די סאציאל־פאטריאטן איז פארגעקומען אין פעברואר פון 1919 יאר אין בערן. א גרויסע צאל פארטייען, יענע, וואס האבן באפאלגט די באשלוסן פון דער צימערוואלדער קאנפערענץ, זיינען ניט געקומען. עס איז ניט געווען פארטראטן רוסלאנד, איטאליע, שווייץ, בולגאריע, רומעניע, סערביע, פינלאנד, לעטלאנד, פוילן, דער יוגנט־אינטערנאציאנאל און דער אינטערנאציאנאלער פרויען־סעקרעטאריאט. די דייטשישע אומאפהענגיקע און די פראנצויזישע צענטריסטן האבן געהאלטן פאר צוועקמעסיק, ניט געקוקט אף זייערע גאסטראלן אין צימערוואלד, צו ווייען צוזאמען מיט די וועלף פונעם סאציאל־פאטריאטיזם. פארקערט, די בעלגישע פארטיי איז אויך ניט געקומען. דידאזיקע שאוויניסטן האבן זיך ניט געוואלט אוועקזעצן בא איין טיש מיט מענטשן פון זייער גלייכן פונעם לאגער פון די „סאנים".

די קאנפערענץ האט זיך אנגעהויבן מיט א שטורמישן שטרייט איבער דער פראגע וועגן די שולדיקע אין דער מילכאמע. דער ענטפער, וואס איז זעלבסטפארשטענדלעך פארא מארקסיסט, אז די קאפיטאליסטן פון אלע לענדער זיינען שולדיק אין דער וועלט־שכיטע, איז דא גאר ניט אופגעהויבן געווארן. די „סאציאליסטן" פון דער זיגרייכער אנטאנט האבן געוואלט בארעכטיקן זייער האלטונג בעיס דער מילכאמע דערמיט, וואס דייטשלאנד איז געווען דער אנגרייפער. זיי האבן פארורטיילט די דייטשישע סאציאל־דעמאקראטיע און זייער אייגענעם סאציאל־פאטריאטיזם האבן זיי אנערקענט פאר א בארעכטיקטע פאטערלאנד־פארטיידיקונג. וואלט דייטשלאנד געזיגט, וואלטן די דייטשישע סאציאל־פאטריאטן געוויס אויך געפאדערט פון די „פיינטלעכע סאציאליסטן" אן אנטשפרעכנדע שולד־דערקלערונג. באזונדערס האט זיך דער פראנצויזישער אמוניציע־מיניסטער אלבערט טאמא ארויסגעשטעלט אין דער ראלע פון אן „אומטאלעראנטן". ער האט געליינט אין כיירעם די דייטשישע מערהייט־סאציאליסטן און געטיינעט:

„אין איצטיקן מאמענט קען איך ניט אנדערש ווי טראכטן וועגן די פראנצויזישע סאלדאטן, וואס האבן געקעמפט און געפאלן פאר פרייהייט און רעכט".

די דייטשישע אומאפהענגיקע האבן גענומען אף זיך די מיעסע ראלע צו בארעכטיקן זייערע אידעאלאגישע פריינט פון דער מערהייט־פארטיי. קורט אייזנער האט געטרוימט וועגן דער צוקונפטיקער אייניקייט פון דער סאציאל־דעמאקראטיע. שולדיק אין דער מילכאמע זיינען יעדנפאלס „א קליינע באנדע ווילדע פרייסישע מיליטאריסטן" אין דייטשלאנד. אבער אין אנהויב פון דער מילכאמע זיינען אלע געווען פארשיקערט און איצט איז דאס דייטשישע פאלק דאס ראדיקאלסטע אין דער וועלט. אויך קאוטסקי האט געפרעדיקט אייניקייט, בא וועלכער דער „גייסט פון די אומאפהענגיקע" וועט באהערשן די פאראייניקטע סאציאל־דעמאקראטיע. דידאזיקע אייניקייט איז געריכט קעגן צוויי געפארן — באלשעוויזם און נאציאנאליזם.

דער פראַנצויזישער צענטריסט לאָנגע האָט געפּריידיקט יושער בענעגייע צו אַלע צדדים. מע דאַרף ניט אויסשליסן די באָלשעוויקעס (וועלכע האָבן נאָמירלעך ניט געטראַכט אפילו זיך אָנצושליסן אָן דערדאָזיקער געזעלשאַפט), ניט די דייטשישע מערהייט. דאָסזעלבע האָט געטיינעט פרידריך אַדלער. סאָפקאַלסאָף האָט זיך די דייטשישע מערהייט אַנטשלאָסן, — וואָס איר גאָר ניט גלענצענדיקע איזאָלירונג האָט זיך נאָך מער פאַרשטאַרקט צוליב דער יעדיע וועגן דעם, אַז נאָסקעס געצאָלטע מערדער האָבן דערהאַרגעט קאַרל ליבקנעכט און ראָזע ליוקסעמבורג, וואָס איז אָנגעקומען אין אָנהויב פון דער קאָנפערענץ — אָפּצוגעבן א דערקלערונג, וואָס אַנטהאַלט אין אַ פאַרשעמט־פאַרמאַסקירטער פאָרם די געפאָדערטע אָנערקענונג פון דער דייטשישער שולד אין דער מילכאָמע (אונטערגעשטראָכן פון מיר י. ל.):

„דער דייטשישער פּראָלעטאַריאַט האָט דורך דער רעוואָליוציע אַראָפּגעוואָרפן און צעשטערט די אַלטע סיסטעם, וואָס איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער מילכאָמע. די דייטשישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, ווי מע זאָל ניט אורטיילן די איינצלהייטן פון איר פּאָליטיק בעיס דער מילכאָמע האָט איצט געוויזן מיט מייסים איר אַנטשלאָסענעם ווילן אָפּצוגעבן אַלע אירע קויכעס אַף אויפצובויען די צערויִנירטע דורך דער מילכאָמע וועלט און אינעם גייסט פון דעם אינטערנאַציאָנאַל געמיינזאַם מיט די סאָציאַליסטן פון אַלע לענדער אויסקעמפן אינעם פעלקער־בונד דעם סאָציאַליזם”.

נאָכדעם האָט די בערנער קאָנפערענץ אין א איינשטימיק אָנגענומענער רעזאָלוציע דערקלערט די פראַגע וועגן דער „דירעקטער פאַראַנטוואָרטלעכקייט” פאַר דער מילכאָמע פאַר אויפגעקלערט און האָט באַשלאָסן „די וועלט־היסטאָרישע פראַגע וועגן דער פאַראַנטוואָרטלעכקייט” איבערגעבן איינעם פון די קומענדיקע קאָנגרעסן. די דייטשישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן זיינען פאַרמישפּעט געוואָרן און דערנאָך אַמניסטירט. און די סאָציאַל־אימפּעריאַליסטן פון די אַנטאַנט־מעלוכעס האָבן זיך אַרויסגעוויזן פאַר אומבאַפלעקטע, פונקט ווי זייערע „אָנגעריפענע רעגירונגען”.

אַסאַך פרידלעכער איז צוגעגאַנגען בא דעם צווייטן פונקט פון דער טאָג־אָרדענונג, באַם באַטראַכטן דעם פּאַציפיסטישן שווינדל, וואָס מיט אים זאָל מען קאָנען אָפּהאַלטן די מאַסן פון רעוואָליוציאָנערן קאַמף. דאָס איז געווען דער אייגנטלעכער ווירקונגס־געביט פון דעמדאָזיקן „אינטערנאַציאָנאַל” אין דער צייט פון דעם דירעקטן רעוואָליוציאָנערן קריזיס נאָך דעם סאָף פון דער מילכאָמע. די מאַסן האָבן נאָך געהאַט דאָס געווער אין די הענט, עס איז נאָך אין זיי געווען לעבעדיק די צאָרנדיקע אומצופרידנקייט מיט די פיר יאָר גרויזאַמע ליידן. אין די מיליאָנען האָט געהערשט דער ווילן צו מאַכן אַן ענדע מיט דער סיסטעם, וואָס איז געווען שולדיק אין אַזעלכע גרוילן. אין דעם מאָמענט האָבן די צוויי גרופּן פונעם רעפאָרמיזם, די סאָציאַל־אימפּעריאַליסטן און די סאָציאַל־פּאַציפיסטן, צוזאַמען איבערגענומען די אויפגאַבע אָפּצוהאַלטן די מאַסן פון קאַמף, פון איין זייט, מיט שיינע צוזאָגן וועגן דער „לעצטער מילכאָמע” און אַז דער

„פֿעלקער־בונד“ וועט זיכערן דעם שלום, פֿון דער צווייטער זייט, דורכן בלוטיקן דערשטיקן דעם רעוואָלוציאָנערן אַוואַנגאַרד.

די צוזאָגן פֿונעם פּרעזידענט ווילסאָן, דעמאָזיקן אַגענט פֿונעם אַמעריקאַנישן פֿינאַנץ־קאַפּיטאַל, צו זיכערן אין „אַ בונד פֿון די נאַציעס“ דעמאָקראַטיע און זעלבסטבאַשטימונגס־רעכט פֿון די פֿעלקער דורכן זיג פֿון דער אַנטאַנט, איז געוואָרן די עוואַנגעליע פֿון דעם אַף דאָס נײַ צוזאַמענגעקלעפּטן „אינטערנאַציאָנאַל“. אַזוי ווי אין דערזעלבער צײַט האָבן די פֿאַרטרעטער פֿון די פֿאַרבינדעטע מעלוכעס זיך געדונגען אין פּאַריז וועגן די שלום־באַדינגונגען, האָבן זיך די „סאָציאַליסטן“ געווענדעט צו די פֿאַרזאַמלטע אימפּעריאַליסטן מיט פֿאַרשיידענע ווינטשן וועגן דער אָרגאַניזאַציע פֿון דער פֿעלקער־ליגע, וואָס האָט זיך געזאָלט שאַפֿן. מאַקדאָנאַלד האָט דערקלערט, אַז כּדי צו זיכערן דעם שלום מוז מען זיך פֿולשטענדיק אַנטזאָגן, די מיליץ מוז אויך פֿאַרשווינדן. דער פֿעלקער־בונד זאָל געבילדעט ווערן פֿון פֿאַרטרעטער פֿון די פּאַרלאַמענטן, ניט פֿון די פֿאַרטרעטונגען פֿון די רעגירונגען, אַניט וועט דאָס זײַן ניט מער ווי אַ נײַע „הייליקע אַליאַנץ“. ער האָט אַפֿילע געוואָגט צו פֿאַרגלײַכן די ראָליע פֿון דער פֿעלקער־ליגע קעגן סאָוועט־רוסלאַנד מיט דער ראָליע פֿון דער הייליקער אַליאַנץ קעגן דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין אָנהייב פֿון 19־טן יאָרהונדערט.

קעגן דעם פֿאָרוווּרף, אַז די דײַטשישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע פֿאַרטרעט נאָך אַלץ אימפּעריאַליסטישע אָנשויונגען, איז אַרויסגעטראָטן דער סאַמע פּאַסיקער־דערצו מענטש — הערמאַן מילער, דער שפּעטערדיקער פּאַנצער־שיף־קאַנצלער. ער האָט פֿאַרזיכערט, אַז די דײַטשישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע האָט שטענדיק געקעמפֿט קעגן מיליטאַריזם, באַזונדערס איז זי שטענדיק אַרויסגעטראָטן קעגן יאַם־באַוואָפֿענונגען. דאָס שטענדיקע מיליטער זאָל פֿאַרביטן ווערן מיט אַ פֿאָלקס־מיליץ, וואָס מע וועט ניט קאָנען אויסנוצן אַף אָנגרײַפֿן. ער האָט פֿאַרענדיקט מיטן פֿײַערלעכן צוזאָג:

„מיר סאָציאַל־דעמאָקראַטן וועלן קיינמאָל ניט זײַן אין דער לאַגע עפּעס אַזוינס צו טאָן, וואָס זאָל זײַן ענלעך צום אָפּשטעלן צוריק דעם מיליטאַריזם...“(!)

נאָכדעם ווי די ערשטע געבראָכענע שוועס זײַנען אַמניסטירט געוואָרן האָט מען געקאָנט געבן נײַע שוועס, כּדי זיי אין דעמזעלבן מאָמענט גלײַך ווידער ברעכן. בעת הערמאַן מילער האָט זיך פֿאַנאַנדערגערעדט, איז זײַן פּאַרטיי־כאַווער נאָסקע געשטאַנען אין דער שפּיץ פֿונעם רייכסווער־מיניסטעריום און האָט איבעראַניים אויפֿגעבויט אונטער דער אָנפֿירונג פֿון מאָנאַרכיסטישע גענעראַלן די „רעפּובליקאַנישע באַוואָפֿנטע קרעפֿטן“.

סאַפּקאַלסאַף איז אָנגענומען געוואָרן אַ רעזאָלוציע, וואָס פֿאָדערט, אַז דער פֿעלקער־בונד זאָל אויפֿגעבויט ווערן אַף דער באַזע פֿון אַ „ווישערדיקן שלום“, לויטן פּרינציפּ פֿון זעלבסטבאַשטימונגס־רעכט פֿון די פֿעלקער, אַז אין אים זאָלן זײַן פֿאַרטראַטן ניט די רעגירונגען, נאָר די פּאַרלאַמענטן און דורכדעם אַלע פּאַרטייען צו דער זעלבסטבאַשטימונגס־רעכט פֿון די פֿעלקער געהערט ניט, נאָר

מידלער, לויטן שטאנדפונקט פון די רעפארמיסטן, דאס באפרייען די קאלאניעס. די קאנפערענץ האט אויסגעפונען א פארמולע, וואס די אימפעריאליסטן זאלן קאנען אויסנוצן בא דער נייער פארטיילונג פון דער וועלט:

„פעלקער, וואס האבן נאך נים דערגרייכט צו זעלבסטבאשטימונג, זאלן געשטיצט ווערן פון דער געזעלשאפט פון די נאציעס, זייער אנטוויקלונג זאל באגינסטיקט ווערן אזוי, אז זיי זאלן ווערן מיט דער צייט פעיק צו ווערן מיטגלידער פון דער געזעלשאפט פון פרייע פעלקער"*).

עס ווערט רעקאמענדירט פרייער האנדל און אנטוואפענונג, אבער אזוי לאנג ווי עס זיינען נייטיק באוואפנטע קרעפטן, — דארפן זיי זיין אונטער דער אנפירונג פון דער געזעלשאפט פון די פעלקער!

קעגן וועמען זאל זשע די דיזיקע „געזעלשאפט" אויסנוצן אירע באוואפנטע קרעפטן? קלאר, אז קעגן דעם סוינע, וועגן וועלכן מאקדאנאלד האט גערעדט, קעגן ראטן־רוסלאנד און קעגן דער פראלעטארישער רעוואלוציע.

ווי אזוי די סאציאל־אימפעריאליסטן האבן פארשטאנען די זעלבסטבאשטימונג־רעכט פון די פעלקער האט אויך ארויסגעוויזן דער שטרייט איבער די טעריטאריאלע פראגן. די פראנצויזן און דייטשן האבן געבאפט זיך איינע די אנדערע פאר די האר צוליב עלזאס־לאטארינגיע, טשעכן און באהעמישע דייטשן — צוליב די דייטשישע יישווים אין טשעכאסלאוואקיע. מאקדאנאלד האט ציטירט א מעמאראנדום פון 1918 יאר, אין וועלכן עס איז פארגעלייגט געווארן, אז די שאלעם־קאנפערענץ זאל אף דאס ניי פארטיילן די קאלאניעס, דערביי זאלן זיין פארטראטן די ארטגעבוירטיקע באם באהאנדלען די פראגע. די אפריקאנער קאלאניעס זאל מען לויט דער דאזיקער רעזאלוציע העלפן מיט א קאנטראל פון געם פעלקער־בונד. די רעזאלוציע וועגן טעריטאריאלע פראגן, וואס די קאנפערענץ האט אנגענומען פאדערט א פלעביסציט פאר די שטרייט־געביטן און ווארפט אפ דאס פעסטשטעלן די גרענעצן לויט סטראטעגישע פרינציפן, ווי אויך אנעקסיעס צוליב היסטארישע אדער עקאנאמישע גרונטן. די דאזיקע פראקטיקע רעזאלוציע האט ווי באוווסט קיין איינער פון די פארטראטענע אין בערן פארטייען נים געשטערט צו שטימען פאר די שענדלעכע רויב־אפמאכן פון ווערסאל, טריאנאן און סעווער.

שארפע צונויפשטויסן זיינען פארגעקומען באם באטראכטן די רוסישע פראגע און דעם פונקט פון טאגס־ארדער „דעמאקראטיע און דיקטאטור". דא זיינען געשטאנען איינע קעגן די אנדערע צוויי רעזאלוציעס: פון דעם סאציאליסטישן מיניסטער בראנטינג און די צווייטע פון אדלער־לאנגע. אין בראנטינגס רעזאלוציע איז געשטאנען:

„אין פולקומען הסכם מיט אלע קאנגרעסן פונעם אינטערנאציאנאל שטייט די בערנער קאנפערענץ פעסט אפן באדן פון דעמאקראטיע.. דאס פארבאפן ווילקירלעך איינצלנע אונטערנעמונגען דורך קליינע גרופן ארבע־

*) דזשאן דע קיי, „דער גייסט פונעם אינטערנאציאנאל אין בערן", זייט 77.

טנדיסע איז נים קיין סאָציאַליזירונג, נאָר קאַפּיטאַליזם מיט מער אָקציאָ־נערן" (!) *).

וויבאַלד די סאָציאַליסטישע אַנטוויקלונג איז מעגלעך נאָר אין פאַרבינדונג מיט דער דעמאָקראַטיע, דעריבער מוז אויך

„נים דערלאָזן ווערן דער מעטאָד פון פאַרגעוועלטיקונג, וואָס האָט נים קיין אויסזיכט צו געווינען אַף זיין זייט די מערהייט פונעם פאָלק".

די רעוואָלוציע זאָגט זיך אָרויס קעגן דיקטאַטור, „וואָס שטיצט זיך נאָר אַף אַ טייל פונעם פּראָלעטאַריאַט" און מוז פירן צו אַ בירגער־קריג און צו רעאַקציע. אין רוסלאַנד זאָל מען אַוועקשיקן אַ קאָמיסיע, קעדיי צו אונטערזוכן די דאָר־טיקע פאַרהעלטענישן און אַף דעם נאָענטסטן קאָנגרעס ענדגילטיק באַשליסן די פראַגע וועגן באָלשעוויזם.

אָזאַ נים באַהאַלטענער אַנטיבאָלשעוויזם איז פאַר דעם לינקן פליגל, פאַר די צענטריסטן געווען צו שטאַרק. קאַוטסקי האָט, עמעס, געוואָלדעוועט, אַז דער באָלשעוויזם האָט נים נאָר דעם רוסישן סאָציאַליזם, ער האָט אויך פאַראַטן די רוסישע רעוואָלוציע, און בערנשטיין, דער טאָכמאַן איבער פראַגן פון רעוואָ־לוציעס, האָט פראָסט פּאַשעט דערקלערט: באָלשעוויזם איז קאָנטר־רעוואָ־לוציע. אָבער מאַקדאָנאַלד, אַדלער און לאָנגע האָבן, נעמענדיק אין באַ־טראַכט די סימפּאַטיעס פון די מאַסן פאַר דער רוסישער רעוואָלוציע, געהאַלטן פאַר צוועקמעסיק נים אַזוי אָפן אַרויסשטעלן זייער קאָנטר־רעוואָלוציאָנערע נשאָמע.

די רעזאָלוציע פון אַדלער־לאָנגע, וואָס פאָרמולירט דעם שטאַנדפּונקט פון דער צענטריסטישער אָפּאָזיציע קעגן דעם שטאַנדפּונקט פון דער סאָציאַל־אימ־פּעריאַליסטישער מערהייט, קאָנסטאַטירט:

„אַז די באַשלוסן פון דער בערנער קאָנפערענץ רופן אַרויס קריטיק אין טאָך נים צוליב זייער אינהאַלט, נאָר דערפאַר, וואָס דיזאַזיקע זעלבסט־פאַרשטענדלעכע געדאַנקען ווערן אַרויסגעזאָגט צו שפּעט, נים בעיס דער מילכאָמע, נאָר ערשט נאָך איר".

דיזעלביקע מענטשן, וואָס זיינען פיר יאָר נאָכאַנאַנד בעיס דער מילכאָמע נים אימשטאַנד געווען אָנצונעמען אַ געמיינזאַמען באַשלוס, איילן זיך איצט אָנצונעמען באַשלוסן, וואָס וועלן נאָר פאַרשטאַרקן די שווערע לאַגע פונעם אינ־טערנאַציאָנאַל.

„מיר פּראָטעסטירן קעגן יעדע אַרויסטרעטונגען וועגן דער לאַגע אין דער רוסישער ראַטן־רעפּובליק, ווייל מיר האָבן נים גענוג מאַטעריאַלן מיר זאָלן קאָנען מישפּעטן וועגן דעם..." **)

נים צווייפלענדיק אין דער אָרנטלעכקייט פון די אָנוועזנדיקע מענשעוויקעס, מוזן זיי דאָך פאַרלאַנגען, אַז פאַר דעם באַשלוס זאָלן אויסגעהערט ווערן ביידע צדאָדים. זיי שטימען קעגן דער רעזאָלוציע, ווייל די בורזשואַזיע קאָן אויסנוצן געוויסע טיילן פון דער רעזאָלוציע קעגן דער רוסישער רעוואָלוציע.

---

*) דזשאָן דע קיי, „דער גייסט פונעם אינטערנאַציאָנאַל אין בערן", זייטן 82—83.

**) דאָרטן, ז. 84—85.

לאַריאַ, דער איינציקער דעלעגאַט, וואָס איז געשטאַנען נאָענט צו די ציממערוואַלדער לינקע און וואָס האָט זיך באַטייליקט אין דער קאָנפערענץ, האָט דערקלערט זיין סאָלידאַריטעט מיט דער ראַטן־רעגירונג און האָט דעמאַסקירט די קאָנפערענץ ווי א הילף־אַקציע פאַר דער פאַריזשער קאָנפערענץ פון דער דיפּלאָמאַטיע.

נאָכדעם ווי מע האָט אין אַזאַ וויכטיקער פראַגע, פאַר אָדער קעגן דער רוסישער רעוואָלוציע, פאַר פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור אָדער פאַר בורזשואַזער דעמאָקראַטיע ניט געקאָנט דערגרייכן קיין איינשטימיקייט, האָט בראַנטינג צום שלוס מיט טריומף פּראָקלאַמירט: „דער אינטערנאַציאָנאַל איז ווידער לעבנסמעיק!"

ווען דער ווייטערדיקער אַרבעט איז אָנגענומען געוואָרן אַ באַשלוס, אין וועלכן עס ווערט גוטמוטיק אָנערקענט, אַז די מילכאָמע האָט געשאַפן „טיפע פאַרשטענדענישן און גאַנץ וויכטיקע מיינונג־פאַרשיידנהייטן, אָבער מע דאַרף האָפן, אַז די אַרבעטמאַסן וועלן זיך באַלד ווידער פאַראייניקן אונטער די פּרינציפּן פונעם אינטערנאַציאָנאַל".

וואָס זיינען דאָס פאַר אַ פּרינציפּן, האָבן די הערן, וואָס האָבן דאָס באַשלאָסן, עמעס, ניט געוווסט. דעם אויספיר־קאָמיטעט, אין באַשטאַנד פון בראַנטינג, הענדערסאָן און הויסמאַנס, האָט מען באַופטראָגט צוזאַמען מיט די פאָרשטייער פון די אָנגעשלאָסענע פּאַרטייען צונויפרופן אַ נייע קאָנפערענץ. דער קאָמוניסטישער אינטערנאַציאָנאַל האָט אויף זיין גרינדונג־קאָנגרעס כאַראַקטעריזירט די בערנער קאָנפערענץ ווי אַ „פּרוּוו צו גאַלוואַניזירן דעם באַרמענען פונעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל", די אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט דאָ געזאָלט געראָפן ווערן צום לעבן ווי אַ „געלן, שטרייקברעכערישן אינטערנאַציאָנאַל, וואָס איז און בלייבט ניט מער ווי אַ געצייג אין די הענט פון דער בורזשואַזיע".

און פאַקטיש, נאָך פיר יאָר אימפּעריאַליסטישער פעלקער־שכיטע, נאָך דעם ביישפּילאָזן פאַראַט פון די אָפיציעלע פירער פון די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטייען, נאָך דעם ניצחון פון דער רוסישער רעוואָלוציע און נאָכן אָנהויב פונעם בירגער־קריג אין רוסלאַנד און דייטשלאַנד, איז דאָס אויפשטעלן צוריק דעם אַלטן צווייטן אינטערנאַציאָנאַל אין דעם צושטאַנד ווי ער איז געווען פאַר דער מילכאָמע, געווען אַ לעכערלעכע אוטאָפּיע. די צוויי ריכטונגען, וואָס האָבן געקאָנט שטיין איינער לעם אַנדערן אין דער צייט פון פרידלעכע צוגרייטונגען צו די אַנטשיידנדיקע קאַמפן, זיינען איצט געשטאַנען אויף צוויי אַנטקעגנגעזעצטע זייטן פון דער באַריקאַדע. דער רעוואָלוציאָנערער פּראָלעטאַריאַט האָט זיך געשאַפן זיין אינטערנאַציאָנאַל פון רעוואָלוציאָנערן טאָט. דער „אינטערנאַציאָנאַל" פון די פאַרטעטער פונעם סאָציאַליזם קאָן נאָר זיין אַ אינטערנאַציאָנאַל פונעם פאַראַט קעגן דעם פּראָלעטאַריאַט.

אין אָנהויב מאַרט פון 1919 יאָר האָט זיך אין מאָסקווע צוזאַמענגעקליבן דער גרינדונג־קאָנגרעס פונעם דריטן אינטערנאַציאָנאַל. קאָמוניסטישע פּאַרטייען און רעוואָלוציאָנערע גרופּן פון ניינצן לענדער זיינען אָנגעקומען: טיילווייז זיינען דאָס געווען קליינע פּראָפּאַגאַנדיסטישע גרופּן, טיילווייז פּאַרטייען, וואָס

האבן ארומגענומען נאר א קליינע מינדערהייט פונעם ארגאניזירטן פראלעטאריאט. אבער ניט געקוקט דערויף האט דערדאזיקער קאנגרעס פארקערפערט די גרעסטע אינטערנאציאנאל'ע מאכט, וואס דער רעוואלוציאנערער פראלעטאריאט האט ווען ניט איז פארמאגט. ווייל איין גליד פון דעמדאזיקן אינטערנאציאנאל, איר אנפירנדיקע פארטיי איז געווען די קאמוניסטישע פארטיי פון רוסלאנד, די הערשנדיקע פארטיי אין א קאלאסאל לאנד. דער דריטער אינטערנאציאנאל האט אין זיין רעשוס די מאכט־מיטלען פון א גרויסער פראלעטארישער מלוכע און איז שטארק מיט דער אבסאלוטער איינהייטלעכקייט פון זיינע פרינציפן און פון זיין טאקטיק.

די פארשיידענע פארטייען און גרופן, וואס האבן זיך צוזאמענגעשלאסן אף דעם מאסקווער קאנגרעס אין איין ארגאניזאציע, זיינען געשטאנען אף פארשיידענע אנטוויקלונג־שטופן, זיי האבן פארקערפערט פארשיידענע גראדן פון רייפקייט און רעוואלוציאנערער דערפארונג, זיי זיינען געווען באלאסטעט מיט פארשיידנארטיקע טראדיציעס פון זייער סאציאל־דעמאקראטישער פארגאנגענהייט. דאס האט זיך באזונדערס דייטלעך אויסגעדריקט אין דער האלטונג פון דעם דייטשישן דעלעגאט הוגא עבערליין, וואס איז לויטן אויפטראג פון דער קאמוניסטישער פארטיי פון דייטשלאנד ארויסגעטראטן קעגן גרינדן טייקעף א נייעם אינטערנאציאנאל.

ניט אלע פארטייען האבן זיך אפגעגעבן א קלארן דינוועכעשבן וועגן דעם כאראקטער און אויפגאבן פון דעם נייעם אינטערנאציאנאל. ניט אן קאמפן און קריזיסן האט מען פארווירקלעכט די אבסאלוטע איינהייטלעכקייט אף דער באזע פון רעוואלוציאנערן מארקסיזם. אבער די אנפירונג פון דער באלשעוויסטישער פארטיי, וואס איז שוין געווען אויסגעפרווט אין רעוואלוציאנערן קאמף קעגן דעם צאריזם, קעגן דער בורזשואזיע און מענשעוויזם, האט געגעבן די גרעסטע גאראנטיע קעגן דער אנטוויקלונג פון אפארטוניסטישע שטרעמונגען, קעגן דער אפשוואכונג פונעם רעוואלוציאנערן כאראקטער פונעם קאמוניסטישן אינטערנאציאנאל.

דער גרינדונג־קאנגרעס האט קוידעמכאל אויפגעקלערט די גרונט־פראגן וועגן דעמאקראטיע און דיקטאטור, פראגן, וואס די קאוטסקיאנער האבן זיך באזונדערס באמיט צונויפצופלאנטערן. די צענטריסטן האבן געשטעלט די פראגע: דעמאקראטיע אדער דיקטאטור,—ווי ווען מיר וואלטן ניט געלעבט אין א קלאסן־געזעלשאפט, ווי ווען דער קלאסן־אינהאלט פון דער מלוכע וואלט ניט געווען דאס אנטשיידנדיקע. לענינס טעזיסן האבן קאנסטאטירט,

„אז אין דער קאפיטאליסטישער געזעלשאפט בא דער פארשארפונג פונעם קלאסן־קאמף, וואס ליגט אין איר יסוד, איז ניטא קיין מיטלוועג אויסער דיקטאטור פון דער בורזשואזיע אדער דיקטאטור פונעם פראלעטאריאט".

די אזוי געשאצטע פון די רעפארמיסטן „דעמאקראטיע" בא דער הערשאפט פונעם קאפיטאל איז ניט מער ווי א דיקטאטור פון דער בורזשואזיע, ווייל די „פרייהייטן און רעכט" פון די ארבעטנדיקע זיינען באגרענעצט מיט אזא מאס,

אַז זיי זאָלן ניט געפערלעך ווערן פאַר דער קלאַסן-הערשאַפט פון דער בורזשואזיע. די דיקטאַטור פונעם פּראָלעטאַריאַט באַטייט ניט פּשוט פאַרניכטן יעדע דעמאָקראַטיע, ווי דאָס באַהויפּטן די קאָנטר-רעוואָלוציאָנערן, נאָר אין דערזעלבער צייט אונטערדריקן מיט גוואַלט דעם ווידערשטאַנד פון די עקס-פּלואַטאַטאָרס און פאַרברייטערן די דעמאָקראַטיע פאַר די אַרבעטנדיקע.

די אָרגאַניזאַציע-פאָרם פונעם דריטן אינטערנאַציאָנאַל איז צום אָנהויב ניט געווען פעסטגעזעצט. די אָנטיילנעמער פון די צימערוואַלדער קאָנגרעסן, וואָס זיינען געווען אין מאָסקווע האָבן מיט דער קאָנסטיטוירונג פונעם דריטן אינ-טערנאַציאָנאַל דערקלערט די צימערוואַלדער באַוועגונג פאַר ליקווידירט.

די אָנפירונג מיט דער אינטערנאַציאָנאַלער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג איז דורך דעם ניצחון פון דער אָקטיאַבער-רעוואָלוציע פּראַקטיש, און מיט דער גרינדונג פונעם דריטן אינטערנאַציאָנאַל אין מאָסקווע פון איצט אָן אויך פאָר-מעל, איבערגעגאַנגען צום רוסישן פּראָלעטאַריאַט. אינעם אַרטיקל, וואָס איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין אַפּרעל פון 1919 יאָר „דער דריטער אינטערנאַציאָ-נאַל, זיין אָרט אין דער געשיכטע", האָט לענין דערקלערט, פאַרוואָס איז צייט-ווייליק איבערגעגאַנגען צו רוסלאַנד די העגעמאָניע אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, נאָכדעם ווי זי האָט אין ניינצנטן יאָרהונדערט געהערט פריער צו די ענגלענדער, דערנאָך צו די פראַנצויזן און צו די דייטשן. פאַר דעם רוסישן פּראָ-לעטאַריאַט איז לייכטער געווען אָנצוהויבן די רעוואָלוציע, ווייל די ניט נע-ווינלעכע פּאָליטישע אָפּגעשטאַנענקייט פון דער צאַרישער מאָנאַרכיע האָט אַרויס-גערופן אַן אויסעראָרדנטלעכע קראַפט פונעם רעוואָלוציאָנערן אָנדראַנג פון די מאַסן, ווייל די פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע נראָדע צוליב די אָפּגעשטאַנענע פאַרהעלטענישן האָט געפונען די מעכטיקסטע אונטערשטיצונג אין דער רעוואָ-לוציאָנערער פּויערים-מאַסע, ווייל די רעוואָלוציע פון 1905 יאָר האָט געגעבן די מאַסן אַן אומגעהויערן אויצער פון רעוואָלוציאָנערע דערפאַרונגען און לע-סאָף, ווייל רוסלאַנדס געאָגראַפישע לאַגע האָט געגעבן דער זיגרייכער רעוואָ-לוציע די סאַמע גינסטיקע באַדינגונגען צו פאַרטיידיקן זיך קעגן אַ קאָנטער-רעוואָלוציאָנערער אינטערווענציע.

אין דער פירנדיקער ראָליע פונעם רעוואָלוציאָנערן פּראָלעטאַריאַט פון אַן אָפּגעשטאַנענעם לאַנד איז אַזוי אַרום ניטאָ קיין שום באַזונדערע זאַך, עס דער-קלערט זיך פּשוט מיט די קאָנקרעטע פאַרהעלטענישן, נאָר די שאָוויניסטן פון דעם סאָציאַל-דעמאָקראַטישן אינטערנאַציאָנאַל זענען דערין עפּעס אַן אומ-דערהערטע זאַך און צעיאָכמערן זיך וועגן דער „דיקטאַטור פון מאָסקווע"*).

*) אַז די סלאַווישע פעלקער קאָנען איבערנעמען די אָנפירונג מיט דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, וועגן דעם האָט שוין געשריבן ק א ו ט ס ק י נאָך דער רוסישער רעוואָלוציע פון 1905 יאָר. די גינסטיקע באַדינגונגען, וואָס גראָד אין אָפּגעשטאַנענע לאַנד שאַפט פאַר דער אַנטוויקלונג ון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג האָט אָנגעמערקט ע נ ג ע ל ס אין 1894 יאָר אין - בריוו ו ח י ק ס אָ ... ד ל ע ר ן, אין וועלכן ער פאַרגלייכט די לאַגע אין דייטשלאַנד און פראַנקרייך ים דער לאַגע אין עסטרייך (אונטערגעשטראָכן פון מיר. — ל.)

נ. י. לענין

## 2. זשענעווע — מאָסקווע — ווין

1921—1920

וואָס פאַר אַ קאָלאָסאַלע רעוואָלוציאָנערע קויכעס זײַנען געשטאַנען הינטער די קלײנע גרופּעס, וואָס האָבן זיך פאַרײניקט אינעם דריטן אינטער-נאַציאָנאַל, האָבן קלאָר געוויזן די נאָענטסטע כאַדאָשים. ניט געקוקט אַפן בלוטיקן טעראָר פון נאָסקעס כאַיאַלעס איז די רעוואָלוציאָנערע כוואַליע אין דײַטשלאַנד ווײַטער געשטיגן. אין בײַערן, אין אונגאַרן זײַנען אַנטשטאַנען ראַטן-רעפּובליקן. עמעס, די בײַערישע ראַטן-רעפּובליק איז ניט געווען קיין רעזולטאַט פון דערפאָלג פון אַ באַוווסטזיניקער, אָנגעפירטער דורך דער קאָמו-ניסטישער פּאַרטיי, באַוועגונג. זי איז געווען אַ רעזולטאַט פון אַ באַוווסטזיני-קער פּראָוואָקאַציע פון די מערהייט-סאָציאַליסטן, באַ וועלכע עס זײַנען דורכ-געפאַלן די פּאַציפיסטישע און אַנאַרכיסטישע דרײַ-קעפּ. דער מערהייט-סאָצי-אַליסט שנעפּענהאָרסט האָט אין מינכן אַרויסגעזאָגט זיך פאַר אַ ראַטן-רעפּובליק, בעת אין דערזעלבער צײַט האָט זײַן פּאַרטיי-כאַווער האָפמאַן געזאַמלט אין נירנבערג ווײַסע כאַיאַלעס אַף אָפּצורעכענען זיך מיטן רעוואָלו-ציאָנערן פּראָלעטאַריאַט.

דער ספּאַרטאַקוס-בונד אונטער דער אָנפירונג פון אויגען לעווינע האָט זיך אָפּגעזאָגט צו באַטייליקן זיך אין דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיש-אַנאַרכיסטישער קלוימערשטער ראַטן-רעגירונג, ווײַל זי האָט זיך ניט געשטיצט אַף עמעסע אַרבעטער-ראַטן און האָט זיך ניט אַנטשלאָסן צו אַן אומבאַראַכמאָנעסדיקן קאַמף קעגן דער בורזשואַזיע.

אָבער ווען דאָס ווײַסע מיליטער האָט אָנגעהויבן צו מאַרשירן אַף מינכן, דער אַרבעטער-קלאַס האָט זיך גענומען גרייטן צו אַ באַוואָפנטן קאַמף און

---

„אָבער באַ דעם אַלעם איז אײַער לאַגע אין קאַמף אין דעם מאָמענט גינסטיקער — איר גרײַפט אָן, איר דעראָבערט טריט פאַר טריט באָדן, יעדן דעראָבערטע און באַזעצטע פּאָזיציע ניט נאָר וואָס זי פאַרשטאַרקט אײַך, נאָר זי ברענגט אײַך נײַע מאַסן פאַרשטאַרקונגען; באַ אײַער פּרימיטיוון קאָנסטיטוציאָנאַליזם קאָנען די אַרבעטער דעראָבערן נאָך אײניקע פּאָזיציעס, און דערבײַ אַפן געזעצלעכן וועג, אַף דעם וועג, וואָס שולט זיי פּאָליטיש — די פּאָזיציעס, וואָס די בורזשואַזיע האָט געזאָלט דעראָבערן. אויך באַ אונדז זײַנען נאָך פאַראַן אַזעלכע פּאָזי-ציעס צו פאַרנעמען, אָבער מיר וועלן זיי פאַרנעמען, ווען מיר וועלן קריגן אַ שטויס פון דרויסן, פון אַ לאַנד, וווּ די צונויפגיסונג פון די אַלטע פעאָדאַלע, ביוראָ-קראַטישע, פּאָליציישע פאָרמען מיט קימאַט מאָדערנע בירגערלע-כע אינסטיטוציעס לאָזט איבער פאַר די ערשטע אַזאַ איבערגעוויכט, אַז די סיטואַציע פירט צו אומעגלעכע פאַרוויקלונגען, און אין דעראָ-זיקער גליקלעכער לאַגע זײַט איר. און אין דער נאָך גליקלעכערער, וואָס אײַער אַרבעטער-באַווע-גונג איז גענוג גרויס און שטאַרק צו שאַפן דאָ די אַנטשײדונג און דערמיט, ווי איך האָף, פאַר דײַטשלאַנד, פראַנקרײַך און איטאַליע שאַפן דעם שטויס, וואָס איז דאָ נייטיק, קעדײַ אויפ-צורײַסן די „רעאַקציאָנערע מאַסע", וואָס בילדעט זיך דאָ צו פרי און אָנשטאָט דעם כראָנישן רעאַקציאָנערן דרוק אַרויסרופן אין לעבן אײניקע בירגערלעכע רעפאָרמען אין זין פון דער באַווע-גונג-פרײַהײַט פאַר די מאַסן. איר דאַרפט בילדן דעם אַוואַנגאַרד פונעם אײראָפּעישן פּראָלעטאַ-ריאַט, אָנפירן דעם אַלגעמײנעם אָנגריף. וואָס ווײַטער, ווי מע קאָן האָפן, זיך מער ניט אָפּשטעלן ביז מיר וועלן ניט דערגרייכן דעם זיג אַף דער גאַנצער ליניע..." (פון דער זאַמלונג „ויקטאָר אַדלערס אַרטיקלען, רעדעס און בריוו", העפט 1, ז. 103).

פארלירנדיק דעם צוטרוי צו די פאציפיסטישע פלאפלער, האט ער זיך געווענדעט נאך אנפירונג צו דער קאמוניסטישער פארטיי, האט זיך דער ספארטאקוס-בונד געשטעלט אין דער שפיץ פון דער באוועגונג און האט ארגאניזירט די רעוואליוציאנערע פארטיידיקונג. אבער צוליב די וואקלונגען פון די פירער פון דער אומאפהענגיקער סאציאל־דעמאקראטישער פארטיי און צוליב דעם, וואס די ווייסע זיינען געווען שטארקער אין צאל, איז די רויטע מינכען געפאלן. דעם 1־טן מיי פון 1919-טן יאר איז נאסקעס־מיליטער אריין אין מינכען און איינגעשטעלט דארטן א רעזשים פון בלוטיקן טעראר. דער מערהייט־סאציאליסט האפמאן האט געהייסן אויספירן דעם טויט־אורטייל איבער אויגען לעווינע, טויזנטער ארבעטער זיינען אויסגעשאכטן געווארן און אריינגעווארפן געווארן אין טפיסע.

אויך אין אונגארן איז די שוואכקייט פון דער ראטן־רעפובליק באשטאנען דערהויפט אין דעם, וואס בא דער אנפירונג איז ניט געווען קיין קאמף־דערפארענע איינגעווארצלטע אין די מאסן קאמוניסטישע פארטיי. די אונגארישע ראטן־רעגירונג האט זיך געבילדעט אזוי. ווען די בורזשואז־דעמאקראטישע רעגירונג פון קאראלי האט ניט געקאנט געפינען קיין אויסוועג צוליב די שווערעלעכע באדינגונגען פון די אנטאנט־מעלוכעס, איז קאראלי אוועק צום ארעסטירטן קאמוניסטישן פירער בעלא קון און האט אים פארגעלייגט צו בילדן א רעגירונג. די אונגארישע סאציאל־דעמאקראטיע האט דערקלערט איר גרייטקייט צו ארגאניזירן געמיינזאם מיט די קאמוניסטן א ראטן־רעפובליק. די ביידע פארטייען האבן זיך פאראייניקט און די ראטן־רעגירונג איז אנגעפירט געווארן פון די קאמוניסטן און סאציאל־דעמאקראטן צוזאמען. די אונגארישע ראטן־רעפובליק האט זיך העלדיש פארטיידיקט אין משך פון 4 מיט א האלבן כוידעש קעגן דער אינטערווענץ פון די טשעכן און רומענער און קעגן דער קאנטער־רעוואליוציע אינעווייניק. זי האט געמוזט פאלן ניט נאר צוליב דעם אליין, וואס די רוסישע ראטן־רעפובליק, וואס האט געקעמפט קעגן דער ווייסער אינטערווענץ האט ניט געקאנט געבן איר הילף, נאר ווייל דאס צוזאמענגיסן זיך פון די סאציאל־דעמאקראטן מיט די קאמוניסטן האט געפירט דערצו, אז אין די אנפירנדיקע קאדרען פונעם פראלעטאריאט זיינען אריינגעדרונגען וואקלונגען און צעפאלונג־דערשיינונגען און ווייל די פאלשע אגראר־פאליטיק, דער פרווו טייקעף צו סאציאליזירן די לאנדווירטשאפט, ניט פאנאנדערטיילנדיק קיין ערד פאר די ארעמע פויערים, האט צוגענומען בא דער פראלעטארישער דיקטאטור איר וויכטיקסטע שטיצע אין אן אגראר לאנד, די הילף פונעם ארעמען פויערטום.

ניט געקוקט אף די דראזיקע מאפאלעס זיינען די יארן 1919—1920 געשטאנען אונטערן צייכן פונעם געוואלטיקן אופשטייג פון דער רעוואליוציאנערער כוואליע. ראטן־רוסלאנד האט ארגאניזירט די רויטע ארמיי און אין א קאמף, וואס האט ניט צו זיך קיין גלייכן, מיט שלעכט באוואפנטע, שלעכט דערנערטע באיאלעס, וואס זייער קערן האט געבילדעט די רויטע גווארדיע פונעם רעוואליוציאנערן פראלעטאריאט, ארויסגעיאגט פונעם לאנד די קאנטער־

רעוואָליוציאָנערע אַרמייען און די אינטערווענציע־אַרמייען פון די אַנטאַנטע־מעלוכעס. די אַרבעטער־מאַסן האָבן זיך געווענדעט מיט וואַקסנדיקער סימפּאַטיע און באַוווּנדערונג צום באָלשעוויזם. די שמוציקע כוואַליע פון קאָנטער־רעוואָליוציאָנערע ליגנס, וואָס די בורזשואַזיע און סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּרעסע האָט פאַרשפּרייט, האָט ניט געקאָנט שטערן, אַז די קלאַסן־באַוווּסטזיניקע אַרבעטער פון אַלע לענדער זאָלן זען אין דעם קאַמף פון דער רוסישער ראַטן־רעפּובליק זייער אייגענעם קאַמף. אין פראַנקרייך, ענגלאַנד, אַמעריקע זיינען פאָרגעקומען גרויסע מיטינגען־דעמאָנסטראַציעס פאַר די ראַטן און קעגן דער קאָנטער־רעוואָליוציאָנערער אינטערווענץ.

די פּאַציפיסטישע דעמאָקראַטישע איליוזיעס פון די ערשטע כאָדאָשים נאָך דער דעמאָביליזאַציע האָבן אָנגעהויבן צו פאַרשווינדן; ניט נאָר אין די באַזיגטע לענדער, נאָר אויך אין די זיגער־לענדער איז נאָך דער דעמאָביליזאַציע־קאָניונקטור געקומען אַ ווירטשאַפטלעכער קריזיס. די בורזשואַזע דעמאָקראַטיע האָט זיך דעמאַסקירט אין אַלע לענדער פון צענטראַל־אייראָפּע אַלס בלוטיקער טעראָר קעגן די אַרבעטער.

דער „שאָלעם“, וואָס צוליב אים האָבן די אַרבעטער זיך געלאָזן אָפּהאַלטן פון קאַמף, פּאָלגנדיק דער אַגיטאַציע פון די רעפאָרמיסטן, אַז „באָלשעוויזם איז אַ מילכאָמע“, דער דאָזיקער שאָלעם האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר אַ נידערטרעכטיקן רויב־אָפּמאַך, וואָס באַדראָט קעסיידער די באַזיגטע לענדער מיט רוינירונג און אַנטהאַלט אין זיך די סיבעס פאַר נייע מילכאָמעס. פון ווילסאָנס 14 פּונקטן איז געבליבן נאָר איין זאַך — דער פעלקער־בונד, וואָס שטעלט מיט זיך פאָר אַ בונד פון די אימפּעריאַליסטישע רעגירונגען פון די זיגער־לענדער און זעט פּאַקטיש אויס אַזוי ווי דאָס האָט פאָרויסגעזען מאַקדאָנאַלד: אַ הייליקע אַליאַנץ פון די קאַפּיטאַליסטישע נאַציעס.

דידאָזיקע אַנטוויקלונג האָט געשטעלט די צענטריסטישע פירער אין אַ שווערער לאַגע. צו זיי האָבן זיך געווענדעט די מערהייט קלאַסן־באַוווּסטזיניקע אַרבעטער, וואָס האָבן זיך אָפּגעקערט אין דער דאָזיקער צייט פון רעוואָליוציאָנערן קריזיס פון די אָפענע רעפאָרמיסטן. די דאָזיקע אַרבעטער האָבן גרעסטנטייל ניט געפונען דעם דירעקטן וועג צום קאָמוניזם, פון איין זייט צוליב דעם, וואָס די קאָמוניסטישע פּאַרטיי, וועלכע האָט געליטן פון דעם שאַרפסטן ווייסן טעראָר, האָט מיט איר שוואַכע ניט אַנטוויקלטע אָרגאַניזאַציע נאָר ניט געקאָנט צוקומען צו אַ גרויסער טייל פון די מאַסן, פון צווייטן זייט, ווייל די אַלטע פון צענדליקער יאָרן רעפאָרמיסטישע טראַדיציעס, אין וועלכע די קאַדרען פון דער אַרבעטער־באַוועגונג זיינען דערצויגן געוואָרן, קאָן מען ניט אַזוי לייכט פון איין טאָג אויף אַנדערן אַרויסיאָגן פון די קעפּ.

אָבער אין די דאָזיקע מאַסן לעבט דער ערלעכער ווילן צום רעוואָליוציאָנערן קאַמף און צו אינטערנאַציאָנאַלער סאָלידאַריטעט פון טאַט. זיי האָבן אָנגעהויבן צו זען דעם גאַנצן פּאַראַט פון די סאָציאַל־פּאַטריאָטן און האָבן זיך אָנגעהויבן אָפּצוזאָגן פון וועלכער ניט איז מאַגעומאַסע מיט די דאָזיקע פאַרעטער.

דער דאָזיקער דרוק פון אונטן האָט געצוווּנגען די פירער פון די אומאָפּהענגיקע אין דייטשלאַנד, פון די לאָנגועטיסטן אין פראַנקרייך, פון דער אומאָפּהענגיקער לייבאָר־פּאַרטיי אין ענגלאַנד צו דעקלאַרירן זייער סאָלידאַריטעט מיט ראַטן־רוסלאַנד, איבערצורייסן די באַציונגען מיט דעם צונויפגעקלעפּטן אין בערן אינטערנאַציאָנאַל פון די סאָציאַל־פּאַטריאָטן און זוכן אַ פאַרבינדונג מיט דעם קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל.

אין אויגוסט פון 1919 יאָר האָט זיך די סאָציאַל־פּאַטריאָטישע געזעלשאַפט צונויפגעקליבן אין ליוצערן, דערהויפּט צו באַשטימען זייער פּאָזיציע צום ווערסאַליער טראַקטאַט. דאָס שליסן דעם דאָזיקן טראַקטאַט איז געווען אַ נייער וועלט־היסטאָרישער בײַשפּיל פון יענער „אינטערנאַציאָנאַליטעט", וואָס הערשט נאָך דער מילכאָמע אין דעם „גאַלוואַניזירטן באַרמענען פונעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל". איינער פון די פאַרפאַסער פון דעם דאָזיקן רויב־טראַקטאַט איז, ווי באַוווּסט, דער פירער פון דעם בעלגישן סאָציאַל־פּאַטריאָטיזם וואַנדערוועלדע. זיין דייטשישער מיינונג־כאַווער שיידעמאַן האָט אָבער דעמאָלט אַלס רייכסקאַנצלער דערקלערט, אַז אָפּגעדאַרט ווערן מוז די האַנט, וואָס וועט אונטערשרייבן דעם דאָזיקן שענדלעכן טראַקטאַט! דאָס האָט אָבער ניט געשטערט, אַז מיט עטלעכע וואָכן שפּעטער זאָל זיין פּאַרטיי־כאַווער הערמאַן מילער אַלס אויסערן־מיניסטער פון דער דייטשישער קאַפּיטאַליסטישער רעפּובליק אונטערשרייבן דעם דאָזיקן טראַקטאַט.

די מערהייט פון דער ליוצערנער קאָנפערענץ האָט אָנגענומען אַ רעזאָלוציע, אין וועלכער עס איז געשטאַנען:

„נאָר ווען עס וועלן אונטערגעשריבן ווערן אַלע אָפּמאַכן, וואָס זיינען נויטיק צום פאַרענדיקן די מילכאָמע, וועט זיך דער אינטערנאַציאָנאַל קאָנען נעמען צום אויסבעסערן די נייע אינטערנאַציאָנאַלע אומגערעכטיקייטן, וואָס זיינען פאַראַן אין געוויסע פונקטן פון די דאָזיקע אָפּמאַכן; קוידעמקאָל מוז מען אַרויסגיין פון דעם מילכאָמע־צושטאַנד".

ערשט מוזן די סאָציאַליסטן דורכפירן די נייע אומגערעכטיקייטן, קעדיי זיי שפּעטער קאָנען אויסבעסערן. די אימפּעריאַליסטישע שאַלעם־אָפּמאַכן זיינען אַזוי אַרום אין דער פּראַקטיק געוואָרן דער יעסאָד פון דער פּאָליטיק פון דעם דאָזיקן „אינטערנאַציאָנאַל", וואָס אַרבעט אויך ווייטער אַלס הילף־אָרגאַן פון יענעם „פעלקער־בונד", וואָס איז געשאַפן געוואָרן צו פאַרטיידיקן די נייע פאַרטיילונג פון דער וועלט צווישן די אימפּעריאַליסטן. די „באַמיונגען צו רעווידירן דעם ווערסאַלער טראַקטאַט" זיינען, ווי באַוווּסט, באַשטאַנען אין גוטע אייצעס פאַר די רעגירונגען, מיט וועלכע די הערן „סאָציאַליסטן" האָבן זיך אַליין ווייניק וואָס גערעכנט, ווען זיי זיינען געזעסן אין די רעגירונגען.

די צענטריסטן האָבן געשטימט קעגן דער רעזאָלוציע און האָבן אַרייַנגעטראָגן אַ קאָנטער־רעזאָלוציע, וואָס שטעמפּלט די אָפּמאַכן פון ווערסאַל און סען־זשערמען אַלס געוואַלט־שאַלעם און רופט אונטערשטיצן די רוסישע רעוואָלוציע. די אויסגעהאַלטענע פּרינציפּן־טרייע העלדן פון דער דייטשישער

מערהייט־פּאַרטיי האָבן דערקלערט, אַז זיי קאָנען שטימען פֿאַר ביידע רעזאָלוציעס. און פּאַקטיש איז אין די דאָזיקע פֿראַגן ניט געווען קיין מיינונג־פֿאַרשיידנהייט צווישן דער דייטשישער מערהייט־פּאַרטיי און צווישן די אומאָפּהענגיקע, ווייל אויך די מערהייט־פּאַרטיי איז געווען קעגן דעם שאָלעם־אָפּמאַך, פּונקט ווי די דייטשישע בורזשואַזיע, האָט ער דאָך באַטייט די שווערסטע באַלאַסטונג פֿונעם דייטשישן קאַפּיטאַליסטישן פֿאָטערלאַנד"; אָבער ביידע פּאַרטייען זיינען אויך געווען מאַסקים מיט דער דייטשישער בורזשואַזיע דערין, אַז מע מוז זיך אונטערוואַרפֿן, ווייל אָפּוואַרפֿן דעם אָפּמאַך הייסט פֿאַרשאַרפֿן דעם רעוואָלוציאָנערן קריזיס און אַ פֿאַרטיידיקונג קעגן די מיירעוודיקע אימפּעריאַליסטן איז מעגלעך נאָר מיט רעוואָליוציאָנערע מעטאָדן און אין אַ בונד מיט דער רוסלענדישער ראַטן־רעפּובליק.

אַף דער נאָענטסטער קאָנפֿערענץ פֿון די סאָציאַל־פּאַטריאָטן, וואָס איז פֿאָרגעקומען אין זשענעווע פֿון 31 יולי ביזן 4-טן אויגוסט 1920 יאָר, האָבן זיך שוין די דייטשישע, עסטרייכישע און פֿראַנצויזישע צענטריסטן ניט באַטייליקט. און אַזוי ווי עס האָט אויסגעפֿעלט די קונסט פֿון די צענטריסטן צו פֿאַרפּוצן קאָנטר־רעוואָליוציאָנערע באַשלוסן מיט רעוואָליוציאָנערע פֿראַזן, האָט זיך דעריבער אין די באַראַטונגען און באַשלוסן פֿון דעם דאָזיקן קאָנגרעס אַרויסגעוויזן אין זיין גאַנצער ניט פֿאַרדעקטער ברוטאַלקייט דער רעאַקציאָנערער גייסט פֿונעם פֿאַרייניקטן „אינטערנאַציאָנאַלן" סאָציאַל־פּאַטריאָטיזם.

דער מאָראַלישער יעסאָד פֿון דעם ווערסאַלער רויב־טראַקטאַט איז, ווי באַוווּסט, די האַנאָכע, אַז דייטשלאַנד איז דער איינציקער שולדיקער אין דער מילכאָמע. און דעריבער האָבן די סאָציאַל־שאָוויניסטן פֿון די זיגערישע לענדער געפֿאָדערט קאַטעגאָריש פֿון די דייטשישע סאָציאַל־פּאַטריאָטן, אַז זיי זאָלן נאָך מער אַנטשיידן דערקלערן זייער שולד און כאַראַטע, ווי זיי האָבן דאָס געטאָן אין זייער דערקלערונג אַף דער בערנער קאָנפֿערענץ אין 1919 יאָר. אַף אַ פֿאַרבאַראַטונג האָט דער דייטשישער סאָציאַל־פּאַטריאָט אַדאָלף בראַון מאַסקים געווען אָנצוגעבן אַ דערקלערונג, אין וועלכער די דייטשישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע איז מוידע, אַז זי האָט באַגאַנגען דעם פֿעלער, וואָס זי האָט ניט גענוג פֿרי און ענערגיש באַקעמפֿט דעם אימפּעריאַליזם און מיליטאַריזם, אַז דעריבער איז די דייטשישע רעוואָליוציע צום אומגליק פֿאַר דער גאַנצער וועלט און פֿאַרן דייטשישן פֿאָלק גופֿע געקומען צו שפּעט אַף פֿינף יאָר און „אַז דערין, וואָס זי האָט שוין פֿריער ניט צוגעגרייט איר וועג, ליגט די שולד פֿון דער דייטשישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע". אָבער ווען די שיידעמאַנס, שטאַמפּפֿערס, וועלסן און קאָ. זיינען אָנגעקומען אין זשענעווע האָבן זיי דערקלערט, אַז דאָס דאָזיקע אָנערקענונג פֿון זייער שולד גייט שוין צו ווייט. סאָפּסקאָלסאָף איז מען דורכגעקומען אַף אַ רעזאָליוציע וועגן דער שולד־פֿראַגע:

„נעמענדיק אין באַטראַכט, אַז די דייטשישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע דערקלערט אַליין איר מעמאָראַנדום, אַז די דייטשישע רעוואָליוציע, צום גרויסן אומגליק פֿון דער וועלט און גאַנץ באַזונדערס פֿונעם דייטשישן

פֿאַלס גופֿא איז אויסגעבראָכן מיט פֿינף יאָר שפּעטער, ווייטער, אַז זי באַדויערט, וואָס זי האָט בעיס דער מילכאָמע ניט מיט קיין גענוג דערפֿאָלג געפֿירט דעם קאַמף קעגן מיליטאַריזם און אימפּעריאַליזם, סוידעמאָקראַל אין באַצוג צו דער אָנפֿירונג מיט דער אויסערלעכער פּאָליטיק, וואָס איז געווען אַרויסגענומען פֿון אונטער דעם קאָנטראָל פֿון דער פֿאָלקספֿאַרטרעטונג.

גייענדיק ווייטער אין באַטראַכט, אַז דער פֿאַרטרעטער פֿון דער דייטשישער סאָציאַלדעמאָקראַטיע אין דער קאָמיסיע האָט וועגן דער שולדפֿראַגע אָפּגעגעבן פֿאָלגנדיקע דערקלערונגען:

1. דאָס ביסמאַרקישע דייטשלאַנד האָט, ווי שוין מאַרקס און ענגעלס האָבן אָנערקענט, אויפֿגעטרייסלט זייער שטאַרק דעם וועלט-שאָלעם, אָנעקסירנדיק אין 1871 יאָר מיט געוואַלט עלזאַס-לאָטאַרינגען. פֿאַר דייטשלאַנד דאַרף מער ניט עקזיסטירן קיין עלזאַס-לאָטאַרינגישע פֿראַגע.

2. דאָס קייזערלעכע דייטשלאַנד איז באַגאַנגען אַ גרייסן פֿאַרברעכן קעגן דאָס פֿעלקער־רעכט, ברעכנדיק אין יאָר 1914 די נייטראַליטעט און אומאָפּהענגיקייט פֿון בעלגיע און צעטרעטנדיק די געזעצן פֿון דער מענטשלעכקייט דורכן ברוטאַלן באַהאַנדלען די באַפֿעלקערונג פֿון די אָקופּירטע געביטן.

3. די רעפּובליקאַנישע דייטשלאַנד פֿילט אַליין איר פֿליכט צו פֿאַריכטן די פֿאָלגן פֿון דעם אָנגריף, וואָס דאָס קייזערלעכע דייטשלאַנד האָט אָנגעהויבן, אָפּוואַרפֿנדיק די פֿאַרמיטלונג פֿון אַן אַרביטראַזש-געריכט, וואָס איז נאָך געווען מעגלעך דורכצופֿירן ערעוו דעם קאָנפֿליקט,

נעמט דער קאָנגרעס די דאָזיקע דערקלערונג צו קענטעניש און באַנייט די דערקלערונג פֿון די אַנטאַנט-סאָציאַליסטן פֿון 1915 יאָר, אַז די קאַפּיטאַליסטישע סיסטעם מיט איר איבערגעטריבענער אינטערעסן-פּאָליטיק און איר פּראָפֿיטן-זוכעריי איז איינע פֿון די טיפֿסטע סיבעס פֿון דער מילכאָמע..."

די דאָזיקע רעזאָלוציע האָט ניט זייער שטאַרק געשמעקט דער דייטשישער דעלעגאַציע, אָבער אַדאָלף בראַון האָט קעדיי זיי צו באַרויִקן פּראָקלאַמירט דעם שיינעם פּרינציפּ פֿון דעמדאָזיקן פּראַקטישן אינטערנאַציאָנאַל:

„עס איז ריכטיק די איבערצייגונג, אַז דער פֿאַקט, וואָס די רעזאָלוציע, וועלכע שטעלט אויף דעם שאָלעם אינעם אינטערנאַציאָנאַל, איז אָנגענומען איינשטימיק, וועט זיך אָפּשפּיגלען אין דעם זיקאָרן פֿון אונדזער אַרבעטער־קלאַס. בעיס דער אינהאַלט פֿון דער רעזאָלוציע וועט לייכט פֿאַרגעסן ווערן און דעריבער האָט ער אַ קאָלאָסאַלע באַדייטונג קעגן דעם פֿאַקט, פֿון אָננעמען איינשטימיק די רעזאָלוציע"*).

*) אדאָלף בראַון, „דער אינטערנאַציאָנאַלער קאָנגרעס אין זשענעווע", בערלין 1920, ז. 117 די ווייטערדיקע צוויי ציטאַטן אויף די זייטן 19 און 21. (אונטערגעשטראָכן אומעטום פֿון מיר. —ל.)

דאָס הייסט, אַז אין די אינטערנאַציאָנאַלע באַשלוסן איז דאָס בעסטע דאָס, וואָס זיי ווערן גיך פֿאַרגעסן.

די דייטשישע דעלעגאַציע האָט דערקלערט, אַז זי קאָן צושטימען צו דער ראַדיקער רעזאָלוציע נאָך מער דערפֿאַר ווייל אין דערזעלבער צייט איז אָנגענומען געוואָרן אַ רעזאָלוציע וועגן ווערסאַלער טראַקטאַט. אַ רעזאָלוציע, וואָס איז איר געווען אַסאַך נאָענטער צום האַרצן, ווי די רעזאָלוציע פֿון ליוציערן, וואָס זי האָט סוים אַראָפּגעשלונגען. די רעזאָלוציע וועגן ווערסאַל שטעלט עמעס פֿעסט, אַז מיטן פֿאַרשווינדן פֿון דער רוסישער, דייטשישער און עסטרייכישער אימפּעריעס זיינען פֿאַרשווּנדן געוואָרן די „שעדלעכע סיבעס פֿון מילכאָמעס", אָבער דער געשלאָסענער שאָלעם „לאָזט איבער די וועלט אין אַ צושטאַנד פֿון אומזיכערקייט און צעריסנקייט".

יאָ, עס איז אַפֿילע דאָרטן געשטאַנען:

„דער גייסט פֿון אימפּעריאַליזם, וואָס האָט באַהערשט די צוגרייטונג צו דער מילכאָמע און מיט וועלכן עס זיינען געווען דורכגעדרונגען די פֿאַרפֿאַסער פֿון די שאָלעם-אָפּמאַכן, האָט נאָך אויך ווייטער זייער אַ פֿאַטאַלע ווירקונג".

וואָס זשע זאָל מען טאָן קעגן די שאָלעם־אָפּמאַכן, וואָס זיינען דורכגעדרונגען מיטן אימפּעריאַליסטישן גייסט, וואָס זייער אומדערטרעגלעכקייט ווערט גאַנץ ריכטיק געשטעמפּלט? דער פֿעלקער־בונד מוז העלפֿן! ער דאַרף „דעמאָקראַטיזירט" ווערן, זיינע פֿונקציעס דאַרפֿן פֿאַרברייטערט ווערן, די סאָציאַליסטן וועלן איז אים שאַפֿן זייערע אַ פֿאַרטרעטונג.

„אַף אַזאַ אויפֿן, אַ פֿאַרפֿולקומטער און אַ פֿאַרבעסערטער, וועט דער פֿעלקער־בונד ווערן דאָס נאַטירלעכע געצייג אַף צו פֿאַרוואַנדלען דעם שאָלעם־טראַקטאַט פֿון ווערסאַל אין אַ גערעכטיקן און דויערנדיקן שאָלעם. האַלטנדיק זיך פֿעסט באַם פּרינציפּ פֿון רעפּאַרירן די שאָדנס וועט ער מעגלעך מאַכן דאָס אָנווענדן דעם דאָזיקן פּרינציפּ אַף אַזאַ אויפֿן, אַז די פֿעלקער פֿון צענטראַל־אייראָפּע וועלן באַקומען די מיטלען זיך ווידער צו שטעלן אַף די פֿיס צום געמיינזאַמען אינטערעס פֿון דער גאַנצער וועלט. ער וועט פֿאַרבייטן די גרענעצן, וואָס דער טראַקטאַט האָט ווילקערלעך איינגעשטעלט, מיט גרענעצן, וואָס אַנטשפּרעכן די פֿריי אַרויסגעזאָגטע ווונטשן פֿון די פֿעלקער".

דאָס איז, הייסט דאָס, געווען די פּאָזיציע פֿונעם רעפֿאָרמיזם בענעגייע דער אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע און בענעגייע דעם אימפּעריאַליסטישן שאָלעם! פֿון איין זייט זיינען געווען שולדיק אינעם קריג נאָר די באַזיגטע מאָנאַרכיעס, פֿון דער צווייטער זייט איז דער קאַפּיטאַליזם געווען די טיפֿסטע סיבע פֿון דער מילכאָמע: דער אויספֿיר איז געווען, אַז די סאָציאַל־פּאַטריאָטן, וואָס האָבן זיך סאָלידאַריזירט מיט די שולדיקע רעגירונגען, האָבן זיך איצט באַקלאָגט זיך אַף „דעם קנאַפּן דערפֿאָלג" פֿון זייער קאַמף קעגן מיליטאַריזם און אימפּעריאַליזם, וואָס זיי האָבן קיינמאָל ניט געפֿירט. די סאָציאַל־פּאַטריאָטן פֿון די זיגערישע לענדער, וואָס זייער קאַפּיטאַליזם האָט האָך אויך

געהערט צו „די טיפסטע טיבעס פון דער מילכאמע“, האבן זיך ארויסגעוויזן העכער פון יעדן פארווורף. ניט געקוקט אף זייער גאלשטענדיקע סאלידאריטעט מיט זייערע אייגענע אימפעריאליסטן.

דער ווערסאלער טראקטאט איז, עמעס, דורכגעדרונגען מיטן „גייסט פון אימפעריאליזם“, אבער דער פרינציפ, וואס ער האט פראקלאמירט וועגן „רעפאראציעס“, דאס הייסט, דער פרינציפ, אז די באזיגטע פעלקער און ניט די קאפיטאליסטן פון אלע לענדער זאלן באצאלן די מילכאמע־שאדנס, ווערט אנערקענט פון די סאציאליסטן. אויב עס האבן פאסירט אומגערעכטיקייטן, זאלן זיי פארבעסערט ווערן, אבער ניט דורך דעם קאמף פונעם פראלעטאריאט, נאר דורך דעם פעלקערבונד פון די אימפעריאליסטן. דאס איז געווען די פראגראם פון בארעכטיקן אלע סאציאל־אימפעריאליסטישע פארברעכנס אין דער פארגאנגענהייט, פון סאנקציאנירן דעם אימפעריאליסטישן רויב־שאלעם און א דערלויבעניש פאר יעדער מין פארראט אין דער צוקונפט.

א מייסטער־שטיק פון צוויעס איז געווען די פאזיציע פונעם קאנגרעס בענעגייע רוסלאנד. אין דער צייט, ווען דער קאנגרעס איז פארגעקומען, האט די רויטע ארמיי געיאגט דאס פוילישע ווייסע מיליטער. וואס האט געוואגט אנצופאלן אפן ראטנלאנד, ביז צו די ווארשעווער טויערן. די צוויי־פנים־געזאמלטע רעפארמיסטן, וואס זיי אלע האבן לויטן מוסטער פון זייער פירער עבערט „געהאסט די רעוואלוציע ווי א זינד“, האבן דאך געהאלטן פאר צוועקמעסיק צו פראטעסטירן קעגן „די אפענע און באהאלטענע“ אינטערווענציעס פון פרעמדע רעגירונגען אין רוסלאנד, אבער פון יוישער וועגן האבן זיי צוגלייך פראטעסטירט קעגן דער רוסישער „אקופאציע“ פון אזערבייזשאן און האבן געווענדעט די אויפמערקזאמקייט פון אלע סעקציעס פונעם אינטערנאציאנאל אף פוילנס לאגע, „וואס איר עקזיסטענץ איז באדראט“. אין אנהייב פון דער סאוועטיש־פוילישער מילכאמע האט דער געגרינדעטער אין יוני פון 1919 יאר אמסטערדאמער פראפפאראייניקער אינטערנאציאנאל אף אזוי ווייט נאכגעגעבן דעם דרוק און די שטימונגען פון די מאסן, אז ער האט גערופן די ארבעטער־מאסן ניט צו דערלאזן קיין מילכאמע־מאטעריאל־טראנספארטן אף מיזרעך. איצט האט שוין דער „סאציאליסטישער אינטערנאציאנאל“ געטראכט אפילע וועגן א אינטערווענץ לעטויוועס די פוילישע ווייסגווארדייצן, וואס האבן אונטער דער קאמאנדע פונעם פראנצויזישן אימפעריאליזם געקעמפט קעגן דעם רוסישן פראלעטאריאט. און דידאזיקע געזעלשאפט האט דאך געהאלטן פאר נויטיק ארויסצושליסן פונעם אנטייל אין קאנגרעס דעם מענשעוויס אלעקסינסקי, ווייל ער איז אפן ארויסגעטראטן פאר דער מיליטערישער אונטערשטיצונג פון קאלטשאקן. דאס ווידער האט ניט געשטערט דערדאזיקער געזעלשאפט אנצוהויבן יעדעס מאל א ווילדן יאמער, ווען די פראלעטארישע דיקטאטור פלעגט באהאנדלען אזעלכע „סאציאליסטישע“ אנהענגער פון קאלטשאקן, אזוי ווי דאס מארדיגע קאנטררעוואליוציאנערן.

די דיפּלאָמאַטישע מאַנעוורעס צווישן דער קאָנטררעוואָלוציאָנערער אינטערווענציע און דער אונטערשטיצונג פון דער פּראָלעטאַרישער מעלוכע קעגן דער אינטערווענציע האָט פונקט אַזוי ווייניק געשטערט אַף צוציען די מאַסן, ווי די כיטרע פּלענער צו „סאָציאַליזירן", מיט עקספּראָפּריִרנדיק די קאַפּיטאַליסטן. אויך די צענטריסטן האָבן זיך אומזיסט באַמיט אײַנצוהאַלטן די מאַסן מיט צווייזײַטיקע רעצעפּטן. הילפערדינג האָט אויסגעטראַכט דעם באַרימטן לאָזונג פון „פאַראַנקערן" די ראַטן־סיסטעם אין דער קאָנסטיטוציע, דאָס הייסט, פאַרבינדן די פּראָלעטאַרישע דיקטאַטור מיט דער בורזשואַזער דעמאָקראַטיע. די לאָגיק פונעם קלאַסן־קאַמף, וועלכער איז אין דײַטשלאַנד געשטיגן ביז צו בירגערקריג, האָט געטריבן די רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער און די אַגענטן פונעם רעגירונגס־סאָציאַליזם אַף די קעגנזײַטיקע זײַטן פון דער באַריקאַדע און האָט צעריסן די שפּינוועבס פון אַלע צענטריסטישע אידעאָלאָגיעס. די מאַסן אין דער דײַטשישער אומאָפּהענגיקער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי און אין דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי האָבן גאָרניט געוואָלט הערן וועגן דעם סאָציאַל־פּאַטריאָטישן אינטערנאַציאָנאַל און האָבן געפאָדערט זיך אָנשליסן אין דריטן אינטערנאַציאָנאַל.

דער לײַפּציגער פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר פון דער אומאָפּהענגיקער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, וואָס איז פאָרגעקומען אין מאַרט 1919 יאָר האָט זיך פּלאַטאָניש אַרויסגעזאָגט פאַר דער דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט און פאַר דער ראַטן־סיסטעם און האָט געפאָדערט „אָפּשטעלן דעם אינטערנאַציאָנאַל אַפן באָדן פון דער רעוואָלוציאָנערער סאָציאַליסטישער פּאָליטיק אין גייסט פון די אינטערנאַציאָנאַלע קאָנפערענצן אין צימערוואַלד און קינטאַל".

נאָכן גרינדן דעם קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל האָט דער לינקער פּראָלעטאַרישער פליגל פון דער אומאָפּהענגיקער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי אָנגעהויבן א קאַמף פאַר אָנשליסן זיך אין קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל. די רעכטע, די הילפערדינגס, די דיטמאַנס, ברײַטשײַדס האָבן דעם דאָזיקן אָנשלוס קעסיידער סאַבאָטירט, שווערנדיק זיך אין דערזעלבער צײַט אין פרײַנטשאַפט און סימפּאַטיע צום קאָמינטערן. זיי זײַנען געווען גרייט אָנצושליסן זיך אין רעוואָלוציאָנערן אינטערנאַציאָנאַל נאָר בא דעם באַדינג, אויב ער וועט זיי דערלויבן פאָרזעצן די אָפּאָרטוניסטישע פּאָליטיק, וואָס זיי האָבן געפירט.

דער צווייטער קאָנגרעס פונעם קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל, וואָס איז פאָרגעקומען אין יולי 1920 יאָר, האָט געמוזט קוידעמקאָל שאַפן א קלאָרקייט אין דער דאָזיקער פראַגע: וואָס פאַר א כאַראַקטער דאַרפן האָבן די אַרבעטער־פּאַרטייען און דער אַרבעטער־אינטערנאַציאָנאַל אין דער עפּאָכע פון דער וועלט־רעוואָלוציע, קעדיי זיי זאָלן קענען פירן צום זיג דעם אַרבעטער־קלאַס און די גאַנצע מאַסע עקספּלואַטירטע און אונטערדריקטע. די וועלט־היסטאָרישע באַדײַטונג פונעם צווייטן קאָנגרעס באַשטייט קוידעמקאָל דערין, וואָס ער האָט פאָרמולירט דעם באָלשעוויסטישן שטאַנדפּונקט וועגן דער

ראָליע פון דער פּאַרטיי אַלס אָנפירערן פון דער אַרבעטער-באַוועגונג
אין דער גאַנצער וועלט.

די אָרגאַניזאַציע-פּרינציפּן, וואָס לענין האָט שוין אין 1903 יאָר דורכ-
געפירט קעגן די מענשעוויקעס, די פּרינציפּן פון דעמאָקראַטישן צענטראַליזם,
פון אייזערנער מיליטערישער דיסציפּלין און אַבסאָלוטער איינהייט פון דער
פּאַרטיי, די אומטאָלעראַנטקייט קעגן דעם אָפּאָרטוניזם און אַלע זיינע פאַר-
מען, די פאַרבינדונג פון דער לעגאַלער אַרבעט מיט דער אומלעגאַלער —
דאָס אַלץ זיינען ניט קיין ספּעציפיש רוסישע פּרינציפּן, וואָס זיינען נאָר
גילטיק אין די רוסישע באַדינגונגען, דאָס זיינען פּרינציפּן פון אַ פּראָלעטאַ-
רישער פּאַרטיי, וואָס שטאַמען פון די באַדינגונגען פון בירגער-קריג, פון
דער אויפגאַבע פּראַקטיש צו אָרגאַניזירן די רעוואָלוציע. די דאָזיקע פּרינ-
ציפּן, וואָס האָבן אויסגעזען צו זיין אומפאַרשטענדלעך פאַר די צענטראַלע
און מיזרעח-אייראָפּעישע לענדער אין דער פאַר רעוואָלוציאָנערער עפּאָכע,
האָבן זיך אַרויסגעוויזן ווי די איינציקע ריכטיקע, נייטיקע פּרינציפּן, ווייבאַלד
נאָר די דאָזיקע לענדער זיינען אויך אַריינגעטראָטן אין דער רעוואָלוציאָנע-
רער עפּאָכע.

וואָס פאַר אַ רעזולטאַטן עס גיט דאָס דולדן אָפּאָרטוניסטישע עלעמענטן
אין אַן אַרבעטער-פּאַרטיי, דאָס האָט געוויזן שוין דער קראַך פונעם צווייטן
אינטערנאַציאָנאַל. אויך די דערפאַרונגען פון דער אונגאַרישער און דער דייט-
שישער רעוואָלוציע האָבן באַשטעטיקט, אַז דער פּראָלעטאַריאַט קאָן ניט
זיגן און קאָן ניט איינהאַלטן זיך ווו ער האָט געזיגט, אויב אַף דער אָנפי-
רונג האָבן אַן איינפלוס וואַקלדיקע אָפּאָרטוניסטישע עלעמענטן. די פּאַרטיי
וואָס וויל ניט זיין אַ הויפן סימפּאַטיקערס צום סאָציאַליזם, נאָר דער
אַוואַנגאַרד, וואָס באַשטייט פון פאַרגעשריטענע, קלאַסן-באַוווסטזיניקע, מע-
סירעסנעפּעשדיקע, וויטזיכטיקע אַרבעטער, דאַרף זיך אָבער בעשום אופן
ניט איזאָלירן פון די מאַסן, נאָר מוז זיין פאַרוואָרצלט אין די אונטער-
נעמונגען און אין די מאַסן-אָרגאַניזאַציעס, קעדיי צו באַוואָרענען די איינ-
הייטלעכקייט פון דעם פּראָלעטאַרישן קאַמף אין אַלע שלאַכטן פונעם
אַרבעטער-קלאַס, אין אַלע טיילן פון דער אַרבעטער-באַוועגונג, קעדיי קעגן
אַלע טיילווייזע אינטערעסן דורכפירן דעם אַלגעמיינעם אינטערעס פונעם
אַרבעטער-קלאַס. אַט דעמדאָזיקן צוועק, אויפצובויען דעם קאָמוניסטישן אינ-
טערנאַציאָנאַל ווי אַן איינהייטלעכע אָרגאַניזאַציע פון אַזעלכע פּאַרטייען, ווי
אַ באָלשעוויסטישע וועלט-פּאַרטיי, דינען דער סטאַטוט און די טעזיסן
וועגן די באַדינגונגען פאַרן אויפנעמען אין דעם קאָמוניסטישן אינטערנאַצי-
אָנאַל. אין סטאַטוט שטייט:

„דער קאָמוניסטישער אינטערנאַציאָנאַל מוז ווירקלעך און פאַקטיש
פאָרשטעלן מיט זיך אַ איינהייטלעכע פּאַרטיי פון דער גאַנצער וועלט. די
פּאַרטייען, וואָס אַרבעטן אין יעדן באַזונדער לאַנד, זיינען נאָר זיינע
סעקציעס".

דער קאָמינטערן ברעכט ראַדיקאַל מיט דער אָפּאָרטוניסטישער טעאָריע

וועגן דער אויטאָנאָמיע פון די נאַציאָנאַלע פּאַרטייען, ער הערלאָזט ניט קיין שום אונטערשיידונג צווישן פראַגן פון אינטערנאַציאָנאַלער און פון נאַציאָנאַלער באַדייטונג, וואָס די לעצטע זאָלן קאָנען געלייזט ווערן פון די באַטרעפנדיקע לאַנד־פּאַרטייען אָן דער אַריינמישונג פונעם אינטערנאַציאָנאַל.

די וועלט־קאָנגרעסן און דער אויספיר־קאָמיטעט, וואָס פירט אָן מיטן קאָמינטערן אין דער צייט צווישן צוויי קאָנגרעסן, מוז אַכטונג געבן דערויף, אַז יעדע סעקציע אויף די שלאַכט־פּאָזיציעס, וואָס זי שטייט, זאָל אויספילן אַלע פליכטן קעגן דעם אינטערנאַציאָנאַלן פּראָלעטאַריאַט. דעריבער גיט דער סטאַטוט רעכט דעם אויספירקאָם אויסצושליסן פּערזאָנען, גרופּן, אָדער פּאַרטייען, וואָס האָבן איבערגעוואָרפן ניט די באַשלוסן פונעם קאָמינטערן. די רעפאָרמיסטן טאַדלען די דאָזיקע באַשטימונג ווי אַ באַרבאַריש מיטל פון דער „מאָסקווער דיקטאַטור". יעדער אַרבעטער, וואָס טראַכט אַ ביסל, ווי אַזוי מע זאָל פּראַקטיש פאַרווירקלעכן די אינטערנאַציאָנאַלע איינהייט פון טאַט, מוז פאַרשטיין, אַז עס איז ניטאָ קיין אַנדער מיטל ווי צו זיכערן די אינטערנאַציאָנאַלע דיסציפּלין. די אָנפירונג פון אַ פּאַרטיי, וואָס איז אויפגעבויט אויף פּריווילעגיעס, פאַרמאָגט ניט קיין צוואַנגמיטלען, מיט וועלכע זי זאָל קאָנען זיכערן, אַז אירע מיטגלידער זאָלן אָפּהיטן אירע פּרינציפּן, אָבער זי מוז יענע מיטגלידער, וואָס פילן ניט אויס אירע פליכטן, וואָס פירן ניט דורך די באַשלוסן, וואָס ברעכן די אינטערנאַציאָנאַלע דיסציפּלין, אומדערבאַרעמדיק אַרויסוואַרפן פון אירע רייען. נאָר אויף אַזאַ אופן איז מעגלעך צו זיכערן די אומבאַדינגטע איינהייטלעכקייט פון די אינטערנאַציאָנאַלע אַרויסטרעטונגען.

די 21 אופנעם־באַדינגונגען, וואָס די צענטריסטן האָבן זיי אַזוי פיל געזידלט, דינען אויך נאָר דעם צוועק צו באַוואָרענען די אינטערנאַציאָנאַלע דיסציפּלין, די דורכפירונג פון די אינטערנאַציאָנאַלע באַשלוסן. זיי פאָדערן אַ פּאַרטיי־קאָנטראָל און אָנפירונג פון אַלע אָרגאַניזאַציעס און פּרעסע־אָרגאַנען, וואָס געפינען זיך אונטער קאָמוניסטישער ווירקונג, דאָס שאַפן אַן אומלעגאַלע אָרגאַניזאַציע פּאַראַלעל מיט דער לעגאַלער אָרגאַניזאַציע, די סיסטעמאַטישע פּראָפּאַגאַנדע אין דער אַרמיי און אין דאָרף, דעם סיסטעמאַטישן קאַמף ניט נאָר קעגן דעם סאָציאַל־אימפּעריאַליזם, נאָר אויך קעגן דעם סאָציאַל־פּאַציפיזם, פולשטענדיק איבעררייסן אָרגאַניזאַציאָנעל מיט אַלע צענטריסטישע עלעמענטן, וועלכע מוזן אויסגעשלאָסן ווערן פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, אַ ברידערלעכע אונטערשטיצונג פאַר דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין די קאָלאָניעס, באַזונדערס דורך די פּאַרטייען פון די באַטרעפנדיקע מעטראָפּאָליעס, דעם סיסטעמאַטישן קאַמף אין די פּראָפּאַרייען דורך אָרגאַניזירטע פראַקציעס קעגן דעם אַמסטערדאַמער רעפאָרמיסטישן אינטערנאַציאָנאַל, די פּאַרלאַמענט־פראַקציעס מוזן זיך אונטערוואַרפן דעם צענטראַל־קאָמיטעט, די אומבאַדינגטע דורכפירונג פון אַלע באַשלוסן פון קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל. קיין איינע פון די דאָזיקע באַדינגונגען זיינען ניט געווען איבעריק, עדיי די אַמאָליקע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטייען זאָלן ווערן בעעמעס

קאָמוניסטישע. די 21 באַדינגונגען שטרייכן אונטער יעדן פּונקט, באַ וועלכן עס איז אַמשווערסטן בייצוקומען די סאָציאַלדעמאָקראַטישע טראַדיציעס און זיי האָבן געהאַפט שאַפן באַוואָרענישן קעגן דער פּראַקטיק פון די אָפּאָרטוניסטן, וואָס זיי האָבן אַזוי ליב אָנווענדן, אָנצונעמען יעדן באַשלוס, ווען די שטימונג פון די מאַסן פאָדערן עס און דערנאָך כוצפּעדיק סאַבאָטירן זיין דורכפירן אין לעבן.

די רעכטע אומאָפּהענגיקע, די קריספּינס, דיטמאַנס און קאָ., די פראַנצויזישע און איטאַליענישע צענטריסטן האָבן קעגנגעשטעלט קוידעמקאַל קעגן דער פאָדערונג אויסצושליסן אומבעראַכמאָנעסדיק אַלע רעפאָרמיסטישע פירער. „קאַוטסקי האָט קיין שום ווירקונג", האָבן דערקלערט די דיטמאַנער. „טוראַטי וועט זיך אונטערוואַרפן דער דיסציפּלין", האָט געשוואָרן סעראַטי, אָבער די פירער פון קאָמינטערן האָבן גאָרניט געטראַכט אַפילע איבערצוכאַזערן דעם עקספּערימענט, פון וועלכן עס זיינען אומגעקומען די פּאַרטייען פונעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל. אומעטום האָט די דערפאַרונג באַשטעטיקט, אַז די אָפּאָרטוניסטן, ווען מע גיט זיי נאָר די מעגלעכקייט אַריינצוזעצן זיך אין די מאַסן־אָרגאַניזאַציעס און אין די פּאַרלאַמענטן, קאָנען אין די קריטישע מאָמענטן, ווען אַף דער רעוואָליוציאָנערער אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע דריקט מיטן גאַנצן קויעך די בורזשואַזיע, ווען די ווייניקער ווידערשטאַנדפעיקע עלעמענטן פון דער פּאַרטיי הויבן אָן זיך צו וואַקלען, קאָנען זיי פּאַראַליזירן די איינהייטלעכע און אַנטשלאָסענע האַנדלונג פון דער אָרגאַניזאַציע.

אַסאַך דעלעגאַטן האָבן ניט געוואָלט באַגרייפן, פאַרוואָס איז באַזונדערס דערמאָנט געוואָרן וועגן שאַפן אומלעגאַלע אָרגאַניזאַציעס. זיי האָבן געהאַלטן, אַז עס איז טאַקטיש ניט קלוג דערפון צו ריידן. אויך דאָ האָבן זיך אויסגעדריקט די אָפּאָרטוניסטישע טראַדיציעס. מע דאַרף ניט באַהאַלטן ניט פון דער בורזשואַזיע, ניט פונעם אַרבעטער־קלאַס, אַז די רעוואָליוציאָנערע פּאַרטיי מאַכט ניט אָפּהענגיק איר טעטיקייט פון דער דערלויבעניש פון דער פּאָליציי. אויסנוצן אַלע לעגאַלע מעגלעכקייטן אַף צו אַרבעטן צווישן די מאַסן, אָבער אומבאַדינגט באַוואָרענען דאָס פונקציאָנירן פונעם פּאַרטיי־אַפּאַראַט, אין דעם פאַל, אויב די בורזשואַזע מעלוכע־מאַכט וועט האַלטן פאַר נויטיק אָנצווענדן געוואַלט־מיטלען קעגן דער פּאַרטיי.

די איין־און־צוואַנציק אופנעם-באַדינגונגען האָבן אופגעבויט אַ דאַמבע קעגן די אָפּאָרטוניסטישע עלעמענטן פון צענטער, אָבער דער צווייטער קאָנגרעס האָט אויך דורכגעצויגן אַ גרענעץ־שטריך קעגן די אַנאַרכאָ־סינדיקאַליסטישע סעקטאַנטן, פאַרפליכטנדיק אַלע אָנגעשלאָסענע פּאַרטייען אויסצונוצן די פּאַרלאַמענטן און מאַסן־אָרגאַניזאַציעס פאַר רעוואָליוציאָנערער פּראָפּאַגאַנדע.

די באַשלוסן איבער דער קאָלאָניאַלער און אַגראַר־פראַגע אַנטהאַלטן די לעקציעס פון דער סטראַטעגיע פונעם פּראָלעטאַרישן קלאַסן־קאַמף, וואָס מאַרקס און לענין האָבן אַרויסגענומען פון די דערפאַרונגען פון די רעוואָליוציאָנערע קאַמפן פון אַ גאַנצן יאָרהונדערט: דער קאַמף פאַר די אומבאַגרע־

געצטע זעלבסטבאַשטימונגרעכט פון די נאַציעס באַזונדערס פאַר דער באַפרייונג פון די הונדערטמיליאָניקע מאַסן פון די קאָלאָניאַלע פעלקער מאָביליזירט די קאָלאָסאַלע רעזערוון צום קאַמף קעגן דעם אימפּעריאַליזם. דער בונד פונעם פּראָלעטאַריאַט מיט דעם מיטלפּויער, די פאַנאַנדערוויקלונג פונעם קלאַסן־קאַמף אין דאָרף, גיבן דעם פּראָלעטאַריאַט דעם אָנשפּאַר, אָן וועלכן ער וואָלט ניט געקאָנט ניט דעראָבערן, ניט פאַרפעסטיקן זיין מאַכט.

ווען די צענטריסטן האָבן דערזען, אַז אין מאָסקווע איז זייער פּראַקטיק אומדערבאַרעמדיק קריטיקירט געוואָרן, אַז זיי האָבן דערזען, אַז עס פאַרשווינדט יעדע מעגלעכקייט פאַרצוזעצן אינעם דריטן אינטערנאַציאָנאַל דעם אַלטן שווינדל פונעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל, האָבן זיי פאַנאַנדערגעוויקלט אַ ווילדע קאַמפּאַניע קעגן אַריינטרעטן אין קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל. הילפערדינג, וואָס האָט שוין באַוויזן זיין גאַנצע כאַראַקטערלאָזיקייט אין זיין בוך וועגן „פינאַנץ־קאַפּיטאַל“, ווו ער האָט געשריבן, אַז פון דעם מאַרקסיסטישן באַנעמען פאָלגט ניט קיין סאָציאַליסטישער טאַט, האָט אויסגעזוכט אַלערליי „לינקע“ אַרגומענטן קעגן דעם באָלשעוויזם. ער האָט אַנטדעקט דעם אָפּאָרטוניזם אינעם בונד פונעם פּראָלעטאַריאַט מיט דער נאַציאָנאַלער באַפרייונג־באַוועגונג פון די אָפּגעשטאַנענע פעלקער, אינעם פאַנאַנדערטיילן די ערד די אָרעמע פּויערים. ער האָט פּראָפּאַגאַנדירט פאַר דער צוקונפט אַ כעמיש ריינע סאָציאַליסטישע רעוואָלוציע, אין וועלכער נאָר דער „ריינער“ אינדוסטריעלער פּראָלעטאַריאַט, ניט פאַרבינדנדיק זיך מיט אַנדערע עקספּלואַטירטע שיכטן, וועט דירעקט אַריבערגיין צום סאָציאַליזם, אַ ראַדיקאַליזם, וואָס האָט זיכער געהאַט נאָר איין צוועק — אַרויסצודרייען זיך פון די רעוואָלוציאָנערע אויפגאַבן, וואָס שטייען דירעקט אין דער טאָג־אָרדענונג. די צענטריסטן האָבן דעמאָלט „אַנערקענט“ די דיקטאַטור פונעם פּראָלעטאַריאַט, זיי זיינען אָבער אַרויסגעטראָטן קעגן דעם רעוואָלוציאָנערן טעראָר, ווי דער פּראָלעטאַריאַט, וואָס קעמפט פאַר דער באַפרייונג פון דער מענטשהייט, וואָלט געקאָנט רעכענען זיך מיט דעם בורזשואַזן מאָראַלישן קאָדעקס, וועלכן די בורזשואַזיע וואַרפט אַליין אַוועק אָן אַ זייט, ווען דאָס פאָדערן אירע קלאַסן־אינטערעסן. מער פון אַלץ האָבן אָבער די צענטריסטן געשריִען קעגן דער „מאָסקווער דיקטאַטור“, און האָבן דערמיט באַוויזן ניט קיין אַנדער זאַך ווי זייער נאַציאָנאַלע באַגרענעצטקייט, זייער ניט פאַרשטיין די אינטערנאַציאָנאַלע סאָלידאַריטעט פון טאַט.

די אַרבעטער, וואָס זיינען ביז דאַן געגאַנגען נאָך די צענטריסטישע פּאַרטייען, האָבן באַשלאָסן אַפן פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר פון דער אומאָפּהענגיקער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי אין האַלע אין אָקטיאַבער 1920 יאָר און אַפן פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר פון די פראַנצויזישע סאָציאַליסטן אין טור אין דעקאַבער 1920 יאָר מיט אַ גרויסער מערהייט אָנצונעמען די 21 אויפנעמבאַדינגונגען און אַריינטרעטן אין קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל.

אין דער איטאַליענישער פּאַרטיי האָבן זיך אַרום די 21 באַדינגונגען פאַנאַנדערגעפלאַקערט שווערע קאַמפן. די דאָזיקע פּאַרטיי, וואָס האָט פאַרנומען

אַ געשלאָסענע קעגנערישע אָפּאָזיציע קעגן דער מילכאָמע און האָט פאַרטראָטן די ריכטונג פון דעם צימערוואַלדער צענטער, איז אַריינגעטראָטן אינעם קאָמינטערן גלייך נאָך זיין גרינדונג. סעראַטי אָבער, איר איינפלוסרייכער פירער, איז אַרויסגעטראָטן קעגן אויסשליסן די רעפאָרמיסטן פון דער פּאַרטיי, ווען אין סענטיאַבער פון 1920 יאָר האָבן די אַרבעטער אין איטאַליע אָנגעהויבן צו פאַרכאַפּן די פאַבריקן, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די איטאַליענישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי איז נאָך אַ צענטריסטישע פּאַרטיי און איז ניט פעיִק צו פירן ווייטער די אַרבעטער אין אַנטשיידענעם קאַמף. בעיִס די מאַסן האָבן זיך באַוואָפנט, האָבן די פירער געפירט אונטערהאַנדלונגען וועגן אָפּשטעלן דעם קאַמף.

צוליב פּוסטע צוזאָגן פון דער רעגירונג איז אָפּגעשטעלט געוואָרן דער קאַמף. די האַרטע לעקציעס פון דערהאַזיקער מאַפּאָלע האָבן געבראַכט דערצו, אַז אויך אין איטאַליע אויפן קאָנגרעס אין באָלאָניע, וואָס איז פאָרגעקומען אין יאַנואַר 1921 יאָר, האָט זיך אַרום לינקן פליגל צונויפגעזאַמלט אַ באַדייטנדיקע מינדערהייט, וואָס האָט אַנטשלאָסן דורכגעפירט דעם איינריים ניט נאָר מיט די רעפאָרמיסטן, נאָר אויך מיט די צענטריסטן.

ווען עס האָט זיך פאַרענדיקט דער קאַמף אַרום די 21 אויפנעם־באַדינגונגען האָבן די וויכטיקסטע צענטריסטישע פּאַרטייען, די אומאָפּהענגיקע לייבאָר־פּאַרטיי, די דייטשישע אומאָפּהענגיקע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי, די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטייען פון דער שווייץ און פון דייטש־עסטרייך, באַשלאָסן אויף זייער קאָנפערענץ אין בערן אין דעצעמבער 1920 יאָר צוזאַמענרופן אַ קאָנגרעס פון די פּאַרטייען, וואָס זיינען אַרויסגעטראָטן פונעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל, אָבער ניט אַריינגעטראָטן אינעם דריטן אינטערנאַציאָנאַל. דעמלט אין דער צייט פון רעוואָלוציאָנערן אויפשטייג האָבן זיך די צענטריסטן אויך דערקלערט פאַר דער וועלט־רעוואָלוציע, פאַר פּאַרטייִדיקן ראַטן־רוסלאַנד, פאַר אונטערשטיצן די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג אין מיזרעך, פאַר פאַרייניקן אַלע רעוואָלוציאָנערע קרעפטן קעגן דעם אימפּעריאַליזם. דער מאַניפעסט פון דער בערנער קאָנפערענץ שטעלט פעסט: די וועלט־מילכאָמע האָט צעשטערט דעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל. דאָס וואָס עס איז געבליבן איז נאָר „דער רעפאָרמיסטישער און נאַציאָנאַליסטישער פליגל פונעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל". דער צווייטער אינטערנאַציאָנאַל איז נאָר „אַן עלעמענט פון צעשטערן די איינהייט אינעם פּראָלעטאַרישן קלאַסן־קאַמף". אָבער די יוישערדיקע מענער פון צענטער האָבן געווענדעט זייער קריטיק אויך קעגן דעם דריטן אינטערנאַציאָנאַל. דער דריטער אינטערנאַציאָנאַל איז נאָך אַ פאַרייניקונג פון קאָמוניסטישע פּאַרטייען, וואָס וואַרפט אָן אַלע פּאַרטייען דעם באָלשעוויקישן שאַבלאָן, ער וויל אינגאַנצן ליקווידירן די אויטאָנאָמיע פון באַזונדערע פּאַרטייען, אונטערוואַרפן די פּראָפּאַריינען די פּאַרטייען, ער שטרעבט צו שפּאַלטן די אינטערנאַציאָנאַלע אַרבעטער־באַוועגונג.

קעגן די „באָלשעוויסטישע שאַבלאָנען" האָבן די כאַכאָמים פונעם צענטער אַנטקעגנגעשטעלט די אוסטראָ־מאַרקסיסטישע טעאָריע: ווי ווייט מעגלעך —

מיט דער דעמאָקראַטיע, גייט ניט — האָן אויך מיט דער דיקטאַטור, צי אין דער פאָרם פון אַרבעטער־ראַטן אָדער אין אַן אַנדער פאָרם. קלאָר, אַז די „דיקטאַטור", וואָס די צענטריסטן אָנערקענען, איז ניט די דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט, וועלכע מאַרקס האָט באַצייכנט ווי די מעלוכע־פאָרם פאַר דער גאַנצער איבערגאַנג־עפּאָכע פון קאַפּיטאַליזם צום סאָציאַליזם, נאָר דאָ מיינט מען אַ געוויסן איבערגייענדיקן אויסנאַם־צושטאַנד אין דער בורזשואַזער מעלוכע, ווען די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע דיקטירט „קעגן רעכטס און לינקס".

דאָס איז געווען די טעאָרעטישע באַזע, אויף וועלכער דער אינטערנאַציאָנאַלער צענטער האָט זיך צום ערשטן און לעצטן מאָל זעלבשטענדיק קאָנסטיטוירט אין פעברואַר פון 1921 יאָר אין ווין. עמעס, פרידריך אַדלער האָט אָפּריער דערקלערט, אַז עס איז ניטאָ קיין שטרעבונג צו גרינדן אַ נייעם אינטערנאַציאָנאַל, נאָר עס האַנדלט זיך וועגן מיטהעלפן, אַז עס זאָל פאַרווירקלעכט ווערן אַ אינטערנאַציאָנאַל, וואָס זאָל אַלץ און אַלעמען אַרומכאַפּן. אַדלער האָט דערקלערט, אַז אין דעמאָקראַטישן פאַראייניקן ליגט דער באַזונדערער באַרוף פונעם צענטער, וואָס ער געהערט צו אים, „אין דעם זין, וואָס מיר זיינען אין דערזעלבער מאָס ווייט פון דער נאַיווער און אומגעדולד און פונעם סקעפּטישן ניטגלויבן" און אַזוי ווי די נאָסקעס, וואַנדערוועלדעס, טאָמאַסעס און קאָ. קאָן מען קיין אַנדער זאַך ניט פאַרוואַרפן ווי אַ מאַנגל אין גלויבן, זאָגט זיך דעריבער אַדלער אָפּ צו זידלען דיראַזיקע אידעאַלע געזעלשאַפט אין אַ „קאַזאַרמעס־טאָן", אַ טאָן, וואָס אים האָט ליב אָנצווענדן דער קאָמינטערן. קעגן קאָמינטערן ווידער האָט ער אָנגעווענדט ניט דעם קאַזאַרמע־הויף־טאָן, נאָר דעם טאָן פון דער דיפּלאָמאַטיע פונעם אימפּעריאַליזם. ער שולדיקט דעם קאָמינטערן אַלס אינסטרומענט פון דער אויסערן־פּאָליטיק פון דער ראַטן־רעפּובליק און באַמערקט דערצו:

„דער אינטערנאַציאָנאַל האָט צוגלייך (!) מיט דעראַזיקער פונקציע אַן עקזיסטענץ־באַרעכטיקונג אין און פאַר זיך, הגם, ווען די ראַטנמאַכט וואָלט געליטן אַ מפּלע, וואָלט געווען זייער טרויעריק, ווייל דאָס וואָלט באַטייט אַ זיג פון דער וועלט־רעאַקציע".

אַזוי גרויס אָנערקענט אַדלער, אַז די פאַרטיידיקונג פון דער ראַטן־רעפּובליק איז די אויפגאַבע פונעם אינטערנאַציאָנאַל, ער אָנערקענט, אַז אַ מפּלע פון דער ראַטן־רעפּובליק וואָלט געווען אַ זיג פון דער וועלט־רעאַקציע און דעריבער האָט ער ניט קיין אַנדער אַרגומענט פאַר דער גרינדונג פון אַ נייעם אינטערנאַציאָנאַל, וואָס וועט אומפאַרמיידלעך פאַרנעמען אַ קעגנערישע פּאָזיציע בנוגע דער פּראָלעטאַרישער מעלוכע, ווי דעם, אַז צוגלייך מיטן פאַרטיידיקן די פּראָלעטאַרישע מעלוכע זיינען נאָך פאַראַן אַנדערע אויפגאַבן. ווי עמעצער וואָלט געשפּאַרט זיך קעגן דעם, ווי עס וואָלט געווען אַ וואָסער ניט איז ווידערשפּרוך צווישן דער פאַרטיידיקונג פון דער פּראָלעטאַרישער מעלוכע און די אויפגאַבן פון דער אינטערנאַציאָנאַלער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע!

בײַ יעדער פראַגע איז די פּאָזיציע פון די צענטריסטן כאַראַקטעריסטיש מיט זייער פּרינציפּלאָזן האַלטן זיך צווישן די פּרינציפּן, וואָס לאָזן זיך ניט

צונויפפאָרן. איבער דער פראַגע וועגן דער אויטאָנאָמיע פון די באַזונדערע פאַרטייען דערקלערט אַדלער, אַז דער אינטערנאַציאָנאַל איז נאָר דעמאָלט עפּעס ווערט, ווען זיינע באַשלוסן זיינען אַבליגאַטאָרישע, דורך דעם ווערט אָבער די אויטאָנאָמיע באַגרענעצט, פון דער צווייטער זייט, ווידער מוזן די ראַמען פונעם אינטערנאַציאָנאַל זיין וואָס ברייטערע. פאַרטייטשט אויף פּאָשעטן לשון הייסט דאָס: קודם די באַשלוסן זאָלן קאָנען זיין אַבליגאַטאָרישע מוז מען וואָס ווייניקער באַשליסן.

נאָר אפילו דיזאָזיקע באַשיידענע פאָרמולירונג האָט אויסגעזען צו זיין צו ווייטגייענדיק פאַר אַסאַך פאָרשטייער פון דעם נייעם אינטערנאַציאָנאַל, וואָס צוליב זיין צווישנדיקער פּאָזיציע צווישן דעם צווייטן און דריטן אינטערנאַציאָנאַל האָט מען גאַנץ ריכטיק גערופן צוויי א האַלבעדיקן. אַזוי האָט דערקלערט שינוועל אין נאָמען פון דער ענגלישער אומאָפּהענגיקער לייבאָר־פאַרטיי:

„פון יעדן אינטערנאַציאָנאַל פאָדערן מיר אויטאָנאָמיע אין הינזיכט פון מעטאָדן און אָרגאַניזאַציע. מיר זיינען גרייט זיך אונטערוואַרפן די פּרינציפּן, וועלכע דיזאָזיקע קאָנפערענץ וועט פאָרמולירן, אָבער אונדזערע מעטאָדן און אָרגאַניזאַציע־פאָרמען מוזן מיר אַליין צופּאַסן צו די באַדינגונגען פון אונדזער לאַנד. מיר קאָנען ניט דערלאָזן, אַז עמעצער זאָל אונדז געבן אָנווייזונגען".

אין די אָנגענומענע טעזיסן האָט מען זיך אָן איינצע געגעבן מיט דער שיינער פאָרמולירונג: יעדער באַשלוס פון דער אינטערנאַציאָנאַלער אָרגאַניזאַציע באַטייט „א פרייוויליקע באַגרענעצונג פון דער אויטאָנאָמיע פון די פאַרטייען פון איינצלנע לענדער", דערמיט איז דיפּלאָמאַטיש געגעבן געוואָרן אָנצוהערעניש, אַז די פאַרטייען דאַרפן זייער נאַציאָנאַליזם באַגרענעצן ניט מער ווי אויף וויפל זיי אַליין ווילן. דערדאָזיקער גרונט־טעזיס פונעם צענטריסטישן אינטערנאַציאָנאַל איז אַזוי גוט געפעלן געוואָרן די רעפאָרמיסטן, אַז ער איז שפּעטער אַריבער אינעם סטאַטוט פונעם צוריק פאַראייניקטן רעפאָרמיסטישן אינטערנאַציאָנאַל.

די טעזיסן, וואָס האָבן אַנטהאַלטן אויסער דערדאָזיקער נאָך ענלעכע גרויסע כאַכמעס, זיינען אָנגענומען געוואָרן איינשטימיק, האַגאַם דער שווייצאַרישער דעלעגאַט גרים האָט דערמאָנט וועגן דעם, אַז דאָס, וואָס עס האָט געפעלט אַן איינהייטלעכע מיינונג, ביפראַט אין דער פראַגע וועגן לאַנד־פאַרטיידיקונג, און די קלוימערשטע דעמאָנסטראַטיוו אויסערלעכע איינהייט אָן איינהייטלעכע אַבליגאַטאָרישע באַשלוסן, האָט געבראַכט צום אונטערגאַנג פונעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל.

דעם מיטלוועג צווישן דיקטאַטור און דעמאָקראַטיע האָבן די טעזיסן דעפינירט אָט ווי אַזוי:

„דער אינטערנאַציאָנאַל דאַרף ניט באַגרענעצן דעם קאַמף פונעם פּראָלעטאַריאַט ניט מיט אָנווענדן בלויז דעמאָקראַטישע מעטאָדן, ווי דאָס וויל

איצט דער אזוי גערופענער צווייטער אינטערנאציאנאל*), און ניט פאַ-
דערן נאכמאכן די שאבלאָנען פון דער רוסישער פועלים-און ארבעטער-
רעוואָליוציע, ווי דאס וויל דער קאָמוניסטישער אינטערנאציאָנאל".

דערהדאַזיקער געזידלטער פון אסאך זייטן, אבער קיינמאָל ניט זאכלעך קריטיקירטער „שאבלאָן" איז ניט קיין אנדער זאך ווי דאס דעראָבערן די מאכט דורך א באוואָפנטן אופשטאנד, איר פארפעסטיקונג אין א מעלוכע פון פראָלעטארישער דיקטאטור, וואס שטיצט זיך אויף די ארבעטער-ראטן און אויף באוואָפנטן פראָלעטאריאט. די צענטריסטן וואַרפן אָפּ „דעמדאָזיקן שאבלאָן", ווייל אין לעצטן סאכאסך איז די מוירע פאר א בירגער-קריג דער גרונט פון זייער האנדלען, אָדער ריכטיקער געזאָגט פון זייער ניט האנדלען: די טעזיסן קאָנסטרוירן אין דער לופט א פאנטאסטישן פאל, ווען די בורזשואזיע וואָלט ניט געהאט אין איר רעשוס קיין מיליטערישע מאכט-מיטלען און וואָלט דעריבער ניט געוואָגט גיין אויף א בירגער-קריג. אין דיזאָזיקע אידילישע לענדער זאָל דער פראָלעטאריאט „דעראָבערן די פאָליטישע מאכט מיט דער הילף פון דעמאָקראטיע".

אזעלכע לענדער זיינען נאך ניט דערפונדן געוואָרן. דערווייל אָבער האלטן די צענטריסטן אויף דעם פראָלעטאריאט פון באוואָפנטן קאמף — וואַרשיינלעך מיט דער פרומער האָפענונג, אז אמאָל וועט דאך יענע אומבאקאנטע לאנד מיט דער פריינטלעכער בורזשואזיע דאך אנטדעקט ווערן. די קאָמוניסטן אָבער, וואס האלטן ניט פון דעמדאָזיקן „נאַיוון גלויבן" — רייזנדיק מיט פרידריך ענגעלס ווערטער,—ווערן אינטערנעהדיקט ניט נאָר מיט די מיטלען פון איי-בערציייוגג, נאָר אויך מיט געוואלט, וואַרשיינלעך קעדיי זיי אויסצולאָזן דעם גלויבן אין דער פרידלעכער דעמאָקראטיע.

קונפי, וואס איז בעיים דער אונגארישער ראטן-רעפובליק געווען פאָלקס-קאָמיסאר פאר פאָלקס-בילדונג — האט באַרעכטיקט זיין צוזאמענארבעט מיט די קאָמוניסטן דערמיט, וואס פאר די סאָציאל-דעמאָקראטן איז געבליבן נאָר דער אויסוואל אָדער גיין מיט די קאָמוניסטן אָדער ווערן נאסקעט. דאס איז געווען דער גאנץ ריכטיקער אויסדרוק פאַרן קאָמוניסטישן טעזיס, אז בא איצטיקע באַדינגונגען איז פאראן נאָר די אלטערנאטיווע: דיקטאטור פון דער בורזשואזיע אָדער דיקטאטור פונעם פראָלעטאריאט. אבער גראד דידאָזיקע קלאָרע שטעלונג האבן די צענטריסטן געוואָלט אויסמיידן.

אָדלער האט באלאנסירט צווישן דעם „נאַיוון פאציפיזם און דער באָלשעוויסטישער געוואלט-טעאָריע". אונטער דעם האט ער פארשטאנען די טעאָריע, אז די מילכאָמע איז „דער ריכטיקער הויבער", אויף אופצוהויבן די רעוואָליוציע. אונדזער גאנג דורך דער געשיכטע פונעם צווייטן אינטערנאציאָנאל האט געוויזן, אז אלע ארבעטער-פירער ביזן 1914 יאר האבן אין דער מילכאָמע געזען א הויבער פון דער רעוואָליוציע, ווי דאס האבן מאַרקס

*) דער פראנצויזישער צענטריסט [illegible] האט אין דער דיסקוסיע באגעוויזן, אז ביז געקוקט אויף דער באהויפטונג פונעם זשענעווער קאָנגרעס, האט דער צווייטער אינטערנאציאָנאל פאר דער מילכאָמע קיינמאָל זיך אליין ניט באגרענעצט מיטן אָנווענדן נאָר דעמאָקראטישע מעטאָדן.

בעווין אַלע גרויסע מילכאָמעס פון אונדזער עפּאָכע — 1871, 1905, 1914, 1918. אָבער אַז די מילכאָמע איז „דער ריכטיקער הויבער" פון דער רעוואָלירציע, האָט קיין איין מענטש ניט באַהויפּט. רעוואָליוציאָנערע קריזיסן קאָנען אַנטשטיין פון פאַרשיידענע סיבעס און אַ רעוואָליוציאָנערע פּאַרטיי וועט אויסנוצן ישרן קריזיס. אַז די קאָמוניסטן זעען אין דער מילכאָמע דעם איינציקן הויבער פון דער רעוואָליוציע, דאָס איז אַ נאַרישע אויסטראַכטעניש, וואָס איז אַרויסגערוקט קעדיי צו מאַכן פאַרדעכטיק די איינציקע אויסגעהאַלטענע קעמפער קעגן דער אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע, אַז זיי ווילן דיראָזיקע מילכאָמע אַרויסרופן.

ניט געקוקט אַף אַלע קראַמפּהאַפטע באַמיונגען פונעם קאָנגרעס פונעם 2½-יקן אינטערנאַציאָנאַל איינצוהאַלטן די מיטלסטע ליניע, איז דאָך געווען קענטיק דייטלעך אַ דערנענטערונג צום צווייטן אינטערנאַציאָנאַל. אַדלער האָט דערקלערט, אַז אַלע זיינען איינשטימיק, „אַז מיט דעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל קאָנען ניט זיין קיין שום אונטערהאַנדלונגען", אַז צוערשט מוז „געלייזט ווערן די פּראָבלעם מאָסקווע". אַ פאָרשלאַג פון די שווייצאַרישע דעלעגאַטן אָנהייבן אונטערהאַנדלונגען וועגן איבערקוקן די 21 באַדינגונגען, איז אָפּגעוואָרפן ווי אַן אויסזיכטלאָזע. נאָר ביכלאַל איז ניט אָנגענומען געוואָרן קיין איין באַשלוס, וואָס זאָל באַטייטן אַ פּרווו צו דערנענטערן זיך צום קאָמוניזם. די לינקע סאָציאַליסטן-רעוואָליוציאָנערן, די איינציקע, וואָס האָבן זיך אָפּן אַרויסגעזאָגט אין דער דיסקוסיע פאַר דער ראַטן-סיסטעם (הגם אַזוי ווי זיי האָבן דאָס אויפגענומען, ד. ה., אָן דער אָנפירונג פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי), האָבן אָפּגעגעבן אַ דערקלערונג, אַז דער קאָנגרעס האָט זיך נאָך מער דערווייטערט פון דעם דריטן אינטערנאַציאָנאַל און זיך נאָך מער דערנענטערט צום צווייטן אינטערנאַציאָנאַל. די ווייטערדיקע אַנטוויקלונג האָט דאָס פולשטענדיק באַשטעטיקט. די „אינטערנאַציאָנאַלע אַרבעטגעמיינשאַפט פון די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען", ווי דער צוויי אַ האַלביקער אינטערנאַציאָנאַל האָט זיך אָפיציעל גערופן, האָט געדאַרפט האָבן ניט מער ווי צוויי יאָר קעדיי דערנאָך אומצוקערן זיך ווידער אין דער מוטערשויס פונעם סאָציאַל-פּאַטריאָטיזם.

## 3. דער קאַמף פונעם קאָמינטערן פאַרן פּראָלעטאַרישן איינהייטלעכן פראָנט

1922—1921

אין יוני 1921 יאָר איז אין מאָסקווע פאָרגעקומען דער 3-טער קאָנגרעס פונעם קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל. ער האָט געדאַרפט אַרויסזאָגן זיין מיינונג וועגן דער וועלט-לאַגע און וועגן די אויפגאַבן פונעם אינטערנאַציאָנאַלן פּראָלעטאַריאַט נאָך אַ ריי שווערע מאַפּאָלעס, וואָס דער אַרבעטער-קלאַס האָט געליטן אין פאַרשיידענע אייראָפּעישע לענדער.

אין האַרבסט פון 1920 יאָר איז די רויטע אַרמיי אָפּגעשלאָגן געוואָרן פון וואַרשע, אין דייטשלאַנד אין יאָר 1920 האָט זיך דער העלדישער פּאַרטיי-

דיקונג־קאמף פון די ארבעטער קעגן דעם קאפ־פוטש פארענדיקט מיט א בלוטיקן פאגראם פון די ארבעטער צוליב דער צוזאמענארבעט פון דעם סאציאל־דעמאקראט זעווערינג מיטן ווייסן מיליטער. אין מארט פון 1921 יאר האט דער סאציאל־דעמאקראטישער רעגירונג־פרעזידענט הערזינג ארויסגעשיקט אין מיטל־דייטשלאנד פאליציי אף צו באזעצן די אונטערנעמונגען, האבנדיק בעדייע צו פראוואצירן אן אויפשטאנד, קעדיי צו אנטוואפענען די דאזיקע פעסטונג פון די רעוואליוציאנערע ארבעטער. די קאמוניסטישע פארטיי האט איבערגעשאצט די סיטואציע און האט גערופן אין גאנצן לאנד צו אן אלגעמיינעם שטרייק און צו א באוואפנטן ווידערשטאנד, אבער די קעמפער פון צענטראל־דייטשלאנד זיינען געבליבן איזאלירט און זיינען צעטראמירט געווארן.

מיט דער הילף פון דער סאציאל־דעמאקראטיע האט די בורזשואזיע בייגעקומען דעם שארפן קריזיס פון 1918/1919 יארן און האט איבעראנייס אויפגעבויט איר מאכט־אפאראט פאר דעם בירגער־קריג קעגן דעם פראלעטאריאט. אבער איר האט זיך בשום אופן ניט איינגעגעבן צו לייזן דעם עקאנאמישן און פאליטישן קריזיס, וואס די וועלט־מילכאמע האט ארויסגערופן.

נאכן זיגרייכן אפשלאגן אלע אינטערווענציעס, נאכן ענדגילטיקן צעשמעטערן די אינערלעכע קאנטר־רעוואליוציע, האבן זיך פאר דער פראלעטארישער מעלוכע ארויסגערוקט די אויפגאבן פון ווירטשאפטלעכן אויפבוי. דער רוסישער פראלעטאריאט האט ניט געקאנט דערווארטן באלד אן אונטערשטיצונג מיצאד א פראלעטארישער רעוואליוציע אין איינער פון די מאדערנע אינדוסטריעלע מעלוכעס. ער האט געמוזט לייגן דעם פונדאמענט פונעם סאציאליסטישן אויפבוי מיט די מיטלען פונעם אייגענעם לאנד מיט אייגענער ארבעט. דעמדאזיקן ציל האט געדינט דער איבערגאנג צו דער נייער עקאנאמישער פאליטיק („נעפ").

די פלאנמעסיקע סאציאליסטישע ווירטשאפט, וואס דינט דירעקט דעם באדארף, קאן ניט פארווירקלעכט ווערן מיטאמאל פון איין טאג אפן צווייטן, נאך ווייניקער אין אן אפגעשטאנענעם לאנד מיט הונדערטער טויזנטער קליינע זעלבשטענדיקע ווירטשאפטן, איבערהויפט אין דארף. דער איבערגאנג פון דער מעלוכע־מאכט פון דער בורזשואזיע צום פראלעטאריאט, די פראלעטארישע רעוואליוציע, וואס עקספראפריִרט די וויכטיקסטע פראדוקציע־מיטלען שאפט מיט איין קלאפ — די פארבאדינגונגען פאר דעם סאציאליסטישן אויפבוי. דער דאזיקער אויפבוי קומט אבער פאר אין די באדינגונגען פון א פארביסענעם עקאנאמישן און פאליטישן קאמף צווישן די עלעמענטן פון דער ווירטשאפט, וואס איז אויפגעבויט אף דער באזע פון גרויס־אינדוסטריעלער פראדוקציע און ווערט פלאנירט פון דער מעלוכע און אנגעפירט דורכן פראלעטאריאט, און דער אינדיווידועלער סכוירע־ווירטשאפט. די לעצטע קאן ניט מיט געוואלט פארניכטעט ווערן, זי מוז מען בייקומען טיילווייז דורך די מיטלען פון דער גרויסער ארגאניזירטער פראדוקציע, טיילווייז דורך דער קאאפערא־

טיווער אָרגאַניזירונג פון די קליינע ווירטשאַפטן. דער דריטער וועלט־קאָנגרעס האָט באַוויליקט די נייע עקאָנאָמישע פּאָליטיק אַלס ריכטיקן וועג צום סאָציאַליזם, ניט קימערנדיק זיך וועגן דעם געשריי פון די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע רעכילעס־טרייבער, וואָס האָבן געוויינט וועגן „אומקער צום קאַפּיטאַליזם".

אויך אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער האָבן די קאָמוניסטישע פּאַרטייען געמוזט ציען די קאָנזעקווענצן פון דעם צייטווייליק פאַרלאַנגזאַמטן טעמפּ פון דער רעוואָלוציאָנערער אַנטוויקלונג. לענין האָט שוין אין 18 יאָר אָפּגעוואָרפן די נאַרישע אויסטראַכטעניש, אַז די באָלשעוויקעס ספּעקולירן אַף דעם, וואָס זיי זאָגן צו, אַז די וועלט־רעוואָלוציע וועט אָנקומען צו אַ באַשטימטן טערמין. די וועלט־רעוואָלוציע איז אַ גאַנצע עפּאָכע אין דער מענטשלעכער אַנטוויקלונג, אַן עפּאָכע פון בירגער־מילכאָמעס און רעוואָלוציאָנערע מילכאָמעס, אַן עפּאָכע, אין וועלכער עס וועט רייף ווערן דער זיג פונעם פּראָלעטאַריאַט אין אַלע לענדער, ניט געקוקט אַף צייטווייליקע מאַפּאָלעס. ניט געקוקט אַף דער מאַפּאָלע פון דער רעוואָלוציע אין אַלע לענדער, אויסער רוסלאַנד, האָט דער קלאַסן־קאַמף נאָך דער מילכאָמע אין פאַרגלייך מיטן פּעריאָד פאַר דער מילכאָמע אָנגענומען נייע העכערע פאָרמען. מיליאָנען און הונדערטער מיליאָנען אין אייראָפּע און אַזיע האָבן דערוואַכט צום באַוווסטזיין פון זייער קלאַסן־לאַגע און אַריינגעטראָטן אין רעוואָלוציאָנערן קאַמף. שוין דער פאַקט גופע, וואָס אין די וויכטיקסטע לענדער זיינען אויפגעקומען און זיך אַנטוויקלט קאָמוניסטישע מאַסן־פּאַרטייען, אַ פּראָצעס, אין וועלכן עס שפּיגלען זיך אָפּ די רעוואָלוציאָנערע דערפאַרונגען פון די מאַסן, איז אַ באַווייז דערפאַר, אַז מיר זיינען אַריינגעטראָטן אין אַ נייער רעוואָלוציאָנערער עפּאָכע.

דער דריטער קאָנגרעס האָט גאָרניט געטראַכט וועגן אָפּזאָגן זיך פון דער רעוואָלוציאָנערער פּערספּעקטיוו. זיין אויפגאַבע איז געווען צו באַשטימען די טאַקטיק פון די קאָמוניסטישע פּאַרטייען פאַר אַ וואַרשיינלעך לענגערן פּעריאָד פון צוגרייטן די רעוואָלוציע. אויפן ערשטן פּלאַן איז געשטאַנען ניט דער דירעקטער קאַמף פאַר דער מאַכט, נאָר שאַפן די אַנטשיידנסטע פאַרבאַדינגונגען פאַר דעם זיגרייכן קאַמף פאַר דער מאַכט. און דאָס הייסט געווינען די מערהייט פונעם אַרבעטער־קלאַס, זיינע וויכטיקסטע שיכטן. „נענטער צו די מאַסן!" איז דעריבער געווען דער וויכטיקסטער לאָזונג פונעם דריטן קאָנגרעס.

דער דריטער קאָנגרעס האָט געמאַכט אַ סאָף מיט די פילע ליקווידאַטאָרישע עלעמענטן — ווי פּאַול לעווי — וואָס האָבן זיך מיאָעש געווען אין דער רעוואָלוציע און האָבן דעזערטירט צו די רעפאָרמיסטן. דער דריטער קאָנגרעס האָט אָבער אויך אָפּגעוואָרפן די פּוטשיסטישע מיינונג, אַז מע קאָן אָנהויבן דעם קאַמף פאַר דער מאַכט מיטן אַוואַנגאַרד אַליין, ניט וואַרטנדיק אַף דער אונטערשטיצונג פון די ברייטע מאַסן.

די דאָזיקע אַלגעמיינע ריכטליניעס זיינען פאַרפינקלעכט געוואָרן אין די

באשלוסן פונעם פארברייטערטן אויספירקאם פון קאמינטערן אין דעצעמבער פון 1921 יאר אין די טעזיסן וועגן „דער טאקטיק פונעם פראלעטארישן איינהייטלעכן פראנט". צוליב דעם פארשטארקטן אנגריף פונעם קאפיטאל, צוליב דער דראענדיקער נייער מילכאמע, צוליב דער עקאנאמישער צעטרייסלונג פון אייראפע דורך דעם שטרייט וועגן דער רעפאראציע־פראגע, האט זיך אין די מאסן ארויסגעוויזן אין צוזאמענהאנג מיטן שטייגנדיקן ווילן צום קאמף א שטרעבונג נאך איינהייט אין די פראלעטארישע רייען.

די אויפגאבע פון די קאמוניסטן איז געווען צו ווענדן דעמאזיקן עלעמענטארן דראנג נאך איינהייט אפן וועג פונעם פראלעטארישן קלאסן־קאמף. ווייל די איינהייט אפן באזן פונעם רעפארמיזם באטייט א קאפיטוליאציע פאר דער בורזשואזיע. די איינהייט אפן באזן פונעם קלאסן־קאמף איז דער פארבאדינג פונעם דערפאלגרייכן קאמף. די מאסן, וואס האבן בעת דעם שארפן רעוואליוציאנערן קריזיס ניט נאכגעפאלגט דעם וועג צום קאמוניזם, קאן מען ניט געווינען פארן רעוואליוציאנערן קלאסן־קאמף נאר דורך אגיטאציע און פראפאגאנדע אליין. דורך דער אייגענער דערפארונג מוזן זיי זיך איבערצייגן, אז זייערע רעפארמיסטישע און צענטריסטישע פירער ניט נאר וואס זיי ווארפן אפ דעם קאמף פאר פראלעטארישער דיקטאטור, נאר צוליב דעם זיינען זיי אויך אין די איצטיקע באדינגונגען ניט פעיק צו פירן א דערפאלגרייכן קאמף צו פארבעסערן די לאגע פון די ארבעטער. דער קאמוניסטישער אינטערנאציאנאל אונטערשיידט זיך פון די רעפארמיסטן ניט דערמיט, וואס ער זאגט זיך אפ פונעם קאמף פאר רעפארמען, פאר די טיילווייזע פאדערונגען פון דער ארבעטערשאפט, נאר דערמיט, וואס ער באטראכט די רעפארמען, ווי א זייטיקן פראדוקט פונעם רעוואליוציאנערן קלאסן־קאמף. ווידער די רעפארמיסטן פארקערט, וואס זאגן זיך אפ פונעם קלאסן־קאמף און זאגן צו דורכפירן די פארבעסערונגען פאר דער ארבעטערשאפט לויט א פארשטענדיקונג מיט דער בורזשואזיע, קאנען ניט אין א צייט פון פארשארפטע קלאסן־קעגנזאצן, אין א צייט פונעם קריזיס פון קאפיטאליזם דורכפירן קיין שום האנאכעס פאר ארבעטער־קלאס.

דעריבער מוזן די קאמוניסטישע פארטייען אין דעמאזיקן פעריאד ארויסרוקן אפן ערשטן פלאן דעם קאמף פאר די טיילווייזע פאדערונגען, דערקלערן זייער גרייטקייט געמיינזאם מיט אלע ארבעטער־ארגאניזאציעס קעמפן פאר דידאזיקע פאדערונגען, אמאל אפילע אונטערהאנדלען מיט די רעפארמיסטישע פירער און שליסן אפמאכן וועגן א געמיינזאמען קאמף, קעדיי צו ווייזן די ארבעטער־מאסן אין דער פראקטיק, אז די קאמוניסטן זיינען די איינציקע פארטרעטער פון די ארבעטער־אינטערעסן, בעת די רעפארמיסטן שטערן דעם איינהייטלעכן קאמף פון דער ארבעטערשאפט און אזוי ארום אויך דורכפירן זייערע פאדערונגען. דאס איז געווען דער זין פון דער טאקטיק פונעם איינהייטלעכן פראנט. זי האט בעשום אויפן ניט באטייט קיין שאלעם מיט די רעפארמיסטישע ארבעטער־פארטייער, קיין איין קאמוניסט האט ניט געטראכט צו ליקווידירן די זעלבשטענדיקע קאמוניסטישע

אָרגאַניזאַציע, די גרעסטע דערגרייכונג פון דער אַרבעטער-באַוועגונג.
די טאַקטיק פונעם אייניקייטלעכן פראָנט, זייענדיק א מיטל צו מאָביליזירן די אַרבעטער-מאַסן צום קאַמף, איז אין דער זעלבער צייט א מיטל צו אָפּרייסן זיי פון די רעפאָרמיסטן.

די טאַקטיק פונעם אייניקייטלעכן פראָנט איז קוידעמקאָל געווען אַן עקזאַמען פאַר די צענטריסטישע פירער. זיי האָבן אויפגעהויבן דעם גרעסטן געוואַלד איבער דער שפּאַלטונג פון דער אַרבעטער-באַוועגונג דורך די קאָמוניסטן, ווען מע האָט זיי ניט דערלויבט אַרייַנצודרינגען אין דער אָרגאַניזאַציע פון דעם קאָמוניסטישן אַוואַנגאַרד. איצט האָבן זיי געהאַט א געלעגנהייט צו ווייזן, צי זיי ווילן ווירקלעך, ווי זיי האָבן חאָטש פון לאַנגע יאָרן געשוואָרן, קעמפן צוזאַמען מיטן רעוואָלוציאָנערן פּראָלעטאַריאַט פאַר די פאָדערונגען פונעם אַרבעטער-קלאַס. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן גראָד א פאַרקערטע זאַך; וואָס מער עס זיינען געוואַקסן די קאַמף-אויפגאַבן, וואָס מער עס איז געווען נויטיק די אייניקייט פון דער אַרבעטערשאַפט אין קאַמף, אַלץ מער האָבן זיך די צענטריסטישע פירער דערנענטערט צו די סאָציאַל-פּאַטריאָטישע קאָנטררעוואָלוציאָנערן, כּדי צוזאַמען מיט זיי פירן דעם קאַמף קעגן דעם רעוואָלוציאָנערן פּראָלעטאַריאַט.

שוין אין פעברואַל 1922 יאָר האָבן די פאַרטרעטער פונעם צווייטן און צוויי א האַלביקן אינטערנאַציאָנאַל אונטערהאַנדלט אין פראַנקרייך אַפן מיין. דער צוויי א האַלביקער אינטערנאַציאָנאַל האָט פאָרגעלייגט א געמיינזאַמע קאָנפערענץ מיטן דריטן אינטערנאַציאָנאַל. די פאַרטרעטער פונעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל האָבן אַרויסגעשטעלט באַשטימטע באַדינגונגען פאַר אַזאַ מין קאָנפערענץ. עס איז באַשלאָסן געוואָרן אָפּריער אַף א געמיינזאַמער זיצונג פון די אויספיר-קאָמיטעטן פון די דריי אינטערנאַציאָנאַלן באַטראַכטן די פראַגע וועגן דער מעגלעכקייט פון א אינטערנאַציאָנאַלער קאָנפערענץ פון אַלע אַרבעטער-פּאַרטייען. איבער דער פראַגע וועגן די רעפּאַראַציעס איז באַשלאָסן געוואָרן צו רעקאָמענדירן אַנולירן אַלע אינטערנאַציאָנאַלע מילכאָמע-כויוועס. עס איז איבעראַנייס אונטערגעשטראָכן געוואָרן די פליכט פון דייטשלאַנד אויפצושטעלן די צערויִנירטע געביטן און עס איז נאָר רעקאָמענדירט געוואָרן באַפרייען דייטשלאַנד פון צאָלן די מילכאָמע-אויסגאַבן פון דער אַנטאַנט. שוין אַף דערהאַזיקער קאָנפערענץ האָט זיך ניט אַרויסגעוויזן קיין שום קעגנזאַץ צווישן די פאַרטרעטער פונעם צווייטן און צוויי א האַלביקן אינטערנאַציאָנאַל. פאַרקערט, קעגנזאַצן זיינען יאָ געווען צווישן די סאָציאַל-אימפּעריאַליסטישע פאַרטרעטער פון פאַרשיידענע נאַציעס. אַף וויפל דידאָזיקע „סאָציאַליסטן" האָבן אַלס מיטגלידער פון רעגירונגען געהאַט פּראַקטיש צו באַשטימען וועגן די רעפּאַראַציע-פראַגן, האָבן זיי געפייפט אַף די באַשלוסן פון זייער „אינטערנאַציאָנאַל". דאָס האָט ניט לאַנג ווידער קאָנסטאַטירט וואַנדערוועלדע אין באַצוג צו סנאָודענס האַלטונג אַף דער האַאַגער קאָנפערענץ אין אויגוסט פון 1929 יאָר.

אין דערדאָזיקער צייט פון טיפע ווירטשאַפטלעכע קריזיסן און דראָענדיקע

רעוואָלוציאָנערע אופּבּרויזן האָבּן אַליין די קאַפּיטאַליסטן פון פאַרשיידענע לענדער געהאַלטן פאַר צוועקמעסיק ניט נאָר אונטערהאַנדלען צווישן זיך, נאָר אויך איינלאַדן די פאָרטרעטער פון דער טויזנט מאָל פאַרהאַסטער ראַטן־רעגירונג אויף א געמיינזאַמער קאָנפערענץ אין גענוע. האָבּן זיך דעריבּער די לאַקייען פון דער בורזשואַזיע געקאָנט דערלויבּן ניט צו זיין רעאַקציאָנערער פון זייערע הערן. נאָך א געוויסן ווידערשטאַנד האָט אויך דער עקזעקוטיוו פונעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל אָנגענומען די איינלאַדונג פון צוויי א האַלבּיקן אינטערנאַציאָנאַל אויף א געמיינזאַמער קאָנפערענץ מיטן דריטן אינטערנאַציאָנאַל. דער עקזעקוטיוו פונעם דריטן אינטערנאַציאָנאַל האָט טייקעף אָן קיין שום באַדינגונגען אָנגענומען די איינלאַדונג; עס איז געווען ווייכטיק ניט נאָר צו טאָן אַל דאָס מעגלעכע כדי צו אָרגאַניזירן אַן איינהייטלעכן אינטערנאַציאָנאַלן פראָנט פון דער אַרבּעטערשאַפט, נאָר אויך צו ווייזן די אַרבּעטער, ווער איז שולדיק אין דעם, וואָס אַזאַ איינהייטלעכער פראָנט ווערט ניט פאַרווירקלעכט.

די קאָנפערענץ האָט זיך צונויפגעקליבּן אין אַפּריל פון 1922 יאָר אין בּערלין. פרידריך אַדלער האָט אַלס פּאָרזיצער קווידעמקאַל פעסטגעשטעלט, אַז אויף דער קאָנפערענץ קאָן זיך ניט האַנדלען וועגן צוזאַמענגיסן זיך אָרגאַניזאַציאָנעל, נאָר צום אָנהויבּ וועגן אָרגאַניזירן געמיינזאַמע אינטערנאַציאָנאַלע אַקציעס. אין העסקעם דערמיט האָט קלאַראַ צעטקין אין נאָמען פון דער דעלעגאַציע פונעם קאָמינטערן פאָרגעלייגט צו בּאַהאַנדלען נאָר פראַגן פון אַקטועלער פּאָליטישער בּאַדייטונג. און זי האָט פאָרגעלייגט פאָלגנדיקע פראַגן: ווידערשטאַנד דעם קאַפּיטאַליסטישן אָנגריף, קאַמף קעגן דער רעאַקציע, צוגרייטן דעם קאַמף קעגן א נייער אימפּעריאַליסטישער מלחמה, וועגן הילף אויף אויפבּויען די ראַטן־רעפּובּליק, וואָס איז דעמאָלט געווען ערנסט בּאַדראָט אין איר ווירטשאַפטלעכער אַנטוויקלונג צוליבּ דעם הונגער אויף דער וואָלגע, די פראַגע וועגן ווערסאַלער טראַקטאַט און ווידעראויפבּויען די פאַרוויסטעטע געגנטן.

דער דורכגעטריבּענער דיפּלאָמאַט פונעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל, וואָס האָט „אַלס אויסערן־מיניסטער פון זיין מאַיעסטעט דעם קעניג פון בּעלגיע" געקראָגן די נויטיקע פּראַקטיק אויף צו פירן אינטערנאַציאָנאַלע אונטערהאַנדלונגען, וואַנדערוועלדע, איז טייקעף אַנטשידן אַרויסגעטראָטן קעגן צעטקינס פאָרשלאָג. קווידעמקאַל האָט ער אַרויסגעזאָגט זיינע ספּייקעס וועגן דער נויטיקייט צו רידן וועגן דעם קאַמף קעגן די רעפּאַראַציע־לאַסטן.

„איך באַשטרייט ניט, אַז אַזעלכע פאָרשלאָגן קאָנען זיין געפעלן דעם דייטשן פּראָלעטאַריאַט, אויך דעם הער סטינעס וואָלטן זיי געגעבּן א געוויסע בּאַפרידיקונג, אָבּער איך בּין אַסאַך ווייניקער איבּערצייגט צי די פאָרשלאָגן וועלן אָנגענומען ווערן מיט דערזעלבּער בּאַגייסטערונג פונעם פּראָלעטאַריאַט פון יענע לענדער, וואָס האָבּן [illegible] געליטן"*).

*) א נשערבעטעטראַכן פון [illegible]

נאך דער דראזשיקער פראקטישער דעמאנסטראציע פון אינטערנאציאנאליזם האט וואנדערוועלדע אלס פארבאדינג פאר געמיינזאמע אינטערנאציאנאלע ארויסטרעטונגען געפאדערט גאראנטיעס פון די קאמוניסטן:

אפשטעלן „דאס ארגאניזירן קעמערלעך" אין די אמסטערדאמער פראפאריינען, גאראנטירן רעכט אף זעלבסטבאשטימונג פאר גרוזיע און זיכערן א פרייע פארטיידיקונג פאר די רעכטע עסערן, וואס זייער פראצעס פארן רעוואָלוציאָנערן טריבונאל אין מאסקווע פאר באטייליקן זיך אין קאנטר־רעוואָלוציאָנערע פוטשן און אטענטאטן האט דעמאלט געדארפט פארקומען.

פאל פאר, אין נאמען פונעם צוויי א האלביקן אינטערנאציאנאל האט טייסעף אונטערגעהאלטן זיין קאלעגע. אף צו שאפן בעסער א פראלעטארישן איינהייטלעכן פראנט איז דורכויס נויטיק, אז די שטרייטן צווישן די סאציאליסטישע פארטייען זאלן געפירט ווערן אויסשליסלעך מיט גייסטיקע וואפן און נישט פארניכטעט ווערן דורך טעראריסטישע קאמפמיטלען. דעריבער האט ער נישט געפאדערט אויסשליסן פון דער דייטשישער פארטיי נאסקען, הערינגען און זעווערינגן אדער פאראורטיילן די סאציאל־רעוואָלוציאָנערן, וואס האבן ארגאניזירט אטענטאטן קעגן די פירער פון דער פראלעטארישער רעוואָלוציע, נאר „גלייכע פאליטישע רעכט" פאר די „סאציאליסטישע" פארטייען אין רוסלאנד. ער האט פראטעסטירט קעגן די טויט-שטראף־אורטיילן אינעם פראצעס קעגן די סאציאליסטן־רעוואָלוציאָנערן, האט אבער „פון דער צווייטער זייט" מוידע געווען, אז אין אסאך קאפיטאליסטישע מעלוכעס מיט רעכטע סאציאל־דעמאקראטן אין דער רעגירונג ווערן די לינקע סאציאליסטישע און קאמוניסטישע פארטייען ברוטאל פארפאלגט.

אף וואנדערוועלדעס פריינטלעכע אויפאדערונג אנצונעמען די באדינגונגען פונעם צווייטן אינטערנאציאנאל און אזוי ארום אפשטעלן דעם צעשטערן צוטרוי האט ראדעק דערווידערט: דעם בירגער וואנדערוועלדע פאר קיין גראשן צוטרוי. דאך האט ער געהאלטן, אז עס איז מעגלעך א געוויסע דערנענטערונג אלס רעזולטאט פון געמיינזאמע ארויסטרעטונגען. דעריבער דארף מען בעסער ריידן וועגן געמיינזאמע אקציעס קעגן דער בורזשואזיע.

סעראטי, אלס פארטרעטער פון דער איטאליענישער סאציאליסטישער פארטיי, וואס איז דעמאלט געשטאנען אויסער אלע אינטערנאציאנאלע ארגאניזאציעס, איז ארויסגעטראטן קעגן וואנדערוועלדען מיט דער באמערקונג, אז צונויפטרעפנדיק זיך מיט דער בורזשואזיע וואלטן די פארטייען פונעם צווייטן אינטערנאציאנאל נישט ארויסגעוויזן אזוי פיל ספייקעס קעגן דעם בורזשואזן באם, ווי זיי האבן דאס איצט ארויסגעוויזן אין זייער מוירע אנצושטעקן זיך מיט באלשעוויסטישן סאם בא געמיינזאמע אקציעס. אטא באוער האט דערקלערט, אז אין די באדינגונגען פונעם צווייטן אינטערנאציאנאל איז נישטא ארגיץ אזוינס, קעגן וואס מע זאל קענען דערווידערן, אבער עס איז נישט צוועקמעסיק איצט אזוינע באדינגונגען ארויסשטעלן.

ראדעק האט דערמאנט די באגייסטערטע קעמפער פאר דער זעלבסטבא־

שטימונג־רעכט פון גרוזיע, אז די פארטייען פונעם צווייטן אינטערנאציאנאל זיינען קיינמאל ניט ארויסגעטראטן פאר דער אומאפהענגיקייט פון די קאלאניעס, וואס זייערע פאטערלענדער אונטערדריקן. גרוזיע בא דער מענשעוויסטישער רעגירונג איז ניט געווען קיין זעלבשטענדיק לאנד, נאר א פארפאסט פונעם ענגלישן אימפעריאליזם קעגן דער ראטן־רעפובליק. אין גרוזיע זיינען פארגעקומען ארבעטער־און פויערים־אויפשטאנדן קעגן דער מענשעוויסטישער רעגירונג. צו אונטערשטיצן זיי איז געווען די רעכט און פליכט פון דער פראלעטארישער מעלוכע. ניט געקוקט דערויף האט ראדעק אין נאמען פון דער רוסישער קאמפארטיי דערקלערט די גרייטקייט צוצולאזן א קאמיסיע פון פארטרעטער פון די סאציאליסטישע פארטייען אף אונטערזוכן די לאגע אין גרוזיע. נאר, פארשטייט זיך, עס מוז אויך געשטעלט ווערן די פראגע וועגן דער זעלבסטבאשטימונג־רעכט פון די אנדערע לענדער, וואס דער צווייטער אינטערנאציאנאל האלט אונטער זייער אונטערדריקונג. אויך זאל געגעבן ווערן א מעגלעכקייט די פארטרעטער פון דער „סאציאליסטישע" קאנטר־רעוואליוציע צו פארטיידיקן פארן ראטן־געריכט זייערע כאווירים, די סאציאל־רעוואליוציאנערע קאנטר־רעוואליוציאנערן.

אזוי ארום איז סאפסאלסאף אנגענומען געווארן א געמיינזאמע דערקלערונג פון אלע דריי אויספיר־קאמיטעטן פון פאלגנדיקן אינהאלט:

עס ווערט צוזאמענגעשטעלט א קאמיסיע פון ניין, צו דריי פארשטייער פון אלע דריי אינטערנאציאנאלן, וואס וועט האבן די אויפגאבע צוצוגרייטן אן ארבעטער־וועלט־קאנגרעס פון אלע סאציאליסטישע פארטייען און ארגאניזאציעס. דיזאזיקע קאמיסיע זאל צוזאמענרופן א געמיינזאמע קאנפערענץ פון דעם אמסטערדאמער און פונעם רויטן פראפאריינישן אינטערנאציאנאל צו באטראכטן די פראגע וועגן אויפשטעלן די פראפאריינישע איינהייט. עס ווערן גענומען צו קענטעניש די דערקלערונג פון די פארטרעטער פונעם קאמינטערן, אז אין פראצעס קעגן די עסערן וועלן צוגעלאזן ווערן פארטרעטער פון די סאציאליסטישע פארטייען, אז דער פראצעס וועט זיין אן עפנטלעכער און עס וועלן ניט זיין קיין טויט־אורטיילן.

די מאטעריאלן וועגן דער גרוזינישער פראגע זאלן אונטערזוכט ווערן פון אלע זייטן. די פארטרעטער פונעם צווייטן אינטערנאציאנאל האבן דערקלערט, אז זיי האלטן פאר אוממעגלעך אפצוהאלטן א קאנפערענץ בעיס דער אינטערנאציאנאלער קאנפערענץ אין גענוע, אבער אלע פארטייען, וואס זיינען פארטראטן, דארפן ארגאניזירן לויט דער מעגלעכקייט איינהייטלעכע מאסן־דעמאנסטראציעס בעיס דער קאנפערענץ אונטער די לאזונגען:

פאר אן איינהייטלעכער אקציע פונעם פראלעטאריאט קעגן דעם אנגריף פון די קאפיטאליסטן, פאר דער רוסישער רעוואליוציע, פארן אויפשטעלן דעם פראלעטארישן איינהייטלעכן פראנט אין יעדן לאנד באזונדער און אין אינטערנאציאנאלן מאסשטאב.

צו דערדאזיקער געמיינזאמער דערקלערונג האט דער צווייטער אינטערנאציאנאל אפגעגעבן א באזונדערע דערקלערונג, אז ער מוז זיך האלטן בא זיין

פאָדערונג צו באַקומען אַ שריפטלעכן ענטפער אַף זייַנע פאָרבאַדינגונגען. די דעלעגאַציע פונעם קאָמינטערן האָט געלאָזן פאַרפּראָטאָקאָלירן אירע ספייקעס וועגן דער פאָרגעקומענער פאַרשטענדיקונג. דער צווייטער אינטערנאַציאָנאַל האָט זיך געשווינדלט צו שטימען פאַרן לאָזונג וועגן קאַמף קעגן ווערסאַלער טראַקטאַט, אין דעם האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער וויל ניט קעמפן קעגן דעם אָנגריף פונעם קאַפּיטאַל.

נאָך דערהאַזיקער קאָנפערענץ האָט לענין פאַרעפנטלעכט אַן אַרטיקל „מיר האָבן צו טייער באַצאָלט", אין וועלכן ער קריטיקירט די האַנדלונג פון דער קאָמינטערן־דעלעגאַציע אַף דער קאָנפערענץ. דער צוזאָג, אַז אַפן פּראָ־צעס פון די עסערן וועלן ניט זייַן קיין טויט־אורטיילן, באַטייט אַ דערמוטערונג פאַר די קאָנטר־רעוואָלוציאָנערן, וועלכע וועלן איצט רעכענען, אַז זיי קאָנען האָפן אַף דער אונטערשטיצונג פון די „סאָציאַליסטישע" פאַרטרעטער פון דער בורזשואַזיע. אין אַ קאַמף צווישן דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע און בור־זשואַזער קאָנטר־רעוואָלוציע זייַנען די פאַרשטייער פונעם פּראָלעטאַריאַט איינגעגאַנגען אַף ניט קיין נויטיקע האַנאָכעס. קיין בורזשואַזע מעלוכע וועט ניט דערלויבן די פאַרשטייער פונעם פּראָלעטאַרישן אינטערנאַציאָנאַל צו קאָנטראָלירן אירע געריכטן, ווי דאָס האָט געטאָן די דעלעגאַציע פונעם קאָמינ־טערן בנוגע די „סאָציאַליסטישע" אַגענטן פונעם אימפּעריאַליזם. פאַר־קערט די פאַרשטייער פון דער בורזשואַזיע זייַנען ניט איינגעגאַנגען אַף קיין איין האַנאָכע און דעריבער איז פאַרן באַקומען אַ לייכטערן צוטריט צו די רעפאָרמיסטישע אַרבעטער — דער רעזולטאַט פון דער קאָנפערענץ — באַ־צאָלט געוואָרן צו טייער. ניט געקוקט דערויף איז לענין געווען פאַרן באַשטע־טיקן דעם אָפּמאַך.

און פאַקטיש זייַנען די רעזולטאַטן פון דעמאָזיקן ערשטן פּרוּוו צו פאַר־ווירקלעכן דעם איינהייטלעכן פראָנט אין אינטערנאַציאָנאַלן מאַסשטאַב זייער קליין געווען. שפּעטער די אונטערהאַנדלונגען האָבן פאַרלייכטערט די קאָמוניסטן צו דערווייַזן, אַז ניט זיי, נאָר די רעפאָרמיסטן זייַנען די שפּאַלטער פון דער אַרבעטער־באַוועגונג. אין אייניקע לענדער זייַנען אויך פאָרגעקומען גרויסע מאַסן־דעמאָנסטראַציעס אונטער די לאָזונגען, וואָס זייַנען אָנגענומען געוואָרן אַף דער בערלינער קאָנפערענץ. דער אַרבעטער־וועלט־קאָנגרעס איז אָבער ניט פאָרגעקומען צוליב דעם אַקשאָנעסדיקן סאַבאָטאַזש פונעם צווייטן אינ־טערנאַציאָנאַל. סוף מיי 1922 יאָר זייַנען די פאַרטרעטער פונעם קאָמוניס־טישן אינטערנאַציאָנאַל אַרויסגעטראָטן פון דער נייַנער־קאָמיסיע, אָפּגעבנדיק אַ דערקלערונג, אַז דערין וואָס עס האָט זיך ניט איינגעגעבן צונויפרופן דעם וועלט־קאָנגרעס איז שולדיק דער צווייטער אינטערנאַציאָנאַל.

דער פערטער קאָנגרעס פונעם קאָמינטערן, וואָס איז פאָרגעקומען אין נאָיאַבער און דעצעמבער פון 1922 יאָר, האָט געמאַכט די אויספירן פונעם ערשטן פּרוּוו אָנצווענדן די טאַקטיק פונעם איינהייטלעכן פראָנט. עס איז נאָכאַמאָל באַטאָנט געוואָרן, אַז די קאָמוניסטן באַ אונטערהאַנדלונגען און אָפּמאַכן מיט די רעפאָרמיסטישע פירער טאָרן זיך קיינמאָל ניט אָפּזאָגן פון

דער פולשטענדיקער פרייהייט פון קריטיק, ווי דאס איז צום ביישפיל טיילווייז געשען אין דייטשלאנד בא דער געמיינזאמער דעמאנסטראציע צוליב דער דערמארדונג פונעם דעמאקראטישן אויסערן־מיניסטער ראטענאו.

די רעפארמיסטן האבן צוזאמענגערופן אף דעקאבער 1922 יאר אין האאג א וועלט־קאנגרעס צום קאמף קעגן דער מילכאמע־געפאר, צו וועלכן זיי האבן ניט איינגעלאדן די פארשטייער פונעם רעוואליוציאנערן פראלעטאריאט, אבער פארשטייער פון אלע פארמעגלעכע בורזשואזפאציפיסטישע ארגאניזאציעס האבן זיי יא איינגעלאדן. נאר די רוסישע פראפעסיאנעלע פאריינען זיינען איינגעלאדן געווארן און זיי האבן פארטראטן לאזאווסקי, ראדעק און ראטשטיין.

ווען די קאנפערענץ איז זיך צוזאמענגעקומען דעם 10 דעצעמבער, האט זיך אזוי שטארק פארשארפט דער קאמף ארום די רעפאראציעס צווישן דייטשלאנד און פראנקרייך, אז עס איז דייטלעך קלאר געווארן די מילכאמע־געפאר. אונטערן דרוק פון דער שטימונג פון די ארבעטער־מאסן קעגן דער דראענדיקער מילכאמע האבן די העררן סאציאל־פאטריאטן געשפילט די ראליע פון די פארברענטסטע קעמפערס קעגן דער מילכאמע.

זשוא, דער פירער פון די פראנצויזישע רעפארמיסטישע פראפאריינען, האט געפאדערט, אז די ארבעטער זאלן זיך פארפליכטן ניט צו פראדוצירן מער קיין מילכאמע־מאטעריאלן. הענדערסאן האט גערעדט וועגן דעם אומדערפאלג פון אלע אנטוואפענונג־קאנפערענצן און האט געזידלט דעמזעלבן ווערסאלער טראקטאט, וואס אף זיין באדן האט זיך געשטעלט זיין „אינטערנאציאנאל". דער דייטשישער פאציפיסט העלמוט פאן־גערליאך האט באגריסט די מיטארבעט פון די ארבעטער־ארגאניזאציעס מיט די בורזשואזע פאציפיסטן און האט גערופן די ארבעטער ניט ארויסשטעלן קיין ספעציפישע ארבעטער־פאדערונגען.

פימען, דעמאלט דער סעקרעטאר פונעם אינטערנאציאנאל פון די טראנספארט־ארבעטער, האט דערמאנט וועגן דעם באשלוס, וואס איז ניט לאנג פאר דעם אנגענומען געווארן אפן רוימער אינטערנאציאנאלן פראפאריינישן קאנגרעס, צו ענטפערן אף א מילכאמע מיט א גענעראל־שטרייק:

„איידער צו גיין אף א נייער מילכאמע זאל ליבער די ארבעטערשאפט
אין גאנס ארויס אין אן אופשטאנד ארויפצווארפן די בורזשואזיע".

אזעלכע רעדעס האבן די פארבינדעטע פון דער בורזשואזיע גאנץ רויק אויסגעהערט. האבן זיי דאך פארן 1914 יאר אזעלכע רעדעס ניט נאר אויסגעהערט, נאר אפילע אליין אויך געהאלטן, וואס האט זיי קלאל ניט געשטערט אונטערצושטיצן זייער בורזשואזיע בעיס דער מילכאמע, „אז עס איז שוין יא דערגאנגען דערצו".

לאזאווסקי און ראדעק האבן דעמאסקירט די דאזיקע אומפארשעמטע צוויעס. אויב מען וויל באשליסן צו דערקלערן א גענעראל־שטרייק אין פאל פון א מילכאמע מוז מען צו אלעם ערשט זיך אפזאגן פון דער פאליטיק פון פאטערלאנד־פארטיידיקונג און איבררייסן מיט דער קאאליציע־פאליטיק:

אויב מע טראַכט ערנסט וועגן אַן אופשטאַנד קעגן דער מילכאָמע, מוז מען פירן אַ רעוואָליוציאָנערע פראָפּאַגאַנדע אין דער אַרמיי; אַנשטאָט צו פאַנאַנדערפאָרן זיך מיט גרויסע ווערטער איז בעסער אָנהייבן דורכצופירן קאָנקרעטע מאַסמיטלען. די רוסישע דעלעגאַציע האָט פאָרגעלייגט:

1. אַ וואָך פון אַגיטאַציע קעגן דעם אימפּעריאַליזם,

2. אַ אינטערנאַציאָנאַלן איינטאָגיקן פּראָטעסטשטרייק קעגן ווערסאַלער טראַקטאַט און קעגן דער דראָענדיקער מילכאָמע.

צו פאַרטיידיקן דעם סאָציאַל־פּאַטריאָטיזם איז אַרויסגעטראָטן אַ מענטש, וואָס האָט מיט פולער רעכט זיך געפילט ווי דער הויפּט־באַשולדיקטער, וואַנדערוועלדע. ער האָט איבערגעכאַזערט זיין אַלט לידל וועגן דעם רעכט אָף זעלבסטבאַשטימונג פאַר גרוזיע און וועגן דעם פּראָצעס פון די סאָציאַליסטן־רעוואָליוציאָנערן און האָט דערנאָך דערקלערט:

„קיין איין לאַנד טאָר מען ניט פאַרבאָטן צו פאַרטיידיקן זיך קעגן אַן אומגערעכטן קריגערישן אָנגריף".

דעמאָזיקן אָנערקענען דעם סאָציאַל־פּאַטריאָטיזם האָט הויסמאַנס אונטערגעהאַלטן, דערקלערנדיק אָף אַ זיצונג פון אַ קאָמיסיע, אַז בײַ דיזעלביקע פאַרהעלטענישן ווי אין 1914 יאָר וועט ער אויך פונקט אַזוי האַנדלען ווי פריער.

די קאָנקרעטע פאָרשלאָגן פון דער רוסישער דעלעגאַציע האָט דער פּאַציפיסטישער קאָנגרעס אָוועקגעמאַכט אונטער דער האַנט. עס איז אָנגענומען געוואָרן איינע פון די געוויינלעכע רעזאָליוציעס, וואָס „פאַרפליכטן קיינעם ניט צו קיין זאַך ניט".

די רעוואָליוציע רופט מיטצואַרבעטן בײַם פאַרווירקלעכן די צילן, וואָס די רוימישע רעזאָליוציע וועגן אַ גענעראַל־שטרייק האָט געשטעלט, ווייטער איז געגאַנגען די פאָדערונג וועגן איבערקוקן די שאָלעם־אָפּמאַכן, וועגן דעם קאָנטראָל פונעם פעלקער־בונד איבער די מילכאָמע־באַוואָפענונגען, וועגן איבערפירן די מיליטערישע אינדוסטריע אָף שאָלעם־אַרבעט (ווי מע וואָלט ניט געקאָנט לייכט זי צוריק איבערפירן אָף מיליטערישער אַרבעט, ווען נאָר די קאַפּיטאַליסטן וועט זיך פאַרגלוסטן!), אַרייננעמען דייטשלאַנד אינעם פעלקער־בונד און אָפּשאַפן די געהיימע אָפּמאַכן.

אָף דעהאַזיקער קאָנפערענץ האָט זיך אַרויסגעוויזן די פולקומע פּאָליטישע איינמוטיקייט צווישן דעם צווייטן און 2½ אינטערנאַציאָנאַלן. אין דייטשלאַנד איז אין אָקטיאַבער פון 1922 יאָר פאָרגעקומען אָפן נירנבערגער פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר די פאַראייניקונג צווישן דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער און דער אומאָפּהענגיקער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטייען. נאָך טויזנטער הייליקע שוווּעס, וואָס די אומאָפּהענגיקע האָבן אָפּגעגעבן בעיס דעם ביטנער־קריג, אַז זיי וועלן זיך קיינמאָל ניט פאַראייניקן מיט דער פּאַרטיי פון די אַרבעטער־מערדער, איז די גאַנצע פירערשאַפט, וואָס האָט זיך ניט לאַנג באַמיט מע זאָל זיי צונעמען אין דריטן אינטערנאַציאָנאַל, אַריבער אינעם לאַגער פון דער נאָסקע־פּאַרטיי. נאָר אַ קליינע גרופּע אונטער לעדעבורס אַנ־

פירונג האָט זיך אָפּגעזאָגט צו באַטייליקן זיך. פרידריך אַדלער, דער פירער פונעם 2½ אינטערנאַציאָנאַל, האָט אויף דער האַאַגער קאָנפערענץ אויסגעדריקט אין זיין רעדע די באַפרידיקונג וועגן דעם, וואָס זיי זיינען דורכגעקומען מיט די פאַרטרעטער פונעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל אין דער פראַגע וועגן קאַמף קעגן דער מילכאָמע.

וואָס פאַר א ווערט ס'האָבן געהאַט די שיינע-באַשלוסן פון דער האַאַגער קאָנגרעס האָט מען געקאָנט זען אין א כוידעש אַרום, ווען אין יאַנואַר פון 1923 יאָר האָט די פראַנצויזישע אַרמיי אָנגעהויבן צו באַזעצן דעם רור-געביט. די סאָציאַל-דעמאָקראַטישע פּאַרטייען און פראָפעריינען האָבן זיך אַרויסגעוויזן פאַר ניט פעיִק אָנצונעמען א געמיינזאַמען באַשלוס, שוין ניט רייִדנדיק וועגן א געמיינזאַמער אַקציע, קעגן די מילכאָמע-האַנדלונגען „בעייסן שאַלעם".

די קאָמוניסטישע פּאַרטייען פון די באַטייליקטע לענדער האָבן ערשט דער אָקופּאַציע פונעם רור-געביט צוזאַמענגערופן דעם 6-טן יאַנואַר א אינטער-נאַציאָנאַלע קאָנפערענץ, וווּ זיי האָבן אָנגענומען א געמיינזאַמע ליניע אינעם קאַמף קעגן דער רור-אָקופּאַציע, קעגן דעם פראַנצויזישן אימפּעריאַליזם און קעגן דעם דייטשישן קאַפּיטאַליזם.

ווען דאָס פראַנצויזישע מיליטער איז שוין אַריין אינעם רור-געביט, האָט דער ריינלאַנד-וועסטפאַלישער אויספיר-קאָמיטעט פון די פאַבריק-זאַוואָדישע קאָמיטעטן, וואָס האָט זיך געפונען אונטער דער קאָמוניסטישער ווירקונג, צוזאַמענגערופן אין פראַנקפורט א קאָנפערענץ, צו וועלכער עס זיינען איינ-געלאַדן געוואָרן די אַרבעטער-פּאַרטייען פון אַלע ריכטונגען. אויף דער קאָנפער-ענץ, וואָס איז פאָרגעקומען אין מאַרט פון 1923 יאָר, זיינען געווען פאַרג-שטעלט דער קאָמוניסטישער אינטערנאַציאָנאַל, דער קאָמוניסטישער יוגנט-אינטערנאַציאָנאַל, די קאָמוניסטישע פּאַרטייען פון אַלע אייראָפּעיִשע לענדער. דער צווייטער אינטערנאַציאָנאַל און דער אַמסטערדאַמער, ווי אויך אַלע אָר-גאַניזאַציעס, וואָס זיינען אָנגעשלאָסן אין זיי, האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו באַטיי-ליקן זיך אין דער קאָנפערענץ. דער 2½ אינטערנאַציאָנאַל האָט זיך אויך ניט געוואָלט באַטייליקן, נאָר ער האָט דערלויבט די פּאַרטייען, וואָס זיינען אין אים אָנגעשלאָסן, צו נעמען אין אָנטייל. דיזאָזיקע דערלויבעניש האָבן אויס-גענוצט נאָר די לינקע סאָציאַל-רעוואָלוציאָנערן און לערעבורס גרופּע אין דייטשלאַנד.

די איינהייטלעכע ליניע פונעם רעוואָלוציאָנערן קאַמף אונטער דער אָנ-פירונג פונעם קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל האָט זיך אויסגעדריקט ניט נאָר אין די רעזאָלוציעס פון דער קאָנפערענץ, נאָר אויך אין דעם פּראַקטישן קאַמף פון די קאָמוניסטישע פּאַרטייען.

פאַר זייער מוטיקן קאַמף קעגן דער אָקופּאַציע פונעם רור-געביט זיינען דייטשישע און פראַנצויזישע קאָמוניסטן אַריינגעזעצט געוואָרן אין פראַנצוי-זישע און דייטשישע טפיסעס. יוגנטלעכע קאָמוניסטישע אַרבעטער פאַר זייער אַנטי-מיליטאַריסטישער פּראָפּאַגאַנדע צווישן די סאָלדאַטן פון דער אָקופּאַ-

ציע־ארמיי זיינען געשטעלט געוואָרן פאַר מיליטערישע געריכטן און פאַרור־טיילט געוואָרן. דייטשישע און פראַנצויזישע פּאָליציי און יוסטיץ האָבן גע־ארבעט צוזאַמען קעגן דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג.

די אָקופּאַציע פונעם רור־געביט איז פאַקטיש געווען די ערשטע גע־נעראַל־פּראָבע פאַר דער צווייטער אימפּעריאַליסטישער וועלט־של־כטמע. זי האָט געוויזן, אַז דער אינטערנאַציאָנאַלער פּראָלעטאַריאַט שטייט שוין ניט אומבאַוואָפנט ווי אין 1914 יאָר קעגן דער פעלקער־שכיטע; ער האָט אין דעם קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל אַן אָרגאַניזאַציע, וואָס ליגט ניט אויעק דאָס געווער, ווי דער צווייטער אינטערנאַציאָנאַל, וואָס האַלט זיך „פאַר אַ אינסטרומענט פאַר דעם שאָלעם", פונקט דעמאָלט, ווען די אינטער־נאַציאָנאַלע אַקציע איז אַמדרינגענדסטן נויטיק, און גראָד אין קריטישע צייטן האָט דער קאָמינטערן געוויזן, אַז ער איז אומשטאַנד צו פירן די אַרבעטער פון אַלע לענדער צום איינהייטלעכן קאַמף.

די פּאָזיציע פונעם סאָציאַל־אימפּעריאַליזם האָט ווידער אַמבוילעטסטן אויסגעדריקט וואַנדערוועלדע. אינעם טאָג ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן די אָקופּאַציע פונעם רור־געביט, האָט ער דערקלערט אין דעם בעלגישן פּאַרלאַ־מענט:

„מיר אַלע זיינען ווי איין מענטש איינִיק דערין, אַז אונדזערע פאָדע־רונגען זיינען הייליק, פונקט אַזוי ווי די פראַנצויזישע און איטאַליענישע פאָדערונגען און דייטשלאַנד מוז זיי אויספילן... די דייטשישע גרויסע אינ־דוסטריע בלייבט אַ שטענדיקע געפאַר פאַרן שאָלעם".

אַף דער זיצונג פונעם צענטראַל־קאָמיטעט פון דער בעלגישער סאָציאַ־ליסטישער פּאַרטיי האָט זשאָרזש היבען דערקלערט:

„איך באַדויער זייער, וואָס דער „פאָרווערטס" האָט רעקאָמענדירט די אַרבעטער פונעם רור־געביט אַ גענעראַל־שטרייק. די דייטשישע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי, וואָס האָט גאָרניט געטאָן, אַז סטינעס זאָל זיך ניט באַרייכערן אויפן כעשבן פון די דייטשישע אַרבעטער, רעקאָמענדירט אַ שטרייק, ווען עס האַנדלט זיך וועגן באַצאָלן די רעפּאַראַציעס... מיר מוזן קריגן די רעפּאַראַציעס, דער סאָציאַליזם איז ניט נאָר שאָלעם, נאָר אויך יויִשער".

פון איר זייט האָט די דייטשישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע ווידער געשלאָסן אַ בירגער־שאָלעם מיט דער בורזשואַזיע און מיט דער רעאַקציאָנערער קונאָ־רעגירונג. צוזאַמען מיט די בורזשואַזע פּאַרטייען און אָרגאַניזאַציעס האָבן זיי אָרגאַניזירט מיטינגען און דעמאָנסטראַציעס און גערופן צום נאַציאָנאַלן ווי־דערשטאַנד. זיי זיינען אויך געבליבן געטריי דער בורזשואַזיע און איר רעגי־רונג, ווען די לעצטע האָט געפונען פאַר צוועקמעסיקער אָפּצוזאָגן זיך פונעם ווידערשטאַנד און אַדורכצוקומען מיט די פראַנצויזישע אימפּעריאַליסטן אויפן כעשבן פונעם אַרבעטער־קלאַס.

### פינפטער קאפיטל

# דער אינטערנאציאָנאל פון דער קאפיטאליסטישער רעאקציע און דער אינטערנאציאָנאל פון דער פראָלעטארישער וועלט-רעוואָלוציע
# 1929—1923

## 1. דער שאָלעם־יאָנטעח פון די רעפאָרמיסטן אין האמבורג

1923

אין דער צייט פון דער רור־אקופאציע איז פארגעקומען די פאראייניקונג פונעם צווייטן און צוויי א האלביקן אינטערנאציאנאל. אין מיי 1923 יאר איז זיך אין האמבורג צוזאמענגעקומען דער פאראייניקונגס־קאנגרעס. די צענטריסטן, וואס האבן זיך אפגעשפאלטן פון די אפענע רעפארמיסטן ניט צוליב פרינציפיעלע מיינונגס־פארשיידנהייטן, וואס האבן זיך נאר צייטווייליק אפגעטיילט פון זייערע גייסטיקע כאוויירים אונטערן דרוק פון די מאסן, וועלכע זיינען געווען אויפגערעגט און אומצופרידן מיט דער מילכאמע־פאליטיק און מיטן נאסקע־קורס, האבן זיך נאך צוויי יאר זעלבשטענדיקער עקזיסטענץ אומגעקערט אינעם מוטער־שויס פונעם צווייטן אינטערנאציאנאל.

אלס רעזולטאט פונעם האמבורגער קאנגרעס האט זיך געבילדעט א געמיינזאמער קאמיטעט פונעם צווייטן און 2½ אינטערנאציאנאל, וואס האט אין יאנואר 1923 ארויסגעלאזן אן אופרוף, אין וועלכן עס איז געזאגט געווארן, אז די צעריסנקייט פון דער ארבעטער־באוועגונג האט געבראכט צו די שווערסטע רעזולטאט.

„דערביי איז אבער קלאר, אז מע קאן ניט מיט איין קלאפ דערגרייכן דעם אידעאל פון אן ארבעטער־אינטערנאציאנאל, וואס זאל אלעמען ארומנעמען און פארמאגן אן איינהייטלעכע פראגראם. דאס קאן נאר דערגרייכט ווערן אלס רעזולטאט פון לאנגדויערנדיקער אומדערמידלעכער ארבעט".

לויטן דאזיקן שטאנדפונקט איז די אינטערנאציאנאלע ארבעטער־ארגאניזאציע ניט קיין רעזולטאט פון דער פרינציפיעלער איינשטימיקייט פון די ארבעטער פון אלע לענדער, נאר א פארבאדינג אף צו דערגרייכן מיט דער צייט א געוויסע איינשטימיקייט.

דיזעלביקע פירער, וואס האבן שטענדיק אפגעווארפן און סאבאטירט יעדע איינהייטלעכע ארויסטרעטונג פונעם פראלעטאריאט אינעם קלאסן־קאמף, זיינען

מיט אַמאָל געוואָרן אַפּאָסטאָלן פון אייניקייט קעגן די „קאָמוניסטישע שפּאַלטער", קעדיי צו שאַפן אַ קלוימערשטע אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט ניט קיין איינהייטלעכע וועלט־אָנשויונג, ניט קיין איינהייטלעכע פּאָליטיק, וואָס קאָן נאָר דאַן אַרויסטרעטן איינהייטלעך, ווען עס גייט וועגן קאַמף קעגן דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. די באַדינגונגען פאַר אויפנעמען אינעם אינטערנאַציאָנאַל פאָדערן דאָס אָנערקענען דעם ציל צו באַזייטיקן דעם קאַפּיטאַליסטישן פּראָדוציר־אויפן, ווייטער דעם קלאַסן־קאַמף אַלס מיטל צו באַפרייען דעם אַרבעטערקלאַס, דאָס אָנערקענען דעם אַמסטערדאַמער פּראָפאַריינישן אינטערנאַציאָנאַל, די שאָלעם־רעזאָלוציעס פון דעם האַאַגער קאָנגרעס און צום סאָף דאָס אָנערקענען דעם אינטערנאַציאָנאַל „ניט נאָר ווי אַ אינסטרומענט פאַר די אויפגאַבן פון דער שאָלעם־צייט, נאָר אויך ווי אַן אומבאַדינגט נייטיקן אינסטרומענט בעיס יעדער מילכאָמע."

ווי דעראַזיקער זען מיטן פּוס דעם זייער בעקאַוועדיקן קאַוטסקי, וואָס איז נאַטירלעך געוואָרן איינער פון די אָנגעזעענסטע מיטגלידער פונעם נייעם אינטערנאַציאָנאַל, וואָלט געקאָנט עפּעס ענדערן אינעם נאַך פון דעראַזיקער אָרגאַניזאַציע! ווי דער פרומער ווונטש ניט אויפהערן צו זיין טעטיק בעיס דער מילכאָמע, וואָלט געקאָנט העלפן בא אַזאַ מין „אינטערנאַציאָנאַל", וואָס איז זיך אַליין מוידע, אַז בא אים זיינען ניטאָ קיין געמיינזאַמע איבערצייגונגען, וועמעס פירער אויפן האַאַגער קאָנגרעס, ניט געקוקט אויף אַלע ראַדיקאַלע באַשלוסן קעגן דער מילכאָמע, האָבן זיך ווידער אַרויסגעזאָגט פאַרן פאַרטיידיקן דאָס אימפּעריאַליסטישע פאָטערלאַנד!

פאַר דעם פאַריייניקונגס־יאָנטעוו איז אין האַמבורג פאָרגעקומען אַ געזעגנונג־יאָנטעוו פון דעם 2½ אינטערנאַציאָנאַל. די פאַריייניקונג איז באַשלאָסן געוואָרן מיט אַ מערהייט פון 99 שטימען קעגן 6 פון לעדעבורס גרופּע, פון די לינקע עסערן און פון די שווייצאַרישע דעלעגאַטן. אַמשאַרפסטן האָט לעדעבור געשטעמפּלט די פּרינציפּלאָזיקייט פון זיינע נעכטיקע פריינט:

„איך רעכנט, אַז איר וועט שאַפן אייניקייט דורכן פאַריייניקן די שווינדלער. די רעדנער פון פוילן און פון דער דייטשישער טשעכאָסלאָוואַקיע האָבן אונדז דאָ דערציילט פאַקטן, וואָס ווייזן, אַז איר ווילט זיך צוזאַמענשליסן מיט גאַנץ אָפנהאַרציקע פאַשיסטישע אָרגאַניזאַציעס. אין דייטשלאַנד האָט שוין די פאַריייניקונג פאַקטיש געבראַכט צו אַ רעגירונג־קאָאַליציע מיט די בורזשואַזע פּאַרטייען, — סאָציאַל־דעמאָקראַטן זיצן אין די רעגירונגען, וואָס העלפן דורכפירן די פאַשיסטישע שטרעבונגען, ווי זעווערינג מיט זיין פאַרווערן די פּראָלעטאַרישע הונדערטלעך... וואָס עס זאָל אונדז ניט אָפּטיילן פון די קאָמוניסטן, זיינען מיר דאָך ענג פאַרבונדן מיט זיי דורך דער הייליקער בלוט־ברודערשאַפט פון געמיינזאַמע רעוואָלוציאָנערע קאַמפן, דאָסזעלביקע בלוט, וואָס צווינגט אונדז צו זיין בלוט־סאָנים פון דער דייטשישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי!"

ווען אייניקע פון די דעלעגאַטן, וואָס האָבן זיך דערפילט געטראָפן פון לעדעבורס רייד, האָבן אים געוואָלט ניט דערלאָזן ריידן, האָט דער צינישער רענע־

האָט הילפֿערדינג געזאָגט: „לאָזט דעם אַלטן זיך אויסריידן, דאָס איז דאָך צום לעצטן מאָל!"

די הערן האָבן זיך זייער געאײַלט צו אַנטלויפֿן פֿון אַ געזעלשאַפֿט, וווּ עס איז געווען אַ געפֿאַר, אַז זיי זאָלן נאָך אַמאָל דערהערן וועלכע ניט איז רעוואָלוציאָנערע געדאַנקען. אויף דעם פֿאַרייניקונגס־קאָנגרעס איז ניט פֿאָרגעקומען קיין שום שטרייט צווישן די פֿאַרשיידענע שאַטירונגען פֿונעם רעפֿאָרמיזם פֿון דער מאַרקע 2 און 2½, עס איז אָבער געווען אַ שטרייט און טיילווייז זייער אַ שאַרפֿער אין יענע פֿאַלן, ווען די נאַציאָנאַלע שטרייטן צווישן די קאַפּיטאַליסטן פֿון פֿאַרשיידענע נאַציעס האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט אין די שטרייטן פֿון זייערע „סאָציאַליסטישע" לאַקייען. אַזוי האָבן זיך אַרויסגעוויזן שאַרפֿע קעגנזאַצן צווישן די טשעכישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן און די דײַטשישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן פֿון טשעכאָסלאָוואַקיע. די ערשטע זײַנען געזעסן צוזאַמען מיט די בורזשואַזע פּאַרטייען אין אַ רעגירונג, וואָס האָט אויפֿן ברוטאַלסטן אופֿן אונטערדריקט די דײַטשישע מינדערהייט, די אַנדערע זײַנען צוזאַמען מיט די דײַטשישע בורזשואַזע פּאַרטייען געווען אין איין נאַציאָנאַלער אָפּאָזיציע. יעדע פּאַרטיי האָט געזידלט די צווייטע ווי אַ נאַציאָנאַליסטישע און ביידע זײַנען זיי געווען גערעכט.

אומזיסט האָבן זיך באַמיט צו פֿאַרמיטלען די פֿאַרטרעטער פֿון אַנדערע פּאַרטייען פֿון דעם דאָזיקן פּרעכטיקן „אינטערנאַציאָנאַל". סאָף־כּל־סוף האָט מען געפֿונען אַן אייצע, אויסקלײַבנדיק אַ ספּעציעלע פֿאַרמיטלונג־קאָמיסיע.

ניט געקוקט אויף די דאָזיקע קאָנפֿליקטן האָט מען ווי אַלעמאָל אָנגענומען איינשטימיקע באַשלוסן. דערצו האָבן די אָפּאָרטוניסטן דרײַ אַלטע אויסגעפּרוּווטע פּרינציפּן:

1. מע קאָן רויק שטימען פֿאַר אַ פֿאָרשלאָג, אַפֿילו אויב מע איז ניט מסכּים מיט אים.

2. מע מוז אַזוי פֿאָרמולירן, אַז יעדערער זאָל קאָנען פֿון דעם באַשלוס אַרויסלייענען, וואָס אים פּאַסט בעסער.

3. קיינער איז ניט מחויב דורכצופֿירן, וואָס עס איז באַשלאָסן געוואָרן. וועלס, נאָסקעס דײַטשישער קאָלעגע האָט דאָס אַזוי פֿאָרמולירט:

„די טאַקטיק מוז אין פֿאַרשיידענע לענדער זײַן אַ פֿאַרשיידענע, כאָטש דער ציל אומעטום דערזעלבער."

און הויסמאַנס:

„אַגבֿ באַוויליקט דאָך קיינער ניט יעדן איינצלנעם וואָרט פֿון די פֿאָרגעשלאָגענע רעזאָלוציעס."

ווי האָט אין דער ווירקלעכקייט אויסגעזען די איינהייט האָט בולעט אַרויסגעוויזן די דיסקוסיע וועגן די שאַלעם־אָפּמאַכן. די איינשטימיק אָנגענומענע רעזאָלוציע הערוואָרט פֿונעם פֿעלקערבונד די רעוויזיע פֿון די שאַלעם־אָפּמאַכן און פּראָטעסטירט קעגן דער אָקופּאַציע פֿונעם רור־געביט, ווײַל דאָס דאָזיקע מאַקסימאַל קאָן ניט באַוואָרענען די רעפּאַראַציע־צאָלונגען. די דאָזיקע רעזאָלוציע נאַטירלעך, צווייפֿלט אַ האָר ניט דערין. אַז דײַטשלאַנד דאַרף צאָלן רעפּאַראַציעס.

„...בליסאַפּע האַרף דייטשלאַנד טראָגן די לאַסטן פֿונעם צוריק אָפּבויען, ווײַל דער אויפֿבוי איז פֿאַר דייטשלאַנד אַ מאָראַלישער כיוו, וואָס איז פֿון די דייטשישע פּראָפֿאַרייִנישע און סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציעס פֿרייוויליק (!) פּראָקלאַמירט געוואָרן."

די דאָזיקע פּרעכטיקע איינהייט אַפֿן באָדן פֿונעם ווערסאַלער טראַקטאַט, וואָס דאַרף איבערגעקוקט ווערן, האָט זיך אַף אַזאַ אויפֿן אָפּגעשפּיגלט אין די רעדעס פֿון פֿאַרשיידענע פֿאָרטרעטער פֿון די אימפּעריאַליסטישע אינטערעסן.

בעיִס וועב האָט אין נאָמען פֿון די ענגלענדער אין דער שאַרפֿסטער פֿאָרמע אַטאַקירט די שאָלעם־אָפּמאַכן **„אַלס אינסטרומענטן צו פֿאַרלענגערן די מילכאָמע"** און הילפֿערדינג האָט אין נאָמען פֿון די דייטשן דערקלערט די רעפּאַראַציעס אַלס סיבע, וואָס פֿאַרשאַרפֿט דעם עקאָנאָמישן קריזיס, האָט דער פֿראַנצייז בליום צעזונגען זיך **מיט אַ לויב־געזאַנג פֿאַר די שאָלעם־אָפּמאַכן**. ער האָט אין זיי אַנטדעקט די אָנערקענונג פֿונעם פּרינציפּ פֿונעם רעכט פֿון די פֿעלקער אַף זעלבסטבאַשטימונג, זיי זײַנען ניט קיין טריט אַף צוריק, נאָר זיי שטעלן מיט זיך פֿאָר אַ מישונג פֿון דעם ווילסאָנישן אידעאַליזם מיט די טראַדיציעס פֿון דער אַלטער דיפּלאָמאַטיע. און דער ווערסאַלער טראַקטאַט אַנטהאַלט דאָך אין זיך די פּונקטן וועגן דעם פֿעלקער־בונד און וועגן דעם אינטערנאַציאָנאַלן איבער־אַמט. וואָס אָנבאַלאַנגט די פּרעכטיקע פּאַראַגראַפֿן וועגן דעם, אַז „דייטשלאַנד איז די איינציקע שולדיקע אין דער מילכאָמע", האָט ער געקאָנט נאָר זיי פֿאַרוואַרפֿן, אַז דייטשלאַנד איז געווען געצוווּנגען זיי אָנצונעמען און „אָנערקענען די שולד האָט נאָר דאַן אַ מאָראַלישן ווערט, ווען זי קומט פֿאַר פֿרייוויליק!"

„דער פּרינציפּ **פֿון די רעפּאַראַציעס**, — האָט באַמערקט דער דאָזיקער פֿראַנצויזישער פּאַטריאָט — **איז פֿאַר זיך גענומען אינגאַנצן אין העסקעם מיטן אידעאַלן שטאַנדפּונקט**."*) דער דאָזיקער פּרינציפּ, לויט וועלכן די מעלוכע פֿילט זיך פֿאַראַנטוואָרטלעך פֿאַר יעדן איינצלנעם בירגער פֿאַר די שאָדנס, וואָס די מילכאָמע האָט געבראַכט, גייט אַרויס פֿונעם יוישער־געפֿיל. דער זעלבער פּרינציפּ, וואָס אים דערקלערן די סאָציאַליסטן פֿון די לענדער, וואָס האָבן צאָלן רעפּאַראַציעס, אַלס מיטל אַריבערצוּוואַרפֿן די מילכאָמע־לאַסטן פֿון די קאַפּיטאַליסטן אַף די אַרבעטער, האָט ער, דער „סאָציאַליסטישער" פֿאָרטרעטער פֿון דער בורזשואַזיע, וואָס פּראָפֿיטירט פֿון די רעפּאַראַציעס, דערקלערט פֿאַר אַ פּרינציפּ, וואָס „גייט אַרויס פֿון יוישער־געפֿיל"!

דער זעלבער בליום האָט פֿאַרטיידיקט זײַן פֿאָטערלאַנד קעגן דעם פֿאָרוווּרף אין אימפּעריאַליזם.

„מע רעדט אַזוי פֿיל וועגן דעם פֿראַנצויזישן אימפּעריאַליזם. דער אויסדרוק איז שוין געוואָרן אַ שלאַגוואָרט. עס איז עמעס: אין פֿראַנקרייך איז פֿאַראַן אַ מיליטאַריזם... אָבער אַ אימפּעריאַליזם אין דעם זין צו וועלן פֿאַרכאַפּן פֿרעמדע לענדער איז אין דער גרעסטער מערהייט פֿונעם פֿראַנצויזישן פֿאָלק ניט פֿאַראַן."

ווי דער אימפּעריאַליזם וואָלט ווען ניט איז געווען די זאַך פֿון דער מערהייט

*) אונטערגעשטראָכן פֿון מיר. י. ל.

פונעם פאָלק! ווייטער האָט דער גוטער מענטש איבערגעכאַזערט אַלע יענע „אידייען", וואָס דער פראַנצויזישער אימפּעריאַליזם פאַרשפּרייט צווישן די מאַסן מיט דער הילף פון די סאָציאַלדעמאָקראַטן: דער דייטשישער קאַפּיטאַליזם בלײַט און וויל ניט צאָלן, דעריבער אַנטשטייט אין די מאַסן פונעם פראַנצויזישן פאָלק דער געפיל, אַז זיי וועלן ניט דערהאַלטן דאָס, וואָס זיי קומט. כוצדעם איז דערמיט פאַרבונדן די פראַגע וועגן דער זיכערקייט. נאָכדעם ווי ער האָט געטריי איבערגעגעבן אַלע אַרגומענטן פונעם פראַנצויזישן אימפּעריאַליזם, האָט בלום פאַרענדיקט מיט דער טיפזיניקער באַמערקונג:

„דאָס אַלץ זאָג איך ניט צו באַרעכטיקן פראַנקרייך. עמעס, עס איז אין גרונט פאַלש שטענדיק מאַכן דאָס אייגענע לאַנד פאַר אומגערעכט, נאָר דערפאַר, ווײַל דאָס איז אייגענע לאַנד, דאָס וואָלט דאָך געווען די פאַרקערטע זייט פונעם אידיאָטישן נאַציאָנאַליזם."

אַלס צווייטער אַדוואָקאַט פונעם ווערסאַלער טראַקטאַט איז אַרויסגעטראָטן איינער פון זײַנע פאַרפאַסער וואַנדערוועלדע. ער האָט דערקלערט, אַז דער צוועק פון זײַן רעדע איז צו פאַרטיידיקן זיך פאַרוואָס ער האָט אונטערגעשריבן דעם ווערסאַלער טראַקטאַט.

„איך האָב דעמדאָזיקן טראַקטאַט אונטערגעשריבן אין פולקומער האַסקאָמע מיט דעם גאַנצן בעלגישן אַרבעטערקלאַס און מיט דער אַרבעטער־פּאַרטיי און איבער עפּעס טרייסט מיך איז דאָס, וואָס אונטערן טראַקטאַט איז מײַן נאָמען ניט די איינציקע סאָציאַליסטישע אונטערשריפט. ווײַל אויף דער צווייטער זייט שטייען די נעמען הערמאַן מילער און קאַרל רענער, — (די וואָס ווערן אַזוי פאַרטשעפּעט שרייען אומצופרידענע: „דאָס איז דאָך ניט איינס און דאָסזעלבע!) — אויך פאַר אונדז איז דידאָזיקע אונטערשריפט דעמאָלט געווען אַ שווערע געוויסן־פראַגע, אָבער ווען איך וואָלט הײַנט געשטאַנען אין אַזאַ סיטואַציע, וואָלט איך ווידער אונטערגעשריבן, ווײַל פאַר אונדז בעלגישע סאָציאַליסטן האָט דערדאָזיקער טראַקטאַט, ניט רעכענענדיק קיין אַנדערע זאַכן, דירעקט באַטײַט איינס: די באַפרייונג פון אונדזער טעריטאָריע, פון אונדזער לאַנד פון אַ פרעמדער מיליטערישער אָקופּאַציע און דאָס פעסטשטעלן אונדזער רעכט אויף רעפּאַראַציעס."*)

פוילע אַרגומענטן פאַר אַ פוילע זאַך! קיין מענטש וואָלט ניט געגלויבט, אַז נאָך דײַטשלאַנדס מאַפּאָלע וואָלט בעלגיע ניט באַפרייט געוואָרן פונעם דײַטשישן מיליטער, אויב הער וואַנדערוועלדע וואָלט ניט אונטערגעשריבן דעם שענדלעכן דאָקומענט.

ווי בלום און וואַנדערוועלדע פאַר זייערע פאָטערלענדער, אַזוי האָט זיך אויך אויפגעהויבן וועלס און געהאַלטן אַ דראָשע פאַר זײַן פאָטערלאַנד. ער האָט זיך ביטער באַקלאָגט דערויף, וואָס די וועלט פאַרשטייט ניט זייער אַפּט דײַטשלאַנד. ער האָט זיך באַמיט אין שווייס פון זײַן פּאָנעם צו דערווײַזן, אַז די דײַטשישע רעפּובליק איז גאָר עפּעס אַנדערש ווי די אימפּעריע דײַטשלאַנד. אָבער

*) אונטערגעשטראָכן פון מיר. — י. ל.

קיין אנדערע באַווייזן דערצו האָט ער ניט געקאָנט ברענגען ווי דאָס, וואָס דייטש־לאַנד האָט איצט אַ נייע פאָן שוואַרץ־רויט־גאָלד, און אַז די בורזשואַזיע איז צופרידן מיט דער רעפובליק. די „רעפובליק איז שאָלעם", האָט פּראָקלאַמירט דער מענטש, וואָס זייט באַ זייט מיט נאָסקען האָט ער געהאָלפן גרינדן די ווײַמאַרער זיקע רעפובליק דורך אַ בלוטיקער קריג קעגן די אַרבעטער.

אויב באַ דעם פּונקט פון מאַנאַרכיעגונג „דער אימפּעריאַליסטישער שאָלעם" האָבן זיך שאַרף אַרויסגעשטעלט די קעגנערישע אימפּעריאַליסטישע אינטערעסן, איז באַ דער רוסישער פראַגע געווען נאָר ניואַנסן אין דער שאַרפקייט און אין דער אָפנקייט פון קאָנטר־רעוואָלוציאָנערער האַלטונג. די פראַגע האָט געהאַט די גרעסטע אַקטועלע באַדייטונג. בעיים עס זיינען פאָרגעקומען די זיצונגען פון דעם קאָנגרעס האָט קערזאָן, דער ענגלישער אויסערן־מיניסטער, געשיקט דער ראַטן־רעגירונג אַ הראָוגנאָטע. אין ענגלאַנד האָט זיך אַנטוויקלט אַ ברייטע מאַסן־באַוועגונג קעגן דער דראָענדיקער אינטערווענציע, די סימפּאַטיעס פון די מאַסן זיינען אומעטום געווען אויף דער זייט פון דער אָנגעגריפענער ראַטן־רעפובליק. אונטערן דרוק פון די דאָזיקע אַלע פאַקטן האָבן זיך אַלע רעדנער געמוזט אַרויס־זאָגן קעגן אינטערווענציע — מאַקדאָנאַלד ווי אַבראַמאָוויטש, אָטאָ באַוער ווי קריספּין. אָטאָ באַוער האָט אַנטוויקלט דעם באַרימטן שטאַנדפּונקט פון די 2½ אינטערנאַציאָנאַל, וואָס איז באַשטאַנען פון טעזיסן „פון איין זייט... אָבער פון דער אַנדער זייט..." ער האָט דערמאָנט וועגן דעם בלוטיקן פאַרברעכן פונעם עסטרייך־אונגאַרישן און דייטשן מיליטאַריזם, וואָס האָבן די ערשטע אָנגע־הויבן די פּאָליטיק פון אינטערווענציע אין אוקראַינע און רוסלאַנד. ער האָט נאָר פאַרגעסן זאָגן, אַז די דייטשישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע האָט אונטערשטיצט די דאָזיקע אינטערווענציאָניסטישע פּאָליטיק. פון דער צווייטער זייט האָט ער באַהויפּט, אַז „די באָלשעוויסטישע פּאַזע פון דער רוסישער רעוואָלוציע האָט געגעבן די געלעגנהייט פאַר דער פּאָליטיק פון דער באַוואָפנטער אינטערווענציע קעגן רוסלאַנד און האָט איר געגעבן אַ סאַך הילף."

נאָך אומפאַרשעמטער האָט געהעצט דער מענשעוויק אַבראַמאָוויטש. פון דער נייער עקאָנאָמישער פּאָליטיק האָט ער געמאַכט דעם אויספיר, אַז עס איז צוריק אופגעשטעלט געוואָרן דער פּריוואַטער קאַפּיטאַליזם. די רעוואָלוציע האָט אַ טיפּישן בורזשואַזן כאַראַקטער, זי איז אַ פויערשע רעוואָלוציע. ער האָט נייעס געזאָגט, אַז די פּריוואַטע אינדוסטריע וועט זיך שנעלער אַנטוויקלען ווי די מעלוכישע. איצט איז שוין די רויטע אַרמיי אַ געפאַר, ווי דאָס האָט געווען דער ביישפּיל מיט גרוזיע. ווען דער קאַפּיטאַליזם וועט זיך פאַרשטאַרקן, וועט די געפאַר זיין נאָך גרעסער. מיט איין אָטעם־צוג האָט ער דערקלערט, אַז די אַנט־וויקלונג פונעם קאַפּיטאַליזם אין רוסלאַנד איז „גאָטלעך און נייטיק". אַלס אויסוועג האָט ער רעקאָמענדירט זיך אומקערן צו דעמאָקראַטיע, צום דעמאָקראַטישן קאַפּיטאַליזם. נאָר די דעמאָקראַטיע קאָן רוסלאַנד ווידער מאַכן פאַר אַ פריי לאַנד, און דאָס איצטיקע רוסלאַנד איז אַ געפאַר פאַר דער דעמאָקראַטיע און פאַר דער פרייהייט פון דער גאַנצער וועלט!

אַלע אויסריידן פונעם רעדנער, אַז ער איז קעגן אינטערווענציע און קעגן די

צוגרייטונגען פון אופשטאנד, ענדערן גארניט דערין, אז אזא רעדע באטייט א דערמונטערונג פאר דער קאפיטאליסטישער „דעמאקראטיע" צום ארא‌פוואַרפן דעם „קאמוניסטישן דעספאטיזם". עס איז כאראקטעריסטיש, אז די סאציאל־דעמאקראטישע גרופע „זאריא", וואס איז טיילווייז ארויסגעטראטן פון דער מענשעוויסטישער פארטיי, טיילווייז אויסגעשלאסן געווארן פאר איר אנטייל אין די אינטערווענציעס קעגן ראטן־רוסלאנד, איז ניט אויפגענומען געווארן אינעם צווייטן אינטערנאציאנאל, אבער ניט מיט דער באגרינדונג, אז דער אינטערנאציאנאל וויל ניט האבן צו טאן מיט אזעלכע קאנטר־רעוואליוציאנערן, נאר צוליב איר „אוואנטיוריסטישער פאליטיק". די מיטגלידער פון דער גרופע האט מען פארגעלייגט זיך אומקערן צוריק אין דער מענשעוויסטישער מוטער־פארטיי!

פון דעם אלעמען קאן מען זען, ווי ווייניק רעכט האבן די העלדן פונעם צווייטן אינטערנאציאנאל אויסצודריקן זייער מאראלישע אופרעגונג איבער דעם, וואס די ראטן־רעגירונג לאזט פארורטיילן „סאציאליסטן" פאר זייער אנטייל אין קאנטר־רעוואליוציאנערע פארשווערונגען. די רעוואליוציע ווען רוסלאנד איז אנגענומען געווארן קעגן צוויי שטימען בא 39 אפגעהאלטענע (צווישן זיי די ענגלענדער און די שווייצארישע דעלעגאטן). די רעזאליוציע שטעלט אנטקעגן דער געוואלטזאמער אינטערווענציע פונעם אימפעריאליזם „די מאראלישע ווירקונג פונעם אינטערנאציאנאל" און פאדערט כוצפעדיק און אפן ארויסלאזן אלע „פארורטיילטע, ארעסטירטע אדער פארשיקטע פערזאנען פאר פראפאגאנדירן זייערע פאליטישע איבערציינגונגען" און דעם איבערגאנג צו דעמאקראטיע.

עס האט זיך נאטירלעך אפילע ניט אופגעהויבן די פראגע וועגן פארורטיילן אזעלכע סאציאליסטן, וואס האבן זיך באטייליקט אין קאנטר־רעוואליוציאנערע אויפשטאנדן.

וועגן די גאר ניט ווייניק וויכטיקע פראגן פון דער מילכאמע האט מען ניט איבעריק אסאך גערעדט. אין דער רעזאליוציע וועגן דעם אימפעריאליסטישן שלעם ווערט געזאגט, אז דער אינטערנאציאנאל שטעלט זיך אפן באדן פונעם האאגער אקוועלטלעכן שאלעם־קאנגרעס און

„אנערקענט די נויטיקייט צו דערגרייכן א פולשטענדיקע קלארקייט אין דער האלטונג פון די פראלעטארישע פארטייען בעיים א מילכאמע. דאס שטודירן די דאזיקע פראגע וועט זיין די פליכט פונעם אינטערנאציאנאל...

די ערשטע פאדערונג פון דעמדאזיקן קאמף איז, אז די ארבעטער־פארטייען פון אלע לענדער זאלן זיך אפזאגן פון וועלכער ניט איז אונטערשטיצונג פאר אן אימפעריאליסטישע מילכאמע און אז זייערע פארלאמענטארישע פארטרעטער זאלן זיך אפזאגן צו שטימען פאר די מיליטערישע מילכאמע־קרעדיטן, וואס דינען פאר אימפעריאליסטישע צוועקן." *)

עס איז א גרויסער ספעק צו דידאזיקע הערן וועלן פארעטדיקן זייערע שטודיעס איידער עס וועט אויסברעכן די מילכאמע. דערווייל מעגן זיי רויק בא־

*) אונטערגעשטראכן פון מיר.—י. ל.

וויליקן מיליטערישע און מילכאמע־קרעדיטן, ווייל דאס שטודירן האט נאך ניט אויפגעקלערט, וועלכע קרעדיטן דינען פאר אימפעריאליסטישע צוועקן.

דעם כאראקטער פון דעמדאזיקן אינטערנאציאנאל באליכט באזונדערס בולעט דער סטאטוט, וואס עס איז אנגענומען געווארן אין האמבורג. צי זיינען די אנגעשלאסענע פארטייען פארפליכטעט דורכצופירן אינטערנאציאנאלע באשלוסן אדער ניט? דערויף ענטפערט דיפלאמאטיש דער פאראגראף 3 פונעם סטאטוט:

„דער סאציאליסטישער ארבעטער־אינטערנאציאנאל איז נאר אויף אזוי ווייט א לעבעדיקע ווירקלעכקייט, אויף וויפל זיינע באשלוסן אין אלע אינטערנאציאנאלע פראגן זיינען אבליגאטעריש פאר אלע זיינע טיילן. דערביי איז יעדער באשלוס פון דער אינטערנאציאנאלער ארגאניזאציע א פרייוויליקע באגרענעצונג פון דער אויטאנאמיע פון די פארטייען פון די איינצלנע לענדער.“ *)

דאס הייסט, אז אויב די פארטייען וועלן זיך ניט קימערן וועגן די באשלוסן וועט דאס נאר באטייטן, אז דער אינטערנאציאנאל איז ניט קיין „לעבעדיקע ווירקלעכקייט“ און דערמיט איז די פראגע דערלידיקט. אויב די ארגאניזאציעס ווילן ניט אליין באגרענעצן זייער אויטאנאמיע, זאלן זיי זי האבן.

וועגן דעמדאזיקער געמיטלעכער קאמפאניע דערקלערט דער פאראגראף 4.

„דער סאציאליסטישער ארבעטער־אינטערנאציאנאל איז ניט נאר אן אינסטרומענט פאר די אויפגאבן פון דער שאלעם־צייט, ער איז אויך א נייטיקער אינסטרומענט בעתן דער מילכאמע.

בא קאנפליקטן צווישן נאציעס אנערקענען די אנגעשלאסענע פארטייען דעם סאציאליסטישן ארבעטער־אינטערנאציאנאל אלס העכסטע אינסטאנץ“.

וואס זאל דערדאזיקער נייטיקער אינסטרומענט טאן אדער וואס קען ער טאן אין פאל פון א מילכאמע בלייבט א סאד. די פארמולירונג וועגן די קאנפליקטן צווישן נאציעס איז ניט מער ווי א ווידערקאל פונעם סטאטוט פון דער פעלקער־ליגע. אז פארשיידענע „נאציעס“, ד. ה. נאציאנאלע סעקציעס פון דעמדאזיקן אינטערנאציאנאל האבן קעגנזעצלעכע מיינונגען איז פאר דעמדאזיקן אינטערנאציאנאל ווייזט אויס זעלבסטפארשטענדלעך.

דער שענסטער פערל פון דעמדאזיקן סטאטוט איז אבער אן ספק דער דרייצנטער פאראגראף.

„ווען א מיטגליד פון עקזעקוטיוו טרעט אריין אין א מיניסטעריום, פארלירט ער אווטאמאטיש זיין מיטגלידערשאפט אינעם עקזעקוטיוו. נאכן ארויסטרעטן פון דער רעגירונג קאן ער גלייך צוריק אויסגעוויילט ווערן אין עקזעקוטיוו“.

בעתן דעם שטרייט וועגן דער מייסע מיליעראן האבן די אפארטוניסטן אין פראנקרייך אויסגעטראכט אווערטל „סאציאליסטן אין אורלויב“. דערדאזיקער אינטערנאציאנאל פון מיניסטארן און קאנדידאטן פאר מיניסטארן אנ־

*) אונטערגעשטראכן פון מיר.—י. ל.

ערקלערט פאר זעלבסטפארשטענדלעך, אז סאָציאַליסטישע מיניסטאָרן הערן אויף צו זיין סאָציאַליסטן אזוי לאנג ווי זיי זיצן אין דער רעגירונג. ווארפט מען ארויס דעם דאָזיקן הער מיניסטער פון דער רעגירונג. ווערט צוריק אויפגעשטעלט זיין סאָציאַליסטישע אומשולד און ער מעג שוין ווייטער אויספילן די ראָלע פון אַ פירער פונעם אינטערנאַציאָנאַל.

אזוי זעט אויס די אין האמבורג נייגעגרינדעטע פירמע אף צו באַשווינדלען „סאָציאַליסטיש" די אַרבעטער! אַלס זיץ־אָרט פונעם סעקרעטאַריאַט איז באַ-שטימט געוואָרן לאָנדאָן; פאר אַ סעקרעטאר איז אויסגעקליבן געוואָרן פרידריך אַדלער. איינשטימיק איז קאָנסטאַטירט געוואָרן, אז דאָס איז אַ נייער אינטערנאַ-ציאָנאַל, פאר וועמען די באַשלוסן פון די פריערדיקע אינטערנאַציאָנאַלע אַרבעטער אָרגאַניזאַציעס האָבן ניט קיין באַדייטונג. און, בעמעס, צו וואָס זאָלן די-דאָזיקע הערן זיך דערמאָנען וועגן די ניט אָנגענומענע באַשלוסן פון שטוטגאַרט, באַזעל, באַשלוסן, וועלכע זיי האָבן קיינמאָל ניט געהאַט בעדייע דורכצופירן.

אף וויפל ער איז גוטיק בא יעדער מילכאָמע האָט דער ניי געגרינדעטער אינטערנאַציאָנאַל געקאָנט טייקעף דערווייזן בעיס דער מילכאָמע אין רור. ווי ער האָט עס געטאָן דערציילט אָפנהאַרציק אַ באַריכט, וואָס איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן נאָכן האַמבורגער קאָנגרעס.

„די קאָמפּליצירטע פּאָליטישע לאַגע, וואָס האָט זיך ניט איינמאָל קאַ-טאַסטראָפאַל פאַרשאַרפט, האָט געצוווּנגען צו אונטערזוכן, צי עס איז נייטיק דורכצופירן אַ מאַסן־אַקציע.

אָבער צוליב דעם, וואָס די סיטואַציע האָט זיך קעסיידער געענדערט האָט דער סעקרעטאַריאַט, די געשעפט־קאָמיסיע און די ביוראָ ניט געפונען קיין פאַסיקן מאָמענט פאַר אַ דירעקטן אָנטשיידענעם אַריינמישן זיך".

## 2. מאַפּאָלעס פונעם פּראָלעטאַריאַט און רעלאַטיווע סטאַבי-ליזירונג פונעם קאַפּיטאַליזם. — דער פינפטער וועלט־קאָנ-גרעס פונעם קאָמינטערן און דער מאַרסעלער קאָנגרעס פונעם סאָציאַל־פאַטריאָטישן אינטערנאַציאָנאַל

1925—1923

דאָס יאָר 1923 איז געווען אַ יאָר פון שווערע מאַפּאָלעס פאַרן אינטערנאַ-ציאָנאַלן פּראָלעטאַריאַט. עס האָט זיך ניט נאָר אף דאָס ניי ארויסגעוויזן די פאַטאַלע ראָליע פון די רעפאָרמיסטישע פּאַרטייען, וואָס ראַטעווען יעדעסמאָל דעם קאַפּיטאַליזם, ווען עס קומען פאַר אים קריטישע צייטן, עס האָט זיך אויך ארויסגעוויזן, אז אפילע די כאַמע דערפאַרענע פּאַרטייען פונעם קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל פאַרמאָגן נאָך ניט די נויטיקע פעסטקייט, קלאָרקייט און רייפ-קייט ווי זאָלן זיין אימשטאַנד דורכפירן אין דער פּראַקטיק דעם ביישפּיל פון דער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי פון 1917 יאָר. די אָקופּאַציע פונעם רור־געביט און די אָנגעקומענע נאָך דעם אינפליאַציע, וואָס פלעגט אין עטלעכע שאָ מאַכן פון די אַרבעטער־לוינען ווערטלאָזע שטיקלעך פּאַפּיר, האָבן אַרויסגערופן אַ טיפן עקאָנאָמישן, סאָציאַלן און פּאָליטישן קריזיס. די ברייטע מאַסן אַרבעטנ-

דיקע האָבן אָנגעהויבן צו באַטעווען קעגן די אומדערטרעגלעכע פּאָרהעלטענישן און זייַנען אָפּגעגאַנגען פון די סאָציאַל־דעמאָקראַטן, וואָס זייַנען געווען שולדיק אין דער קאַטאַסטראָפע.

אין אויגוסט 1932 יאָר איז קונאָס אינפלאַציע־רעגירונג, דאָס געהאַרכזאַמע געציַיג פון דער שווערער אינדוסטריע, אָראָפּגעוואָרפן געוואָרן דורך אַ מאַסן־שטרייק. צו ראַטעווען די קאַפּיטאַליסטישע געזעלשאַפט האָט זיך געשטעלט די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. קונאָס יערושע האָט איבערגענומען אַ רעגירונג פון דער גרויסער קאָאַליציע מיט העלפערדינגן, זאַלמאַנען, ראַדברוכן און שטרעזעמאַנען אַלס קאַנצלער אין דער שפּיץ.

די אויפגאַבע פון דער דאָזיקער רעגירונג איז געווען צו אָפּשטעלן דעם פאַרסיון ווידערשטאַנד אין רור־געביט, דורכקומען מיטן פראַנצויזישן אימפּעריאַליזם און אויף דעמאָלט זיכער וועג דורכפירן די סטאַביליזירונג פון דער וואַליוטע און פון דער צעטרייסלטער קאַפּיטאַליסטישער ווירטשאַפט.

די פירער פון דער דייטשישער בורזשואַזיע האָבן גאַנץ קלאָר געוווּסט, אַז קעדיי צו איבערוואַרפן די לאַסטן פון דער דאָזיקער סטאַביליזאַציע אויף די אָר־בעטנדיקע מאַסן און באַקומען געוויינטליכע אויסערלעכע האַלוואָעס, קעדיי צו בייקומען די דראָענדיקע געפאַר פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע מוז מען צע־שמעטערן דעם אַרבעטער־קלאַס. די בורזשואַזיע מיט אירע לעגאַלע און אומלע־גאַלע בירגערקריג־גוואַרדיעס האָבן זיך געגרייט צו אַנטשיידנדיקע שלאַכטן.

אויך דער קאָמוניסטישער אינטערנאַציאָנאַל האָט פאָרויסגעזען, אַז עס מוזן אָנקומען אַנטשיידנדיקע קאַמפן. אויף אַ זיצונג פונעם אויספירקאָם פון קאָמינטערן איז די אָנפירונג פון דער דייטשישער פּאַרטיי אויפמערקזאַם געמאַכט געוואָרן אויף דער דאָזיקער לאַגע און עס איז באַשלאָסן געוואָרן צו מאָביליזירן די אַרבעטערשאַפט צו די אַנטשיידנדיקע שלאַכטן. אין זאַקסן און אין טיורינגיע האָבן דעמאָלט די קאָמוניסטן צוזאַמען מיט די „לינקע" סאָציאַל־דעמאָקראַטן געהאַט די מערהייט אין די אָרטיקע פּאַרלאַמענטן. אונטערן דרוק פון דער רע־וואָלוציאָנערער מאַסן־שטימונג זייַנען דאָרטן די צענטריסטישע פירער געווען געצוווּנגען צו דולדן פאַרשיידענע פאָרמען און אָרגאַנען פונעם אייניקייטלעכן פראָנט, פּראָלעטאַרישע הונדערטלעך און קאָנטראָל־קאָמיטעטן. די פּאַרלאַמענ־טאַרישע עקזיסטענץ פון די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע רעגירונגען אין די דאָזיקע לענדער איז געווען אָפּהענגיק פון די קאָמוניסטן. דער קאַמף־פּלאַן, וואָס איז באַשטעטיקט געוואָרן פונעם אויספירקאָם פון קאָמינטערן, איז באַשטאַנען דערין, וואָס די קאָמוניסטן זאָלן צוזאַמען מיט די לינקע סאָציאַל־דעמאָקראַטן גיין אין די דאָזיקע לענדער אין די רעגירונגען און זאָלן אויסנוצן דעמאָזיקן טריט אויף צו דערזאָרגאַניזירן דעם בורזשואַזן מעלוכע־אַפּאַראַט, פאַנאַנדערוויגן די מאַסן און פאַנאַנדערוויקלען אַנטשיידנדיקע שלאַכטן.

דער דאָזיקער פּלאַן האָט זיך ניט אייַנגעגעבן, ווייַל די דעמאָלטיקע אָנפירונג פון דער דייטשישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי האָט געהאַט אַ פּרינציפּיעל פאַלשע פאַרשטעלונג וועגן דער ראָליע פון די „לינקע" סאָציאַל־דעמאָקראַטן און דערייבער האָט זי שלעכט באַנומען דעם סטראַטעגישן פּלאַן און האָט אים

פּאַליש דורכגעפירט. אינעם אַריינטרעטן אין דער רעגירונג האָט זי געזעען אַ בונד מיט די „לינקע" סאָציאַל־דעמאָקראַטן קעדיי אויסצונוצן דעם בורזשואַזן מאַכט־אַפּאַראַט, אַף צו פאַרטיידיקן די פּאָזיציעס פונעם אַרבעטער־קלאַס אין דער בורזשואַזער דעמאָקראַטיע קעגן דער פאַשיסטישער געפאַר. די דייטשישע רעגירונג, אין וועלכער עס זיינען געזעסן די פירער פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, האָט געשטעטפערט אָפּן בילדן די סאָציאַל־דעמאָקראַטיש־קאָמוניסטישע רעגירונגען מיט דערקלערן באַלאַגערונג־צושטאַנד, מיטן פּראָקלאַמירן די דיקטאַטור פון די רייכסווער־גענעראַלן און מיטן אַריינמאַרש פון דעם רייכסווער אין זאַקסן און טיורינגיע.

די פראַגע וועגן אַ גענעראַל־שטרייק און וועגן אַ באַוואָפנטן ווידערשטאַנד קעגן דער קאָנטר־רעוואָלוציע איז באַטראַכט געוואָרן אַף אַ קאָנפערענץ פון די פאַבזאַווקאָמען אין כעמניץ. די לינקע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פירער זיינען אַרויסגעטראָטן קעגן וועלכע ניט איז קאַמף־מיטלען. דאָס איז געווען פאַר בראַנדלערן, דעם דעמאָלטיקן פירער פון דער דייטשישער קאָמוניסטישער פאַרטיי, אַ גרונט צו אָפּזאָגן זיך פון וועלכן ניט איז קאַמף־באַשלוס. מע האָט געהאַלטן, אַז מע קאָן ניט וואַגן פירן דעם קאַמף קעגן דעם ווילן פון די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פירער. אָבער די אַרבעטערשאַפט אין גאַנצן לאַנד האָט געוואַרט אַף אַ סיגנאַל.

דער קאַמף־גייסט פונעם פּראָלעטאַריאַט האָט זיך אַרויסגעוויזן אין דעם העלדישן אופשטאַנד פון די האַמבורגער אַרבעטער, וואָס האָבן זיך עטלעכע טעג געשלאָגן, האַגאַם פולקום איזאָלירטע, פאַרטיידיקט קעגן באַדייטנדיק שטאַרקערע קרעפטן פונעם רעגירונג־מיליטער. אָבער נאָך דער קאַפּיטולאַציע אין זאַקסן איז שוין געווען אַנטשיידן די מאַפּאָלע פונעם פּראָלעטאַריאַט. די קאָמוניסטישע פאַרטיי איז געוואָרן פאַרבאָטן מיט דער הילף פון אַן אויסעראָרדנטלעכן געזעץ, אַף וועלכן די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע האָט געגעבן איר האַסקאָמע, דער אַכט־שאָיקער אַרבעט־טאָג איז אָפּגעשאַפט געוואָרן, עס איז אַרויסגעלאָזן געוואָרן אַ פאַראָרדענונג וועגן צוואַנג־אַרבעט פאַר אַרבעטלאָזע, עס איז לעגאַליזירט געוואָרן דאָס באַרויבן די קליינע אָפּשפּאָרער דורך די געזעצן וועגן דער אַזוי גערופענער „רעוואַלאָריזאַציע".

אונטער אַנדערע באַדינגונגען און אַלס רעזולטאַט פון אַנדערע פעלערן איז צעגראָמירט געוואָרן דער בולגאַרישער פּראָלעטאַריאַט. דאָרט האָט פון 1920 יאָר געהערשט די פּויערים־רעגירונג פון סטאַמבוליסקי. וואָס, שטיצנדיק זיך אַף די פאַרמעגלעכע פּויערים, האָט זי געפּרוּווט פירן איר פּאָליטיק אין די אינטערעסן פון די פּויערים קעגן דער שטאָטישער בורזשואַזיע ווי אויך קעגן דעם פּראָלעטאַריאַט. ווען אין יוני 1923 י. האָט די בורזשואַזיע מיט דער הילף פון אַן אָפיצערן־קליקע און מיט דער אונטערשטיצונג פונעם אויסלענדישן אימפּעריאַליזם אינסצענירט אַ פּוטש קעגן דעראָזיקער רעגירונג, האָט זיך די בולגאַרישע קאָמוניסטישע פאַרטיי פאַרהאַלטן פּאַסיוו. אינעם קאַמף צווישן דער פאַשיסטישער בורזשואַזיע און דער פּויערישער פאַרטיי האָט זי געזעען נאָר אַ קאַמף צווישן צוויי פליגלען פון די באַזיצנדיקע קלאַסן, אַנשטאָט צו פאַרווירקלעכן

דעם בונד פונעם פראָלעטאַריאַט מיטן פּויערטום קעגן דער רעאַקציאָנערער בור־זשואַזיע און אין פאַרלויף פונעם קאַמף דורכפירן די אָנפירונג פונעם פראָלע־טאַריאַט מיט די אַרבעטנדיקע מאַסן אויך קעגן די רעאַקציאָנערע פּויערים־פּי־רער, אַזוי אַרום האָט צאַנקאָווס ווייסע רעגירונג פאַרכאַפּט די מאַכט, דערביי האָט איר די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע געגעבן אַקטיווע הילף. אין דער פאַשיסטי־שער רעגירונג איז געזעסן דער סאָציאַל־דעמאָקראַט זאַקאַזאָוו. אַן אויפשטאַנד פון די פּויערים צוזאַמען מיט דער אַרבעטערשאַפט אין דעקאַבער 1923 יאָר, וואָס אין זיין שפּיץ איז געשטאַנען די קאָמוניסטישע פּאַרטיי, איז צעשמעטערט גע־וואָרן דורך אַ בלוטיקן טעראָר.

דער פינפטער קאָנגרעס פונעם קאָמינטערן, וואָס איז פאָרגעקומען אין 1924 יאָר, האָט געמוזט באַשטימען זיין פּאָזיציע בנוגע די דאָזיקע מאַסאַלעס און אין שטרענגער זעלבסטקריטיק אָנווייזן די פעלערן פון די קאָמוניסטישע פּאַר־טייען אין די דאָזיקע שלאַכטן.

„די באַציונג פון אַ פּאָליטישער פּאַרטיי צו אירע פעלערן,— זאָגט לענין, — איז איינער פון די זיכערסטע און ערנסטע קריטעריעס פון דער ערנסטקייט פון דער פּאַרטיי, אַף וויפל זי פילט אויס אין דער פּראַקטיק אירע פליכטן בנוגע איר קלאַס און די אַרבעטנדיקע מאַסן. אָפן אָנערקענען דעם פעלער, אויפדעקן זיינע סיבעס, אַנאַליזירן די אומשטענדן, וואָס האָבן אים צוגעגרייט און זאָרגזאַם באַטראַכטן די מיטלען ווי אַזוי דעם פעלער צו פאַר־ריכטן—דאָס זיינען די סימאָנים פון אַ פּאַרטיי, וואָס מע קאָן זי נעמען ערנסט, דאָס הייסט, אויספילן דעם כוויו, דאָס הייסט, ערציען און לערנען דעם קלאַס און דערנאָך אויך די מאַסן".

עס איז ניטאָ אַזעלכע פּאַרטייען, וואָס מאַכן ניט קיין פעלערן. ניט דאָס איז דער אונטערשייד צווישן די קאָמוניסטישע און רעפאָרמיסטישע פּאַרטייען, וואָס די מאַכן פעלערן און יענע ניט, נאָר דערין, וואָס די קאָמוניסטן פאַרטרעטן קאָנזעקווענט די קלאַסן־אינטערעסן פונעם פּראָלעטאַריאַט, די סאָציאַל־דעמאָ־קראַטן אָבער פאַראַטן סיסטעמאַטיש די קלאַסן־אינטערעסן פונעם פּראָלעטאַ־ריאַט.

אויב אַ קאָמוניסטישע פּאַרטיי גייט אַראָפּ צוליב אָפּאָרטוניסטישע פעלערן פונעם ריכטיקן וועג פון פּראָלעטאַרישן קלאַסן־קאַמף, צי באַווייזט דאָס, אַז זי ניט פּונקט אַזוי ווייניק ווי די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטייען אַ גאַראַנטיע, אַז זי וועט ריכטיק פאַרטיידיקן די אַרבעטער־אינטערעסן? בעשום־אופן ניט. אַזאַ מין אויספיר וואָלט געווען ריכטיק, ווען אַזעלכע אָפּנויגן וואָלט דער קאָ־מוניזם געדולדעט, באַווייקט און אויסגעבילדעט דערפון אַ קאָנזעקווענטע ליניע אין זיין פּאָליטיק. דעריבער איז טאַקע דער קאָמינטערן דער פירער פונעם אַל־וועלטלעכן פּראָלעטאַריאַט, ווייל ער וואַרפט אונטער די טעטיקייט פון זיינע סעקציעס אונטער אַ סיסטעמאַטישער שטרענגער קריטיק און זאָרגט פאַר דעם, אַז די אומפאַרמיידלעכע פעלערן זאָלן אָראָפּגעזעצט ווערן ביז אַ מינימום און זיי זאָלן וואָס גיכער פאַריכט ווערן.

דער פינפטער וועלט־קאָנגרעס פונעם קאָמינטערן האָט קאָנסטאַטירט:

שווערע אפארטוניסטישע פעלערן פון דער דייטשישער קאמוניסטישער פארטיי און פון א ריי אנדערע קאמפארטייען. די פאכדאנישע דיפלאמאטיע פון קעגנ־דייטיקער אמניסטיע פאר אלע אווירעס, אף וועלכער עס איז אויפגעבויט דער צווייטער אינטערנאציאנאל, עקזיסטירט נים אין דריטן אינטערנאציאנאל. דער פינפטער קאנגרעס האט קאנסטאטירט, אז די אפארטוניסטישע אנפירונג פון בראנדלער־טאלהיימער אין דייטשלאנד האט באנומען די טאקטיק פונעם איינהייטלעכן פראנט ווי א בונד מיט די „לינקע" רעפארמיסטן און האט זיך דעריבער אפגעזאגט פון דער זעלבשטענדיקער אנפירנדיקער ראליע פון דער קאמפארטיי און טראגט אזוי ארום א טייל שולד פאר דער קאמפלאזער מאפאלע פונעם דייטשישן פראלעטאריאט. אין די דאזיקע אפארטוניסטישע פעלערן האט זיך אין דער זעלבער צייט ארויסגעוויזן ווי שטארק עס זיינען נאך די קאמוניסטישע פארטייען, אכוץ אין רוסלאנד, באלאסטעט מיט דער פארשאלטענער ירושע פון די סאציאל־דעמאקראטישע טראדיציעס, וויפל עס פעלט זיי נאך צו באלשעוויסטישער פעסטקייט, וואס האט געפירט די רוסישע פארטיי צום זיג.

די באלשעוויזירונג פון די קאמוניסטישע פארטייען, וואס איז באשלאסן געווארן דורכצופירן אפן סמאך פון דער דערפארונג פון די מאפאלעס אין דייטשלאנד, בולגאריע און אין אנדערע לענדער, באטייט דאס ענדגילטיקע אפזאגן זיך פון די אפארטוניסטישע טראדיציעס פון דער פארגאנגענהייט, די פארווירקלעכונג פון דער פולשטענדיקער פאליטישער איינהייט פונעם קאמינטערן אף דער באזע פון מארקסיזם־לעניניזם.

די אינערלעכע פארפעסטיקונג פון די קאמוניסטישע פארטייען איז געווען נאך מער נויטיק צוליב דעם, וואס אין 1924 יאר האט זיך אנגעהויבן א טייל־ווייזע, צייטווייליקע רעלאטיווע סטאביליזירונג פונעם אייראפעישן קאפיטאליזם, וואס איז געווארן מעגלעך צוליב די מאפאלעס פונעם ארבעטער־קלאס און דאנק דער אונטערשטיצונג פונעם אמעריקאנישן קאפיטאליזם. דער דאזיקער פעריאד איז כאראקטעריסטיש מיט דער פארשטארקונג פון די דעמאקראטיש־פאציפיסטישע אילוזיעס אין די מאסן. אין יאנואר פון 1924 יאר האט זיך אין ענגלאנד אנגעהויבן דער קורצער פעריאד פון מאקדאנאלדס אזוי גערופענער ארבעטער־רעגירונג. דעם 11־טן מיי האט דער לינקער בלאק אין פראנקרייך, מיט וועלכן די סאציאליסטישע פארטיי האט זיך אינגאנצן צוזאמענגעגאסן, אפגעהאלטן א גרויסן וואלנ־ניצחון און דער פארשטייער פונעם לינקן בלאק, עריא, האט פארנומען פואנקארעס ארט אלס פרעמיער־מיניסטער. אויך אין שוועדן און דענעמארק זיינען אין דעם יאר אנטשטאנען אזוי גערופענע „ארבעטער־רעגירונגען", וואס זיינען געווען דירעקט אדער אומדירעקט אפהענגיק פון די בורזשואזע פארטייען. אזוי ארום האבן די סאציאל־דעמאקראטן אין פארשיידענע לענדער ווידער געקאנט שפילן אן אקטיווע ראליע אין דער אימפעריאליסטישער פאליטיק און דאס האט ניט וויינציק מיטגעווירקט דער פארשפרייטונג פון פאציפיסטישע אילוזיעס. אבער אין דער ווירקלעכקייט האט די פארשטענדיקונג צווישן די אימפעריאליסטן געדינגט ניט דעם שאלעם צווישן

זיי, נאָך דער געמיינזאַמער צוגרייטונג צו דער מילכאָמע קעגן דעם געמיינזאַמען סוינע, קעגן דער פּראָלעטאַרישער מעלוכע.

אַז די אימפּעריאַליסטישע קעגנזאַצן זיינען ניט קלענער געוואָרן און אַז די אימפּעריאַליסטן פאַראייניקן זיך נאָר צום קאַמף קעגן דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע, האָט זיך ווידער בוילעט אָפּגעשפּיגלט אַף דעם צווייטן קאָנגרעס פון דעם סאָציאַל־פּאַטריאָטישן אינטערנאַציאָנאַל, וואָס איז פאַרגעקומען אין אויגוסט 1925 יאָר אין מאַרסעל.

דער קאָנגרעס האָט זיך אָפּגעזאָגט צו באַטראַכטן איינע פון די וויכטיקסטע געשעענישן פון דערדאָזיקער צייט, דעם געשלאָסענעם אָפּמאַך וועגן דורכפירן דעם דאַועס־פּלאַן, וואָס האָט באַטייט ניט קיין אַנדער זאַך, ווי אַ אינטערנאַציאָנאַלער פינאַנץ־קאָנטראָל איבער דייטשלאַנד, וואָס האָט דעם ציל צו גאַראַנטירן די מעגלעכקייט אויספּאָמפּען פון די ביינער פון די דייטשישע אַרבעטער 2½ מיליאַרד מאַרק אַ יאָר.

בעיס דער קאָמינטערן האָט אין אַלע זיינע סעקציעס געפירט אַן איינהייטלעכן שאַרפן קאַמף קעגן דעמדאָזיקן דאַועס־פּלאַן, האָבן די רעפאָרמיסטן פון פאַרשיידענע לענדער אַפילע ניט געקאָנט זיך צוזאַמענריידן וועגן אַן איינהייטלעכער פּאָזיציע.

די דייטשישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע האָט פאַנאַנדערגעוויקלט אַ לעבעדיקע אַגיטאַציע פאַר דעמדאָזיקן אָפּמאַך און ווען אין אויגוסט 1924 יאָר איז דער דאַועס־פּלאַן אָנגענומען געוואָרן אין רייכסטאַג מיט דער הילף פון דער דייטשנאַציאָנאַלער פראַקציע מיט אַ מערהייט פון צוויי דריטל שטימען, האָט די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע דאָס געפייערט ווי אירן אַ ניצאָכן.

פאַרקערט די ענגלישע פּראָפאַריינען זיינען אין זייער מערהייט אַרויסגעטראָטן קעגן דעם אָפּמאַך; ווייל דער ענגלישער פּראָלעטאַריאַט האָט בעסער ווי ווער ניט איז געפילט, אַז די פאַראַרעמונג פונעם דייטשישן פּראָלעטאַריאַט מאַכט מעגלעך די ביליקע דייטשישע קאָנקורענץ, וואָס דריקט אַף די אַרבעט־באַדינגונגען פונעם ענגלישן פּראָלעטאַריאַט און פאַרגרעסערט די אַרבעטלאָזיקייט.

פאַרן אָננעמען דעם דאַועס־פּלאַן האָט דער אויספירקאָם פונעם סאָציאַליסטישן אַרבעטער־אינטערנאַציאָנאַל אַף זיין זיצונג אין לוקסעמבורג אָנגענומען פאָלגנדיקן באַשלוס:

„אויב דער פּלאַן וועט אַרופלייגן אַפן דייטשישן אַרבעטער־קלאַס אַזעלכע לאַסטן, וואָס וועט זיין מעגלעך צו טראָגן נאָר בא אַ פאַרלענגערונג פון דעם אַרבעטס־טאָג אין דייטשלאַנד איבער אַכט שאָ בא אַ באַדייטנדיקן אַראָפּזעצן דעם רעאַלן לוין פון די דייטשישע אַרבעטער, וועט דערמיט דער מעכאַניזם פון דער קאַפּיטאַליסטישער קאָנקורענץ מאַכן אַ דרוק אויך אַף די אַנדערע לענדער צו פאַרלענגערן די אַרבעט־צייט און אַראָפּזעצן די לוינען. אַף דעם אויפן וועלן די רעפּאַראַציעס צאָלן ניט די קאַפּיטאַליסטישע קלאַסן פון דייטשלאַנד, וואָס זיינען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער מילכאָמע און

זיינען פון דער מלחמה רייך געווארן, נאר די ארבעטער פון אלע לענדער"*).

אבער וועגן דער דאוועס-פלאן, מיט אלע זיינע קעגן דעם פראלעטאריאט געווענדעטע באשטימונגען וועגן פארקלענערן די צאל ארבעטער אף דער אייזנבאן, וועגן העכערן די אומדירעקטע שטייערן א.א.וו. איז געווען פארטיק, האט א געמיינזאמע זיצונג פון דער אינטערנאציאנאלער פראפאריינישער ביורא און פון דער ביורא פון סאציאליסטישן ארבעטער-אינטערנאציאנאל, וואס איז פארגעקומען אין יוני 1924, קאנסטאטירט, אז, עמעס, דער דאוועס-פלאן

„ליגט ארויף אף דעם דייטשישן ארבעטער-קלאס פארהעלטניסמעסיק אסאך א שווערערע לאסט ווי אף די קאפיטאליסטישע קלאסן פון דייטשלאנד און גיט איבער די דייטשישע מלוכישע אייזנבאן-פארוואלטונג אונטער דער ווירקונג פון אויסלענדישע קאפיטאליסטן"*).

אבער ווייבאלד עס איז ניטא קיין בעסערער פלאן, איז דאס דורכפירן דעם פלאן פון די עקספערטן די איינציקע דערווייל מעגלעכע לייזונג. דעריבער נעמט מען צו קענטעניש, „אז דער פלאן פון די עקספערטן לויט זיין זין שליסט אויס יעדן אנגריף אף דעם אכט-שאיקן ארבעטס-טאג אין דייטשלאנד"!

דאס דאזיקע „נעמען צו קענטעניש" האט, פארשטייט זיך, ניט געשטערט די דייטשישע קאפיטאליסטן באם דורכפירן דעם דאוועס-פלאן אפצושאפן דעם געזעצלעכן אכט-שאיקן ארבעטס-טאג, פונקט ווי דאס האט ניט געשטערט דער דייטשישער סאציאל-דעמאקראטיע איינגיין אף אן אויסערארדנטלעכן געזעץ, וואס האט געגעבן די מעגלעכקייט דעמדאזיקן מאסמיטל דורכצופירן.

נעמענדיק אין אכט דידאזיקע „דערגרייכונגען" קלינגט ווי א כוזעק איבער די ארבעטער די רעזאלוציע פונעם מארסעלער קאנגרעס, וווּ עס שטייט:

„דער קאנגרעס באגריסט די סאציאליסטישע ארבעטער-ארגאניזאציעס, וואס האבן געזעצלעך דורכגעפירט דעם אכט-שאיקן ארבעטס-טאג און זאגט ארויס זיין האפענונג, אז די באוויירים וועלן ניט מיד ווערן אין זייערע באמיונגען דורך דער פאבריק-אינספעקציע, דורך די מאכט-ארגאנען און ארבעטער-קאנטראל ביז דער אכט-שאיקער ארבעט-טאג וועט פאקטיש און ניט נאר טעארעטיש דורכגעפירט ווערן".

אין דער קאמיסיע, וואס האט באטראכט דעמדאזיקן פארשלאג, האט די ענגלישע דעלעגאציע אריינגעטראגן א צוזאץ, וואס איז געווען געווענדעט ביכלאל קעגן די רעפאראציעס. אין דער קאמיסיע האט דערדאזיקער צוזאץ אפילע געהאט א מערהייט, נאר אפן פלענום איז ער דורכגעפאלן, ווייל די בעלגישע און פראנצויזישע דעלעגאטן האבן בעשום אויפן ניט געוואלט זיך אפזאגן פון די רעפאראציעס.

דער דאוועס-פלאן, וואס אים האבן אזוי געלויבט די דייטשישע סאציאל-דעמאקראטן איז צופעליק אויך געווען איינע פון די דערגרייכונגען אין דער אויסערלעכער פאליטיק פון דער ענגלישער „ארבעטער"-רעגירונג. דער צווייטער

*) אונטערגעשטראכן פון מיר. — י. ל.

אויסער אירער איז געווען דער זשענעווער פּראָטאָקאָל, אן אָפּמאַך צווישן די אימפּעריאַליסטישע מעלוכעס פונעם פעלקער־בונד וועגן לייזן די שטרייטן דורך אַרביטראַזש־געריכטן. נאָכן פאַלן פון דער ליבעראַליסטישער רעגירונג האָט די קאָנסערוואַטיווע רעגירונג זיך אָפּגעזאָגט צו ראַטיפיצירן דעמדאָזיקן פּראָטאָקאָל. דערפאַר האָבן זיך אָנגעהויבן אין דייטשלאַנד און פראַנקרייך אונטערהאַנדלונגען וועגן שליסן אן אַזוי גערופענעם „גאַראַנטיע־אָפּמאַך", לויט וועלכן דייטשלאַנד וועט אָפּזאָגן זיך פון רעווידירן די מיירעוו־גרענעצן און זאָל באַקומען דערפאַר די באַפרייונג פאַר דער צייט דעם ריינגעביט און זאָל אויפגענומען ווערן אין דער פעלקער־ליגע.

דער דייטשישער אימפּעריאַליזם, וואָס ווערט ווידער שטאַרקער אויף דער באַזע פונעם אויפבוי פונעם דייטשישן קאַפּיטאַליזם און פון דער אַנטשטייונג פון קאָלאָסאַלע טרעסטן, האָט באַוווסטזיניק געשטרעבט אָנשליסן זיך אָן די אימפּעריאַליסטישע מיירעוו־מעלוכעס, קעדיי בא דער נייער איינטיילונג פון דער וועלט, וואָס זאָל זיך אָנהויבן נאָכן צעשמעטערן דאָס פּראָלעטאַרישע רוסלאַנד, באַוואָרענען זיך מיט א כיילעק. פאַר דעם טיילווייז אַנטוואָפנטן דייטשלאַנד, וואָס געפינט זיך אונטער א ווירטשאַפטלעכן קאָנטראָל פון די ענגלישע און אַמעריקאַנישע קאַפּיטאַליסטן, איז אין דער געגעבענער לאַגע א רעוואַנש־מילכאָמע קעגן די ווערסאַלער זיגער לאַכלוטן אויסגעשלאָסן. ניט געקוקט אויף די גרויסע אינטערעסן־קעגנזאַצן צווישן דעם דייטשישן אימפּעריאַליזם פון איין זייט, און דעם ענגלישן, פראַנצויזישן און פּוילישן אויף דער אַנדער זייט גייט דייטשלאַנד אויף דער וועג פון „דורכקומען" מיט די דאָזיקע מעלוכעס, ווייל זי רעכנט, אַז נאָך דורכן באַטייליקן זיך אין דער אינטערווענציע־מילכאָמע, וואָס די דאָזיקע מעלוכעס גרייטן צו וועט זי קאָנען פאַרגרעסערן אירע באַוואָפענונגען און אינעם ווייטערדיקן גאַנג פון די שטרייטן אויספירן אירע אימפּעריאַליסטישע פאָדערונגען.

דער אַריינטריט אין דער פעלקער־ליגע האָט דעם קלאָרן ציל זיך אָנצושליסן אָן דעם אימפּעריאַליסטישן בונד, וואָס איז געווענדעט קעגן דער פּראָלעטאַרישער מעלוכע. דער אַרטיקל 15 און 16 פונעם סטאַטוט פון דער פעלקער־ליגע פאָדערט פון זיינע מיטגלידער ווירטשאַפטלעכע און מיליטערישע הילף אין דעם פאַל, ווען מע גרייפט אָן א מיטגליד פון דער פעלקער־ליגע. און אַזוי ווי די אימפּעריאַליסטן וועלן שטענדיק פאַרשטיין ווי צו פאַרשטעלן זיך פאַר אָנגעגריפענע, הייסט דאָס, אַז אין פאַל פון א רוסיש־פּוילישער אָדער רוסיש־ענגלישער מילכאָמע וועלן די מיטגלידער פון דער פעלקער־ליגע מוזן געבן הילף קעגן רוסלאַנד.

דער קלאָרער זין פון דעם דאָזיקן גאַראַנטיע־פּאַקט אַלס קאָמבינאַציע אויף צוציען דייטשלאַנד אין דעם אַנטיסאָוועטישן פראָנט, האָט בעשום אויפן ניט געשטערט דער דייטשישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע צו ווערן דער פאַרברענטסטער אַדוואָקאַט פון דעמדאָזיקן פּאַקט. פאַרקערט בא די ענגלישע רעפאָרמיסטן האָט דאָסדאָזיקע שטעלן זיך אויף דער זייט פון די סאָנים פונעם ראַטנפאַרבאַנד געפונען א געוויסן ווידערשטאַנד. אין ענגלאַנד זיינען די סימ־

פאַטיעס פון די אַרבעטער־מאַסן פאַר רוסלאַנד זייער שטאַרק. די אָפיציעלע ענגלישע פראָפאַריינישע דעלעגאַציע, וואָס האָט אין 1924 יאָר באַזוכט דעם ראַטנפאַרבאַנד, האָט קאָנסטאַטירט קאָלאָסאַלע דערפאָלגן פונעם סאָציאַליסטישן אויפבוי. באַזונדערס די דערקלערונג פונעם פאָרזיצער פון דער אינטערנאַציאָנאַלער פראָפאַריינישער ביוראָ פורסעל וועגן דער לאַגע אין גרוזיע, זיין פראָטעסט קעגן די ליגנערישע מעלדונגען פון די מענשעוויקעס וועגן דעם „באָלשעוויסטישן טעראָר", זיינע דערקלערונגען, אַז די גרעסטע מערהייט פון דער גרוזינישער באַפעלקערונג וויל נאָר ניט וויסן וועגן אַ „באַפרייונג" דורך די העלדן פונעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל, האָט אַרויסגערופן אַ פראָטעסט מיצד די פירער פונעם אַנטיבאָלשעוויסטישן אינטערנאַציאָנאַל, וואָס האָט זיך אויסגעדריקט אין אַ פייערלעכער דערקלערונג פון דעם סאָציאַליסטישן אַרבעטער־אינטערנאַציאָנאַל אין יולי 1925 יאָר.

די דאָזיקע מיינונג־פאַרשידנהייטן אין דער פראַגע וועגן דער באַציונג צום ראַטנפאַרבאַנד און צום גאַראַנטיע־פאַקט האָבן געפונען זייער אויסדריק אין דער דיסקוסיע וועגן דער „אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער שאָלעם־פּאָליטיק" אויפן קאָנגרעס אין מאַרסעל.

דער ענגלענדער באַקסטאָן האָט גערעדט וועגן דעם גענעראַל־שטרייק קעגן דער מלחמה און אין זיין שאַרפער פּאָלעמיק קעגן די קאָמוניסטן האָט ער געוויזן, אַז ער האָט ניט דעם קלענסטן באַגריף וועגן דעם וואָס די קאָמוניסטן ווילן:

„איר ווייסט, אַז די קאָמוניסטן ווילן אָרגאַניזירן קאַמף־קאָמיטעטן אין די אַרמייען, אַז זיי ווילן איינרעדן די סאָלדאַטן צו דעזערטירן (!), און אַז זיי וואָלטן דאָזיקע וועלן אויסנוצן קאָלאָניאַלע מלחמות כדי צו שאַפן אַ בעסערע וועלט. מיר האַלטן, אַז די דאָזיקע האָפענונגען זיינען קינדעריש, אַז די דאָזיקע האָפענונגען האָבן ניט קיין שום ווייסנשאַפטלעכן און היסטאָרישן פונדאַמענט און אַז די דערפאַרונגען פון דער פאַרגאַנגענהייט באַווייזן זייער אומעגלעכקייט"*).

דער דאָזיקער מענטש ווייס, הייסט דאָס, ניט, אַז די רעוואָלוציאָנערן אין דער אַרמיי האָבן אַן אַנדער אויפגאַבע ווי דעזערטירן און אַז די האָפענונגען פון די באָלשעוויקעס האָבן דאָך אַ שטיקל „ווייסנשאַפטלעכן און היסטאָרישן פונדאַמענט" ווי די זיגרייכע רוסישע רעוואָלוציע!

וועגן דעם גאַראַנטיע־פאַקט האָט געזאָגט באַקסטאָן, זיינען פאַראַן פאַרשידענע מיינונגען. אייניקע זעען אין דעם פאַקט די זיכערונג פונעם שאָלעם באַם ריין, אַנדערע ווידער האָבן מורא, אַז די אייראָפּעישע מלוכות וועלן זיך צעטיילן אויף צוויי לאַגערן און אַז די גרופּע אַרום דעם פאַקט וועט זיין געווענדעט קעגן רוסלאַנד".

אויסערדעם האָט דער פאַקט קיין שום שייכעס ניט מיט דער אַנטוואָפענונג. ער דערלאָזט מלחמות און ער איז אַ באַשטעטיקונג פון די שאָלעם־אָפּמאַכן,

*) אונטערגעשטראָכן פון מיר. — י. ל.

וועלכע זיינען אן אפלייקענונג פון יווישער. באקסמאן מאכט דעריבער א פארשלאג, וואס איז פונקט צוגעפאסט פאר דעמדאזיקן געשעצטן אינטערנאציאנאל: צוליב דעם, וואס אינעם סאציאליסטישן אינטערנאציאנאל זיינען פאראן פארשיידענע מיינונגען וועגן דער פראגע, איבערלאזן פאר די איינצלנע פארטייען צו פארנעמען די פאזיציע בענוגע דעם פאקט, וואס זיי געפינען פאר נויטיק.

הילפערדינג האט פראקלאמירט זיינע נייע טעאריע, אז דער אלטער זאץ, „דער קאפיטאליזם איז מילכאמע, דער סאציאליזם איז שאלעם", איז שוין מער ניט ריכטיק. די באגרינדונג פון דערדאזיקער טעאריע איז פארשעמט און איינפאך. מיר ווילן ניטווארטן צו מאכן א סאף צו די מילכאמעס ביז וואנען דער סאציאליזם וועט פארווירקלעכט ווערן. אפן ארט פונעם סאציאליזם, אף וועלכן ער וויל ניט ווארטן, שטעלט הילפערדינג אוועק דעם „רעאלן פאציפיזם", וואס זיין קערן איז לויבן די פעלקער־ליגע אלס זיכערונג פונעם שאלעם.

„עס קאן נאר זיין די פארטיידיקונג פון דער אלגעמיינהייט קעגן דעם איינצלנעם, וואס איז געווארן דער שאלעם־ברעכער קעגן דער אלגעמיינהייט. דעריבער פאדערן מיר, אז די פעלקער־ליגע זאל ענדלעך פארפולקומט ווערן. מיר ווילן, און מיר ווילן דאס אומבאדינגט, אן קיין שום באגרענעצונג, אז דייטשלאנד זאל אריינטרעטן אין דער פעלקער־ליגע".

דערמיט ווערט אלץ ארויסגעלייגט אפן טיש. אויב עס זיינען צווישן די פאציפיסטן פאראן אזעלכע, וואס צוליב זייער ערלעכער אומוויסנהייט מיינען זיי, אז מע קאן זיכערן דעם שאלעם אפן וועג פון אפמאכן צווישן די אימפעריאליסטישע רויבערס, קאן מען דאך ניט צו זיי צורעכענען דעם דורכגעטריבענעם אגענט פונעם פינאנץ־קאפיטאל, הילפערדינגן, וואס ווייס גענוי, וועמען ער דינט מיט דעמדאזיקן פאציפיסטישן שווינדל.

ער מוז וויסן, אז א פראלעטארישע מעלוכע קאן זיך ניט אונטערווארפן אן ארביטראזש פון זיינע דאם־סאנים און אז דער „נייער פרינציפ" פון סאלידאריטעט צווישן די מעלוכעס, איז ניט קיין אנדער זאך, ווי א סאלידאריטעט פון דער קאנטר־רעוואליוציע קעגן דער פראלעטארישער רעוואליוציע.

די פעלקער־ליגע, וואס האט ניט אריינגעטאן א פינגער אין קאלט וואסער בעיס מוסאלינים אנפאל אף קארפו אין שאלעם־צייט, וואס האלט זיך אפ פון וועלכע ניט איז אריינמישונגען אין די צאלרייכע קאלאניאלע מילכאמעס, וואס ווערן געפירט פון 1919 יאר אן, קאן נאטירלעך ניט שפילן קיין שום ראליע אלס שאלעם־פארמיטלער און ארביטער אין פאל פון אן ערנסטן קאנפליקט צווישן די אנפירנדיקע אימפעריאליסטישע מעלוכעס. אויב אבער די אימפעריאליסטישע מעלוכעס וועלן זיך פאראייניקן צו א געמיינזאמער אינטערווענץ קעגן דער פראלעטארישער מעלוכע, וועט זיי די פעלקער־ליגע געבן איר מאראלישע סאנקציע פאר דעמדאזיקן פארברעכן. די הילפערדינגען פון אלע לענדער זיינען שוין באשעפטיקט ווי פארברענטסטע פראפאגאנדיסטן פונעם פאציפיסטישן שווינדל, וואס דארף דינען אף צו באַרעכטיקן די סאמע רעאקציאנערע פון אלע מילכאמעס.

אַט פאַרוואָס די דײַטשישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע האָט זיך אײַנגעשטעלט מיט דער גרעסטער ענערגיע דערפאַר, אַז דײַטשלאַנד זאָל אַרײַנטרעטן אין דער פעלקער־ליגע, עס זאָל געשלאָסן ווערן דער גאַראַנטיע־אָפּמאַך.

אויך דער פירער פון די פראַנצויזישע סאָציאַל־פּאַטריאָטן, בליום, האָט געפאָדערט, אַז דער קאָנגרעס זאָל אַרויסזאָגן זיך פאַר דעם גאַראַנטיע־אָפּמאַך.

„ענגלאַנד קאָן ניט זאָגן „ניין“, ווען פראַנקרייך און דײַטשלאַנד פון זייער זייט זײַנען אַנטשלאָסן אויף אַ „יאָ“. מע קאָן אויך ניט אָננעמען דעם פאָרשלאָג פון כאַווער באַקסטאָן און איבערלאָזן די פרייהייט פאַר יעדער איינצלנע נאַציע, פאַר יעדער איינצלנער פּאַרלאַמענט־פראַקציע צו באַשליסן די פראַגע. דער קאָנגרעס איז באַרופן אַזוי צי אַזוי די פראַגע פּאָזיטיוו צו אַנטשיידן. גיט נאָר אַ קוק אויפן קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל! געוויס, מיר שטייען אויף דעם שטאַנדפּונקט, אַז מיר פון אונדזער זייט דאַרפן פאַרענטפערן אַלע פראַגן, ווי עס וואָלטן גאָר קיין קאָמוניסטן ניט געווען, אַז מיר דאַרפן זיך אַנטשיידן, ניט קוקנדיק דערויף צי עס עקזיסטירט אָדער ניט די דאָזיקע פּאַרטיי. אָבער וואָס מיר זאָלן ניט אַרויסשטעלן קעגן דער טאַקטיק און קעגן דער פּאָליטיק פון די קאָמוניסטן און אויב אונדז געפעלט ניט און מיר ווילן ניט מיטמאַכן די דאָזיקע געדאַנקענלאָזע און שקלאַפישע דיסציפּלין, מוזן מיר דאָך אָנערקענען דעם פאַקט, וואָס שאַפט אַ גרויסן טייל פון דער שטאַרקייט פון דער דאָזיקער באַוועגונג: אין אינטערנאַציאָנאַלע פראַגן האָט זי אַ פאַלשע און פאַטאַלע פּאָליטיק, אָבער זי האָט אַן איינהייטלעכע פּאָליטיק“*).

דאָס איז אַן אָפענער רוף צו סאָלידאַריטעט פון די קאָנטררעוואָלוציאָנערע סאָציאַליסטן קעגן דער סאָלידאַריטעט פונעם רעוואָלוציאָנערן פּראָלעטאַריאַט. אויף וויפל עס איז נאָך ביכלאַל מעגלעך איז בליום נאָך אָפענער אין דער פײַנטלעכער באַציִונג צו רוסלאַנד ווי הילפערדינג. וועגן דעם אַרטיקל 16 פונעם סטאַטוט פון דער פעלקער־ליגע, וואָס פאַרפליכטעט דײַטשלאַנד צו דורכלאָזן פרײַ דורך איר טעריטאָריע מיליטער פאַר דער אינטערווענץ קעגן ראַטנפאַרבאַנד, האָט ער געזאָגט:

„מיר איגנאָרירן ניט די שוועריקייטן, וואָס ליגן פאַר דײַטשלאַנד אינעם 16־טן אַרטיקל פונעם פעלקער־בונד־סטאַטוט, אָבער אויך די דאָזיקע שוועריקייטן קאָן מען בײַ אַ גוטן ווילן בײַקומען, און עס מוז זײַן די אויפגאַבע פון דער דײַטשישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי צו זאָרגן פאַר דעם, אַז די דײַטשישע רעגירונג זאָל זיך ניט שטעלן אויף דעם שטאַנדפּונקט פון דערגרייכן אַזעלכע רעכט, וואָס אַנדערע מיטגלידער פון דער פעלקער ליגע האָבן ניט“.

הייסט דאָס, אַז, לויטן מיינונג פון דעם דאָזיקן „סאָציאַליסט“, טאָר דײַטשלאַנד זיך ניט אַרויסדרייען פון דער פליכט פון אַ געמיינזאַמען קריג קעגן ראַטנפאַרבאַנד. עמעס, דײַטשלאַנד האָט זיך טאַקע אין 1922 יאָר אינעם אָפּמאַך פון

*) אונטערגעשטראָכן פון מיר. — י. ל.

ראפאלא פארפליכטעט ניט צו באטייליקן זיך אין קיין שום האנדלונג, וואס איז פיינטלעך דעם ראטנפארבאנד, אבער אויך דערצו געפינט בליום אן אייצע: רוסלאנד זאל אויך אריינטרעטן אין דער פעלקער-ליגע! די סאציאליסטישע מעלוכע זאל, הייסט דאס, אריינטרעטן אינעם בונד פון די אימפעריאליסטישע מעלוכעס, וואס האט דעם ציל צו זיכערן דעם אימפעריאליסטישן „שאלעם", צו באראבעווען די קאלאניעס! און וויבאלד אז רוסלאנד טראכט גארניט וועגן דעם, אנטדעקט דער סאציאליסטישער שאלעם-פריינט די מילכאמע-געפאר בא די אויטאקראטישע רעגירונגען פון רוסלאנד, איטאליע און שפאניע!

אביסל געשיקטער האט אטא באוער, אלס ספעציאליסט אין מיזרעך-פראגן, געפרוווט צו פארמאסקירן די מילכאמע-העצע קעגן דער פראלעטארישער מעלוכע. ער האט יושערדיק פארטיילט די מילכאמע-געפאר צווישן די אימפעריאליסטישע מעלוכעס פון מיירעוו און דער באלשעוויסטישער מאכט אין מיזרעך. „דער באלשעוויזם, — האט ער דעפינירט, — איז אין זיין טאך א קריגערישער סאציאליזם". וויוזט אויס אין קעגנזאץ צו די שאלעםהעלדן, וואס האבן פיר יאר נאכאנאנד באוויליקט די מילכאמע-קרעדיטן און האבן דערנאך געשניטן נייע לארבער-קרענץ אינעם בירגער-קריג קעגן דער פראלעטארישער רעוואליוציע.

פון איין זייט זעט באוער אין דער שאלעם באדראָט מיצאד די אימפעריאליסטישע מיירעוו-מעלוכעס, וואס ווילן ארויסשיקן פוילן און רומעניע קעגן רוסלאנד, קעדיי אויך צו זיכערן זייער הערשאפט אין די מיזרעכדיקע קאלאניאלע געביטן.

„פון דער צווייטער זייט דראָט דיזעלבע געפאר: אויסער דער ווירקונג פון די ווידערשפרוכן, וואס האבן זיך באזונדערס פארשארפט צווישן דער אנטוויקלונג אין אזיע, וועט די סאוועטישע רעגירונג צוגרייטן פאר די נייע מעלוכעס, וואס זיינען געשאפן געווארן צו מיירעוו פון רוסלאנד, דעמזעלביקן גורל ווי גרוזיע"*).

דער קלוגער און יושערדיקער ריכטער מוז נאך צווישן צוויי פאליוסן געפינען דעם ריכטיקן מיטן. פון איין זייט זיינען פאראן די „סאציאליסטן פון מיזרעך" — די מענשעוויסטישע עמיגראנטן, — וואס זיינען טיף פארזארגט איבער דער ניט קריטישער באציונג פון די ענגלישע ארבעטער צום באלשעוויזם, פון דער צווייטער זייט די גרויסע זארג פון די ענגלענדער קעגן דעם „איינזייטיקן שטאנדפונקט, וואס אנטהאלט נאר אנטיבאלשעוויזם".

„...די קאמיסיע דארף ניט איינזייטיק פון איינעם אדער פון דעם אנדערן שטאנדפונקט אורטיילן, זי מוז זיך באמיען געפינען דעם עמעסן אינטערנאציאנאלן שטאנדפונקט..."

דיהאזיקע בעעמעס אינטערנאציאנאלע קלוגשאפט הייסט פון איין זייט קעגן די אימפעריאליסטישע רעגירונגען „די הענט אוועק פון ראטן-רוסלאנד!"

---

*) אונטערגעשטראכן פון מיר. — י. ל.

פון דער צווייטער זייט, די פאָדערונג צו דעם באָלשעוויזם: צוריק, אופשטעלן די דעמאָקראַטיע.

אפן פלענום איז סאָפּקאָלסאָף איינשטימיק אָנגענומען געוואָרן סיי די רעזאָלוציע וועגן דער שאָלעם־פּאָליטיק, ווי אויך וועגן דער „מילכאָמע־געפאַר אין מיזרעך". די לעצטע רעזאָליוציע איז אַ פּראָדוקט פון באַוועדם „דיאַלעקטיק". אפריער ווייזט זי אָן אף די קרעפטן אין די אימפּעריאַליסטישע לענדער, וואָס זיינען דערשראָקן פון די נאַציאָנאַלע רעוואָליוציעס אין מיזרעך, און שטויסן צו אַן אַגרעסיווער פּאָליטיק קעגן דעם פאַרבאַנד פון די ראַטן־רעפּובליקן. דערנאָך קומט די ריי פאַר דעם „קריגערישן" באָלשעוויזם:

„דער קאָמוניסטישער אינטערנאַציאָנאַל שפּייזט די איליוזיע, אַז די באַפרייונג פון די אַרבעטער קאָן זיי געבראַכט ווערן אף די באַגנעטן פון זייגרייכע רויטע אַרמייען און אַז מע דאַרף האָבן אַ נייע וועלט־מילכאָמע, כדיי עס זאָל קומען די וועלט־רעוואָליוציע. זי דערמוטיקט די רעוואָליוציאָנערע באַוועגונגען אין אַזיע און אַפריקע אין דער האָפענונג צו געבן, שטיצנדיק זיך אף זיי, אַ טויט־קלאַפּ דעם קאַפּיטאַליזם דורך אַ מילכאָמע". פון דעמאָקראַטישן קענגרעס נעמט זיך די מילכאָמע־געפאַר פאַר די מעלוכעס, וואָס געפינען זיך ביישכיינעס מיטן ראַטנפאַרבאַנד.

„פון איין זייט דראָען דיזאָזיקע מעלוכעס פּוטשן, וואָס ווערן אָרגאַניזירט אונטער דער ווירקונג פונעם קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל, וואָס דאַרפן דינען פאַר אַ טערעין אַף צוגרייטן פאַר דיזאָזיקע מעלוכעס דעם גוירל פון גרוזיע און אַרמעניע. פון דער צווייטער זייט קאָנען די קאַפּיטאַליסטיש־אימפּעריאַליסטישע מעלוכעס מיסברויכן מיט דיזאָזיקע מעלוכעס ווי מיט אַ פּלאַצדאַרם קעגן ראַטנרוסלאַנד"*).

פון דעראָזיקער „פון איין זייט — פון דער צווייטער זייט" ווערט אויסגעפירט די „פון איין זייט—פון דער צווייטער זייט" אין דער שטעלונג פונעם „סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל": פון איין זייט באַקעמפן יעדע פּאָליטיק, וואָס איז געווענדעט קעגן ראַטנרוסלאַנד, פון דער צווייטער זייט, אַ רוף צום רוסישן פאָלק,

„שטרעבן אופצושטעלן פולע פּאָליטישע און פּראָפאַריינישע פרייהייט אין ראַטנפאַרבאַנד און זיך אָנטקעגנשטעלן יעדער אַגרעסיווער און אַנעקסיאָניסטישער פּאָליטיק פון איר אייגענער רעגירונג, ווי אויך קעגן יעדער פּראָפּאַגאַנדע פאַר אריינמישן זיך אין די אינערלעכע איניאָנים פון אַנדערע לענדער".

אונטער דער לעצטער פאָרמולירונג וואָלט זיך געוויס ניט אָפּגעזאָגט אונטערצושרייבן טשעמבערלען. דער „סאָציאַליסטישער אינטערנאַציאָנאַל", פּונקט ווי די פאַרטרעטער פונעם אימפּעריאַליזם, ווילן פאַרווערן אַ סאָציאַליסטישער מעלוכע צו פירן אַ סאָציאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדע. די רעזאָליוציע

*) אונטערגעשטראָכן פון מיר.—ל. ל.

אַנטהאַלט טאַקע ניט קיין רוף אַראָפּצוּוואַרפן די דיקטאַטור פונעם קאַפּיטאַל, נאָר דערפאַר פאָדערט זי אויף צו באַזייטיקן די דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט, וואָס איז אַ געפאַר פאַרן שאָלעם.

„דער סאָציאַליסטישער אַרבעטער־אינטערנאַציאָנאַל ווייס, אַז די מיל־כאָמע־געפאַר וואָלט געווען אַסאַך קלענער, ווען די אַנטשיידונג וועגן די פראַגן פון מילכאָמע און שאָלעם אינעם ראַטן־פאַרבאַנד וואָלט זיך געפונען ניט אין די הענט פון אַ דיקטאַטורישער מאַכט, נאָר אין די הענט פון די פעלקער פונעם ראַטנפאַרבאַנד גופע. דעריבער אונטערשטיצט דער אינטערנאַציאָנאַל מיט דער גרעסטער ענערגיע די שטרעבונגען פון די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען פון דער ראַטן־פעדעראַציע צו דעמאָקראַטיזירן דעם רעזשים פונעם ראַטנפאַרבאַנד און אויפשטעלן די פּאָליטישע פרייהייט“*).

ניט געקוקט אַף דעם אָפענעם קאָנטר־רעוואָליוציאָנערן אַנטיבאָלשעוויסטישן כאַראַקטער פון דער רעזאָליוציע, האָט דע ברוקער אין נאָמען פון דער פראַנצויזישער, פוילישער, לעטישער, עסטאָנישער, אַרמענישער, בולגאַרישער, יוגאָסלאַווישער, גרוזינישער, אונגאַרישער, בעלגישער און שוועדישער פּאַרטייען אַריינגעטראָגן דערקלערונגען פון דידאָזיקע פּאַרטייען, וואָס האָבן אין גרעסטן טייל דירעקט זיך אַליין באַטייליקט אינעם ווייסן טעראָר קעגן דעם רעוואָליוציאָנערן פּראָלעטאַריאַט, אַז דער אַנטיבאָלשעוויסטישער שטאַנדפּונקט איז נאָך ניט גענוג בולעט אויסגעדריקט אין דער רעזאָליוציע. זיי האָבן פאַרלאַנגט, אַז דער קאָנגרעס זאָל פאַרנעמען נאָך אַ שאַרפערע פּאָזיציע קעגן דעם באָלשעוויזם.

דאָס אָנערקענען ראַטן־רוסלאַנד זאָל זיין אָפּהענגיק פון רוסלאַנדס אַריינטרעטן אין דער פעלקער־ליגע. דער מיניסטער פון אַ רעגירונג, וואָס האָלט אונטער, צום ביישפּיל, אין קאָנגאָ די שקלאַפעריי אינעם סאַמע בוכשטעבלעכן זין פונעם וואָרט, האָט זיך באַגייסטערט פאַר „דער הייליקער פליכט פון די אַרבעטער“ אָנצוווענדן אַלע זייערע קויכעס צו באַפרייען אַלע אונטערדריקטע פעלקער, און אַלס אַזעלכע זיינען אים באַקאַנט נאָר צוויי: גרוזיע און אַרמעניע.

אויב די „רעכטע“ האָבן פּראָטעסטירט קעגן דער מיזרעך־רעזאָליוציע, האָבן די „לינקע“ פּראָטעסטירט קעגן דער אַלגעמיינער שאָלעם־רעזאָליוציע, די לעצטע אַנטהאַלט אַ בעפיירעשע סאַנקציע פאַר דער מילכאָמע, און גראָד פאַר דער מילכאָמע, וואָס שטייט איצט אַף דער טאָגאָרדענונג, פאַר דער אינטערווענציע־מילכאָמע פון די מעלוכעס פון דער פעלקער־ליגע קעגן ראַטן־פאַרבאַנד.

אין דערהאָזיקער רעזאָליוציע ווערט געזאָגט:

„די אַרבעטער פאָדערן, אַז יעדע רעגירונג, וואָס זאָגט זיך אָפּ אונטערוואַרפן ניט איר טערעץ פון אַרביטראַזש־געריכט אָדער וואָס וואַרפט אָפּ אַ באַשלוס פון אַן אַרביטראַזש־געריכט און הויבט אָן אַ מילכאָמע, זאָל באַטראַכט ווערן ווי אַן אָנגרייפער און ווי אַ סוינע פון איר פאָלק.

*) אונטערגעשטראָכן פון מיר. — י. ל.

זיי פאָדערן, אַז עס זאָל ניט דערלויבט ווערן קיין שום פיינטלעכע האַנדלונגען, אויסער אינעם פאַל פון ווידערשטאַנד קעגן אַן אָנגריף אָדער אין העסקעם מיט אַ באַשלוס פונעם ראַט אָדער פונעם פּלענום פון דער פעלקער-ליגע"*).

די דאָזיקע פּאַציפיסטישע פאָרמולע באַטייט: 1. אַז די פּראָלעטאַרישע מעלוכע, ווען זי וועט זיך ניט וועלן אונטערוואַרפן דעם אַרביטראַזש פון די אימפּעריאַליסטישע רויבער, וועט געשטעמפּלט ווערן ווי אַ סוינע פון דער מענטשהייט; 2. אַז די סאָציאַל-פּאַטריאָטן שטעלן די פראַגע וועגן פּאַטערלאַנד-פאַרטיידיקונג פּרינציפּיעל אַזוי ווי זיי האָבן זי געשטעלט אין 1914 יאָר, און ענדלעך, אַז עס ווערט איבערגעגעבן דעם אויספירקאָמיטעט פון די אימפּעריאַליסטישע מעלוכעס, דעם ראַט פון דער פעלקער-ליגע, צו באַשטימען ווען זיינען דערלויבט פיינטלעכע האַנדלונגען.

דעמזעלבן זין פון באַווייזן אויסדריקלעך די מילכאָמע, וואָס איז דערלויבט פונעם ראַט פון דער פעלקער-ליגע, האָט אויך דער אָפּזאָץ וועגן סעפּאַראַטע אָפּמאַכן. דער ווידערשטאַנד פון די ענגלענדער האָט ניט דערלאָזן אָנצונעמען אַ באַווייזונג פאַר דעם געפּלאַנטן גאַראַנטיע-אָפּמאַך. עס איז באַשלאָסן געוואָרן צו פאַרנעמען אַ באַשטימטע פּאָזיציע אין דער פראַגע ערשט נאָכדעם, ווי עס וועט באַקאַנט ווערן דער ענדגילטיקער אינהאַלט פונעם אָפּמאַך. דערווייל שטעלט אַרויס די רעזאָלוציע פאָלגנדיקע פאָדערונגען צו די צוקונפטיקע אָפּמאַכן פון די אימפּעריאַליסטן:

„זיי טאָרן קיינמאָל ניט זיין געווענדעט קעגן אַן אַנדער מעלוכע אָדער אַן אַנדער גרופּע פון מעלוכעס, זיי טאָרן ניט זיין געווענדעט אין דער ריכטונג פון אויפשטעלן צוריק אַ פאַלשע גלייכגעוויכט פון די מעלוכעס, קיין מעלוכע טאָר ניט האָבן דאָס רעכט אויטאָמאַטיש אָנצווענדן סאַנקציעס. דאָס אָנווענדן סאַנקציעס קאָן דערלאָזט ווערן נאָר אונטער די באַדינגונגען, וואָס זיינען פאָרגעזעען אינעם פּאַקט פון דער פעלקער-ליגע"*).

ווען די אימפּעריאַליסטן שליסן אָפּמאַכן, טאָרן זיי ניט זיין געווענדעט קעגן אַנדערע מעלוכעס, אָבער וואָס פאַר אַן אַנדער זין קאָנען האָבן אָפּמאַכן צווישן אימפּעריאַליסטן און וואָס פאַר אַן אַנדער זין קאָן האָבן אַ גאַראַנטיע-אָפּמאַך, אין וועלכן עס ווערט אָנערקענט אויסדריקלעך דאָס רעכט פונעם פעלקער-בונד אויף סאַנקציעס, ד. ה., אויף מילכאָמע-מאַסמיטלען?

די רעזאָלוציע ווייזט אויסדריקלעך אָן, אַז לויטן פּאַקט פון דער פעלקער-ליגע קאָן קיין מעלוכע אַליין ניט אַנטשיידן, צי עס איז אין געגעבענעם פאַל עבֿראָכן געוואָרן דער אָפּמאַך, „אויסער דעם מילכאָמע-פאַל, וואָס עס ווערט באַ דער אַרטיקל 16".

דער דאָזיקער „פאָרגעזעענער מילכאָמע-פאַל" דאָס איז דער פאַל פון אַן אַזוי גערופענעם „אָנגריף", אַ פאַל, וואָס יעדע אימפּעריאַליסטישע מעלוכע קאָן צו-

*) אונטערגעשטראָכן פון מיר. — י. ל.

יעדער צייט, ווען עס פאסט פאר איר, קאנסטרוירן. אין 1914 יאר זיינען אין דייטשלאנד פארשפרייט געווארן קלאנגען וועגן רוסישע אנפאלן באם גרענעץ און וועגן באמבעס, וואס די פראנצויזן זאלן האבן אראפגעווארפן אף נירנבערג אין דער צייט, ווען אין ערגעץ האבן זיך נאך ניט אנגעהויבן די מילכאמע-האנדלונגען. פאר דעם דאזיקן פאל, וואס ווערט פארגעזעען אינעם ארטיקל 16, האט דער קאנגרעס קאנסטאטירט

„אז די מוירע פון דער עפנטלעכער מיינונג אין דייטשלאנד און רוסלאנד וועגן דעם אויפן פון אנווענדן דעם ארטיקל 16 אין פאל פון א קאנפליקט, אין וועלכן רוסלאנד וועט זיין פארמישט, וואלטן ניט געהאט אונטער זיך קיין שום באדן, ווען רוסלאנד וואלט אליין אריינגעטראטן אין פעלקער-בונד" *).

מע קאן אלזא זאגן, ניט איבערטרייבנדיק, אז די דאזיקע שאלעם-רעזאליוציע איז א רעזאליוציע פאר א מילכאמע קעגן ראטן-פארבאנד אונטער דער אנפירונג פון דער פעלקער-ליגע. צו דער דאזיקער רעזאליוציע האט טוראטי אין נאמען פון דער איטאליענישער, עסטרייכישער און נאך עטלעכע קלענערע פארטייען, טיילווייז רעשטלעך פונעם 2½ אינטערנאציאנאל, אלאוואשאלעם, דערקלערט, אז זיי וואלטן

„ליבער געזען א רעזאליוציע א קירצערע, וואס זאל זיין מער דורכגעדרונגען מיטן אויסגעשפראכענעם סאציאליסטישן, מארקסיסטישן גייסט... אז די רעזאליוציע וואלט צוזאמענגעשטעלט געווארן ווייניקער דיפלאמאטיש און אבסטראקט, אז זי וואלט אנטהאלטן א מער אפענעם קלארן רוף צו די פראלעטארישע קרעפטן...

פארוואס האט מען אין דער רעזאליוציע פארגעסן צו פראטעסטירן קעגן דעם מיליטאריזם, פארוואס האט מען ניט פארורטיילט די שאלעם-אפמאכן ווי אזעלכע?"

פארשטייט זיך, אז די דאזיקע קליינע סטיל-פעלערן האבן ניט געשטערט די דאזיקע „לינקע" צו שטימען פאר דער רעזאליוציע.

שטרעזעמאנס שיק-יינגל, ברייטשייד, האט אויסגעפונען פאר די דאזיקע אלע בעסרוינעס די שענסטע דיפלאמאטישע אנטשולדיקונגען.

„אויב מיר רעדן עפעס ווייניקער גענוי וועגן די לעצטע צילן און וועגן די מיטלען צו דערגרייכן די לעצטע צילן, איז דאס דערפאר, ווייל די דאזיקע צילן זיינען אלין מער און מער זעלבסטפארשטענדלעך פאר אונדז *), ווייל אלע פארטייען, וואס זיינען אנגעשלאסן אין דעם אינטערנאציאנאל, זיינען פאר דער צייט אינערלעך שטארקער און פעסטער געווארן, ווייל די דאזיקע פרינציפן, וואס מיר האבן פריער געהאלטן פאר נויטיק קעסיידער אונטערצושטרייכן, זיינען אונדז אלץ מער און מער אריין אין פלייש און

*) אונטערגעשטראכן פון מיר.—ל. ל.

בלוט. עס איז פאַראַן נאָך איין כּלל, וועגן וועלכן מע האָט שוין אויף דעם־דאָזיקן קאָנגרעס גערעדט, אַז די פּאַרטייען וואָס זײַנען אָנגעשלאָסן אין דעם אינטערנאַציאָנאַל זײַנען געניטעט און ווערן אַלץ מער געניטעט איבערצונעמען די פּאָליטישע פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר דער מעלוכע, וואָס אין איר לעבן זיי. אייניקע זײַנען געווען אין דער רעגירונג, אַנדערע זײַנען היינט אין דער רעגירונג און עס זײַנען צווישן אונדז פאַראַן גאַנץ ווייניק אַזעלכע פּאַרטייען, וואָס שטעלן ניט אײַן זייער פּאָליטיק דערויף, אַז עס וועט ווידער קומען דער מאָמענט, אין וועלכן זיי וועלן אויף דאָס נײַ באַרופן ווערן איבערצונעמען די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר דער רעגירונג".

די פּרינציפּן זײַנען אַזוי זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז מע דאַרף וועגן זיי גאָר ניט רײדן, און אַגעוו, איבערנעמענדיק די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר דער רעגירונג, טוט מען דאָך גאָרניט פאַר די דאָזיקע פּרינציפּן.

אין דער צײַט, ווען דער קאָנגרעס איז פאָרגעקומען, האָבן די דאָזיקע „סאָציאַליסטן" געהאַט אַ געלעגנהייט צו אַרויסווײַזן זייער האַלטונג בעת אַ מלחמה — אין דער קאָלאָניאַלער מלחמה פונעם פראַנצויזישן אימפּעריאַליזם קעגן די ריפן, וואָס האָבן געקעמפט פאַר זייער אומאָפּהענגיקייט*). אויך אין דעם פאַל האָט זיך אַרויסגעוויזן דאָס זעלבע בילד, ווי בײַ דער אָקופּאַציע פון רור.

די פראַנצויזישע קאָמוניסטן זײַנען אַנטשלאָסן אַרויסגעטראָטן קעגן דעם אימפּעריאַליסטישן רויב־מאַרש, האָבן געפאָדערט טייקעף אָפּראַמען מאַראָקאָ, האָבן זיך סאָלידאַריזירט מיט די פרײַהייט־קאַמפן פונעם „סוינע" און זײַנען אין די הונדערטער פאַרורטיילט געוואָרן און פאַרשפּאַרט אין די טפיסעס פאַר אַנטימיליטאַריסטישער פּראָפּאַגאַנדע. די פראַנצויזישע רעפאָרמיסטן ווידער, די רענאָדעלס און זשואָס האָבן געטײַנעט וועגן „אָנגריף" פון די ריפן אויף פראַנצויזישן פּראָטעקטאָראַט און האָבן אויסגעדריקט זייער צוטרוי דער „לינקער רעגירונג", וואָס האָט געפירט די שקלאַפנהאַלטערישע מלחמה.

נאַטירלעך האָבן די פאַרזאַמלטע סאָציאַלפּאַטריאָטן ניט געטראַכט וועגן צוציִען צו פאַראַנטוואָרטלעכקייט זייערע פראַנצויזישע באַוויירים פאַר זייער שענדלעכן האַלטן זיך. קיינער האָט ניט פּראָטעסטירט קעגן דעם בעלגיער פּיי־ראַרד, וואָס האָט דערקלערט:

„פון דער צווייטער זײַט וועט זיך דאָ קיינער ניט געפינען, וואָס זאָל זיך אין דער פראַגע וועגן מאַראָקאָ אַזוי פּרימיטיוו און איינפאַך פאָרשטעלן די זאַך, ווי די קאָמוניסטן, וואָס שטעלן זיך פאַר די לייזונג פון דער פראַגע אַזוי איינפאַך, אַז מע קאָן דעם דאָזיקן געביט פּראָסט פּאַשעט באַפרײַען" *).

*) דאָ רעדט זיך וועגן דער דויערנדיקער מלחמה קעגן דעם אַפריקאַנישן שבט ריפ אין מאַראָקאָ, וואָס פראַנקרײַך צוזאַמען מיט שפּאַניע האָבן געפירט פון 1919 יאָר ביז 1926. די מלחמה האָט זיך סאָפּקאָלסאָף פאַרענדיקט מיט אַ מפּלה פון דער נאַציאָנאַלער באַפרײַונג־באַוועגונג פון די ריפן, אין דער שפּיץ פון וועלכער עס איז געשטאַנען אַבד־על־קרים.

*) אונטערגעשטראָכן פון מיר.—י. ל.

דעם פּראָטעסט קעגן דער מאַראָקאָ-מילכאָמע, וואָס דער קאָנגרעס האָט אָנגענומען, קאָן יעדערער באַטראַכטן ווי ער וויל צו ווי אַ פּראָטעסט קעגן דעם פּריוואַט-קאַמף פון די ריפן, אָדער ווי אַ פּראָטעסט קעגן דעם רויב-מאַרש פון די פראַנצויזישע און שפּאַנישע אימפּעריאַליסטן. די רעזאָליוציע פאָדערט, אַז די שטרייט-פראַגע זאָל איבערגעגעבן ווערן אַפן אַרביטראַזש פון דער פעלקער-ליגע און רעקאָמענדירט איינפירן אין מאַראָקאָ אַ מאַנדאַט פון דער פעלקער-ליגע. אַזוי זעט אויס די פּראַקטישע סאָלידאַריטעט מיט די אונטערדריקטע פעלקער וועגן וועלכע די רעפאָרמיסטן רײדן אַזוי שיין, ווען עס האַנדלט זיך וועגן גרוזיע!

דער מאַרסעלער קאָנגרעס דעקט אויף אינגאַנצן די הויפּט-פונקציע פון דעמדאָזיקן „אינטערנאַציאָנאַל", וואָס פילט אויס די ראָליע פון אַ הילף-אָרגאַניזאַציע און פון אַ פּראָפּאַגאַנדע-אָפּטיילונג פון דער פעלקער-ליגע באַם צוגרייטן די אינטערווענץ-מילכאָמע קעגן דער פּראָלעטאַרישער מעלוכע. אויב עס איז נאָך געווען אַ וועלכער ניט איז סאַפּעק דערין, האָט אים קאַוטסקי באַזייטיקט אין זיין ווערק, וואָס איז דערשינען פאַר דעם מאַרסעלער קאָנגרעס: „דער אינטערנאַציאָנאַל און ראַטן-רוסלאַנד". האַמאַם איינציקע סאָציאַליסטישע פירער, ווי אָטאָ באַוער, זיינען אַרויסגעטראָטן קעגן דעראָזיקער צו אָפנהאַרציקער אָנערקענונג פון דער אינטערווענץ, אָבער דעראָזיקער „אינטערנאַציאָנאַל" קאָן ניט אַראָפּוואַרפן פון זיך די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר די מיינונגען פון זיין אָנגעזעענסטן טעאָרעטיקער. זיי באַציִען זיך אַלנפאַלס צו קאַוטסקיס אָפנהאַרציקייט, ווי אַמאָל האָבן די רעוויזיאָניסטן זיך באַצויגן צו בערנשטיינס טעאָריעס: „טייערער עדואַרד, אַזוינע זאַכן טוט מען, אָבער מע רעדט ניט וועגן דעם!"

קאַוטסקי איז ערשטנס פאַר אונטערשטיצן דעם עקאָנאָמישן באָיקאָט קעגן דער פּראָלעטאַרישער מעלוכע.

„אויך ראַטן-רוסלאַנד קאָן הײַנט ניט פירן ווייטער די ווירטשאַפט אָן גרויסע אויסערלעכע האַלוואָעס. אָפּן רעאַליזירן אַזאַ האַלוואָע האָט די רעגירונג פון דעם לאַנד, וווּ עס ווערט געשלאָסן, אַ גרויסע ווירקונג — און אין דעם גרעסטן טייל קאַפּיטאַליסטישע לענדער, אין וועלכע עס זיינען מעגלעך אַזעלכע האַלוואָעס, האָבן די אַרבעטער אָדער די רעגירונג גופע אין די הענט — ווי דאָס איז געווען ניט לאַנג אין ענגלאַנד — אָדער זיי האָבן די מעגלעכקייט צו ווירקן אַף איר.

שווימט דאָ אַרויס די פראַגע: צי זאָלן די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, וואָס זיינען אָנגעשלאָסן אָן דעם אינטערנאַציאָנאַל, באַגינסטיקן האַלוואָעס פאַר ראַטן-רוסלאַנד אָדער פאַרקערט — שטערן זיי?

לויט אונדזער מיינונג דאַרפן זיי ניט טאָן ניט דאָס, ניט יענץ. געבן ראַטן-רוסלאַנד אַ האַלוואָע אָן שום באַדינגונגען, הייסט געבן זיינע דעספּאָטן נייע מאַכט-מיטלען אין די הענט אַף צו אונטערדריקן די פאָלק-מאַסן, איבער וועלכע זיי הערשן און וועלכע זיי קאָנען איינהאַלטן אין געהאָרכזאַמקייט נאָר מיט געוואַלט.

פון דער צווייטער זייט, אפּוואַרפן יעדע האַלוואָע פאַר רוסלאַנד און קיין שום באַדינגונגען, הייסט אַרויסלאָזן פון די הענט אַ שטאַרקן מיטל פון דרוק, וואָס גיט אַ מעגלעכקייט צו צווינגען די איצטיקע הערשער אין מאָסקווע צו מאַכן קאָנצעסיעס פאַר דער דעמאָקראַטיע.

מע טאָר ניט אָפּזאָגן זיך צו געבן האַלוואָעס, מע טאָר זיי אָבער געבן אונטער באַדינגונגען, וואָס זאָלן מילדערן דעם שרעקלעכן דרוק, וואָס ליגט אויף די פּלייצעס פונעם רוסישן פאָלק.

אַזאַ באַדינגונג קאָן באַרעכטיקט ווערן מיט די אינטערעסן פון די געלט-באַרגער גופע, און די באָלשעוויקעס וועלן עס ניט קאָנען אָפּוואַרפן אַלס ניט קיין דערלאָזבאַרע אַריינמישונג פון אויסלאַנד אין די אינערלעכע רוסישע פאַרהעלטענישן (!).

...אין דער האַסקאָמע אויף דעמאָקראַטישע קאָנצעסיעס זיינען פאַרינטערעסירט, ווי מאָדנע דאָס זאָל ניט אויסזעען, ניט נאָר דער רוסישער פּראָלעטאַריאַט, נאָר אויך די אויסלענדישע קאַפּיטאַליסטן, וואָס ווילן ברענגען געלט אין רוסלאַנד אָדער דורך האַלוואָעס אָדער קויפנדיק קאָנצעסיעס" (זייטן 34—35. אונטערגעשטראָכן פון מיר.—י. ל.).

הייסט דאָס, די געמיינזאַמע אינטערעסן פון די „סאָציאַליסטן" און קאַפּיטאַליסטן פאָדערן, אַז האַלוואָעס זאָלן געגעבן ווערן אונטער אַזעלכע באַדינגונגען, וואָס זאָלן אַרונטערייסן די פּראָלעטאַרישע דיקטאַטור!

צווייטנס, איז קאַוטסקי פאַר אונטערשטיצן די באַוואָפנטע אופשטאַנדן קעגן דער ראַטנמאַכט. ער וואָרנט קעגן צוגרייטן באַוואָפנטע פּוטשן, נאָר ער רעקאָמענדירט „סטיכישע פאָלק-אופשטאַנדן". די געפאַר, אַז אַן אופשטאַנד קעגן דעם ראַטנפאַרבאַנד קאָן דינען דער רעאַקציע, עקזיסטירט ניט פאַר אים.

„היינט איז אויך אין אייגנטלעכן רוסלאַנד פאַרשוואונדן די געפאַר, אַז אַ סאָציאַליסטישער אופשטאַנד קעגן דעם באָלשעוויזם וועט העלפן דער רעאַקציע. צוליב דער פאַשעטער סיבע, אַז אַלץ וואָס אין רוסלאַנד וואָלט געקאָנט אופטאָן די רעאַקציע, ווערט היינט שוין פּראַקטיקירט פון די באָלשעוויקעס אין אַזאַ מאָס, אַז מע קאָן זיי שוין ניט איבערשטייגן (!).

...מיר האָבן מער ניט וואָס מוירע צו האָבן, אַז דורך אַ באַוואָפנטן אופשטאַנד אין רוסלאַנד וועלן מיר העלפן דער רעאַקציע. פאַרקערט, עס וואַקסט אַלץ מער די וואַרשיינלעכקייט, אַז אַזאַ אופשטאַנד, אויב ער וועט זיך איינגעבן, וועט פאַרשטאַרקן די פרייהייט אין רוסלאַנד, וועט ניט אָנרירן קיין איינע פון די נאָך גאַנץ געבליבענע דערגרייכונגען פון דער רעוואָלוציע, וועט, פאַרקערט, דערוועקן צום לעבן אַ ריי פון אַזעלכע דערגרייכונגען און וועט אַזוי אַרום געוואַלדיק העלפן די פאָלקמאַסן און באַזונדערס דעם פּראָלעטאַריאַט" (זייטן 44—45 אונטערגעשטראָכן פון מיר.—י. ל.).

קאַוטסקי רעקאָמענדירט, אַז די מענשעוויקעס זאָלן אונטערשטיצן אַזעלכע סטיכישע אופשטאַנדן:

„אָבער עס וואָלט געקאָנט ווערן פאַטאַל, ווען אונדזער אינטערנאַציאָ-

נאָל, פאַרופּנדיק זיך אַף זיין נעגאַטיווער באַציונג צו צוגעגרייטע באַוואָפנטע פּוטשן קעגן דעם באָלשעוויזם וואָלט פאַרויס פאַרורטיילט יעדן אופשטאַנד קעגן אים ווי א קאָנטר־רעוואָלוציאָנערן אופטו און וואָלט פאַרווערט זיינע מיטגלידער אין רוסלאַנד צו באַטייליקן זיך אין אַזאַ אופשטאַנד.

עס איז אויסגעשלאָסן, אז סאָציאַל־דעמאָקראַטן זאָלן זיך באַמיען צו ראַטעווען די באָלשעוויסטישע סיסטעם. ווידער, נייטראַלקייט אינעם פאַל פון אַן אַלגעמיינעם אופשטאַנד פון דער גאַנצער פאָלק־מאַסע וואָלט געווען פּאָליטישער זעלבסטמאָרד. נאַטירלעך איז דאָס ניט אומעגלעך, אז רעאַקציאָנערע עלעמענטן וועלן פּרוּוון אויסנוצן אַזאַ אופשטאַנד צו זייער נוצן, אָבער גראַד דידאָזיקע געפאַר מאַכט פאַר דורכויס נויטיק, אז די סאָציאַל־דעמאָקראַטן זאָלן מיט אַלע מיטלען זיך באַמיען צו באַקומען א באַשליסנדיקע ווירקונג אַף דעם אופשטאַנד און בעשום אויפן אים ניט סאַבאָטירן" (זייט 49. אונטערגעשטראָכן פון מיר. — י. ל.).

קאַוטסקי איז דריטנס פאַר א אינטערווענץ פונעם קאַפּיטאַליסטישן אויסלאַנד. האָגאַם ער מאַסקירט זיך אַפּרייער מיט אַן אַלגעמיינער פאַרורטיילונג פון יעדער באַוואָפנטער אינטערווענץ און זאָגט זיך אַרויס בעפּירעש נאָר פאַר א „פרידלעכער, עקאָנאָמישער אינטערווענץ", אָבער ער גיט צו, אַז האָגאַם עס וואָלט בעסער געווען א פרידלעכער וועג פון אַראָפּוואַרפן די ראַטן־מאַכט, אָבער איך איצטיקן מאָמענט זיינען ניטאָ קיין אויסזיכטן אַף אַזאַ וועג. הייסט דאָס, אַז זיינע האָפענונגען זיינען געווענדעט אַף דעם „בלוטיקן" וועג. וואָס פאַר א וועג זאָל דאָס זיין, אויב ער האַלט א צוגעגרייטן באַוואָפנטן אופשטאַנד פאַר אויסזיכטלאָז? דאָס איז דער סטיכישער פאָלק־אופשטאַנד, אַף וועלכן קאַוטסקי האָפט, אַז ער וועט זיך צעפלאַקערן אין פאַל פון א מיליטערישער מאַפּאָלע פון דער ראַטן־רעגירונג.

„דאָרט, ווו א דעספּאָטישער רעזשים, וואָס שטיצט זיך אַף זיין מיליטערישער מאַכט, קומט אין אַליין א שאַרפערן קעגנזאַץ צו די פאָלק־מאַסן, שטויסט זיי אַליין טיפער אַראָפּ אין אָפּגרונט פון דאַלעס, און מאַטערט אויס דעם גאַנצן געזעלשאַפטלעכן אָרגאַניזם, דאָרטן קאָן סאָפּקאָלסאָף קומען דערצו, אַז דאָס גאַנצע פאָלק, אונטער דער ווירקונג פון עפּעס א שטויס פון אויסן, וועט אופשטיין. דערדאָזיקער אופשטאַנד קאָן אָנעמען אַזאַ ברייטן פאַרנעם, אַז די מיליטערישע מאַכט זאָל ניט זיין בעקויעך אים בייצוקומען, אַז זי זאָל אַפילע, אָדער ווייניקסטנס א טייל פון איר, אַליין אַוועק מיטן אַלגעמיינעם שטראָם פון פאַרביטערונג. גיכער ווי אַלץ קומען אַזעלכע פאַלן אַלס רעזולטאַט פון א גרויסער מיליטערישער קאַטאַסטראָפע..."

(זייט 46. אונטערגעשטראָכן פון מיר. — י. ל.).

דער טעאָרעטיקער פונעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל האָט עמעס ניט געוואָלט הערן וועגן אויסנוצן די אימפּעריאַליסטישע מילכאָמע אַף אַראָפּוואַרפן די בורזשואַזיע, אָבער דערפאַר רעקאָמענדירט ער אויסצונוצן א אינטערווענץ מילכאָמע אַף אַראָפּצוואַרפן די פּראָלעטאַרישע דיקטאַטור.

דערמיט איז קלאָר אָנגעצייכנט, וואָס פֿאַר אַ ראָליע וועט שפּילן די אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע אין דער געפּלאַנטער אינטערנאַציאָנאַלער אינטערווענץ־מלחמה קעגן ראַטנפֿאַרבאַנד.

## 3. די קאַפּיטאַליסטישע ראַציאָנאַליזירונג און דער אָנהייב פֿונעם נייעם רעוואָלוציאָנערן אופשטייג. — דער בריוסעלער קאָנגרעס

1928—1926

די רעלאַטיווע סטאַביליזירונג פֿונעם קאַפּיטאַליזם אין יאָר 1923 איז געווען מעגלעך דורכצופֿירן נאָר בײַ דער אַקטיווער אונטערשטיצונג, וואָס די קאָנטר־רעוואָלוציע האָט באַקומען פֿון די רעפֿאָרמיסטן. פּונקט אַזוי איז געווען מעגלעך דורכצופֿירן די סטאַביליזירונג אין די יאָרן 1924—1926 נאָר מיט דער הילף פֿון די רעפֿאָרמיסטן.

די רעפֿאָרמיסטישע פֿירער פֿון די פּראָפֿאַריינען, פֿריער אין דײַטשלאַנד, שפּעטער אויך אין פֿראַנקרייך און אין אַנדערע לענדער, האָבן געפּרעדיקט און אונטערשטיצט די קאַפּיטאַליסטישע ראַציאָנאַליזירונג, דעם מעטאָד, מיט דער הילף פֿון וועלכן די בורזשואַזיע האָט דורכגעפֿירט די סטאַביליזירונג פֿון איר ווירטשאַפֿט אויפֿן חשבון פֿון די אַרבעטנדיקע מאַסן. די רעפֿאָרמיסטן האָבן געלויבט די ראַציאָנאַליזירונג אַלס אַ מיטל צוריק אויפֿשטעלן די קאָנקורענץ־פֿעיִקייט, ליקווידירן אַזוי אַרום די אַרבעטלאָזיקייט און פֿאַרזיכערן די אַרבעטער העכערע לוינען און אַ קירצערן אַרבעט־טאָג. זיי האָבן אָפּגעלאַכט פֿון די קאָמוניסטן, וואָס האָבן גערופֿן די אַרבעטערשאַפֿט צום קאַמף קעגן דעם ראַציאָנאַליזירונג־אָנגריף און גערופֿן זיי „מאַשינען־פֿאַרניכטער“.

די דערפֿאַרונג האָט אָבער באַשטעטיקט דעם קאָמוניסטישן שטאַנדפּונקט, אַז אין דער פֿראַגע וועגן ראַציאָנאַליזירונג האַרמאָנירן פּונקט אַזוי ווייניק די אינטערעסן פֿון דעם פּראָלעטאַריאַט מיט די אינטערעסן פֿון דער בורזשואַזיע ווי אין אַלע אַנדערע געזעלשאַפֿטלעכע פֿראַגן. דאָס וואָס פֿאַר דער בורזשואַזיע איז אַ ראַציאָנעלע, ד. ה. אַ „סייכלדיקע“ איבערבויונג פֿון דער ווירטשאַפֿט, איז פֿאַרן פּראָלעטאַריאַט דער העכסטער אומזין. די קאַפּיטאַליסטישע ראַציאָנאַליזירונג פֿאַרפֿאָלגט דעם צוועק אַראָפּצוזעצן די פּראָדוציר־קאָסטן פֿון דער אינדוסטריע, אויפֿצוהייבן ווי נאָר מעגלעך די פּראָפֿיטן און די אַקומוליאַציע פֿונעם קאַפּיטאַל און דורך דעם העכערן די קאָנקורענץ־פֿעיִקייט אויף דעם וועלט־מאַרק. פֿאַרן דײַטשישן קאַפּיטאַליזם, וואָס איז שטאַרק אָפּגעשטאַנען פֿון זײַנע קאָנקורענטן בעת דעם אינפֿלאַציע און דעפֿלאַציע־קריזיס, איז דאָס געווען אַ לעבן־פֿראַגע. צום פּראָצעס פֿון דער ראַציאָנאַליזירונג געהערן אויך טעכנישע און אָרגאַניזאַטאָרישע פֿאַרבעסערונגען פֿונעם פּראָדוציר־פּראָצעס. אָבער פּונקט אַזוי איז מיט דער ראַציאָנאַליזירונג פֿאַרבונדן בײַ די קאַפּיטאַליסטישע באַדינגונגען דער אָנגריף פֿונעם קאַפּיטאַל אויף אַראָפּזעצן די אַרבעט־לוינען, פֿאַרלענגערן די אַרבעט־צײַט, העכערן די אַרבעט־אינטענסיווקייט, אײַנשפּאָרן אַרבעט־

קרעפטן, פארבייטן קוואליפיצירטע ארבעטער אפ ניט קיין קוואליפיצירטע, די ארבעט פון מענער מיט דער ביליקערער ארבעט פון פרויען און יונגטלעכע.

ארויסגייענדיק פון די אלגעמיינע אנטוויקלונגס־באדינגונגען פונעם קאפיטאליזם האט מארקס דערוויזן, אז די קאפיטאליסטישע אנטוויקלונג באטייט די אקומוליאציע פון רייכקייט אפ איין פאליוס פון דער געזעלשאפט, די אקומוליאציע פון דאלעס אפן אנדער פאליוס פון דער געזעלשאפט. פאר דעם איצטיקן פעריאד פון דער הערשאפט פונעם מאנאפאל־קאפיטאל אין דער צייט פונעם אלגעמיינעם אונטערגאנג פונעם קאפיטאליזם איז דאס טאפלט און דרייפאך ריכטיק. בא דער הערשאפט פון די מאנאפאלן דריקט זיך ניט אויס דאס זינקען פון די פראדוקציע־קאסטן אין א אנטשפרעכנדיקן אראפזינקען פון די פארקויף־פרייזן; די ארבעטנדיקע מאסן לײַדן טאפלט אי פונעם אראפזעצן די לוינען אי פון דעם יאקרעס. אלס רעזולטאט דערפון קאן זיך דער אפזאץ פון דער קאפיטאליסטישער פראדוקציע ניט פארברייטערן אין דער מאס ווי עס שטייגט די פראדוקציע־פעיקייט פון דער קאפיטאליסטישער אינדוסטריע. די קארטעלן און טרעסטן פארקירצן קינסטלעך און מיט געוואלט די פראדוקציע און מיליאנען ארבעטער ווערן אפ א לאנגע צייט ארויסגעווארפן פונעם פראדוקציע פראצעס.

ניט די שלעכטקייט און נארישקייט פון איינצלנע קאפיטאליסטן, ווי עס באהויפטן די רעפארמיסטן, נאר די אנטוויקלונגס־געזעצן פונעם קאפיטאליזם אין זיין איצטיקער פאזע האט געמוזט ברענגען דערצו, אז די קאפיטאליסטישע ראציאנאליזאציע רופט ארויס א מאסאוון דאלעס און עלנט, א מיליאניקע מאסע ארבעטלאזע און אן עקספלואטאציע ביז נאר אין די פאבריקן. צוגלייך פארשטארקט דער אומגעהויערער ווידערשפרוך צווישן דער פארגרעסערטער פראדוקציע־פעיקייט און די באגרענעצטע אפזאץ־מעגלעכקייטן דעם קאנקורענץ־קאמף אפן וועלט־מארק ביזן מאקסימום און פארגרעסערט די געפאר פון אימפעריאליסטישע מילכאמעס.

דער קאמוניסטישער אינטערנאציאנאל האט פון אנהויב אן אונטערגעשטראכן דעם צייטווייליקן כאראקטער פון דער סטאביליזאציע פונעם קאפיטאליזם און האט קאנסטאטירט, אז די ווידערשפרוכן פונעם קאפיטאליזם וועלן רעפראדוצירט ווערן אפ א פארברייטערטער באזע. פארקערט די רעפארמיסטן האבן געזונגען באגייסטערטע לויב־לידער דעם נייעם פעריאד פונעם „ארגאניזירטן קאפיטאליזם", וואס אין אים האט שוין דער סאציאליסטישער פרינציפ פון פלאנמעסיקייט בייגעקומען דעם קאפיטאליסטישן פרינציפ פון אנארכיע*).

די אפארטוניסטן פון אלע ריכטונגען האבן ניט געזען, ווי אינעם שויס פון דערדאזיקער צייטווייליקער סטאביליזירונג ווערן רייף נייע געוואלטיקע מילכאמעס און קאנפליקטן. ווען דער קאמינטערן האט אין הארבסט 1925 יאר צום ערשטן מאל גערעדט וועגן א רעלאטיווער סטאביליזאציע האט דער צענטראל־ארגאן פון די סאציאל־דעמאקראטישע ארבעטער־מעהדער אין דייטשלאנד,

*) צום ביישפיל, הילפערדינג אפן צוזאמענפאר פון דער דייטשישער סאציאל־דעמאקראטישער פארטיי אין קיל אין 1927 יאר.

דער „פּאָרווערטס" געכוויזעקט: „מיט דער וועלט־רעוואָלוציע איז געענדיקט" אָבער די געשעענישן פון דעמזעלבן יאָר האָבן געוויזן, אַז די וועלט־רעוואָליוציע אַלס גוואַלטיקער פּראָצעס, וואָס כאַפּט אַרום אַלע לענדער, ווערט ניט אויסגעלאָשן, נאָר פאַרקערט, אַמאָל אין דעם טייל אַמאָל אין יענעם טייל פון דער וועלט טרייסלט ער אויף די פונדאַמענטן פון דער אימפּעריאַליסטישער הערשאַפט.

אין 1925 יאָר האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייער אויפשטייג פון דער **נאַציאָנאַלער רעוואָליוציע אין כינע.** אין דער ערשטער פאַזע פון דערדאָזיקער רעוואָליוציע, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש מיטן מאַרש פון די גאָמינדאַן־אַרמייען אונטער דער אָנפירונג פון טשאַן קיי־שי אויף שאַנכיי, האָט די נאַציאָנאַלע בורזשואַזיע געקעמפט אין אַן אייניקייטלעכן פראָנט מיטן רעוואָליוציאָנערן פּראָלעטאַריאַט קעגן דעם אימפּעריאַליזם פאַר באַפרייען כינע פון דער מיליטערישער דיקטאַטור פון די רעאַקציאָנערע גענעראַלן, וואָס זיינען אָפּהענגיק פון אויסלאַנד, קעגן די פּריווילעגיעס פון די אויסלענדער אין כינע, פאַר דער נאַציאָנאַלער באַפרייונג און אייניקייט. אָבער אין דער נאַציאָנאַלער באַוועגונג און אין דער נאַציאָנאַל־רעוואָליוציאָנערער פּאַרטיי, אינעם גאָמינדאַן, האָט זיך גלייך אָנגעהויבן אַ קאַמף פאַר דער העגעמאָניע. פאַר דער אָנפירנדיקער ראָליע אין דער רעוואָליוציע, קוידעמקאָל פאַר דער אָנפירונג מיט דער הונדערט־מיליאָניקער פּויערישער מאַסע, דער באַשליסנדיקער טרייב־קראַפט פון דער רעוואָליוציע. אין אַן אָפּגעשטאַנענעם אַגראַר־לאַנד דער כינעזישער פּראָלעטאַריאַט אונטער דער אָנפירונג פון דער יונגער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, וואָס האָט זיך געהאַלטן אין אויסבילדן ערשט אין גאַנג פון די קאַמפן, האָט אַרויסגעוויזן אַ קאָלאָסאַלע קראַפט אין אַ ריי שטרייק־און באַיקאָט־באַוועגונגען קעגן די אימפּעריאַליסטן. זייער העכסטן אויסדרוק האָבן די דאָזיקע באַוועגונגען געפונען אין דעם שאַנכייער אויפשטאַנד אין מאַרט פון 1927 יאָר. אָבער דערדאָזיקער רעוואָליוציאָנערער אַרויסטריט פונעם פּראָלעטאַריאַט האָט געוויזן די אימפּעריאַליסטן די גאַנצע גרויסקייט פון דער געפאַר. דער בריטישער אימפּעריאַליזם האָט אָנגעהויבן אַ באַוואָפנטע אינטערווענץ. פון דער צווייטער זייט האָט ער אָבער פאַרשטאַרקט די באַמיונגען צו געווינען די כינעזישע בורזשואַזיע פאַר אַ קאָמפּראָמיס. די לעצטע, אָנגעשראָקן פונעם דרוק פון די אימפּעריאַליסטן פון איין זייט און פון דער רעוואָליוציאָנערער קראַפט פון די מאַסן פון דער צווייטער זייט, באַזונדערס ווען די פּויערשע מאַסן האָבן זיך אויפגעהויבן קעגן די פּריצים, האָט דעזערטירט פונעם נאַציאָנאַל־רעוואָליוציאָנערן פראָנט און האָט אָנגעהויבן אונטער טשאַן קיי־שיס אָנפירונג אַ בלוטיקן מאַרש קעגן די כינעזישע רעוואָליוציאָנערע אַרבעטער.

די קאָמוניסטישע פּאַרטיי פון כינע האָט זיך ניט באַצייטנס צוגעגרייט צום קאַמף קעגן דעם פאַראַט פון דער בורזשואַזיע. זי האָט ניט באַוואָרנט אינעווייניק אין דעם נאַציאָנאַלן פראָנט די אָרגאַניזאַציאָנעלע און פּאָליטישע זעלבשטענדיקייט פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. און דעריבער, ווען די בורזשואַזיע איז אַוועק פון רעוואָליוציאָנערן לאַגער, איז זי ניט געווען אימשטאַנד צו פירן ווייי־

טער זיגרייך די נאַציאָנאַלע באַוועגונג אַלס אָנפירער פון די ארבעטער און פוי־ערים־מאַסן קעגן דעם איינהייטלעכן פראָנט פון דער פארעטערישער בורזשואַזיע און פונעם אימפעריאַליזם.

דער קאָמוניסטישער אינטערנאַציאָנאַל און די כינעזישע קאָמוניסטישע פּאַרטיי האָבן געמאַכט די נויטיקע אויספירן פון דערהאָזיקער מאַפּאַלע. די אָפּאָר־טוניסטישע עלעמענטן זיינען באַזייטיקט געוואָרן פון דער אָנפירונג און עס איז גענומען געוואָרן א קורס אף צוגרייטן א באַוואָפנטן אופשטאַנד פון די ארבע־טער און פויערים, אף אָרגאַניזירן ראַטן, אַלס אָרגאַנען פון דער דעמאָקראַטי־שער דיקטאַטור פון די אַרבעטער און פויערים.

אין דעקאַבער פון 1927 יאָר האָט זיך אָנגעהויבן די רעוואָלוציאָנערע אַר־בעטערשאַפט פון קאַנטאָן אונטער די לאָזונגען פון ראַטן־מאַכט און אונטער דער אָנפירונג פון די קאָמוניסטן. אָבער צוליב דער ניט גענוגער צוגרייטונג און דער שוואַכער פאַרבינדונג מיט די פויערשע מאַסן איז דער העלדישער אופשטאַנד דערשטיקט געוואָרן דורך דער פאַרייניקטער קאָנטר־רעוואָלוציע. דערדאָזיקער העל־דישטער אופשטאַנד אין א קאָלאָניאַלן לאַנד אונטער דעם לאָזונג פון ראַטן־מאַכט באַווייזט, אַז די קאָלאָניאַלע רעוואָלוציעס זייגן אריינגעטראָטן אין א נייער העכערער שטופע פון זייער אַנטוויקלונג און ניט געקוקט אף די צייטווייליקע מאַפּאָלעס ווערן זיי א קאָלאָסאַלע געפאַר פאַר דער עקזיסטענץ פון דער קאַפּי־טאַליסטישער אָרדענונג.

בעת אַלע סעקציעס פונעם קאָמינטערן האָבן מאָביליזירט זייערע קרעפטן אף אונטערשטיצן די כינעזישע רעוואָלוציע, צו פאַרטיידיקן זי קעגן דעם ענג־לישן אימפעריאַליזם, בעת אין ענגלאַנד האָבן די רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער אָרגאַניזירט די אַנטימיליטאַריסטישע פּראָפּאַגאַנדע צווישן די מאַטראָסן פון די קריגסשיפן, וואָס זיינען געשיקט געוואָרן אין כינע, האָבן די רעפאָרמיסטן ווידער געוויזן זייער סאָציאַל־אימפעריאַליסטישן פּאַרצוף.

א פאַרטרעטער פון דער לייבאָר־פּאַרטיי האָט גערעדט אין דער אונטערשטער קאַמער וועגן דעם שוץ פאַר די אייראָפּעישע פרויען און קינדער אין כינע. הענדערסאָן האָט געזאָגט, אַז אויב מע שיקט שוין שיפן מוז מען דאָן שיקן א גענוגנדיקע צאָל סאָלדאַטן אין כינע.

אָן אַנדערע לינקע פּראָפּאַגאַנדע האָבן גענומען א טייל פון די לינקע רע־פאָרמיסטן און די נאָענטע צו זיי טראָצקיסטן. **טראָצקי**, וואָס האָט זיך אין 1917 יאָר אָנגעשלאָסן אָן דער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי, און האָט אָבער בא יעדער שווערער לאַגע אַרויסגעוויזן שאַטאַלע וואַקלונגען, ביז ער איז אינגאַנצן ניט אַריבער סאַפּסאָלאָפּאָף אין לאַגער פון די סאָנים פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע, און אַזאַ **באַוער**, האָבן אָנגעגריפן דעם קאָמינטערן פון „לינקס“. זיי האָבן דערקלערט, אַז דער קאָמינטערן איז שולדיק אין דער מאַפּאַלע, וואָס עס האָבן געליטן די כינעזישע אַרבעטער, ווייל ער איז געווען פאַר בילדן א נאַ־ציאָנאַלן איינהייטלעכן פראָנט מיט דער בורזשואַזיע, אַנשטאָט צו אָרגאַניזירן דעם זעלבשטענדיקן קלאַסן־קאַמף פונעם פּראָלעטאַריאַט. דער דעמאַגאָגישער לינגן פון אַזעלכע אַרגומענטן אין מויל פון לינקע סאָציאַל־דעמאָקראַטן, וואָס

שאַפן קאָאַליציעס מיט דער אימפּעריאַליסטישער בורזשואַזיע אין אַלע לענדער, דעמאַסקירט זיך פון זיך אַליין.

פאַרקערט, טראָצקיס קריטיק נעמט זיך פון זיין טעאָריע וועגן דער „פּערמאַנענטער רעוואָליוציע", וואָס האָט אים שוין אין דער ערשטער רוסישער רעוואָליוציע געבראַכט אין אַ קעגנזאַץ מיט די באָלשעוויקעס און דערנענטערט צו די מענשעוויקעס. טראָצקי לייקנט אָפּ די באַשליסנדיקע רעוואָליוציאָנערע ראָליע, וואָס דאָס פּויערטום אונטער דער אָנפירונג פונעם פּראָלעטאַריאַט שפּילט אין די אָפּגעשטאַנענע אַגראַר־לענדער. אין די קאָלאָניאַלע לענדער, ווו דער דרוק פון די אימפּעריאַליסטן צווינגט צייטווייליק די בורזשואַזיע צו באַטייליקן זיך אינעם נאַציאָנאַל־רעוואָליוציאָנערן קאַמף, קאָן דער פּראָלעטאַריאַט נאָר דעמלט איבערנעמען די אָנפירונג מיט די פּויערשע מאַסן און קליינבירגערלעכע שיכטן אין דער רעוואָליוציע, אויב אינעם קאַמף קעגן דעם אימפּעריאַליזם טרייבט ער צוערשט פאָרויס די בורזשואַזיע און דעמאַסקירט זי און איזאָלירט פון די מאַסן אינעם מאָמענט ווען זי גייט אַוועק פונעם פראָנט פון דער נאַציאָנאַלער רעוואָליוציע.

דער פעלער פון די כינעזישע קאָמוניסטן איז אין קיין פאַל ניט געווען דאָס, וואָס זיי זיינען צייטווייליק געגאַנגען מיט דער בורזשואַזיע צוזאַמען אין קאַמף קעגן דעם אימפּעריאַליזם, אַזוי לאַנג ווי די בורזשואַזיע האָט זיך נאָך געפונען אינעם לאַגער פון דער נאַציאָנאַלער רעוואָליוציע. דער פעלער איז געווען, וואָס זיי האָבן דערביי ניט גענוג באַוואָרנט די זעלבשטענדיקע ראָליע פונעם פּראָלעטאַריאַט, ניט גענוג געזאָרגט וועגן דער מאָביליזירונג פון די פּויערשע מאַסן, זיינען אַריינגעפאַלן אין אַן אָפּהענגיקייט פון בורזשואַזע און קליינבירגערלעכע עלעמענטן און דעריבער האָבן זיי אין אַן אַנטשיידענעם מאָמענט ניט געקאָנט פירן די מאַסן צום קאַמף קעגן דער בורזשואַזיע.

די געוואַלטיקע פאַרשאַרפונג פון די קלאַסן־קעגנזאַצן און קלאַסן־קאַמפן, וואָס האָבן זיך גראַד אַנטוויקלט אַף דער באַזע פון דער רעלאַטיווער סטאַביליזירונג פונעם קאַפּיטאַליזם, האָבן זיך געוויזן ניט נאָר אין וויטן מיזרעך. אויך אין דעם לאַנד פון אייראָפּע, ווו די רעפאָרמיסטישע טראַדיציעס זיינען שטאַרקער ווי אומעטום פאַרוואָרצלט, ווו די קאָמוניסטישע פּאַרטיי נעמט ערשט אַרום אַ גאַנץ קליינע מינדערהייט פונעם אַרבעטער־קלאַס, אין ענגלאַנד, האָט די ראַדיקאַליזירונג פונעם אַרבעטער־קלאַס און דער אָנגריף פונעם קאַפּיטאַל געבראַכט צו אַ גענעראַל־שטרייק און צו אַ זעקס־כאַדאָשימדיקן שטרייק פון די באַרג־אַרבעטער. אויך דער דאָזיקער קאַמף האָט געוויזן אין וועלכן לאַגער געפינט זיך דער אינטערנאַציאָנאַליזם פון טאַט.

די קאָמוניסטן אין ענגלאַנד ווי אין דער גאַנצער וועלט האָבן אָפּגעגעבן זייערע גאַנצע קרעפטן אַף אונטערשטיצן די באַוועגונג. די רוסישע אַרבעטער, וואָס האָבן באַ זיך אין לאַנד דורכגעפירט אַ רעזשים פון שטרענגער שפּאָרזאַמקייט צוליב די אינטערעסן פון דער אינדוסטריאַליזאַציע, האָבן צונויפגעזאַמלט אַסאַך טויזנטער רובל אַף אונטערצושטיצן זייערע ענגלישע קלאַסן־כאַווערים. די רעפאָרמיסטישע פירער פונעם באַרג־אַרבעטער פאַריין סמיט און קוק האָבן

געמוזט עפנטלעך מוידע זיין, אז די אונטערשטיצונג פון די ארבעטער און פון די פּראָפּאַריינען פונעם ראַטנפאַרבאַנד האָבן געהאַט אַ באַשליסנדיקע באַדייטונג פאַר זייער קאַמף. און אויב די באַרג־אַרבעטער האָבן ניט געקוקט דערויף געהאַט אַ מאַפּאָלע, אויב ניט געקוקט אַף דער מעסירעסנעפּעשדיקייט און אויסגעהאַלטנקייט פון די באַרג־אַרבעטער האָט די בורזשואַזיע דאָס מאָל נאָך טריומפירט און האָט געקאָנט דורכפירן די פאַרלענגערונג פון דער אַרבעט־צייט און אַראָפּזעצן דעם אַרבעט־לוין, פאַלט די שולד דערפאַר אויסשליסלעך אַף די רעפאָרמיסטישע אָרגאַניזאַציעס, וואָס האָבן געטראָטן מיט די פיס די פליכט פון פּראָלעטאַרישער סאָלידאַריטעט.

דער פאַראַט האָט זיך אָנגעהויבן אינעם גענעראַל־ראַט פון די ענגלישע פּראָפּאַריינען. אין דערדאָזיקער קערפּערשאַפט האָבן די פירער ווי פּערסעל און היקס געהאַט די מערהייט. אונטערן דרוק פון די מאַסן האָבן דידאָזיקע פירער פאַרנומען זייער אַ לינקע פּאָזיציע און אין צוזאַמענהאַנג מיטן בילדן דעם ענגליש־רוסישן קאָמיטעט פאַר פּראָפּאַריינישער איינהייט האָבן זיי זיך געשטעלט אין אַ שאַרפן קעגנזאַץ צו די רעפאָרמיסטישע פירער פון דער אינטערנאַציאָנאַלער פּראָפּאַריינישער ביוראָ. דידאָזיקע מענטשן האָבן נאָכאַמאָל באַשטעטיקט די אַלטע דערפאַרונג, אַז אין קריטישע מאָמענטן ווערן די צענטריסטן דאָס געפערלעכסטע געציייג איז די הענט פון די אַנטישיידענע רעפאָרמיסטן, ווייל די אַרבעטערשאַפט געטרויט זיי און זיי נאַרן אָפּ געוויסנלאָז.

דער גענעראַל־שטרייק איז געווען דורכגעפירט מיט דער גרעסטער קראַפט און באַהעפטקייט. און אויב די פירער האָבן אים איבערגעריסן אין עטלעכע טעג ארום ניט האָבנדיק נאָך קיין שום דערפאָלג, איז דאָס נאָר דערפאַר, ווייל זיי האָבן זיך דערשראָקן פאַר די דראָונגען פון דער רעאַקציאָנערער רעגירונג, ווייל זיי האָבן מוירע געהאַט פאַר די קאָנזעקווענצן פונעם קאַמף, ווייל זיי האָבן ניט געוואָלט קומען אין אַ קאָנפליקט מיט דער מעלוכע־מאַכט. דער קאַמף האָט ווידעראַמאָל באַשטעטיקט, אז אַ גענעראַל־שטרייק קאָן נאָר דעמלט דורכגעפירט ווערן מיט דערפאָלג, ווען דער אַרבעטער־קלאַס איז אַנטשלאָסן צו געבן אַ ווידערשטאַנד דעם באַוואָפנטן אָנגריף פון דער בורזשואַזיע.

דער איבערייס פון דעם גענעראַל־שטרייק אָן דער האַסקאָמע פון די באַרג־אַרבעטער איז געווען אַ מיעסער פאַראַט קעגן דעם קאַמף פון די לעצטע. אָבער נאָך מיעסער איז געווען דאָס, וואָס די איבערגעלאָזענע אַף זייער אייגענעם באַראָט באַרג־אַרבעטער האָבן נאָך דעם גענעראַל־שטרייק ניט באַקומען קיין שום באַדייטנדיקע אונטערשטיצונג ניט פון די איבעריקע ענגלישע פּראָפּאַריינען, ניט פון די פּראָפּאַריינען פון אַנדערע לענדער אויסער פון ראַטן־פאַרבאַנד.

אומזיסט האָבן זיך די דייטשישע קאָמוניסטן באַמיט צו אָרגאַניזירן אַ סימפּאַטיע־באַוועגונג אין רור־געביט, קעדיי ניט צו דערלאָזן טראַנספּאָרטירן קוילן אין ענגלאַנד. די דייטשישע באַרג־אַרבעטער אונטערן דרוק פון דער מוירעדיקער ראַציאָנאַליזירונג־אַרבעטלאָזיקייט האָבן זיך געלאָזן פאַרפירן דורך די רעפאָרמיסטישע פירער און זיינען איינגעגאַנגען אַף שטרייק־ברעכעריי. די אינטערנאַציאָנאַלע פּראָפּאַריינישע ביוראָ האָט ניט געמאַכט דעם קלענסטן פּרוּוו צו אָר־

גאניזירן א אינטערנאציאנאלע סאלידאריטעט־באוועגונג. די דאזיקע געלויבטע און געאכטעטע אינסטיטוציע פלעגט צוזאמען מיטן סאציאליסטישן ארבעטער־אינטערנאציאנאל פון צייט צו צייט לאזן הערן די געוויינלעכע רייד וועגן דער נויטיקייט צו ראטיפיצירן דעם וואשינגטאנער אפמאך וועגן אכט־שאיקן ארבעטסטאג. אבער ווען עס האט זיך פאנאנדערגעוויקלט א קאמף פארן אכט־שאיקן ארבעטס־טאג, א קאמף פון היסטארישער באדייטונג, האבן די ביידע „אינטערנאציאנאלן" ניט איינגעטונקט א פינגער אין קאלט וואסער.

די פארעטער פונעם גענעראל־ראט האבן אפגעווארפן די אויפפאדערונג פון די רוסישע פראפאריינען צו ארגאניזירן א אינטערנאציאנאלע סאלידאריטעט־אקציע מיט דער הילף פון דעם רוסיש־ענגלישן אייניקייט־קאמיטעט. די דאזיקע הערן זיינען געווען שווער באליידיקט, ווען די פירער פון די רוסישע פראפאריינען האבן פאר דער ארבעטער־עפנטלעכקייט געשטעמפלט די דאזיקע פארעטער פון דער ארבעטער־באוועגונג אזוי ווי זיי האבן עס פארדינט.

די צעקראכנקייט פון די דאזיקע לינקע פירער, וואס האבן פייערלעך פראקלאמירט זייער סימפאטיע פארן רעוואלוציאנערן רוסלאנד, ווען דאס האט זיי גארניט געקאסט, האט זיך ווידער ארויסגעוויזן, ווען אין פרילינג פון 1927 יאר האט די ענגלישע קאנסערוואטיווע רעגירונג דערפירט אירע מילכאמע־דראונגען קעגן דעם ראטנפארבאנד ביז צום איבעררייסן די דיפלאמאטישע באציונגען. דער בריטישער אימפעריאליזם, וואס איז מעכטיק אויפגעטרייסלט געווארן אין זיינע פונדאמענטן סיי דורך דער רעוואלוציאנערער באוועגונג אין מיזרעך, סיי דורך דער ראדיקאליזירונג פון דעם ארבעטער־קלאס אין ענגלאנד גופע, זעט זיין איינציקע רעטונג אינעם אראפוווארפן די פראלעטארישע דיקטאטור אין ראטנפארבאנד, וועמעס ביישפיל אנטוויקלט און הויבט אויף אלע רעוואלוציאנערע קויכעס אין דער וועלט. פון דאנען נעמט זיך דער אנפאל אף דער געביידע פון דער רוסישער האנדל־פארטרעטערשאפט אין לאנדאן, דער איבעררייס פון די דיפלאמאטישע באציונגען און די פארשארפטע באמיונגען צו דורכפירן א עקאנאמישן באיקאט פון דער פראלעטארישער מעלוכע, אנטוויקלען קאנטער־רעוואלוציאנערע אטענטאטן און מיליטעריש און דיפלאמאטיש צוגרייטן א געמיינזאמע אינטערווענץ פון די אימפעריאליסטישע מעלוכעס.

דירעקט נאכן אנפאל פון דער ענגלישער רעגירונג אף דער „ארקאס"־געביידע אין לאנדאן, וואס דאס איז געווען אזא אומפארשעמטע מילכאמע־פראוואקאציע, אז עס האט ארויסגערופן אפילע בא אסאך ליבעראלן און פאציפיסטישע עלעמענטן אן אומצופרידנקייט, האבן נאך די פירער פונעם גענעראל־ראט פון די פראפאריינען און פון דער אומאפהענגיקער לייבאר־פארטיי זיך געלאזן אף פראטעסט־דערקלערונגען, האגאם זיי האבן פונקט ווי די רעפארמיסטן פון אנדערע לענדער מיט אלע קרעפטן סאבאטירט די מאביליזירונג פון די מאסן קעגן דער מילכאמע־געפאר. אבער נאך דער דערמארדונג פונעם ראטנפארבאנדישן פולמעכטיקן פארשטייער אין פוילן, וואיקאוו, נאך עטלעכע פרוון צו דורכפירן באמבן־אטענטאטן אין מאסקווע און לענינגראד, נאכן אויפדעקן די קאנטער־רעוואלוציאנערע פארשווערונגען, וואס ענגלאנד האט ארגאניזירט און

ראַטנפאַרבאַנד, ווען די פּראָלעטאַרישע דיקטאַטור האָט זיך גענומען צו פאַרטיידיקונג־מיטלען און האָט דערשאָסן עטלעכע קאָנטר־רעוואָלוציאָנערן, האָבן די „לינקע" פריינט פון רוסלאַנד אין דער ענגלישער אַרבעטערבאַוועגונג, לענסבערי, מעקסטאָן און בראָקווי, אויפגעהויבן זייערע וואָרנדיקע שטימען, אַז די ראַטן־מאַכט זאָל ניט פאַרשפּילן מיט אַזעלכע טעראָריסטישע מאָסמיטלען די „פריינטלעכע באַציונג" פון דער ליבאָר־פּאַרטיי. די דאָזיקע העלדן זיינען גרייט צו גיסן טרערן פון מיטלייד סיי פאַר די קאָרבאָנעס פון ווייסן טעראָר, סיי פאַר די קאָרבאָנעס פון רויטן טעראָר. אָבער אינעם קאַמף אויף לעבן און טויט צווישן דער קאַפּיטאַליסטישער און סאָציאַליסטישער וועלט וועלן זיי קיינמאָל ניט פאַרנעמען קיין קלאָרע אויסגעשפּראָכענע פּאָזיציע אויף דער זייט פון דער פּראָלעטאַרישער מאַכט און ווען עס קומט צו אַנטשיידנדיקע מייסים שטעלן זיי זיך אָפּן אויף דער זייט פון דער בורזשואַזיע. דאָס צעגראַמירן די אינדישע אַרבעטער און פּויערים דורך די באַפולמעכטיקטע פון דער „אַרבעטער"־רעגירונג האָט ניט צעשטערט די פריינטשאַפט פון דידאָזיקע „לינקע" מיט מאַקדאָנאַלדן. אָבער דאָס דערשיסן 20 קאָנטר־רעוואָלוציאָנערע באַנדיטן דורך דער ראַטן־מאַכט האָט אונטערגעגראָבן זייער סימפּאַטיע, מיט וועלכער זיי האָבן זיך טויזנט מאָל באַרימט.

דער גענעראַלראַט פון די פּראָפאַריינען האָט זיך אָפּגעזאָגט צונויפצורופן אַ זיצונג פונעם ענגליש־רוסישן קאָמיטעט און האָט זיך באַגנוגנט מיט אַ פּראָטעסט־רעזאָלוציע קעגן דעם דערשיסן די קאָנטר־רעוואָלוציאָנערן. דאָס האָט געהייסן אויפרייסן דעם איינהייט־קאָמיטעט. אין דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּרעסע איז איבער דעם דערשיסן די ווייסגוואַרדייער פאַרגאָסן געוואָרן ניט אין אָן ערעך מער דרוק־פאַרב פון ליגנערישער הומאַניטעט, ווי פאַר די אויסגעהאַרגעטע טויזנטער אַרבעטער און פּויערים אין פאַרלויף פון דער כינעזישער רעוואָלוציע דורכן אימפּעריאַליזם און דורך דער קאָנטר־רעוו.

דעם צווייטן זייל פון די „לינקע" רעפאָרמיסטן בילדן די אויסטראָ־מאַרקסיסטן. זיי האָבן באַלד געהאַט אַ געלעגנהייט צו דערווייזן, אַז אין פּראַקטיק קעגן די קעמפנדיקע אַרבעטער קענען זיי זיך פאַרמעסטן מיט די שטרייקברעכער פונעם גענעראַלראַט. דעם 15 יולי 1927 האָט זיך אין ווין געבילדעט סטיכיש אַ מאַסן־דעמאָנסטראַציע קעגן דעם באַפרייונג אורטייל פון די פאַשיסטישע מערדער דורך דער קלאַסן־יוסטיץ. די מאַסע, וואָס איז דורך אַ פּאָליציישער פּראָוואָקאַציע געוואָרן ביז גאָר אויפגערייצט, איז אַריבער אין אַנגריף, האָט אונטערגעצונדן דעם ציטאַדעל פון דער עסטרייכישער קלאַסן־יוסטיץ און האָט געצוווּנגען די פּאָליציי צו אַנטלויפן. די פּאָליציי האָט געענטפערט מיט אַ בירגער־קריג קעגן דעם אומבאַוואָפנטן המון. מיט קוילנוואַרפער, פּאַנצער־אויטאָמאָבילן און אַלע דערגרייכונגען פון דעם מאָדערנעם „רעאַליסטישן פּאַציפיזם" זיינען מער ווי 80 מענער און פרויען דערהאַרגעט געוואָרן אויף די ווינער גאַסן. דער עסטרייכישער פּראָלעטאַריאַט האָט דערקלערט אַ גענעראַל־שטרייק און האָט שטורמיש געפאָדערט באַוואָפענונג, קעדיי זיך אָפּצורעכענען מיט די פאַשיסטישע היימווער און זייערע אַפּעטראָפּסים אין דער רעגירונג.

די עסטרייכישע „לינקע" סאָציאַל־דעמאָקראַטיע האָט מאָביליזירט איר מיליץ, דעם אַזוי גערופענעם „שוץ־בונד", ניט קעדיי צו פאַרטיידיקן די אַרבעטער קעגן דער פּאָליציי, נאָר קעדיי צו פאַרטיידיקן די פּאָליציי קעגן די אַרבעטער. אָטאָ באַוער האָט פאַרווענדעט זיין גאַנצע רעדנער־קראַפט קעדיי צו איבערצייגן די באַפולמעכטיקטע פון די אַרבעטער, אַז די פאַרזעצונג פונעם קאַמף וועט ברענגען הונגער־נויט, בירגער־קריג, אינטערווענץ, מיט איין וואָרט אַלע מעגלעכע שרעקן. און אַזוי ווי די קאָמוניסטישע פּאַרטיי אין עסטרייך איז געווען שוואַך צוליב דער לינקער דעמאַגאָגיע פון די אויסטראָ־מאַרקסיסטן און צוליב די שווערע קאַמף־באַדינגונגען אין אַ קליין לאַנד, וואָס איז אָפּהענגיק פון די אימפּעריאַליסטישע מעלוכעס, האָט זיך דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע איינגעגעבן איבערצורייסן דעם קאַמף און אָוועקפירן די אַרבעטער אָפן וועג פון קאַפּיטולאַציע פאַר דער רעגירונג פון זייערע פאַשיסטישע פריינט.

נאָך דער מאַפּאָלע פון דער אַרבעטערשאַפט, בעיס די פאַשיסטן ווערן פון טאָג צו טאָג כוצפּעדיקער, מאַכט די עסטרייכישע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי אַ שאַרפן קער אויף רעכטס, טרעט סיסטעמאַטיש אָפּ פאַר דער בורזשואַזיע און באַגייט קעסיידער די אָנבאָטן וועגן אַ קאָאַליציע־רעגירונג מיט די קריסטלעך־סאָציאַלע אַפּעטראָפּסים פון די פאַשיסטן.

* * *

דידאַזיקע קייט פון קאָלאָסאַלע קלאַסן־קאַמפן, דידאַזיקע אומגעהויערע פאַרשאַרפונג פון די אינטערנאַציאָנאַלע קעגנזאַצן כאַראַקטעריזירט די לאַגע, וועגן וועלכער עס האָבן זיך געדאַרפט אַרויסזאָגן דער קאָנגרעס פונעם סאָציאַל־פּאַטריאָטישן אינטערנאַציאָנאַל אין בריסעל און דער זעקסטער קאָנגרעס פונעם קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל אין מאָסקווע, וואָס זיינען פאָרגעקומען אומגעפער אין דערזעלבער צייט אין אויגוסט 1928 יאָר.

די צייט פון דער ערגסטער פאַראַרעמונג פון די אַרבעטער־מאַסן, וואָס איז געווען אַ רעזולטאַט פון דער קאַפּיטאַליסטישער ראַציאָנאַליזירונג, איז געווען צוגלייך די צייט פון דער ענגסטער דערנענטערונג פון די רעפאָרמיסטישע פּראָפאַריינישע אָרגאַניזאַציעס מיט די אונטערנעמער־אָרגאַניזאַציעס, פון דער צוזאַמענבאַהעפטונג פון דער רעפאָרמיסטישער ביוראָקראַטיע מיטן אַפּאַראַט פון דער קאַפּיטאַליסטישער מעלוכע. אין ענגלאַנד האָט דער גענעראַל־ראַט פון די פּראָפאַריינען אָנגעהויבן אונטערהאַנדלונגען מיטן קעניג פון דער כעמישער אינדוסטריע, מאָנד, וועגן שאָלעם אין דער אינדוסטריע. אין דייטשלאַנד האָט די סיסטעם פון מעלוכע־אַרביטראַזש געדינט דערצו, אַז די אונטערנעמער און די פירער פון די פּראָפאַריינען צוזאַמען מיט די פאָרשטייער פון דער קאַפּיטאַליסטישער מעלוכע, וואָס זיינען בערערעך קלאַל סאָציאַל־דעמאָקראַטן, מאַכן צונישט אַלע קאַמפן פון די אַרבעטער פאַר פאַרבעסערן די אַרבעט־באַדינגונגען.

דער פאַרשטאַרקטער קאָנטראָל פון דער מעלוכע איבער די אַרבעט־באַדינגונגען אין פאַרבינדונג מיט דער אַלגעמיינער טענדענץ צו מעלוכע־קאַפּיטאַליזם און צו פאַרוואַנדלען די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען אין הילף־אָרגאַנען פון דער קאַפּיטאַליסטישער מעלוכע, אין אויספיר־אָרגאַנען פון דער קאַפּיטאַליסטישער־

געזעלשאַפט, וועט געלויבט פון די טעאָרעטיקער פונעם רעפאָרמיזם אַלס „ווירטשאַפט־דעמאָקראַטיע“ און „סאָציאַליזם, וואָס ווערט פאַרווירקלעכט“.

הילפערדינג האָט אַנטוויקלט דידאָזיקע טעאָריע אויף דעם צוזאַמענפאָר פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי אין קיל אין 1927 יאָר. דער טעאָרעטיקער פון דעם אַלגעמיינעם פאַרבאַנד פון די דייטשישע פּראָפאַריינען, נאַפטאַלי, האָט דידאָזיקע טעאָריע באַגרינדעט אויף דעם ברעסלויער קאָנגרעס, און זי האָט געפונען איר אויסדרוק אין דער רעזאָלוציע פונעם ברעסלויער קאָנגרעס וועגן דער עקאָנאָמישער לאַגע. דער קאָנטראָל פון דער „דעמאָקראַטישער“ מלוכע איבער דער קאַפּיטאַליסטישער ווירטשאַפט און דאָס באַאיינפלוסן די מלוכע מצד די „אַרבעטער“, ד. ה. די צוזאַמענאַרבעט פון דער רעפאָרמיסטישער ביוראָקראַטיע מיט די אינסטאַנצן פון דער קאַפּיטאַליסטישער מלוכע ביז דעם אָנטייל אין דער רעגירונג, אין פאַרבינדונג מיט פאַרשיידענע ווירטשאַפט־פּאָליטישע איינריכטונגען פאַר געמיינזאַמער אַרבעט, — אָט דאָס זאָל זיין דער וועג, אויף וועלכן די געזעלשאַפט וועט פאַרווירקלעכן דעם קאָנטראָל איבער די אינדוסטריע־פּראָפיטן, אויף וועלכן עס וועט דורכגעפירט ווערן „ווירטשאַפט־דעמאָקראַטיע און סאָציאַליזם“. נאַפטאַלי האָט געטרוימט וועגן דעם אומגעהויערן לעבן־קייער פונעם קאַפּיטאַליזם און האָט אַנטדעקט אין אים „עלעמענטן פון סאָציאַליזם“ אין דער פאָרם פון דער אַרביטראַזש־אָרדענונג און אין דער ווירטשאַפטלעכער קאָמפּעטענץ פון דער פעלקער־ליגע.

אָטאָ באַוער האָט זיך דערלויבט ניט דרייסט צו פּאָלעמיזירן קעגן דער דאָזיקער טעאָריע פון „נעאָרעוויזיאָניזם“,

„וואָס רוקט אָפּ די דעראָבערונג פון דער פּאָליטישער מאַכט דורך דעם אַרבעטער־קלאַס אויף זייער ווייטע היסטאָרישע עפּאָכעס און וואָס האַלט, אַז אין דער איציקער היסטאָרישער עפּאָכע האָט דער אַרבעטער־קלאַס קיין אַנדער זאַך ניט וואָס צו טאָן ווי צו זוכן אַן אָנטייל אין דער פּאָליטישער מאַכט. פון דעם אומגעהויערן פאַקט פון דער אַנטוויקלונג פון די קאַפּיטאַליסטישע מאָנאָפּאָלן שעפּט דידאָזיקע טעאָריע די האָפענונג, אַז עס דערנענטערט זיך די שעה פון עקספּראָפּריאַציע פון די עקספּראָפּריאַטערס. נאָר פאַר אַ גאַנצער היסטאָרישער עפּאָכע באַנוגנט זי זיך מיט דער גאַנץ באַשיידענער אויפגאַבע פון קאָנטראָל איבער די קאַפּיטאַליסטישע מאָנאָפּאָלן דורך דער דעמאָקראַטישער מלוכע און פון מיטאַרבעט פון די פּראָפאַריינען מיט דידאָזיקע קאַפּיטאַליסטישע מאָנאָפּאָלן מיטן צוועק פון טעכנישער און סאָציאַלער אַנטוויקלונג פון דער אינדוסטריע“*). דידאָזיקע נעאָרעוויזיאָניסטישע טעאָריע אַנטשפּרעכט פּאַקטיש דער פּראַקטיק פון די רעפאָרמיסטן אין אַלע לענדער און געפינט דעריבער איר אויסדרוק אין די פּראַקטישע פאָדערונגען פון דער רעזאָלוציע וועגן דער „עקאָנאָמישער פּאָליטיק פונעם אַרבעטער־קלאַס“.

„דער אַרבעטער־קלאַס פון יעדער נאַציע דאַרף זיך אויסלערנען אויסצו־

*) אונטערגעשטראָכן פון מיר.—י. ל.

ניזן זיין פּאָליטישע, פּראָפּאַרייִנישע, קאָאָפּעראַטיווע מאַכט, קעדיי אָנוועקצושטעלן די קאַפּיטאַליסטישע מאָנאָפּאָלן אונטער דעם קאָנטראָל פון דער געזעלשאַפט און פון דער אָרגאַניזירטער אַרבעטערשאַפט, פאַרברייטערן און אַנטוויקלען די געזעלשאַפטלעכע ווירטשאַפט און די אַרבעטער־קאָאָפּעראַציע אויף חשבון פון דער פּריוואַטער ווירטשאַפט פון די קאַפּיטאַליסטישע מאָנאָפּאָלן קעדיי צו פאַרטיידיקן די אַרבעטער-מאַסן פון די שפּאַרן, וואָס האָט זיי מיצאַד די נייע פּראָדוציר־מעטאָדן, פאַנאַנדערוויקלען אַ סיסטעם פון געזעצגעבערישער אַרבעטער־שוץ און פונעם **אָנטייל פון די אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס באַם דורכפירן די ראַציאָנאַליזירונג.** דער אַרבעטער־קלאַס מוז ווייטער דערשלאָגן זיך די אויספירעמונג פון דער פאַרזיכערונג פון אַרבעטלאָזע, די רעגולירונג פון די אַרבעט־פאַרהעלטענישן דורך קאָלעקטיווע אָפּמאַכן און באַוואָרענען, אַז דער רעאַלער לוין זאָל שטייגן"*).

„קאָנטראָל איבער די מאָנאָפּאָלן" און „אָנטייל פון די אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס און דער קאַפּיטאַליסטישער ראַציאָנאַליזירונג"—דאָס זיינען שיינע ווערטער צו באַפּוצן די פּראַקטיק פון מיטאַרבעט פון די רעפאָרמיסטן מיט די טרעסט־מאַגנאַטן, דערביי ווערט די לוין־העכערונג, אַף וויפל דאָס איז אָפּהענגיק פון די פּאַרטנערן פון דער דאָזיקער מיטאַרבעט, מיט אַ זיכערן דערפאָלג אָפּגעהאַלטן.

אַזאַ פּאָנעם האָבן אויך די פאָדערונגען אויפן אינטערנאַציאָנאַלן געביט: אָפּשאַפן די סיסטעם פון הויכע צאָל־טאַריפן, אָפּשאַפן די עקספּאָרט־און אימפּאָרט־פאַרבאָטן „אין הסכם מיט דער טעטיקייט פון דער עקאָנאָמישער קאָמיסיע פון דער פעלקער־ליגע", פּאָליטיק פון אָפענע טירן אין אַלע קאָלאָניאַלע לענדער, „איינשליסן דעם ראַטנפאַרבאַנד אין דער וועלט־ווירטשאַפט, אַ קאָנטראָל איבער די אינטערנאַציאָנאַלע קאַרטעלן און טרעסטן דורך אַ אינטערנאַציאָנאַלן עקאָנאָמישן אַמט באַ דער מיטווירקונג פון די אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס.

דאָס איז אַ ווירטשאַפט־פּראָגראַם, וווּ עס איז קיין רייד ניטאָ וועגן עקספּראָפּרירן די עקספּראָפּריאַטאָרס, דאָס איז אַ פּראָגראַם, וואָס אונטערן לאָזונג:

„די נאַציע אויפן אָרט פון די קאַפּיטאַליסטישע מאָנאָפּאָלן, דער בונד פון די נאַציעס אויפן אָרט פון קאַפּיטאַליסטישע וועלט־קאָנצערנס!"

פּראָקלאַמירט אַ פּראָגראַם **פונעם אינטערנאַציאָנאַלן** מעלוכע־קאַפּיטאַליזם **מיטן געשעפטלעכן אָנטייל פון די רעפאָרמיסטן.** אויב **לענין** האָט אַרויסגעשטעלט די פאָרמולע: **ראַטן מאַכט** פּלוס **עלעקטריפיצירונג—איז סאָציאַליזם**, האָבן קעגן דעם די הילפערדינגס פון אַלע לענדער אַרויסגעשטעלט די פאָרמולע: מעלוכע־קאַפּיטאַליזם פּליוס **קאָאַליציע־פּאָליטיק — איז סאָציאַליזם.**

די אינטערנאַציאָנאַלע עקאָנאָמישע פאָדערונגען פון די רעפאָרמיסטן ווייזן די אינטערעסן־געמיינזאַמקייט פונעם רעפאָרמיסטישן „אינטערנאַציאָנאַל" מיטן

*) אונטערגעשטראָכן פון מיר.—ל.

וועלט־אימפּעריאַליזם קעגן די קאָלאָניאַלע שקלאַפן און קעגן דער פּראָלעטאַרישער מעלוכע. זייערע פאָדערונגען זיינען אַ ווידערקאָל פון יענע פאָדערונגען, וואָס די פאַרטרעטער פונעם וועלט־קאַפּיטאַל האָבן פאַרטיידיקט קעגן די פאַרטרעטער פון דער פּראָלעטאַרישער מעלוכע אין 1927 אויף דער צונויפגערופענער דורך דער פעלקער־ליגע אַלוועלטלעכער עקאָנאָמישער קאָנפערענץ. אויך די „עקספּערטן", וואָס פאַרטרעטן די קאַפּיטאַליסטישע מאָנאָפּאָלן טרעטן אַרויס פאַר אַראָפּזעצן די צאָל־טאַריפן, הייסט דאָס ניט, אַז די מאָנאָפּאָל־מאַגנאַטן אין די אימפּעריאַליסטישע לענדער ווילן זיך אָפּזאָגן פון דער פּאָליטיק פון הויכע צאָל־טאַריפן, עס באַטייט נאָר, אַז זיי ווילן אָנווענדן זייערע מאַכט־מיטלען קעדיי צו צווינגען די שוואַכערע לענדער, די קלענערע מעלוכעס און קוידעמקאָל די אָפּהענגיקע פון זיי האַלב־קאָלאָניאַלע און קאָלאָניאַלע לענדער אַראָפּזעצן זייערע צאָל־טאַריפן.

דערפון נעמט זיך די אונטערשטרייכונג פונעם לאָזונג — „אָפענע טירן אין די קאָלאָניעס". די פאָדערונג „ווידער איינשליסן דעם ראַטן־פאַרבאַנד אין דער וועלט־ווירטשאַפט" באַטייט גאָר ניט קיין פּראָטעסט קעגן דער אָרגאַניזירטער פונעם ענגלישן פינאַנץ־קאַפּיטאַל ווירטשאַפטלעכער בלאָקאַדע, נאָר אַן אונטערשטיצונג פאַר די שטרעבונגען פון די אימפּעריאַליסטן דורכצוברעכן דעם מאָנאָפּאָל פונעם אויסערלעכן האַנדל אין דער פּראָלעטאַרישער מעלוכע, קעדיי צו מאַכן מעגלעך פאַר די קאַפּיטאַליסטן דערשטיקן מיט דער הילף פון קאָנקורענץ די סאָציאַליסטישע ווירטשאַפט, וואָס אַנטוויקלט זיך.

די שוץ־טאַריפן שפּילן גאָר אַן אַנדער ראָלע, ווען זיי ווערן אויסגענוצט פון די אימפּעריאַליסטישע מעלוכעס אַלס אַנגריף־געווער אויפן וועלט־מאַרק, ווי ווען זיי ווערן אויסגענוצט דורך די אָפּגעשטאַנענע לענדער מיט אַן אינדוסטריע, וואָס אַנטוויקלט זיך אַלס געווער צו פאַרטיידיקן זיך קעגן דעם אַריינדרינגען פונעם אימפּעריאַליזם. דערדאָזיקער פאַר אַ מאַרקסיסט זעלבסטפאַרשטענדלעכער אונטערשייד עקזיסטירט אָבער ניט פאַר די טעאָרעטיקער פונעם „אָרגאַניזירטן קאַפּיטאַליזם".

בעס אָנעמען אַ רעזאָלוציע פאַרן ראַטיפיצירן דעם וואַשינגטאָנער אָפּמאַך וועגן אַכט־שעהיקן אַרבעטס־טאָג, וואָס ווערט געוויינלעך אָנגענומען אויף אַלע קאָנגרעסן, האָט זיך דער קאָנגרעס דערלויבט צו מאַכן אַ שפּאַס, באַגריסנדיק „דעם פּלאַן פון דער דייטשישער רעגירונג צו ראַטיפיצירן דעם וואַשינגטאָנער אָפּמאַך". דער באַריכט פונעם סעקרעטאַריאַט וועגן קאָנגרעס זאָגט אויך אָן, אַז „עס שטייט פאַר אין דייטשלאַנד אַ וויכטיקער דערפאָלג אינעם אינטערנאַציאָנאַלן קאַמף פאַר דעם אַכט־שעהיקן אַרבעטס־טאָג". די דאָזיקע פרומע האָפענונגען האָבן זיך באַזירט אויף דער רעגירונגס־דערקלערונג פונעם סאָציאַל־דעמאָקראַטישן רייכס־קאַנצלער הערמאַן מילער. מיט עטלעכע כאָדאָשים שפּעטער האָט דער סאָציאַל־דעמאָקראַט וויסעל, דער פאַרטרעטער פון הערמאַן מילערס רעגירונג אויף אַ קאָנפערענץ פון אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטס־אַמט געשטימט צוזאַמען מיט די פאַרטרעטער פון באַלדווינס קאָנסערוואַטיווער רעגי־

דונג שוין די שטימען פון אלע פראפאריינישע פארטרעטער פאר רעזאלוציע דעם וואשינגטאנער אפמאך.

אין העסקעם מיטן באשלוס פונעם מארסעלער קאנגרעס איז אפן בריסעלער קאנגרעס געשטאנען די קאלאניאלע פראגע ווי א באזונדער פונקט אין דער טאג־אָרדענונג. אין מארסעל האט דער בעלגישער „סאציאליסט" פיעראר דערקלערט, אז די שטוטגארטער רעזאלוציע קעגן דער קאלאניאלער פאליטיק קאן מען שוין מער ניט אנווענדן. און אין דער עמעסן, וואס זאלן טאן „סאציאליסטן" מיט א רעזאלוציע, וואס זאגט זיך ארויס פרינציפיעל קעגן קאלאניאלער פאליטיק, „סאציאליסטן" וואס דארפן פירן די פראקטישע פאליטיק אלס גובערנאטארס און מיניסטערס פון שקלאפן־הענדלערישע לענדער, ווי מאקדאנאלד, אליוויע, וואנדערוועלדע און ווארען, וואס איז אלס סאציאל־דעמאקראט געווארן א גובערנאטער פון אינדא־כינע*).

דער כאראקטער פון דעמדאזיקן אינטערנאציאנאל אלס שטוב־דינער פון דער אימפעריאליסטישער בורזשואזיע פון איראפע און אמעריקע האט זיך באזונדערס העל ארויסגעוויזן אין דער דיסקוסיע איבער די קאלאניאלע פראגן — קיין איין איינציקער פארטרעטער פון רעוואלוציאנערן פראלעטאריאט פון כינע, אינדיע און פון אנדערע קאלאניאלע לענדער האט זיך ניט באטייליקט אין דער דיסקוסיע. די קאלאסאלע רעוואלוציאנערע מאסן־באוועגונג, וואס האט שוין פארייניקט אכאך טויזנטער ארבעטער און ארבעטערנס אין רעוואלוציאנערע קלאסן־ארגאניזאציעס, וואס אין איר האסטיקער אנטוויקלונג וועט זי ארומנעמען הונדערטער טויזנטער און מיליאנען, שטייט אין קעגנזאץ צו די סאציאל־אימפעריאליסטישע פירער, וואס זיינען באקאנט די קלאסן־באוווסטזיניקע ארבעטער פון די קאלאניעס אלס שילוכים פונעם קאפיטאליזם. עטלעכע עקזעמפליארן פארקויפטע פאראד־סאציאליסטן, הינטער וועלכע עס שטייט ניט אפילו קיין שאטן פון א פראלעטארישער ארגאניזאציע אין די קאלאניאלע לענדער האבן אויסגעדריקט זייער האנק דערפאר, וואס זיי האבן דעם קאוועד צו פירן פאר דער דאזיקער געהויבענער פארזאמלונג און האבן אויסגעדריקט זייער לאיאלקייט פאר סאציאל־פאטריאטישן אינטערנאציאנאל מיט אומזיניקע זידלערייען אפן אדרעס פונעם קאמוניזם. איינצלנע פארטרעטער פונעם קאלאניאלן פראלעטאריאט, וואס מע האט דערלויבט צוהערן זיך צו דער דיסקוסיע אלס געסט פון דער גאלעריע, האבן אין בייזע צווישן־רופן אויסגעדריקט זייער פראטעסט קעגן דעם געבעכדיקן שווינדל מיט אזא פארטרעטונג פון די קאלאניאלע פעלקער.

אפן פלענום פון קאנגרעס איז וועגן דער קאלאניאל־פראגע אלס איינציקער פארטרעטער פון א וויכטיקער קאלאניאלער מעלוכע ארויסגעטראטן דער געוועזענער גובערנאטער פון מאדאגאסקאר, סידניי אליוויע, ער האט גערעדט ניט וועגן דער ראליע פונעם סאציאליזם ווי וועגן א באפרייער פון די קאלאניאלע פעלקער, נאר וועגן דער ראליע פונעם בריטישן אימפעריאליזם, וואס זוליב

*) די פראלעטארישע אפאזיציע אין דער פראנצויזישער סאציאליסטישער פארטיי האט ארויסגעפירט, אז מע זאל דעמדאזיקן קאריעריסט אויסשליסן. דאך רעדט מען איצט (1929) וועגן אים צוריק אריינעמען אין דער פארטיי. דאס האלט שטארק אונטער דער צ״ק.

זיינע ליבעראַלע און פּראָטעסטאַנטישע טראַדיציעס דולדעט ער ניט די שקלאַ־פעריי. דער מענטש האָט, עמעס, דערביי געהאַלטן פאַר נויטיק צו פאַרטיידיקן זיינע לאַנדסלייט קעגן פאָרוווּרף אין צוויעס.

די רעוואָלוציע, וואָס איז איינשטימיק אָנגענומען געוואָרן, אַנטהאַלט די אַלטע טעאָריע פון די שקלאַפּן־הענדלער, וואָס וואַן קאָל האָט שוין אַנטוויקלט אין 1907 יאָר, די טעאָריע, אַז די אָפּגעשטאַנענע פעלקער זיינען נאָך ניט רייף פאַר פרייהייט און זייערע אונטערדריקער מוזן זיי דערציען צו פרייהייט. נאָר פאַר קאָלאָניעס מיט „אַ פאָרגעשריטענער באַפעלקערונג" פאָדערט דער סאָציאַ־ליסטישער אַרבעטער־אינטערנאַציאָנאַל „יענע מאָס פון זעלבסטפאַרוואַלטונג אָדער יענע פאַרוואַלטונגס־פאָרם, וואָס עס פאַרלאַנגט די אָרטגעבוירטיקע באַפעל־קערונג פון דיזאַזיקע געביטן". צי די באַפעלקערונג איז שוין גענוג פאָרגעשריטן און וואָס פאַר אַ זעלבסטפאַרוואַלטונג פאַרלאַנגט די אָרטגעבוירטיקע באַפעלקע־רונג, דאָס, פאַרשטייט זיך, דאַרפן באַשטימען די אימפּעריאַליסטישע שקלאַפּן־הענדלער. אַז דאָס איז דער פּראַקטישער זין פון דערדאָזיקער פאָרמולע האָט באַוויזן די ליבער־פּאַרטיי מיט איר אָנטייל אין דער סיימאָן־קאָמיסיע, וואָס די קאָנסערוואַטיווע רעגירונג האָט געבילדעט אויף אויסצופאָרשן די לאַגע אין אינדיע.

אָבער לויט די פּרינציפּן פונעם סאָציאַליסטישן אַרבעטער־אינטערנאַציאָנאַל פּאַסט נאָר ניט די זעלבסטפאַרוואַלטונג פאַר יענע קאָלאָניעס, וווּ די באַפעל־קערונג האָט נאָך ניט דערגרייכט יענע הייך פון דער ציוויליזאַציע, ווי דאָס פאָדערן די קאַפּיטאַליסטישע מענטשן־שאַכטער און זייערע סאָציאַליסטישע לאַ־קייען. לויט דער מיינונג פון אַט דער רעזאָלוציע וועט דאָרטן די טייקעפּדיקע באַזייטיקונג פון דער פרעמדער הערשאַפט

„ברענגען ניט דעם פּראָגרעס צו אַ נאַציאָנאַלער קולטור, נאָר צום אויפ־שטעלן די פּרימיטיווע באַרבאַריי, ניט די אַנטוויקלונג פון אַ נאַציאָנאַלער דעמאָקראַטיע, נאָר די פאַרקנעכטונג פון די פאָלק־מאַסן דורך אַ מינדער־הייט פון ווייסע קאָלאָניסטן אָדער אָרטגעבוירטיקע דעספּאָטן, אָדער דעם אָנהויב פון אַ נייער עפּאָכע קאַפּיטאַליסטישע רויב־עקספּעדיציעס און קאָ־לאָניאַלע מילכאָמעס".

דיזאַזיקע רעקאָמענדירונג פון קאָלאָניאַלער שקלאַפעריי פאַר די אָפּ־געשטאַנענע פעלקער שטערט ניט די פאַרפאַסער פון דער רעזאָלוציע צו פאַר־זיכערן: „דער סאָציאַליזם וואַרפט אָפּ פּרינציפּיעל די פּאָליטישע באַהערשונג פון די קאָלאָניאַלע פעלקער". דער זין פון דעמדאָזיקן זאַץ איז פּאַשעט אַזאַ, אָדער די פּרינציפּן פון דעם סאָציאַליסטישן אַרבעטער־אינטערנאַציאָנאַל האָבן קיין שום שייכעס ניט צום סאָציאַליזם, אָדער עס גילט דאָ די ביסמאַרקישע טעאָריע: „אויב די דיפּלאָמאַטן אָנערקענען עפּעס „פּרינציפּיעל", וואַרפן זיי דאָס אָפּ אין דער פּראַקטיק".

פאַר די אָפּגעשטאַנענע פעלקער, וואָס מע טאָר נאָך ניט באַפרייען פון דער „דערציונג" פון די קאַפּיטאַליסטישע עקספּלואַטאַטאָרס, פאָדערט די רעזאָלו־ציע „אַ ווירקלעכן שוץ קעגן אונטערדריקונג און עקספּלואַטאַציע". דאָס איז

אומגעפער אזוי ווי מע וואלט פאר א צוגעשמידטן קאטארזשניק געפאדערט פרייהייט, אבער מיטן באדינג ער זאל בלייבן צוגעשמידט. קאנקרעט זעט אויס די דאזיקע שוין, צום ביישפיל, אזוי, אז אנשטאט די פארשיידענע פארמען פון „צוואנג־ארבעט”, ווי מע רופט די פאקטיש נאך עקזיסטירנדיקע שקלאפעריי קעגן זי צו פארשענערן, זאלן איינגעפירט ווערן ארבעט־קאנטראקטן, לויטן מוסטער פון די קאנטראקטן, וואס די רעגירונגען דארפן אויסארבעטן און פאר־עפנטלעכן, דידאזיקע קאנטראקטן דארפן שליסן די ארטיקע אדמיניסטראטיווע ארגאנען און די ארבעטער זאלן דערביי געבן „אינגאנצן פריי” זייער הסכמה. הייסט דאס, אז די רעגירונגען, וואס קומען צו הילף דעם קאפיטאליזם מיט פאנצער־אווטאמאבילן, קוילנוואַרפער, אערא־פלאנען ווען די ארבעטער־שקלאפן שטייען אויף קעגן דער ניט מענטשלעכער עקספלואטאציע, זיי זאלן עס ווערן די באשיצער פון זייערע קארבאנעס!

עס איז דעריבער קיין בידעש ניט, אז דער אינטערנאציאנאל פון סאלידארי־טעט מיט די שקלאפן־האלטער, האט פארבאטן אירע מיטגלידער צו באטייליקן זיך אין דער ליגע קעגן דער קאלאניאלער אונטערדריקונג, וואס איז געגרינ־דעט געווארן אין יאר 1927, ווייל אין דערדאזיקער ליגע זיינען די קאלאניאלע פעלקער ווירקלעך פארטראטן און פון אירע מיטגלידער ווערט געפאדערט פראק־טישע סאלידאריטעט מיט די פרייהייט־קעמפער אין די קאלאניעס.

די קעגנזאצן צווישן די פארטרעטער פון די פארשיידענע אימפעריאליסטישע אינטערעסן האבן זיך ארויסגעוויזן אין דעם שטרייט ארום דער באפרייונג פונעם ריין־לאנד.

אומזיסט זוכט מען אינעם מאניפעסט, וואס דער קאנגרעס אין בריסעל האט אנגענומען כאטש איין איינציקן ווארט וועגן אט דער פראגע. קעגן דעם פאר־שלאג פון טאני זענדער, וואס האט פארגעלייגט ארויסשטעלן א זאץ וועגן דער „טייקעפדיקער און באדינגונגלאזער באפרייונג”, האבן די פראנצויזישע סאציאל־פאטריאטן, אין דער פאליטישער קאמיסיע דורכגעפירט, אז דידאזיקע פיינלעכע פראגע זאל בכלל ניט דערמאנט ווערן אין די באשלוסן פונעם קאנגרעס. אף דעם אופן האט מען פארשפארט פונקארעס פארטרעטער אין דער פעלקער־ליגע פאל באנקור צו קומען אין א קאנפליקט מיט זיין אינטערנאציאנאל.

אלס פלאסטער אף די ווונדן פון די דייטשישע סאציאל־פאטריאטן האט מען באשלאסן, אז פאל פאר זאל אפן פלענום אפגעבן א דערקלערונג וועגן דער בא־פרייונג פונעם ריין־לאנד. דידאזיקע דערקלערונג איז א מייסטער־שטיק פון דיפלאמאטישע צוויעם.

פאר ציטירט א באשלוס פונעם גענעראלראט פון דער פראנצויזישער סאָ־ציאליסטישער פארטיי, ווו עס רעדט זיך וועגן באדינגונגלאז באפרייען דעם ריין־לאנד, וואס איז געפאדערט געווארן אין דער וואל־פראגראם פון דער סאָ־ציאליסטישער פארטיי. דאן ציטירט ער דידאזיקע וואל־פראגראם, ווו עס ווערט געזאגט:

„...מיר פאדערן דעריבער, ווי מיר האבן דאס שטענדיק געפאדערט, טייקעף צו באפרייען...

די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען האָבן שטענדיק אָנערקענט, אַז באַפרייען דאָס רײַן־לאַנד איז פּראַקטיש פאַרבונדן מיט אַ באַפרידיקנדיקער לייזונג פון די פראַגן וועגן אַנטוואָפענונג און זיכערקייט. מע דאַרף האָפן, אַז די פראַנצויזישע עפנטלעכע מיינונג, וואָס אַ גרויסער טייל פון איר האַלט נאָך אַלץ די מיליטערישע אָקופּאַציע פאַר דער בעסטער גאַראַנטיע פון זיכערקייט, וועט אָן אומרויקייט און הינטערגעדאַנקען אַקצעפּטירן די באַפרייונג, אויב די דאָזיקע איליוזאָרישע גאַראַנטיע וואָלט פאַרביטן געוואָרן מיטן באַשטימען אַ אינטערנאַציאָנאַלן קאָנטראָל, וואָלט דאָס געגעבן אַ ווירקלעכע באַפרידיקונג"*).

די „באַדינגונגלאָזע באַפרייונג" ווערט דאָ פאַרבונדן מיט די אַלע באַדינגונגען, וואָס פּואַנקאַרע און בריאַן האָבן געפאָדערט: זיכערקייט און אינטערנאַציאָנאַלער קאָנטראָל איבערן רײַן־לאַנד.

צו דײַטשלאַנדס אַנטוואָפענונג, וואָס ווערט דאָ אַרויסגעשטעלט ווי אַ באַזונדערע פאָדערונג פון די „סאָציאַליסטישע" אַגענטן פונעם באַוואָפנטן פון קאָפּ ביז די פיס פראַנצויזישן אימפּעריאַליזם, ווערט צוגעגעבן, אַז דאָס דאַרף זײַן נאָר אַ פאָרשפּיל צו דער אַלגעמיינער אַנטוואָפענונג.

די באַהאַנדלונג פון דערדאָזיקער פראַגע אַף דעם קאָנגרעס באַשטעטיקט נאָך אַמאָל, אַז די טאָן־געבער אין דערדאָזיקער געזעלשאַפט זײַנען בעשום אופן ניט קיין נאַיִווע טרוימער, וואָס כאָלעמען וועגן אַנטוואָפענונג אין דער אימפּעריאַליסטישער וועלט, נאָר באַוווּסטזיניקע אָנהענגער פון אימפּעריאַליסטישע באַוואָפענונגען, וואָס פאַר זיי איז די אַנטוואָפענונג־פראַזעאָלאָגיע נאָר אַ באַקוועמער מיטל אַף אָפּצונאַרן די מאַסן.

אַף דער אַנטוואָפענונג־קאָנפערענץ פון דער פעלקער־ליגע, וואָס איז פאָרגעקומען פאַר דעם בריסעלער קאָנגרעס, האָט ליטווינאָוו לויטן אויפטראָג פון דער ראַטן־רעגירונג אַרײַנגעטראָגן אַ פאָרשלאָג וועגן פולקומער אַנטוואָפענונג. ניט באַהאַלטנדיק זייער איבערראַשונג, אַז די קאַפּיטאַליסטן פון אַלע לענדער האָבן ניט און קאָנען ניט האָבן דעם ווילן זיך ווירקלעך צו אַנטוואָפענען, האָבן די פאָרטרעטער פון דער פּראָלעטאַרישער מעלוכע געצוווּנגען מיט דעמדאָזיקן שריט די פאָרטרעטער פון די אימפּעריאַליסטישע מעלוכעס זיך אָפּצוזאָגן פונעם אַנטוואָפענונג־שווינדל. דער „סאָציאַליסט" באָנקור האָט אַף דערדאָזיקער קאָנפערענץ איבערגענומען די טרויעריקע ראָליע אויסצוזוכן אַרגומענטן פאַר זײַנע אימפּעריאַליסטישע באַלעבאַטים צו אָפּצוואַרפן די ווירקלעכע אַנטוואָפענונג.

בײַ דערדאָזיקער לאַגע איז געווען זייער אומבאַקוועם פאַר דעם סאָציאַליסטישן קאָנגרעס, וואָס די פאַציפיסטן פון דער ענגלישער אומאָפּהענגיקער ליבאָר־פּאַרטיי האָבן אין דער אַנטוואָפענונג־קאָמיסיע אַרײַנגעטראָגן אַ רעזאָלוציע, וואָס באַגריסט די ראַטן־רעגירונג מיט איר פאָרשלאָג וועגן פולקומער אַנטוואָפענונג, און וואָס פאָדערט צו אָרגאַניזירן אַן אַלגעמיינעם שטרייק אין

*) אונטערגעשטראָכן פון מיר.—י. ל.

דער מיליטערישער אינדוסטריע אין פאַל פון א מילכאָמע און אָפּוואַרפן אַלע קרעדיטן אַף באַוואָפענונגען. דערהאַזיקער פאַרשלאָג האָט באַגעגנט א פאַרביטערטן ווידערשטאַנד פון די דייטשישע, פראַנצויזישע, עסטרייכישע, פוילישע און טשעכישע סאָציאַל־פּאַטריאָטן. נאָר דער שווייצאַרישער לינקער סאָציאַל־דעמאָקראַט ריינהאַרד האָט אונטערגעהאַלטן די ענגלענדער. אַלע פאַרשלאָגן פון דער אומאָפּהענגיקער לייבאָר־פּאַרטיי זיינען אָפּגעוואָרפן געוואָרן, וואָס האָט דאָך ניט געשטערט די „לינקע" העלדן צו שטימען פאַר דער רעזאָליוציע אַלס צייכן פון „איינהייט" און אויסדריקן זייער באַפרידיקונג דערמיט, וואָס ווייניקסטנס עטלעכע ראַדיקאַלע אויסדרוקן זיינען אַריינגעשטעלט געוואָרן אינעם פּראָיעקט פון דער רעזאָליוציע.

אזוי איז געשאַפן געוואָרן די אַנטוואָפענונג־רעזאָליוציע, וואָס שטעלט מיט זיך פאַר אַן אומפאַרשעמטע אָנערקענונג פון די אימפּעריאַליסטישע באַוואָפענונגען. די רעזאָליוציע פּראָקלאַמירט דעם ציל פון פולשטענדיקער אַנטוואָפענונג, אָבער אַלס מיטל דערצו האָט זי קיין אַנדער זאַך ניט צו רעקאָמענדירן ווי „מעגלעך שטאַרקסטן דרוק" אַף די קאַפּיטאַליסטישע רעגירונגען, די אויסנוצונג פון די „טענדענצן, וואָס ווייזן זיך אין די הערשנדיקע קלאַסן גופא צו דורכפירן אַן אינטערנאַציאָנאַלן אָפּמאַך וועגן אַנטוואָפענונג". וועגן רעוואָלוציאָנערע קאַמף־מיטלען רעדט זיך נאָר אין איין אָרט. זיי זאָלן אָנגעווענדעט ווערן קעגן יעדער רעגירונג, וואָס „וואַרפט אָפּ אין פאַל פון א אינטערנאַציאָנאַלן קאָנפליקט אונטערצוּוואַרפן זיך אַן אַרביטראַזש־באַשלוס און הייבט אָן א מילכאָמע"*). די ראַדיקאַלע יורידישע דעפיניציע פונעם אָנגרייפער האָבן די „סאָציאַליסטישע" טעאָרעטיקער אַנטליִען פונעם זשענעווער פּראָטאָקאָל, די „רעוואָלוציאָנערע" דראָונג איז באַשיינפּערלעך געווענדעט קעגן דער ראַטן־רעגירונג, וואָס ווי א פּראָלעטאַרישע רעגירונג קאָן זי זיך ניט אונטערוואַרפן דעם אַרביטראַזש־באַשלוס פון אירע האַמסאָנים, פון די קאַפּיטאַליסטן.

די פאַרשטאַרקטע פּאָזיציע פונעם דייטשישן אימפּעריאַליזם האָט זיך אַרויסגעוויזן אין דעם, וואָס מע האָט געמוזט מאַכן א האַנאָכע זיינע „סאָציאַליסטישע" אַגענטן און אַריינעמען א ספּעציפישע פאָדערונג פונעם דייטשישן אימפּעריאַליזם: „...פאַר אַלע נאַציעס די גלייכע פרייהייט איינצושטעלן זייערע מיליטער־סיסטעמען". די פאָדערונג פון די דייטשישע אימפּעריאַליסטן, וואָס קעמפן קעגן די אַנטוואָפענונג־באַשטימונגען פונעם ווערסאַלער טראַקטאַט, צו האָבן דאָס רעכט פונקט אזוי זיך באַוואָפענען ווי זייערע אימפּעריאַליסטישע קאָנקורענטן, ווערט דאָ דערהויבן צו א „סאָציאַליסטישער" פאָדערונג. די פרייהייט צו אויסוויילן די מיליטער־סיסטעם ווערט אָבער באַגרענעצט מיט פאָלגנדיקער באַוואָרעניש:

„אויב אַלע נאַציעס וועט געגעבן ווערן די פרייהייט צו אויסוויילן די מיליטער־סיסטעם, ווענדעט פון דער צווייטער זייט דער סאָציאַליסטישער אַרבעטער־אינטערנאַציאָנאַל די אויפמערקזאַמקייט אַף דער געפאַר, וואָס עס

*) פון מיר אונטערגעשטראָכן.—י. ל.

שטעלט מיט זיך פאַר אַ נייער טיפּ פון אַ מיליטער־אָרגאַניזאַציע, וואָס פאַר־
בינדט אַ שטאַרקן קערן פון פּראָפעסיאָנעלע סאָלדאַטן מיט דער מעגלעכקייט
שנעל צו מאָביליזירן גרויסע מאַסן פאַר אַן אָנגריף־אַקציע, אַזוי אַז דידאָ־
זיקע סיסטעם פאַראייניקט די מעלות פון דער מיליץ־סיסטעם מיט די מעלות
פון אַ פּראָפעסיאָנעלער אַרמיי".

מע קאָן מיינען, אַז דאָ רעדט זיך וועגן דעם באַרימטן פראַנצויזישן געזעץ
וועגן לאַנד־שוץ, וואָס זעט פאָר אַ שטאַרקע שטענדיקע אַרמיי און פאַרפליכטעט
צוגלייך די גאַנצע ציווילע באַפעלקערונג צו באַטייליקן זיך אין דער מילכאָמע.
אָבער די הערן סאָציאַל־פּאַטריאָטן האָבן גאָר ניט באַדאַרפט גיין צו פראַנצי־
טוילן דאָסדאָזיקע ווערק פון זייער כּאַוועד באָנקור. זיי געפינען עס פאַר רייכ־
טיק און אָרנטלעך, וואָס דערדאָזיקער געזעץ אין זיין אַרטיקל 11 זעט פאָר „די
פליכט פון אַלע פּראָפפאַריינען" צו העלפן אין פאַל פון אַ מילכאָמע באַדינען די
באַדערפעניש פון דער באַוואָפנטער מאַכט. דאָס שטימט אינגאַנצן מיט דער
פּראַקטיק פון די רעפאָרמיסטישע פּראָפאַריינישע פירער אין 1914—1918 יאָרן.
אַף דעמדאָזיקן וועג האָבן זיי דערמלט געטאָן זייער „מילכאָמע־דינסט", פאַרמאַ־
טערנדיק די רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער און דידאָזיקע אופגאַבן האָבן זיי אין
זינען אויך היינט אונטערן שילד פון „ווירטשאַפט־דעמאָקראַטיע" אין דער קו־
מענדיקער מילכאָמע*).

וועגן וועלכער אַרמיי רעדט יענע באַוואָרעניש דערציילט אונדז דער מענשע־
וויק פּעטער גאַרווי אין זיין אַנטי־באָלשעוויסטישער העצ־ווערק „דער רויטער
מיליטאַריזם"*).

ער ציטירט דעם אויבןגעבראַכטן טייל פון דער בריסעלער רעזאָלוציע און
גיט צו:

„פון סאָציאַליסטישן פּראָלעטאַרישן שטאַנדפּונקט פאַראייניקט אַף דעם
אופן די באָלשעוויסטישע מיליטער־סיסטעם די פעלערן פון אַלע מילי־
טער־סיסטעמען. דעריבער פאַראייניקט זי פון ריין מיליטערישן שטאַנד־
פּונקט געקוקט די מעלעס פון אַלע מיליטער־סיסטעמען".

דאָס באַגיטיקן אַלע אימפּעריאַליסטישע מיליטער־סיסטעמען און די פאַרור־
טיילונג פון דער פּראָלעטאַרישער מיליטערישער סיסטעם, וואָס דינט אַף צו
פאַרטיידיקן די פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע, דאָס איז דער פּאָליטישער זין פון
דער באַרימטער רעזאָלוציע וועגן אַנטוואָפענונג.

*) אין דעם בוך, וואָס נאַפטאַלי האָט אַרויסגעגעבן לויטן אויפטראַג פון דעם אַלגעמיינעם
דייטשישן פאַרבאַנד פון די פּראָפפאַריינען (ADGB) אין 1928 יאָר „ווירטשאַפטלעכע דעמאָ־
קראַטיע, איר טאָך, וועג און ציל" ווערט דער דייטשישער געזעץ וועגן הילף־דינסט בעת אַ
מילכאָמע אָפּגעשאַצט אַלס אויסגאַנג־פּונקט פון דער ווירטשאַפטלעך־דעמאָקראַטישער אַנט־
וויקלונג.

**) אַרויסגעגעבן אין דיטץ־פאַרלאַג (בערלין) אין 1928 יאָר. דאָזדאָזיקע ווערק ווערט רע־
קאָמענדירט פון דער דייטשישער ס.־ד. פּאַרטיי אַף צו ווערבירן פּאַרטיי־מיטגלידער. אָפענער
קאָן מען ניט מודה זיין, אַז די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי פירט די ווערבירונג פון אירע
מיטגלידער אונטערן שטאַנדפּונקט פון ווערבירן פריווויליקע אַף דער מילכאָמע קעגן
דעם ראַטנפאַרבאַנד.

די פּראַקטישע פאָדערונגען וועגן „דעמאָקראַטיזירן די אַרמייען", וועגן פּאַרלאַמענטאַרישן קאָנטראָל איבער די באַוואָפענונגען דאָס איז נאָר אַ פּאַציפיסטישער שווינדל, וואָס האָט ניט קיין שום פּראַקטישע באַדייטונג. אַזוי ווערט צום ביישפּיל געפאָדערט אַ מעלוכישער קאָנטראָל איבער דער כעמישער אינדוסטריע אַלס איבער אַ מילכאָמע־אינדוסטריע. דאָס וועט נאָר באַדייטן, אַז די געהיימע מעלוכישע אונטערשטיצונג פאַר דער מילכאָמע־אינדוסטריע וועט פאַרוואַנדלט ווערן אין אַן אָפענער אַף ווי ווייט די פּראַקטישע פאָדערונגען פון דער דאָזיקער רעזאָלוציע ווענדן זיך קעגן די אינטערעסן פונעם מיליטאַריזם, שפּילן זיי קיין שום ראָליע ניט אין דער פּראַקטיק פון די „סאָציאַליסטישע" פּאַרטייען. פאַר אַ ביישפּיל קאָנען מיר נעמען דעם פאַרבאָט פון די פאַשיסטישע מיליטערישע אָרגאַניזאַציעס, וואָס די רעזאָלוציע פאָדערט. דאָרטן, ווו עס רעגירן סאָציאַל־דעמאָקראַטישע מיניסטאָרן, ווי אין דייטשלאַנד, ווערט ניט פאַרבאָטן קיין איין פאַשיסטישע אָרגאַניזאַציע. דערפאַר איז אָבער פאַרבאָטן געוואָרן אין 1929 יאָר אין מיי דער רויטער פראָנט־קעמפער־בונד, די איינציקע אַנטימיליטאַריסטישע, אַנטיפאַשיסטישע, אַנטיאימפּעריאַליסטישע שוץ־אָרגאַניזאַציע.

די בעסטע אילוסטראַציע פאַר דעם אַנטוואָפענונג־שווינדל איז אָבער דער פאַקט, אַז אין דערזעלבער צייט, ווען אין בריסל האָבן זיך געלאָזט הערן די רעדעס וועגן אַנטוואָפענונג, האָבן די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע מיניסטאָרן פון דער דייטשישער קאָאַליציע־רעגירונג געשטימט פאַר בויען אַ ניי־סעריע פון פאַנצער־שיפן און האָבן דערמיט אָנגעהויבן אַ נייע עפּאָכע פון דייטשלאַנדס יאַם־באַוואָפענונגען.

קעגן וועמען זיינען געווענדעט די דייטשישע ווי אויך די אינטערנאַציאָנאַלע מיליטערישע באַוואָפענונגען אין דער ערשטער ליניע, איז גאָר ניט שווער אַרויסצונעמען פונעם מאַניפעסט פון דעם קאָנגרעס וועגן דער אינטערנאַציאָנאַלער לאַגע. דער דאָזיקער מאַניפעסט באַצייכנט אַלע דיקטאַטורן גלייך ווי די געפאַר פאַר דעם וועלט־שאָלעם. דער באָלשעוויזם ווערט אָנגעקלאָגט, אַז ער באַגינסטיקט די פּאָליטישע רעאַקציע און לערנט די אַרבעטער צו האָפן אַף נייע מילכאָמעס אַלס מיטל פון באַפרייונג. דעריבער זאָלן די רוסישע אַרבעטער באַזייטיקן די דיקטאַטור פונעם פּראָלעטאַריאַט און צוריק אַפּשטעלן די דעמאָקראַטיע.

אין דער קאָמיסיע האָבן די פאַרטרעטער פון דער ענגלישער אומאָפּהענגיקער לייבאָר־פּאַרטיי זיך אַרויסגעזאָגט קעגן דעם מאַניפעסט, באַמערקנדיק, אַז אין דעם פּראָיעקט פאַרנעמט דער קאַמף קעגן באָלשעוויזם דריטהאַלבן מאָל אַזוי פיל פּלאַץ ווי דער קאַמף קעגן פאַשיזם. אָפן פּלענום האָט אָטאָ באַוער איבערגענומען די אויפגאַבע, צו באַווייזן די ענגלישע אומאָפּהענגיקע צו ענדערן זייער שטאַנדפּונקט, באַרופנדיק זיך אַף דעם באַליבטן דעמאַגאָגישן לאָזונג וועגן איינהייט, דעריבער האָט אים געהאָלפן דער געוועזענער לינקער לענסבערי.

דערויף האָבן די פאַרטרעטער פון דער אומאָפּהענגיקער לייבאָר־פּאַרטיי, מאַכנדיק געוויסע אויסריידן קעגן דער אַנטיבאָלשעוויסטישער העצע, דערקלערט זייער הסכּמה צום מאַניפעסט, ווייל ער באַטייט אַ פאָרשריט קעגן דעם מאַ־

ביפעסט פון מאָרסעל. האַנדלענדיק אין אַזאַ באַוערס גייסט וואָלט מען נעג־טער געקומען צו אַ פֿאַרייניקונג מיט די רוסישע מאַווירים.

אַזוי האָט זיך דער בריסעלער קאָנגרעס געשלאָסן אין גייסט פון „אייגהייט”, דער אייגהייט פון די רעפאָרמיסטן פון אַלע שאַטירונגען, און קאַמף קעגן דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע און קעגן דער פּראָלעטאַרישער מעלוכע*).

## 4. פון סאָציאַל־אימפּעריאַליזם צום סאָציאַל־פֿאַשיזם — דער וועג פונעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל

## דורכן וועלט־פאַרבאַנד פון די ראַטן־רעפּובליקן צום וועלט־קאָמוניזם — דאָס איז דער וועג פונעם דריטן אינטערנאַציאָנאַל

אין דערהעלבער צייט, ווען די דיפּלאָמאַטן פונעם סאָציאַל־אימפּעריאַליזם האָבן אין בריסעל אויסגעטראַכט סאָציאַליסטישע פֿראַזן אַף צו פֿאַרדעקן זייער אימפּעריאַליסטישע פּאָליטיק, איז אין מאָסקווע פֿאָרגעקומען דער זעקסטער קאָנגרעס פונעם קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל, וואָס האָט געהאַט צו באַשטימען די פּראָגראַם און די טאַקטיק פונעם רעוואָלוציאָנערן פּראָלעטאַריאַט אין דער איצטיקער עפּאָכע.

דער־דאָזיקער קאָנגרעס האָט אַ היסטאָרישע באַדייטונג דורך דעם, וואָס זינט דעם אַדרעס פון דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער־אַסאָציאַציע, וואָס קאַרל מאַרקס האָט אים פֿאַרפֿאַסט, און וואָס שטעלט מיט זיך פֿאַר דעם גרינדונג־דאָקומענט פונעם ערשטן אינטערנאַציאָנאַל, איז אַף דעם־דאָזיקן קאָנגרעס אָנגענומען געוואָרן צום ערשטן מאָל אַן אַלוועלטלעכע פּראָגראַם פֿאַר דעם באַפֿרייונג־קאַמף פונעם אַרבעטער־קלאַס און פון אַלע עקספּלואַטירטע. אַף באַראַטונגען, וואָס האָבן געדויערט אַסאַך טעג און אין וועלכע עס האָבן זיך באַטייליקט דעלעגאַטן פון אַלע לענדער און פון אַלע וועלט־טיילן איז די פּראָגראַם פונעם קאַמף דער דיקטאַטור פונעם פּראָלעטאַריאַט און פֿאַרן אויפֿבוי פונעם אַלע פֿריערדיקע מאַרקסיסטישע פּראָגראַמען, אַפּן יעסאָד פון דער דערפֿאַרונג פונעם קאַמף פֿאַר דער דיקטאַטור פונעם פּראָלעטאַריאַט און פֿאַרן אויפֿבוי פונעם סאָציאַליזם, ווייזט זי דעם וועג דעם פּראָלעטאַריאַט פון אַלע לענדער צום זיג פונעם פֿולקומען קאָמוניזם אין דער גאַנצער וועלט.

אין דער גאַנצער געשיכטע פונעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל איז ניט געמאַכט געוואָרן קיין איין איינציקער פּרוּוו צו שאַפֿן אַזאַ אינטערנאַ־ציאָנאַלע פּראָגראַם. אין 1891 יאָר אַפֿן קאָנגרעס אין בריסעל האָט אַ דייטשי־שער דעלעגאַט פֿאָרגעלייגט אָנצונעמען אַן אַלגעמיינע דעקלאַראַציע פון פּרינ־ציפּן פֿאַר אַלע פּאַרטייען, וואָס זאָל בילדן דעם אַרייַנפֿיר און די פּראָגראַמען פון איינצלנע פּאַרטייען. אין 1893 יאָר איז אויסגעדריקט געוואָרן דער ווונטש וועגן

*) די אינצידענטן אין די קאָמיסיעס פֿון דעם קאָנגרעס, וואָס וועגן זיי דערציילט גאָרניט דער אָפֿיציעלער פּראָטאָקאָל, זיינען באַשריבן אינעם ווערק פֿון וואַלטער שטעקער: „דער בריסעלער קאָנגרעס פונעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל און די פֿאַנצער־שיף־סאָציאַליסטן”, אַרויס־געגעבן אין אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטער־פֿאַרלאַג, בערלין.

א אינטערנאציאנאלער פראגראם אין א רעזאלוציע פון א קאמיסיע וועגן „דער אינטערנאציאנאלער ארגאניזאציע פון דער סאציאל־דעמאקראטיע". דעם פראיעקט פון דערהאזיקער רעזאלוציע האט מען אפילו ניט אפגעשטימט. אויף דער צווישנפארלאמענטארישער קאנפערענץ, וואס איז פארגעקומען בעת'ן שטוטגארטער קאנגרעס אין 1907 יאר, האט טרולסטרא ארויסגערוקט די פראגע וועגן אן „איינהייטלעכער פאליטישער סיסטעם" פארן אינטערנאציאנאל. וואיאן איז ארויסגעטראטן קעגן מיט דער באמערקונג, אז אפמאלן א בילד פון דער צוקונפטיקער מעלוכע איז ניט מעגלעך און דער רעוויזיאניסט פאלמאר האט טייקעף געווארנט קעגן „ארופשטופן אלע פראגן אפן אינטערנאציאנאלן פעדעל".

דאס, וואס איז שוין געווען אוממעגלעך אין דער פארמילכאמעדיקער צייט אינעם צווייטן אינטערנאציאנאל אלס רעזולטאט דערפון, וואס עס האט געפעלט דער עמעס אינטערנאציאנאלער גייסט, וואס די סאציאליסטישע פארטייען זיינען ניט געווען דורכגעדרונגען מיטן מארקסיסטישן גייסט, דאס איז געווים און געווים ניט מעגלעך אין יענעם נאכן קריג געשאפענעם געשפענסט פון א סאציאליסטישן אינטערנאציאנאל, וואס האט נאר דעם ציל צו קעמפן קעגן קאמוניזם.

אין דעקאבער 1924 יאר האט פרידריך אדלער אין א בריוו צום עקזעקוטיוו פון זיין אינטערנאציאנאל געשריבן: „די מארקסיסטן זיינען א מינדערהייט אינעם אינטערנאציאנאל". דאס איז געווים א שטארקע גוזמע. אין דעמדאזיקן אינטערנאציאנאל זיינען ניטא קיין מארקסיסטן און עס קאנען ניט זיין קיין מארקסיסטן, ווייל דער מארקסיזם באשטייט ניט אין קענען די ווערק פון מארקסן — א זעלבע קענער פון מארקס ווערק זיינען פאראן אסאך אין די סאציאליסטישע פארטייען — און אויך ניט אין אנערקענען מיטן מויל דעם מארקסיזם, אזוי ווי זיי באנעמען אים. דער מארקסיזם באשטייט אין באנעמען די פראבלעמען פון אונדזער צייט, אין באשטימען די קאנקרעטע אקטועלע אויפגאבן פונעם פראלעטאריאט אינעם גייסט פון מארקסן און ענגעלסן

אין דער עפאכע פון אימפעריאליזם און פון דער וועלט־רעוואלוציע קאן מען דעריבער ניט זיין קיין מארקסיסט, ניט זייענדיק קיין לעניניסט. ווייל קיין אנדער מארקסיסט אויסער לענינען האט ניט פארשטאנען צו אנאליזירן מארקסיסטיש די נייע דערשיינונגען פון אונדזער עפאכע און אפן גרונט פון דעמדאזיקן אנאליז באשטימען די אויפגאבן פונעם פראלעטאריאט אין אונדזער צייט. ווער עס פארשטייט ניט לענינס טעאריע וועגן אימפעריאליזם, וועגן דער דיקטאטור פונעם פראלעטאריאט, וועגן דער אנפירנדיקער ראליע פון דער פארטיי, וועגן דער העגעמאניע פונעם פראלעטאריאט אין דער רעוואלוציע, וועגן דעם בונד פונעם פראלעטאריאט מיט די ארבעטנדיקע פויערים און מיט די קאלאניאלע פעלקער, דער איז ניט קיין מארקסיסט, מעג ער אפילו טויזנטער מאל איבערכאזערן די ווערטער פון מארקסן. ווייל דער מארקסיזם איז ניט קיין טויטע דאגמע, נאר די לעבעדיקע איינהייט פונעם פראלעטארישן באוווסטזיין מיטן פראלעטארישן טאט. אין פארטייען, וואס זייער גאנצע פראקטיק איזדיע־קשוועט זיך איבער די פרינציפן פונעם מארקסיזם, קאן קיין מארקסיסט ניט זיין.

בעיים דער בריסעלער קאָנגרעס האָט צום הונדערטסטן מאָל באַוואָרנט די וועלט־רעוואָליוציע און די פאַרזאַמלטע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פאַרטרעטער פון די קאַפּיטאַליסטישע רעגירונגען האָבן זיך געטרייסט מיטן אויסזיכט אויף אַ נייעם אופשטייג פונעם קאַפּיטאַליזם, האָט דער זעקסטער קאָנגרעס פונעם קאָמינטערן קאָנסטאַטירט, אַז נאָך אַ קורצן פעריאָד פון דער רעלאַטיווער פאַרשטאַרקונג פונעם קאַפּיטאַליזם, נאָכן איבערשטייגן דעם פאַרמילכאָמעדיקן ניוואָ פון דער פּראָדוקציע, נאָך אַ צייטווייליקער דעפּרעסיע אין דער אייראָפּעישער אַרבעטער־באַוועגונג אויף דער באַזע פון די שטייגנדיקע פּראָדוציר־קרעפטן ווערן רעפּראָדוצירט די אינערלעכע קעגנזאַצן פון דער קאַפּיטאַליסטישער סיסטעם אויף אַ העכערער שטאַפּל און אין אַ פאַרשאַרפטער פאָרם.

די עפּאָכע פונעם אימפּעריאַליזם איז אין דערזעלבער צייט די עפּאָכע פון מילכאָמעס און רעוואָליוציעס און דעריבער ווייזט די אומגעהויערע פאַרשאַרפונג פון די אימפּעריאַליסטישע און קלאַסן־קעגנזאַצן אין די לעצטע יאָרן, אַז עס ווערן שנעל רייף נייע גרויסע קריזיסן און קאַטאַסטראָפעס.

מילכאָמע און רעוואָליוציע, דאָס איז די פּערספּעקטיוו פון דעם קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל. אין קיין פאַל לייגן ניט די קאָמוניסטן זייער גאַנצע האָפענונג אויף אַ נייער אימפּעריאַליסטישער וועלט־מילכאָמע, ווי דאָס באַהויפּטעט אָטאָ באַוער און נאָך אַזוינע דעמאַגאָגן. פאַרקערט, דער קאָמינטערן איז דער איינציקער קויעך, וואָס קאָן ראַטעווען די וועלט פון אַ נייער קייט פאַרוויסטנדיקע אימפּעריאַליסטישע מילכאָמעס, פאַנאַנדערוויקלענדיק אַלע קויכעס פון דער אינטערנאַציאָנאַלער רעוואָליוציע. קיינער קאָן ניט פאָרויסזען און פאָרויסבאַשטימען אין וועלכער ריי און אָרדענונג וועלן מיר איבערלעבן די נאָענטסטע יאָרן און צענדליקער יאָרן מילכאָמעס און רעוואָליוציעס. אָבער ווער עס גלויבט ניט אין וואונדער, דער מוז וויסן, אַז די קאַפּיטאַליסטישע וועלט וועט ניט אָפּטרעטן פאַרן סאָציאַליזם אָן אַ פאַרצווייפלטן ווידערשטאַנד. די מילכאָמע פון די אימפּעריאַליסטישע מעלוכעס קעגן דער פּראָלעטאַרישער מעלוכע שטייט אויף דער טאָג־אָרדענונג ווי אַן אומפאַרמיידלעכע נויטווענדיקייט. פּונקט ווי עס קאָן ניט אָפּגעשאַפט ווערן דער קלאַסן־קאַמף, אַזוי לאַנג ווי עס עקזיסטירן קלאַסן מיט קעגנזעצלעכע אינטערעסן, פּונקט אַזוי קאָן ניט אויסגעמיטן ווערן דער וועלט־קאַמף צווישן קאַפּיטאַליסטישע און פּראָלעטאַרישע מעלוכעס, וואָס שטעלט מיט זיך פאָר ניט קיין אַנדער זאַך ווי אַ קלאַסן־קאַמף און דערביי אין דער שאַרפסטער פאָרם. וואָס גיכער די פּראָלעטאַרישע רעוואָליוציע וועט צעשמעטערן די איינצלנע גלידער פונעם אימפּעריאַליסטישן מילכאָמע־פראָנט און וועט פאַרגרעסערן דעם פראָנט פון די פּראָלעטאַרישע מעלוכעס, אַלץ שנעלער וועט מען בייקומען די עפּאָכע פון די מילכאָמעס און עס וועט זיך אָנהייבן די עפּאָכע פון פרידלעכן אויפבוי פונעם סאָציאַליזם.

דער ראַטן־פאַרבאַנד, וואָס באַם פאַרווירקלעכן דעם גיגאַנטישן פינפ־יאָריקן פּלאַן קאָנצענטרירט ער זיין גאַנצן קויעך אַפן סאָציאַליסטישן אויפבוי, איז אַמשטאַרקסטן פאַרינטערעסירט ווי מעגלעך אָפּשטופּן די אומפאַרמיידלעכע

בע מיליטערישע שטריטן. און דעריבער פארטיידיקט ער דעם שאלעם מיט א פעסטער רויקייט און אנטשלאסנקייט ניט געקוקט אף אלע מילכאמע־פראוואקאציעס פון דער אינטערנאציאנאלער רעאקציע.

דאס פארטיידיקן מיט אלע מיטלען די פראלעטארישע מעלוכע איז געווארן די וויכטיקסטע אויפגאבע פון אלע קלאסנבאוווסטזיניקע ארבעטער פון אלע לענדער.

דער זעקסטער וועלט־קאנגרעס האט געוויזן די פערספעקטיוו פון דער אינערלעכער פאליטישער אנטוויקלונג, וואס שטאמט פונעם רייסנדיקן וועלט־קאמף צווישן אימפעריאליזם און סאציאליזם. עקאנאמיש באשטימט דער אימפעריאליזם די קאנצענטראציע פון דער פראדוקציע אין די הענט פון א קליין הייפל קאלאסאלע מאנאפאלן, די באהערשונג פון דער גאנצער ווירטשאפט דורך א קליינער צאל פינאנץ־מאגנאטן. אפן פאליטישן געביט שפיגלט זיך אפ דידאזיקע פינאנץ־אליגארכיע אין דער קאנצענטראציע פון דער גאנצער פאליטישער מאכט אין די הענט פון די באפולמעכטיקטע פונעם פינאנץ־קאפיטאל.

די טענדענץ אפצושאפן די בורזשואזע דעמאקראטיע, דער קריזיס פונעם בורזשואזן פארלאמענטאריזם פארשטארקט זיך מיט דער געוואלדיקער פארשארפונג פונעם קלאסנקאמף, מיט דער צעוואקלונג פון די פאזיציעס פון די בורזשואז־דעמאקראטישע פארטייען אין די ארבעטנדיקע מאסן, מיט דער נויטיקייט, וואס נעמט זיך דערפון, צו פארשטארקן דעם מעלוכישן אונטערדריקונג־אפאראט. דעריבער ווערט די אנטוויקלונג צו א נאקעטער, ניט פארשלייערטער, אומבאגרענעצטער דיקטאטור פונעם פינאנץ־קאפיטאל, צום פאשיזם, א אינטערנאציאנאלע דערשיינונג.

די רעפארמיסטן ווילן מיט זייער געשריי וועגן פארטיידיקן די דעמאקראטיע קעגן פאשיזם און באלשעוויזם זיך ארויסשטעלן אלס היטער פון די רעכט פון דער ארבעטערשאפט. די רעפארמיסטישע ארגאניזאציעס ווערן אבער אדאנק דער אנגעוויזענער אנטוויקלונג אלץ ענגער פארבונדן מיטן אימפעריאליסטישן מעלוכע־אפאראט, זיי ווערן אלץ מער געשטעלט אין דינסט פונעם מעלוכישן אפאראט אף אונטערדריקן די ארבעטער־באוועגונג. זיי ווערן אלץ מער צונויפגעגאסן אונטער די פארמען פון „אינדוסטריע־שאלעם" און „ווירטשאפט־דעמאקראטיע" מיט די אונטערנעמער־ארגאניזאציעס. אינעם פעריאד פון דער צוגרייטונג צו דער קאנטר־רעוואלוציאנערער מילכאמע קעגן דער ארבעטער־מעלוכע און פון דער פאשיסטישער דיקטאטור ווייזן זיי זיך ארויס אלס די וויכטיקסטע געצייג פון דער מילכאמע־צוגרייטונג און די בעסטע וועגווייזער פאר דער פאשיסטישער דיקטאטור.

אין איטאליע איז די פאשיסטישע דיקטאטור געקומען צו דער מאכט אפן וועג פון בלוטיקן טעראר ניט נאר קעגן קאמוניסטישע, נאר אויך קעגן סאציאל־דעמאקראטישע ארגאניזאציעס. ערשט נאכן זיג פונעם פאשיזם האט דער רעפארמיסטישער פירער ד'אראגאנא געפרווט זיך דערנענטערן צום פאשיזם.

אין אונגאַרן איז די לאַגע אין טאָך געווען אַן אַנדערע. דאָ האָט אַ סאָציאַל־דעמאָקראַטישע רעגירונג געהאָלפן אַרויסרייסן די מאַכט פון די הענט פונעם פּראָלעטאַריאַט און איבערגעבן זי אין די הענט פונעם ווייסן טאַליען האָרטי. נאָר ווען מע האָט אַרויסגעלאָזן די ווייסע באַנדעס האָט זייער טעראָר ניט געשאַנעוועט אויך די סאָציאַל־דעמאָקראַטן. אָבער גאָר גיך האָט די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע געשלאָסן אַ פאָרמעלן שאָלעם מיט האָרטי. אין 1921 יאָר האָט זיך די אונגאַרישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע אונטער פּייערס אָנפירונג פאַרפליכטעט צו אָפּזאָגן זיך פון פירן אין אויסלאַנד אַ פּראָפּאַגאַנדע קעגן דער ווייסער דיקטאַטור, און צו אָרגאַניזירן די לאַנדווירטשאַפטלעכע אַרבעטער און די מעלוכע־אָנגעשטעלטע. דערפאַר האָט בעטלענס רעגירונג צוגעזאָגט די סאָציאַל־דעמאָקראַטן זיי לאָזן פריי אַרבעטן.

דערהאָזיקער סקאַנדאַל האָט אַרויסגערופן בּאַ די סאָציאַליסטישע אַרבעטער אַזאַ אויפרעגונג, אַז דער סאָציאַליסטישער אַרבעטער־אינטערנאַציאָנאַל האָט געפונען פאַר נויטיק צו מאַכן אַ אונטערזוכונג, בּאַ וועלכער קאַוטסקי האָט גענומען אַף זיך די פאַרטיידיקונג פון די האָרטי־סאָציאַליסטן. אין אַ קאָמיסיע־זיצונג אין יאַנוואַר פון 1925 יאָר איז פייערלעך באַשלאָסן געוואָרן צו אָפּהאַלטן זיך פון יעדן אורטייל וועגן דעם, צי דער אונגאַרישער צענטראַל־קאָמיטעט האָט ריכטיק געהאַנדלט אָדער ניט ריכטיק דערמיט וואָס ער האָט געשלאָסן אַ פּאַקט מיט בעטלען. יאָ, די קאָמיסיע האָט אַפילע אָנערקענט, אַז די האָרטיס פאַרבינדעטע האָבן געהאַנדלט אין „גוטן גלויבן". נאָכדעם ווי דער אונגאַרישער צענטראַל־קאָמיטעט האָט דערקלערט, אַז ער האַלט זיך שוין ניט מער פאַר געבונדן מיטן פּאַקט, איז אָנערקענט געוואָרן, אַז דער אינצידענט איז אינגאַנצן דערלייִדיקט.

נאָך שענדלעכער איז געווען די האַנדלונג פון דער בולגאַרישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. דאָ האָבן זיך סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פירער דירעקט באַטייליקט אין צאַנקאָווס קאָנטר־רעוואָלוציאָנערן פּוטש. דער „סאָציאַליסט" זאַקאַזאָוו איז געזעסן אין דער רעגירונג פון די ווייסע מערדער. נאָכן בלוטיקן אינטערדריקן דעם אויפשטאַנד פון די אַרבעטער און פּויערים האָט די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע קאַנדידירט צוזאַמען מיט די רעגירונג־פּאַרטייען אַף איין ליסטע.

פאַר אַ קאָמיסיע פונעם סאָציאַליסטישן אַרבעטער־אינטערנאַציאָנאַל, וואָס האָט געזאָלט אונטערזוכן די האָזיקע שענדלעכע האַלטונג פון די „סאָציאַליסטן", האָט די בולגאַרישע דעלעגאַציע אין מאַרט 1924 דערקלערט:

„צאַנקאָווס רעגירונג איז ווייט ניט געווען קיין סאָציאַל־דעמאָקראַטישע רעגירונג (!) — פון צען מיטגלידער איז געווען נאָר איין איינציקער סאָציאַל־דעמאָקראַט (!) — אָבער די האָזיקע רעגירונג איז אין דעם מאָמענט געווען די איינציקע, וואָס פון איר האָבן מיר געקאָנט האָפן, אַז זי וועט געפינען דעם וועג צו פאַרווירקלעכן די דעמאָקראַטיע (!)" *).

*) אונטערגעשטראָכן פון מיר.—י. ל.

אין א לאַגע באַ װעלכער פון אײן זײט, האָט מיט העלדנמוט און פאַרצװײפלונג געקעמפט פאַר איר פרײַהײט די מאַסע פונעם בולגאַרישן פאָלק, פון דער אַנדערער זײט, האָבן א באַנדע אָפיצערן און ספּעקוליאַנטן אױסגעשאָכטן טױזנטער אַרבעטער און פױערים. באַ אַזאַ לאַגע האָט אַפילו דערהאָזיקער אינטערנאַציאָנאַל ניט געװאַגט זיך אָפן שטעלן אַף דער זײט פון צאַנקאָװס מערדער־רעגירונג. אין יוני פון 1924 יאָר האָט דער אױספירקאָם פונעם צװײטן אינטערנאַציאָנאַל באַשלאָסן צו האַלטן די פראַגע װעגן דעם אָנטײל פון די בולגאַרישע סאָציאַליסטן אין צאַנקאָװס רעגירונג פאַר דערלײדיקט, װײל אין דער צײט זײַנען זײ שױן אַרױס פון דער רעגירונג. דער באַריכט פון דער אינטערנאַציאָנאַלער קאָמיסיע אַף אונטערזוכן די דאָזיקע פראַגע אָנטהאַלט די אָנערקענונג פונעם גוטן װילן פון דער בולגאַרישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פאַרטײ, „װאָס איז אײַנגעקלעמט צװישן צװײ פאַרברעכערישע און געװאַלט־טעטיקע גרופּן, װאָס אײנע װי די אַנדערע מוז מען מיט דער גרעסטער ענערגיע באַקעמפן".

אין פױלן האָט די פױלישע סאָציאַליסטישע פאַרטײ (פפּ"ס) אױך זײער אַקטיװ אונטערגעהאַלטן פּילסודסקיס פאַשיסטישע מלוכה־איבערקערעניש. א פאַרטרעטער פון דער פאַרטײ, מאָראַטשעװסקי, איז אַרײַנגעטראָטן אין פּילסודסקיס רעגירונג. אַז דער פױלישער פאַשיזם האָט זיך אָנגעשטויסן אָפן װאַקסנדיקן װידערשטאַנד פון די אַרבעטער, אַז דער אַרבעטער־קלאַס אין די אינדוסטריעלע צענטרען האָט זיך אָנגעהױבן אָפּצוקערן פון די פאַשיסטן־פרײַנטלעכע פפּ"ס און איבערגײן צו די קאָמוניסטן, האָט די פפּ"ס אין נאָװאַבער 1926 יאָר באַשלאָסן איבערצוגײן אין אָפּאָזיציע. אָבער א טײל פון דער פאַרטײ, אונטער מאָראַטשעװסקיס אָנפירונג, האָט װײַטער אָפן אונטערגעשטיצט די פאַשיסטישע רעגירונג, ניט אָנשטױסנדיק זיך דערבײַ אַף א װידערשטאַנד פונעם צענטראַל־קאָמיטעט פון דער פאַרטײ. דער צענטראַל־קאָמיטעט האָט דאָס דערקלערט דערמיט, װאָס ער װיל ניט אָנװענדן קײן שאַרפע מיטלען קעגן די כאַװײרים, כדי ניט צו ברענגען שאָדן דער אײנהײט פון דער פאַרטײ. אומגעפער אין דער צײַט פון דעם ברײסלער קאָנגרעס האָבן די אָפענע אָנהענגער פונעם פאַשיזם דאָך אָפּגעשפּאָלטן זיך פון די פפּ"ס און די בײדע פליגלען פון דער פאַרטײ האָבן אָנגעהױבן צו שפּילן א קאָמעדיע, פאַרטײלנדיק זיך מיט די ראָלן. אײן טײל אונטערשטיצט אָפן פּילסודסקיס רעגירונג און באַמיט זיך צו שאַפן פאַשיסטישע פּראָפעסיאָנעלע פאַרײנען, דער צװײטער טײל העלפט נאָך בעסער דעם פאַשיזם, שפּילנדיק די ראָליע פון א קלױמערשטער פאַרלאַמענטאַרישער אָפּאָזיציע און באַקעמפנדיק ברוטאַל און אַכזאָריעסדיק די קאָמוניסטן.

ניט נאָר סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פאַרטײען פון די פאַשיסטישע לענדער האָבן מיט דער שטילער הסכּמה פונעם „אינטערנאַציאָנאַל" מיטגעאַרבעט מיטן פאַשיזם, נאָר אױך אינטערנאַציאָנאַלע פירער פונעם רעפאָרמיזם. אַזױ האָט אַלבערט טאָמאַ, דער פאַרװאַלטער מיטן אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטער־אַמט, געװיס ניט װי א פּריװאַטער מענטש מיט באַגײַסטערונג באַגריסט דעם

קאנגרעס פון די פאשיסטישע פראפאריינען אין רוים. און ווען פרידריך אדלער, וואס האט ווייזט אויס דעמלט נאך ניט פארשטאנען די ראליע פונעם דער טאמא אלס ערשטן סימפטאם אין דער אנטוויקלונג פונעם רעפארמיזם צום סאציאל־פאשיזם, האט פראטעסטירט קעגן דערהאזיקער ארויסטרעטונג, האט דער גרעסטער טייל פון דער סאציאל־דעמאקראטישער פרעסע אויסגעזוכט קאלערליי אנטשולדיקונגען פארן האזיקן כאנפענען זיך צום פאשיזם.

די ביורא פון דעם סאציאליסטישן ארבעטער־אינטערנאציאנאל האט זיך באנוגנט דערמיט, וואס זי האט מיט באדויערן קאנסטאטירט, אז די איטאליע־נישע רייזע פונעם „סאציאליסט“ אלבערט טאמא האט געגעבן א גרונט צו „טענדענציעזע רייזעריען“.

פאר דער ארבעטערשאפט איז זייער וויכטיק צו פארשטיין, אז עס האנדלט זיך ניט וועגן צופעליקע אויסגליטשן פון איינצלנע מיטגלידער פון די סא־ציאל־דעמאקראטישע פארטייען אדער פון איינצלנע פארטייען פונעם סאציאל־פאטריאטישן אינטערנאציאנאל. אין די באשלוסן פונעם 6־טן וועלט־קאנגרעס פונעם קאמינטערן ווערט כאראקטעריזירט צוזאמען מיט דער אנטוויקלונג פון די בורזשואזע מעלוכעס צום פאשיזם צוגלייך די אנטוויקלונג פונעם רע־פארמיזם צום סאציאל־פאשיזם אלס אינטערנאציאנאלע דערשיינונג.

דער רעפארמיזם שטעלט מיט זיך ניט פאר קיין זעלבשטענדיקע קלאסן־קראפט, ער קאן ניט שפילן קיין זעלבשטענדיקע ראליע אינעם קאמף פון די קלאסן, ער איז נאר א צוגאב צו דער אימפעריאליסטישער בורזשוא־זיע. ער שפיגלט אפ די אינטערעסן פון יענע פונעם פראלעטאריאט אינגאנצן אפגעריסענע שיכטן ארבעטער־אריסטאקראטיע און קליינבירגערטום, וואס אין דער צייט פון פארשארפטע קלאסן־קאמפן פארבינדן זיי זיך אלץ פעסטער מיט די אונטערנעמער און מיט דער בורזשואזער מעלוכע קעגן דעם רעוואליוצי־אנערן פראלעטאריאט. אין די נאכמילכאמעדיקע יארן איז א גאנצער שטאב פונקציאנערן פון דער ארבעטער־באוועגונג דורכגעדרונגען אף פארשיידענע מע־לוכישע און קאמונאלע פאסטנס. די טויזנטער און הונדערטער טויזנטער גוט באצאלטע פונקציאנערן באהערשן דעם רעפארמיסטישן אפאראט פון דער פארטיי און פון די מאסן־ארגאניזאציעס. זיי שטעלן דעמדאזיקן אפאראט אינ־גאנצן אין דינסט פון דער אימפעריאליסטישער פאליטיק. אין דער מאס, ווי די אימפעריאליסטישע בורזשואזיע גייט איבער פון דעמאקראטיש־פארלאמענ־טארישע צו פאשיסטיש־טעראריסטישע הערשאפט־מעטאדן, טוען זיך א קער אויך די אידעאלאגיעס און די קאמף־מעטאדן פון די סאציאל־אימפעריאליסטן אין דער ריכטונג צום פאשיזם. די רעפארמיסטישע אידייע וועגן דער ווירט־שאפטלעכער דעמאקראטיע אנטשפרעכט דער פאשיסטישער אידייע וועגן א „קארפאראטיווער מעלוכע“, ווו די סינדיקאטן פון די אונטערנעמער און פון די ארבעטער זארגן צוזאמען אונטער דער אנפירונג פון דער מעלוכע וועגן די אינטערעסן פון דער פראדוקציע און דערלאזן ניט קיין קלאסן־קאמף.

אין פארשיידענע לענדער האבן די רעפארמיסטן, אפטמאל צוזאמען מיט די בורזשואזע פארטייען געשאפן אייגענע קאמף־ארגאניזאציעס לויטן

מוסטער פון די פאשיסטישע. די דאזיקע ארגאניזאציעס ציען אריין אין אנהויב די ארבעטער מיט א פראגראם פון קאמף קעגן פאשיזם, ביסלעכווייז גייען זיי איבער צום שאפן אן איינהייטלעכן פראנט מיט די פאשיסטישע ארגאניזאציעס כדי צו ארגאניזירן דעם טעראר קעגן דער רעוואליוציאנערער ארבעטערשאפט.

דאס זיינען די פונקציעס פון די פעפעסישע קאמף־דרוזשינעס, פון די רייכסבאנער (ארגאניזאציע פון דער מעלוכישער רעפובליק־שוץ) אין דייטשלאנד, פונעם שוצבונד אין עסטרייך. דער פאשיזם אין איטאליע האט פארניכטעט מיט בלוטיקן טעראר די ארבעטער־ארגאניזאציעס, די פראפפאריינען, די קאאפעראטיוון א. א. וו. און האט געפרווט שאפן נייע פאשיסטישע פראפ־ארגאניזאציעס. איצט שטעלן זיך די רעפארמיסטן דעמזעלבן ציל פון פארבייטן די קלאסן־ארגאניזאציעס פון קאמף אף הילף־ארגאנען פון דער אימפעריאליסטישער מעלוכע. דערביי שטעלן זיי זיך ניט אפ פאר קיין שום מיטלען, זיי ווארפן ארויס די רעוואליוציאנערע ארבעטער פון די מאסן־ארגאניזאציעס, פראוואצירן קעסיידערע שפאלטונגען, שאפן אפ די ארבעטער־דעמאקראטיע אין די מאסן־ארגאניזאציעס, שטעלן איינגאנצן די מאסן־ארגאניזאציעס אונטערן דיקטאט פון דער ביוראקראטיע, וואס איז איינגאנצן צוזאמענגעשמאלצן מיטן מעלוכע־אפאראט.

גראד אין די לענדער, ווו די בורזשואזע דעמאקראטיע עקזיסטירט נאך פארמעל, אבער זי ווערט אלץ מער דורכגעדרונגען מיט פאשיסטישע הערשאפט־מעטאדן, שפילן די רעפארמיסטישע פארטייען די פאטאלסטע ראליע באם צוגרייטן די פאשיסטישע דיקטאטור. א טיפישן ביישפיל דערצו גיט די דייטשישע סאציאל־דעמאקראטישע פארטיי אין די יארן 1928—1929 (נאך בוילעטער ווערט די ראליע פון דער דייטשישער סאציאל־דעמאקראטיע באם צוגרייטן די פאשיסטישע דיקטאטור אין די ווייטערדיקע יארן, אין 1930—1931. — דער איבערזעצער).

אינעם פעריאד, ווען עס הויבט אן רייף צו ווערן א נייע רעוואליוציאנערע כוואליע שטעלט די בורזשואזיע די סאציאל־דעמאקראטן אין שפיץ פון דער רעגירונג, סאציאל־דעמאקראטן ווערן געשטעלט אף די וויכטיקסטע פאליציי־פאסטנס, כדי צו ארגאניזירן דעם טעראר קעגן די קאמוניסטן. די פארבאטן פון רעוואליוציאנערע ארגאניזאציעס, די אונטערדריקונג־מאסמיטלען קעגן דער קאמוניסטישער פרעסע גייען ארויס פון סאציאל־דעמאקראטישע מיניסטארן און פאליציי־פרעזידענטן. בעיס דער סאציאליסטישער ארבעטער־אינטערנאציאנאל האט צום 1־טן מיי 1929 יאר ווי אין די פאריקע יארן גערופן צו דעמאנסטראציעס, האבן די סאציאל־דעמאקראטישע פירער אין בערלין ניט נאר אפגעזאגט זיך צו ארגאניזירן אן אייגענע מיי־דעמאנסטראציע, זיי האבן אויך געהייסן דעם סאציאל־דעמאקראטישן פאליציי־פרעזידענט צערגיבעל ער זאל ביכלאל פארבאטן דעמאנסטראציעס דעם 1־טן מיי. „אין העסקעם מיט דער פארטיי און מיט די פראפעסיאנעלע פאריינען" האט דער סאציאל־דעמאקראט צערגיבעל ארגאניזירט דעם 1־טן מיי 1929 יאר א בלוטיקער צווישן

די אַרבעטער, וואָס האָבן אַף די בערלינער גאַסן דעמאָנסטרירט פאַר די פאָדערונגען פונעם קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל. 33 אַרבעטער און אַרבעטערפרויען, דעמאָנסטראַנטן און צופעליקע דורכגייער זיינען געפאַלן אַ קאָרבן פון די קוילן פון דער סאָציאַל־פאַשיסטישער פאָליציי. ניט געקוקט אַפן ווילדן „פאָליצייִשן טעראָר האָבן די אַרבעטער דאָך איינגעהאַלטן די גאַס, האָבן זיך נאָך און נאָך אַמאָל צונויפגעזאַמלט און אָרגאַניזירט דעמאָנסטראַציעס און האָבן אין וועדינג און אין נייקעלן אויסגעבויט באַריקאַדן אַף צו פאַרטיידיקן זיך פון די געפאַנצערטע פאָליציי־אויטאָמאָבילן און האָבן אין מעשעך פון לאַנגע שאָען אָפגעשלאָגן אַלע פאָליצייִשע אַטאַקעס.

בעיס די פאָליציי פון דעם סאָציאַל־דעמאָקראַט צערגיבעל האָט געווילדעוועט אין די גאַסן, האָט די גאַנצע בורזשואַזע פרעסע בעראָש מיטן סאָציאַל־דעמאָקראַטישן צענטראַל־אָרגאַן „פאָרווערטס" געפירט אַ רעציכעדיקע העצע קעגן מאָסקווע. מאָסקווע איז שולדיק, וואָס די רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער דעמאָנסטרירן אַף די גאַסן און האָבן קיין מוירע ניט פאַר פאָליציי־פרעזידענט. די רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער אונטער דער אָנפירונג פון דער קאָמוניסטישער פאַרטיי האָבן דעמאָנסטרירט פאַר דער פאַרטיידיקונג פונעם ראַטנפאַרבאַנד, ריזיקירנדיק מיט זייער לעבן האָבן זיי פאַרטיידיקט די אַרבעטערזאַך. די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע מיניסטאָרן און פאָליציי־פרעזידענטן האָבן פאַנאַנדערגעוויקלט דעם סאָציאַל־פאַשיסטישן טעראָר קעגן די אַרבעטער און אַן אַנטי־באָלשעוויסטישע העצע קעגן דער אַרבעטער־מעלוכע. דאָס איז דער סימוואָל פאַר דער ראָליע פונעם קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל און פון דער ראָליע פונעם רעפאָרמיסטישן אינטערנאַציאָנאַל אין די קאַמפן פון אונדזער צייט.

דער רעפאָרמיסטישער אינטערנאַציאָנאַל איז שוין ניט בלויז אַן אינסטרומענט אַף כאַרשוו מאַכן און פאַרטומלען, אַף שפאַלטן און אָפנאַרן די אַרבעטער, ער איז אַ אינסטרומענט אַף באַוווסטזיניק צוגרייטן די מילכאָמע קעגן דער פראָלעטאַרישער מעלוכע, אַן אינסטרומענט פאַר דער סאָציאַל־פאַשיסטישער דיקטאַטור, וואָס איז ניט קיין אַנדער זאַך, ווי אַ צוגרייטונג צום אומבאַגרענעצטן, מעחדערישן פאַשיסטישן טעראָר קעגן דעם אַרבעטערקלאַס.

דאָס, וואָס עס איז אַמאָל געווען צוויי פאַרשיידענע ריכטונגען אין די ראַמען פון איין אינטערנאַציאָנאַלער אָרגאַניזאַציע, איז איצט געוואָרן צוויי פיינטלעכע קרעפטן, וואָס שטייען איינע קעגן דער אַנדערער און וואָס פירן אַ קאַמף אַף לעבן און טויט.

דער דריטער אינטערנאַציאָנאַל אָנערקענט שטאָלץ און אָפן, אַז זיין אויפגאַבע איז צו פאָרזעצן און פאַרענדיקן דאָס גרויסע ווערק, וואָס דער ערשטער אינטערנאַציאָנאַל האָט אָנגעהויבן אונטער דער אָנפירונג פון מאַרקסן און ענגעלסן. אַנדערש איז די לאַגע פונעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל. דאָס, וואָס עס האָט זיך אין האַמבורג צוזאַמענגעשלאָסן אונטער נאָמען „סאָציאַליסטישער אַרבעטער־אינטערנאַציאָנאַל" האָט ניט דאָס קלענסטע רעכט צו באַרופן זיך אַף די גרויסע טראַדיציעס פונעם ערשטן אינטערנאַציאָנאַל, אָבער

ער האט אויך א באדייטנדיק אנדערן כאראקטער ווי דער צווייטער אינטערנאציאנאל פון דער פארמילכאמעדיקער צייט. דער דאזיקער אינטערנאציאנאל האט פאראייניקט אין זיך דעם רעוואלוציאנערן פראלעטארישן קערן פון דער אינטערנאציאנאלער ארבעטער־באוועגונג און דעם שמוציקן שטראם פונעם אפארטוניזם, וואס האט זיך אלץ מער אויסגעשפרייט אין די פראפאריינען און פארטייען. אין דער טעאריע האט ביזן 1914 יאר געהאט די פירונג דער לינקער פליגל, אין דער פראקטיק אבער האט זיך אלץ מער פארפעסטיקט דער אפארטוניזם. דער היסטארישער טאג פון יענער פאראייניקונג פון זאפנארער פונעם ארבעטער־קלאס, וואס האט זיך געגעבן א נאמען „סאציאליסטישער ארבעטער־אינטערנאציאנאל", איז קאנזעקווענט ווייטער פירן די אפארטוניסטישע ליניע אין דער ריכטונג פון פולשטענדיקער רעאקציע, איבערן סאציאל־אימפעריאליזם צום סאציאל־פאשיזם.

דער קאמינטערן אבער איז דער היטער און דער אנטוויקלער פון דער יערושע פון יענעם לינקן פליגל פונעם צווייטן אינטערנאציאנאל, וואס האט שוין פאר דעם 1914 יאר אופגעהויבן א קאמף קעגן דעם רעפארמיזם.

וועגן דעם ערשטן אינטערנאציאנאל האט „טיימס" אין 1879 יאר געזאגט, אז עס איז „א גרויסע נעשאמע אין א קליינעם קערפער"; דער צווייטער אינטערנאציאנאל, וואס אים האט באזיגט דער אפארטוניזם, איז געווען א גרויסער קערפער מיט א קליינער נעשאמע. ער האט ארומגענומען קאלאסאלע מאסן, אבער ער האט זיי ניט געקאנט אנפילן מיטן רעוואלוציאנערן גייסט פון מארקסיזם. אינעם דריטן אינטערנאציאנאל איז ווידער לעבעדיק געווארן די גרויסע נעשאמע פונעם ערשטן אינטערנאציאנאל, נאר זי פירט איצט אן מיט א קאלאסאלן קערפער. דער מארקסיזם איז שוין ניט בלויז דער פירנדיקער שטערן פון א אינטערנאציאנאלער גרופע פראפאגאנדיסטן, וואס האבן געארבעט און געקעמפט און צוגעגרייט א וועג פאר דער ווייטער צוקונפט. דער מארקסיזם איז געווארן די הערשנדיקע טעאריע אין א מעכטיקער מעלוכע, וואס פארנעמט א זעקסטל פונעם ערד־קוגל און שטעלט זיך אנטקעגן די אימפעריאליסטישע וועלט־מעלוכעס. היינט גייען שוין נאך די פאנען פונעם קאמוניסטישן אינטערנאציאנאל טויזנטער און מיליאנען ארבעטער אין די אינדוסטריעלע לענדער פון מיירעוו און אין די קאלאניאלע לענדער פון מיזרעך, מארגן וועלן דאס זיין מיליאנען און הונדערטער מיליאנען.

דער גרויסער קאמף פאר דער וועלט־ווירטשאפט פונעם ארבעטער־קלאס, פאר דעם וועלט־קאמוניזם פלאקערט, און איין ארגאניזאציע איז דער הויבער פון דער געוואלדיקער וועלט־באוועגונג — דאס איז דער קאמינטערן. איין טעאריע איז דער פירנדיקער שטערן פון די מיליאניקע מאסן, וואס האבן זיך אופגעהויבן צום קאמף און וועלן שוין קיינמאל ניט צוריק אראפזינקען צו דער טעמפער אונטערטעניקייט, דער מארקסיזם־לעניניזם.

בא דעם וועלט־היסטארישן קאמף, בא וועלכן דער אינטערנאציאנאל פון

די סאָציאַל־אימפּעריאַליסטן שפּילט די ראָליע פון אַ דראָבנע הילף־אָרגאַניזאַציע פונעם וועלט־אימפּעריאַליזם, קעגן טרויעריקע פּאָליטישע אַנאַלפאַבעטן און פאַנטאַזיאָרן טרוימען וועגן פאַרייניקן צוריק אַלע אַרבעטער־פּאַרטייען. אַזעלכע טרוימער זיינען פאַראַן אין דער אומאָפּהענגיקער לייבאָר־פּאַרטיי און צווישן די „לינקע" סאָציאַל־דעמאָקראַטן אין דייטשלאַנד און עסטרייך.

זיי ווילן ניט פאַרשטיין, אַז עס קאָן ניט זיין קיין פאַרייניקונג, עס קאָן ניט זיין קיין שאָלעם צווישן רעוואָליוציע און קאָנטר־רעוואָליוציע. זיי גלויבן, אַז מע קאָן צוריק דרייען די געשיכטע צו דער לאַגע פון פאַר דעם 1914 יאָר, זיי פּריידיקן אַ „איינהייט", וואָס זאָל באַטייטן דאָס אונטערוואַרפן דעם אַרבעטער־קלאַס אונטער דער פירונג פון זיינע דאָס־מאָנים.

ניט אַף דעמאָקראַטישן וועג קאָן מען בייקומען די שפּאַלטונג, פון דער אַרבעטערשאַפט, וואָס דער סאָציאַל־אימפּעריאַליזם האָט אַריינגעטראָגן אין די רייען פון דער אַרבעטער־באַוועגונג. די שפּאַלטונג וועט ערשט דאַן פאַרשווינדן, ווען דער רעפאָרמיזם וועט פאַרניכטעט ווערן ווי אַ קראַפּט אין דער אַרבעטער־באַוועגונג. דער רעפאָרמיזם איז דער שאָטן פונעם קאַפּיטאַליזם. איינער וועט אַזוי לאַנג עקזיסטירן ווי לאַנג דער צווייטער. די צעשמעטערונג פונעם קאַפּיטאַליזם איז צוגלייך די צעשמעטערונג פון די פּאַרטייען פונעם אַרבעטער־פאַרראַט. ברעכן דעם איינפלוס פון די סאָציאַל־אימפּעריאַליסטן אַפן אַרבעטער־קלאַס איז דער פאַרבאַדינג פונעם זיג איבערן קאַפּיטאַליסטן־קלאַס, דער זיג איבערן קאַפּיטאַליסטן־קלאַס איז דער פאַרבאַדינג פאַר דעם ענדגילטיקן און פולשטענדיקן ליקווידירן פונעם רעפאָרמיזם.

קלאָר און ניט צווייידייטיק איז אָנגעצייכנט די פּערספּעקטיוו פון דער אַנטוויקלונג. דער קריזיס פונעם וועלט־קאַפּיטאַליזם, וואָס פאַרשאַרפט זיך אַלץ מער, מוז אַרויסרופן אַ קריזיס אין אַלע פּאַרטייען פונעם רעפאָרמיסטישן אינטערנאַציאָנאַל. אַלץ שאַרפער ווערט דער קעגנזאַץ צווישן דער רעאַקציאָנערער פּאָליטיק פון סאָציאַל־פאַשיסטישע פירער און די פּראָלעטאַרישע אינטערעסן פון די אַרבעטער־מיטגלידער פון די רעפאָרמיסטישע פּאַרטייען. וועט זיך אָנהייבן אַ מילכאָמע צווישן די אימפּעריאַליסטישע מעלוכעס, וועט דער נעבעכדיקער יורעש פונעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל נאָך מיעסער ענדיקן ווי זיין פאָרגייער אין 1914 יאָר; וועט זיך אָבער פריער אָנהייבן אַ געמיינזאַמע מילכאָמע פון די אימפּעריאַליסטישע מעלוכעס קעגן דער פּראָלעטאַרישער מעלוכע, וועט דאַן דאָס אָפענע שטעלן זיך פון דעמאָקראַטישן אינטערנאַציאָנאַל אַף דער זייט פון דער וועלט־רעאַקציע זייער שנעל אויפעפענען די אויגן פון מיליאָנען אַרבעטער און וועט זיי טרייבן ענדגילטיק איבערצורייסן מיט דעמאָקראַטישן אינטערנאַציאָנאַל פון אַרבעטער־פאַרראַט. דער קאָמינטערן קאָן צוליב די מאַפּאָלעס אין איינצלנע לענדער, צוליב די וווקס־קריזיסן פון די קאָמפּאַרטייען, אַף זייער וועג צו פולקומער באָלשעוויסטישער קלאָרקייט און איינהייט צום געווינען די מערהייט פונעם אַרבעטער־קלאַס, נאָך באַקומען ניט איין קלאַפּ, אָבער ער וואַקסט אָן אָן אויפהאַלט אין דער ברייט און אין דער טיף.

די דערפאַרונג פון יעדן טאָג באַשטעטיקט ווידער און ווידער די ריכטיקייט פון זיינע פּרינציפּן און פון זיין טעטיקייט. די דערפאָלגן פונעם סאָציאַליסטישן אויפבוי אינעם ראַטנפאַרבאַנד, די אויסגעהאַלטענע שאָלעם־פּאָליטיק פון דער ראַטן־רעגירונג, די אַנפירנדיקע ראָליע פון די קאָמוניסטן אין טאָג־טעגלעכע קאַמפן פונעם אַרבעטער־קלאַס, די פּראַקטישע אינטערנאַציאָנאַלע סאָלידאַריטעט, וואָס נאָר דער קאָמינטערן פאַרווירקלעכט אין אַלע קלאַסן־קאַמפן, די שענדלעכע פאַרעטערישע ראָליע פון די רעפאָרמיסטן אין אַלע פראַגן טרייבן טאָג איין טאָג אויס טויזנטער אַרבעטער אין די רייען פונעם קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל. דורך האַרטע קאַמפן און שווערע פאַרפאָלגונגען גייט דער וועג פון די קאָמוניסטישע פּאַרטייען צום זיג. אין יעדן לאַנד וועלן די קאָמוניסטן זיך גרייטן צום לעצטן קאַמף מיט דער בורזשואַזיע אין צייטן פון אומלעגאַלקייט און ווייסן טעראָר.

אָבער אַזוי זיכער ווי עס איז זיכער דער אונטערגאַנג פונעם קאַפּיטאַליזם און פון זיינע סאָציאַל־פאַשיסטישע אָנהענגער, איז זיכער דער ענדגילטיקער און פולשטענדיקער זיג פונעם קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל.

# א בריוו אין רעדאקציע „פראוודא"*)

אלס אַ געוועזענער טאַלמיד פון ראָזע ליוקסעמבורג, וואָס איז געקומען צום באָלשעוויזם פונעם ליוקסעמבורגיזם און האָט אַ לאַנגע צייט ניט צעשיידט זיך ענדגילטיק מיט זיינע פעלערן, מעלדע איך וועגן כאַוו. סטאַלינס אַרטיקל „וועגן אייניקע פראַגן פון דער געשיכטע פון באָלשעוויזם" דאָס פאָלגנדיקע:

1. האַגאַם די גרופּע אין דער דייטשישער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, וואָס צו איר אָנפירונג האָב איך אָנגעהערט, האָט זיך ניט סאָלידאַריזירט מיט ליוקסעמבורגס טעאָריע פון אימפּעריאַליזם, האַגאַם איך בין פון אָנהויב מילכאָמע אַרויסגעטראָטן פאַר דער שפּאַלטונג ניט נאָר מיט די רעפאָרמיסטן, נאָר אויך מיט די צענטריסטן אין דער דייטשישער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, האַגאַם אַרבעטנדיק פון 1915 אונטערן לענינס אָנפירונג, האָב איך ניט געקאָנט סאָלידאַריזירן זיך מיט דער אָפּשאַצונג פון די פראַגן פון דער רוסישער רעוואָליוציע, וואָס דער „ספּאַרטאַק"-בונד און ראָזע ליוקסעמבורג האָבן געגעבן אין 1918, האַגאַם, ווען איך האָב זיך איבערציי̆גט אין דער ניט-ריכטיקייט פונעם ליוקסעמבורגישן שטאַנדפּונקט אין דער נאַציאָנאַלער פראַגע, בין איך אַרויסגעטראָטן אָפן צווייטן צוזאַמענפאָר פון דער פוילישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אַלס רעפּערענט קעגן דעם טראַדיציאָנעלן קאַמף פון די ליוקסעמבורגיסטן אין דערדאָזיקער פראַגע, — **האָב איך, צום באַדויערן, נאָך לאַנג ניט דורכגעטראַכט ביזן סאָף די פעלערן פונעם ליוקסעמבורגיזם און האָב ניט געריסן מיט זיי אנטשיידן אין א ריי גרונט-פראַגן.**

די אָפּשאַצונג פון די טרייב-קרעפטן פון דער רוסישער רעוואָליוציע, וואָס אַף איר האָבן מיר, די פוילישע ס. ד., זיך דערצויגן, האָט זיך צונויפגעשלאָסן מיט טראָצקיס טעאָריע פון דער פּערמאַנענטער רעוואָליוציע. די אָפּשאַצונג פון די יעסוידעס פון דער פּאַרטיי-בויונג, וואָס האָט געבראַכט ראָזע ליוקסעמבורג אין 1904 צום אונטערשטיצן די מענשעוויקעס, איז אין גרונט צונויפגעפאַלן מיט טראָצקיס באַוווסטער בראָשור „נאַשי פּאָליטישעסקיע זאַדאַטשי" („אונדזערע פּאָליטישע אויפגאַבן"). און טאַקע דאָס גיט ליקווידירן ביזן סאָף דידאָזיקע פעלערן פונעם ליוקסעמבורגיזם איז געווען די אידעאָלאָגישע גרונט-סיבע, וואָס האָט מיך געבראַכט צום אונטערשטיצן די טראָצקיסטישע אָפּאָזיציע.

דערפאַר, האַגאַם איך האָב אין 1915 געקעמפט אין אַ ריי אַרטיקלען קעגן ראָזע ליוקסעמבורג אין פאַרשיידענע פראַגן, האָט נאָר דער טיפער אידייִשער קריזיס, וואָס איז געקומען דורך מיין אָנטיילנעמען אין דער טראָצקיסטישער אָפּאָזיציע און פונעם אייגרייסן מיט איר, מיך געצוווּנגען צו רעווידירן באַגלייך מיטן טראָצקיזם די ליוקסעמבורגיסטישע פעלערן אין זייער גרונט.

*) דערדאָזיקער „בריוו אין רעדאקציע", ווו כ׳ ק. ראדעק זאָגט זיך אָפּ פון זיינע ליוקסעמבורגיאניסטישע פעלען איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן דאַן, ווען דאָס בוך מיט ק. ראדעקס פאָרוואָרט איז שוין געווען אָפּגעדרוקט. מיר ברענגען דאָ דעם בריוו, כדי דער לייענער זאָל האָבן א מעגלעכקייט אויסצופאַריכטן די פעלערן, וואָס זיינען פאַראַן אינעם פאָרוואָרט.

רעדאקציע.

ערשט נאָכן אומקערן זיך אין די רייען פון דער פּאַרטיי, אין אַריינפיר צו לענצס „געשיכטע פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל" (פאַרלאַג „אָגאָניאָק", מאָסקווע, 1931) האָב איך געפּרוווט פאַריכטן די פּעלערהאַפטע מיינונגען, וואָס איך האָב אַרויסגעזאָגט אין מעשעך פון אַסאַך יאָרן וועגן דעם ליוקסעמבורגיזם און וועגן זיין באַציונג צום לעניניזם. נאָר אין דערדאָזיקער איינלייטונג, וואָס איז אָנגעשריבן ווינטער 1931, האָב איך געגעבן אַ ריכטיקע אָפּשאַצונג פון לענינס ראָלע און פון דער ראָלע פון די באָלשעוויקעס אינעם שאַפן דעם דריטן אינטערנאַציאָנאַל, דערקלערנדיק: „דער דריטער אינטערנאַציאָנאַל איז אַנטשטאַנען פון די טיפענישן פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל. ער איז אַ פאַרייניקונג פון די לינקע פּראָלעטאַרישע שטרעמונגען, וואָס זיינען געווען אין צווייטן אינטערנאַציאָנאַל, **א פאַרייניקונג אפן באָדן פון מארקס-ענגעלס טעאָריע, וואָס איז באַרייכערט געוואָרן מיט דער דערפאַרונג פון רעוואָליוציאָנערן קאַמף פון דער עפּאָכע פון אימפעריאַליזם און דער סאָציאַליסטישער רעוואָליוציע, וואָס האָט געפונען איר אויסדרוק אין לעניניזם. קיין איין שטרעמונג, אַכוץ דעם רוסישן באָלשעוויזם, האָט קיינמאָל פאַר דער גאַנצע צייט, וואָס זי איז געווען אינעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל, ניט געקאָנט אופהייבן זיך צו דעם ניוואָ, אף וועלכן עס האָט זיך דערהויבן דער דריטער אינטערנאַציאָנאַל...**

„עס איז גענוג צוצוקוקן זיך צום באָלשעוויזם אין די שלאַכטן פון 1905, קעריי צו דער זאַך, **ווי נעבעכדיק עס זיינען געווען טראָצקיס אלע פרוון צו מאָלן די זאַך אזוי, אז דער באָלשעוויזם האָט, קלוימערשט, געמוזט אין 1917 „איבערבאוואָפענען זיך" פריער איידער ער האָט געקאָנט אופהויבן זיך פון דער שטופע פון דער טעאָריע און דער פראַקטיק פון פּראָלעטאַריאַט אין דער דעמאָקראַטישער רעוואָליוציע צו דער שטופע פון דער טעאָריע און דער פראַקטיק פון דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער רעוואָליוציע.**

„די סיבע פון דער העגעמאָניע פונעם באָלשעוויזם אין דער רעוואָליוציאָנערער באַוועגונג פון אונדזער צייט, אין דער סאָציאַליסטישער רעוואָליוציע, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אין גאַר דער וועלט, באַשטייט טאַקע אין דעם, **וואָס דער באָלשעוויזם האָט זיך ניט באַדאַרפט „איבערבאוואָפענען", ניט באַדאַרפט, צום אונטערשייד פון אלע אנדערע שטרעמונגען, וואָס האָבן זיך שפּעטער אַריינגעגאָסן אין קאָמינטערן, אָפּוואַרפן אפילע איינע פון זיינע גרונט-אידייען.** די לענינשע טעאָריע פון דער סאָציאַליסטישער רעוואָליוציע איז אויסגעוואַקסן דירעקט פון זיין גאַנצער לערע וועגן כאַראַקטער, וועגן די גרענעצן, וועגן די טענדענצן פון דער בורזשואַזער רעוואָליוציע, פון זיין קאַמף קעגן דעם רעוויזיאָניזם, פון זיין אַנאַליזירן דעם מאָנאָפּאָליסטישן קאַפּיטאַליזם. די סטראַטעגיע און די טאַקטיק פון באָלשעוויזם אין קאַמף פאַרן אַראָפּוואַרפן די בורזשואַזיע זיינען אויסגעוואַקסן דירעקט פון אלע פריערדיקע שלאַכטן פונעם באָלשעוויזם. אין דידאָזיקע שלאַכטן האָבן זיך פאָרמירט די אָנפירנדיקע קאַדרען פונעם באָלשעוויזם. **די מאָנאָליטישקייט, די מעטירעט פונעם באָלשעוויזם, זיין אָרגאַנישער וווקס, די גרעסטע איינהייטלעכקייט פון זיין טעאָריע און פראַקטיק — אָט וואָס עס האָט דערלויבט אים און נאָר אים צונויפצונעמען, צו שטעלן זיך בעראָש, צונויפגיסן אין איין גאַנצע זאַך די לינקע שטרעמונגען פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל, אָפּרייניקנדיק זיי פון אָפּאָרטוניסטישן צומיש, פון דער נאַציאָנאַלער באַשרענקטקייט, פון אסאַך פאָרורטיילן"** (זייט 43—45).

נאָר אין דעמדאָזיקן אַריינפיר האָב איך געפּרוווט געבן אַ קלאָרע אָפּשאַצונג פון דעם דייטשישן לינק-ראַדיקאַליזם, דערקלערנדיק, אַז „די דייטשישע לינק-ראַדיקאַלן און די האָלענדישע

פאַרשטאַנען, אַז דער פּעריאָד פון אימפּעריאַליזם דאַרף אַריבערגיין אין פּעריאָד פון דער סאָציאַליסטישער רעוואָליוציע, האָבן ריכטיק אָנגעטאַפּט די פּראַקטישע אויספירן פון דידראָזיקע טעאָרעטישע אָנשויונגען, מיענדיק זיך אַריבערצוטראָגן דעם צענטער פון קאַמף פונעם פּאַרלאַמענט אין די ארבעטער־מאַסן, ארויסרוקנדיק די אידייע פון פּאָליטישע שטרייקן און פון דער נייער טאַקטיק פון די פּראָפאַרייגען. אָבער זיי האָבן ניט פאַרשטאַנען קאָנקרעט, אַז די דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט איז די מעלוכע־מאַכט, וואָס אַנטשטייט אף די כורוועס פון קאַפּיטאַליזם אינעם איבערגאַנג־פּעריאָד פון קאַפּיטאַליזם צום סאָציאַליזם.

„די סאָציאַליסטישע רעוואָליוציע איז פאַר זיי געוועזן דער קאַמף פון פּראָלעטאַריאַט קעגן דער בורזשואַזיע אלס צוויי אי אָלירטע קלאַסן. די פראַגע וועגן די פאַרבינדעטע פון פּראָלעטאַריאַט אין דעמדראָזיקן קאַמף האָבן זיי ניט געשטעלט, און דעריבער איז זייער באַציונג צו דער נאַציאָנאַלער פראַגע געווען אַ סעקטאַנטישע באַציונג צו דערווירקלעכקייט".

די „לינק־ראַדיקאַלן", וואָס זיינען אַנטשטאַנען אין אַ גרויסער צענטראַליזירטער אָפּאָרטוניסטישער פּאַרטיי, האָבן ניט פאַרשטאַנען די באַדייטונג פון אַ צענטראַליזירטער רעוואָליוציאָנערער פּאַרטיי און האָבן זיך דעריבער פּאָרגעשטעלט, אַז דער „רעוואָליוציאָנערער אינסטינקט" וועט זיי דערלויבן בייצוקומען גרינג דעם ווידערשטאַנד פונעם אָפּאָרטוניסטישן פּאַרטיי־אַפּאַראַט.

„צולעצט, קעמפנדיק קעגן דעם רעפאָרמיזם אַלס דעם פאַראַט פון די אינטערעסן פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָליוציע, האָט די מינדערהייט פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל ניט געמאַכט קיין פּראַקטישע אויספירן פון דערדאָזיקער האַנאָכע, וועלכע האָבן געקאָנט באַשטיין נאָר אין צוגרייטן אַ שפּאַלטונג מיט די אָפּאָרטוניסטן" (זייט 46).

אָבער אין דערדאָזיקער אַרויסטרעטונג פעלט אויך די אַלגעמיינע פאַרייניקנדיקע פאָרמולע פון די פעלערן פונעם ליוקסעמבורגיזם, וואָס כאַוו. סטאַלין גיט אין זיין אַרטיקל, ווען ער זאָגט, אַז „זיי, דאָס הייסט, די לינק־ראַדיקאַלן, האָבן זיך נאָך ניט באַפרייט פון דער מענשעוויסטישער לאַסט און האָבן זיך איבער דעם געגוויטיקט אין אַן ערנסטער קריטיק מיצאַד די באָלשעוויקעס".

2. עס איז קלאָר, אַז פון אַזאַ אָפּשאַצונג פונעם לעניניזם און פונעם ליוקסעמבורגיזם דרינגט אַרויס, אַז מע קאָן ניט זיין קיין קאָמוניסט, ווען מע לייקנט, אַז נאָר דער לעניניזם קאָן זיין דער יעסאָד פון דער רעוואָליוציאָנערער פּאָליטיק פון דעם אַרבעטער־קלאַס, ווען מע פאַרשטייט ניט, אַז דער לעניניזם, אָנגעהויבן פון לענינס בראָשור „דרוזיאַ נאַראָדאַ" (פּאָלק־פריינט), ביז לענינס לעצטע ווערק — שטעלט פאָר מיט זיך איין גאַנצע טעאָריע פון רעוואָליוציאָנערן קאַמף, וועלכע פאָדערט ניט און דערלאָזט ניט קיין שום דערגאַנצונגען.

אַלע שטרעמונגען פון לינקן פליגל פון דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, וואָס האָבן זיך אַריינגעגאָסן אין קאָמינטערן, וואָס האָבן אָבער ניט ליקווידירט זייערע היסטאָרישע באַזונדערהייטן, וואָס האָבן זיך ניט באַפרייט פון די האַלב־צענטריסטישע און האַלב־מענשעוויסטישע עלעמענטן, וואָס האָבן זיך ניט אופגעלייזט אינעם לעניניזם, קאָנען זיין נאָר אַ יעסאָד פאַרן אַנטשטיין פון די פראַקציעס, וואָס קעמפן קעגן דער ריכטיקער לענינישער ליניע אין קאָמינטערן און שפּיגלען דעריבער אָפּ די קליינבירגערלעכע ווירקונג אַכן פּראָלעטאַריאַט.

די דערפאַרונג פון דער געשיכטע פון קאָמינטערן האָט דאָס פולקום באַוויזן. די ניט ליקווידירטע ליוקסעמבורגישע טעאָריעס האָבן געבראַכט די בראַנדלעריסטן צוערשט צום שאַפן אַן אָפּאָרטוניסטישע פראַקציע אין דער דייטשישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, און שפּעטער, נאָכדעם ווי די בראַנדלעריסטן זיינען אויסגעשלאָסן געוואָרן פון קאָמינטערן, צו זייער אַראָפּקייקלען זיך צו דער לאַגע פון אַ גרופּע, וואָס פּרוווט זיך אָפּן וואָרט שאַפן אַ צענטריסטישע אָרגאַניזאַציע, וועלכע שטייט צווישן דעם קאָמינטערן און דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, און וואָס דינט פאַקטיש דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע.

די דערפאַרונג פונעם טראָצקיזם, וואָס האָט געפּרוווט פאַרטיידיקן קעגן דער מאַנאָליטישער טעאָריע פון לעניניזם די טעאָריע וועגן דער „איבערבאַוואָפּענונג" פון דער באָלשעוויסטישער

פּאַרטיי אין 1917 צו באַגרינדן זיין עקזיסטענץ־רעכט אלס אַ באַזונדערע פראַקציע, האָט באַוויזן, אַז דידאָזיקע פראַקציע האָט נאָר געקאָנט זיין אַן אָפּשפּיגלונג פון דער אָפּאָזיציע פון די קליינבירגערלעכע שיכטן און אַז נאָכדעם, ווי זי איז אַרויסגעטריבן געוואָרן פון די רייען פון דער אַל. ק. פּ. (ב) האָט זי געמוזט ווערן, — ווי כאַוו. סטאַלין זאָגט ריכטיק, — דער אַוואַנגאַרד־אָטריאַד פון דער בורזשואַזער קאָנטר־רעוואָליוציע.

3. אויב דער ליוקסעמבורגיזם האָט אויסגעדריקט אין פּעריאָד פון 1910 ביז 1918 די טעאָריע פון אַ טייל פונעם דייטשישן פּראָלעטאַריאַט, וואָס הויבט זיך אויף צום רעוואָליוציאָנערן קאַמף קעגן דעם אימפּעריאַליזם, נאָר ער האָט נאָך ראַדיקאַל ניט געריסן, — ווייל ער האָט ניט קיין רעוואָליוציאָנערע דערפאַרונג, — מיט די צענטריסטישע און האַלב־מענשעוויסטישע אָנשויונגען, אויב דער ליוקסעמבורגיזם האָט פאַר דער גרינדונג פון דער דייטשישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי — אַדאַנק דעם, וואָס עס האָט אים דערנעענטערט צום באָלשעוויזם, — געקאָנט שפּילן פאַר צענדליקער טויזנטער אַרבעטער די ראָלע פון אַ היסטאָרישן וועג צום באָלשעוויזם, האָט יעדער שריט פון דער ווירקלעכער באָלשעוויזירונג פון דער פּאַרטיי געפאָדערט אַן אָנראַכמאָנעסדיקן קאַמף קעגן די פעלערן פון ליוקסעמבורגיזם.

איצט, נאָך דער 12־יאָריקער געשיכטע פון קאַמף פון דער דייטשישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, קלאַמערן זיך פאַר די פעלערן פונעם ליוקסעמבורגיזם די בראַנדלעריסטן און די לינקע סאָציאַל־דעמאָקראַטן בעפּיירעש, קעדיי צו מאַכן פונעם ליוקסעמבורגיזם אַ מיטל, וואָס זאָל אָפּהאַלטן די אַרבעטער, וועלכע גייען אָפּ פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, צו רייסן מיט איר אינגאַנצן.

ראָזע ליוקסעמבורג איז אומגעקומען פאַר דער דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט. זי איז אומגעקומען אָנהויב פון דעם פאַריכטן אירע פעלערן אין אַ ריי גרונט־פראַגן פון דער פּראָלעטאַרישער באַוועגונג. ווער עס וויל דינען דער זאַך, וואָס פאַר איר איז ראָזע ליוקסעמבורג אומגעקומען, דער דאַרף אָפּוואַרפן יעדן פּרינציפּלאָזן ליבעראַליזם אין באַציונג צו אירע היסטאָרישע פעלערן, וואָס האָבן פאַרהאַלטן דעם זיג פון דייטשישן פּראָלעטאַריאַט.

4. כאַוו. סטאַלינס אַרטיקל פאַרפליכט יעדן פּאַרטיי־מיטגליד צום אַנטשיידענעם קאַמף קעגן די פּרוּוון צו פאַרטושן די פעלערן פון ליוקסעמבורגיזם און פאַרמינערן די ראָלע פונעם לעניניזם אַלס דעם מאַרקסיזם פון דער עפּאָכע פונעם אימפּעריאַליזם און פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָליוציע. דערדאָזיקער קאַמף האָט אַ פּראַקטישע באַדייטונג ניט בלויז פאַר דער אַלק"פּ (ב), ווו די אָפּאָרטוניסטישע עלעמענטן, וואָס קאָנען שוין ניט אַרויסטרעטן אונטער דער פאָן פונעם היסטאָרישן אינגאַנצן דיסקרעדיטירטן טראָצקיזם, ווילן זיך נאָך באַהאַלטן הינטער דער טעאָריע פון ליוקסעמבורגיזם, נאָר אויך אין די אַנדערע ברידערלעכע סעקציעס פון קאָמינטערן, קעגן וועלכע די אָפּאָרטוניסטן רוקן ארויס. ווען עס רייפן אָן עלעמענטן פון אַ נייער רעוואָליוציאָנערער סיטואַציע, די פעלערן פון ליוקסעמבורגיזם אַלס אַן אַנטיבאָלשעוויסטישע פאָן. אין קאַמף קעגן דידאָזיקע פּרוּוון איז דער דירעקטער כויוו פון די פּאַרטיי־מיטגלידער, וואָס זיינען געקומען צום באָלשעוויזם פונעם ליוקסעמבורגיזם, צו נעמען אַן אַנטשיידענעם אָנטייל אין דער ערשטער ריי, קריטיקירנדיק זייערע פעלערהאַפטע אָנשויונגען פון דעם פּעריאָד, ווען זיי האָבן נאָך ניט ענדגילטיק איבערגעריסן מיטן ליוקסעמבורגיזם.

מיט קאָמוניסטישן גרוס

**קאַרל ראַדעק**

9 דעקאַבער, 1931.

---

# א י נ ה אַ ל ט

זייט

## קאַרל ראַדעק
## דער צווייטער אינטערנאַציאָנאַל און זיין היסטאָרישע ראָליע


1. צי איז דער צווייטער אינטערנאַציאָנאַל אנטשטאַנען ווי א רעפאָרמיסטישע אָרגאַניזאַציע? . . . . . . . 3
2. פון רעפאָרמיזם צו סאָציאַל־אימפּעריאַליזם . . . . . . . 9
3. פון סאָציאַל־אימפּעריאַליזם צו סאָציאַל־פאַשיזם . . . . . . . 22
4. פונעם צווייטן צום דריטן אינטערנאַציאָנאַל . . . . . . . 36


## יאָזעף לענץ
## די געשיכטע פונעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל

### 1. די בלי־צייט פונעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל (1889—1904)


1. די גרינדונג פונעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל (פּאַריז, 1889) . . . . . . . 45
2. גענעראַל־שטרייק קעגן מילכאָמע. — די דורכפירונג פונעם מיי־יאָנטעוו (בריסעל, 1891) . . . . . . . 51
3. קעגן צאַריזם. — דער מיי־יאָנטעוו און די פראַגן פון טאַקטיק (ציריך, 1893) . 57
4. דאָס אויסשליסן פון די אַנאַרכיסטן. — אַגראַר־און קאָלאָניאַל־פראַגע (לאָנדאָן, 1896) . . . . . . . 68
5) דער קאַמף קעגן מיליטאַריזם. — קאַוטסקיס גומילאַסטענע רעזאָליוציע. (פּאַריז, 1900) . . . . . . . 74
6. אונטערן צייכן פון קאַמף קעגן רעוויזיאָניזם (אַמסטערדאַם, 1904) . . . . . . . 86


### 2. די אָפּאָרטוניסטישע יערידע (1904—1914)


1. באַם ווענד־פּונקט. — די רוסישע רעוואָליוציע פון 1905 יאָר און די דיסקוסיע וועגן מאַסן־שטרייק אין דער דייטשישער פּאַרטיי, 1904—1907) . . . . . 102
2. רעכטע מערהייט, לינקע רעזאָליוציעס (שטוטגאַרט, 1907) . . . . . . . 118
3. נאַציאָנאַליזם אין דער פּראָפּאַגאַנדישער פראַגע, אָפּאָרטוניזם אין דער קאָאָפּעראַטיווער פראַגע (קאָפּענהאַגען, 191) . . . . . . . 137
4. די דיסקוסיע וועגן אימפּעריאַליזם און די שוועס פון באַזעל (1911—1918) 145


### 3. דער פאַנאַנדערפאַל פונעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל און די אנטשטייונג פונעם דריטן אינטערנאַציאָנאַל (1914—1918)


1. דער פאַנאַנדערפאַל פונעם אינטערנאַציאָנאַל באַם אויסברוך פון דער מילכאָמע. די קאַפּיטולאַציע פונעם צענטער, די וואָרצלען פונעם סאָציאַל־אימפּעריאַליזם 159

2. די באָלשעוויקעס הויבן אויף די פאָן פונעם דריטן אינטערנאַציאָנאַל.—ציממער-וואַלד און די צימערוואַלדער לינקע (1914—1916) . . . . . . . . . 173
3. די רוסישע פעברואַר-רעוואָלוציע און די שטאָקהאָלמער קאָנפערענץ (1917) . . 192
4. די אָקטיאַבער-רעוואָלוציע, דער אָנהויב פון זייער פּראָלעטאַרישער וועלט-רעוואָ-ליוציע (1917—1918) . . . . . . . . . . . . . . . . . . 206

## 4. דאָס גאַלוואַניזירן דעם באַרמענען פונעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל און די אַנטוויקלונג פון דער קאָמוניסטישער וועלט-פּאַרטיי (1919—1923)

1. דער שאָלעם-יאָנטעוו פון די סאָציאַל-פּאַטריאָטן אין בערן און די גרינדונג פון דעם קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל אין מאָסקווע אין 1919 יאָר . . . . . 217
2. זשענעווע—מאָסקווע—ווין (192—1921) . . . . . . . . . . . . . . 226
3. דער קאַמף פונעם קאָמינטערן פאַרן פּראָלעטאַרישן איינהייטלעכן פראָנט (1921—1922) . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . 243

## 5. דער אינטערנאַציאָנאַל פון דער קאַפּיטאַליסטישער רעאַקציע און דער אינטערנאַציאָנאַל פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע (1923—1929)

1. דער שאָלעם-יאָנטעוו פון די רעפאָרמיסטן אין האַמבורג (1923) . . . . . 256
2. פּראָלעטאַרישע מאַפּאָלעס און רעלאַטיווע סטאַביליזירונג פונעם קאַפּיטאַליזם.— דער פינפטער וועלט-קאָנגרעס פונעם קאָמינטערן און דער מאַרסעלער קאָנגרעס פונעם סאָציאַל-פּאַטריאָטישן אינטערנאַציאָנאַל (1923—1926) . . . . . . . 265
3. די קאַפּיטאַליסטישע ראַציאָנאַליזירונג און דער אָנהויב פונעם נייעם רעוואָלוציאָנערן אופשטייג.—דער בריסעלער קאָנגרעס (1926—1928) . . . . . . 284
4. פון סאָציאַל-אימפּעריאַליזם צום סאָציאַל-פאַשיזם—דער וועג פונעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל.— אינערן וועלט-פאַרבאַנד פון די ראַטן-רעפּובליקן צום וועלט-קאָמוניזם—דער וועג פונעם דריטן אינטערנאַציאָנאַל . . . . . . . . . 303